קעגן די עקשנותדיקע פאַרזוכן אויסצומעקן דעם אסתרקע־עפּיזאָד פון דער לעבנס־געשיכטע פון קיניג קאַזשימיעזש דעם גרויסן, איז שאַרף אַרויסגעטראָטן דער באַרימטער פּוילישער היסטאָריקער פון 18טן יאָרהונדערט, טאַדעאוש טשאַצקי, איינער פון די ליבעראַלסטע פּערזענלעכקייטן פון זיין צייט. טשאַצקי, וועלכער האָט באַלאַנגט צו די ערשטע פּוילישע היסטאָריקער, וואָס האָבן געפאָרשט די געשיכטע פון יידן אין פּוילן, האָט באַהויפּטעט, אַז עס האָט אַפילו עקזיסטירט אַ בילד פון אסתרקע, וואָס איז געמאָלן געוואָרן דורך אַ קינסטלער אין הויף פון קאַזשימיעזש דעם גרויסן.

די ליבעראַלע היסטאָריקער אין די נייע צייטן האָבן דעם אסתרקע־עפּיזאָד אָפּגעפּטרט מיט עטלעכע שורות, ווי אַן ענין וועגן וועלכן עס לוינט זיך נישט צו ריידן. אַזוי באַהאַנדלט טאָקע דעם אסתרקע־עפּיזאָד וואַצלאַוו הוסאַרסקי, וועלכער האָט במשך פון צענדליקער יאָרן געפאָרשט די געשיכטע פון קוזמיר און זינט דעם יאָר 1914 פאַרעפנטלעכט גרינטלעכע אַרבעטן וועגן קוזמיר אין די וויכטיקסטע פּוילישע צייט־שריפטן. זיין גרויסע מאָנאָגראַפיע וועגן קוזמיר „קאַזשימיעזש דאָלני" * האָט הוסאַרסקי פאַרענדיקט שוין נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. אין יאָר 1948 איז די אַרבעט געוואָרן אויסגעצייכנט דורך דער „מלוכהשער קאָמיסיע פאַר געשיכטע פון קולטור און קונסט" אָבער אין דרוק איז דאָס ווערק דערשינען ערשט אין יאָר 1953 — שוין נאָכן טויט פון מחבר.

די יידישע מאָמענטן אין דער מאָנאָגראַפיע פון וואַצלאַוו הוסאַרסקי זענען עפּיזאָדישע. דאָך ווערן אין דעם ווערק אַרויסגעבראַכט ביז גאָר ווערטפולע, לגמרי אומבאַקאַנטע פאַקטן וועגן יידן אין קוזמיר, געבויט אויף אַרכיוואַלע מקורות. גלייך ביים אָנהייב פון דעם בוך ווערט אָבער דורכגעשטראָכן די אסתרקע־לעגענדע, וואָס האָט, אפנים, געעגבערט דאָס געמיט פון דעם מחבר. הוסאַרסקי באַהויפּטעט, אַז דער היסטאָריקער באַלינסקי האָט עס די אסתרקע־לעגענדע פאַרוואַנדלט אין געשיכטע, ווען ער האָט זי איינגעשלאָסן אין זיין ווערק „דאָס אַלטערטימלעכע פּוילן", וואָס איז דערשינען אין יאָר 1847. מיט אַ טאָן פון אָפּענעם ביטול ציטירט הוסאַרסקי די שילדערונג פון באַלינסקי וועגן דעם פּאַלאַץ, וואָס קאַזשימיעזש דער גרויסער זאָל עס האָבן אויפגעבויט פאַר אסתרקען נעבן זיין זומער־רעזידענץ אין קוזמיר:

„דאָס געליבטע פּאַרל, וואָס וואָרקעט אויפן פּאָן פון דער פאַרביקער צויבער־האַפטער נאַטור און פּראַכטפולע, מיטלאַלטערלעכע פּאַלאַצן. ער — אַ קיניג, אַ מעכטיקער הערשער, זי — אַ טאָכטער פון אַ געדרודפטן פאָלק — וואָס פאַראַ כישופּ־דיקער מאָטיוו פון אַ סענטימענטאַל־ראָמאַנטישן כאַראַקטער... די גאַנצע געשיכטע

---

* אַזוי האָט געלויטעט די געאָגראַפישע באַצייכענונג פון דעם „אונטערשטן" קאַזשימיעזש, אין קאָנטראַסט צום „אויבערשטן" קראָקעווער קאַזשימיעזש, וועלכן יידן האָבן גערופן קוזמאַרק.

איז נאַטירלעך בלויז פֿאַנטאַזיע, וואָס איז גאָר שוואַך אויסגעהאַפֿטן געוואָרן אויף אַ דינינקער קאַנווע פֿון געשיכטלעכע פֿאַקטן...״

הוסאַרסקי גיט צו, אַז ער האָט געפֿונען דאָקומענטן, וואָס באַווייזן, אַז יידן האָבן געלעבט אין קוזמיר שוין ביים אָנהייב פֿון 16טן יאָרהונדערט, „און ווי עס איז אָנצונעמען נאָך פֿיל פֿריער״. אין יאָר 1557 האָבן די יידן אין קוזמיר אָנגעגעבן אַ בקשה אויף „אַ דערלויבעניש צו בויען אַ געמויערטע שול, נאָך דעם ווי דאָס הילצערנע בית־המדרש („בוזשניצאַ״) איז געוואָרן פֿאַרברענט״. הוסאַרסקי שטרייכט אונטער, אַז דער דאָזיקער פֿאַקט באַווייזט, אַז די יידישע קהילה אין קוזמיר איז „געווען גאָר אַ פֿאַרמעגלעכע און די צאָל יידן גענוג גרויס״.

חוץ מיט האַנדל, האָבן די יידן אין קוזמיר זיך פֿאַרנומען מיט ביר־ברויערײַ. אין אַ כראָניק פֿון יאָר 1545 זאָגט זיך, אז אין די קוזמירער ביר־ברויערייען ווערן יערלעך פּראָדוצירט צווי מיליאָן טעפּ ביר (פֿיר מיליאָן ליטער) וואָס איז פֿאַרקויפֿט געוואָרן נישט נאָר אין „שכנותדיקן לובלין און ראַבישוויו, נאָר איז אויך געשיקט געוואָרן קיין טאָרון און דאַנציק״.

פֿון גאָר גרויסן פֿארנעם איז געווען אין קוזמיר דער האַנדל מיט תבואה. אין די קוזמירער שפּייכלערס איז איינגעזאַמלט געוואָרן די תבואה פֿון די פּרוכטבאַרע פֿעלדער פֿון דער געגנט און איז מיט דער ווייסל טראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין דאַנציק.



ש. ווידניצקי — יום השוק

ש. וואָדניצקי — דער מאַרק־טאָג

עס זענען אין קוזמיר אויך געווען אויסלענדישע תבואה־סוחרים, איטאליענער, ענגלענדער, האָלענדער און שוועדן, וועלכע האָבן אין שטעטל אַפילו געהאַט זייערע קאָנטאָרן.

אין יאָר 1588 האָט דער קוזמירער עקספּאָרט פון תבואה קיין אויסלאַנד באַטראָפן העכער 16 פּראָצענט פון אַלגעמיינעם פּוילישן עקספּאָרט, בעת דער עקספּאָרט פון איבעריקן טייל פון דער לובלינער וואָיעוואָדשאַפט האָט דערגרייכט 4 פּראָצענט.

### דער יאַריד אין קוזמיר

אין 15טן און אין 16טן יאָרהונדערט האָבן איבער דער גאַנצער לובלינער געגנט געשמט די קוזמירער וועכנטלעכע יאַרידים, וואָס זענען פאָרגעקומען אין די שבתים. שפּעטער אָבער, אַפּנים אונטער די וואַקסנדיקע איינפלוסן פון די יידישע סוחרים, איז דער וועכנטלעכער יאַריד אין קוזמיר געענדערט געוואָרן אויף דינסטיק, וואָס האָט אַזוי אָנגעהאַלטן ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

דער מאַרק־פּלאַץ אין קוזמיר האָט פון פריען באַגינען ביז זון־פאַרגאַנג מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ זשומענדיקן בינשטאָק מיט טויזנטער קויפער און פאַרקויפער. פון די אַרומיקע שטעטלעך אויף ביידע זייטן ווייסל — פון פולאַוו, קאָרעוו, אָפּאָלע, וואָנ־וואָלניץ, זוואָלין, יאַנאָווצע און אַפילו ראַכאָוו און צויזמיר, האָבן יידישע באַלמעלאָכעס געבראַכט קיין קוזמיר זייערע אויסאַרבייטונגען: שיך, שטיוול, מלבושים, האַנט־געצייג און שטוב־כלים. יידן זענען אויך געווען די טעפּער און דער הויפּט־טעפּער אין קוזמיר גופא איז געווען דער שטעטלדיקער מורה־הוראה, וועלכן מען האָט טאַקע גערופן ר׳ מרדכי טעפּער.

די הינטער־געסלעך זענען געווען אָנגעשטאָפּט מיט פּויערישע וועגענער, פול מיט פאַרשידענע פּראָדוקטן און עופות. דאָס געקוואַקערײ פון די קאַטשקעס און גענדז און דאָס קרייען פון די הענער, האָט זיך צונויפגעבלענדט מיט דער גרעלער פאַרבי־קייט פון די פּרוכטן און גרינוואַרג, וואָס זענען קופּעסווייז געלעגן אויף די שטעלעכלעך און אויף דער ערד.

נעבן די יידישע יאַטקעס, אין שכנות פון דער שול, איז דער גרויסער פּלאַץ יעדן דינסטיק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מאַרק פאַר פערד און בהמות. עס האָבן זיך דאָרט אָפּגעשפּילט לעבהאַפטע סצענעס פון דינגענישן צווישן די פּויערים און די יידן, דורך קלאַפּן זיך אין די הענט און פאַרענדיקן די טראַנזאַקציעס מיט טרינקען בראָנפן אויפן אָרט.

אין דער ערשטער העלפט פון 17טן יאָרהונדערט, איז קוזמיר פאַררעכנט געוואָרן צו די שענסטע און רייכסטע שטעט אין פּוילן. עס האָבן אין שטאָט זיך געפונען 280 הייזער, מיינסטנס געמויערטע, און די באַפעלקערונג האָט געציילט אַן ערך דריי

טויזנט נפשות. לויט די דעמאָלטיקע פאַרהעלטענישן, איז דאָס געווען אַ שטאָט פון מיטעלער גרויס, ווייל די באַפעלקערונג פון דער גאַנצער לובלינער וואָיעוואָדשאַפט האָט געציילט קוים אכט טויזנט.

וועגן דער צאָל יידן אין קוזמיר אין אָט דעם פעריאָד עקזיסטירן נישט קיין ציפערן. אַלע פוילישע היסטאָריקער, איינגעשלאָסן וואַצלאַוו הוסאַרסקי, באַגנוגענען זיך בלויז מיט דער באַמערקונג, אַז „זייער צאָל איז געווען גענוג גרויס".

וואָס שייך דעם וווילשטאַנד פון דער קוזמירער יידישער קהילה, האָט וועגן דעם עדות־געזאָגט די גרויסע געמויערטע שול און איר רייכע אויסשטאַטונג — די זילבערנע כלי־קודש, די גרויסע מעשענע קאַנדעלאַברעס און קינקעטן און די קופּערנע באַצירונגען אויף די ווענט, די אַזוי־גערופענע רעפלעקטאָרן, וואָס זענען אויפגעהיטן געוואָרן ביז צום נאַצישן חורבן. דאָס האָט, נאַטירלעך, געוועקט קנאה ביי דער פוילישער באַפעלקערונג, וואָס האָט אַנגעגעבן פעטיציעס וועגן באַגרענעצן די רעכט פון די יידן.

אין אַ טאָן פון אַן אָביעקטיוון היסטאָריקער באַמערקט וועגן דעם הוסאַרסקי: „וואָס אַן אמת, האָט אַפילו עקזיסטירט עפּעס אַ פאַרבאָט פאַר יידן צו וווינען אויפן מאַרק־פּלאַץ. אויפן סמך פון דעם געזעץ, האָט דער קיניג וולאַדיסלאַוו דער 4טער אין יאָר 1645 פאַראָרדנט צו קאָנפיסקירן דאָס געמויערטע הויז פון דעם ייד לעוואָס".

דאָס דאָזיקע הויז האָט זיך געפונען אין שכנות פון די הייזער פון די ברידער פשיבילאָ. דאָס איז, אַפּנים, דאָס זעלבע הויז, אין וועלכן עס איז נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה אויפגעדעקט געוואָרן דער באַלקן מיט די סינאַגאָגאַלע אָרנאַמענטן.

אין 1677 האָט דער גלח פראַנצישעק וואָלסקי, רעקטאָר פון דער קוזמירער שול, פאַרגעוואָרפן די יידן, אַז זיי „פאַרלעצן די פאַרשריפטן פון די קריסטלעכע שטעט... שטופן זיך אויפן מאַרק, קויפן און אַרענדירן הייזער אויפן מאַרק".

די טענדענץ פון דער היינטצייטיקער פוילישער היסטאָריאָגראַפיע, איינגעשלאָסן הוסאַרסקיס ווערק וועגן קוזמיר, גייט אין דער ריכטונג פון מינימיזירן, אויב נישט אָפּווישן, די שפורן וועגן דעם צושטייער, וואָס יידן האָבן געמאַכט צום אויפבוי און אַנטוויקלונג פון פוילן דורך דעם מילעניום פון פוילישן שטאַט.

דאָך איז הוסאַרסקיס מאָנאָגראַפיע אַ וויכטיקער צושטייער צו דער געשיכטע פון דער אָפּגעמעקטער יידישער קהילה אין קוזמיר, ווייל דער דאָזיקער באַגאַבטער היסטאָריקער איז געווען דער לעצטער פאָרשער, וועלכער האָט ממש ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און דער נאַצישער אָקופּאַציע פון פוילן, געפאָרשט די שטאָטישע אַרכיוון אין קוזמיר, פולאַוו און לובלין, ווי אויך די פּריוואַטע אַרכיוון פון פוילישע אַריסטאָקראַטישע משפחות, וועלכע זענען זינט דורות געווען אין געשעפט־

לעכע באַציִאונגען מיט די ייִדישע תבואה־ און וואַלד־סוחרים אין קוזמיר. פיל פון די דאָזיקע אַרכיוון זענען געוואָרן פאַרניכטעט.

## די רענעסאַנס־שטאָט

אין 16טן און 17טן יאָרהונדערט, ווען קוזמיר האָט געשמט אַלס די פוילישע רענעסאַנס־שטאָט, זענען די פירנדיקע אַריסטאָקראַטישע משפחות — די לובאָ־מירסקיס, טשאַרטאָריסקיס און ראַדזשיווילס, געווען אָפטע געסט אין קוזמיר, באַזונ־דערס אין די זומער־חדשים. די דאָזיקע פוילישע מאַגנאַטן האָבן עס געבויט די מיינסטע תבואה־שפייכלערס און אויך די שיפן פאַרן פאַרקער אויף דער ווייסל, וואָס זיי האָבן אָפּגעגעבן אין אַרענדע צו ייִדן.

אָפטע באַזוכער אין קוזמיר זענען אויך געווען די גרויסע פוילישע פּאָעטן, מי־קאָלאַי רעי און יאַן קאָכאַנאָווסקי, וועלכע האָבן געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דער פוילישער ליטעראַטור. אין זייערע ווערק איז אָבער נישטאָ דער מינדסטער רמז וועגן די ייִדן אין קוזמיר און בכלל אין פוילן.

דאָס איז אַ רעטעניש באַזונדערס וואָס שייך קאָכאַנאָווסקין, וועמענס מייסטער־האַפטע איבערדיכטונג פון תהילים ווערט ביז היינט צו טאָג פאַררעכנט צו די קלאַסישע ווערק פון דער פוילישער פּאָעזיע. קאָכאַנאָווסקי, דער פּאָעט פון טשאַרנאָלאַס (אַזוי האָט געהייסן זיין גיט נעבן דעם ייִדישן שטעטל זוואָלין, אויף דער אנדערער זייט ווייסל), איז געווען גאָר אַן אָפטער באַזוכער אין קוזמיר, ווו עס האָט זיך געהאַט באַזעצט זיין טאָכטער, וועלכע האָט חתונה־געהאַט מיט דעם רייכן קוזמירער פּאַטרי־ציער, מיקאָלאַי באַרקאָווסקי, צו וועמען עס האָט געהערט דאָס שכנותדיקע דאָרף וויעזשכאָניוו. אין יאָר 1580 איז יאַן קאָכאַנאָווסקי אַפילו געווען ריכטער אין אַ מאָרד־פּראָצעס צווישן צוויי פוילישע פּאַטריציער־משפחות אין קוזמיר.

צו די סאַמע וויכטיקסטע פוילישע פּאַטריציער־משפחות אין קוזמיר האָבן באַלאַנגט די ברידער פּשיבילאָ, די פירלעיס און די צעלעיוווס, נאָך וועלכע עס זענען ביז היינט צו טאָג פאַרבליבן די וויכטיקסטע היסטאָרישע בנינים אין קוזמיר, ווי אויך די פאַר־צווייגטע לענאַרד־ און באַרטאָן־משפחות. צווישן די קוזמירער פּאַטריציער האָט זיך אויך געפונען אַ גאָמולקאַ, וועלכער האָט אָבער נישט איבערגעלאָזט נאָך זיך קיין שום שפור.

ביים אויסרעכענען די נעמען פון דער לאָקאַלער קוזמירער אַריסטאָקראַטיע ביים סוף פון 16טן יאָרהונדערט, באַמערקט וואַצלאַוו הוסאַרסקי:

„אין שטאָט זענען אויך געווען עטלעכע ייִדן פון באַדייטונג. אין די אַקטן ווערט אָפּט דערמאָנט אַ געוויסער יעלען (אָפּנים הירש — ש. ל. ש.) דאַווידאָוויטש און



ממגורות　　　　　　　　　　　　　　　　　　　　　　　　　　　　די שפייכלערס

מאַשעק יוזשוואָוויטש, וועלכער האָט נאָך די ברידער פשיבילאָ איבערגענומען די אַרענדע פון דער קוזמירער סטאַראָסטע און געהאַט דעם אויפזיכט איבער די שטייערן, צאָל, וואָג און מאָס, מילן, יאַריד־אָפּצאָל און פּראָפּינאַציע — ביר און אַלקאָהאָל־פּראָדוקציע. נאָכן טויט פון מאַשעק יוזשוואָוויטש איז די אַרענדע אַריבער אין די הענט פון פרומעט מאַשקאָווואַ, אַפּנים זיין אַלמנה.

אין די קוזמירער אַקטן דערשיינען אַפּט יידיש־קלינגענדע נעמען פון סוחרים, וואָס ווערן באַצייכנט אַלס „דאַנציקער סוחרים", ווי למשל פיליפּ לאַק, דניאל פּאַלקאָוויטש, דוד ווילהאַם, יעקב רעיבעניטש און אַנדערע. אַ רעטעניש איז דער נאָמען פון דעם אַרכיטעקט יאַקוב באַלין, וועלכער האָט אין די יאָרן 1610—1613 איבערגעבויט די גרויסע קוזמירער רענעסאַנס־קירכע, די אַזוי־גערופענע „פּאַראַ", וואָס איז צעשטערט געוואָרן פון אַ שריפה. וועגן יאַקוב באַלין זאָגט זיך, אַז ער האָט געוווינט אין לובלין, אָבער האָט געשטאַמט פון ווענעדיק. בעת אַ שפּעטערדיקן איבערבוי פון דער קירכע איז פאַרשוווּנדן דער נאָמען פון יאַקוב באַלין, וואָס האָט פיגורירט אויף אַ ספּעציעלן טאָוול אין דער קירכע. איז יאַקוב באַלין געווען אַ ייד? קיין באַווייזן זענען נישטאָ. עס איז אָבער באַוווּסט, אַז אַ צווייג פון דער באַרימטער באַלין־משפּחה פון ווענעדיק האָט זיך באַזעצט אין דייטשלאַנד און פון זיי האָט געשטאַמט דער בויער פון דעם מאָדערנעם דייטשן האַנדלס־פלאָט, דער ייד אַלבערט באַלין.

קוזמיר איז אָפּט געווען די אַרענע פון מלחמות און אינוואַזיעס. דער רום פון דער שטאָט אַלס אַ גרויסער האַנדלס־צענטער מיט רייכע קראָמען און געמויערטע ריזיקע שפּייכלערס, פול מיט תבואה און פּרוכטן, האָבן געלאָקט די רויבערישע אַפּעטיטן פון די פיינטלעכע אַרמייען. אין יאָר 1648 האָבן קיין קוזמיר זיך דערשלאָגן די קאָזאַקן פון העטמאַן באָגדאַן כמיעלניצקי, וועלכע האָבן קודם־כל דורכגעפירט פּאָגראָמען אויף יידן. זיי זענען אָבער שנעל פאַרטריבן געוואָרן פון שטאָט.

אין דער מאָנאָגראַפיע פון וואַצלאַוו הוסאַרסקי ווערט אָבער לגמרי נישט דערמאָנט וועגן די פּאָגראָמען אויף יידן, וואָס זענען דורכגעפירט געוואָרן נישט נאָר דורך כמיעלניצקי הרשע, נאָר אויך דורך דעם פּוילישן העטמאַן סטעפאַן טשאַרניעצקי, וועמען ער באַצייכנט אַלס דער „באַפרייער", צוליב זיינע נצחונות איבער די שוועדן. הוסאַרסקי דערמאָנט אויך נישט מיט קיין איין וואָרט וועגן דעם פאַרמעטענעם סידור, וואָס די קוזמירער קהילה האָט געלאָזט שרייבן צום אָנדענק פון די קדושים, וועלכע זענען געפאַלן פון די הענט פון טשאַרניעצקיס חיילות.

## די משפּחה פייערשטיין

במשך פון אַ האַלבן יאָרטויזנט, איז אין קוזמיר אָנגעגאַנגען אַ קאַמף אַרום די רעכט פאַר יידן צו וווינען און האָבן קראָמען אויפן מאַרק־פּלאַץ. די דאָזיקע „פּריווי־

לעגיע״ איז אָפּט געוואָרן צוריקגעצויגן און שפּעטער צוריקגעגעבן דורך פֿאַרשידענע פּוילישע מלכים.

דער סאַמע לעצטער פּוילישער קיניג, סטאַניסלאַוו אויגוסט פּאָניאַטאָווסקי, האָט אין יאָר 1787 פּערזענלעך אינטערוועניִרט אין דעם ענין פֿון דער שאַרפֿער עקאָנאָ־מישער קאָנקורענץ צווישן די פּוילישע און יידישע סוחרים אין קוזמיר און פֿאַראָרדנט צו באַגרענעצן די רעכט פֿון יידן צו וווינען אויפֿן מאַרק־פּלאַץ, ווי אויך דאָס האַלטן אין אַרענדע די תבואה־שפּייכלערס און די שיפֿן פֿון די פּוילישע מאַגנאַטן, וועלכע האָבן געשטיצט די יידן.

וועגן דעם פֿאַרנעם פֿון תבואה־האַנדל אין קוזמיר אין אָט דעם פּעריאָד זאָגט עדות דער פֿאַקט, אַז עס האָט דאָרט זיינע שפּייכלערס געהאַט דער גרעסטער יידישער גביר אין פּוילן, דער פּרנס פֿון דער פּראַגער קהילה, שמואל (יאַקובאָוויטש) זביטקאָווער, צו וועמען עס האָבן געהערט אַ ריי שטעטלעך און דערפֿער אַרום וואַרשע. אין יאָר 1776 האָט שמואל זביטקאָווער באַקומען אַ „סערוויטאָראַט״ פֿון קיניג סטאַניסלאַוו אויגוסט, ווי דער אָפֿי־ציעלער הויף־ליפֿעראַנט. ער האָט אָבער שנעל זיך געפֿונען אין אַ קלעם צווישן זיין לאָיאַליטעט לגבי דעם קעניג און דעם דרוק, וואָס עס האָבן אויף אים אויסגעאיבט די פּראָ־רוסישע פּוילישע מאַגנאַטן פֿון דער אַזוי־גערופֿענער „טאַרגאָוויצאַ״, די פּאָטאָצקיס און בראַניצקיס, וועמענס שפּייכלערס און שיפֿן שמואל זביטקאָווער האָט געהאַלטן אין אַרענדע.

דער גרעסטער קוזמירער תבואה־סוחר אין אָט דער שטורמישער תקופֿה, ערב דער צעטיילונג פֿון פּוילן, איז געווען יוסף מענדעלעוויטש, וועלכער האָט פֿאַרלוירן זיין פֿאַרמעגן בעת די פּוילישע מרידות קעגן צאַרישן רוסלאַנד. עס איז אָנצונעמען, אַז די פֿאַרצווייגטע משפּחה מענדעלעוויטש, אָרעמע דאָרפֿס־הענדלער און בעל־מלאכות, וואָס האָט געלעבט אין קוזמיר ביזן נאַצישן חורבן, האָט געשטאַמט פֿון דעם תבואה־מאַגנאַט יוסף מענדע־לעוויטש.

מיט דער צעטיילונג פֿון פּוילן, ווען עס איז איינגעשרומפּן געוואָרן דער האַנדלס־פֿאַרקער צווישן מזרח און מערב, האָט זיך אָנגעהויבן די ירידה פֿון קוזמיר. ביים אָנהייב פֿון 19טן יאָרהונדערט, איז דער גאַנצער תבואה־האַנדל אין קוזמיר אַריבער אין די הענט פֿון יידן. אַלע פּוילישע היסטאָריקער, איינגעשלאָסן הוסאַרסקי, ריידן וועגן דעם מיט גרויס ביטערניש.

הוסאַרסקי ציטירט אָפֿילו אַ פּערעדיקס פֿון דעם קוזמירער גלח וואָראָניטש, וועלכער האָט פּאַראַפֿראַזירט די קלאָג־רייד פֿון ירמיהו הנביא וועגן דער חרוב־געוואָ־רענער ירושלים און זי פֿאַרגליכן צום חרובן קוזמיר. דאָס האָט זיך נאַטירלעך באַצויגן צו דער ירידה פֿון דער פּוילישער באַפֿעלקערונג ביים אָנהייב פֿון 19טן יאָרהונדערט, ווען קוזמיר איז אַלץ מער און מער געוואָרן אַ יידיש שטעטל.

דער יערלעכער וואַרשעווער אַלמאַנאַך „יוטזשענקאַ“ („פּרימאַרגן“) פון יאָר 1834, עפנט זיך מיט אַ קופּערשטיך פון דער קוזמירער לאַנדשאַפט מיט די חורבות פון קיניגלעכן פּאַלאַץ, באַגלייט דורך אַ לענגערער שילדערונג וועגן דער רומפולער פאַרגאַנגענהייט פון דער שטאָט און איר ירידה, וואָס איז דערגאַנגען דערצו, אַז „די איבערוויגנדע מערהייט פון דער באַפעלקערונג, וואָס באַטרעפט 1800 נפשות, באַשטייט פון איזראַעליטן. צוליב דעם צייכנט זיך דאָס שטעטל נישט אויס מיט קיין צו גרויסער ריינקייט... די קריסטלעכע איינוווינער פאַרנעמען זיך מיט לאַנד־אַרבעט. די בערג איבער דער שטאָט זענען באַדעקט מיט סעדער און די געטריקנטע פלוימען און די קוזמירער פאַווידלע זענען באַרימט אין דער גאַנצער געגנט“.

דער מחבר דערמאָנט אָבער נישט דעם פאַקט, אַז די סעדער מיט די באַרימטע קוזמירער עפּל און פלוימען. האָבן זיך געפונען אין די הענט פון ידישע סאַדאָווניקעס און אַז דאָס האָבן די יידן צוריק אויפגעלעבט דעם תבואה־האַנדל מיט דאַנציק, נאָך אַ פעריאָד פון פולשטענדיקער ירידה, צוליב דער צעטיילונג פון פוילן.

וועגן דער ראָל פון די קוזמירער יידן אין תבואה־האַנדל מיט אויסלאַנד אין דער ערשטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט, זאָגט עדות אַ קופּערשטיך פון יאָר 1844, געצייכנט דורך אַדאָלף טעבען. דאָס איז אַ סצענע אויף דער דאַנציקער תבואה־בערזע, וואָס שטעלט פאָר עטלעכע צוואַנציק מענער אין הויכע צילינדערס, קורצע בעקעשעס און שיך מיט לאַנגע שפּיצן — לויט דער דעמאָלטיקער מאָדע. עטלעכע פון די סוחרים האַלטן אין דער האַנט שיסלען מיט תבואה־קערנער — מוסטערן פון ווייץ, קאָרן און האָבער, וואָס זיי האָבן אָנגעבאָטן צום פאַרקויף.

אויף דעם דאָזיקן גרויסן קופּערשטיך איז באַזונדערס אָנזעעוודיק די מאַסיווע פיגור פון דעם קוזמירער תבואה־סוחר, מאיר וואָלף פייערשטיין, דער איינציקער צווישן דער גרופּע מיט אַ באָרד. אַלע אַנדערע מענער האָבן בלויז באַקנבערד. אונטער דעם שטיך זענען אויסגערעכנט די נעמען פון אַלע סוחרים, צווישן וועלכע עס זענען פאַראַן אַ צאָל יידן, ווי: איציק גאָלדשטיין, י. ל. יאָעל, פּ. זאַלצמאַן, לייזער גאָלדשמידט, סאַמועל באַום און הירש לעווין. בלויז צום נאָמען פון מאיר וואָלף פייערשטיין זענען צוגעגעבן די ווערטער אין דייטש: „אַאוס קאַזימיר, פּאָלען.“ אַפּנים, אַז צווישן דער דאָזיקער גרופּע סוחרים אויף דער דאַנציקער תבואה־בערזע, איז פייערשטיין געווען דער איינציקער פון פוילן.

ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז אַ קאָפּיע פון דעם שטיך געהאַנגען אין הויז פון דער פייערשטיין־משפחה אין קוזמיר, צו וועמען עס האָבן באַלאַנגט די לעצטע געמויערטע תבואה־שפּייכלערס פון 14טן און 15טן יאָר־הונדערט. אין איינעם פון די היסטאָרישע בנינים האָבן די איניקלעך פון מאיר וואָלף פייערשטיין איינגעאָרדנט אַ גאַרבעריי און אין אַ צווייטן — אַ טאַרטאַק.

די דאָזיקע שפּייכלערס, וואָס שטייען ביז היינט צו טאָג ביים ברעג פון דער ווייסל, זענען אין יאָר 1945 איבערגענומען געוואָרן דורך דער „פּוילישער פאָלקס־רעפּובליק", אין איינקלאַנג מיט דעם נאַציאָנאַליזירונג־געזעץ, וואָס איז פאַרפאַסט געוואָרן דורך אַן אייניקל פון די פייערשטיינס — דער ערשטער ווירטשאַפט־מיניסטער אין קאָמוניסטישן פּוילן, הילאַרי מינץ, וועמענס מוטער, סטעפאַניאַ פייערשטיין, איז אויס־געוואַקסן אין קוזמיר.

פון דער משפּחה פייערשטיין איז אין קוזמיר נישט געבליבן קיין לעבעדיקער נפש. עס זענען אויך פאַרשוווּנדן די אַרכיוון פון די פייערשטיינס מיט אומשאַצבאַרע דאָקומענטן וועגן זייער פינאַנציעלער הילף פאַר די פּוילישע אויפשטענדלער, ווי אויך דער קופּערשטיך, וואָס איז געהאַנגען אין סאַלאָן פון מאָריס (משהלע) פייער־שטיין. אַ צווייטע קאָפּיע, אפשר די לעצטע, האָט זיך אויפגעהיט אין ניו־יאָרק ביי מנחם פייערשטיין, דער לעצטער פון דער משפּחה פייערשטיין, וועלכער טראָגט דעם דאָזיקן נאָמען. ביז דער היטלער־תקופה, האָט מנחם מענדל פייערשטיין געלעבט אין דאַנציק, ווו ער האָט געפירט גרויסע תבואה־מסחרים און איז געווען אַ מיטגליד פון דער דאַנציקער תבואה־בערזע. דער אָריגינאַל פון דעם היסטאָרישן שטיך מיט זיין עלטער־זיידן אויבנאָן, געפינט זיך ביז היינט צו טאָג אין דער דאַנציקער האַנדלס־קאַמער.

וועגן דער עשירות פון מאיר וואָלף פייערשטיין, האָט מען אין קוזמיר זיך דער־ציילט פאַרשידענע מעשיות. דערביי איז געווען באַוווּסט, אַז דער גרינדער פון דער פייערשטיין־משפּחה איז געווען אַ גרויסער בעל־צדקה און אַז ער האָט עס קיין קוזמיר געבראַכט דעם גאונישן תלמיד פון „חוזה" פון לובלין, ר' יחזקאלע טאַוב, אויפגעבויט פאַר אים אַ הויף און אַזוי אַרום געהאָלפן לייגן דעם פונדאַמענט פאַר דער קוזמירער חסידישער דינאַסטיע.

פון דור צו דור האָט מען זיך אין קוזמיר איבערגעגעבן אַ מערקווירדיקן עפּיזאָד וועגן מאיר וואָלף פייערשטיין, וואָס איז געבראַכט געוואָרן ווי אַ באַווייז וועגן זיינע ריזיקע פאַרמעגנס און אין דער זעלבער צייט — זיין ביטול־באַציִונג צום עגל־הזהב.

אין יאָר 1830, אין אַ שפּעט־האַרבסטיקער, פינצטערער נאַכט, איז אין שטעטל אָנגעקומען אַ רייטער, וועלכער האָט אָנגעקלאַפּט אין לאָדן פון ערשטן בעסטן הויז אויפן מאַרק־פּלאַץ און געפרעגט אויף מאיר וואָלף פייערשטיין. דער פּלוצימדיקער אָנקום פון דעם שטאַפעט האָט אויפגעוועקט פון שלאָף דאָס גאַנצע שטעטל, ווייל דאָס איז געווען אין דעם אומרואיקן פעריאָד פון די אַלץ־וואַקסנדיקע פּוילישע מרידות קעגן דער צאַרישער הערשאַפט, ערב דעם אויסברוך פון דעם טראַגיש־דורכגעפאַלענעם נאָוועמ־בער־אויפשטאַנד.

די שטעטלדיקע יידן האָבן זיך פאַרזאַמלט פאַרן הויז פון די פייערשטיינס, כדי



בכניסה לממגורות

ביים אַריינגאַנג אין די שפּייכלערס

צו הערן, וואָס פֿאַראַ בשורה דער געהײמניספֿולער רײטער האָט געבראַכט מיט זיך. נאָך אַ לענגערער װײַלע, איז מאיר וואָלף פֿײערשטײן אַרױסגעקומען אױף דער גרױסער װעראַנדע פֿון זײַן הױז און באַרואיקט די פֿאַרזאַמלטע ייִדן, אַז דער רײטער האָט בלויז געבראַכט אַ ידיעה, אַז זײַנער אַ טראַנספּאָרט פֿון האָלץ און תּבֿואה איז פֿאַרניכטעט געוואָרן דורך אַ שטורעם אױף דער װײַסל.

דער באַטרעף פֿון דעם שאָדן איז געװען 200,000 טאָלער — אַ ריזיק פֿאַרמעגן אין יענער צײַט. אָבער מאיר וואָלף פֿײערשטײן האָט עס אױפֿגענומען רואיק און געהײסן דעם עולם גײן אַהײם, כּדי צו קאָנען פֿרי „אױפֿשטײן צו עבֿודת־הבורא״. פֿאַרטאָג איז מאיר װאָלף פֿײערשטײן געקומען צום דאַװענען אין רבינס בית־המדרש, גלײַך װי עס װאָלט גאָרנישט פּאַסירט.

### ייִדישער פּאַטריאָטיזם

אױפֿן מאַרק־פּלאַץ און אױף די בערג און טאָלן אַרום קוזמיר, האָט זיך אָפּגע־שפּילט אײנע פֿון די בלוטיקסטע שלאַכטן פֿון נאָװעמבער־אױפֿשטאַנד פֿון יאָר 1830־1831. די שלאַכט האָט זיך אָנגעהױבן דעם 18טן אַפּריל 1831 אױפֿן װעג צװישן קוזמיר און װאָנװאָלניץ, װאָס איז זינט דעמאָלט באַצײכנט געװאָרן אַלס „טשערניאַװי״ — פֿינצטערער שטורעם, זאַװיערוכע.

צי די קוזמירער ייִדן האָבן אָנטײל גענומען אין דער שלאַכט, אונטער דער פֿירער־שאַפֿט פֿון דעם באַרימטן פּױלישן גענעראַל יאַן קאַנטי יוליאַן שיעראַװסקי, איז נישט באַװוּסט. דאַקעגן אָבער איז אַ פֿעסטגעשטעלטער פֿאַקט, אַז די פֿײערשטײנס און אַנדערע פֿאַרמעגלעכע ייִדישע סוחרים אין קוזמיר און אין די אַרומיקע שטעטלעך, האָבן פֿינאַנציעל געשטיצט דעם אױפֿשטאַנד און באַזאָרגט מיט פּראָװיאַנט די אָפּטײ־לונגען פֿון גענעראַל שיעראַװסקי, װעלכער איז געשלאָגן געװאָרן הינטער קאָרעװ.

אין מײַן משפּחה איז אױפֿגעהיטן געװאָרן אַ דאָקומענט, געשריבן אין פּױליש, װאָס מײַן זײדע פֿון דער מוטערס צד, מרדכי מאַנדעלבױם, האָט מיט זיך געבראַכט, װען ער האָט פֿון שכנותדיקן װאָנװאָלניץ זיך אַריבערגעטראָגן קײן קוזמיר. אין דעם דאָזיקן דאָקומענט — אַ לאַנגער, דיקער בױגן געלבלעך פּאַפּיר מיט אַ ברױנעם װאַקסענעם זיגל, איז דורך דעם „קװאַטירמײסטער״ פֿון גראַף מאַלאַכאָװסקי געװאָרן באַשטעטיקט, אַז שלמה מאַנדעלבױם האָט געגעבן אַ צאָל אָקסן, פֿערד, שפּײַז און מזומן געלט פֿאַר מאַלאַכאָװסקיס קאַװאַלעריע־רעגימענט, װאָס האָט זיך פֿאַרמירט אין װאָנװאָלניץ.

גראַף מאַלאַכאָװסקי איז געפֿאַלן בעת דער שלאַכט אַרום קוזמיר, װוּ זײַן קבֿר געפֿינט זיך ביז הײנט צו טאָג אױף אַ באַרג, אין שכנות פֿון די „טשערניאַװעס״. אױף דער שטײנערנער פּליטע, װאָס ליגט אױף זײַן קבֿר, געפֿינט זיך דער פֿאָלגנדער עפּי־

טאף: „יוליוש גראַף מאַלאַכאָווסקי, געבוירן 1802, געפאַלן דעם 18טן אַפּריל 1831, הינטער קוזמיר, אויף דעם דאָזיקן אָרט".

אונטערן צאַרישן רעזשים, איז דער מאַלאַכאָווסקי־דאָקומענט געווען באַגראָבן אין אַ בלעכענעם סלאָי, אין קעלער פון אונדזער הויז. אין שטוב האָבן זיך אָבער געפונען אַנדערע חפצים מיט פאַרקאָמופלאַזשירטע סימבאָלן פון יידיש־פוילישן פּאַטריאָ־טיזם.

אין דער גלעזערנער שראַנק, אָדער „סערוואַנטקע", אין עס־צימער אין אונדזער היים, צוזאַמען מיטן משפּחהדיקן זילבערוואַרג און בורשטינענע לולקעס, האָבן זיך געפונען צוויי באַגילדעטע גרויסע פאָרצעלייענע טעלערס, וואָס מען פלעגט נוצן בלויז פאַר די סדרים. צווישן די אָרנאַמענטן אויף די דאָזיקע טעלערס, האָבן זיך געפונען פוילישע אָדלערס, וואָס מען האָט געקענט קלאָר זען, אויב מען האָט געוווּסט דעם סוד, ווי אַזוי אַ דריי צו טאָן דעם טעלער, כדי אַרויסבאַקומען דעם אָפּטישן עפעקט פון די קונציק־פאַרקאָמופלאַזשירטע אָדלערלעך.

אַ פאַרשטעלטער פוילישער אָדלער, אויסגענייט מיט ווייסע קרעלעכלעך און מיט אַ קרוין, אויסגעהאַפטן מיט גאָלדענע פעדים, האָט אין אונדזער הויז זיך אויך געפונען אויף אַ קישעלע פאַר נאָדלען, וואָס איז געהאָנגען אויף דער וואַנט. דער ווייסער אָדלער פון דעם קישעלע, איז געווען פאַרדעקט מיט אַ קיילעכיקן שטיקל רויטן סאַמעט. ווען די אומאָפּהענגיקייט פון פּוילן איז פּראָקלאַמירט געוואָרן, אין יאָר 1918, האָט מיין באָבע אָפּגעטרענט דאָס שטיקל סאַמעט און עס האָט זיך אַנטפּלעקט דער ווייסער אָדלער מיט דער גאָלדענער קרוין.

די טוריסטן, וועלכע פלעגן קומען באַזוכן דעם סאַלאָן פון וועוווּטשע בראַמבערג, כדי צו זען דאָס אסתרקע־פּרוכת און די אַנדערע כלי־קודש, האָבן נישט איינמאָל אויך אָפּגעטראָטן אין אונדזער היים, כדי אַנצוקוקן די טעלערס און דאָס נאָדל־קישעלע מיט די פוילישע אָדלערס.

אין די צאָלרייכע מאָנאָגראַפיעס וועגן קוזמיר ווערט אָבער מיט קיין וואָרט נישט דערמאָנט וועגן דער פינאַנציעלער שטיצע פון די שטעטלדיקע יידן פאַר דעם אויפשטאַנד פון יאָר 1831. דאָקעגן אין דעם סאַמע נייעסטן האַנט־בוך וועגן קוזמיר פון לעך פּיעטשאַק, וואָס איז דערשינען אין יאָר 1957, ווערט דערמאָנט, אַז אין דעם פוילישן אויפשטאַנד פון יאָר 1863, האָט די יידישע קהילה אין קוזמיר געשענקט „160 פּאָר שטיוול און אַזויפיל פעלצלעך" פאַר די קאַוואַלעריע־אָפּטיילונגען פון גע־נעראַל וואַלעריאַן ווּרובלעווסקי, וועלכער האָט צווישן קוזמיר און באָכאָטניצע אָפּגע־האַלטן אַ נצחון איבער די צאַרישע קאָזאַקן. וורובלעווסקי האָט שפּעטער געקעמפט אויף די באַריקאַדן פון דער פּאַריזער קאָמונע. אין אַ בריוו צו דער קוזמירער יידישער קהילה, האָט גענעראַל וורובלעווסקי אויסגעדריקט אַ דאַנק פאַר דער האַרציקייט,

מיט וועלכער זיינע אָפּטיילונגען זענען געוואָרן אויפגענומען דורך די שטעטלדיקע יידן. די צאַרישע מאַכט האָט דערפאַר באַשטראָפט די קוזמירער פּאַטריאָטן און דעגראַדירט די שטאָט צו דער מדרגה פון אַ ישוב — „אָסאַדאַ".

## חסידות אין קוזמיר

אין דעם פּעריאָד נאָך דער דריטער צעטיילונג פון פּוילן, ביז צו דעם צווייטן אויפשטאַנד קעגן דער צאַרישער אונטעריאָכונג, איז קוזמיר אויסגעוואַקסן צו אַ גרויסן חסידישן צענטער מיט אַן אייגנאַרטיקער שיטה, וואָס האָט פאַרכאַפּט די געמיטער פון גרויסע מאַסן יידן. במשך פון צענדליקער יאָרן, האָבן קיין קוזמיר געשטראָמט טויזנטער חסידים, וועלכע זענען אין אָט דער אומרויִקער תקופה געקומען זוכן טרייסט און דערמוטיקונג ביי ר׳ יחזקאלע טאַוב, וועלכער איז שנעל באַקאַנט געוואָרן אַלס ר׳ יחזקאלע קוזמירער, הגם ער האָט גאָר געשטאַמט פון פּלוינסק.

די פּאַרביקע לאַנדשאַפט פון קוזמיר מיט די פּרוכטבאַרע גערטנער און סעדער אויפן ברעג פון דער ווייסל און אויף די אַרומיקע בערג האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט אַן אידעאַלן הינטערגרונט פאַר דער שיטה פון ר׳ יחזקאלע קוזמירער, וועלכער האָט געהאַלטן, אַז אין אָט דער שטורמישער צייט, ווען יידישע הערצער זענען פול מיט עצבות, איז נגינה דער איינציקער וועג וואָס פירט צו טרייסט און דערהויבונג.

די נטיה צו נגינה האָט ר׳ יחזקאלע געירשנט פון זיין פאָטער, ר׳ צבי הירש, וועלכער האָט אין פּלוינסק געשמט אַלס גרויסער בעל־מנגן און מחבר פון שירים לכבוד שבת און די ימים־טובים, אָבער פאַרנומען האָט ער זיך מיט מסחר. זיין געראָטענעם זון האָט ער געשיקט לערנען צום לובלינער רבין, ר׳ יעקב יצחק הלוי, דער פאָטער פון דער חסידישער באַוועגונג אין קאָנגרעס־פּוילן, וועלכער איז געקרוינט געוואָרן מיטן נאָמען „חוזה". ווי נאָר יחזקאלע איז אָנגעקומען קיין לובלין, האָט מען אין רבינס בית־המדרש אים גענומען רופן: „דער הויכער פּלוינסקער" און ער איז אַרומגערינגלט געוואָרן מיט גרויס פאַרערונג, צוליב זיין משפחה־יחוס. זיין זיידע, ר׳ שלמה פון ראַטשיאָנזש, איז געווען אַ תלמיד פון בעש"ט.

נאָך דער פּטירה פון „חוזה", אין תשעה־באב פון תקע"ה (1815), האָבן זיינע תלמידים זיך באַזעצט אין פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן, ווו עס האָבן זיך געפונען די חשובסטע לובלינער חסידים. דער „הויכער פּלוינסקער" האָט זיך באַזעצט אין טשעפּילעוו, לעבן אילזשע. מען האָט אים אָבער אין גיכן פאַרטריבן פון שטעטל, ווייל דער פּראָסטער יידישער עולם האָט זיך דערשראָקן פאַרן יקרות, וואָס איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך דעם שטייגנדיקן שטראָם פון חסידים, צווישן וועלכע דער „הויכער פּלוינסקער" האָט נאָך ביים לעבן פון „חוזה" געשמט מיט זיין נגינה און

חכמה. ר׳ יחזקאלע האָט זיך דאָן באַזעצט אין קוזמיר, ווו די רייכע תבואה־ און וואַלד־ סוחרים, בראש מיט די פייערשטיינס, האָבן אים געשטיצט מיט אַ ברייטער האַנט.

פונקט ווי דער „חוזה", האָט אויך ר׳ יחזקאלע קוזמירער געהאַט ביי זיך אַ הויף־לץ, וועלכער האָט געשפּילט די ראָל פון פורים־רב און גענומען קוויטלעך. איינמאָל, ביי דער פורימדיקער סעודה, האָט דער לץ זיך פאַרגאַלאָפּירט אין זיין ראָל און גענומען חוזק פון רבין, באַמערקנדיק, אַז ווען ער וואָלט נישט געקענט לערנען, וואָלט ער אויך געקענט ווערן אַ רבי. דאָס איז געווען אַ רמז אויף דעם דרך פון ר׳ יחזקאלע קוזמירער, וועלכער האָט געשטעלט דעם טראָפּ נישט אַזוי פיל אויף לערנען, ווי אויף נגינה.

דער קוזמירער גביר ר׳ חיים מינץ, דער מחותן פון די פייערשטיינס, וועלכער איז אין יאָר 1924 געשטאָרבן אין עלטער פון 105 יאָר, איז געווען אַ לעבעדיקער קוואַל פון מעשיות וועגן דער התנהגות און די מופתים פון ר׳ יחזקאלע קוזמירער. ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן, האָט ר׳ חיים מינץ געשפּאַנט איבערן שטעטל מיט אַ לאַנגן לולקע־ציבעך פון טונקעלן בורשטין, אָנגעטאָן אין אַ פאַרביקן טערקישן שלאָפ־ ראָק און אַ ווייסער יאַרמולקע אויפן קאָפּ, וואָס האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט זיין ברייט־צעפלאָטערטער, גרויער באָרד. ער האָט דערציילט, אַז צו דער לוויה פון רבין ר׳ יחזקאלע (ער איז נפטר געוואָרן אין חודש שבט פון יאָר תרט״ז — יאַנואַר 1856), זענען געקומען טויזנטער חסידים פון גאַנץ פוילן און דער עולם האָט דעם גרויסן נפטר באַגלייט צו זיין אייביקער רו מיט די נגינים, וואָס דער רבי האָט מחבר געווען.

לויט די שילדערונגען פון ר׳ חיים מינץ, איז ר׳ יחזקאלע קוזמירער געווען אַ מאַן פון אומגעווייגלעך הויכן וווקס. מען האָט דאָס אויך געקענט זען פון די זשופּיצעס, פון דעם לאַנגן קנאָכיקן שטעקן מיט דער זילבערנער גאַלקע און דעם הויכן געשניצטן עמוד, וואָס זענען אויפגעהיטן געוואָרן אין רבינס חדר־מיוחד און אַמאָליקן הויף, ווו ביז צו דער נאַצישער אינוואַזיע האָבן געלעבט עטלעכע משפחות פון רבינס יורשים.

מיט זיין שטעקן, וואָס האָט זיך אויסגעגלייכט מיטן קאָפּ פון אַ מענטש פון געווייגלעכן וווקס, האָט ר׳ יחזקאלע באַוויזן זיינע מופתים: אַרויסגעטריבן דיבוקים און פאַריאָגט די שדים, וואָס האָבן געפּלאָגט די שטעטלדיקע יידישע בעלי־מלאכות. לויט די שטעטלדיקע מעשיות, האָבן די שדים אָפּגעשניטן די שפּיצן פון די שטיוול ביי די שוסטערס און צעהאַקט די ערדענע טעפּ מיט די שבתדיקע טשאָלנטער ביי די בעקערס.

מיט זיין שטעקן האָט דער רבי אַפילו אָפּגעשטעלט די פאַרפּלייצונגען פון דעם ראַכיטישן טייכל גראָדאַזש, וואָס יידן האָבן איינפאַך גערופן „די זשיקע". אַ גאַנץ יאָר האָט דאָס ראַכיטישע טייכל פויל זיך געשלענגלט דורכן שטעטל, אָבער אין פרילינג, ווען דער שניי אויף די אַרומיקע בערג האָט גענומען שמעלצן, האָט דער

גראַדאַזש זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ שטורמישן טײַך, צעשטערט די בריקלעך וואָס האָבן פֿאַרבונדן ביידע טיילן פֿון שטעטל און אַוועקגעטראָגן צענדליקער הילצערנע הײַזקעס און שטאַלן מיט בהמות.

דעם רבינס הויכער שטעקן, דער עמוד און די זשופּיצעס, זענען געווען אין שאַרפֿן קאָנטראַסט צום קורצינקן בעטל, אַ מין מיטת־סדום, אין וועלכן דער רבי איז גע־שלאָפֿן, אַפּנים אײַנגעקאָרטשעט אין דרייען. אויף דעם בעטל איז אויך געלעגן אַ קורצע פּערינע. דערלעבן איז געשטאַנען אַ הויכער הילצערנער פּאָטעל און אויפֿן רויען דעמבענעם טיש — צוויי צינענע לײַכטער, אַ באַווײַז, אַז דער רבי האָט געפֿירט אַן אָרעם לעבן, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט נזירות.

ר׳ חיים מינץ האָט דערציילט וועגן דעם מינהג, וואָס ר׳ יחזקאלע האָט געהאַט אײַנגעפֿירט, אַז אין די באַגינענס און אין די פֿאַרנאַכטן, ווען די דרײַ שטעטלדיקע קירכן־גלאָקן האָבן זיך צעקלונגען מיט זייער אימהדיקן געקלאַנג, האָט דער רבי און זײַנע תלמידים גענומען זינגען.

פֿון דור צו דור האָבן די קוזמירער יידן נאָכגעזאָגט די גוטע ווערטלעך און גע־זונגען די ניגונים פֿון רבין ר׳ יחזקאלע, וועלכער האָט געפּריידיקט עניוות און שפֿלות, אָבער וואָס שייך עבֿודת־הבורא, האָט ער געהאַלטן, אַז דאָס דאַרף געטאָן ווערן בשמחה: „לוסטיק־לעבעדיק״, ווי דער רבי זאָל זיך האָבן אויסגעדריקט טאַקע אין יידיש. ווי אַ בײַשפּיל האָט מען ציטירט די מעשה מיט אַ גרויסן גביר, וועלכער איז געהאַט געקומען צום קוזמירער רבין, ער זאָל אים אַרויסגעבן אַן עונש פֿאַר זײַנע זינד. דערויף האָט ר׳ יחזקאלע געענטפֿערט:

„די נשמה האָסטו שוין געלייגט אין דער ערד אַרײַן. איצט ווילסטו אויך באַגראָבן דעם גוף. דער אויבערשטער אין הימל וויל נישט, אַז יידן זאָלן זיך פּײַניקן. היט זיך בלויז מער נישט צו זינדיקן. גיב צדקה און נעם אויף זיך דעם עול־שמים בשמחה״.

בײַ ר׳ יחזקאלען האָט מען נישט געקרעכצט און געקלאָגט ביים ימים־נוראימדיקן דאַווענען. אַפֿילו סליחות האָט מען נישט געזאָגט מיט קיין געוויין, נאָר מיט געזאַנג. לכּבֿוד יעדן שבת און יום־טובֿ, האָט דער רבי מחבר־געווען נײַע ניגונים און אויב ער האָט אַמאָל נישט באַוויזן מחבר־צו־זײַן אַ ניגון, וואָס האָט געטראָפֿן זייער זעלטן, האָט ער פֿון דעם דאָזיקן שבת אָדער יום־טובֿ נישט געהאַט קיין הנאה.

### די שול אין יונאַוועצע

דער שטראָם פֿון חסידים, וואָס האָט במשך פֿון אַ קנאַפּן האַלבן יאָרהונדערט געצויגן קיין קוזמיר צום הויף פֿון ר׳ יחזקאלע, האָט אויך געבראַכט אַן אויפֿלעבונג

פאַר דעם שטעטל יונאָווצע, אויפן קעגנאיבערדיקן ברעג פון דער ווייסל. פון וואַרשע און פון אַלע אַנדערע שטעט און שטעטלעך אויף דער לינקער זייט פון דער ווייסל, האָט דער וועג קיין קוזמיר געפירט איבער יונאָווצע.

נישט נאָר ערב די ימים־טובים, נאָר דורך אַלע טעג פון יאָר איז דער יונאָווצער מאַרק־פּלאַץ פול געווען מיט בוידן, וואָס האָבן געבראַכט טויזנטער חסידים צום רבין ר׳ יחזקאלע. אין יונאָווצע האָט מען איבערגענעכטיקט אין די אָרטיקע יידישע אַכסניות און אויף צומאָרגנס איז מען אויף שיפלעך אַריבער די ווייסל קיין קוזמיר.

יונאָווצע האָט באַלאַנגט צו די רעטעניש פון יידישן קיום אין די פּוילישע שטעטלעך. דער ישוב איז אויסגעוואַקסן אַרום דעם מיטלאַלטערלעכן פּאַלאַץ פון דעם



די שול אין יאַניוועצע — בית־הכנסת בינובצה

רייכן פּוילישן פּאַטריציער פּיאָטר פירלעי, וועלכער האָט דערמוטיקט יידן זיך צו באַזעצן אין שטעטל און זיי געגעבן אין אַרענדע זיינע גיטער. אַפילו אין העכסטן בלי־פּעריאָד, האָט אָבער יונאָווצע נישט געציילט מער ווי טויזנט איינוווינער, צווישן זיי אַפילו נישט קיין הונדערט יידישע משפּחות. און דאָך האָט אין יונאָווצע זיך געפונען אַן אַלטע, געמויערטע שול, וואָס איז געווען נאָך מאָנומענטאַלער ווי די קוזמירער שול.

לויט די הויכע סקאַרפּעס אין די פיר עקן פון דער שול און דעם צוויי־פּלאַכיקן

דאַך, איז געווען קלאָר, אַז די שול איז געבויט געוואָרן אָנהייב 16טן יאָרהונדערט, כמעט אין דער זעלבער צייט ווי דער פּירלעי־פּאַלאַץ. אין דער יונאַוווצער שול זענען ביז דעם נאַצי־חורבן אויפגעהיטן געוואָרן די אָריגינעלע, פון האָלץ־געשניצטע אָרנאַ־מענטן איבער דעם ארון־קודש און די קאָלירפולע פרעסקאָס אויף די ווענט, מיט פייגל, פיש און חיות און פסוקים פון תנ״ך.

נאָך דער פטירה פון ר׳ יחזקאלע קוזמירער — אין זאַטן עלטער פון 84 יאָר — איז קוזמיר פאַר אַ צייט אַראָפּ פון דער חסידישער אַרענע. ר׳ יחזקאלעס עלטסטער זון, ר׳ שמואל אליהו, האָט זיך אַריבערגעטראָגן קיין זוואָלין און פון דאָרט איז די דינאַסטיע פון ר׳ יחזקאלע קוזמירער אַריבער קיין מאָדזשיץ, ווו ס׳איז פאָרגעזעצט געוואָרן די גרויסע טראַדיציע פון מאָדשזיצער נגינה.

ערשט אין די אַכציקער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, האָט אין קוזמיר זיך באַזעצט דער זון פון טריסקער מגיד, ר׳ מאָטעלע טווערסקי, פון דער טשערנאָבילער דינאַסטיע. דער וועג קיין קוזמיר האָט אָבער שוין מער נישט געפירט איבער יונאַוווצע, נאָר איבער פולאַווו, ווו עס איז אין צווישן אויפגעבויט געוואָרן אַ סטאַציע פון דער באַן־ליניע וואַרשע—לובלין.

דער געמויערטער הויף פון ר׳ מאָטעלע מיטן ריזיקן „שאַלאַש״, האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן אמתע פעסטונג, אין קעגנזאַץ צו די באַשיידענע הילצערנע בנינים אין הויף פון ר׳ יחזקאלע. ר׳ מאָטעלעס הויף האָט זיך געפונען אין בנין פון געווע־זענעם ראַטהויז, וואָס איז נאָכן אויפשטאַנד פון יאָר 1863 אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין די היסטאָרישע פשיבילאָ־הייזער, אין צענטער פון מאַרק־פּלאַץ.

דורך די קנאַפּע דרייסיק יאָר, וואָס ר׳ מאָטעלע טווערסקי האָט געפירט הויף אין קוזמיר, האָבן אין שטעטל זיך באַזעצט צענדליקער פון זיינע טרייע חסידים, מיינסטנס פאַרמעגלעכע סוחרים, וועלכע האָבן דעם רבין אַריינגענומען אַלס שותף צו זייערע מסחרים. זיי האָבן אויפגעלעבט דעם שטעטלדיקן האַנדל און בכלל געהויבן דעם וווילשטאַנד פון די קוזמירער יידן.

די דאָזיקע צווייטע תקופה פון קוזמירער חסידות האָט אָנגעהאַלטן ביז די שטורמישע יאָרן פון יאָר 1905, ווען דאָס שטעטל איז מיטגעריסן געוואָרן דורך דער כוואַליע פון שטרייקן און מרידות קעגן צאַרישן רעזשים און דער רבי ר׳ מאָטעלע איז אַוועק קיין וואַרשע. אין שטעטל האָט מען אָבער נישט אויפגעהערט זיך צו דער־ציילן די גוזמאות וועגן דעם פאַרנעם פון רבישן הויף און דער עשירות פון רבין גופא, וועלכער פלעגט פאָרן אין אַ באַגילדטער קאַרעטע, געשפּאַנט אין פינף פערד נאָ־שפּיץ, ווי די קליניעוווסקיס און אַנדערע רייכע פּריצים פון דער געגנט.

## אַ צענטער פּאַר שרייבער און קינסטלער

ביים סוף פון 19טן יאָרהונדערט, איז קוזמיר פּלוצים אַנטדעקט געוואָרן דורך די פירנדיקע פּוילישע שרייבער פון דער דעמאָלטיקער צייט, ווי באָלעסלאַוו פּרוס, הענריק שיענקעוויטש און אַלעקסאַנדער שוויענטאָכאָווסקי. די גרויסע מאָלער יוזעף בראַנדט און וואָיטשעך געַרסאַן האָבן געגומען מאָלן די קוזמירער לאַנדשאַפט און די אָפּגעלאָזענע פּאַלאַצלעך מיט די פאַנטאַסטישע באַריעלעפן, אונטער וועלכע עס זענען אין לאַטיינישן אָרגינאַל געווען אויסגעקריצט גאָלדענע געדאַנקען פון רוימישן פילאָזאָף און אָראַטאָר סענעקאַ.

די שטייגנדיקע מאָדע אויף קוזמיר צווישן דער פּוילישער אינטעליגענץ, האָט עס באַוויזן דעם אונטערנעמערישן בערענס, אַ פּאָליאַק פון שוועדישער אָפּשטאַמונג, אויפצושטעלן דעם ערשטן האָטעל און רעסטאָראַן אין שטעטל, וואָס שטייט נאָך ביז היינט צו טאָג ביי דער קירכע, אויפן בערגל, וואָס דאָמינירט דעם מאַרק־פּלאַץ. אויף דער וועראַנדע פון בערענסעס רעסטאָראַן, זענען אָנגעגאַנגען די דיסקוסיעס און אָמפּערנישן צווישן די פירנדיקע שרייבער פון דער גרופּע „מלאָדאַ פּאָלסקאַ" („יונג פּוילן"), וואָס האָבן געשפּינען דעם חלום וועגן דעם צוקונפטיקן אומאָפּהענגיקן פּוילן. צווישן זיי האָבן זיך געפונען סטאַניסלאַוו פּשיבישעווסקי, סטעפאַן זשעראָמסקי, גוסטאַוו דאַנילאָווסקי און אַנדערע שפּעטער באַרימט געוואָרענע פּוילישע שרייבער.

אין די ווערק פון די דאָזיקע פּוילישע שרייבער געפינען מיר אָבער נישט קיין שום אָפּשפּיגלונג פון יידישן קוזמיר, וואָס איז אין לעגענדע און איןווירקלעכקייט געוואָרן אַזוי נאַטירלעך צונויפגעוועבט מיט זיין אוראַלטער פּוילישער געשיכטע.

די פּוילישע פּאָעטן און פּראָזאַיקער האָבן אַפילו פאַרזען דעם פענאָמען פון דעם זעלטן האַרמאָנישן צוזאַמענלעבן צווישן די יידן אויפן מאַרק־פּלאַץ און דער פּוילישער באַפעלקערונג אין שטעטל גופא און אין די אַרומיקע דערפער.

די קוזמירער יידן איז פרעמד געווען דאָס געפיל פון פּחד פאַר די קירכעס און צלמים, וואָס האָבן פון דריי זייטן — פון מזרח, צפון און דרום — אַרומגערינגלט דאָס שטעטל. דאָס זענען געווען די שטאָלענע צלמים אויף די טורעמס פון די דריי קירכעס און די ריזיקע דעמבענע קרייצן אויפן העכסטן באַרג פון שטעטל, וואָס האָט טאַקע געטראָגן דעם נאָמען „דער באַרג פון די דריי צלמים". די דאָזיקע קרייצן זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן צום אָנדענק פון די קרבנות פון דער מגיפה פון יאָר 1707. בלויז אויף מערב־זייט פון מאַרק־פּלאַץ איז דער האָריזאָנט געווען אָפן און האָט זיך געשפּיגלט אין דער ווייסל.

אויף די גרינע שיפּועים פון צלמים־באַרג האָבן אַ גאַנצע וואָך זיך געפּיטערט

יידישע ציגן און אין די פּריוויטקדיקע בין־השמשותן איז דער באַרג פול געווען מיט טוריסטן, וועלכע האָבן באַוווּנדערט דאָס פּאָעטישע בילד פון שטעטל אין טאָל. אויפן ליידיקן מאַרק־פּלאַץ זענען די קראָמען געווען געשלאָסן און די שבתדיקע ליכט האָבן געציטערט אין די פענצטער פון די הייזקעס, וואָס האָבן פון דער הייך אויסגעזען ווי צונויפגעטוליעט אונטערן בלויען הימלדיקן קופּאָל, וועמענס ראַנד אויפן קעגנאיבערדיקן ווייסל־ברעג האָט זיך געמיניעט אין די לעצטע פלאַמען פון דער פאַרגייענדיקער זון.

דער אָפּהילך פון די קירכן־גלאָקן האָט זיך צונויפגעגאָסן מיטן געזאַנג פון די בתי־תפילה, אָבער קוזמירער יידן האָבן די דאָזיקע קלאַנגען נישט צוגעלאָזט צו די אויערן און עקשנותדיק אָפּגעהיטן זייער אייגנאַרטיקן טיף־פאַרוואָרצלטן לעבנס־שטייגער. די צוויי באַזונדערע וועלטן האָבן געלעבט צווישן זיך בשלום, אין אַן אַטמאָספער פון אמתער טאָלעראַנץ. די פּוילישע אינטעליגענץ אין שטעטל פלעגט קומען צו די פאַרביקע חופּה־צערעמאָניעס אויפן שול־הויף און אַפילו אין דער שול גופא — צו כל־נדרי און שמחת־תורה צו הקפות. פּונקט אַזוי זענען יידישע בחורים און מיידלעך געקומען צו די חתונות פון זייערע פּוילישע פריינד אין דער קירכע און אַפילו צו די וויינאַכט־מעסעס.

ווען אַ קריסטלעכע לוויה האָט געצויגן דורכן מאַרק־פּלאַץ, האָבן יידן, ווי אַן אויסדרוק פון טרויער, צוגעלענט די טירן פון די קראָמען, און בעת אַ יידישער לוויה האָבן פּוילישע פאַרבייגייער אַראָפּגענומען די היטלען. די יערלעכע פּראָ־צעסיעס פון „קאָרפּוס־קריסטי", וואָס די יידן האָבן באַצייכנט אַלס דער „גרינער דאָנערשטיק", האָבן נישט אַרויסגערופן ביי זיי דעם מינדסטן פּחד, ווי דאָס איז געווען אין אַנדערע שטעטלעך, ווו די פּראָצעסיעס האָבן נישט איינמאָל טאַקע זיך פאַרענדיקט מיט איבערפאַלן אויף יידן. אין קוזמיר האָט דאָס יידישע יונגוואַרג פון די באַלקאָנען און דעכער נאָכגעפאָלגט דעם פאַרביקן צערעמאָניאַל פון די פּראָצעסיעס, ווי אַ היימישע געשעעניש.

במשך פון יאָרהונדערטער האָט צווישן דער פּוילישער און יידישער באַפעל־קערונג אין קוזמיר זיך אַנטוויקלט אַ קעגנזייטיקער רעספּעקט. פון צייט צו צייט האָט מען אין שטעטל גערעדט וועגן עפּעס אַ ליבע־עפּיזאָד צווישן יידישע און פּוילישע בחורים און מיידלעך. אין קוזמיר איז אָבער נישט געווען קיין איין פאַל פון אַ געמישטער חתונה.

און אַזוי האָבן די שטעטלדיקע יידן במשך פון יאָרהונדערטער פרידלעך געהויזט מיט די פּוילישע שכנים און אויך צוגעטראָגן זייער חלק צו דער ענדערונג פון דער אַרומיקער לאַנדשאַפט. יידישע סאַדאָווניקעס האָבן באַווירקט די גוט־באַזיצער און

פויערים צו פאַרוואַנדלען זייערע ווייץ־פעלדער אין סעדער און איינצופירן נייע מינים פירות, באַזונדערס פלוימען.

אונטערנעמערישע יידישע סוחרים האָבן פון אונגאַרן געבראַכט פלאַנצן און מיט דער צייט איז קוזמיר באַרימט געוואָרן מיט אירע פלוימען, די אַזוי־גערופענע „וועגגער־קעס״, וואָס יידישע סאַדאָווניקעס האָבן געטריקנט אין פרימיטיווע ערד־אויוונס. די דאָזיקע פלוימען און ווינטערדיקע עפּל און באַרנעס זענען איינגעזאַמלט געוואָרן אין די געמויערטע קוזמירער שפּייכלערס, און שפּעטער אין קריפּעס טראַנספּאָרטירט געוואָרן מיט דער ווייסל קיין וואַרשע.

די קוזמירער יידן האָבן אויך געענדערט דאָס אַרכיטעקטאָנישע פּרצוף פון זייער שטעטל. צו די מויערן פון די חרובע פּאַלאַצלעך, האָבן זיי צוגעבויט הילצערנע גאַניקלעך און געדרייטע, געדעקטע טרעפּ צו די שטיבלעך, וואָס זענען ווי נעסטן גע־וואַקסן איינס איבערן צווייטן. אונטן, אין די גאָטישע געוועלבונגען, האָבן זיי איינגע־שטעלט קראָמען. די יידישע סטאָלערס און פּוילישע טעסלערס האָבן נאָכגעפאָלגט דעם סטיל פון די הייזער אויפן מאַרק־פּלאַץ מיט צווייפּלאַכיקע דעכער און אַרויס־שטאַרנדיקע אונטערדעכער, אונטערגעשפּאַרט דורך סטיליזירטע, דעמבענע זיילן.

אין דעם אימפּראָוויזירטן הילצערנעם אָנוווקס אויף די מאָנומענטאַלע רענע־סאַנס־מויערן האָט זיך אויסגעפאָרמירט אַן אייגנאַרטיקער ראָמאַנטישער סטיל, וואָס האָט אַזוי האַרמאָניש זיך צונויפגעבלענדט מיט דער אַרומיקער נאַטור. די געסלעך מיט די הילצערנע הייזקעס און שינדל־דעכער, פאַרוואַקסן מיט גרינעם מאָך, האָבן זיך ווי צונויפגעגאָסן מיט די לאַנגע טיפע טאָלן, וואָס האָבן ממש געשוימט מיט זאַפטיקן גראָז, ווילדע רויזן און ליגן־קוסטעס. די מער פאַרמעגלעכע יידישע באַלע־באַסטעס האָבן געמאַכט ווונדערבאַרן איינגעמאַכטס פון די רויזן־בלעטער און באַ־זונדערס פון די פלאַמיק־רויטע ליגן, וואָס זענען געווען נישט גרעסער פון געוויינ־לעכע ווייץ־קערנער. דערביי האָבן זיי נאָך געהאַט האַרטע פּיצינקע קערעלעך, וואָס די פרויען האָבן גערולדיק אַרויסגעשטאָכן מיט נאָדלען. אויף די שיפּועים פון די טאָלן זענען געוואַקסן ווילדע פרוכט־ביימער — עפּל, באַרן, ניס אין אַרום זייערע שטאַמען — שוואַרצע יאַגדעס און רויטע פּאַזיאָמקעס.

אין די אָונטן זענען די טאָלן פול געווען מיט אַן אויסטערלישן געזשום פון זשוקעס, וואָס איז אָפּט דורכגעשניטן געוואָרן דורך אַ געפּייף פון סאָוועס און אַנדערע נאַכט־פייגל. אין דער לופט האָט זיך געטראָגן דער פאַרשיכורנדיקער ריח פון יאַסמין, אַקאַציע און בעז, און אין די לבנהלאָזע נעכט איז די דיקע פינצטערניש געלעכערט געוואָרן דורך דעם שימער פון גלי־פליגן.

אַזוי האָט דאָס יידישע קוזמיר זיך אַנטפּלעקט פאַר דעם יונגן שלום אַש, דער ערשטער יידישער שרייבער, וועלכער איז געקומען אַהין אין אָנהייב פון איצטיקן יאָרהונדערט, דאָרט פאַרבראַכט עטלעכע זומערס און איינמאָל אויך מיטגענומען מיט זיך אַהין י. ל. פּרצן, אין וועמענס מיסטישער דראַמע „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק״ פילט זיך שטאַרק די אַטמאָספער פון יידישן קוזמיר.

קוזמיר איז געוואָרן די קאַנווע פאַר פיל דערציילונגען און ראָמאַנען פון שלום אַש און די שטעטלדיקע יידן האָבן געדינט אַלס פּראָטאָטיפּן פאַר די העלדן אין פריען און אויך אין סאַמע לעצטן פּעריאָד פון זיין שאַפן, אָנהייבנדיק פון דער מייסטערהאַפטער דערציילונג „אַ שטעטל״, ביז דעם ראָמאַן „דער תהילים־ייד״.

אין שטורמישן לעבן פון שלום אַש האָבן עטלעכע עפּיזאָדן זיך אויך אָפּגע־שפּילט אין קוזמיר. מען האָט זיך דערציילט וועגן זיין ליבע מיט דער שיינער גבירי־שער סטעפאַניאַ פייערשטיין, וואָס האָט פאַר אַ צייט געהאַט אויפגערודערט דאָס שטעטל. דער עיקר אָבער האָבן די עלטערע יידן מיט אַ טאָן פון נישט־אויסגעלאָ־שענעם צאָרן דערמאָנט אַן אַפּיקורסיש שפּיצל פון שלום אַש, ווען אין אַ זומערדיקן פרייטיק־צו־נאַכטס האָט ער זיך אָנגעטאָן אין אַן אַטלעסענע קאַפּאָטע און אַ שטריימל און אויף אַ פערד געריטן אַרום דער שול און בית־המדרש, ווען די יידן זענען גע־גאַנגען צו קבלת־שבת. מען האָט אים באַוואָרפן מיט שטיינער און נאָכגעשריען: „אחר! אחר!״

נאָך דעם דאָזיקן אינצידענט, איז שלום אַש במשך פון עטלעכע זומערן נישט געקומען קיין קוזמיר. דאָס שטעטל ביי דער ווייסל האָט אָבער געהאַט אַ דעצידי־רנדיקע השפּעה אויף זיין קינסטלערישער פאַרמירונג, וואָס איז אים נאָכגעגאַנגען במשך פון זיין גאַנצן לעבן.

„אין קוזמיר האָט די ווייסל צו מיר גערעדט אין יידיש״ — האָט שלום אַש זיך אויסגעדריקט. אין קוזמיר האָט ער אָנגעשריבן זיין „אַ שטעטל״ — דאָס ערשטע אָריגינעלע קינסטלערישע ווערק וועגן יידישן שטייגער־לעבן אין די פּוילישע שטעט־לעך, אַגב דאָס ערשטע ווערק פון דער יונגער יידישער ליטעראַטור, וואָס איז גלייך איבערגעזעצט געוואָרן אויף רוסיש און דייטש.

דער פאַבולאַרער מאָטיוו אין „שטעטל״, וואָס שלום אַש האָט פאַרוועבט אַרום דער געשטאַלט פון דעם רייכן האַלץ־סוחר, ר׳ יחזקאל גאַמבינער, ווערט אָפּט פאַר־שווומען אין די קרעפטיקע נאַטור־שילדערונגען און אין דער גרויסער גאַלעריע עפּיזאָ־דישע געשטאַלטן מיט זייערע טאָג־טעגלעכע האַוועניש, שטימונגען און חלומות.

אין קוזמיר האָט שלום אַש געזען פאַרקערפּערט די האַרמאָנישע גאַנצקייט פון שטעטל, וואָס האָט במשך פון יאָרהונדערטער, אין געראַנגל און ווידערשטאַנד, זיך אויס־געפורעמט אין אַן אייגנאַרטיקן אָרגאַניזם מיט אַן אייגענעם לשון, מנהגים און לבוש, מיט אייגענע קוואַלן פון פיזישער און גייסטיקער דערנערונג.

מיט זיין אומגעצוימטן קינסטלערישן טעמפּעראַמענט האָט שלום אַש אין „שטעטל" צונויפגעוועבט מאָטיוון און געשטאַלטן אויך פון אַנדערע שטעטלעך. דער נאָמען פון קוזמיר ווערט דאָ און דאָרט דערמאָנט בלויז צופעליק. עס איז אויך פולשטענ־דיק פאַרווישט די טאָפּאָגראַפישע אידענטיטעט פון קוזמיר און פיקטיוו זענען אויך די נעמען פון די העלדן.

בלויז איין געשטאַלט אין „שטעטל" ווערט דורך שלום אַשן אָנגערופן ביים אמתן נאָמען. דאָס איז חיים „דער איבערפירער", אָדער ווי מען האָט אים אין שטעטל גערופן אויף פויליש „חיים פשעוואָזשניק", וועמענס משפחה האָט במשך פון דורות געפּאַכטעט דעם פאַרקער פון איין ברעג ווייסל אויפן צווייטן. אַפּנים, אַז אין אָט דעם יידישן „אי־בערפירער", האָט אַש געזען אַן איינציק־אַרטיקע געשטאַלט, וואָס האָט נישט געהאַט צו זיך קיין גלייכן אין אַנדערע שטעטלעך לענגאויס די ברעגן פון דער ווייסל, ווו שיפערייִ איז געלעגן אין גוישע הענט.

די משפחה־הייזקע פון חיים פשעוואָזשניק האָט זיך געפונען אין דערפל וואָישין, אויפן קעגנאיבערדיקן ברעג פון דער ווייסל, אין שכנות פון יידישן יונאָוועצ. דאָס איז געווען די איינציקע געמויערטע הייזקע מיט אַ הילצערנעם דאַך, צווישן די דאָרפישע כאַטקעס, געדעקט מיט שטרוי. די שילדערונג וועגן חיים פשעוואָזשניק און זיין הייזקע איז דער איינציקער עפּיזאָד אין „שטעטל", וואָס שמעקט מיט אויטענטישקייט:

„אין דעם הייזל זיצט אַ משפחה פון יאָרן לאַנג. דאָרט לעבט מען מיט זיך און מיטן טייך, דעם שכן. חיים דעם איבערפירערס הייזל, הייסט עס היינט. אַמאָל, מיט דרייסיק יאָר צוריק, האָט דאָס געהייסן משה איבערפירערס הייזל. דער נאָמען טוישט זיך מיט די יאָרן, אָבער דאָס הייזל, דאָס וואַסער און דער נאָמען „איבערפירער" בלייבט ביז איצט. דער היינטיקער איבערפירער הייסט חיים און איז אַ ייד פון אַ יאָר פופציק, אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אַ ברייט צעפּלאַטערטער, גרויער באָרד".

אַזוי האָט חיים פשעוואָזשניק אויך אויסגעזען ערב דעם נאַצי־מבול, ווען ער איז שוין געווען אַ זקן אין די אַכציקער. ער האָט ווייטער געטראָגן דאָס זעלביקע קיילעכיקע יידישע היטעלע און אַ לאַנגע קאַפּאָטע מיט די פּאָלעס פאַרשטעקט אין גאַרטל, ווען ער האָט שטייענדיק אין זיין שיפל געשניטן די כוואַליעס מיטן לאַנגן רודער. בלויז זיין רוקן איז געווען לייכט איינגעבויגן, דער הויכער שטערן טיף געררונצלט און די באַקן איינגעפאַלן. ער איז שוין אויך מער נישט געווען דער איינציקער איבערפירער

אין שטעטל. דער פֿאַרקער איבער דער ווייסל איז שוין געווען אין די הענט פֿון נישט־ייִדישע שיפֿער.

חיים, וועלכער האָט פֿון זיין פֿאָטער און זיידן געירשנט צענדליקער שיפֿלעך און קריפּעס פֿאַר דעם טראַנספּאָרט פֿון פּרוכטן, איז ביים סוף פֿון זיין לעבן שוין געהאַט פֿאַרבליבן מיט בלויז איינאיינציקן אַלטן שיפֿל. ער האָט אָבער נאָך אַלץ געווױנט אין דער זעלבער הייזקע אין וואַישין, הגם זיין טרייע לעבנס־באַגלייטערין, וועלכע איז במשך פֿון עטלעכע דורות געווען די הייבאַם פֿון די פּויערישע קינדער אין דאָרף, האָט זיך שוין געפֿונען אויפֿן יונאָווצער בית־עלמין, וווּ זייער משפּחה האָט פֿאַרנומען עטלעכע שורות קברים. עס איז שוין געווען דער סוף פֿון דער ווייסל־אידיליע פֿון חיים דעם „איבערפֿירער" און זיין ווייב, וואָס שלום אַש האָט געשילדערט אין „שטעטל":

„דאָס וואַסער פֿירט זיך ייִדישלעך. עס האַלט־מיט שבתים און ימים־טובים. שטיל איז עס, עס קושט איין כוואַליע די צווייטע, און ער מיטן ווייב זיצן פֿאַר דער טיר. ער זאָגט פּרק, דאָס ווייב לייענט די צאינה־וראינה, און זיי דערציילן די כוואַליעס גאָטס־ווונדער און יעדע כוואַליע כאַפּט אַ וואָרט און מאַכט אַ פּליטה".

**רעימאָנט אין קוזמיר**

צווישן די ייִדישע און נישט־ייִדישע באַזוכער אין קוזמיר איז חיים פּשעוואָזשניק געווען די פּאָפּולערסטע פֿיגור. קינסטלער האָבן געמאָלן זיין פּאָרטרעט און שרייבער האָבן באַוווּנדערט די קרעפֿטיקייט פֿון זיין פּוילישן לשון, באַזונדערס זיין פּויערישן דיאַלעקט, פֿול מיט פֿאַרביקע, אידיאָמאַטישע אויסדרוקן און פֿאָלקס־ווערטלעך.

אין דער צייט, ווען שלום אַש האָט געשריבן זיין „שטעטל", האָט אין קוזמיר אויך פֿאַרבראַכט דער פּוילישער פּראָזאַיקער וולאַדיסלאַוו רעימאָנט, וועלכער האָט שוין דאַן געהאַט פֿאַרעפֿנטלעכט די ערשטע קאַפּיטלען פֿון זיין עפּאָפּייע „די פּויערים". שעהן לאַנג פֿלעגט רעימאָנט זיך שיפֿן מיט חיימען אויף דער ווייסל און נאָטירן די פּויערישע ווערטלעך און חכמות, וואָס זענען אויף אַזאַ נאַטירלעכן אופֿן אַרויסגעקומען פֿון מויל פֿון דעם קוזמירער ייִדישן שיפֿער אין דער לאַנגער קאַפּאָטע.

פּונקט ווי זיין פּויליש לשון, איז אויך דער ייִדיש פֿון חיים פּשעוואָזשניק געווען באַווירצט מיט פֿאָלקס־ווערטלעך און אידיאָמען, וואָס עס האָבן גענוצט ייִדישע דאָרפֿס־מענטשן — אַרענדאַרן, האַלץ־סוחרים און סאַדאָווניקעס.

אַ פֿערטל־יאָרהונדערט נאָך רעימאָנטס באַזוך אין קוזמיר, איז געקומען אַהין דער ייִדישער איבערזעצער פֿון רעימאָנטס מאָנומענטאַלן נאָבעל־פּרייז־געקרוינטן ווערק „פּויערים", שלמה ראָזענבערג, כדי ביי חיים פּשעוואָזשניק צו געפֿינען דעם ייִדישן

עקוויוואַלענט פֿאַר די קאַלירפֿולע אָבער אָפֿט קאָמפּליצירטע פֿויערישע ווערטלעך פֿון רעימאָנטס העלדן.

רעימאָנטס „פֿויערים" און דאָס „שטעטל" פֿון שלום אַש האָבן מיט זיך פֿאַרגע־שטעלט דעם העכסטן קינסטלערישן אויסדרוק פֿון דער דאַן פּאָפּולערער רעגיאָנאַ־ליסטישער באַוועגונג אין דער פּוילישער ליטעראַטור און קונסט. דער פּיאָנער פֿון דער דאָזיקער ריכטונג איז געווען דער גרויסער פּוילישער שרייבער און מאָלער, סטאַ־ניסלאַוו איגנאַצי וויטקעוויטש, דער באַזינגער פֿון זאַקאָפּאַנע און דעם שטיגער־לעבן פֿון די פֿויערים אין די טאַטראַ־בערג — די „גוראַלן". וויטקעוויטש איז געווען דער ער־שטער און אויך דער איינציקער פּוילישער שרייבער, וועלכער האָט דאַן אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקן אינטערעס פֿאַר דער אויפֿגייענדיקער יידישער ליטעראַטור, אין וועמענס פֿאָלקסטימלעכן כאַראַקטער ער האָט געזען אַ קרובהשאַפֿט מיטן פּוילישן רעגיאָנאַליזם. וויטקעוויטש האָט מקרב־געווען דעם יונגן שלום אַש, וועלכער איז געווען אַן אָפֿטער באַזוכער ביי אים אין קראָקע און זאַקאָפּאַנע, און ער האָט עס אַשן צום ערשטן מאָל מיטגענומען קיין קוזמיר.

וועגן דער אויפֿריכטיקער, טיפֿער פֿריינטשאַפֿט צווישן דעם יונגן שלום אַש און דעם פֿיל עלטערן באַרימטן פּוילישן שרייבער זאָגט עדות דער פֿאַקט, וואָס שלום אַש האָט וויטקעוויטשן געווידמעט אַ סקיצע וועגן אַלטן יידישן קוואַרטאַל אין קראָקע, פֿול מיט מעלאַנכאָלישע טענער וועגן די יידיש־פּוילישע באַציאונגען. די דאָזיקע שילדע־רונג אונטערן פֿיל־זאָגנדיקן נאָמען „זיי און מיר" איז אין יאָר 1906 דערשינען אין דער זאַמלונג „קורצע דערציילונגען".

אָפּנים, אַז דער טאָלעראַנטער וויטקעוויטש האָט געטיילט די מיינונג פֿון שלום אַשן וועגן דער מערכה פֿון די יידן אין פּוילן, וואָס דער מחבר פֿון „שטעטל" האָט גע־בראַכט צום אויסדרוק אין די פֿאָלגנדיקע סאַרקאַסטישע שורות:

„אַז משיח וועט קומען און די יידן קיין אַרץ־ישראל פֿירן, וועט אַ פּוילישער פּריץ מיט טויזנטער וועגן און אומוועגן זוכן אַ ייד, כדי ער זאָל זיך אין זיין דאָרף באַזעצן. אַ פּויליש דאָרף אָן אַ יידישן אַרענדאַר, אָן אַ יידישע קרעטשמע, איז ווי אַ הויז אָן אַ בלימל. גויים דאַרפֿן דעם ייד, אויב נישט צו צופֿן זיין בערדל, איז כאָטש מה־יפֿית צו זינגען. אַ גוי גייט אויס פֿאַרן יידישן מה־יפֿית. מיצקעוויטש האָט דעם שענסטן מה־יפֿית אַריינגעלייגט אין מויל פֿון יאַנקל מוזיקאַנט".

## מאַוריצי מינקאָווסקי

אין די פּוסטריט פֿון שלום אַש, האָבן קיין קוזמיר אָנגעהויבן קומען די יידישע מאָלער מאַוריצי טרעמבאַטש און מאַוריצי מינקאָווסקי, און דאַן די יינגערע רעגינאַ

מונדלאַק, אברהם נוימאַן, וו. ווײַנטרויב און יוסף זײדענבײַטל, וועלכע האָבן געגומען מאָלן די ייִדישע טיפּן און די אייגנאַרטיקע שטעטלדיקע לאַנדשאַפט.

מער אָבער פון אַלע אַנדערע מאָלער האָט צום קערן פון ייִדישן קוזמיר זיך דערגרונטעוועט דער טויב־שטומער מינקאָווסקי, וועמענס אויערן זענען געווען אָפּגע־שלאָסן פאַר די מעלאָדראַמאַטישע גוזמאות פון די שטעטלדיקע טוריסטישע וועג־ווײַזער, ווי: יאַנקל פאַקטאָר, יאַנקל יאַפּאַנטשיק און דער קלעזמער בעריש דרויבע, וועלכע פלעגן יעדן זומער אימפּראָוויזירן אַלץ מער פאַנטאַסטישע מעשיות וועגן קוזמיר.

מיט זעלטענער אינטויציע האָט מינקאָווסקי אויפגעכאַפּט דעם פאָלקלאָר פון ייִדישן שטייגער־לעבן, וואָס ער האָט פאַראייביקט אויף זײַנע גרויסע לײַוונטן — ליכט־בענטשן, כפּרות־שלאָגן, די פורימדיקע טראַדיציע פון שלח־מנות; דער ערב־שבתדיקער, קאָלירפולער פיש־מאַרק, די ייִנגלעך און מיידלעך, וואָס אײַלן פרייטיק פאַרנאַכט מיט די טשאָלנטער צום בעקער; די ייִדענעס מיט די טשופּיקלעך און טערקישע שאַלן און מענער אין יום־טובדיקע מלבושים, וואָס גייען צום דאַווענען. מיט קרעפטיקן רעאַליזם האָט ער אויך געמאָלן די קאָלירפולע טיפּן פון שטעטל, וועלכע זענען שוין מער נישטאָ — די הענדלער, באַלעגאָלעס און טרעגערס ביים ברונעם אונטער דעם סטיליזירטן דעכל אויפן מאַרק־פּלאַץ.

### ז. סעגאַלאָוויטש

אָט־דאָס אויטענטישע קוזמיר האָט אין ליד און אין פּראָזע פאַראייביקט ז. סעגאַלאָוויטש, וועלכער האָט די שטעטלדיקע טיפּן אָנגערופן נישט נאָר מיט זייערע אמתע נעמען, נאָר אַפילו מיט די צונעמען, וואָס זענען נישט אַלעמאָל געווען לשבח, גיכער לגנאי. פאַר סעגאַלאָוויטשן איז דאָס ראָמאַנטישע שטעטל ביי דער ווייסל געווען אַן אַנטפּלעקונג, אין שאַרפן קאָנטראַסט צו זיין היימשטאָט — דאָס אינדוסטריעלע, פאַ־רויכערטע ביאַליסטאָק.

זיין פּאָעטישן דעביוט האָט סעגאַלאָוויטש געמאַכט מיט אַ קליין ביכעלע, וואָס איז אין יאָר 1909 דערשינען אין לאָדזש מיט אַ באַמערקונג צום סוף, אַז די פּאָעמע איז געשריבן געוואָרן אין קוזמיר. דאָס איז געווען די באַלאַדע „רייזעלע דעם שוחטס", גע־בויט אויף אַן אמתער פּאַסירונג וועגן דער טאָכטער פון שטעטלדיקן שוחט, וועלכע האָט זיך דערטרונקען אין דער ווייסל, צוליב אַ צעשטערטער ליבע.

דאָס ערשטע גרעסערע פּאָעטישע ווערק, אין וועלכן סעגאַלאָוויטש האָט זיך אַנט־פּלעקט אַלס פּאָעט מיט אַן אייגענעם פּרצוף, איז אָבער געווען די פּאָעמע „קאַזשמעזש". סעגאַלאָוויטש האָט אַדאַפּטירט די פּויליש־פּאָלקסטימלעכע ווערסיע פון קאַזשימיעזש אַנשטאָט דעם אַלט־ייִדישן קוזמיר, וואָס שלום אַש האָט גענוצט.

אין „קאַזשמעזש" גייט דורך די פולע שטעטלדיקע פּאַנאָראַמע מיט די היסטאָרישע חורבות, די קלויסטערס און להבדיל די שול; די גאַלעריע פון טיפּן — נגידישע סוחרים, אויפגעקלערטע יונגעלייט און פאַרחלומטע מיידלעך און באַלעגאָלעס, טרעגערס און סאַדאָווניקעס. סעגאַלאָוויטש פילט זיך היימיש אין שטעטל, אָבער דאָך באַלאַנגט ער צו די געסט, וועמענס קומען איז אַ געשעעניש אין שטעטל:

און ווידער אין קאַזשמעזש, וואַרט, פורמאַן, געלאַסן.
די פערד דיינע פליען, ווי ווילדע פון באַרג,
און קינדער פיל לויפן מיר נאָך און באַגריסן
און שרייען: דער „פריץ", און פרייען זיך שטאַרק.
דער פריץ פאַרמאָגט אויף די וואָלקנס אַ פּאַלאַץ,
אין מערב־זייט הענגט דאָרט מיין גאָלדענעס הויז.
אויף דער ערד בין איך אָרעם, ווי אייערע טאַטעס,
כאָטש ניי איז מיין בגד און רייך זע איך אויס.

די פּאָעמע „קאַזשמעזש" האָט אָנגעשלאָגן גאָר פרישע טענער אין דער יידישער דיכטונג. עס איז געווען דער ברייטער אָטעם פון עפּישע שילדערונגען, אין וועלכע לעגענדע איז געוואָרן צונויפגעוועבט מיטווירקלעכקייט:



אין מאַרק                                                                                                       בשוק

איר קענט נישט דאָס שטעטל ? עס מעג אייך פֿאַרדריסן.
דאָ שוועבן און לעבן לעגענדעס אַ סך,
דאָ שפּיגלען אין טייך זיך פּיל בערג און פּיל סעדעו
דאָ ציט זיך צום הימל אַ שלאָס אָן אַ דאַך.
אין שלאָס האָט געלעבט ווען דער איידלסטער קעניג,
היינט קראַקען דאָרט קראָען פֿון לאַנג שוין, אויף לאַנג...
און אָפּטמאָל ביינאַכט פֿאַלט אין פּאַלאַץ אַ שטערן,
נאָר קיינער געפֿינט נישט דעם הימלס געשאַנק.
דאָ לעבט נאָך די אמתע יידישע פֿרומקייט
און שטאַרבט ווי די אוראַלטע דעמבע ביים וועג,
דאָ ווייזט זיך נאָך אָפּט אַ צעשראָקענע סאַרנע
און לויפֿט באַלד אַוועק מיט אַ גרעסערער שרעק.

טרויעריקע רעגונגען וועקט ביי דעם גרויסשטאָטישן גאַסט די איינזאַמע שול אין שטעטל, וואָס שטייט ווי פֿאַרלוירן צווישן די מעכטיקע, געמויערטע קלויסטערס. באַרוישט פֿון דער פּרעכטיקער נאַטור ראַנגלט זיך אָבער דער פּאָעט ביים אָנרופֿן אויף יידיש די בלומען און פֿייגל :

דריי קלויסטערס פֿון קאַזשמעזש און אַלע דריי זענען
מיט ביימער פֿאַרינגלט, מיט ביימער אַ סך ;
און אונדזער בית־תּפֿילה, להבדיל, שטייט איינזאַם,
פֿאַרוקט אין אַ ווינקל, צעבראָכן דער דאַך...
אַ ניגון אַ פּוילער פֿאַרשטאַרבט אין די ראַמען
פֿון אָפֿענעם פֿענצטער... איך גיי גיך פֿאַרביי.
דער ניגון באַגלייט מיך נישט ווייט מיט זיין טרויער,
ער ווערט באַלד צערונען אין זינגען פֿון מאַי.
ווי רופֿט מען די פֿייגל ? ווי הייסן די בלומען ?
עס האָט אונדזער שפּראַך נישט קיין נאָמען פֿאַר זיי.
באַשערט זיך צו פֿרייען אַזוי, ווי אַ שטומער,
אַזוי ווי אַ שטומער פֿאַרבאָרגן דער וויי.

זינט דאַן זענען סעגאַלאָוויטשעס לידער, פּאָעמען, דערציילונגען און ראָמאַנען, כסדר געווען דורכגעוועבט מיט שילדערונגען פֿון קוזמיר און זיין ליטווישער יידישער לשון איז אַלץ מער און מער דורכגעזאַפּט געוואָרן מיט דער פֿאַרביקייט פֿון פּוילישן יידיש.

דורך דעם סאַמע פּראָדוקטיווסטן פּעריאָד פֿון זיין שאַפֿן, ביז צום נאַצי־חורבן, איז

קוזמיר געווען נישט נאָר דער קוואַל פאַר סעגאַלאָוויטשעס ליטעראַרישער אינספּיראַציע, נאָר איז ממש פאַרוואַנדלט געוואָרן אין זיין ליטעראַרישן וואַרשטאַט. אין די זומער־חדשים פלעגט מען סעגאַלאָוויטשן זען ביי אַ טישל אויף דער גרויסער, אָפענער וועראַנדע פון בערענסעס רעסטאָראַן, ווי ער זיצט און „באַשרייבט" דאָס שטעטל, ענלעך ווי די מאָלערס אויפן מאַרק־פּלאַץ, וואָס האָבן ביי דער ווייסל און אין די געסלעך, מיט פּענזל און פאַרב פאַרפיקסירט די לאַנדשאַפט און די מענטשן פון שטעטל.

אין קוזמיר האָט סעגאַלאָוויטש אויפגעכאַפּט די ערשטע סימנים פון דער אויבער־פלעכלעכער אַסימילאַציע ביים יידישן בירגערלעכן עולם, וואָס האָט זיך געצוימען רייסן צו דער פוילישער קולטור און סביבה. ער האָט דאָס פון דער נאָענט אָבסערווירט ביי די יידישע בחורים און מיידלעך, וועלכע זענען געקומען קיין קוזמיר אין די זומער־חדשים — פון וואַרשע און אַנדערע גרעסערע שטעט אין פוילן.

קוזמיר איז געווען די פּריזמע, דורך וועלכער סעגאַלאָוויטש האָט געזען דאָס יידישע פוילן, אין פרייד און אין צער. אויך אין די יאָרן פון חורבן, ווען סעגאַלאָוויטש האָט זיך געפונען אויף זיינע וואַגלענישן איבער ליטע און רוסלאַנד, ביז ער האָט זיך דערשלאָגן קיין ארץ־ישראל, איז קוזמיר געווען דער ברען־פּונקט פון זיינע ווייטאָגדיקע ווי־זיעס און דער הינטערגרונט פאַר זיינע איובדיקע קלאָג־לידער. פון וואַנדער־וועג האָט דער פּאָעט געשיקט גרוסן צו זיינע יידישע און נישט־יידישע העלדן אין קוזמיר, וואָס ער האָט במשך פון העכער דריי צענדליק יאָר געשילדערט אין פאַרשידענע וואַריאַנטן, אין ליכט און אין שאָטן. מיט אַ טאָן פון טיפער נאָסטאַלגיע האָט ער זיי אַלע אָנגערופן מיט זייערע ריכטיקע נעמען:

דבורה, וואָס עלטערט זיך שוין אין געוועלבל,
סוכער, וואָס טרייבט פון די דערפער אַ קעלבל,
וועווטשען, דעם פורמאַן, מיין בעסטער פאַרערער,
יאַנעק דעם שיכור, דעם גאַסן־פאַרקערער.

נחום, דעם האַר פון די שיפלעך ביים וואַסער,
אַברהם־אַברעמל, דעם גראַמען פאַרפאַסער.
אַנדזשען, וואָס שפּרייזט אַזש קיין וואַרשע צופוסן —
אַלעמען, אַלעמען שיק איך זיי גרוסן.

זיין גרויסע חורבן־פּאָעמע „אַ בוים אין פוילן" האָט סעגאַלאָוויטש אָנגעהויבן מיט די שורות:

אין קאַזשמעזש, ביים וועג פון טשערניאַווע,
געגרינט האָט אַ שלאַנקע בעריאָזע...

עס איז געווען אַ מין צוריקקער צו דער פּאָעמע „קאַזשמעזש", ביים סאַמע אָנהייב פון זיינע פּאָעטישע רעגונגען אין קוזמיר, ווען אין די שטורמישע יאָרן, ערב די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן פון 1905, איז דאָס שטעטל אַלץ מער און מער געוואָרן אַ זומערדיקער צונויפטרעף פאַר דער פּוילישער און יידישער אינטעליגענץ.

## ערליך, גראָסער, דזשערזשינסקי

דאָס אידילישע קוזמיר ביים ברעג פון דער ווייסל, וואָס האָט זיך געפונען אָן אַ זייט פון באַן־שליאַך און דעם איבערוואַכונגס־אויג פון דער צאַרישער אָכראַנע, איז געוואָרן אַ זאַמלפּונקט פאַר יידישע און פּוילישע רעוואָלוציאָנערן. אין זומער פון יאָר 1902 האָבן אין קוזמיר צופעליק זיך באַגעגנט צוויי יידישע סטודענטן, וועלכע האָבן שפּעטער געשפּילט וויכטיקע ראָלן אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און בכלל אין די רעוואָלוציאָנערע קאַמפן קעגן צאַרישן רעזשים. דאָס זענען געווען הענריק ערליך, וועלכער האָט געשטאַמט פון אַ טראַדיציאָנעלער יידישער משפּחה אין לובלין, און בראָניסלאַוו גראָסער, אַ זון פון אַ פאַרפּוילישטער בירגערלעכער יידישער משפּחה אין וואַרשע.

הענריק ערליך האָט נאָר־וואָס געהאַט פאַרענדיקט די פּוילישע גימנאַזיע אין לובלין און איז געקומען קיין קוזמיר, כדי זיך אָפּצורוען ערב די אוניווערסיטעטס־עקזאַמענס. ווידער דער ייִנגערער בראָניסלאַוו גראָסער האָט אין קוזמיר פאַרבראַכט זיינע זומער־וואַקאַציעס צוזאַמען מיט אַ גרופּע יונגע פּוילישע רעוואָלוציאָנערן.

גראָסערס צופעליקע באַגעגענישן מיט הענריק ערליך, האָט אין אַ גרויסער מאָס דעצידירט וועגן זיין צוקונפטיקן לעבנס־וועג. דאָס האָט ערליך באַווירקט דעם אַסימילירטן גראָסער זיך צו דערנעענטערן צו דער יידישער סביבה. אין גיכן זענען זיי ביידע צוגעשטאַנען צום „בונד" און האָבן שנעל זיך אַרויסגערוקט ווי די טעאָרעטיקער און פירער פון דער דאָזיקער יידישער אַרבעטער־פּאַרטיי.

מיט קוזמיר זענען אויך פאַרבונדן די ערשטע רעוואָלוציאָנערע אַקטיוויטעטן פון איינעם פון די וויכטיקסטע פירער פון דער פּוילישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי (ס. ד. ק. פּ. ל.), פעליקס דזשערזשינסקי (יוזעף), וועמענס ברודער האָט געהאַט אַ קליינעם גוט אין דער געגנט. דזשערזשינסקי, דער שפּעטערדיקער הויפּט פון דער באָלשעוויסטישער „טשעקאַ", האָט אָרגאַניזירט שטרייקן אין די קוזמירער גאַרבערייען און אין די ביר־ברויערייען און צוקער־פאַבריקן פון די אַרומיקע פּריצישע הייף. ער האָט אויך איינגעשטעלט רעוואָלוציאָנערע קעמערלעך צווישן די סטודענטן און פּראָפעסאָרן אין אַגריקולטור־אינסטיטוט, וואָס האָט זיך געפונען אין גוט פון פירשט אַדאַם טשאַרטאָריסקי אין פּולאַוו.

דאָס זענען געווען פאַרברייטונגען פאַר אַ געפּלאַנטן באַוואָפנטן אויפשטאַנד, פאַר

וועלכן דזשערזשינסקי האָט באַוויזן צו ווערבירן נישט נאָר די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער און די סטודענטן פון אַגריקולטור־אינסטיטוט, נאָר אַפילו אַ גרופּע אָפיצירן אין מיליטערישן גאַרניזאָן אין פולאַוו.

אין די צוגרייטונגען צום באַוואָפנטן ווידערשטאַנד, האָבן זיך באַטייליקט עטלעכע צענדליק בחורים פון קוזמיר, בראש מיט העניעך זיידנער. די פאַרשווערונג איז געוואָרן אויפגעדעקט און אין קוזמיר זענען דורכגעפירט געוואָרן אַ גרויסע צאָל אַרעסטן. עטלעכע יידישע בחורים זענען פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר און די איבעריקע, צוזאַמען מיט העניעך זיידנער, זענען אַוועק קיין אַמעריקע.

## דער השכלה־פּעריאָד אין קוזמיר

דער שטורעם פון די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן האָט געבראַכט קיין קוזמיר עטלעכע משפחות פון יידיש־רוסישע אינטעליגענטן, וועלכע האָבן אין שטעטל אָנגע־טראָגן פרישע ווינטן און אָנגעהויבן דאָס פאַרשפּעטיקטע קאַפּיטל פון דער קוזמירער השכלה. צווישן זיי האָבן זיך באַזונדערס אַרויסגערוקט דריי משפחות, וועלכע האָבן אַריינגעבראַכט אַ נייעם עלעמענט אין דער סאָציאַלער סטרוקטור פון יידישן קוזמיר.

דאָס זענען געווען: סטאַניסלאַוו ליכטזאַן, דער ערשטער יידישער אַפּטייקער אין שטעטל; אַגראָנאָם לעווענשטיין, אַ געוועזענער פאַרוואַלטער פון בראָדסקיס ביר־ברויעריי



ההסתדרות הציונית — ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע

אין קיעוו, און חיים שענדעראָוויטש, דער אייגנטימער פון ערשטן ידישן פּענסיאָנאַט אין שטעטל, וועלכער האָט געהאַט אַ טיפע גייסטיקע השפּעה אויף דער שטעטלדיקער יוגנט.

ליכטזאַנס אַפּטייק האָט זיך געפונען אין דער „דאַנציקער קאָמעניצע" פון וועוויטשע בראָמבערג. פון דעם הויך־געוועלבטן סופיט איז אַראָפּגעהאָנגען אַ ריזיקער, זשומענדיקער בליץ־לאָמפּ — דער איינציקער פון דעם מין אין גאַנצן שטעטל — וואָס האָט אין די נעכט געוואָרפן לאַנגע פּאַסן ליכט אויפן מאַרק. אין שכנות האָט געוווינט דער שטאָטישער פעלדשער, מאָשקע באַרשטש, וועלכער האָט געשמט איבער דער גאַנצער געגנט ווי אַ ווונדער־רופא. צו זיינע פּאַציענטן האָבן באַלאַנגט אַלע פּריצים פון די אַרומיקע הייף און די רבנים פון די שכנותדיקע שטעטלעך.

לעווענשטיין האָט זיך באַזעצט אויף די בערג ווו ער האָט אויפגעשטעלט אַן עקספּערימענטאַלע אַגריקולטור־סטאַציע מיט אינספּעקטן אונטער גלאָז. ער האָט געהאָדעוועט עקזאָטישע פלאַנצן, בלומען און געקרייציקט פאַרשידענע פּירות. לעווענשטיין האָט צוזאַמענגעאַרבעט מיטן אַגריקולטור־אינסטיטוט אין פּולאַווו. עס פלעגן צו אים קומען פּראָפעסאָרן פון אינסטיטוט, וועגן וועלכע מען האָט אין שטעטל דערציילט, אַז זיי זענען פאַרשטעלטע רעוואָלוציאָנערן און אַז אין לעווענשטיינס היים ווערן אָפּגעהאַלטן געהיימע פאַרזאַמלונגען.

אַ באַזוך אין גאָרטן און אין דער פּרעכטיקער ווילע פון די לעווענשטיינס, איז געווען אַ טיפע איבערלעבונג פאַר די שטעטלדיקע ייִדן. דער הויך־וווקסיקער לעווענשטיין, וועלכער האָט גערעדט פּויליש מיט אַ רוסישן אַקצענט, איז געווען אַ צוגעלאָזענער, וואָרעמער מענטש. ער פלעגט פאַרפירן געשפּרעכן מיט די מיידלעך און בחורים, וועלכע האָבן בעת זייערע שבתדיקע שפּאַצירן אויף די בערג זיך אָפּגעשטעלט פאַר זיין גאָרטן און נישט איינמאָל האָט ער אויך דאָס יונגוואַרג איינגעלאַדן אויף דער וועראַנדע.

דאַקעגן פרוי לעווענשטיין — אַ דראָבנינקע מיט אַ הויכן קאָקס גרויע האָר פאַרפלאָכטן אויפן קאָפּ, איז אויפן ערשטן אויגנבליק געווען שטרענג און אַפילו אומפריינדלעך. זי האָט די בחורים באַפוילן אויסצוטאָן די היטלעך, ווי נאָר זיי האָבן באַטרעטן די שוועל פון דער וועראַנדע. זי האָט זיי געמוסרט פאַר דעם רעליגיעזן פאַנאַטיזם פון זייערע עלטערן, אָבער אין דער זעלבער צייט די באַזוכער מכבד־געווען מיט זעלטענע פּירות, וואָס מען האָט אין שטעטל קיינמאָל נישט געזען: פאַרזשיכעס, רענגלאָדן און טרוסקאַווקעס. זי פלעגט דעם יונגוואַרג אויך אויסלייען ביכער פון איר גרויסער ביבליאָטעק, די ווערק פון קראַשעווסקי, מיצקעוויטש און שיענקיעוויטש. דערביי האָט זי מיט שטאָלץ אונטערגעשטראָכן, אַז שיענקיעוויטש איז געווען אַ גאַסט ביי איר אין הויז.

די הויפּט אַטראַקציע אין לעווענשטיינס ווילע זענען געווען די פּראַכטפולע פּאַוועס אין אַ ריזיקער, דראָטענער שטייג. דערנעבן האָט זיך געפונען אַן אַלטמאָדישער ברונעם

מיט אַ הילצערנעם ראָד, אויפן פאָן פון קאַלירפולע בלומען און פרוכטנביימער — אַ לעבעדיקע אילוסטראַציע צו ביאַליקס ליד „יש לי גן ובאר יש לי״.

ליכטזאָן און לעווענשטיין האָבן זיך געהאַלטן ווייט פון ידישן עולם אין שטעטל. אַ גאַנץ יאָר האָבן זיי פּאַרקערט מיטן גלח, מיטן דאָקטאָר, מיט די לערער און די פּריצים פון דער געגנט. בלויז אין יום־כיפור זענען זיי געקומען אין שול אַריין, אָנגעטאָן אין שמאָלע טליתימלעך, וואָס די ייִדן אין קוזמיר האָבן קיינמאָל פריער נישט געהאַט געזען. דאָקעגן שענדעראָוויטש, וועלכער האָט אָפן מאַניפעסטירט זיין אַפּיקורסות, האָט גלייך ביי זיין אָנקום קיין קוזמיר גענומען זאַמלען אַרום זיך די שטעטלדיקע יוגנט און פאַר זיי אָנטפּלעקט די אויפגייענדיקע וועלט פון ציוניזם.

## די משפחה שענדעראָוויטש

בכלל האָט די שענדעראָוויטש־משפחה רעוואָלוציאָניזירט דעם איינגעפונדעוועטן טראַדיציאָנעלן ידישן לעבנס־שטייגער אין קוזמיר. די ערשטע מאָדערנע ידישע שול אין דער פוילישער שפּראַך און מיט אַ ברייטן פּראָגראַם פון העברעיש און ידישער געשיכטע, איז געשאַפן געוואָרן דורך די קינדער פון חיים שענדעראָוויטש, וועלכע האָבן



**הלווייתו של מייסד השומר הצעיר בקוזמיר, זיגמונד שנדרוביץ׳ (1919)**

**לוויה פונעם גרינדער פון השומר הצעיר אין קוזמיר, זיגמונד שענדעראָוויטש (1919)**

שטודירט אין ווארשע און אין פראג. די טרייב־קראפט איז געווען די עלטסטע טאכטער, סאניא, און איר יינגערער, פרי־פארשטארבענער ברודער, זיגמונט, וועלכער האט אין קוזמיר געשאפן אן אפטיילונג פון השומר־הצעיר — איינע פון די ערשטע „נעסטן״ פון דער ניי־אנטשטאנענער ראדיקאל־ציוניסטישער יוגנט־באוועגונג. די יינגסטע פון די שענדעראוויטשעס, פאלא, איז געווען די ערשטע חלוצה פון קוזמיר, וועלכע האט עולה־געווען קיין ארץ־ישראל און געווארן א מיטבויערין פון קיבוץ משמר־העמק.

די פרומע קוזמירער יידן האבן אין אנהייב געקוקט מיט אומצופרידנקייט אויף דער אלץ־וואקסנדיקער השפעה פון דער שענדעראוויטש־משפחה, וואס האט גענומען אראפ־פירן די יוגנט פון דרך־הישר... חיים שענדעראוויטש האט וועגן דעם געהאט שארפע וויכוחים מיט די שטעטלדיקע קנאים און דאס יונגוואַרג האט מיט הנאה זיך צוגעהערט צו די היציקע שמועסן אויפן מארק־פלאץ. דער יונגער עולם איז געווען באזונדערס שטאלץ דערמיט, וואס דער גלוח חיים שענדעראוויטש האט די קוזמירער לומדים פארשאטנט מיט זיינע קענטענישן פון תנ״ך.

אין דעם פעריאד ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה האבן די שענדעראוויטשעס א גאנץ יאר געלעבט אין ווארשע. בלויז אויף די זומער־חדשים זענען זיי געקומען קיין קוזמיר, ווו זיי האבן געהאט זייער פענסיאנאט אין די טשערניאוועס, אויף א בארגיקן שטח, פון וואנען עס האבן געשלאגן קוואלן פון מחיהדיק־פרישן וואסער, וואס איז געווען שניידיק־קאלט, אפילו אין די הייסטע זומער־טעג.

פאר דער קוזמירער יוגנט, איז דער פענסיאנאט פון די שענדעראוויטשעס געווען דאס ערשטע פענצטער צו וועלטלעכער יידישקייט און פוילישער קולטור, און דאס א דאנק די פראמינענטע פערזענלעכקייטן פון יידישן ווארשע, וועלכע האבן דארט פאר־בראכט זייערע וואקאציעס — שרייבער, קינסטלער, באוווסטע דאקטוירים, ציוניסטישע מנהיגים און אויך די אידעאלאגן פון דער קולטור־אסימילאציע.

עטלעכע אוונטן א וואך פלעגט חיים שענדעראוויטש געבן אומזיסטע לעקציעס פון העברעיש פאר א גרופע שטעטלדיקע בחורים און מיידלעך. ער האט אויך צונויפגע־בראכט די שטעטלדיקע יוגנט מיט די סטודענטן צווישן די געסט אין זיין פענסיאנאט, וועלכע האבן ארגאניזירט די ערשטע קורסן אין שטעטל.

ביי דער שטעטלדיקער יוגנט איז חיים שענדעראוויטש אויסגעוואקסן צו א סימבאל פון יידישן נאציאנאלן רענעסאנס. א סברא, אז ער האט אפילו געדרוקט העברעישע שירים אונטער א פסעוודאנים. דערביי האט מען זיך דערציילט אין שטעטל, אז ער איז גאר א נאענטער פריינד פון י. ל. פרץ. חיים שענדעראוויטש האט אפילו אימיטירט פרצן מיט זיינע פריצישע וואנסעס, לאנגע האר און שווארצער פעלערינע.

דער אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט צעריסן דאָס אָנגעהויבענע געוועב פון דעם וועלטלעכן לעבנס־שטייגער אין יידישן קוזמיר. פון אָט דער צייט הייבט זיך אויך אָן מיין געדענקען. די סאַמע ערשטע איבערלעבונגען, וואָס האָבן זיך איינגעקריצט אין מיין קינדערישן זכרון, זענען געווען די באָמבאַרדירונגען און דאָס פאַרשטעקן זיך אין קעלער; דאָס אומענדלעכע מאַרשירן פון די צאַרישע אַרמייען — ממש טאָג און נאַכט; דאָס בהלהדיקע פאַרהאַקן די טירן פון די געוועלבער, ווען פון פולאַווער וועג האָט זיך דערטראָגן דער אָפּהילך פון פערדישע קאָפּיטעס אויף די אויסברוקירטע קיזלשטיינער און פון מויל צו מויל איז געגאַנגען דאָס שרעק־וואָרט: „קאָזאַקן...״

אין אָט די שעהן פון פחד האָט איבערן שטעטל פּלוצים זיך צעטראָגן די נייעס, אַז בעת דעם דורכמאַרש פון די קאָזאַקן איז אויפן מאַרק אין קוזמיר אויף זיין ווייסן פערד געזעסן נישט קיין אַנדערער, ווי דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון די רוסישע אַרמייען, דעם צאַרס פעטער, ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, וועלכער האָט אַזוי אַרום מציל געווען דאָס שטעטל פון אַ זיכערן פּאָגראָם. צי ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש האָט זיך טאַקע דאַן געפונען אין קוזמיר, איז קיינמאָל נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן. די דאָזיקע מעשה געהערט אָבער צום קוזמירער נוסח פון פאַרוועבן ווירקלעכקייט מיט לעגענדע.

מיט דער דערנענטערונג פון פראָנט צום שטעטל, זענען די קוזמירער יידן געוואָרן עוואַקואירט. זיי זענען אָבער געקומען צוריק, ווי נאָר די עסטרייכישע אַרמייען האָבן באַזעצט די געגנט. אין קוזמיר האָט זיך דאַן אָפּגעשפּילט אַ נייער, רעאַלער וואַריאַנט פון דער אסתרקע־לעגענדע, ווען דער מיליטערישער קאָמענדאַנט פון פולאַווער ראַיאָן האָט זיך פאַרליבט אין דער שיינער טאָכטער פון אַ קוזמירער קצב. די שטרענגע פאַר־אָרדענונגען פון דער עסטרייכישער אָקופּאַציע־מאַכט זענען פּלוצים געוואָרן היבש פאַר־מילדערט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ לעבהאַפטער האַנדל און יידן האָבן צוריק גענומען אויפבויען זייערע חרוב־געוואָרענע הייזקעס.

אין אַ האַרבסטיקן פאַרנאַכט פון יאָר 1916, איז אָבער דאָס שטעטל פּלוצים אויפ־געטרייסלט געוואָרן פון אַ שרעקלעכער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט אין מיין קינדערישער פאַנטאַזיע זיך צונויפגעוועבט מיטן ביבלישן מבול און נחס תיבה. פּלוצים האָבן די גלאָקן פון אַלע דריי שטעטלדיקע קירכעס זיך צעקלונגען, ווי דאָס פלעגט געשען, ווען ס׳איז אויסגעבראָכן אַ שריפה. באַלד האָט זיך פאַרשפּרייט די שרעקלעכע ידיעה, אַז אויף דער ווייסל האָט זיך איבערגעקערט איינע פון חיים פּזשעוואָזשניקס קריפּעס. דאָס זענען געווען קוזמירער יידן, מענער און פרויען, וועלכע זענען געווען באַשעפטיקט ביים בויען מיליטערישע פאָרטיפיקאַציעס אויפן אַנדערן ברעג ווייסל, לעבן יונאַוויצע. כמעט יעדע

משפחה אין שטעטל האָט געהאַט איינעם אָדער צוויי מיטגלידער אין דעם דאָזיקן טראַנספּאָרט.

דאָס גאַנצע שטעטל, ממש קינד און קייט, מיט נאַפּט־לאָמטערנעס אין די הענט, האָט געאײַלט צום ברעג פֿון דער ווייסל. עס האָבן זיך צונויפֿגעמישט די פֿאַרצווייפֿלטע געשרייען פֿון די מענטשן אויפֿן ברעג און די הילכיקע אויסרופֿן פֿון די פֿישערס אין די שיפֿלעך, וועלכע זענען פֿון ביידע ברעגן געקומען צו הילף די זיך־טרינקענדיקע מענטשן.

צו האַלבער נאַכט זענען פֿון וואַסער אַרויסגעשלעפּט געוואָרן העכער הונדערט טויטע, פֿון צווישן די קרוב צוויי הונדערט פּאַסאַזשירן אויף דער קריפּע, וואָס האָט זיך איבערגעקערט פֿון איבערלאָדונג. די לאָמענטירנדיקע ייִדן זענען געלאָפֿן צווישן די מתים, וואָס זענען געלעגן אויסגעלייגט אויפֿן ברעג, נעבן עלבוימס ביר־ברויערײַ, כדי צו דערקענען זייערע נאָענטע. אַ וואָך צייט האָבן געדויערט די לוויות אין שטעטל. די טראַגישע פּאַסירונג איז פֿאַרשריבן געוואָרן אויפֿן לעצטן ליידיקן זייטל פֿון פֿאַרמעטע־נעם סידור.

אין אָט דער צייט האָבן אין דער דרויסנדיקער וועלט זיך אָפּגעשפּילט שטורמישע געשעענישן, וואָס האָבן אין קוזמיר געהאַט אַן אייגנאַרטיקן אָפּקלאַנג. דאָס איז געווען די פֿעברואַר־איבערקערעניש פֿון 1917 אין רוסלאַנד; די באַלפֿור־דעקלאַראַציע אין נאָוועמבער פֿון זעלבן יאָר, און דער ווידערגעבורט פֿון אומאָפּהענגיקן פּוילן — מיט אַ יאָר שפּעטער.

אויפֿן פֿילם פֿון מײַן זכרון זענען די אַלע דריי געשעענישן געבליבן ענג צונויפֿ־באַהאָפֿטן צווישן זיך, גלײַך ווי זיי וואָלטן זיך אָפּגעשפּילט אין איין און דער זעלבער צײַט. לעבעדיקע שילדערונגען וועגן צוזאַמענבראָך פֿון צאַרישן רעזשים האָבן אין שטעטל געבראַכט די לעוואָנשטיינס און די שענדעראָוויטשעס, וועלכע זענען ביים אויסברוך פֿון דער מלחמה אַוועק קיין רוסלאַנד.

די אַנטשטייאונג פֿון אומאָפּהענגיקן פּוילן האָט אַרויסגערופֿן געמישטע געפֿילן פֿון פֿרייד און שרעק ביי די שטעטלדיקע ייִדן. זיי האָבן זיך געפֿילט ווי דירעקטע מחותנים פֿון נייעם פּוילן, ווענענס ערשטע רעגירונג איז אַנטשטאַנען אין שכנותדיקן לובלין. די קוזמירער ייִדן זענען אָבער באַהערשט געוואָרן פֿון פּחד־געפֿילן, ווען אויף דער כוואַליע פֿון פּאַטריאָטישן ענטוזיאַזם, זענען אויפֿגעשווומען די טונקלסטע פֿאַרשוינען פֿון צווישן דער היימישער פּוילישער באַפֿעלקערונג. די שטעטלדיקע פּאָלאַקן, וועלכע האָבן אַנטוואָפֿנט די עסטרייכישע זשאַנדאַרן, האָבן גאַווהדיק פֿאַראַדירט איבערן מאַרק־פּלאַץ מיט די צוגענומענע ביקסן און געלאָזט פֿילן די ייִדן, אַז זיי זענען די נייע באַלעבאַטים פֿון שטעטל.

ווי די גרעסטע געשעעניש פֿון אָט דער שטורמישער צײַט, איז אין מײַן זכרון פֿאַר־

בליבן די חנוכה־פייערונג אין דער שול  אין ווינטער פון 1917, לכבוד דער באַלפור־דעקלאַראַציע. ווי אַ רמז אויף משיחס צייטן איז געווען דער פאַקט, וואָס נעבן דעם דראָבנינקן, גרייז־גרויען קוזמירער רב ר׳ חיים־לייב זילבערמינץ מיטן שווערן שטריימל אויפן קאָפּ, איז אויפן באַלעמער פון שול געשטאַנען חיים שענדעראָוויטש, אין אַ קאַפּעלוש מיט אַ גרויסן ראַנד און אַ ברייטער פּאַטישער שלייף.

מיט אַ ציטערדיקער שטימע האָט דער רב געמאַכט דעם שהחינו, אָנגעצונדן דאָס ערשטע חנוכה־ליכטל און דאַן, שפּעטשענדיק, גערעדט במשך פון אַ לענגערער ווײַלע. זײַנע ווערטער האָבן אָבער קוים דערגרייכט צום ריזיקן עולם. דערפאַר אָבער האָט אָפּגעהילכט די שטים פון חיים שענדעראָוויטש, וועלכער האָט אָנגעהויבן אין העברעיש און דערנאָך אַריבער אויף יידיש.

דער פאַרבליבענער איינדרוק פון זיין רעדע איז געווען, אַז דער חלום פון שיבת־ציון איז נאָענט און אַז יעדער ייד דאַרף מיט אַ ברייטער האַנט געבן פאַר גאולת־הארץ. פון דער ווייבערישער שול האָבן גלייך גענומען פאַלן גאָלדענע בראָשקעס, קייטעלעך און רינגלעך מיט דימענטן און די מענער האָבן אַוועקגעגעבן זייערע גאָלדענע און זילבערנע זייגערס. די גרויסע קערות, אין וועלכע מען פלעגט אין פּאַליש פון דער שול



בחירות לקונגרס הציוני

וואַלן צום ציוניסטישן קאָנגרעס

יעדן ערב יום־כיפור אַריינוואַרפן מטבעות פאַר דער שטעטלדיקער צדקה, זענען אין פאַרלויף פון אַ קורצער ווײַלע געוואָרן אָנגעפילט מיט זילבערנע און גאָלדענע חפצים.

זינט דאַן האָט דאָס שטעטל געוומען פיבערן מיט ציוניסטישע אַקטיוויטעטן פון אַלע שאַטירונגען — פון השומר־הצעיר ביז הנוער־הציוני און בית״ר; לינקע און רעכטע פועלי־ציון — ביז די רעוויזיאָניסטן און מזרחי. עס האָט אין קוזמיר קיינמאָל נישט עק־זיסטירט קיין „בונד״ און „אגודה״, אָדער בכלל וועלכע עס איז אַנדערע אַנטי־ציוניס־טישע אָרגאַניזאַציע.

**פרייהייט קעגן יידן...**

פאַר דעם קומענדיקן היסטאָריקער, וועלכער וועט פאָרשן די לעצטע פאַזע פון יידישן לעבן אין די הונדערטער יידישע שטעטלעך פון אומאָפּהענגיקן פּוילן צווישן בײדע וועלט־מלחמות, וועט קוזמיר זיין אַ רעטעניש, אָדער גאָר טאָקע דער באַראָמעטער פאַר די שטימונגען פון יאוש, וואָס האָבן פאַרכאַפּט די געמיטער פון יידן, גלייך ביים אָנהייב פון אומאָפּהענגיקן פּוילן.

עס איז מאָדנע, אַז גראָד אין קוזמיר, וואָס איז אין לעגענדע און ווירקלעכקייט געווען געקניפּט און געבונדן מיט דעם סאַמע אָנהייב פון טויזנטיאָריקן יידישן ישוב אין פּוילן און ווו דאָס צוזאַמענלעבן מיט די קריסטלעכע שכנים איז, מיט קליינע אויסנאַמען, געווען האַרמאָניש, איז די יידישע יוגנט גאָר פרי דורכגענומען געוואָרן מיט דעם חלוצישן דראַנג עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. דאָס באַקומען אַ סערטיפיקאַט איז אָבער געווען פּונקט אַזוי זעלטן, ווי אַ געווינס אויף דער לאָטעריע, און די מערהייט פון דער קוזמי־רער יוגנט — פּונקט ווי אין אַנדערע שטעטלעך — האָט דעם חלום וועגן עליה מיט־גענומען מיט זיך אין די גאַז־קאַמערן אַריין...

פון טיפן מיטלאַלטער ביז דער נייער צייט, האָט אין קוזמיר זיך אָפּגעשפּילט די פולע גאַמע פון פריינדלעכע באַציונגען און נגישות מצד די פּוילישע שכנים לגבי יידן. במשך פון יאָרהונדערטער האָט דאָמינירט דער פּאַראַדאָקס פון דיסקרימינאַציעס לגבי יידן, וואָס האָט זיין כאַראַקטער נישט פאַרלוירן אַפילו אונטערן קאָמוניסטישן רעזשים.

יעדעס מאָל, ווען פּוילישע מלכים האָבן אויסגעברייטערט די רעכט פון שטאָטישן מיטלשטאַנד, האָט די פּוילישע באַפעלקערונג די דאָזיקע פרייהייטן קודם כל גענוצט קעגן די יידישע באַלמעלאָכעס און סוחרים.

בלויז אין דער תקופה פון פּוילנס אונטערײאָכונג דורך די רוסישע צאַרן, האָט די ליבעראַלע פּוילישע אינטעליגענץ — דער עיקר אין גלות — גערעדט וועגן דער גורל־געמיינשאַפט פון יידן און פּאָליאַקן און גערופן צו אַ פאַרברידערונג און שותּפותדיקן קאַמף פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון פּוילן. ווי נאָר אָבער דער חלום פון אומאָפּהענגי־

קייט איז — נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה — געוואָרן פאַרווירקלעכט, האָט זיך איבערגעחזרט דער געשיכטלעכער רעפריין פון אויסנוצן די דעראָבערטע פרייהייטן קודם־כל קעגן די יידן.

דער פוילישער שכן, וועלכער איז ערשט נעכטן געוועזן אַזוי שטיל און הכנעהדיק, איז מיטאַמאָל געוואָרן דער חוצפּהדיקער, בייזער פּאָליציאַנט, דער דעה־זאָגער אין שטעטלדיקן מאַגיסטראַט, און דער יידישער קרעמער און באַלמעלאָכע האָט שנעל דערפילט, אַז ער ווערט דעגראַדירט צו דער מדרגה פון אַ צווייטראַנגיקן בירגער, וואָס מוז נאָך דערביי טראָגן די שווערסטע שטייער־לאַסטן.

די יידן אין די שטעטלעך, וועלכע האָבן זיך קוים גענומען אויסגראָבן פון אונטער די מלחמה־חורבות, האָבן מיטאַמאָל זיך געפונען אין אָנבליק פון אַ קאָנקורענץ־קאַמף מצד דעם נייעם קלאַס פוילישע הענדלער, וועלכע זענען געקומען מיט זייערע סטראַגאַנעס אויף די יאַרידן און געעפנט קרעמלעך אין שטעטל. די ענדעקיש־אַנטיסעמיטישע באָי־קאָט־לאָזונג „סוואָי דאָ סוועגאָ״ (אייגענע צו אייגענע) איז געוואָרן דערמוטיקט דורך דער יונגער פוילישער מאַכט.



קבוצת השומר הצעיר בהנהגת רחל קפלן

אַ גרופּע פון השומר הצעיר אונטער דער אָנפירונג פון רחל קאַפּלאַן

די יידן אין קוזמיר האָבן פון דעם דאָזיקן פוילישן שאָוויניזם געליטן פיל וויניקער, ווי אין אַנדערע שטעטלעך, ווייל אין קוזמיר האָט די גאַנצע באַפעלקערונג געלעבט כמעט אויסשליסלעך פון די זומער־געסט, וועמענס מערהייט איז באַשטאַנען פון יידן.

וועגן דעם פרידלעכן צוזאַמענלעבן פֿון די ייִדישע און פּוילישע שכנים האָט אויך עדות־געזאָגט דער פֿאַקט, וואָס אין קוזמיר האָבן פֿיל פּאָלאַקן גערעדט אַ פּליסיקן ייִדיש.

## די געפּלאַצטע אילוזיע

און דאָך האָבן אין קוזמיר, גלייך ביים אָנהייב פֿון דער אומאָפּהענגיקייט, גענומען פּלאַצן די אילוזיעס וועגן אַ ייִדיש־פּוילישער שותּפֿות. געקומען איז דאָס צוליב אַן אויסטערלישן עפּיזאָד, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין זומער פֿון יאָר 1918. אין אַ שבתדיקן פֿרימאָרגן, איז אויפֿן מאַרק־פּלאַץ אָנגעפֿאָרן אַן אויטאָמאָביל מיט עטלעכע ציווילע פּאָלאַקן, וועלכע האָבן זיך געפֿרעגט אויף וועוווטשע בראָמבערג. אין אויגנבליק האָט איבערן שטעטל זיך פֿאַרשפּרייט די ידיעה וועגן די שבתדיקע געסט און פֿאַר דער דאַנציקער קאַמיעניצע האָט זיך פֿאַרזאַמלט אַ גרויסער עולם.

עס האָט לאַנג נישט גענומען און די געהיימניספֿולע שליחים האָבן דעם שטעטלדיקן גביר מיטגענומען מיט זיך אין זייער אויטאָמאָביל און אַוועק פֿון שטעטל. דאָס האָט אויפֿגערודערט נישט נאָר די ייִדן, נאָר אויך די קריסטלעכע באַפֿעלקערונג. עס האָט זיך גלייך פֿאַרמירט אַ געמישטע דעלעגאַציע, וואָס איז נאָך דעם זעלבן טאָג אָפּגעפֿאָרן אין דער קרייז־שטאָט פּולאַווו, כּדי צו אינטערווענירן ביי דער מאַכט.

עטלעכע טעג שפּעטער איז וועוווטשע בראָמבערג געוואָרן באַפֿרייט און ריינגעוואַשן פֿון דער אָנקלאַגע, וואָס האָט אָבער אָנטפּלעקט דאָס פּרימיטיווע פּרצוף פֿון די נייע מאַכטהאָבער. די גראָטעסקע אָנקלאַגע, וואָס איז ווערט די פּען פֿון אַ גאָגאָל, האָט זיך גענומען פֿון אַ טעלעגראַמע צו וועוווטשע בראָמבערג פֿון דאַנציק. דער נאָמען „בראָמ־בערג" האָט אַרויסגערופֿן פֿאַרדאַכט ביים טעלעגראַפֿן־אַמט אין פּולאַווו, וועלכער האָט דאָס אינטערפּרעטירט ווי „אַ ייִדישע פֿאַרשווערונג" קעגן דער שטאָט בידגאָשטש אין פּאָמערן, וואָס האָט אונטער די דייטשן געהייסן בראָמבערג. דער טעלעגראַף־באַאַמטער האָט וועגן דעם מיטגעטיילט די מאַכט־אָרגאַנען, וועלכע האָבן גלייך ענערגיש געהאַנדלט.

ענלעכע עפּיזאָדן פֿון פֿאַרדאַכט און בלבולים אויף ייִדן, וואָס האָבן נישט אין איין פֿאַל זיך געענדיקט טראַגיש, זענען דאַן נישט געווען קיין זעלטנהייט אין דער ווידער־געבוירענער מלוכה, באַזונדערס בעת דער פּויליש־באָלשעוויסטישער מלחמה.

און דאָך האָט די פּוילישע אומאָפּהענגיקייט געבראַכט מיט זיך אַן אויפֿשוווּנג פֿון ייִדישן פּאָליטיש־געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, וואָס האָט אָנגעשפּאַרט אַפֿילו צו די קלענסטע, פֿאַרוואָרפֿנסטע שטעטלעך, טראָץ דעם עקאָנאָמישן באַרג־אַראָפּ פֿון דער ייִדישער באַ־פֿעלקערונג. אויף די מאַרק־פּלעצער און אין די בתּי־תּפֿילה זענען אָנגעגאַנגען היציקע וויכּוחים צווישן דעם אויפֿגעקלערטן יונגוואַרג, פֿון וועלכן עס האָט זיך גענומען אויס־קריסטאַליזירן דער אַקטיוו פֿון די פֿאַרשידענע פּאַרטיי־קרייזלעך, וואָס האָבן מיט זיך פֿאַרגעשטעלט דעם אָנשפּאַר פֿאַר דער וועלטלעכער ייִדישער קולטור.

פאַר די גראָשנס, וואָס מען האָט זיך אָפּגעשפּאָרט ממש פון מויל, האָט מען געדונגען בידנע לאָקאַלן אויף פאָלקס־שולן, אָוונט־קורסן און ביבליאָטעקן. די איינצלנע עקזעמ־פּלאָרן פון יידישע צייטונגען און זשורנאַלן, וואָס די מער־פּאַרמעגלעכע שטעטלדיקע יונגעלייט האָבן אַבאָנירט, זענען געגאַנגען פון האַנט צו האַנט. מען האָט זיך געאַמפּערט וועגן יעדן פּובליציסטישן אַרטיקל און אַריינגעטייטשט רמזים אין יעדער דערציילונג און ליד.

עס האָבן זיך פאָרמירט דראַמאַטישע קרייזן, ספּאָרט־קלובן, כאָרן און דער גרעסטער יום־טוב אין שטעטל איז געווען דער באַזוך פון אַ לעקטאָר פון דער שכנותדיקער גרעסערער שטאָט, ווייל נישט אַלע מאָל האָט מען זיך געקענט דערלויבן דעם לוקסוס פון ברענגען אַ רעדנער פון וואַרשע.

## אימפּראָוויזירטע זומער־פעסטיוואַלן

קוזמיר האָט זיך געפונען אין אַ באַזונדערס גינסטיקער לאַגע, צוליב די זומער־געסט — באַרימטע שרייבער, שוישפּילער, מאָלער און פּאָליטישע פירער — וועלכע האָבן יעדעס יאָר במשך פון עטלעכע חדשים פאַרוואַנדלט דאָס שטעטל אין אַן אַרענע



**תלמידות בית־ספר עממי יהודי עם המנהלת אוה פילמוס והמורה לעברית ביגלמן**
**שילערינס פון דער יידישער פאָלקס־שול מיט דער לייטערין עוואַ פילמוס און לערער בייגעלמאַן**

פון אימפּראָוויזירטע פעסטיוואַלן, קאָנצערטן, רעפּעראַטן, טעאַטער־פאָרשטעלונגען און אַפילו קונסט־אויסשטעלונגען, וואָס האָבן צוגעצויגן דאָס יונגוואַרג אויך פון די אַרו־מיקע שטעטלעך.

אומפאַרגעסלעך איז פאַרבליבן דער זומער, ווען די „ווילנער טרופּע" האָט אין קוזמיר געגרייט די אויפפירונג פון אַנסקיס „דיבוק", אונטער דער רעזשי פון דוד הערמאַן. די טרופּע איז איינגעשטאַנען אין שענדעראָוויטשעס פּענסיאָנאַט און דאָרט געמאַכט די פּראָבן אויף דער גרויסער וועראַנדע. דאָס שטעטלדיקע יונגוואַרג האָט זיך פאַרשטעקט הינטער דער וועראַנדע, כדי צו זען די פּראָבן פון אַנסקיס ווערק. די עקזאַל־טירטע בחורים און מיידלעך האָבן אַרויסגעטראָגן דעם איינדרוק, אַז נח נאַכבוש, וועלכער האָט געשאַפן די קלאַסישע קרעאַציע פון משולח, האָט די דאָזיקע מיסטישע געשטאַלט מאָדעלירט לויט דעם שטעלדיקן פּרוש, אהרן דעם שוחטס.

דער פּערזענלעכער קאָנטאַקט מיט די באַרימטע זומער־געסט האָט געהאַט אַ טיפע ווירקונג אויף דער יידישער יוגנט אין קוזמיר. אַפילו דער עלטערער עולם האָט זיך געפילט היימיש מיט דער קינסטלערישער באָהעמע, פאַזירט פאַר די מאָלער און נישט געהאַט דעם מינדסטן פאַריבל, ווען זיי האָבן זיך דערקענט אין די דערציילונגען און פעליעטאָנען פון די יידישע שרייבער.

בלויז איין מאָל איז שיער נישט געקומען צו אַ סקאַנדאַל, ווען ז. סעגאַלאָוויטש האָט אין אַ סקיצע רעאַליסטיש געשילדערט אַן אמתע ראָמאַנטישע פּאַסירונג מיט וועוועטשעלע באַלעגאָלע, אָדער „פּיאַק" (שיכור), ווי מען האָט אים גערופן אין שטעטל. דער היציקער וועוועטשעלע האָט געסטראַשעט, אַז ער וועט סעגאַלאָוויטשן אָנברעכן די ביינער, ווי נאָר ער וועט קומען קיין קוזמיר. ביי דער ערשטער באַגעגעניש מיט סעגאַלאָוויטשן, איז אָבער וועוועטשעלעס כעס געוואָרן אָפּגעקילט און ער האָט זיך אַפילו האַרציק צעלאַכט, ווען סעגאַלאָוויטש האָט אים אָנגעבאָטן אַ „פּינפּאונצוואַנציקער", אַז ער זאָל אים באַשרייבן...

## די אסתרקע־ליטעראַטור

די היימישקייט מיט די קינסטלער און שרייבער, וועלכע זענען אין די זומער־חדשים געקומען קיין קוזמיר, האָט סטימולירט די פאַנטאַזיע פון די טוריסטישע וועגווייזער אין שטעטל און פון יאָר צו יאָר האָבן זיי אויסגעברייטערט דעם רעפּערטואַר פון די מעשיות און אַנעקדאָטן אַרום דער געשיכטע פון אָט דעם אַלטן פּוילישן ישוב. דער צענ־טראַלער מאָטיוו אין זייערע אימפּראָוויזאַציעס איז געווען די אסתרקע־לעגענדע. אויף דעם דאָזיקן געביט האָבן זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט די צווי יאַנקלס — יאַנקל שוואַרצמאַן און יאַנקל גאָלדפאַרב, וועמען מען האָט גערופן ביי זייערע צונעמען: „פּאַק־טאַר" און „יאַפּאַנטשיק".

דער צונאָמען „פאַקטאָר" האָט געהאַט צו טאָן מיט יאַנקל שוואַרצמאַנס נעבן־באַ־רוף — מעקלעריי, און דער צונאָמען „יאַפּאַנטשיק" האָט געשטאַמט פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה, ווען אין די וויכּוחים צווישן די שטעטלדיקע פּאָליטיקער האָט יאַנקל גאָלדפאַרב מיט ברען פאַרטיידיקט יאַפּאַן.

אָט די צוויי „פּראָפעסיאָנעלע" יידישע וועגווייזער איבער די היסטאָרישע פּלעצער אין קוזמיר האָבן גערעדט אַ ווונדערלעכן פּויליש, וואָס האָט איבערראַשט נישט נאָר סתם טוריסטן, נאָר אַפילו פּוילישע שרייבער, וועלכע האָבן באַוווּנדערט די אידיאָמאַ־טישע פאַרביקייט פון זייער לשון. דערביי איז געווען פאַרשידן דער נוסח פון די מעשיות, וואָס זיי האָבן דערציילט.

דער עלטיטשקער יאַנקל פאַקטאָר, אַ מיטלוווּקסיקער, מיט אַ פאַרפּוצט גרוי בערדל און פּענסנע, פאַרהאַנגען אויף אַ שוואַרץ שנירל, האָט מיט גרויס ערנסט געשילדערט די ביינאַכטיקע נסיעות פון קיניג קאַזשימיעזש קיין באָכאָטניצע, וואו אסתרקעס פּאַלאַץ האָט זיך געפונען אויף אַ באַרג ביים ברעג פון דער ווייסל. אין אַן ערנסטן טאָן, גלייך ווי עס וואָלט זיך טאַקע געהאַנדלט וועגן אַ היסטאָרישן פאַקט, האָט יאַנקל פאַקטאָר פאַרזי־כערט, אַז דער „גוטהאַרציקער קיניג פון די פויערימלעך" („דאָבראָדושני קרול כלאָפּ־קוּאוו") האָט זיינע יידישע גאָלדשמידן פון שפּאַניע באַפוילן צו מאַכן די גאָלדענע פעדים, מיט וועלכע אסתרקע האָט אויסגעהאַפטן דאָס פּרוכת פאַר דער קוזמירער שול.

דאַקעגן דער יינגערער יאַנקל יאַפּאַנטשיק, אַ הויכוואוקסיקער, מיט אַ געדיכט־געקרייזלטער שוואַרצער באָרד און שעלמיש־קלוגע אויגן, וועלכער איז פון דער נאַטור געווען אַ לץ, האָט זיינע מעשיות באַווירצט מיט שילדערונגען וועגן די כשרע יידישע מאכלים, „טשאָלנט און געפילטע פיש", וואָס אסתרקע האָט געגרייט פאַרן קיניג קאַזשי־מיעזש דעם גרויסן...

דער דאָזיקער וויציקער עפּיזאָד פון יאַנקל יאַפּאַנטשיקס „מגילת אסתר" האָט אין „פאָלקס־פּוילן" אויפגעטויכט אין אַ פּראַגמאַטישן גלגול, ווען דער קאָמיסאַר פון דער סאָציאַליזירטער ווירטשאַפט אין יידן־ריינעם קוזמיר, האָט איינגעשטעלט אַ קאָאָפּע־ראַטיוון רעסטאָראַן אין דער געוועלבטער קראָם, וואָס האָט באַלאַנגט צום שטעטלדיקן גביר שיע פרידמאַן. דער רעסטאָראַן האָט באַקומען דעם נאָמען „עסטערקאַ" און אַלס פּערמאַנענטע ספּעציאַליטעט אויפן שפּייז־צעטל זענען אויסגעשטעלט געוואָרן צוויי מאַכלים „ריבאַ פּאָ זשידאָווסקו" (געפילטע פיש) און „טשאָלענט".

חוץ די טוריסטישע וועגווייזער האָט די אסתרקע־לעגענדע אויך געוועבט דער קוזמירער שניידער לייביש געצעלעס — אַ נידעריק, דראָבנע יידעלע מיט אַ לאַנגער באָרד, אַ מין לעבעדיקע פאַרקערפּערונג פון דעם אַנעקדאָטישן יידעלע פון די אַזוי־גע־רופענע „ארץ־ישראל־ניסלעך". ביזן לעצטן יאָר פאַר זיין טויט, האָט לייביש געצעלעס

יעדן פורים אויפגעפירט די „קוזמירער אסתר המלכה״, וואָס ער אַליין האָט פאַרפאַסט און אויך געשפילט די ראָל פון קיניג קאַזשימיעזש.

פון מיינע גאָר פריע קינדער־יאָרן איז מיר פאַרבליבן לעבעדיק אין זכרון די סצענע פון דעם דאָזיקן פורים־שפיל, ווען דער קליינטשיקער לייביש געצעלעס איז פלוצים דערשינען ווי אַ ריז אויף הויכע אונטערגעבויטע שטיוול, און אסתרקע, וועלכע איז גע־שפילט געוואָרן דורך אַ בחור, האָט דעם קיניג באַוויזן דאָס גאָלדענע פרוכת, וואָס זי האָט געהאַט אויסגעהאַפטן פאַר דער קוזמירער שול.

די פאַרשטעלונג איז פאָרגעקומען אין וועווטשע בראָמבערגס סאַלאָן, וואָס איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט מענטשן. און בעת דער פאַרשטעלונג איז דאָס פרוכת אַרויסגענומען געוואָרן פון דעם גרויסן הילצערנעם קופערט, ווו עס איז געווען באַהאַלטן אַ גאַנץ יאָר, און בלויז אין די ימים־טובים האָט עס באַצירט דעם אָרון־קודש פון דער שול.

דער פורים־שפיל פון לייביש געצעלעס איז געהאַט פאַרשריבן געוואָרן דורך דעם ערשטן שטעטלדיקן סטודענט, חיים זיסקינד, וועלכער האָט צוליב אַ דורכגעפאַלענער ליבע איבערגעריסן זיין שטודיע אין וואַרשע און זיך אָפּגעשלאָסן מיט זיינע ביכער אין אַ צימער, הינטער דער גרויסער שפייז־קראָם פון זיינע עלטערן. אין שטעטל האָט מען דערציילט, אַז חיים זיסקינד שרייבט די געשיכטע פון אסתרקע און איר קעניגלעכן געליבטן און אַז ער האָט וועגן דעם אָנגעזאַמלט אוצרות מיט דאָקומענטן און ביכער.

שוין נאָכן טויט פון לייביש געצעלעס, וועלכער איז געשטאָרבן אין עלטער פון איבער הונדערט יאָר, האָב איך ביי חיים זיסקינד געלייענט די געגראַמטע דיאַלאָגן פון דעם מערקווירדיקן פורים־שפיל. איך בין דאַן געהאַט געקומען צו אים מיט מיינע ערשטע פּאָעטישע פּראָבעס, וואָס זענען פאַר אים געווען אַן איבעררראַשונג. דער שטענדיק־פאַר־כמורעטער ביכער־וואָרעם איז פלוצים געוואָרן אויפגעהייטערט און ער האָט פאַר מיר אַנטפּלעקט זיין סוד וועגן דער אסתרקע־געשיכטע, וואָס ער קלייבט זיך צו שרייבן. ער האָט מיר געוויזן גרויסע פאָליאַלן מיט היסטאָרישע כראָניקעס, אַלטע צייטשריפטן און קאַלענדאַרן, ווי אויך לאַטייניש טעקסטן, וואָס ער האָט קאָפּירט אין די אַרכיוון. ווי אַ יקר־המציאות האָט ער מיר געוויזן אַ דין העפטל אין יידיש. דאָס איז געווען שמ״רס אַ דערציילונג וועגן אסתרקען — „די יידישע קיניגין״.

ביים שרייבן די דאָזיקע כראָניק האָב איך שמ״רס דערציילונג ווידער אַמאָל איבער־געלייענט פון אַ מיקראָפילם אין דער ניו־יאָרקער שטאָט־ביבליאָטעק. די צעדריוולטע זייטלעך פון דעם העפטל, וואָס זענען איינגעפרוירן געוואָרן אויף דער פילם־טאַשמע, האָבן אויף מיר געמאַכט דעם איינדרוק פון אַרכעאָלאָגישע איבערבלייבענישן נאָך אַ פאַר־שווונדענער תקופה, הגם אויפן שער פיגורירט די דאַטע פון יאָר 1884, ווען דאָס ביכל איז דערשינען אין וואַרשע.

שמ״ר באַצייכנט דעם חיבור, ווי "איין וואהרער ראָמאַן, געגרינדעט אויף היסטאָרישע

פאַקטען״ און אין דער הקדמה שטרייכט ער אונטער, אַז אַזאַ פאַל קען זיך טרעפן איין מאָל אין טויזנט יאָר, אַז אַ גרויסער קיניג זאָל הייראַטן „מיט אַ געמיינעם (!) מעדכען פון אַ פאַרהאַסט, פאַראַכטעט פאָלק״. אָנהאַלטנדיק דעם דאָזיקן נוסח פון אַ „וואַהרען ראָמאַן״, הייבט די דערציילונג זיך אָן מיט אַ גענויער דאַטע:

„דאָס וואַר אין 1343, אין חודש ניסן, ערב פסח...״ אין איינקלאַנג מיט דער פאַרשפרייטער פאָלקס־לעגענדע רעדט שמ״ר וועגן אסתרקעס פאָטער, רפאל, ווי וועגן אַן אָרעמען שניידער, אַ מטופל מיט זעקס קינדער און די צוואַנציק־יאָריקע אסתרקע, די עלטסטע פון די קינדער, ווערט געשילדערט אויפן פאָלגנדיקן אופן: „שלאַנק און זאַנפט, מיט צוויי וואַנגען, ווי צוויי בליענדע רויזן״.

שמ״ר שילדערט דעם ערשטן באַזוך פון אסתרקעס עלטערן ביי זייער טאָכטער אין פּאַלאַץ און פּאַראַפראַזירט דעם ביבלישן עפּיזאָד פון דער באַגעגעניש צווישן יוסף און זיינע ברידער אין קיניגלעכן פּאַלאַץ אין מצרים: „יאָ, דאָס בין איך אייער טאָכטער, אסתר... איך וויל זאָגן ווי אַמאָל יוסף: גאָט האָט מיך געשיקט אַהער, גוט צו טאָן מיין פאָלק״.

די „היסטאָרישע פאַקטן״ וועגן דער „יידישער קיניגין״ האָט שמ״ר, אַפּנים, געשעפּט פון דער „געשיכטע פון יידישן פאָלק״ פון פּראָפ. היינריך גרעץ, וואָס איז אין יאָר 1875 דערשינען אין דייטש און איז גלייך איבערגעזעצט געוואָרן אין פאַרשידענע אייראָפּעישע שפּראַכן, איינגעשלאָסן רוסיש. אין דעם דאָזיקן עלפבענדיקן ווערק פון דעם ערשטן מאָדערנעם גרויסן יידישן היסטאָריקער, איז געבראַכט געוואָרן די פּאָפּולערע ווערסיע וועגן אסתרקע פון אָפּאָטשנע, דאָס יידישע ווייב פון קיניג קאַזשימיעזש דעם גרויסן, וועלכער האָט פאַר איר אויפגעבויט אַ פּאַלאַץ אין באָכאָטניצע, אין שכינות פון זיין זומער־רעזידענץ אין קוזמיר. לויט דער דאָזיקער ווערסיע האָט אסתרקע דעם יידןפריינדלעכן קעניג געבוירן צוויי זין, ניעמיעזש און פּעלקאַ, וועלכע זענען דערצויגן געוואָרן אַלס קריסטן, און צוויי טעכטער, וועמען די מוטער האָט געגעבן אַ יידישע דערציאונג. גרעץ באַמערקט אָבער, אַז עס זענען נישטאָ קיין פעסטע דאָקומענטאַלע באַווייזן, וואָס זאָלן באַשטעטיקן דעם אסתרקע־עפּיזאָד.

דער צווייטער גרויסער יידישער היסטאָריקער, פּראָפעסאָר שמעון דובנאָוו, האָט אין זיין „וועלט־געשיכטע פון יידישן פאָלק״ איבערגעחזרט די זעלבע ווערסיע, איינגעשלאָסן די פּרטים וועגן אסתרקעס כלומרשט־ביטערן גורל נאָכן טויט פון קיניג קאַזשימיעזש דעם גרויסן, ווען אונטער דער קורץ־דויערנדיקער הערשאַפט פון קיניג לודוויק פון אונגאַרן, האָבן יידן אין פּוילן דורכגעמאַכט אַ פּעריאָד פון נייע גזירות.

די אסתרקע־לעגענדע האָט אויך פאַרכאַפּט די פאַנטאַזיע פון צוויי מאָדערנע יידישע פּאָעטן — ש. י. אימבער און אהרן צייטלין. אימבערס פּאָעמע „אסתרקע״ (דערשינען אין יאָר 1918, אין ברין, עסטרייך), איז אַ שפּילעוודיקע באַלאַדע מיט בולטע איינ־

פלוסן פון יוליוש סלאָוואַצקי. ביי אימבערן איז אסתרקעס פאָטער אַ שמיד, נישט קיין שניידער. אימבערס פּאָעמע איז פול מיט טראַגישע אַקצענטן און איז בכלל אַן אָפּווייכונג פון דעם זיסלעכן שאַבלאָן וועגן אידילישן פאַרלויף פון דער קיניגלעכער ליבע. אסתרקעס מוטער דערטרינקט זיך אין ווייסל, צוליב דער פאַרשווונדענער טאָכטער, און קיניג קאַזשימיעזש ווערט דערהרגעט בעת אַ יאַגד אויפן זעלבן אָרט, וואו ער האָט געהאַט צום ערשטן מאָל באַגעגנט אסתרקען, און אַ פאַרכישופטער פון איר שיינקייט זי מיטגענומען מיט זיך אין פּאַלאַץ אַריין.

אהרן צייטלינס „אסתרקע און קאַזשימיעזש דער גרויסער”, וואָס איז דערשינען אין יאָר 1932 אין וואַרשע, איז דאָס איינציקע סצענישע ווערק אין דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור אויף דער דאָזיקער טעמע. אין דער פּוילישער שפּראַך האָט דער אסתרקע־מאָטיוו באַקומען אַ סצענישן לבוש אין דער דראַמאַטישער פּאָעמע „זשידזשי” („יידן”) פון קאַזשימיעזש גלינסקי, דערשינען אין 1901. דער לייטמאָטיוו אין גלינסקיס ווערק איז די טאָלעראַנץ מצד דעם קיניג קאַזשימיעזש לגבי די יידן און זיין באַקעמפן די בלבולים, וואָס זענען דאַן געוואָרפן געוואָרן אויף יידן, אַז זיי זענען שולדיק אין די מגפות. דער מחבר לייגט אַריין אין אסתרקעס מויל די פּאַטעטישע ווערטער:

עס האָט דער קיניג מיר זיין האַרץ געגעבן
און מיטן האַרץ — טויזנט גנאָדן פאַר ישראל.

דער היסטאָרישער פאַקט וועגן וואַרפן אויף יידן די שולד פאַר מגיפות, צוליב פאַרסמטע ברונעמער, קומט אויך צום אויסדרוק אין דער דראַמע פון אהרן צייטלין, וואָס איז, אין ווינטער 1939 אויפגעפירט געוואָרן אין „יידישן קונסט־טעאַטער” אין ניו־יאָרק דורך מאָריס שוואַרץ. דאָס דאָזיקע שטיק אין פיר אַקטן, געשריבן אין מעטרישער פּראָזע, ווערט דורך דעם מחבר באַצייכנט, ווי אַ „יידיש־פּוילישע מיסטעריע”. דער אסתרקע־מאָטיוו ווערט אַרויסגעבראַכט אויף אַ ברייטער, געשיכטלעכער קאַנווע, זינט דעם באַגינען פון יידישן ישוב, ווען עס האָט זיך פאַרוועבט די לעגענדע, אַז דער נאָמען „פּוילן” האָט זיך גענומען פון דעם סימבאָלישן זאָג פון די יידישע וואַנדערער „פּה־לין” — דאָ וועלן מיר איבערנעכטיקן. אָט דער לייטמאָטיוו חזרט זיך איבער אין צייטלינס מיסטעריע.

נעבן די געשטאַלטן פון קיניג קאַזשימיעזש און אסתרקע — פּוילישע נאָטאַבלען, אַ רב, די הויף־יידן פון מלך חסד — ווערט אַרויסגעפירט די סימבאָלישע געשטאַלט פון אַהאַסווער („וועלט־פאַנטאָם”) און די שאָטנס פון אַדאַם מיצקעוויטש און י. ל. פּרץ. אין צייטלינס קאָנצעפּציע איז אסתרקעס פאָטער געווען אַ קרעטשמער.

עס איז מערקווירדיק, אַז די לעגענדע וועגן פּה־לין האָט אהרן צייטלין סצעניש אויפגעלעבטביים אויפשטייג פון נאַצישן געשפּענסט, וואָס האָט קוים עטלעכע יאָר שפּע־

טער גורם געווען דעם חורבן און דעם סוף פון יידישן „איבערנעכטיקן" אויף דער פוילישער ערד.

## ערב דעם חורבן

אין לעצטן יאָרצענדליק פאַר דער קאַטאַסטראָפע, האָט אויף דער קוזמירער מיניאַטור־אַרענע זיך אָפּגעשפּילט כמעט די פולע גאַמע פון יידישער געזעלשאַפטלעכער אַקטיוויטעט אין פוילן — טראָץ דעם עקאָנאָמישן באַרג־אַראָפּ פון שטעטל און דער אומברחמנותדיקער שטייער־שרויף. אַ באַראָמעטער פאַר דער וואַקסנדיקער נויט און דער ירידה פון די אַמאָליקע שטעטלדיקע גבירים, איז געווען די קאָאָפּעראַטיווע באַנק, ווו דער פאַרוואַלטער, שאול פרידמאַן, אַליין אַ זון פון אַן אָפּגעקומענעם שטעטלדיקן גביר, האָט נישט אויפגעהערט צו אַלאַרמירן די צענטראַלע אין וואַרשע וועגן פאַרגרעסערן די הלוואות, וואָס ער האָט די שטעטלדיקע יידן גאַנץ אָפט געגעבן אויף אייגענער אחריות — קעגן די איינגעשטעלטע ביוראָקראַטישע תקנות.

די באַנק איז פאַר שאול פרידמאַן געווען אַ גוטער אָבסערוואַציע־פּונקט פאַר די טאָגטעגלעכע גראַנגלעניש פון די שטעטלדיקע יידן, וואָס ער האָט פאַראייביקט אין דעם ראָמאַן „די מענטשן פון גאַדלבאָזשיץ". צום שרייבן דאָס דאָזיקע ווערק איז דער קוזמי־



קן השומר הצעיר (1920)

רער תושב דערמוטיקט געוואָרן דורך דעם פּאָעט, קריטיקער און באַרימטן איבערזעצער שלמה שיינבערג פון שכנותדיקן פּולאַווו, וועלכער האָט די דאָזיקע מיטעלע פּראָווינץ־שטאָט ביי דער ווייסל, קוים צען מייל פון קוזמיר, פאַרוואַנדלט אין אַ וויכטיקן יידישן ליטעראַרישן צענטער.

אין לעצטן יאָרצענדליק ערב דער קאַטאַסטראָפע, ווען דאָס יידישע פאַרלאַגס־וועזן האָט דורכגעמאַכט אַ שווערן קריזיס, האָט שלמה שיינבערג אין פּולאַוו אַנטוויקלט אַ דינאַמישע פאַרלאַגס־טעטיקייט און אַרויסגעפירט אַ ריי נייע, באַגאַבטע שרייבער. שיינבערגס אַנטאַגאָניסטן האָבן זיין פאַרמעסט מיט וואַרשע פּרובירט מינימיזירן מיט דער איראָנישער באַצייכענונג „די פּולאַווער אַקאַדעמיע“.

אין יאָר 1936 איז אין שיינבערגס „יידישע אוניווערסאַל־ביבליאָטעק“ דערשינען דער גרויסער ראָמאַן פון דעם 33־יאָריקן שאול פרידמאַן, וועלכער האָט זיין ליטעראַרישן דעביוט געמאַכט אונטערן פּסעוודאָנים פון לייב ראַשקין. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער איז שאול פרידמאַן דערמאָרדעט געוואָרן דורך די נאַציס.

זיין ראָמאַן „די מענטשן פון גאָלדבאָזשיץ“ איז בלי ספק דאָס אָריגינעלסטע פּראָזע־ווערק אין יידיש, וואָס איז דערשינען אין פּוילן פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. אין דעם ווערק גייט אַדורך אַ רייכע גאַלעריע פון אויטענטישע קוזמירער יידישע טיפּן אונטער פאַרשטעלטע נעמען, מיט אַלע זייערע ליכט־ און שאָטן־זייטן און משפחה־קאָנפליקטן, וואָס האָבן אָפּט אָפּגעהילכט אין די געסלעך פון שטעטל.

אין די לעצטע יאָרן פאַרן חורבן איז דער קוזמירער מאַרק־פּלאַץ אַלץ מער און מער געוואָרן אַ טרעף־פּונקט פאַר יידישע שרייבער און די טיף־אַסימילירטע יידיש־פּוילישע שרייבער, וועמענס ראָל אין דער פּוילישער ליטעראַטור איז כסדר געוואַקסן. אין וואַרשע, קראָקע אָדער לאָדזש זענען זיי געווען אָפּגעפּרעמדט צווישן זיך און האָבן געלעבט אין באַזונדערע וועלטן, אָבער אין קוזמיר האָט מען אויף דער וועראַנדע פון בערענס׳ רעסטאָראַן, אָדער אונטער די סטיליזירטע הילצערנע דעכלעך פון די ברונעמס אויפן מאַרק, געקענט טרעפן משה בראָדערזאָן און יוליאַן טובים זיך דערציילן אַנעקדאָטן, אָדער ז. סעגאַלאָוויטש אין אַ וויכוח מיט אַנטאָני סלאָנימסקי וועגן יידישער אַסימילאַציע.

אין קוזמיר האָבן זייער מוזע אויך געזוכט די אַוואַנגאַרד־פּאָעטן אַנאַטאָל שטערן און אַדאָם וואַזשיק. ווי אַ קוזמירער תושב איז באַטראַכט געוואָרן דער הויך־טאַלאַנטירטער פּראָזאַיקער אַדאָלף רודניצקי, אַן אָפּשטאַמלינג פון אַן אַלטער חסידישער משפּחה אין גאַליציע, וועלכער האָט אין זיינע ערשטע דערציילונגען און ראָמאַנען אויסגעמיטן וועלכע עס איז אידענטיפיקאַציע מיט יידן. אין קוזמיר פלעגט ער אָבער אָפט קומען צום דאַווענען אין די חסידים־שטיבלעך.

אין די לעצטע יאָרן זענען אין קוזמיר אַלץ זעלטענער געוואָרן די באַזוכן פון פוילישע שרײַבער, נישט־יידן, וועלכע האָבן זיך אַריבערגעטראָגן אין אַנדערע אָפּרו־ערטער, ווי דאָס שכנותדיקע נאַלענטשאָוו, אָדער סאַנדאָמיעזש. אין קוזמיר האָט אָבער איר שטענדיקע זומער־היים געהאַט די שרײַבערין מאַריאַ קונצעוויטש, אין וועמענס דערציילונגען און ראָמאַנען עס זענען פאַראַן פיל יידישע העלדן, וואָס זי האָט געשילדערט מיט גרויס וואַרעמקייט.

אין די פריִע דרײַסיקער יאָרן האָט מאַריאַ קונצעוויטש פאַרעפנטלעכט אַ באַנד סקיצן וועגן קוזמיר „צווײ לבנות", וואָס איז דערשינען אין צאָלרײַכע אויפלאַגעס און איז אויך באַנײַט געוואָרן אין קאָמוניסטישן פּוילן אין יאָר 1960, ווען מאַריאַ קונצעוויטש האָט זיך שוין געהאַט באַזעצט אין אַמעריקע.

אין קרעפּטיקער, לירישער פּראָזע מיט גראָטעסקע אונטערטענער שילדערט מאַריאַ קונצעוויטש יידישע און פּוילישע טיפּן אין שטעטל און אויך די זומער־געסט, וועלכע האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ באַזונדערע וועלט. מיט אמתער ליבשאַפט רעדט מאַריאַ קונצעוויטש וועגן די קוזמירער יידן, אָבער מיט דער גאַנצער אויפריכטיקייט פון אַ גלויביקער קריסטין, שילדערט זי דעם תהום צווישן די צווײ אמונות אין שטעטל. זי שטרײַכט אָבער אונטער, אַז אין אַנבליק פון טויט, איז אַלעמאָל פאַרגעקומען אַ „פאַרברידערונג" צווישן יידן און קריסטן, וועלכע זענען צוזאַמען געגאַנגען אויף יידישע און קריסטלעכע לוויות.

דער תהום צווישן די צווײ אמונות ברענגט זי אַרויס אין אַ שילדערונג פון יום־כיפּורדיקן דאַווענען אין דער קוזמירער שול און דער גאָטעסדינסט אין דער שכנותדיקער קירכע, וואָס דריקט זיך אויס אין דעם שאַרפן קאָנטראַסט צווישן דעם יאָמערן פון די יידן און דעם שווײַגנדיקן מתפּלל־זײַן פון די קריסטן. די יידישע תפילות כאַראַקטעריזירט זי ווי אַ כסדרדיק שרײַען צו גאָט: „שיק אונדז אַראָפּ דעם אויסלייזער! זאָל ער אונדז ווײַזן דעם וועג, ווי אַזוי דורכצושווימען דעם טויט, ווי אַזוי צו גיין ווײַטער מיטן גוף אָדער מיט דער נשמה". דאַקעגן אין דער קירכע הערט מען נישט, אַז די מתפּללים זאָלן פאָדערן, אַז גאָט זאָל זיי שיקן דעם „אויסלייזער", ווײַל „דאָ איז עס שוין געשען".

אין דער אײַנלייטונג צו דער נאָכמלחמהדיקער אויסגאַבע פון די „צווײ לבנות", רעדט מאַריאַ קונצעוויטש מיט גרויס נאָסטאַלגיע וועגן די פאַרשוווּנדענע יידן פון קוזמיר:

„איך קער זיך אום צום טאָל ביי דער ווײַסל... צו די חורבות, ווו עס שרעקט דער פאַרליבטער קיניג און דער גײַסט פון אסתרקע זוכט די ביינער פון חיים דעם איבערשיפער, משה דעם טרעגער און שלום דעם צושטעלער פון מנורות... איך קער זיך אום צום מאַרק, ווו אויף דער וואַראַנדע פון רעסטאָראַן, וואָס איז באַלויכטן דורך דער לבנה,

פירן די קינסטלער ווייטער זייער אומענדלעכן דיאַלאָג וועגן איבערבויען די וועלט אין אַ מענטשלעכער פאָרם און אינהאַלט".

## די קינסטלער־משפחה אין קוזמיר

די אָפּגעפרעמדטקייט צווישן יידן און פּאָלאַקן, וואָס האָט געהערשט אין דער שרייבער־וועלט, איז געווען פיל שוואַכער אין דער קינסטלער־קאָלאָניע אין קוזמיר. אין אַ גרויסער מאָס איז דאָס געווען צו פאַרדאַנקען דעם איינפלוס פון דעם רעקטאָר פון דער וואַרשעווער קונסט־אַקאַדעמיע, פּראָפ. טאַדעאוש פּרושקאָווסקי, אַן אויסגעפּרוּווטער ליבעראַל, וועלכער איז אין 1942 דערשאָסן געוואָרן דורך די נאַציס פאַר זיין אַקטיווקייט אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

פּרושקאָווסקי האָט אין קוזמיר זיך אויפגעבויט אַ ווילע פון ווייסן שטיין, וואָס מען האָט טאַקע גערופן „דאָס ווייסע הויז", און אַ פלי־פעלד פאַר זיין פּריוואַטן עראָפּלאַן — דער איינציקער עראָפּלאַן, וואָס מען האָט ביז צום אויסברוך פון קריג געזען פליען אונטער די קוזמירער הימלען. אַ קינסטלער מיט ברייטע האָריזאָנטן, האָט פּרושקאָווסקי געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון זיינע תלמידים אויף דעם יידישן שטייגער־לעבן אין קוזמיר און דער אייגנאַרטיקער „יידישער אַרכיטעקטור" פון די אַלטע הייזקעס, וואָס ער פלעגט אַליין מאָלן מיט גרויס ענטוזיאַזם.

אין פּרושקאָווסקיס היים אין וואַרשע האָב איך געזען זיינע יידישע מאָטיוון פון קוזמיר הענגען אין שכנות פון פוסענס גרויסן לייוונט פון דעם ציקל ביבלישע סצענעס, וואָס דער גרויסער פראַנצויזישער מאָלער פון פריען 17טן יאָרהונדערט האָט געמאָלן. דאָס בילד האָט פאַרגעשטעלט ווי משה שלאָגט דעם שטיין, כדי פון אים אַרויסצובאַקומען וואַסער (ויך את הסלע במטהו פעמיים — במדבר ב, יא). אין זיין ווילע אין קוזמיר האָט פּרושקאָווסקי געהאַט אַ גרויסע זאַמלונג פון יידישע ריטועלע חפצים, וואָס ער האָט אָפט איינגעשלאָסן אין זיינע „שטיל־לעבן"־קאָמפּאָזיציעס.

עס איז דעריבער איראָניש, אַז גראָד די יידן צווישן פּרושקאָווסקיס תלמידים זענען געווען די איניציאַטאָרן פון דער נעאָקאַטוילישער קינסטלער־גרופּע „די ברודערשאַפט פון הייליקן לוקאַטש", וואָס האָט געשטרעבט צו „רעוואָלוציאָניזירן" די שאַבלאָנע קירכלעכע קונסט. דער פירער פון דער גרופּע איז געווען דער מיטלוווקסיקער, דראָבנינקער יאַן גאָטאַרד, מיט אַ בלאָס פּנים פון אַ ישיבה־בחור, וועלכער האָט געטראָגן אַ טיפּיש „גויאיש" היטל מיט אַ שוואַרצן, גלאַנציקן דאַשעק. ער פלעגט מאָלן די קוזמירער קירכעס און די בעטלער מיט גרויסע צלמים און פּאַטשערקעס, אָנגעהאָנגען אויף דער ברוסט.

צו די באַליבטסטע תלמידים פון פּראָפ. פּרושקאָווסקי האָבן באַלאַנגט די צווויי באַגאַבטע יידישע קינסטלער, די צווילינג־ברידער אפרים און מנשה זיידענבייטל, וועלכע

זענען געווען אַזוי ענלעך צו זיך, אַז עס איז געווען אוממעגלעך צו דערקענען, וועלכער פון זיי איז אפרים און וועלכער מנשה. זיי זענען געווען פון דער זעלבער הייך, מיט שאַרפע אָדלער־נעז, שוואַרצע האָר און האָבן אויך אַלעמאָל געטראָגן די זעלבע מלבושים. זייער עלטערער ברודער, דער פריצייטיק פאַרשטאָרבענער יוסף זיידענבייטל, איז געווען דער שעפער פון דער מאָדערנער יידישער גראַפיק אין פוילן.

מנשה און אפרים זיידענבייטל זענען געווען די הויפּט־אַטראַקציע אויפן יערלעכן קינסטלער־באַל, וואָס איז פאַרגעקומען אין די חורבות פון קיניגלעכן פּאַלאַץ. דער עולם פלעגט אויסברעכן אין אַ שטורמיש געלעכטער, ווען איינער פון די ברידער זיידענבייטל איז צוגעדעקט געוואָרן מיט אַ קאַסטן אין איין עק פון פּאַלאַץ און אין אויגנבליק איז „ער" אַפּערגעקומען פון אונטער דעם קאַסטן, וואָס האָט זיך געפונען אין צווייטן עק. בלויז די מאָלער האָבן געוווסט דעם סוד, אַז אין קאַסטן ביים אַנדערן עק פון הויף איז פריער פאַרשטעקט געוואָרן דער צווייטער זיידענבייטל.

גאָר היימיש מיט די יידן אין שטעטל זענען געווען די יידישע קינסטלער פון עלטערן דור, וועלכע זענען יאָר־איין, יאָר־אויס געקומען קיין קוזמיר. צו זיי האָבן באַלאַנגט: העגריק בערלעווי, וו. ווינטרויב, אברהם אָסטזשעגאַ, משה אַפּלבוים, י. טיקאָטשינסקי, יצחק ברוינער, נתן שפּיגעל, י. ראַבינאָוויטש, פעליקס פרידמאַן, נתן קאָזשען, חיים האַנפּט, יוסף שליוואָניאַק און יעקב ראָטבוים, וועלכער האָט אָנגעהאַלטן אַ באַזונדערס נאָענטן קאָנטאַקט מיט דער שטעטלדיקער יוגנט.

יעקב ראָטבוים, אַ באַגאַבטער פּאָרטרעטיסט, האָט שוין דאַן געהאַט אָנגעהויבן זיין צווייטע קינסטלערישע קאַריערע, ווי אַ רעזשיסער פון יידישן אַוואַנגאַרד־טעאַטער. ער פלעגט אין קוזמיר אויפטרעטן מיט רעציטאַציעס פון דער מאָדערנער יידישער ליטע־ראַטור. די דאָזיקע אָוונטן האָבן אַלעמאָל צוגעצויגן אַ גרויסן עולם, אַפילו פון צווישן די אַסימילירטע יידישע זומער־געסט, די אַזוי גערופענע „שמענדריקעס", ווי ז. סעגאַ־לאָוויטש האָט זיי סאַרקאַסטיש באַצייכנט אין זיינע פעליעטאָנען וועגן קוזמיר.

אין זומער פון יאָר 1929 בין איך צוזאַמען מיט יעקב ראָטבוים אויפגעטראָטן אויף אַ ליטעראַרישן אָוונט, געווידמעט דעם אָנטייל פון יידן אין דער מאָדערנער פוילישער פּאָעזיע, וואָס איז פאַרגעקומען אויף דער וועראַנדע פון שענדעראָוויטשעס פּענסיאָנאַט. דער אָוונט האָט געמוזט ווערן איבערגעחזרט, ווייל בלויז אַ העלפט פון עולם האָט גע־קענט אַריין אין זאַל. נאָך מיין איינלייטונג, האָט יעקב ראָטבוים רעציטירט לידער פון יוליאַן טובים, יוזעף וויטלין, ברונאָ יאַשיענסקי, אַנאַטאָל שטערן און אַדאַם וואַזשיק — אין מיין יידישער איבערזעצונג און נאָך יעדן ליד פאַרגעלייענט דעם פוילישן אָריגינאַל. דאָס איז געווען אפשר דער איינציקער פאַל פון אַ צווייישפּראַכיקן פּאָעטישן אָוונט, אין יידיש און פויליש, וואָס איז, אַגב, בייגעוווינט געוואָרן דורך צוויי פון די פּאָעטן — אַנאַטאָל שטערן און אַדאַם וואַזשיק.

דורך די יאָרן, וואָס יעקב ראָטבוים האָט פאַרבראַכט די זומער־חדשים אין קוזמיר, האָט ער אין קויל־ און סאַנגווין־צייכענונגען פאַראייביקט אַ גרויסע צאָל שטעטלדיקע טיפּן. חוץ יעקב ראָטבוים, חיים האַנפט און הענריק בערלעווי זענען אומגעקומען אַלע ייִדישע קינסטלער, וועלכע האָבן ביז צום חורבן געמאָלן די קוזמירער לאַנדשאַפט און די שטעטלדיקע ייִדן.

קוזמיר האָט אויך אַרויסגעגעבן צוויי אייגענע קינסטלער. דאָס זענען שמואל וואָד־ניצקי און דער פיל יינגערער חיים גאָלדבערג. שמואל וואָדניצקי, אַ געוועזענער ישיבה־בחור פון אַ באַלעבאַטישער היים, וועלכער האָט געהאַט אַ קרעמל אויפן קוזמירער מאַרק־פּלאַץ, האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די קינסטלער־געסט מיט זיינע צייכענונגען פון שטעטלדיקע מאָטיוון, וואָס האָבן געאָטעמט מיט אוממיטלבאַרקייט און געהאַט אַ פאָלקסטימלעכן חן, הגם זיי זענען געווען אָפט אומבאַהאָלפן אין דער פאָרם. וואָדניצקי, וועלכער האָט ערב דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה זיך באַ־זעצט אין ארץ־ישראל, האָט נישט אויפגעהערט פון זכרון צו צייכענען סצענעס פון זיין היים־שטעטל.

אויך פאַר חיים גאָלדבערג איז קוזמיר פאַרבליבן דער קערן פון זיינע קינסטלערישע רעגונגען, הגם ער האָט זיך נישט באַגרענעצט בלויז צו דער שטעטלדיקער טעמאַטיק און דערביי זיך באַנוצט מיט די פאַרשידנסטע קינסטלערישע מיטלען — מאָלעריי, סקולפּטור און מעטאַלאָפּלאַסטיק.

חיים גאָלדבערג איז געקומען פון דער טיפסטער נויט אין שטעטל. אין די זומער־חדשים פלעגט ער נאָכגיין אין די פוסטריט פון די קינסטלער־געסט. ער האָט זיי געהאָלפן טראָגן די סטאַלוגעס, די פאַרב־קעסטלעך און שווייגנדיק אַ פאַרגאַפטער אָבסערווירט, ווי יעדער מאָלער אינטערפּרעטירט אַנדערש דעם זעלבן פראַגמענט פון דער שטעטלדי־קער לאַנדשאַפט. די מאָלער האָבן דעם פאַרחלומטן יינגל נישט נאָר געגעבן פאַרב, פּענזלס און פּאַפּיר, נאָר אַפילו ביי אים געקויפט זיינע צייכענונגען און אַקוואַרעלן און אַזוי אַרום אים געשטיצט אויף אַ דיסקרעטן אופן. זיי האָבן אויך גאָלדבערגן געהאָלפן אָנקו־מען אין דער קונסט־אַקאַדעמיע אין קראָקע און שפּעטער אין וואַרשע.

ביים אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז חיים גאָלדבערג געוואָרן מאָביליזירט אין דער פּוילישער אַרמיי. ער האָט געקעמפט בעת דער פאַרטיידיקונג פון וואַרשע און נאָך דער קאַפּיטולאַציע איז ער פאַרוואָגלט געוואָרן קיין סאָוויעט־רוסלאַנד. אין די וויסטעניש פון סיביר איז ער דורכגעגנומען געוואָרן מיט אַ דראַנג צו פאַראייביקן די גורל פון די ייִדן פון זיין היימשטעטל. ער האָט דאָס געטאָן אין צייכענונגען, אייל־בילדער, האָלץ־סקולפּטורן און מעטאַלאָפּלאַסטיק, אין וועלכע עס אַנטפּלעקט זיך די געוואַגטע וויזיאָנערישקייט און ברוינדיקער טעמפּעראַמענט פון דעם קינסטלער.

די דאָזיקע אַרבעט האָט חיים גאָלדבערג פאַרגעזעצט אין פּוילן, וואוהין ער איז צוריק

געקומען נאָך דער באַפרייאונג. מיט באַזונדערן אימפּעט האָט ער די שטעטלדיקע מאָ־טיוון געמאָלן פון זכרון אין מדינת ישראל, נאָך דעם ווי ער האָט צום לעצטן מאָל געהאַט באַזוכט קוזמיר און געזען, אַז עס איז דאָרט נישט פאַרבליבן מער קיין שפּור פון יידישן לעבן, וואָס האָט זיך דאָרט געהאַט אויסגעפורעמט במשך פון יאָרהונדערטער.





בית־הכנסת בינובצה (בפנים) — די יאַניוועצער שול (אינעוויניק)

פולה אילון־שנדרוביץ

# רשומים מקוזמיר

זכורה לי קוזמיר משנות ילדותי הרכות ביותר. כבת ארבע הייתי עת באתי לראשונה לעיירה זו שהייתה מקום קיט נאה ונעים. בימות הקייץ נהגו הורי — (אבא היה מורה בגימנסיה יהודית בווארשה) — לפתוח פנסיון לנוער לעת חופשת־הלימודים.

עם בוא האביב החלה קוזמיר להשיל מעצמה את כסות החורף הלבן והקר ועטתה כולה פרחים וירק. יפה והדורה היתה אז קוזמיר. הגבעה הסמוכה לביתנו הלבינה כולה מעצי הליבנה, מדרונות ההרים והגאיות עטו פרחים בשלל צבעים ונהר הוויסלה נשק חרש את אדמתה. סירות מפרש חרשו את מימיו ויערות קוזמיר שמרו סודות רבים של בני הנעורים.

כל זה היה משכבר הימים, בימים מלאי שמש ואור, בימים שלפני פרוץ מלחמת העולם הראשונה. ואז, בשנה ההיא — ב־1914 — נשארנו תקועים בקוזמיר ולא יכולנו לחזור עוד לעיר הבירה. היינו המשפחה היהודית היחידה בסביבה פולנית טהורה. ולא עוד — בביתנו השתכנה פלוגת קוזאקים וקצין בראשם. אחי שהיה סטודנט לרפואה הגיש להם עזרה רפואית ואמי כיבדה אותם בתה חם מסאמובאר רוסי. יחסנו זה אליהם ריכך במקצת את לב הקוזאקים בהתייחסותם ליהודי העיירה כולה. הקצין הבטיח לאמא, כי לא יגע לרעה ביהודים היושבים בקוטר של קילומטר מביתנו והם אף קיימו את דברם זמן־מה. אך משנודע להם כי עומדים הם לעקור מקוזמיר, לא יכלו עוד לשמור על דברתם ויצריהם הפראיים פרצו החוצה, כמנהג אבות־אבותיהם. אחד מקורבנותיהם היה אופה שאת זקנו מרטו ביסורים. אך לדבריהם היתה זו פרידה „הומאנית" למדי, כי מי היה מונע בעדם לעשות שפטים ביהודים? אולם לזכותו של הקצין ייאמר, כי לא התאכזר ליהודים. זוכרת אני, באחת השבתות הופיע בביתנו הרב מיאנוביץ בלווית כמה יהודים, לבקש את התערבות אבי אצל הקצין. יהודי אופולה שגורשו ליאנוביץ עם התקרב האוסטרים הורשו עתה לחזור לעירם, אולם הרב חושש, כי בדרכם לבתיהם יתעללו החיילים בבנות, לכן מבקש הרב התערבות אבי אצל קצין הקוזקים להבטחת שלום היהודים ובפרט של הבנות. ואכן, בהתערבותו של הקצין הגיעו כולם בשלום לבתיהם.

יום־הכיפורים שנת 1914. אבא ואמא הלכו להתפלל לבית־הכנסת. לפני לכתה אמרה אמא להגיש לחיילים שעברו בהמוניהם דרך העיירה לחם וריבה. וכך עשינו. אותה שנה היה יום הכיפורים „ארוך" יותר מכל השנים. תפילת „נעילה" עברה מזמן ואבא ואמא טרם חזרו מתפילותיהם. התחלנו לדאוג להם עד שנודע לנו פשר הדבר. קציני החיילים שהגיעו לעיירה פקדו על היהודים לפתוח חנויותיהם ביום זה לשירות הצבא. אבא, שהשפה הרוסית היתה שגורה בפיו הסביר לקצין את קדושת היום והדגיש כי אסור ליהודי לסחור ביום הזה. הוא הציע לאסוף מהסוחרים היהודיים את מפתחות חנויותיהם, החיילים יקחו בחנויות את המצרכים הדרושים להם, ואת תמורתם ישלמו לפי מצפונם. אבא ידע כי אי־ציות לפקודת הצבא עלול לגרור אחריו פרעות ביהודי העיירה ועונשים כבדים. וראה זה פלא! החיילים נטלו בחנויות את אשר נטלו, עד שהן התרוקנו כמעט כליל, אך הסוחרים היהודיים לא יצאו מופסדים.

אולם היהודים הועסקו גם בעבודות צבאיות שונות, בחפירות־הגנה ובכל מיני עבודות. ואז קרה האסון! באחד הלילות, בשובם על רפסודה מחפירת חפירות הגנה מעבר לוויסלה, הם נגרפו עם זרם הנהר וכ־150 איש מהם ניספו!

באביב שנת 1915 החלו הרוסים לקחת בני־ערובה מהאוכלוסיה היהודית. רוב הגברים היהודיים ברחו מחמת המציק וגם אבי היה בין הבורחים. הם ברחו לעבר רוסיה. גם אנו, אחר בריחתו של אבא היינו צריכים ללכת בעקבותיו, אולם הגענו רק



קבוצת בנות בהשומר הצעיר

אַ גרופּע מיידלעך פון השומר הצעיר

ללובלין ושם נתקענו. גם שם השתוללה המלחמה וסוניה אחותי נחלצה מיד לעזרת הפליטים שהתקבצו שם, הגישה סעד לחולי שחפת וחולירע, שהפילו חללים רבים. משפחות רבות שכלו את יקיריהן — בנים, אבות ואמהות.



זיגמונד שנדרוביץ' ז"ל
זיגמונד שענדעראָוויטש ז"ל

כאשר החלו להגיע פליטים לקוזמיר בימי מלחמת העולם הראשונה, החל ר' ישראל חיים רוזנבלט לאסוף בגדים ומזונות למענם. גם הוא היה בין הטבועים, אך עד הרגע האחרון אמר פרקי תהילים. ובתפילה על שפתיו נבלע בין גלי הנהר.

לאחר שאיזור לובלין נכבש בידי הצבא האוסטרי, חזרנו לקוזמיר — אמא, אחי זיגמונד ואני. סוניה חזרה ללימודיה (רפואת שיניים) בווארשה שם שהה גם אחי הבכור. בקוזמיר פתח זיגמונד בית־ספר יסודי לילדים וכשחזרה אלינו סוניה נפתחו גם קורסים למבוגרים. אמא לא שכחה גם בימי מצוקה אלה, כל הזקוק לעזרה. באחד הימים שלחה אותי במסרה לי מעטפה ליד, לאשה חולת שחפת. וכה אמרה לי אמא: לכי לאשה החולה ושימי מעטפה זו על מיטתה, ברכי אותה בברכת החלמה ולכי לך. וכך עשיתי. לא רצתה אמא למסור את מתנת הכסף בידי איש זר, כדי לא לבייש את האשה החולה. ילדה קטנה הייתי אז — אך הלכותיה של אמא במתן־בסתר משמשות נר לרגלי כל ימי חיי. כזאת היתה אמא.

ב־1918 לאחר שאחי קיבל תעודת בגרות, בגימנסיה בלובלין, חזר הוא לקוזמיר, ובעיירה תוססים חיי נעורים; שיחות, טיולים בחיק הטבע, ספורט, ראשית פעילות ציבורית — תחומי חיים חדשים נגלים לפני הנוער היהודי. אך אסון פקד את משפחתנו — אחי נפטר ב־30 בדצמבר 1918 ואני חזרתי לווארשה. מאז פקדתי את קוזמיר רק בימות הקיץ — בימי החופשה.



יעקב קרישטאַל

# דאָס באַליבטע שטעטל

איך בין געווען אַ קנאַפּער תושב אין קוזמיר, אָבער דאָס אָרט ליגט מיר טיף איינ־געבאַקן אין זכרון, בפרט נאָך, אַז איך האָב דאָרט פאַרלוירן מיינע דריי קוזינען — יונגע, צאַרטע בחורים, וועלכע זענען אין דער ערשטער וועלט־מלחמה דערטרונקען געוואָרן אין דער ווייסל, צוזאַמען מיט אַנדערע קרבנות, בעת זייער פאָרן אַהיים נאָך דער אַרבעט. זיי שטייען מיר ביז איצט פאַר די אויגן.

בכלל איז דאָס שטעטל געווען אַ שם־דבר צוליב דער פיינער נאַטור, דער ווייסל, דעם באַרימטן דעמב. די איינוווינער פון שטאָט — אָנהייבנדיק פון דעם אַפּטייקער ביז דעם וואַסערטרעגער, דער „בורזשואַזיע" — איילבוים, לוסטיג, פייערשטיין, קאַמער און די תושבים פון דער נאַדזשעטשנע, ווו דאָס רויקע וואַסערל האָט ביינאַכט שעהן־לאַנג באַגלייט די ראָמאַנטישע פאָרלעך... פּאָעטן און שרייבער (סעגאַלאָוויטש, שלום אַש, אַפּאַטאָשו) און מאָלער, האָבן אָפט באַזוכט קוזמיר און באַשריבן איר שיינע נאַטור, געקומען אויפכאַפּן גאַנץ פרי דעם זון־אויפגאַנג און פאַרנאַכט — איר אונטערגאַנג, באַוווּ־דערט דעם שיינעם האָריזאָנט, די באַשטע, דעם „דריי־צלמים־באַרג", די אַלטע קירכע.

אויף דעם באַרג האָט אונדזער יוגנט אַרויפגעקלעטערט פרייטיק פאַרנאַכט און גע־וואָרפן אַ בליק אַראָפּ, אויפן גאַנצן שטעטל, ווו פון אַלע יידישע פענצטער האָבן אַרויס־געשיינט די שבת־ליכט.

...אַלץ שטייט פאַר מיינע אויגן : דער דינסטיקדיקער יאַריד־טאָג, מיט די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער ; די בעלי־עגלות מיט זייערע פערדלעך, וואָס לויפן טאָג־טעגלעך קיין פולאַוו אויפן שאָסיי צווישן די בערג ; דער „סטאַטעק", וואָס האָט געשאַפן די קאָמוניקאַציע פון קוזמיר קיין וואַרשע. באַזונדערס האָט דאָס שטעטל זיך אויסגעצייכנט מיט איר צוציִונגס־קראַפט פאַר דאַטשניקעס און געסט פון וואַרשע, לובלין און אַנדערע שטעט פון פּוילן. אויך זענען די באַזוכער געקומען אָנקוקן די אַלטע שול, באַוווּנדערט אסתרקעס פּרוכת מיטן סידור.

אינטערעסאַנט, ווי אַזוי עס האָט זיך „אַריינגעכאַפּט" דער ציוניזם אין אַזאַ שטרענג

אָרטאָדאָקסיש שטעטל. פּלוצלונג איז דאָרט אויפגעוואַקסן אַ מעכטיקע ציוניסטישע אָר־גאַניזאַציע. יעדן שבת אין אָוונט זענען פאָרגעקומען רעפעראַטן. אויך איך האָב געהאַט דעם כבוד צו רעפערירן אין דער אָרגאַניזאַציע (מעגלעך, אַז אַ טייל ישראל־איינוווינער געדענקען דאָס). אין אַלגעמיין, האָבן אין קוזמיר געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל די רביים און דער צוזאַמענטרעף ביי די יאָרצייטן פון מאָדזשיצער רבין זצ״ל. פון דער צווייטער זייט — צוזאַמענפאָרן פון דער בעסערער יידישער יוגנט און זייערע קאָלאָניעס. אין שטעטל גופא האָבן געוווינט נאָר יידן, בעת די קריסטן — אין פאָרשטאָט.

ליידער, זענען אַלע אונדזערע טייערע אָפּגעמעקט געוואָרן דורך דער דייטשער, מערדערישער האַנט...





רחל קפלן עם קבוצתה בהשומר הצעיר • רחל קאַפּלאַן מיט איר גרופּע אין השומר הצעיר

יצחק גרין, ז״ל

# קינדער־ און יוגנט־יאָרן אין קוזמיר

כ״בין געבוירן געוואָרן אין שטעטל קוזמיר ביי לובלין, 12 טאָג אין חודש טבת (22סטער דעצעמבער 1892). פאַרשריבן בין איך געוואָרן דעם 31סטן, אַ פּרייטיק־צו־נאַכטס, ביי מיינע עלטערן אין הויז. מיין פאָטער האָט געהייסן נתנאל, מיין מוטער נחמה. אין שטאָט האָט מען מיין מוטער גערופן נחמה משה־נחמנס.

## די היים

מיין מוטערס זיידע, צבי משה־נחמן גאָלדמאַן, איז נישט געווען קיין גרויסער גביר, געהאַט אַ שפּייז־געוועלב. די מומע וויטל איז געווען די צווייטע פרוי פון מיין זיידן. יעדן טאָג האָט ער געלערנט מיט צוויי בחורים אַ „שיעור״, געווען אַ הייסער חסיד, געזעסן ביים רבין. נאָר אַ פריילעך ידל, שטענדיק געהאַלטן אין איין זאָגן: „עצבות טאָר קיינער נישט האָבן״. אין שטאָט האָט מען פון אים שטאַרק געהאַלטן, געקומען ביי אים אָפט פרעגן אַן עצה.

מיין פאָטער האָט געשטאַמט פון יאַניוועצע, אַ שכנותדיק שטעטל פון דער צווייטער זייט ווייסל. דער זיידע, שלמה גרין, אַ גרויסער גביר, האָט געהאַט אין יענער צייט די גרעסטע קאָמעניצע פון שטעטל, מיט אַ סך שפּייכלערס אויף תבואה. געהאַנדלט מיט וואַלד. אויפן הויף זענען געשטאַנען פויערים און פון ווייכע צווייגן געדרייט שריקיווקעס — אַזעלכע שטריק צו האַלטן די קריפּעס אויף דער ווייסל. אַלע חתונות פון שטעטל זענען פאַרגעקומען ביים זיידן אין שטוב. די באָבע, אַ הויכע יידענע, האָט זיך פאַרנומען מיטן באַלעבאַטישקייט. אַפילו אַ בהמה האָבן זיי אויך געהאַט. מיט איר האָט זיך שוין פאַרנו־מען די קריסטין וואָס האָט ביי זיי געדינט.

מיין פאָטער איז געווען אַ בית־מדרש־בחור, געזעסן און געלערנט ביז צו דער חתונה. מיינע ערשטע דערינערונגען הייבן זיך אָן, ווען מיין מוטער ע״ה האָט מיך געטראָגן אין חדר אַריין, איינגעהילט אין אַ זאַמשענעם מאַנטל פון זאַמד־קאָליר, מיט אַ גרויסן

פאַפּירענעם בייטל מיט שקאַרמיצן צוקערלעך צו פאַרטיילן די קינדער. זיכער בין איך שוין דעמאָלט אַלט געווען אַרום דריי יאָר. דער רבי, אַ הויכער ייד מיט אַ לאַנגע געלע באָרד (גערופן האָט מען אים משה־חיים), איז געזעסן מיט אַ לאַנגן טייטל אין האַנט און מיט אים געוויזן די אותיות די קינדער. אַמאָל אויך געגעבן אַ קינד אַ קלאַפּ אין האַנט אַריין פּאָר עפּעס נישט וויסן. אין אַלגעמיין איז דער רבי נישט געווען קיין שלעכטער. די קינדער זענען געווען אויסגעזעצט כמעט אויף דער ערד, אויף צוויי לאַנגע ברעטער, אונטערגעשטעלט מיט ציגל. אין יינגל איז געשטאַנעןביים רבינס טיש, זיין קעפּל האָט קוים דערגרייכט צום סידור. די רביצין, אַ הויכע יידענע, אַ דאַרע, האָט געפירט אַ ווערק־שטעל פון קליידער, צוזאַמען מיט אַ־רע טעכטער.

דאָס חדר איז באַשטאַנען פון אַ גרויסער שטוב, ווו די קינדער האָבן געלערנט. אין ווינקל ביי דער טיר איז אויף אַן אייזערנעם דרייפוס געשטאַנען אַ גרויסע קיך פון ליים, וואָס אויף איר האָט מען געקאָכט. די רביצין איז געשטאַנען ביים פייער און מיט איר פאַרטעך געפאָכעט, אַז ס׳זאָל בעסער ברענען. געווען נאָך אַ שטוב, דאָרט האָט מען גע־אַרבעט. צוויי בעטן, אַ גרינער קופערט, אַ טישל ווו ס׳איז געשטאַנען אַ צעבראָכענער שפּיגל, זינגערס אַ ניימאַשין.

מיין מוטער האָט צעטיילט אַלע קינדער די שקאַרמיצן מיט צוקערלעך, אויך פאַר דעם רבין מיט זיין פאַמיליע. די תורה פון מיין רבין האָב איך שנעל מקבל געווען. דער רבי, ספּעציעל צו מיר, איז נישט געווען קיין שלעכטער. ערשטנס, בין איך געווען אַן איינציק זונדל און דער רבי האָט זיך מיט דעם גערעכנט. ער פלעגט מיר אַמאָל געבן אַ קניפּ אין באַק, ווען איך האָב גוט געקענט.

פון דעם טאָג הייבן זיך אָן מיינע זכרונות.

מיין פאָטער ע״ה, אַ חסידישער ייד, איז געווען כל ימיו אונטערוועגנס. אַהיים גע־קומען אויף די יום־טובים, געקענט איינבינדעריי. אין דעם פאַך איז ער געווען כמעט אַ קינסטלער. זיינע ספרים מיט די גאָלד־באַליישטע רוקנס זענען געווען צו באַוווּנדערן. ער האָט איין מאָל געאַרבעט אין דער היים. זענען געקומען גלחים, פאַר וועלכע ער האָט געאַרבעט. ער האָט אויך געקענט גוט שרייבן, סיי פּויליש, סיי רוסיש. אָבער דעם מערסטן טייל איז ער אַלע יאָרן נישט געווען אין דער היים. וואָס אַן אמת, האָב איך געוואָלט, אַז ער זאָל שוין אָפּקומען, ווייל זייענדיק אין דער היים האָט ער מיך שטענדיק געשלעפּט צו דער גמרא — דאָ פּסחים, דאָ ראש־השנה, דאָ סוכות. אַפילו שלאָפן האָט ער מיך נישט געלאָזט. ער האָט מורא געהאַט, אַז איך וועל עובר קריאת־שמע זיין. מיין מוטער פלעגט זיך אַ סך מאָל אָננעמען פאַר מיר: „לאָז אים נאָך אַ ביסל שלאָפן". אָבער ס׳האָט נישט געהאָלפן. ער פלעגט שטענדיק זאָגן: „יראת ה׳ אין אַ קינד דאַרף מען איינפלאַנצן, ער זאָל זיין אַ ייד".

מיין מוטער ע״ה האָט אויך געשטאַמט פון יחוס. אין שטאָט האָט מען זי גערופן די

מיוחסת. דער זיידע, משה נחמן פלעגט זאָגן, אַז מיר זענען דאָס צענטע דור פון ר׳ לייב־שרהס. אויך מיין עלטער־זיידע, ווי מען האָט אים גערופן, ר׳ אברהמלע גניעוואַשאָווער, איז 40 יאָר געווען בעל־תפילה ביים רבין ר׳ יחזקאלע ז״ל. די גאַנצע משפחה האָט געשטאַמט פון רבנים, סופרים און כלי־קודש. יידן פון שטאָט פלעגן קומען פרעגן עצות ביי מיין מוטער. זי האָט אויך געפירט אַ וואַרשטאַט פון וועש־נייען, געקענט אויך צייכענען און העפטן פאַרשידענע מאָנאָגראַמען, בלומען. אין דעם איז זי געווען אַ בריה נפלאה. מען האָט אויף איר געזאָגט, אַז ווען זי זעט אַ פויגל אַדורכפליען, קען זי אים אָפּמאָלן. אַ מיטלוווּקסיקע ברונעטקע מיט שוואַרצע ברענענדיקע אויגן, אַ בלאַסע, מיט אַ שטענדיקן שמייכל אויף די ליפּן. פאַר יעדן האָט זי געהאַט אַ גוט וואָרט און דאָס גאַנצע שטעטל האָט זי ליב געהאַט.

אין אַזאַ סביבה בין איך אויפגעוואַקסן. און נישט אין קיין פריילעכע צייט. אַזוי איז אַדורך מיין לעבן.

### גליק און אומגליק פון מיין שוועסטער

מיין מוטער האָט געבוירן 7 קינדער. צוויי זענען געשטאָרבן, איידער איך בין געקומען אויף דער וועלט. אַזוי זענען מיר פאַרבליבן: די עלטסטע שוועסטער חנהלע, דער ברודער אברהם־הערש, די שוועסטערס חיה און מרים־שיינדל. איך בין געווען דער ייִנגסטער.

דער ברודער אברהם־הערש איז געווען זייער אַ שיינער, אויך אַ גרויסער זינגער. ער האָט געזונגען אין וואַרשע ביי אַ חזן, זיך פאַרקילט און געוואָרן הייזעריק, קראַנק געוואָרן אויף טובערקולאָז, אַ היים געקומען, אָפּגעקרענקט גאַנצע דריי יאָר און איז געשטאָרבן. מיין מוטער האָט זיך ניט געקענט באַרואיקן. ער איז אַלט געווען צוויי און צוואַנציק יאָר. איך בין דעמאָלט געווען אַ קליין קינד, אָבער אַלץ שטייט מיר נאָך פאַר די אויגן. דאָס איז געווען דער ערשטער קלאַפּ ביי אונדז. מיינע דריי שוועסטערן האָבן אַלע מיטגעהאָלפן דער מוטער אין דער אַרבעט. מיין עלטסטע שוועסטער, חנהלע, איז אויך געווען אַ שיינע. דאָס גאַנצע שטעטל האָט מיין מוטער מקנא געווען, אַז זי האָט שיינע קינדער. מיין שוועסטער איז געווען אַ פרומע, יעדן טאָג, באַלד אין דער פרי, פלעגט זי זיך אָוועקשטעלן און אָפּדאַווענען, קיינמאָל נישט פאַרפעלט. מיין מוטער פלעגט זיך שפּיגלען אין איר.

האָט גאָט געהאָלפן, ס׳איז געקומען צו פאָרן פון לאָדזש אונדזערס אַ קוזין, וועלכער האָט געדאַרפט זיך שטעלן צום מיליטער אין שכנותדיקן, פּאָוויאַטאָווע שטעטל פּילעווו. ער האָט זיך פאַרליבט אין מיין שוועסטער חנהלע. גאָט האָט געהאָלפן און ער איז באַפרייט געוואָרן, ווייל ר׳האָט אַרויסגעצויגן אַ גרויסן נומער און נישט געדאַרפט דינען אין מיליטער. ס׳האָט זיך אים נישט געגלוסט אַ היים צו פאָרן, ביז מען וועט שרייבן

תנאים. אַ שיינער יונג איז ער געווען, אייגענע משפּחה, דער פֿאָטער אין אַ שטריימל, די מאַמע — אָן אַראָפּגערוקטע קופּקע. לויטער יחוס. וואָס האָט נאָך געקענט זיין בע־סער? מען האָט זיך פֿאַרליבט און ס'איז געוואָרן אַ שידוך. ער האָט געהייסן ישראל קאַץ. געהערט צו „התאחדות".

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און מען האָט געמאַכט אַ חתונה, זייער אַ רעשדיקע. מען האָט אַפֿילו אַראָפּגעברענגט אַ קאַפּעלע כלי־זמרים פֿון לובלין. געקומען זענען די עלטערן פֿון לאָדזש, מיט אַלע איינגעלאַדענע געסט פֿון דער משפּחה. מען האָט געזען בלויז שטריימלעך מיט אַטלעסענע קאַפּאָטעס. פֿון אַלע זייטן רבנים, כמעט ווי אַ רבישע חתונה. ווי מען זאָגט: לויטער בוימאייל.

געווען איז די חתונה ביי אונדז אין וווינונג, ווייל מיר האָבן געהאַט אַ גרויסע שטוב. כלי־זמרים האָבן געשפּילט, מיידלעך האָבן געטאַנצט פֿאַרשידענע טענץ, ווי דעמאָלט איז געווען די מאָדע. מיין שוועסטער, די כלה, איז געזעסן אויבן־אָן אויף אַ גרויסער פֿאָטערשטול. אַרום איר זענען געשטאַנען אירע חברטעס. בלומען אין אַלע ווינקלען. זי האָט אויסגעזען אין איר ווייס חופּה־קלייד ווי אַ בת־מלכה.

אַ שטאַרקע דענערווירונג האָט אַרויסגערופֿן מיין פֿאָטער, וועלכער איז שטענדיק געווען אונטערוועגנס, האָט פֿאַרשפּעטיקט מיט זיין קומען. מען האָט געוואַרט מיט דער חופּה. ער איז אין דער לעצטער מינוט געקומען, שוין 12 אַ זייגער. די סיבה איז געווען, וואָס די באַן האָט פֿאַרשפּעטיקט צוליב די גרויסע שנייען. צום סוף איז אַלץ אַדורך בשלום. די חופּה איז פֿאָרגעקומען פֿאַר דער שול. ווי ס'איז געווען דער מינהג. אין שטעטל, האָט מען חתן־כלה געפֿירט איבער די גאַסן מיט מוזיק. דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך מיטגעפֿרייט. דער אַלטער רב ר' חיים־לייב, האָט געגעבן חופּה וקידושין.

די מחותנים, ווי אויך אַ טייל פֿון דער משפּחה, זענען געבליבן ביז איבער די שבע־ברכות. עטלעכע וואָכן איז מיין שוואָגער, דער חתן, געווען ביי אונדז. מען האָט זיי אָפּגעגעבן אַ באַזונדערע שטוב, דערנאָך זענען זיי אַוועק קיין לאָדזש. ער איז דאָרט געווען באַשעפֿטיקט אַלס שרייבער אין אַ פֿאַבריק. זיי האָבן זיך גוט איינגעאָרדנט, ער האָט פֿאַרדינט, דאָס גאַנצע שטעטל האָט אונדז, ווי אויך מיין שוועסטער, מקנא געווען.

אָבער דאָס גליק האָט נישט לאַנג געדויערט. פּונקט צום יאָר נאָך דער חתונה, איז מיין שוועסטער געשטאָרבן. מען האָט געזאָגט, אַז זי האָט באַקומען אַ ראַק, ווייל זיי האָבן נישט געקענט האַרמאָנירן. זי — שטאַרק פֿרום, ער — פֿריי. זי האָט נישט געקענט פֿאַרנעמען זיין אויפֿפֿירונג, געדריקט אין זיך.

פֿון דעמאָלט אָן האָט מיין ליבע מוטער אָנגעהויבן קרענקען. זי האָט דאָס נישט געקענט איבערטראָגן, זיך שטאַרק צום האַרץ גענומען. נאָך אַ שטיקל צייט איז מען געוואָר געוואָרן, אַז זי האָט אַ נירן־קרענק, וואָס האָט געדויערט גאַנצע צוועלף יאָר. דאָקטוירים און דער שטאָטישער פֿעלדשער זענען געוואָרן ביי אונדז אָפֿטע געסט. דער

פעלדשער איז געווען אונדזער אַ שכן. ווען ער פלעגט אַריינקומען, האָט ער שטענדיק באַרואיקט. געהייסן האָט ער משהקע פעלדשער, באמת אַ ווילער ייד געווען. אין שטוב פלעגט זיין אַ גאַנצע אַפטייק: פאַרשידענע מעדיקאַמענטן, פלעשלעך, שעכטעלעך.

ליגנדיק אין בעט, האָט די מאַמע קאָמאַנדעוועט מיט אַלעמען, אַזוי ווי אַ שיפס־קאַפּיטאַן. איך האָב שטאַרק ליב געהאַט מיין מוטער. ווען איך פלעג קומען פון חדר, אָדער שוין שפּעטער פון בית־המדרש, האָט די מוטער מיך אַרומגענומען, געקושט און גערדריקט צו איר האַרץ. קען זיין, אַז די סיבה איז געווען, וואָס איך בין געבליבן דער איינאונאיינציקער זון מיט נאָך צוויי שוועסטערן.

די שוועסטער חיה איז געווען אַ היבשע, געראָטן אין מיין פאָטער, אַ שלאַנקע שאַ־טינקע, ווי מען זאָגט: „אַ מויד — אַ ברען". אַז זי פלעגט אַראָפּגיין פון די שטיגן, האָט דאָס הויז געציטערט. מען האָט זי געהאַלטן פאַר אַ שיין מיידל. עס פלעגן אַרויפקומען יונגעלייט אין אָוונט צו איר זיך אַ ביסל אונטערהאַלטן, ווייל מיין מוטער האָט פאַר־לאַנגט, אַז זיי זאָלן אַרויפקומען, כדי צו וויסן מיט וועמען זי איז באַקאַנט. דער יחוס האָט נאָך אַלץ געשפּילט אַ ראָל.

מיין צווייטע שוועסטער, מרים־שיינדל, איז שוין נישט געווען אַזאַ שיינע. זי האָט געליטן אויף די אויגן, געפאָרן אַ סך מאָל קיין לובלין אין שפּיטאָל אַריין זיך היילן. אין



בית־ספר דתי „יבנה" עם המורה סטולוביץ' וחבר ההנהלה ש. וודניצקי

רעליגיעזע שול „יבנה", מיטן לערער סטאָלאָוויטש און פאַרוואַלטונגס־מיטגליד ש. וואָדניצקי

דער פרייער צייט פלעגט זי אויך צוהעלפן אין דער אַרבעט, שלייפן לעכלעך צו דער וועש. ווען עס איז געווען פאַרן מאַרקטאָג, דינסטיק, פלעגן די שכנימס מיידלעך אונדז העלפן נייען קנעפּלעך, מאַכן לעכלעך. ס'איז געווען היימלעך.

## חדרים און מלמדים

די מלמדים האָבן מיט מיר נישט געהאַט קיין שווערע אַרבעט. ווען דער רבי האָט מיט מיר געלערנט זונטיק דאָס חומש, אַזוי האָב איך דאָס שוין געקענט. דאָנערשטיק, ווען מען האָט פאַרהערט אַלע קינדער, בין איך געווען דער בעסטער פון אַלע תלמידים. דער רבי הערש־אַבעלע איז געווען מיין מלמד כמעט די גאַנצע צייט. איך האָב געלערנט ביי אים חומש, גמרא און עשרים־וארבע. ווינטער־צייט פלעגט מען לערנען ביינאַכט, ביי אַ גראָשנדיק חלבן ליכטל, וואָס יעדער יינגל האָט געדאַרפט ברענגען פון דער היים, לויט דער ריי. אויסער דעם האָט איבער דעם אויוון געברענט אַ לעמפּעלע מיט אַ קנייטל, וואָס האָט שטענדיק געקאָפּטשעט און געוואָרפן אַ טונקעלע שיין אויף דער שטוב.

אַמבעסטן האָב איך ליב געהאַט, ווען ער האָט מיט אונדז געלערנט תנ"ך. ער האָט געלערנט מיט אַ ניגון, שטענדיק נאָכמיטאָג, איבערהויפּט זומער, ווען די זון האָט זיך שוין אַראָפּגעלאָזט נידעריקער. דאָס פענצטער אָפן. אַ בוים איז געשטאַנען פאַרן פענצטער מקדמונים, ווו מיר חדר־יינגלעך פלעגן זיך שפּילן אין דער פרייער צייט. פייגל האָבן געטשוויטשערט און ס'איז געווען אַ נחת־רוח. מיר האָבן זיך אַריבערגעטראָגן אין אַנדערע מקומות פון ארץ־ישראל, מיט פיל פאַנטאַזיע געחלומט, וואָס מיר האָבן אַלץ פאַרמאָגט — מלכים, נביאים. פון דעמאָלט אָן האָט אויפגעוואַכט אין מיר אַ געפיל פאַר ארץ־ישראל, פון דעמאָלט בין איך געוואָרן אַ ציוניסט. דעם איינדרוק קען איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

שפּעטער האָב איך ביי גרעסערע מלמדים געלערנט גמרא מיט תוספות, ווי אויך פאַרשידענע פשטלעך מיט אַ „ויש לישב", איבערהויפּט אויף דער גמרא פסחים. אַלץ האָט מען געמוזט קענען אויסנווייניק.

איין רבין האָב איך געהאַט, לייביש טאָרלער. ער האָט ליב געהאַט אונדז דערציילן מעשיות, פאַרשטייט זיך חסידישע. ווען מיר האָבן געהאַט אַ שווער שטיקל גמרא אָדער תוספות, פלעגט ער זאָגן: לייגט צו קאָפּ. ווען מיר וועלן דאָס ענדיקן, וועל איך אייך דערציילן אַ מעשה פון מלאך־המוות, אָדער פון אַ מלך מיט אַ מלכה, אָדער עפּעס אַנדערש. דעמאָלט איז אונדזער לערנען שוין געגאַנגען ווי אַ מזמור.

נאָך אַ רבין האָב איך געהאַט, הערשל באָכאָטניצער. ער איז געווען מיין לעצטער חדר־רבי, ווייל נאָך אים האָב איך אָנגעהויבן לערנען אין בית־המדרש. ער איז געווען אַ קראַנקער, שטענדיק געהוסט. קיין סך קינדער האָבן ביי אים נישט געלערנט, נאָר געציילטע, פון די רייכערע משפּחות.

אַ סך מאָל נאָכן לערנען, זומער נאָכמיטאָג, פלעגן מיר מאַכן אַ שפּאַציר ביי דער ווייסל, נישט ווייט פונעם חדר. ער פלעגט מיט אונדז שמועסן וועגן מידות, ווי אַזוי אַ מענטש דאַרף זיך פירן. אין אָוונט, פאַרן אַהיים גיין, האָבן מיר געזען די זון אונטערגיין אויף מערב־זייט, אויף דער צווייטער זייט ווייסל. דער הימל רויט, ווי אויך דאָס וואַסער — רויט פון אָפּשפּיגלונג. ס׳איז געווען אַ שפּיל פון פאַרבן, אַ הערלעכע פּאַנאָראַמע, וואָס שטייט מיר שטענדיק פאַר די אויגן. בכלל האָט מען קוזמיר גערופן די פּוילישע שווייץ. דאָס שטעטל איז געלעגן צופוסנס פון אַ באַרג. אַלץ אַרום באַדעקט מיט גרינס. אויפן באַרג זענען געשטאַנען דריי גרויסע צלמים, וואָס דאָס איז געבליבן פון דעם אויפשטאַנד פון די פּאָליאַקן קעגן רוסלאַנד, פאַר איר באַפרייונג. צופוסנס האָט זיך געשלענגלט די ווייסל. ס׳איז באמת געווען וווּנדערבאַר. ביי אַזאַ שפּאַציר האָט זיך דער רבי געפילט זייער גוט. דער הוסט האָט נאָכגעלאָזט, און פאַר אונדז קינדער איז עס געווען אַן אמתע שמחה.

נאָך דעם רבין האָב איך שוין אָנגעהויבן לערנען אַליין אין בית־המדרש. אַ מאָל — צוזאַמען מיט נאָך אַ יינגל. כ׳בין געוואָרן אַ בית־המדרש־בחור. מיין ליבע מאַמע איז געווען איבערגליקלעך. אין קיין שול בין איך נישט געגאַנגען. איך האָב געפילט, אַז מיר פעלט וועלטלעכע בילדונג, אַליין גענומען זיך לערנען פון אַ בריוונשטעלער פּויליש, רוסיש, חשבון. רוסיש איז מיר טאַקע דערנאָך שטאַרק צונוץ געקומען, ווען איך בין געווען אין רוסלאַנד אַלס זעלנער. העברעיש האָב איך מער־ווייניקער געקענט פון לערנען לימודי קודש. כ׳האָב אָנגעהויבן לייענען אַ סך יידישע ביכער. נישט איבערגעקליבן, וואָס נאָר ס׳איז אונטערגעקומען: פון אַ מעשה־ביכל פון אַ מוכר־ספרים ביז די „גאָט־הייט" פון הערמאַלין. איך האָב פשוט געשלונגען ביכער. ביי מיר אין קאָפּ איז געווען אַ מישמאַש. איין זאַך האָב איך געוווּסט — כ׳דאַרף אַ סך לייענען.

## דער טויט פון מיין זיידן משה־נחמן

ווינטער, אָנהייב חשוון, איז מיין זיידע קראַנק געוואָרן. דער פעלדשער איז געקומען און ווי דער שטייגער, געגעבן אַ מעדיצין. מען האָט אויך גערופן דעם דאָקטאָר. ער האָט פאַרשריבן דאָס זעלבע וואָס דער פעלדשער. קיין בעסערונג האָט מען נישט געזען. ער איז געוואָרן אַלץ מער אָפּגעשוואַכט. מענטשן זענען אים געקומען מבקר־חולה זיין. ווען ער איז געזונט געווען, פלעגט ער יעדן טאָג זיין ביי אונדז. דעם זייגער, וואָס איז ביי אונדז געהאָנגען, מיט צוויי גרויסע געוויכטן אויף קייטן, פלעגט ער רעגולירן. מען האָט דערציילט, אַז ווען ער איז געווען אַ חתן־בחור פון דרייצן יאָר, האָט אים דער מחותן געגעבן אַ זילבערן זייגערל און אויך אַ פּענמעסערל. האָט ער מיט דעם קליינעם קלינגל צעשרויפט דעם גאַנצן זייגער, אים צוריק צוזאַמענגעשטעלט און געזאָגט: איצט מעג איך טראָגן דאָס זייגערל. ער האָט אויך געמאַכט אַ זון־זייגער אין שטיבל פון רבי ר׳ יחזקאל,

ווי ער האָט געדאַווענט. לויט דעם זייגער, האָבן אַלע, וואָס האָבן דאָרט געדאַווענט, אָנגעשטעלט זייערע זייגערס. ער איז געווען אַ מענטש, וואָס האָט נישט געהאַט קיין שונאים, מעורב בין הבריות.

אַזוי האָט די קרענק געדויערט אַ גאַנצן חודש. ראש חודש כסלו, בייטאָג, האָט ער געדאַווענט אין בעט, שוין נישט געקענט אַראָפּגיין. אין אָוונט האָט ער נאָך געדאַווענט מנחה־מעריב. 11 אַ זייגער ביינאַכט האָט ער זיך געוואַשן די הענט און געזאָגט, אַז מען דאַרף זיך גרייטן אין וועג אַריין. ער האָט אָנגעהויבן זאָגן ווידוי, פּונקט צוועלף ביינאַכט איז דער זיידע געשטאָרבן. זיין זייגערל און אונדזער שטוב־זייגער, האָבן זיך גלייך אָפּגעשטעלט.

צומאָרגנס איז געווען אַ גרויסע לוויה, אַלע קרעמערס האָבן פאַרמאַכט די געשעפטן, דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען איינגעהילט אין טרויער. מיין מוטער האָט עס נאָך מער דערשלאָגן, ווייל זי איז ביי אים געווען די באַליבטסטע טאָכטער. מיין זיידע האָט געהאַט נאָך צוויי טעכטער. איינע האָט געוווינט אין וואָנוואָלניץ און נאָך איינע, פון דער צווייטער פרוי, חנה רחל און די מומע פון וואָנוואָלניץ, עלקע, זענען אומגעקומען מיט זייערע פאַמיליעס.

מיין מוטער האָט זיך שטאַרק צום האַרץ גענומען, אין אונדזער שטוב איז ווידער געוואָרן טרויעריק. מיין לערנען אין בית־המדרש איז געוואָרן אַ לאַסט. איך האָב געזאָגט, אַז כ׳וויל לערנען אַ פאַך. וואָס וועט ווערן פון מיר? אין שטעטל פלעגן קומען פאַרשידענע שרייבער, סטודענטן. עס האָבן אָנגעהויבן בלאָזן נייע ווינטן. אַלע יאָר פלעגט קומען שלום אַש, סעגאַלאָוויטש, פרעגער א״אַנד. ס׳איז געווען אַ בין הזמנים. מיין פאָטער איז געווען אין דער היים. האָט מען אָנגעהויבן קלערן וואָס פון מיר צו מאַכן. איך האָב קאַטעגאָריש באַשלאָסן מער נישט לערנען אין בית המדרש (כאָטש היינט טוט עס מיר שטאַרק באַנג). זיין אַ שניידער, שוסטער, סטאָליער — קומט נישט אין באַטראַכט. נאָר איין זאַך איז דאָ וואָס מען קען פון מיר מאַכן — אַ גאָלדשמיד, אָדער זייגערמאַכער, נאָר צו ביידע פאַכן האָב איך נישט קיין חשק.

דער סוף איז געווען, מען האָט באַשלאָסן, אַזוי ווי מיין פאָטער האָט אין ראַדאָם אַ פעטער הערש־לייב גרין, ווי אויך קוזינען (יאָסל גרין און מרדכי הירשנזאָן), אַלע גרויסע גבירים מיט שניט־געשעפטן, וועט ער מיך מיטנעמען קיין ראַדאָם, מאַכן פאַר אַ סוביעקט (אָנגעשטעלטן) און דערנאָך וועל איך שוין אַליין ווערן אַ סוחר. מיט דעם דאַרף מען זיך שוין נישט שעמען.

## אין ראַדאָם און אין וואַרשע

קומענדיק קיין ראַדאָם, האָט מען זיך פּשוט איבער מיר געריסן. איך בין מיט מזל געבליבן ביי יאָסל גרין, אַ גרויס שניט־געשעפט אויף דער לובלינער גאַס.

דאָס ערשטע, ווי דער שטייגער, האָב איך אויסגעקערט דאָס געשעפט. און ביים אויפרוימען געפונען אין ווינקל אַ גאָלדענעם פינפער־רובל. איך האָב זיי דאָס צוריק־געגעבן. זיי האָבן צווישן זיך געשמייכלט. דערנאָך בין איך געוואָר געוואָרן, אַז דאָס האָבן זיי ספּעציעל אַוועקגעלייגט, כדי אויסצופּרווון צי כ'בין ערלעך.

איך האָב דאָרט קיין האָניק נישט געלעקט. מען האָט מיט מיר פאַרשטופּט אַלע לעכער. אַ סך מאָל האָב איך צוגעהונגערט. איך האָב זיך געשעמט צו פאַרלאַנגען נאָך אַ ביסל עסן. אויפגעוועקט האָט מען מיך זעקס אַ זייגער. זיבן האָט מען שוין געעפנט דאָס געשעפט. געגעסן האָב איך צוויי זעמעלעך מיט קאַווע. דאָס איז געווען פאַר מיר ווייניק. דעם צווייטן איבערבייס האָט מען נישט תמיד געדענקט מיר צו געבן.

אַ סך מאָל בין איך דעמאָלט פונקט געווען פאַרנומען מיט ערגעץ אַ גאַנג. נאָר אַז איך פלעג אַרויפקומען אין שטוב, האָט די איינציקע טאָכטער, גענענדזשע, מיר דערלאַנגט אַ שטיקל ברויט מיט פוטער. אויסער איר, האָט קיינער אין מיר נישט געדענקט. איך בין געווען פאַרהאָרעוועט אַ גאַנצן טאָג. אַפילו ביינאַכט האָט מען אויסגעזוכט פאַר מיר אַרבעט. איך האָב געמוזט פוצן אַלע שטיוול און שיך. איך פלעג פאַלן פון מידקייט. שבת נאָכן עסן האָב איך נישט געטאָרט אַרויסגיין, געמוזט לערנען פּרק, אָדער זאָגן ברכי נפשי. ווי נאָר מען האָט אָנגעצונדן אַ ליכט, האָט מען גלייך געעפנט דאָס געשעפט. ווען איך פלעג אַ היים פאָרן אויף אַ יום־טוב, האָב איך געוויינט, נישט געוואָלט צוריק פאָרן. מען האָט אָבער געהאַלטן אין איין איינרעדן, אַז דאָרט וועל איך ווערן אַ לייט, שפּעטער אַ סוחר.

נאָכן אָפּמאַטערן זיך בערך דריי יאָר אין ראַדאָם, בין איך פון דאָרט אַנט־לאָפן קיין וואַרשע. מיין צווייטע שוועסטער, חיה, האָט דערווייל חתונה געהאַט און געוווינט אין וואַרשע. איר חתונה איז אויך צוגעגאַנגען מיט גרויס פּאָמפּע. זי האָט חתונה געהאַט מיט אַ זון פון אברהמלע גליקשטיין, וועלכן מען האָט גערופן אברהמלע גאַרב, ווייל ער האָט געהאַט אַ הויכע פּלייצע. ער איז געווען אַן אָנגעזעענער ייד, אַ וואַלד־סוחר, שטענדיק מיט אַ לאַנגן לולקע־ציבוך אין מויל. ער האָט געהאַט עטלעכע זין און איין טאָכטער. די זין זענען שטענדיק געווען אין דייטשלאַנד. איין זון, שמואל, איז אַ היים געקומען זיך שטעלן צום מיליטער, ווייל אַנדערש וואָלט דער פאָטער געמוזט באַצאָלן 300 רובל. ער האָט זיך פאַרליבט אין מיין שוועסטער חיה. פון מיליטער האָט מען אים באַפרייט, מיר האָבן נישט געוווּסט פאַר וואָס. ערשט שפּעטער, אַ שטיק צייט נאָך דער חתונה, זענען מיר געוואָר געוואָרן, אַז ער איז געווען שווינדזיכטיק. אין וואַרשע האָט ער געאַרבעט ביים צושניידן זאַמש צו די טאַשן, וואָס מען האָט דעמאָלט געטראָגן.

מיין פאָטער איז געפאָרן צו ר' אפרימל, דעם קוזמער רבינס זון. ווען ער איז נפטר געוואָרן, איז מיין פאָטער געפאָרן צו זיין זון ר' שלמהלע פון וואָלאָמין. בין איך געפאָרן צום רבין אין וואָלאָמין און דאָרט געלערנט מיט זיין זון יאַנקל, במשך אַנדערהאַלבן יאָר.

איך האָב אָבער ווידער נישט געקענט איינזיצן, בין אַוועק קיין וואַרשע. עס האָט מיך געצויגן די גרויסע וועלט. איך האָב געזוכט אַרבעט און זי באַקומען ביי דאַמען־טאַשן.

איך האָב אָפּגעאַרבעט אַ שטיקל צייט, נישט שלעכט פאַרדינט. דערנאָך האָב איך אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס צושנײַדער ביי ווייסע וועש. דאָס האָב איך צוגעזען ביי אונדז אין שטוב, ווי מיין מאַמע פלעגט צושנײַדן, האָב איך באַלד געכאַפּט דעם אופן — און ס'איז געגאַנגען. דער בעל־הבית איז אויך געווען אַן אָנפּאַנגער, נאָך דער חתונה, און איך האָב זיך אויסגעטויגט אין דעם.

נאָר ווידער האָב איך געמוזט איבעררייסן און פאָרן אַהיים. מיין מוטער איז ערנסט קראַנק געוואָרן, און כ'האָב געמוזט צוהעלפן אין שטוב ביי דער אַרבעט.

דער מצב פון מיין מוטער איז אַ ביסל בעסער געוואָרן, האָב איך זיך גענומען צייט אָפּצוגעבן זיך מיט קולטור־אַרבעט. צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע חברים, האָבן מיר גע־גרינדעט אַ ביבליאָטעק. געבערענגט ביכער פון וואַרשע, געגעבן זיי צו לייענען פאַר אַ קליינעם אָפּצאָל. ביסלעכווייז פאַרגרעסערט די צאָל לייענער און פריינד. די רייכערע האָבן זיך באַשטייערט פאַר דער ביבליאָטעק, וויפל זיי האָבן נאָר געקענט. אַלץ איז געווען אין געהיים, ווייל קיין דערלויבעניש האָבן מיר דעמאָלט נישט געהאַט. מיר האָבן געהאַלטן די ביכער באַהאַלטן אויף אַ בוידעם, אונטערן דאַך. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן אין אונדזער שטעטל אַ קולטורעלע אַרבעט. זומער־צייט פלעגן מיר אַרויסגיין אונטער דער שטאָט, צווישן די בערג, דיסקוטירט, געזונגען און דעקלאַמירט. אַלץ וואָס ס'איז געווען אָנגענומען אין יענער צייט. איך בין געווען דער זינגער, דעקלאַמאַטאָר. אונדזער לעבן איז געווען אַן אָרעם, אָבער פריילעך, יונג און מיט האָפענונג.

### מיין מוטערס טויט

אין דער צייט פון מיין מוטערס קראַנקייט, פלעגט ווינטער איר ווערן ערגער, און זומער — בעסער. זי פלעגט דעמאָלט צוביסלעך אַרומגיין אין שטוב. אַ מאָל אַ זומער, האָט איר עפּעס פאַרשאַדט דער מאָגן. פּונקט איז אונדזער פעלדשער משהקע גערופן געוואָרן אין אַ שכנותדיק שטעטל און אויפן דאָקטאָרס אָרט איז געווען אַ נייער. האָט מען אים גערופן, האָט ער פאַרשריבן אַ רעצעפּט, וואָס איז פאַר איר געווען צו שטאַרק. ווען זי האָט גענומען דעם צווייטן פּראָשעק, האָט זי געזאָגט, אַז ער האָט זי אָפּגעסמט. עס האָט נישט געדויערט לאַנג, דריי טעג, און מיין ליבע מוטער איז געשטאָרבן. ווען דער פעלדשער איז צומאָרגנס געקומען, האָט ער געשריגן, פאַרוואָס מען האָט גערופן דעם „קאָוואַל". אַזאַ מעדיצין איז גוט פאַר אַ געזונטן פּויער, אָבער נישט פאַר מיין מוטער. דאָס איז געווען דאַנערשטיק, 12 טעג אין חודש אָב, ווען מיין מוטער האָט פאַר־מאַכט אירע אויגן. אין שטעטל איז געוואָרן אַ בהלה. מענטשן האָבן נישט געוואָלט גלייבן. דער טרויער האָט אַרומגענומען דאָס גאַנצע שטעטל. אין שטוב — אַ יללה, אַ געוויין פון

אייגענע און פרעמדע. נאָר איך האָב קיין טרער נישט געקענט לאָזן. איך האָב זיך פּשוט געשעמט. איך האָב נישט געקענט גלייבן, אַז מיין ליבע, טייערע מוטער, לעבט שוין נישט מער. איך בין טאַקע געווען אַז מיין מוטער זאָל זיין קראַנק, ס׳איז איר אָבער אַלע מאָל בעסער געוואָרן. איצט איז זי באמת טויט. איך האָב שוין נישט קיין מאַמען, וועלכע זאָל מיך צודריקן צום האַרצן, אַזוי ליבלעך אָנקוקן מיט אירע שוואַרצע, קלאָרע אויגן. די גאַנצע צייט וואָס מען האָט זיך פאַרנומען מיט דער טהרה, האָב איך אַלץ קיין טרער נישט געקענט לאָזן. אַלע אַרום מיר האָבן געוויינט, די שוועסטערן, קרובים, שכנים. מען האָט געקלאַפּט אַ טעלעגראַמע נאָך מיין פאָטער. ער איז שנעל געקומען. דאָס גאַנצע שטעטל איז געגאַנגען באַגלייטן מיין מוטער אויפן בית־הקברות. ערשט ווען מען האָט מיין מוטער אַריינגעלייגט אין קבר אַריין און איך האָב אָפּגעזאָגט דעם ערשטן קדיש, האָב איך אַרויסגעלאָזן אַ ספּאַזמאַטיש געוויין. אַ גאַנצן טאָג נישט געקענט מער איינהאַלטן זיך פון וויינען. כ׳האָב ערשט דערפילט וואָס עס הייסט זיין אַ יתום. מיר האָט געפעלט איר וואַרעמער בליק, איר צודריקן מיך צו איר ברוסט און אירע וואַרעמע קושן.

נאָך מיין מוטערס טויט, בין איך געוואָרן שטאַרק מעלאַנכאָליש. נישט איין יאָר האָט עס אַזוי געדויערט. איך האָב זיך גאָרנישט געקענט טרייסטן. זי האָט מיר געפעלט אויף יעדן שריט. דאָס לעבן איז זיך ווייטער געפלאָסן. איך אָבער האָב זיך נישט געפונען קיין אָרט. איך האָב פאַרלאָזט דאָס שטעטל און בין ווידער צוריק געפאָרן קיין וואַרשע.

מיין שוועסטער חיה האָט אַלץ געווינט אין וואַרשע. איך האָב צוריק באַקומען מיין פּאָסטן אַלס צושניידער, ביים זעלבן בעל־הבית ווו כ׳האָב פריער געאַרבעט. ער, פּנחס אַלטמאַן, איז געווען זייער אַן אָרנטלעכער מענטש.

### ערשטער מאי 1905 אין קוזמיר

דער טאַטע איז אַ היים געקומען פון בית־המדרש מיט אַ געלעכטער:

— האָסט געהערט, וואָס עס טוט זיך היינט אויף דער וועלט? שרה ביילע־גיטלס זון, ישראלכל ראַצער איז געוואָרן אַ גאַנצער מאַכער ביי די סאָציאַליסטן. האַלט רעדעס, רופט צו שטרייקן און נישט פאָלגן דעם קיסר. אָווא, וואָס אויף דער היינטיקער וועלט קען פּאַסירן!...

מיר, יינגוואַרג, האָבן שוין פון לאַנג געוווּסט וואָס עס טוט זיך אין גאַס, ווייל מען האָט זיך געריכט אויף דעם ערשטן מאַי וואָס דאַרף זיין מאָרגן. מיר פלעגן זיך פאַר־גנבענען, ווען ס׳איז פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג אין וואַלד, הערן אַלע רעדעס, וואָס מען האָט דאָרט געהאַלטן. קיין סך, וואָס אַן אמת, האָבן מיר נישט פאַרשטאַנען, אָבער מיר האָבן געשפּירט עפּעס אַזעלכעס, וואָס איז געווען אינטערעסאַנט פאַר ווייסע חברה־ניקעס: אויס קיסר... פרייהייט... די ערשטע צייט האָט מען אונדז געיאָגט עד חרמה, נאָר

שפּעטער זענען מיר זיי צונויף געקומען. מיר פּלעגן זיי אויסשפּירן אַלע וועגן, צי קאַראַל דער סטראַזשניק מיט דער רויטער נאָז, אָדער טאָמאַס ניעכטשי, דער היטער פון דער קאַנצעלאַריע, גייט נישט. ער איז אויך געווען דער היטער פון דער „קאָזע״.

מיר ייִנגוואַרג, האָבן פאַר אים מערער געציטערט ווי להבדיל פאַרן רבין, הערש־פּייוול דער קנייפּער. אַזוי האָט מען אים גערופן ביי אונדז אין שטעטל. אַז אַ חדר־ייִנגל האָט נישט געזאָגט דעם שיעור ווי געהעריק, האָט ער אויסגעקניפּן שטיקער פליש. דערצו נאָך איז ער געווען אַ מוהל, געהאַט שפּיציקע נעגל ביי דעם גראָבן פינגער. בקיצור, דער טאָמאַס ניעכטשי איז פאַר אונדז געווען דער ערגסטער מענטש אויף דער וועלט. ער האָט נאָך געהאַט אַ העלפער צו זיך, דער בלינדער וואַלאַסעק, וואָס האָט אַלע שבת אין דער פרי אײַנגעהייצט די אויוונס ביי ייִדן און אויסגעקערט דעם מאַרק. פאַר אים האָבן מיר זיך נישט אַזוי געשראָקן, נאָר זינט עס האָט זיך אָנגעהויבן די מרידה, האָט מען אויך אים צוגעצויגן צו דער פּאָליציי. זיי זענען געוואָרן מוסרים, די היטער פון ניקאָליי דעם צווייטן. דער זעלבער בלינדער וואַלאַסעק האָט טאַקע אַ מאָל אָנגעוויזן אויף איינעם סענדער באַנדיט. אַז ער איז עפּעס נישט כשר, האָט מען אים גלייך אַרעסטירט און אין קייטן אָוועק געשיקט אין פּאַוויאַט אַריין. דאָס גאַנצע שטעטל האָט געררודערט. עס האָבן זיך געשאַפן צוויי גרופּן. איין טייל (די בעלי־בתים פון שטעטל) האָט געזאָגט, אַז גאַנץ גלייך וואָס מען האָט אים אַרעסטירט. מיר דאַרפן נישט זיין קעגן צאַר. די גמרא זאָגט: „אלמלא מוראה של מלכות, איש את רעהו חיים בלעו״. די צווייטע גרופּע, בעלי־מלאכות, פּשוטע מענטשן, האָבן אים באַדויערט. „אַ שאָד, אַזאַ ווילער יונג, שטענדיק געווען אַ נאַש־בראַט. אַ שאָד, אַ שאָד״.

פון דעמאָלט אָן האָט אָנגעהויבן וואַקסן די אַרבעטער־באַוועגונג. יעדע וואָך זענען געקומען פרישע מענטשן, כמעט אַלע האָבן געטראָגן שוואַרצע סאַטינענע רובאַשקעס, שוואַרצע קאַפּעליושן, מיט רויטע שנורן אַרום די רובאַשקעס. אַלע כמעט — איין פּנים. ווי נאָר מען האָט געזען אַזאַ איינעם קומען אין שטאָט, האָבן מיר, קליינוואַרג, געוווּסט, אַז היינט וועלן מיר האָבן אַ פאַרזאַמלונג. באַזונדערס האָב איך געהאַט די זכיה צו זען די אַלע חברים, וועלכע זענען געקומען אין שטאָט.

איינעם שטעטל איז געווען איינע אַ חברטע, וועלכע מען האָט גערופן אסתר מרדכי־נחומס, אַ חסידישע טאָכטער. דער פאָטער איז שוין געווען אַן עלטערער מענטש. שטענדיק געזעסן אין בית־המדרש און געלערנט. די מוטער — אויך אין די עלטערע יאָרן. אסתר האָט געגעבן לעקציעס אין פּויליש, רוסיש. זי איז ביי אונדז געווען די מוטער פון די רעוואָלוציאָנערן. ווען ס׳איז ווער געקומען פון די חברים, האָט ער שוין ביי איר געפונען אַן אָרט. פון יענער שטוב האָט זיך געשפּונען דער סאָציאַליסטישער פאָדעם.

די נאָכט פון ערשטן מאַי בין איך פּונקט דאָרט געווען. די סיבה, וואָס איך האָב דאָרט געהאַט אַזאַ דריסת הרגל, איז געווען — מיין שוועסטער. זי איז דעמאָלט געווען

באַאיינפלוסט פון דער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע, געהערט צו די הייסע קעמפּערינס לטובת הכלל. היינט איז זי גאַנץ ווייט דערפון. אָבער דעמאָלט איז זי געווען אַקטיוו, זיך באַטייליקט אין דער אַ. ג. „הייליקער אַרבעט", געווען אַ גוטע פריינדין פון אסתרן.

אין דער נאַכט זענען זיך צוזאַמענגעקומען אַלע פאָרשטייער פון דער באַוועגונג, מען האָט זיך געגרייט פייערן דעם ערשטן מאַי. די פאַרזאַמלונג איז באַשטאַנען פון זיבן פערזאָן: פיר מענער און דריי פרויען. דער ערשטער איז טאַקע געווען ישראלכל ראָצער. צווישן די חברים האָט מען אים גערופן חבר מאַרקס. פאַר וואָס מען האָט אים גערופן חבר מאַרקס, האָב איך נישט געקענט פאַרשטיין. ווייזט אויס, דאָס איז געווען לשם קאָנספּיראַציע. רעדן האָט ער געקענט זייער שיין. ווען ער האָט אָנגעהויבן רעדן, האָבן זיינע אויגן געפלאַמט, די שוואַרצע האָר האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט געקרייזלטער־הייט איבערן שטערן. מען האָט געשמועסט, אַז אין וואַרשע האָט ער זיך עפּעס געלערנט, נישט בלויז אַרבעטן פּאַסקעס, נאָר אויך שרייבן און לייענען. ווען ער האָט גערעדט, האָט מען אים געמוזט הערן, אַזוי האָט ער באַצויבערט מיט זיין שטימע. דער צווייטער איז געווען דער שוואַרצער מענדל. ער האָט געאַרבעט באַרשטן ביי אַ מייסטער. אין שטאָט האָט מען אַפילו געשמועסט, אַז ער אַרבעט שותפות. ער איז געווען בטבע אַ שווייגער, זעלטן ווען גערעדט. אַז עס האָט ווער גערעדט און ס'איז אים געווען צום האַרצן, האָט ער שטענדיק אונטערגעברומט אונטער דער נאָז: „אַוודאי, אַוודאי". דער דריטער איז געווען אַ בית־מדרש־בחור. נישט לאַנג איז ער געזעסן אין בית־מדרש און געשמאַק געלערנט. נאָר ווען דער סאָציאַליזם האָט אָנגעהויבן אַריינדרינגען אין די שטעט און שטעטלעך, האָט עס אונדזער בחור פאַרכאַפּט, ער איז געוואָרן אַ הייסער קעמפער פאַרן סאָציאַליזם. דער פערטער האָט געהייסן זכריה בלאַכאַזש. קיין בלעכער איז ער נישט געווען. אַמאָל, קליינערהייט, זיך עפּעס געלערנט ביי אַ בלעכער, איז ווען ער איז געקומען צוריק אַהיים, האָט ער זיך געשדכנט צו אסתרן, געווען ביי איר אַן אָפּטער איינגייער. אַ שלאַנקער בחור, שוואַרצע ברענענדיקע אויגן, געהאַט פיל חן. אויך אסתר האָט געהאַט אַ צוציונגס־קראַפט, אַ ברונעטקע, אַ ביסל אַ דיקלעכע אויפן געזיכט, נאָר אַ שיינע ווייסע צערע, שטענדיק מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן. זי איז געווען די געבילדעטסטע פון אַלע חברים. פאַר איר האָבן אַלע געהאַט אַ באַזונדערן דרך־ארץ. די אַנדערע צוויי מיידלעך: פייגעלע די נייטאָרין, אַ נידעריקע מיט אַ העל־בלאָנדן קאָפּ האָר. זי האָט שטענדיק געטראָגן מיט זיך אַ ביכל. אָן אַ ביכל האָט זי זיך נישט גערירט. אויך איז דאָרט געווען מיין שוועסטער חיה. זי האָט זיך געהיטן, אַז דער טאַטע זאָל, חלילה, זיך נישט דערוויסן, אַז זי מישט זיך אין אַזעלכע זאַכן. זיי זענען עס געווען דער אַזוי גערופענער קאָמיטעט פון אונדזער שטעטל.

אין דער נאַכט פאַרן ערשטן מאַי איז געשטאַנען די פראַגע: אַזוי ווי ביז איצט איז אַלץ געווען באַהאַלטן — דאַרף מען אַרויס אין דער עפנטלעכקייט און פּראָקלאַמירן דעם

סאָציאַליזם אויף דער גאַס. צוגרייטן די פאָן האָבן זיך שוין אונטערגענומען די פרויען. דאָס אויפשרייבן די אותיות האָט דער בית־מדרש־בחור גענומען אויף זיך. עס האָט זיך נאָר געהאַנדלט ווער עס זאָל טראָגן די פאָן. פלוצלינג איז אויפגעשטאַנען דער שוויגער, דער שוואַרצער מענדל און אויסגערופן מיט פאַטאָס: „דעם פאָן טראָג איך". אַלע זענען אַ ווײַלע געבליבן שטיל. אויף אים האָט מען זיך וואָס ווייניקער געריכט. דערנאָך זענען זיך אַלע צעגאַנגען, יעדער צו זיין אַרבעט. אין דער פרי מוז די פאָן זיין פאַרטיק.

אַ גאַנצע נאַכט בין איך נישט געשלאָפן. אַ קלייניקייט — מאָרגן, דער ערשטער מאַי, מען וועט גיין אין גאַס, טראָגן אַ רויטע פאָן. און איך ווייס שוין, ווער עס וועט זי טראָגן. דער שלאָף האָט פאָרט גובר געווען. ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין דער טאַטע געקומען פון בית־המדרש פון דאַווענען. קיין פריילעכע מינע איז נישט געווען אויף זיין פנים. עפּעס זאָגט מען, אַז עס דאַרף אָנקומען מיליטער פון פּאָוויאַט. מיר ווערט טרויעריק אויפן האַרצן. ערשט ווען איך בין אַרויס אין גאַס, האָב איך דערזען אַ וואַרעמע ליכטיקע זון, עס שטייען אַ סך קופּקעלעך מענטשן און ריידן, ס'איז עפּעס אַזוי יומטובדיק, אַ מחיה. אַ סך קריסטן פון דער גאַרבערײַ אַרבעטן נישט. אַלע זעען אויס יומטובדיק, כאָטש היינט איז נישט קיין חגא. איך האָב אויך שוין פאַרגעסן וואָס דער טאַטע האָט געזאָגט — און צוזאַמען מיט חברה יונגוואַרג זיך געגרייט מיטצוגיין מיט דער דעמאָנ־סטראַציע.

פּונקט 11 אַ זייגער האָט מען דערהערט צווייערליי געזאַנגען. איין גרופּע, וואָס איז אָנגעקומען פון דער לובלינער גאַס, האָט געזונגען: „דאָס איז אונדזער שונא, אין דער ערד זאָל ער ווױנען". און פון דער צווייטער זייט, נעבן דער ווייסל, האָט מען געזונגען דעם „טשערוואָני שטאַנדאַר". מיר, די קליינע חברה, האָבן נישט געוווסט, ווי פריער צו לויפן. צי אין דער זייט, צי אין דער צווייטער. אין קורצן אָבער האָבן זיך די צוויי מחנות דערנענטערט. אין איין זייט האָט געפלאַטערט אַ רויטע פאָן מיט זילבערנע יידישע אותיות, וואָס דער שוואַרצער מענדל האָט געטראָגן. אַ צען טריט קעגנאיבער, זענען געקומען די קריסטלעכע אַרבעטער מיט אַ רויטע פאָן און אַ פּוילישע אויפשריפט, וואָס האָט געפלאַטערט אַנטקעגן. איך בין געבליבן שטיין ווי באַצויבערט פון דעם בילד. די זון האָט געוואָרפן גאָלדענע שטראַלן, די זילבערנע אותיות האָבן געפינקלט פון דער ווייטנס. אַלע דעמאָנסטראַנטן זענען זיך צוזאַמען געקומען אויף דעם פּירקאַנטיקן מאַרק. אויף דער באַריערע אַרום דער פּלומפּ אינמיטן מאַרק, שטייט שוין אַ קריסטלעכער אַרבעטער און רעדט. ס'איז אַזוי שטיל, מען הערט יעדעס וואָרט. איך ווייס נישט וואָס ער האָט גערעדט. נאָר דאָס האַרץ איז געווען פאַרנומען מיט אַזוי פיל מחשבות וועגן עפּעס אַ פרייהייט, גלייכהייט, ברודערשאַפט, אַ בעסערער מאָרגן, אַ וועלט שכולו טוב. איך בין געווען ווי פאַרכישופט פון דעם שיינעם חלום.

צום סוף האָט מען געהערט אַ „פּרעטש" („נידער"), און נאָך אַ מאָל „פּרעטש" און

ווידער דעם „טשערוואָני שטאַנדאַר". דערנאָך האָט חבר מאַרקס, אונדזער ישראלכל ראָצער אָנגעהויבן רעדן, פריער פויליש און דערנאָך יידיש. גלייך דאָס יידישע וואָלט געווען אַ סיגנאַל פון עפּעס אַ געפאַר, האָט מען דערהערט אַ הילכיקן שאָס. ס׳איז געוואָרן אַ סומאַטאָכע. זעלנער האָבן זיך געיאָגט פון אַלע זייטן, מען האָט אָנגעהויבן לויפן.

ווען איך בין געקומען אַהיים, האָט מיין מוטער געחלשט. זי האָט געמיינט, אַז מען האָט מיך, חלילה, דערשאָסן. די שוועסטער איז נאָך אַלץ נישט געווען. מיך האָט מען שוין דעם טאָג נישט אַרויסגעלאָזט פון שטוב. ווען די שוועסטער איז אַהיימגעקומען, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דעם חבר מאַרקס האָט מען אַרעסטירט, די חברטע אסתר האָט זיך באַהאַלטן, דער שוואַרצער מענדל האָט די פאָן אָפּגעראַטעוועט, אָן דעם שטעקן.

טיף אין דער נשמה ליגט שטענדיק איינגעקריצט דאָס בילד פאַר מיינע אויגן. איך מוז זאָגן, אַז די דערינערונג פון ערשטן מאַי 1905, וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן. דאָס האָט אויך אויף מיר געווירקט, אין די שפּעטערדיקע יאָרן, צו האָבן סאָציאַליסטישע אידעען.

**דאָס קולטורעלע לעבן**

קוזמיר איז געווען אַ דאַטשע־אָרט, וווּ מען איז געקומען אויף אָפּרו. מען האָט עס גערופן די פּוילישע שווייץ. אַהער פלעגט מען קומען פון וואַרשע, לאָדזש, לובלין; אויך פון פּעטערבורג, מאָסקווע, קיעוו. קוזמיר האָט געשמט אַלס אַ זייער שיין אָרט, געהאַט ריינע, פרישע לופט.

קוזמיר שטייט אין אַ טאָל. די ווייסל שלענגלט זיך צופוסנס, אַרום דער שטאָט. אין די אַרומיקע סעדער וואַקסן עפּל, באַרן, פלוימען. אַרום זענען אויך דאָ וועלדער, וועלכע גיבן צו שיינקייט דער געגנט. אויף איינעם פון די בערג, געפינט זיך נאָך אַ חורבה פון אַ פּאַלאַץ פונעם קיניג קאַזשימיעזש דעם גרויסן. אויך איז דאָרט דאָ אַ באַשטע (טורעם). ווען מען שטייט אויפן טורעם, זעט מען אַרום אַ זייער גרויסן שטח פון דער געגנט. נישט אומזיסט פלעגן כמעט אַלע יידישע שרייבער פון יענער צייט באַזוכן קוזמיר. עס האָבן דאָרט פאַרברענגט: שלום אַש, פרעגער, סעגאַלאָוויטש, וויסנבערג, שלמה שיינבערג און נאָך אַנדערע, וועלכע איך געדענק שוין נישט. סעגאַלאָוויטש איז געווען מער קוזמירער, ווי ביאַליסטאָקער, אָדער וואַרשעווער. ער האָט ביי אונדז געשאַפן אַ סך פון זיינע ווערק.

מיר, קוזמירער יוגנט, זענען אויך נישט געווען אָפּגעשטאַנען און גענומען אַן אַק־טיוון אָנטייל אין דער השכלה־אַרבעט און איר פאַרשפּרייטונג אין יענער צייט. נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז קוזמיר געווען אַן אָרט פון קולטור. מיר האָבן שוין פאַרמאָגט אַן אייגענע ביבליאָטעק, וועלכע איז נישט געווען לעגאַל. מיר זענען אויך געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט דער חברה „מפיצי השכלה" אין פּעטערבורג. אין שפּיץ פון דער חברה איז דעמאָלט געשטאַנען מ. מ. אוסישקין ע״ה. מיר האָבן פון דאָרט באַ־

קומען צוגעשיקט פאַרשידענע פּראָפּאַגאַנדע־מאַטעריאַלן. ערב יום־כיפור האָבן מיר געזאַמלט געלט לטובת דעם יידישן ישוב אין ארץ־ישראל.

אין די מלחמה־יאָרן 1914—1918 האָבן מיר זיך פאַרנומען מיט הילף פאַר אָרעמע, געשאַפן אַ קיך אונטערן נאָמען „תומכי עניים״, באַקומען פאַרשידענע פּראָדוקטן פון דער עסטרייכישער קרייז־קאָמענדע — און אַזוי אַרום געמילדערט די נויט אין שטאָט.

שפּעטער איז ביי אונדז געשאַפן געוואָרן אַ פּועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע. זי האָט זיך דערנאָך געשפּאָלטן אויף רעכטס און לינקס, ווי דער שטייגער אין יענע צייטן...



מלווים את שמואל־אפרים קופרארד וקליקשטיין לרגל עלייתם לארץ־ישראל

מען באַגלייט שמואל־אפרים קופערערד און קאַליקשטיין צו זייער עולה זיין קיין ארץ־ישראל

דאָס קולטורעלע לעבן האָט געבלויזט און געשפּרודלט אין שטעטל. מיר האָבן איינגעאָרדנט פאַרשידענע אָוונטן, געהאַלטן פאָרלעזונגען, אַראָפּגעבראַכט רעדנער פון וואַרשע, לובלין. מיר האָבן געשאַפן אַ גמילות־חסדים־קאַסע, אָרגאַניזירט די יוגנט, וועלכע איז ערשט אַרויס פון בית־המדרש און זיי געלערנט און דערצויגן צו נייע אידעאַלן, איינגעפּלאַנצט אין זיי ליבע און איבערגעגעבנקייט צו ארץ־ישראל. די ציוניסטישע אַרבעט האָט פאַרנומען אַ גרויס אָרט אין קוזמירער יידישן לעבן. מיר האָבן אויך געשפּילט פאַרשידענע פּיעסן און בכלל מיטגעגאַנגען מיטן נייעם שטראָם.

קוזמיר האָט אַרויסגעגעבן דעם יידישן דיכטער און זשורנאַליסט, וועלכער איז היינט שטאַרק מפורסם — שמואל לייב שניידערמאַן, מיטאַרבעטער פון ניו־יאָרקער „פאָרווערטס״

און אַנדערע יידישע צייטונגען. דוכט זיך, אַז אין ישראל לעבט אַ קוזמירער קינסטלער, אַ סקולפּטאָר. איך געדענק נישט זיין נאָמען.

אַז מען פלעגט אַרויפגיין אויף די בערג אַ פריייטיק־צונאַכטס און אַראָפּקוקן אויפן שטעטל, ווי אין אַלע יידישע הייזער זענען אָנגעצינדן ליכט, ווי זיי פלאַטערן פון דער ווייטנס — האָט עס אויסגעזען ווי אַ כישוף־בילד פון טויזנט־און־איין־נאַכט... אָדער אַ פאַרנאַכט, ווען די זון גייט אונטער אויף מערב־זייט, אויף דער צווייטער זייט ווייסל, און זי שפּיגלט זיך אָפּ אין וואַסער מיט אירע גאָלדענע שטראַלן, האָט זיך אויסגעוויזן, אַז נאָר אַ מאָלער פון גאָטס גענאָד קען אויסמאָלן אַזאַ בילד.

ווען איך שרייב היינט די ווערטער, זע איך פאַר זיך קוזמיר אין איר גאַנצער פּראַכט פון אַמאָל, מיט אירע איינגעזעסענע בעלי־בתים אין שול און אין בית־המדרש, ווו עס האָט זיך אָפּגעשפּילט דאָס גייסטיקע לעבן פון די יידן. דאָרט האָט מען גערעדט און געשמועסט וועגן פרנסה, וועלט־פּאָליטיק. די גבירים האָבן פאַרנומען דעם אויבנאָן, ביי דער מזרח־וואַנט, דער מיטעלער קלאַס — אַ ביסל נידעריקער, און גאָר די אָרעמע — אונטן, ביי דער טיר, אויף מערב־זייט. נאָך איצט קלינגט מיר אין די אויערן, ווען פּסח שמש, אָדער שפּעטער זיין זון יאַנקל שמש, איז אַרומגעגאַנגען אין דער פרי קלאַפּן אין די לאָדנס און אין די טירן, געוועקט מען זאָל אויפשטיין צום דאַווענען. ער האָט געקלאַפּט דריי מאָל, נאָר ווען ער האָט, חס־ושלום, געגעבן צוויי קלעפּ, האָט מען זיך דערשראָקן. מען האָט שוין געוווּסט, אַז ס'איז פאַראַן אַ מת אין שטאָט...



ביום השוק — ציור של. ש. וודניצקי ● אין מאַרק־טאָג — בילד פון ש. וואָדניצקי

ש. בן־שמעון / תל־אביב

# מחצית שנת פעולה בקוזמיר

בשנים 29—1926, לאחר השגשוג בימי העליה הרביעית פקד משבר כלכלי את הישוב העברי בארץ־ישראל ורבים מהעולים שעלו בעקבות גזרות גראבסקי (שר־האוצר הפולני בימים ההם) חזרו לארץ מוצאם. השפל הכלכלי הביא בכנפיו משבר בתנועה הציונית בגולה וההתלהבות הגדולה משנות 26—1920, שאחזה אף במתנגדי הציונות מהמעמד הבינוני, אשר הצטרפו למחנה הציוני ובפרט ל„החלוץ" דעכה.

המשבר בתנועה הציונית לא פסח אף על העיירה קוזמיר וזאת בשל שובם של ה"ה לוינסון וכ"ץ לפולין. כדי להצדיק את שיבתם לפולין נהפכו למוציאי־דיבת הארץ, והסתייגותם מבניין הארץ היתה רבה. כאמור, המשבר פקד גם את קוזמיר, „החלוץ" ו„השומר" התפרקו ורק ההסתדרות הציונית, שרוב חבריה נמנו על סיעת „על המשמר", שבראשה עמד הציוני הנלהב, שמעון וישניה ז"ל, המשיכה בפעילותה. הוא הנהיג את התנועה במרץ רב ועמד בקשר עם מנהיג יהדות פולין דאז, הציוני הדגול מר יצחק גרינבוים. מדי שבת בשבתו (גם בימי חול) היו מתאספים חברים רבים במועדון של התנועה הציונית בו נערכו שיחות מעניני־דיומא ושרו משירי־ציון. אולם המתח הציוני בתחום החינוך והפעולה בקרב הנוער התרופף כליל. חניכי „השומר־הצעיר" שמייסדו היה זיגמונד סנדרוביץ' ז"ל התבגרו ונוכח המצב שהשתרר אז בארץ התחילו לדאוג לעתידם האישי. הבחורים נשאו עיניהם לנדוניה „ולהסתדר" בחיים והנערות — להשיג חתן בעל מעמד. כזה היה הלך־הרוח הכללי ששרר בעיירה. שערי הארץ היו נעולים והעלייה, בייחוד בקרב חוגי הציונים הכלליים ירדה מפרק. והרי מצב זה היה ניגוד בולט לאווירה מלאת ההתלהבות שאפפה את היהודים (פרט לאנשי „אגודת־ישראל") תקופה קצרה קודם־לכן. גם הפעילות למען הקרנות הציוניות — הקרן־הקיימת וקרן היסוד — נחלשה ביותר ולא נתרמו עוד כספים להן.

בהגיעי לקוזמיר היתה ראשית פעולתי, יחד עם פעילי התנועה במקום להחיות ולהחדיר את הרעיון הציוני, בפרט רעיון ארץ־ישראל העובדת לתוך שורות הנוער ובייחוד בין תלמידי בית־הספר. האמנתי, כי אם נצליח לרכוש את לב הנוער לרעיוננו

או־אז העתיד אתנו. אירגננו שלוש קבוצות נוער: הקבוצה הראשונה בשם קב׳ „טרומפלדור" היתה בניהולו של הח׳ לנגלבן ז"ל, הקבוצה השניה „שושנה", בהנהלתה של הגב׳ גישה פריד־מוזר, החיה כיום בארץ עם משפחתה וקבוצה שלישית — „פרחים" בהנהלת כותב רשומות אלה. במרוצת הזמן התקשרה קבוצה זו עם תנועת „השומר־הצעיר". כמו־כן נוסדה ספריה לנוער ובה ספרים עבריים רבים. בשלוש הקבוצות נערכה פעולה חנוכית ענפה — שיחות, פגישות, שירה בציבור וכו׳ — שנושה המרכזי היה — הציונות. נוסף לספריה נוסדה להקה דראמטית שאף היא תרמה להחדרת הרעיון הציוני. פעילותנו החלה להיות מורגשת בחיי העיירה. בל"ג־בעומר שנת תרפ"ט, שחל אז ביום ג׳ בשבוע — הוא יום השוק בעיירה — נערכה תהלוכה בהשתתפות קבוצות הנוער בעיירה. איכרי הסביבה שהביאו את תוצרתם לשוק וכן הרוכלים והתגרנים היהודיים עמדו משתהים נוכח החזיון שנתגלה לנגד עיניהם — נוער יהודי צועד בגאון על דגליו הלאומיים ושירה עליזה בפיו. האיכרים הורידו את כובעיהם לאות כבוד והיהודים מחאו כף. התהלוכה עשתה רושם עז על כל צופיה, שמימי סאן־רמו לא ראו כמותה.

גם הפעולה למען קרן־הקיימת חודשה, נבחרה ועדה, שמורשה היה הח׳ סולומון ז"ל וכן צורפו אליה ותיקי התנועה שעד כה היו פאסיביים והוחל בפעולה אינטנסיבית. שוב נראו הקופסות הכחול־לבנות בבתים יהודיים וימי החג השונים נוצלו להתרמה לקק"ל. בט"ו בשבט חולקו שקיות עם „פירות ארץ־ישראל" — שקדים ותאנים — שתמורתן היתה קודש לקרן הקימת. בפורים עברו זוגות־זוגות על בתי היהודים ואספו תרומות ל„גאולת



ועדת קרן הקיימת לישראל (1926) קרן־קיימת קאָמיטעט (1926)

הארץ״. רק שלומי אמוני ישראל נמנעו מלתרום, אף כי נאמר כי „בפורים כל הפושט יד נותנים לו״, — אך לא לקרנות של „פושעים״... גם נשף נערך בפורים, ומשלוח־מנות, וקערה הוצבה בבית־הכנסת לפני קריאת המגילה. בל״ג בעומר ובכ׳ תמוז נערכו ימי סרט שהכנסתם היתה כמובן קודש לקרן־הקימת. בערב יום־הכיפורים שוב הוצבה קערה בבתי־התפילה והמתרימים התחרו ביניהם, קערתו של מי תתמלא יותר. אך מריקי הקופסות לא טמנו ידם בצלחת כי ביקשו להגיע ולמלא את המכסה שהוטלה עליהם על־ידי לשכת הקרן הקימת.

בייחוד ערה היתה הפעילות הציונית בימי הקיץ. אז פקדו את קוזמיר, שהיתה ידועה כמקום קיט נאה על חוף הוייכסל, קייטנים רבים. גם תנועות הנוער הציוניות



שעורי־ערב לעברית — עם המורה כהנוביץ׳

אָוונט־קורסן פאַר העברעיש — מיט דער לערערין קאַהאַנאָוויטש

מהערים הגדולות כגון ורשה, לבוב, קרקוב, לובלין וכיו״ב קבעו כאן את „מושבות הקיץ״ שלהם. בעיקר פקדו אותה גדודי „השומר־הצעיר״ וההנהגה הראשית של „השומר־הלאומי״ שנוסד בזמן ההוא. ואף בני הנוער בקוזמיר הפיקו הנאה רבה ממושבות אלה, שכן ניתנה להם האפשרות לשמוע הרצאות מענינות מפי הד״ר בן־שם, ליפסקר, פורמנסקי וחברים אחרים מהנהגת „השומר־הצעיר״. הם היו מבאי ביתם של חיה־טובה וברוך ויזנברג ז״ל (חמותי וחותני ז״ל) ובשבתות סעדו על שולחנם וכובדו בחמין וכו׳ וכ„קינוח סעודה״ שרו משירי ציון ושירים מן ההווי החלוצי. אז היו תושבי העיירה מתקבצים סביב חלונות הבית ומאזינים לשירה הנלהבת שבקעה מתוכו. חבורה זו הביאה איתה מריח ארץ־ישראל החלוצית הנבנית. בבית משפחת ויזנברג הם הרגישו עצמם כבביתם, כי היה זה בית מכניס אורחים בלבביות וביד רחבה.

בימים ההם שוב החלו לנשוב בעיירה רוחות ציוניים. אז עמדתי לעזוב את העיירה והוכנה לי, כמקובל, מסיבת פרידה חגיגית. אך עם סיום ההכנות למסיבה נתקבלה בעיירה הידיעה המעציבה על פרוץ מאורעות דמים (אב תרפ״ט) בארץ־ישראל. נוכח הידיעות האלה הודעתי כי יש לקיים אספת מחאה של כל יהודי העיירה. בשעה הקבועה התמלא האולם עד אפס מקום ורבים צבאו בחוץ והתייחדו עם זכר הקרבנות הקדושים שנפלו בחברון, צפת ומוצא. כל הנואמים מחו בזעם נגד ממשלת המאנדאט שהפקירה את היישוב היהודי והתומכת במופתי שעמד בראש הפורעים. האספה שנועדה להיות מסיבת פרידה לכבודי נהפכה לאספת זעם ולדאגה רבה לגורל היישוב בארץ־ישראל. אך הנואמים בתוכם מר קלרמן מהלשכה הראשית של הקרן הקיימת ציינו את פעילותו של חתן־המסיבה בהחיאת הפעולה הציונית בקוזמיר. רבה היתה אז ההענות של הנוער לבוא לעזרת החלוצים בארץ, אולם שערי הארץ היו נעולים בפני החלוצים. בשירת „התקווה״ ו„תחזקנה״ ננעלה מסיבת פרידה זו.

את ערב הפרידה ההוא לא אשכח לעולם. עוד רואה אני בעיני רוחי את כל הנוער היקר הזה שנפשו כה כמהה להגיע לחופי הארץ ולא זכו. הם לא זכו, כי שערי הארץ היו נעולים בפניהם על ידי ממשלת המאנדאט, רק מתי מעט זכו לפרוץ שערים, אך רוב רובם עלו על המוקד שערכו המרצחים הנאציים לבית ישראל על אדמת פולין.

יהיו שורות מעטות אלה זכרון־עד, לנוער בני העיירה ולנוער כל עיירות פולין היהודיות שמקום קבורתם לא נודע.

תהא נשמתם צרורה בצרור חיי העם לנצח!



משה בער רייכמאַן / פּאַריז

# שטעטלדיקע בילדער, שטייגער, פּערסאָנאַזשן

1

אין אונדזער שטעטל קוזמיר איז מען נישט אַריינגעפאָרן, נאָר — אַראָפּגעפאָרן, און טאַקע מיט אַ געטראַסק. דער וואָס האָט ניט באַוויזן צו צוימען באַצייטנס די פערד, האָט געקענט ברעכן האַלדז און נאַקן. ווייל דער אַריינפאָר איז געווען אַ כסדרדיקער באַרג אַראָפּ.

איבער קוזמיר האָט דאָמינירט דער באַקאַנטער באַרג מיט די דריי צלמים, וועלכע מ׳האָט דאָרט אַוועקגעשטעלט, ווי דער אַלטער דור האָט דערציילט, כדי אָפּצושטעלן אין שטעטל די מגיפה פון כאָליערע וואָס האָט געבושעוועט מיט הונדערטער יאָרן צוריק.

אַ גרויסע אַטראַקציע פאַר די צוגעפאָרענע זומער־געסט איז געווען יעדער פרייטיק־צו־נאַכטס צו כאַפּן פון הויכן באַרג אַ בליק אויפן שטעטל, וואָס איז געלעגן אין טאָל. די אָנגעצונדענע שבת־ליכט אין די פענצטער פלעגן שאַפן אַ הערלעך בילד — ממש ווי פון טויזנט־און־איין־נאַכט.

אונדזערע יידן האָט מען אין אַנדערע ערטער גערופן „קוזמירער משומדים״, ווייל דאָס שטעטל איז פון דריי זייטן — די וויכטיקסטע וועגן — געווען באַשטעלט מיט קלויסטערס, און די פערטע זייט — די ווייסל. דערפון האָט זיך גענומען דער זאָג, אַז פון קוזמיר ווערט מען נישט אַנטרונען: אָדער מען שמדט זיך, אָדער מען ווערט דערטרונקען...

דאָס הויז וווּ איך בין געבוירן געוואָרן, איז געשטאַנען אויף דער לובלינער גאַס נומ. 1, מיטן פראָנט צום מאַרק און צו דער ווייסל. דאָס הויז האָט נאָך געהערט צו מיינע עלטער־זיידעס, וועמען מ׳האָט גערופן די ביקלס, ווייל זיי האָבן געהאַנדלט מיט בהמות און פעל, וועלכע זיי האָבן צוגעשטעלט אין די גאַרבערייען.

מיך טאַטן האָט מען גערופן לאָזער נעזל (צוליב דער היפּשער נאָז זיינער). מיין הייבאַם איז געווען בראָנקע די קאָרטן־לייגערין, וועלכע האָט, ווי מ׳האָט מיר שפּעטער דערציילט, אַ סך מאָל זיך איבערגעצלמט, ביז איך בין אין אַ מזלדיקער שעה געקומען

אויף דער וועלט, ממש אין דער זעלבער צייט ווי... ישו הנוצרי, ד. ה., דעם 24טן דעצעמבער, 12 ביינאַכט. אַזוי ווי מיין טאַטע האָט געוואָלט, אַז איך זאָל הייסן נאָך זיין טאַטן, און די מאַמע האָט געפּאָדערט דאָס זעלבע, נאָר לויטן נאָמען פון איר טאַטן, איז געמאַכט געוואָרן אַ פּשרה: רופן לויט ביידנס נעמען. האָט אָבער איין זיידע געהאַט צוויי נעמען און מיין מאַמען האָט ניט געשמעקט, אַז איר זון זאָל טראָגן אַזש דריי נעמען. איז מען אַוועק צום רב מיט אַ שאלה, וועלכער האָט געפּסקנט, אַז אַ נאָמען טאָר מען ניט שפּאַלטן — און כ׳בין געבליבן ביז היינט משה־יששכר־בער. נאָר דער קאַנצעלאַריע־שרייבער האָט מיר ניט געקענט פאַרגינען אַזאַ קייזערלעכן נאָמען און עס געמאַכט קירצער: מאַשעק־בערעק...

## 2

דער נאָמען קוזמיר האָט צום ערשטן מאָל אָפּגעקלונגען אין מיינע אויערן — און איך געדענק עס זייער גוט — גראָד אין... וואַרשע, ווו מיר האָבן געוווינט אויף דער אַלט־שטאָט. רעכטס אויף דער גאַס האָט זיך געפונען דער רינעק, פון וואַנען עס האָבן טרעפּ־אַראָפּ געפירט אויפן בוגיי צו דער ווייסל. די ערשטע יידן פון קוזמיר, וועלכע



ככר השוק — דער מאַרק־פּלאַץ

כ׳האָב דערזען אין וואַרשע, זענען געווען: ברוך פֿאָטשטער און כאַסקל בעדערס, ביידע עפּל־סוחרים, וועלכע האָבן מיט דער ווייסל געבראַכט זייער סחורה אין קריפּערס. אַ שבת זענען מיר אַוועק צו דער ווייסל, ווו עס זענען געשטאַנען פֿאַראַנקערט זייערע קריפּערס און באַוווּנדערט די רויטע עפּל, וועלכע האָבן געגלאַנצט און געפֿינקלט מיט אַ סך פֿאַרבן פֿון דער אונטערגייענדיקער זון. צו דעם צו האָט דאָס אַלץ זיך אָפּגעשפּיגלט אינעם גרינעם וואַסער פֿון דער ווייסל.

אין די שבת־צו־נאַכטסן פֿלעגן אין דער וואַרשעווער דירה פֿון מיין פֿעטער זכריה זיך צונויפֿקומען אַ ביסל יונגוואַרג פֿון קוזמיר: ביידע זין פֿון ברוך פֿאָטשטער, דער געלער, אַ זון פֿן איציק שינדלמאַכער און יוכבד — בלימעלע פֿאָטשטערס אַן אייניקל און נאָך אַנדערע. דער עולם האָט געשפּילט אין דאָמינע, געגעסן זעמל מיט באָריוּוקעס, צוגעזופּט טיי. פֿון אַנטקעגנאיבערדיקן פֿענצטער האָט פֿון גראַמאָפֿאָן זיך געהערט דער רעפֿריין „אוי געוואַלד אַ גנב / ער האָט דאָך מיך באַגנבעט / און צוגענומען אַלעס פֿון דער שטוב...”. די גאַז־לאַמטערן אין דרויסן האָט באַלויכטן דעם הין־און־צוריק גאַנג פֿון רעוויראָווע.

מיין קוזינע פּייגע, אַ פֿריילעכע מויד, האָט חוזק געמאַכט פֿון די קוזמירער ווי אַזוי זיי ריידן: יעך, מילעך. דאָרט האָב איך געהערט דערציילן, אַז לייבוש שוחט האָט זיך אַנומלט געפֿרעגט: וואָס איז גרעסער — אַ שטרייק צי אַ באָמבע? פֿון וואָס דער עולם האָט שטאַרק געלאַכט.

איין מאָל ביינאַכט האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טיר, עס זענען אַריין דער הויז־וועכטער, דער רעוויראָווע און צוויי „איסטשיקעס” (געהיים־אַגענטן) — און גענומען זוכן באָמבעס אין מיין מומע סילקעס בעט. קיין באָמבעס האָבן זיי נישט געפֿונען. אָבער דעם פֿעטער זכריה האָבן זיי מיטגענומען מיט זיך. נאָך זיין אַרעסט, איז די משפּחה אַוועק יעדער שבת שפּאַצירן אויפֿן וואָיענני פּלאַץ. דאָרט האָט מען מיר געוויזן אַ מאַרשירנדיקן זעלנער מיט אַ ביקס און געזאָגט, אַז ער היט דעם פֿעטער זכריה.

מיין מומע איז גאַנצע טעג אַרומגעלאָפֿן — און דורך דער פֿאַרמיטלונג פֿון אַ ייד אַן אייזן־הענדלער און מיט דער הילף פֿון געלט — איז מיין פֿעטער זכריה באַפֿרייט געוואָרן. אין שטוב איז ווידער געווען ליכטיק און דורכן אָפֿענעם פֿענצטער האָט דער גראַמאָפֿאָן אַריינגעשריגן „אוי געוואַלד אַ גנב...”

3

מיין פֿעטער יאַנקל אַנדערוס האָט דעמאָלט געדינט אין וואַרשע — און גראָד אים האָט געטראָפֿן, אַז ער איז געווען צווישן די זעלנער, וועלכע האָבן געכאַפּט ברוך שולמאַן, נאָך דעם ווי ר׳האָט אויסגעפֿירט דעם אַטענטאַט אויף קאָנסטאַנטי־נאָוון. עס האָט גענומען אַ סך מי צו באַוואָרענען זיך, אַז דער פֿעטער יאַנקל זאָל

זיין זיכער מיטן לעבן. אַ צייט שפּעטער, מען קוקט זיך אַרום — די באָבע איטע (איטע לייזער־יעקבס) איז פאַרשווּנדן. אַלע זוכן זי אַרום. ביז מ׳האָט אַנטדעקט, אַז מ׳האָט זי פאַרהאַלטן אין צערקל, ווייל זי האָט זיך אַוועק געשטעלט אויף איינער פון די וואַר־שעווער הויפּט־גאַסן פאַרקויפן עפּל, וועלכע זי האָט גענומען ביי ברוך פּאַטשטער. דאָרט, אויף יענער שיינער און גרויסער גאַס, האָט זיך בעסער פאַרקויפט ווי אין אַ פאַרשטאָט. אַז די באָבע איז באַפרייט געוואָרן און געקומען אַ היים, האָט מיין קוזינע פייגע נישט געקענט זיך איינהאַלטן און מיט כעס געזאָגט:

— וואָס קאָן דען גוט זיין, אַז ס׳איז קאַזע־מע־ע... (קוזמיר).

4

אַז מיין פאָטער איז קראַנק געוואָרן, האָט דער דאָקטאָר געראָטן נאָר פרישע לופט. און וווּ איז נאָך פאַראַן אַזאַ גוטע לופט ווי אין קוזמיר? האָט מען אויפן סטאַטעק אַרויפגעלייגט דאָס ביסל אָרעמקייט און מיט דער ווייסל זיך געלאָזט אין שטעטל. אַ טאָג מיט אַ נאַכט האָט געדויערט די נסיעה אויפן וואַסער. אָנגעקומען קיין קוזמיר, האָט מיר אַלץ אויסגעזען ניי און מאָדנע. די ערשטע צוויי יידן וואָס האָבן זיך מיר גוט איינגעקריצט אין זכרון, איז געווען דער שטומער עמע, וועלכער האָט געפּאַשעט בהמות



בית־הכנסת (כעת בית־קולנוע)   די שול (איצט — אַ קינאָ)

אויפן וועגל, וואָס באַרג אַראָפּ צום בית המדרש און דער שטומער מאָלער מינקאָווסקי, וועלכער איז תמיד געשטאַנען אין פּאָדערהויז פון בית־המדרש און געמאָלן דאָס שטעגל, וואָס האָט זיך געשלענגלט באַרג אַרויף...

מיין ערשטער מלמד איז געווען משה־חיים — אַ ברייטפּלייציקער ייד מיט אַ לאַנגער באָרד. געוווינט אין הויז פון יונה פישער, געלערנט דעם א״ב מיט יינגלעך און מיידלעך. ביי משה חיים מלמד האָב איך געזען און געהערט וועגן ־ אַ גאָר גרויסן וווּנדער: די דאַנציקער שטרוי... אויפן סופיט איז געהאָנגען אַ לאַנגע, דינע שטרוי פון אַ גרינעם קאָליר, מיט וועלכער דער מלמד האָט געסטראַשעט אַלע קינדער, אַז ווער עס וועט נישט גוט לערנען, וועט ער אויפהענגען אויף דער דאַנציקער שטרוי. איך, ווי די אַנדערע קינדער, האָבן ניט געקענט תופס זיין ווי אַזוי מען הענגט אויף אַ שטרוי — נאָר ווער ס'האָט וועגן איר יאָ פאַרגעסן, האָט באַקומען געשמיסן, אָדער מ'האָט אים געמאַכט אַ „פּעקל" און געשטעלט אין ווינקל.

5

מיר זענען צוריק געפאָרן קיין קוזמיר צוליב דער פרישער לופט פאַרן טאַטן, אָבער אויסער דעם האָט מען אויך באַדאַרפט פרנסה. האָט מען ביי יאַנעק דעם שמיד אויף די דזשאַלקעס געדונגען אַ סאָד. דאָרט איז פאַר מיר געווען אַ גן־עדן. גאַנצע טעג פלעג איך קוקן ווי די מאָלערס און מאָלערינס האָבן אויף אָנגעצויגענע לייוונטן געמאָלן דאָס הויז מיט די הייליקע און מלאכים, אויף וועלכע די צייט האָט געלאָזן קענטיקע שפּורן. גרויס איז געווען מיין שטוינונג, ווי אַזוי די הענט קאָנען נאָכטאָן דאָס וואָס די אויגן זעען.

באַזונדערס פריילעך איז געווען אין די שבתים, ווען משפּחה, פריינד און שכנים זענען געקומען צו גאַסט, אָדער סתם אַזוי זיך שפּאַצירן. אין די וואָכן־טעג זענען בית־המדרשניקעס געקומען דאָ זיך באָדן, כדי צו זיין וואָס ווייטער פון מענטשלעכע אויגן און טומל, וואָס אויפן פלאַוש־ברעג פון דער ווייסל. צווישן די לערנערס זענען געווען אויסגעצייכנטע שווימערס, ווי ישראל־שמואל, שמואל לעקיש און אַנדערע.

6

אַ סברה, אַז די פרישע לופט, דער דאָקטאָר כאַיקע (וועלכער האָט געהייסן מיין טאַטן טרונקען געברענטן האָניק) און מאַשקע פעלדשער (מיט זיינע באַנקעס) האָבן ניט געקענט גובר זיין מיין פאָטערס קראַנקייט. אַ געוויסן רעגנדיקן און בלאָטיקן טאָג, האָט מען מיך מיט מיין ברודער ניט געלאָזט גיין אַ היים פון חדר, נאָר געבליבן נעכטיקן ביי דער מומע זלאַטע. צומאָרגנס האָט מען מיך געפירט אַ היים און געהייסן געזעגענען זיך מיטן טאַטן. נאָר אָנשטאָט דעם טאַטן, האָב איך דערזען אַ לאַנגן טיש, איבערגע־

דעקט מיט אַ לייוונט. דערנאָך האָט מיין פעטער לייביש־יידל מיר געלערנט זאָגן קדיש און די מומעס האָבן מיך איבערצייגט, אַז אויב כ׳וועל אָפּהיטן דעם קדיש, וועט דער טאַטע אָנקומען גלייך אין גן־עדן. פאַרשטייט זיך, אַז כ׳האָב ניט דורכגעלאָזט קיין איין קדיש.

7

פון די שפּעטערדיקע מלמדים געדענק איך נאָר ישראל לעקעך־בעקער. דעם אמת געזאָגט, האָט די לעקעכער געבאַקן נאָר זיין ווייב חנה — אַ קיילעכיקע יידענע, וועלכע איז תמיד געווען פאַרפּאַרעט ביים אויוון. פון ישראלס מלמדות האָט מען ניט געקענט ווערן אַ גרויסער תלמיד־חכם, אָבער גוט זאָגן עברי און אָנשרייבן אַ יידיש אות — האָט מען יאָ געקענט. ביי אים האָבן אויך געלערנט מיידלעך, נאָר ביחידות, אין אַ באַזונדערן צימער.

אין די זומערדיקע אָוונטן, ווען די חדר־יינגלעך פלעגן זיך לאָזן אַ היים, נאָך אַ ביסל זיך פאַרהאַלטן אויפן מאַרק, כדי אַ שטיף געבן און שפּילן זיך, איז צו אונדז צוגעקומען עפּעס אַ פאַרשוין אָנגעטאָן אין אַ פעלערינע און אין דער האַנט — אַ לאַנגער שטעקן. אָנגעהויבן ריידן מיט אונדז ווי אויף שטום־לשון, ווייל ער האָט ניט געקענט קיין יידיש, נאָר איין וואָרט האָט ער אונדז יאָ געפרעגט: „הונגעריק?״

ווער עס האָט זיך באַהאַלטן הינטער דער פעלערינע — ווייס איך ניט ביזן היינטיקן טאָג.

8

אין יענע טעג האָבן עטלעכע ישיבה־בחורים, באַזונדערס פון די חברה תיקון ספרים מיט דודל פאַרעך (לייביש שוחטס אַן איידיקל) בראש, אַ הויכער, דאַרער בחור מיט געקרייזלטע האָר און אַ שטיק פליך אין מיטן קאָפּ — אָרגאַניזירט אַ פאַרשטעלונג „עקדת יצחק״. די שפּיל איז פאַרגעקומען אין געוועלב פון לייביש קאַזע, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ גרויסער שטוב און אַלקער. דאָס אַלקערל האָט געדינט פאַר דער סצענע, ווייל מ׳איז אַהין אַריין אויף עטלעכע טרעפּ. דינסטיק, אין אַ יאַריד־טאָג, האָבן זיי געמאָלדן וועגן דער פאַרשטעלונג. האָבן פויערים זיך אַ לאָז געגעבן זען „זשידאָווסקי טעאַטר״, געשטופּט זיך דורך דער פאַרנטיקער טיר, כדי כאַפּן אַ בליק ווי יצחק ליגט אויף דער עקדה און אברהם שטייט איבער אים און שאַרפט דעם חלף, בעת דער מלאך איז נאָך אַלץ געווען אין הימל. די פויערים זענען אַרויס דורך דער הינטער־טיר. אַזאַ באַזוך אין טעאַטער האָט געקאָסט עטלעכע קאָפּיקעס — און די ספרים־שענק אין בית־המדרש זענען באַרייכערט געוואָרן מיט נייע און פריש איינגעבונדענע ספרים.

אויסער דער חברה תיקון ספרים, זענען געווען אין שטעטל נאָך חברהס, ווי: ביקור חולים, גמילת חסדים און הכנסת כלה. אַמיינסטן אַרבעטלאָז איז געווען די לעצטע חברה, ווייל נישט יעדער טאָג האָט אין קוזמיר זיך געטראָפן אַ פאַרזעסענע מויד. ערשט ווען זכריהלע זשאַבאָטס טאָכטער האָט חתונה געהאָט מיט דעם עלטערן בחור משה טרעגער, איז דאָס גאַנצע שטעטל געווען ביי דער חופה. מ׳האָט משהן אַזוי לאַנג געשטאָכן מיט שפילקעס, אַז ער האָט געמוזט אַנקומען צו מאַשקע פעלדשער...

9

צווישן די ווילע יונגען איז אַמאָל פאָרגעקומען אַ געשלעג, דוכט זיך עפּעס צוליב אַ מיידל און הערשל זלמנס איז לייטיש צעשטאָכן געוואָרן, אַז מ׳האָט אים געמוזט אָפּפירן קיין וואַרשע. מיר, די דערוואַקסענע חדר־יינגלעך האָבן געשמועסט, אַז מ׳האָט הערשלען אַריינגעזעצט אין וואַרשע אַ זילבערנע ריפּ — נאָר בשום אופן ניט געקענט תופס זיין, ווי אַזוי מ׳קאָן לעבן מיט אַ זילבערנער ריפּ.



החוג הדרמטי של ההסתדרות הציונית • דראַמאַטישער קרייז פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע

צו מיין פעטער לייביש יידל פלעגט קומען דער לערער גערוויץ אויף איין שעה אין טאָג און געלערנט חשבון און רוסיש. אין שטעטל האָט קיינער ניט געצווייפלט, אַז דער־אָ גערוויץ קאָן רוסיש בעסער פון גובערנאַטאָר אַליין. ער האָט געהאַט אַ שטיקל חדר, וואָס מ׳האָט גערופן שקאָלע. נאָך אַ ייד האָט דאָרט געלערנט לייענען און שרייבן יידיש, בעת גערוויץ האָט געלערנט חשבון און רוסיש. זיין אַרט באַשטראָפן די תלמי־דים איז געווען אין גאַנצן אַן אַנדערע ווי אין חדר: קלאַפּן מיט אַ ווירע איבער דער האַנט, אָדער שטעלן אין ווינקל.

10

יהושע גלעזער, דער איידעם פון מאָטל זייגערמאַכער, איז געווען אי גלעזער, אי מאָלער, אי זייגערמאכער — נאָר פון דעם אַלעמען איז ניט געווען קיין עודף פון פרנסה. האָט ער איינגעהאַנדלט עטלעכע ראָווערן און זיי פאַרדינגען „אויף דער שעה״ צו פאָרן. די יידענעס האָבן די ראָווערן גערופן דריידל־דראַדל... איך געדענק, ווי לענגויס דער לובלינער גאַס איז אויף אַ ראָווער דורכגעפאָרן ישראל־שמואל, וועמענס פאָלעס פון כאַלאַטל האָט דער ווינט אויפגעהויבן און זיין רונדיק יידיש היטל איז שיער ניט פון קאָפּ אַראָפּ געפאַלן. זענען ווייבער געשטאַנען אין גאַס און מיט באַוווּנדערונג געשאָקלט מיט די קעפּ: ווי קומט אַזאַ חסידישער ייד צו אַ דריידל־דראַדל ?!

11

לייביש געדאַליעס, אַ קליין זשוואַווע יידל, וועלכער האָט שטענדיק געטראָגן קאַ־מאַשן מיט הויכע קנאָפּלעס און אין ווינטער — אַ שמוישן היטל, האָט אָנגעהויבן איינשטודירן מיט חברה בעלי־מלאכות „מכירת יוסף״. מיר שיינט, אַז ער האָט די גאַנצע פּיעסע געהאַט אין קאָפּ, די ראָלן האָט ער מיט זיי געלערנט פון אויסנווייניק. שיע גלעזער האָט געשפּילט די ראָל פון ראובן, מיין פעטער יאַנקל אַנדערוס — שמעון, יוסף האָט געשפּילט קוראָפּאַטוועס זון. דער פיזישער און אויסערלעכער אויסזען פון די קוזמירער אַמאַטאָרן, האָט פולשטענדיק אַנטשפּראָכן דער וויזיע פון די ביבלישע געשטאַלטן.

ווען ס׳איז געקומען צום מאָמענט, אַז די שבטים באַגעגענען זיך מיט די ישמעאלים און מען דאַרף דאָך מיט זייריידן טערקיש, האָט לייבישל געדאַליעס זיך אָנגערופן צו זיי בזה הלשון:

— כעוואַריאַ, כעוואַריאַ, קודאַ טי לאַיאַ? מי מאַמי מאַלקו נאַ פּראַדאַיו....

אונדזערע ישמעאלים האָבן אַוודאי פאַרשטאַנען דעם דאָזיקן טערקיש, והראיה, זיי האָבן אַרויס גענומען זייערע שווערדן פון די שיידן און אָפּגעקלאַפּט אין די שווערדן פון די שבטים. מ׳איז דורכגעקומען וועגן פּרייז — און יוסף איז פאַרקויפט געוואָרן...

12

יענעם ווינטער בין איך באַגליקט געוואָרן מיט אַ נייעם זיידן: מיין באָבע איטע האָט חתונה געהאַט מיט ר׳ יחיאל רפאלס, אַ ייד מיט לאַנגע, געקרייזלטע פיאות, ראש פון דער חברה קדישא און חברת תהילים. אויסער דעם איז ער געווען שמש אין בית־המדרש, אַ חוץ מאָלער, איינבינדער, סאַדאָווניק און... דער הויפט אַפּוטרופּוס איבער מיר. ווען ער האָט זיך געקליבן אָנצינדן און בענטשן די חנוכה־ליכט, האָבן חברה קליינוואַרג, אויסגעשטעלט אויף די בענק, אָנגעהויבן אויסרעכענען אַלע צונעמען פון שטעטל און דערנאָך אָנגעהויבן שרייען:

— ער גייט, ער גייט, ער גייט, ער לאַדעוועט, ער לאַדעוועט, ער לאַדעוועט, ער צינדט, ער צינדט, ער צינדט, ער ברענט, ער ברענט, ער ברענט... האָפּ!

נאָך דער ברכה האָבן אַלע געזאָגט אָמן! און די יינגלעך האָבן זיך אַ לאָז געגעבן אין גאַס אַריין, צוגענומען אַלע ריטענע בעזימלעך וואָס זענען געשטאַנען פאַר די געוועלבער צום פאַרקויפן, כדי זיי פאַרשליסן אין דער קאָמער פון בית־המדרש. די דאָזיקע בעזימער האָבן געדינט אַ גאַנץ יאָר אויסצוקערן דאָס בית־המדרש.

דער דאָזיקער מינהג האָט זיך איבערגעחזרט יעדער חנוכה.

13

אַ געוויסן פרילינג האָט די ווייסל שטאַרקער אויסגעגאָסן ווי אַלע מאָל, פאַר־פלייצט אַפילו פייערשטיינס הויז. פרומע יידן האָבן דערין געזען אַ שטראָף פון גאָט. אָט האָט יאָסעלע זאַמויסקי צוגעגרייט אין זיין געשעפט צלמלעך און פאַטשערקעס (קרעלן) צום אַדפּוסט, וואָס האָט אַרויס גערופן אַ גרויסן שטורעם ביי די יידן אין שטעטל. דער רב האָט אַפילו ספּעציעל געדרשנט וועגן יידישקייט. דערנאָך האָט יאָסע־לעס זון געעפנט אויף דער ווייסל־גאַס, אין הויז פון יעקב־לייביש זיסקינד אַ סאַדע־וואַסער געוועלבל מיט ליאַדעס און גלייכצייטיק פאַרקויפט און אויסגעבאָרגט ביכער פון דער נייער יידישער ליטעראַטור. אַזוי ווי מיין נייער זיידע איז געווען אויך איינ־בינדער, האָט זיך פאַר מיר געעפנט אַ קוואַל צו לייענען ביכער. בגניבה האָב איך ממש געשלונגען די ווערק פון מענדעלען, שלום עליכם, פּרץ. ר׳ חיים רפאל האָט ניט איין מאָל מיך געטריבן פון די ספרים, געשריגן, נאָר איך האָב פאַרט באַוויזן „אַריינצוכאַפּן״.

14

איין מאָל האָט אין שטעטל זיך באַוויזן אַ טשערקעס, וועלכער האָט פאַרקויפט פאַרשידענע שטאָפן אויף מלבושים. גרויס איז געווען דער וווּנדער, אַז דער דאָזיקער טשערקעס, וואָס האָט גערעדט נאָר רוסיש, איז געקומען אין בית־המדרש און געדאַ־ווענט ווי אַלע יידן. נאָר תשעה באב, ווען דער עולם זיצט אין שול, אין די זאָקן, מען זאָגט איכה, און ווי דער שטייגער — מען וואַרפט שטעכלקעס. עס נעמען פליען שטעק־

שיך און לאַטשן, האָט דער טשערקעס זיך אויפגעהויבן און אַ באַליידיקטער און ברוגזער אַוועק פון שול. ער האָט עפּעס געזאָגט אויף רוסיש אין אַ בייזן טאָן — און פון דע־מאָלט אָן האָבן מיר אים מער ניט געזען.

באַלד דערנאָך איז געקומען אַ נייער גאַסט אין שטעטל: אַ ייד פּלאי פּלאים, פון אַ יאָר 30, מיט אַ שוואַרץ קיילעכיק פאַרשוירן בערדל, פייערדיקע אויגן און גערעדט האָט ער נאָר העברעיש. וויפל מען האָט ניט געפּרווט מיט אים כאַפּן אַ שמועס אין יידיש — איז עס ניט געלונגען. אויסגעטענהט האָט ער זיך נאָר מיט די בית־המדרש־ניקעס, געשושקעט זיך אין די ווינקלען. ווי נאָר דער משולח איז אַוועק, האָט נישט לאַנג געדויערט און יהושע לעך איז פאַרשוואונדן פון בית־המדרש. דערנאָך איז באַקאַנט געוואָרן, אַז ער געפינט זיך אין ארץ־ישראל.

15

אַ געוויסן זומערדיקן פאַרנאַכט איז חיים פייערשטיין, אָנגעטאָן אין אַן אַלפּאַגענער מאַרינאַרקע און שטייף קאַפּעלושל אויפן קאָפּ, געזעסן אויפן באַרימטן קלאָץ, וואָס איז געלעגן לעבן פלומפּ פּאַר אונדזער הויז און דערציילט וועגן פאַרלויף פונעם פּראָצעס וועלכן יידן האָבן פאַרפירט מכוח דעם שטאָטישן וואַלד, אין וועלכן זיי האָבן אַ חלק. זייער טענה איז געווען, היות קוזמיר איז געבויט געוואָרן פון יידן — דאַרפן אויך זיי האָבן אַן אָנטייל אין וואַלד. די קריסטן דאַקעגן האָבן געטענהט, אַז דעם וואַלד האָט מען געשאָנקען דעם קריסטלעכן ראָט („ראַדאַ כזשעשטשי־יאַנסקאַ") און דעריבער האָבן נישט דערצו די יידן קיין שום שייכות.

דאָ האָט חיים פייערשטיין איבערגעגעבן זיינע צוהערערס די גאַנצע געשיכטע פון דעם פּוילישן קעניג קאַזשימיעזש דער גרויסער, וועלכער האָט דערלויבט יידן צו באַזעצן זיך אין פּוילן, במילא אויך אין קוזמיר, ווייל זיי זענען גערודפט געוואָרן אין דער שכנותדיקער דייטשלאַנד. קאַזשימיעזש איז געווען זייער אַנטציקט פון דער קוזמי־רער לאַנדשאַפט, דעם טייך, די בערג, לאָנקעס, פעלדער און סעדער, אַז ר׳האָט באַ־שלאָסן דאָרט אַפילו אויפשטעלן אַ שלאָס פאַר זיין יידישער געליבטער אסתרקע. דער וואַלד איז מיט דער צייט געוואָרן אַ פּריוואַט אייגנטום, דערנאָך איז ער צעטיילט גע־וואָרן צווישן פאַרשידענע מיעשטשאַנעס און צום סוף — איבערגעגעבן דער קריסט־לעכער אינסטאַנץ. אָבער יידן האָבן אין אַ צאַריש געריכט, דערצו נאָך וועגן אַזאַ עניין — געמוזט פאַרשפּילן. אַנדערש האָט ניט געקאָנט זיין. ר׳ חיים גיט צו פאַרשטייך על פּי דין און על פּי יושר, אַז דאָס געריכט איז געווען ניט ערלעך — נאָר די קלויסטער־גלאָקן צעקלונגען זיך און פרומע פּאַלאַקן לאָזן זיך צום פאַרנאַכט־געבעט. געקומען די צייט, אַז יידן זאָלן אַוועק אין בית־המדרש, צו מנחה־מעריב...



מלכה מייטין־גולדבוים / תל־אביב

# הם נשאו עיניהם לציון

לזכר נשמות אבי — פסח,
אחותי — בשה ואחי — יעקב.

בשנת 1916, בהתקרב האוסטרים לגדות הוויכסל גורשו יהודי קוזמיר על־ידי הרוסים לעיר לובלין. ובלובלין השתוללה אותה שעה מגפת החולירע, שהפילה חללים רבים, ביניהם היתה אמי והיא רק בת שלושים־ושתיים שנה.

לאחר שקוזמיר נכבשה על־ידי הצבא האוסטרי הורשו היהודים לחזור לעירם. אך אסונות רבים פקדו את העיירה. השרפה שפרצה בעיירה כילתה יותר ממחצית בתי היהודים, רכוש ונכסים עלו באש ויהודיה הגיעו כמעט עד פת לחם. ראשי המשפחה נאחזו בכל עבודה כדי לפרנס את בני־ביתם, רבים הועסקו ע״י השלטונות בחפירות על גדות הנהר ובכל עבודה מצוייה. החפירות נערכו בחופו השני של הנהר והעובדים היהודיים הועברו לשם יום־יום במעבורת של ר׳ חיים „פשווזשניק" ועם ערב חזרו באותה דרך לבתיהם. והנה באחד הימים, עם רדת השמש נשמעו צעקות אימים בעיירה. כל בני העיירה החלו לרוץ לעבר הנהר ומחזה נורא נתגלה לעיניהם. הדוברה שנשאה עליה כ־200 איש — טבעה! רק כ־50 איש הצליחו להציל את נפשותיהם. אין לתאר את גודל האסון שפקד את העיירה. אלמנות ויתומים רבים הותיר אחריו אסון זה והוא הטביע את חותמו על כל חיינו במשך שנים רבות.

*

יהודי קוזמיר הצטיינו מאז ומתמיד בפעולה ציונית ענפה. בני משפחת שנדרוביץ, שהשתקעה בעיירה ב־1915 גילו יזמה ומרץ רב באירגון החיים הציוניים בקוזמיר. ד״ר נאום שנדרוביץ ייסד בית־ספר הראשון ואחיו זיגמוש — את תנועת „השומר־הצעיר" ואילו אחותם סוניה סייעה לשני האחים — לנאום בבית־הספר וזיגמוש — בקן. זו היתה ראשית הפעולה הציונית בקוזמיר, שהלכה והתפתחה והקיפה תחומים נוספים: הצגות־ילדים, טיולים, תהלוכות, איסוף כספים לקרן הקיימת והפצת הקופסאות הכחולות בבתים, חרף התנגדותם של החרדים, שהיוו רוב בעיירה. גם אחותם פולה היתה פעילה

בתנועה הציונית, היא אירגנה קבוצות נוער לשיחות על נושאים יהודיים וציוניים, פעולה שרב היה הדה בקרב בני הנעורים. אולם לא רק בני משפחת שנדרוביץ תרמו תרומה נכבדה לפעילות ציונית, שכן רבים היו הפעילים הציוניים בעיירה אשר נתנו את חלקם להחדרת הרעיון הציוני בקוזמיר. ר׳ יעקב רטנובסקי ייסד את הסתדרות „התחיה" הציונית, יצחק ברגמן ויצחק צוקר ייסדו את תנועת „פועלי־ציון" שהיתה בעיקרה תנועת הנוער העובד. ר׳ יהושע קפלן ייסד את „המזרחי", ואילו שמעון וישניה המשיך במרץ ובכשרון רב לנהל את ההסתדרות הציונית. הפעילות התפתחה ושגשגה: נוסדו ספריה ומועדון וכן אורגנה להקה דראמאטית. רובו של הנוער בעיירה חדור היה רוח ציונית ואמונה בתנועת השיחרור הלאומי של העם היהודי. לכן לא ייפלא, כי יהודי קוזמיר נענו לקריאה להרים תרומה ל„קרן־הגאולה" וכך לאחר הכרזת סן־רימו נדבו נשים יהודיות את תכשיטיהן ועדייהן לקרן זו, בה ראו ראשית גאולת הארץ.

*

עם כל מסירותם לרעיון הציוני לא נעלמה מעיניהם מצוקתם של בני העיירה, אשר תמיד סבלו מ„חסרון־כיס". לכן הקימו האחים יחזקאל ויוסף פריד (בעלי טחנת־הקמח בבוכטניצה) קופה קואופרטיבית שהקלה במידה רבה על הסוחרים היהודיים את



ההסתדרות הציונית בראש עם שמעון וישניה • ציוניסטישע אָרג. בראש מיט שמעון ווישניאַ

מצוקתם הכספית בהעניקה אשראי זול לכל הפונה אליה. בראש הקופה הקואופרטיבית עמדו שאול פרידמן ששימש כמזכירה, האחים פיארשטיין ואחרים. כאן ראוי להזכיר את ר׳ בן־ציון לץ ואשתו. יד פתוחה היתה לר׳ בן־ציון וכל מי שפנה אליו לא השיב את פניו ריקם. שמו יצא לתהילה כנדבן ותומך בכל הזקוק לסעד ועזרה. ואילו אשתו אף היא הלכה בדרכיו ודאגה למיני מרקחות ולעצי הסקה לכל עני ונצרך.

*

נעשה עוול לבני „עמך" הרבים, אם לא נעלה את זכרם הקדוש. הן־הם היו רוב בניינו ורוב מניינו של העם היהודי בכל אתר ואתר, בכל עיירה יהודית בפולין שלפני השואה. לנגד עיני עוברות דמויותיהם של שואב־המים ר׳ יוסף ואשתו חיה־שרה, של יוסל גורגל, ווצ׳לה השתיין ובעל־העגלה אשר לא אבה לקחת כסף ממני בעת שהסעני לרכבת, בעלותי לארץ־ישראל באומרו: „בעלותך לארצנו הקדושה זכות היא לי להסיעך וחלילה לי לקבל ממך שכר".

יהא זכר כולם ברוך ומבורך.



הנהגת הקן של השומר הצעיר

די אַנפירונג פון קן השומר הצעיר

מלכה מייטין־גאָלדבוים / תל־אביב

# זייער בליק איז געווען געווענדט צו ציון

אין יאָר 1916, ווען די עסטרייכער האָבן זיך דערנענטערט צו דער ווייסל, זענען די יידן פון קוזמיר פאַרטריבן געוואָרן דורך די רוסן קיין לובלין. אין יענער צייט האָט אין דער דאָזיקער שטאָט געהערשט די עפּידעמיע פון כאָלערע, וואָס האָט גורם געווען צו אַ סך קרבנות, צווישן וועלכע ס'איז אויך געווען מיין מוטער, וועלכע איז נפטר געוואָרן אין עלטער פון 32 יאָר.

נאָך דעם ווי קוזמיר איז פאַרנומען געוואָרן פון די עסטרייכער, האָט מען די יידן דערלויבט אַהין זיך אומצוקערן. די שטאָט האָט דעמאָלט איבערגעלעבט פיל קאַטאַסטראָ־פעס. אַ שריפה האָט פאַרלענדט מער פון אַ העלפט יידישע הייזער; האָב־און־גוטס איז אַוועק מיטן רויך און יידן זענען כמעט דערגאַנגען צו אַ הונגער. די מענער האָבן זיך געכאַפּט צו פאַרשידענע אַרבעטן, כדי צו דערנערן די משפחה. פיל זענען געווען באַ־שעפטיקט דורך דער עסטרייכישער מאַכט ביים גראָבן אַקאַפּעס ביים ברעג פון דער ווייסל און ביי אַנדערע אַרבעטן. די אַקאַפּעס האָט מען געגראָבן אויפן צווייטן ברעג ווייסל און די יידישע אַרבעטער האָט מען יעדן טאָג אַריבער געפירט אויף דער קריפּע פון ר׳ חיים פּזשעוואָזשניק און פאַרנאַכט, אויף דעם זעלבן אופן, זיי צוריק געפירט אַהיים.

איין מאָל, ווי נאָר די זון האָט זיך אָנגעהויבן זעצן, האָבן אין שטעטל זיך דערהערט מוראדיקע געשרייען. אַלע האָבן זיך געלאָזט לויפן צום טייך און אַ שרעקלעך בילד האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר זייערע אויגן. די דאָברע, וועלכע האָט געהאַט אויף זיך 200 יידן — איז דערטרונקען געוואָרן. בלויז אַ 50 מאַן איז געלונגען זיך צו ראַטעווען. ס'איז זיך ניט פאַרצושטעלן דעם פאַרנעם פונעם אומגליק פאַר אַזאַ שטעטל. די קאַטאַסטראָפע האָט געלאָזן נאָך זיך אַ סך אַלמנות און יתומים, ווי אויך געלייגט אַ טרויער־סטעמפּל אויפן לעבן פון די קוזמירער יידן אין פאַרלויף פון פיל יאָרן.

*

יידן אין קוזמיר האָבן תמיד זיך אויסגעצייכנט מיט אַ ברייט־פאַרצווייגטער ציוניס־טישער טעטיקייט. די פאַמיליע שענדעראָוויטש, וועלכע האָט זיך באַזעצט אין שטעטל

אין יאָר 1915, האָט אַרויסגעוויזן פיל איניציאַטיוו און ענערגיע בײַם איינשטעלן ציוניס־טישע אַרבעט אין קוזמיר. ד״ר נאָום שענדעראָוויטש האָט געגרינדעט די ערשטע יידישע שול און זיין ברודער זיגמונט (זיגמוש) איז געווען פון די גרינדער פון השומר הצעיר, בעת די שוועסטער סאָניע האָט געהאָלפןביידע ברידער — איינעם אין שול און דעם צווייטן אין קן. דאָס איז בעצם געווען דער אָנהייב פון דער ציוניסטישער אַקטיוויטעט אין קוזמיר, וועלכע האָט זיך אַנטוויקלט און אַרומגענומען נאָך געביטן, ווי: קינדער־פאַר־שטעלונגען, אויספלוגן, אויפמאַרשן, געלט־זאַמלונגען פאַרן קרן הקימת, פאַרשפרייטן די בלוי־ווייסע פושקעס אין יידישע היימען (טראָץ דער קעגנערשאַפט פון די אָרטאָדאָקסישע קרייזן). אויך זייער שוועסטער פאָלע איז געווען טעטיק אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. זי האָט אָרגאַניזירט יוגנט־גרופּן, ווו מ׳האָט געפירט שמועסן אויף אַלגעמיין־יידישע און ציוניסטישע טעמעס, וואָס האָט געהאַט אַ טיפן אָפּקלאַנג ביי אונדזער יוגנט.

אָבער נישט נאָר די משפחה שענדעראָוויטש האָט געגעבן איר בכבודיקן צושטייער צו דער ציוניסטישער אַרבעט, ווייל עס זענען געווען אין קוזמיר נאָך טוערס, וועלכע האָבן געהאָלפן פאַרשפרייטן דעם ציוניסטישן געדאַנק. אַזוי האָט ר׳ יעקב ראַטנאָווסקי געגרינ־דעט די אָרגאַניזאַציע „התחיה״, יצחק בערגמאַן און יצחק צוקער — די פועלי־ציון, ר׳ יהושע קאַפּלאַן האָט געהערט צו די גרינדערס פון מזרחי און שמעון ווישניאַ האָט מיט פיל ענערגיע און טאַלאַנט געפירט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין קוזמיר.

די טעטיקייט האָט זיך ממש צעבליט. ס׳איז געגרינדעט געוואָרן אַ ביבליאָטעק און קלוב, ווי אויך אַ דראַמאַטישער קרייז. דער רוב יוגנט איז געווען דורכגעדרונגען מיטן ציוניסטישן גייסט און אמונה אין דער נאַציאָנאַלער באַפרייאונגס־באַוועגונג פון יידישן פאָלק. דעריבער איז ניט קיין וואונדער, אַז קוזמירער יידן האָבן זיך אָפּגערופן פאַרן „קרן הגאולה״ און נאָך דער דעקלאַראַציע פון סאַן־רעמאָ האָבן יידישע פרויען געשאָנקען זייער צירונג פאַר דעם דאָזיקן פאָנד. אין וועלכן זיי האָבן געזען דעם אָנהייב פון אויסלייזן דאָס לאַנד.

*

אַחוץ זייער איבערגעגעבנקייט דעם ציוניסטישן אידעאַל, האָבן זיי אויך נישט פאַרזען די נויט פון אַ ריי יידן אין שטעטל. דאָס האָט באַוויזן די ברידער יחזקאל און יוסף פריד, די אייגנטימער פון דער מיל אין באַכאַטניצע, אויפצושטעלן אַ קאָאָפּעראַטיווע לייַ־קאַסע, וועלכע האָט אין אַ גרויסער מאָס געהאָלפן נויטבאַדערפטיקע יידישע סוחרים מיט באַקוועמען קרעדיט. אָנגעפירט מיט דער לייַ־קאַסע האָט שאול פרידמאַן (סעקרעטאַר), די ברידער פייערשטיין און אַנדערע.

עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן ר׳ בן־ציון לץ און זיין פרוי. אַן אָפּענע האַנט האָט געהאַט ר׳ בן־ציון און ווער ס׳האָט זיך צו אים געווענדט, האָט ער ניט אַוועק געלאָזט

מיט ליידיקע הענט. ער איז געווען באַרימט אַלס נדבן וואָס שטיצט יעדן נויטבאַדערפטיקן. אויך זיין פרוי איז געגאַנגען אויף דעם וועג און געזאָרגט פאַר רעצעפּטן פאַר קראַנקע און ווינטער־באַהייצונג אין קאַלטע, אָרעמע יידישע היימען.

*

מיר ווען באַגיין אַן עולה לגבי פיל פון אונדזערע „עמק״־יידן, אויב מיר וועלן נישט דערמאָנען כאָטש אַ טייל פון זיי, וועלכע האָבן געבילדעט דעם רוב מנין ובנין פון דער יידישער קוזמיר פאַרן חורבן. פאַר מיינע אויגן שוועבן פאַרביי די געשטאַלטן פונעם וואַסערטרעגער ר׳ יוסף און זיין פרוי חיה־שרה, פון יאָסל גורגעל, וועוועטשעלע דער בעל־עגלה, וועלכער האָט ניט געוואָלט נעמען פון מיר קיין געלט פאַרן צופירן צום באַן, בעת איך האָב עולה געווען קיין ארץ־ישראל. ער האָט מיר געזאָגט: „ס׳איז פאַר מיר אַ זכיה צו פירן דיך, ווען ביסט עולה אין הייליקן לאַנד — און חלילה, איך זאָל דערפאַר נעמען באַצאָלט״.

זאָל זיין געבענטשט זייער אַלעמענס אָנדענק!





מלווים את רחל ויוסף קפלן ובנם יחיאל לרגל עליתם לארץ־ישראל

מען באַגלייט רחל און יוסף קאַפּלאַן מיט זייער זון יחיאל צום עולה זיין קיין ארץ־ישראל

ישראל שמואל

# דאָס גרויסע אומגליק בעת דער עסטרייכישער אָקופּאַציע

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז קוזמיר אָקופּירט געוואָרן דורך די עסטרייכער, נאָך דעם ווי אַלע יידישע איינוווינער האָבן זיך אומגעקערט פון לובלין, ווייל זיי זענען עוואַקואירט געוואָרן דורך די רוסן, בעת זייער צוריקציִען זיך אויף דער צווייטער זייט ווייסל. אין שטעטל האָט געהערשט אַ גרויסער הונגער, אַלע פּרנסות זענען אָפּגעשטעלט געוואָרן, בפרט די פּענסיאָנאַטן זענען געווען געשלאָסן. שפּייז און קליידונג האָט מען צוגעטיילט אויף קאַרטן, אויך דאָס איז ניט געווען פאַר וואָס צו קויפן. נויט און אָרעמקייט האָבן געוועלטיקט אין שטעטל.

האָט זיך באַוויזן דער „גואל״: די עסטרייכער האָבן גענומען צו דער אַרבעט צו גראָבן אַקאָפּעס אויף יענער זייט ווייסל, פאַר אַ קליינעם לוין. יעדן פרימאָרגן האָט מען אויף 2—3 שיפלעך, מיטן יידישן „פּשעוואָז״ אַרויסגעפירט זייער ווייניק מענטשן, ווייל ביים פּוילישן פּשעוואָזשניק האָט געקאָסט ביליקער, צוליב די קליינע שיפלעך, וועלכע זענען אויך געגאַנגען שנעלער, בעת בענדעט דער פּשעוואָזשניק האָט געפירט אַ גרויסן פּאַראָם (שיף), וואַרטנדיק ביז אַלע וועלן זיך פאַרזאַמלען. פאַרשטענדלעך, אַז עס האָט געדויערט לענגער אויף דאָס אַהיים קומען. דאָך זענען יידן געפאָרן מיט דעם יידישן פּשעוואָזשניק, ווייל בענדעט האָט געסטראַשעט, אַז ער וועט שטעלן אויף אַ שוואַרצע ליסטע די, וועלכע ווילן זיך ניט באַנוצן מיט זיין טראַנספּאָרט...

אַזוי האָט דאָס שטעטל אַ ביסל אויפגעלעבט אַ דאַנק דעם עסטרייכערס סטראַטעגישע פּלענער אויף דער ווייסל — און די פראַגע פון פּרנסה פאַר יידן איז געלעזן געוואָרן, דער עולם האָט פריי אָפּגעאָטעמט, ס׳האָט זיך ווייטער געפירט אַ נאָרמאַל לעבן.ליידער, מיטוואָך, 6 טעג אין חשון, אין אָוונט, ווען אַלע קוזמירער אַרבעטער האָבן אויף די שיפלעך זיך אומגעקערט אַהיים, האָט זיך באַוויזן אַ סטאַטעק, וועלכער האָט גורם געווען צו שטאַרקע כוואַליעס אויף דער ווייסל. די שיפלעך האָבן אָנגעהויבן זיך וויגן, אין ערשטן שיפל איז אַריינגעדרינגען וואַסער. האָבן די מענטשן זיך דערשראָקן און פאַרלוירן, גענומען זיך איבערוואַרפן אין דעם צווייטן שיפל, וואָס האָט זיך איבערגע־

דרייט, אוןביידע שיפלעך מיט די מענטשן זענען אַראָפּ אין אָפּגרונט. יענעם טראַגישן טאָג זענען אומגעקומען 150 יידן, 25 פון זיי זענען לחלוטין פאַרלוירן געגאַנגען.

דער שרייבער פון די שורות איז יענעם טראַגישן אָוונט געזעסן נאָך מנחה־מעריב אויפן בוידעם פון זיין שווער און ביי אַ נאַפט־לעמפל פונאַנדערגעשפרייט די עפּל, וואָס מ'האָט געבראַכט פון דאָרף (יענעם יאָר האָב איך געהאַנדלט בשותפות מיט עובדיה שוסטער). איך האָב סאָרטירט די פּרוכטן. פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ יאָמערלעך געשריי... כ'האָב זיך באַלד אַראָפּגעלאָזט פון בוידעם און דערזען ווי אַלע קוזמירער איינוווינער, מענער און פרויען, יונג און אַלט, לויפן אין בהלה, מיט לאַמטערנעס אין די הענט, אין דער ריכטונג פון דער ווייסל. ס'הערן זיך קולות און געוויינען — עד לב השמים... כ'האָב קוים זיך דערוווסט, אַז די אַלע יידן, וועלכע האָבן געאַרבעט ביי די אַקאַפּעס אויף דער צווייטער זייט ווייסל — זענען דערטרונקען געוואָרן. מיר איז פינצטער געוואָרן אין די אויגן, דערוויסנדיק זיך, אַז מיין טייערער פאָטער און ברודער געפינען זיך צווישן זיי. כ'האָב גענומען לויפן צווישן המון — ביז ס'האָט זיך באַוויזן דאָס שרעקלעכע בילד.

די ווייסל איז געווען פול מיט שיפלעך פון די קריסטן, וועלכע האָבן זיך באַמיט אַרויסצושלעפּן פון וואַסער די טויטע קערפּערס. אויך די פישערס האָבן מיט אַלע כוחות געזוכט די קערפּערס, אַפילו זיך באַנוצט מיט אַ סגולה — געלאָזט אַ ברויט מיט ליכט אויפן וואַסער, דאָרט ווו דאָס ברויט האָט זיך אָפּגעשטעלט — געפינט זיך אַ קערפּער...



הלווייתו של חיים זיסקינד, העסקן הציוני ● די לוויה פון חיים זיסקינד, ציוניסטישער טוער

מיט גרויס מי האָבן זיי אַרויסגעצויגן כמעט אַלע דערטרונקענע, שוין טויטע, זיי אַוועק־געלייגט אויפן ברעג. ביז פייערשטיינס שפּיכלערס זענען געווען אויסגעלייגט די קער־פּערס. פאָטערס און מוטערס האָבן אין דער פינצטער געזוכט זייערע נאָענטע. אַלע מאָל האָט זיך אַרויסגעריסן אַ האַרצרייסנדיק געשריי — דאָס האָבן קרובים דערקענט זייער פאָטער, ברודער, זון...

— ווו איז מיין פאָטער? מיין ברודער? — האָב איך געשריגן. מיטאַמאָל הערט זיך אַ געשריי:

— אָט האָסטו דיין טאַטן!

די איוב־בשורה האָט פּסח מאָשקעס מיר איבערגעגעבן מיט גרויס געוויין. דערזעענ־דיק דעם טויטן קערפּער פון מיין פאָטער, האָט זיך מיר געדוכט, אַז ער לעבט. אָבער מיין געשריי איז פאַרלוירן געגאַנגען צווישן דעם געיאָמער פון די, וועלכע האָבן באַקלאָגט זייער קרבן. כ׳האָב געפּרוּווט נעמען מיין טויטן פאָטער אויף די פּלייצעס, אים ראַטע־ווען, נאָר כ׳בין אומגעפאַלן. דאַן האָט פּסח מיך אויפגעהויבן און דעם טויטן קערפּער פון מיין האַרציקן פאָטער אַוועקגעלייגט צווישן אַלע קרבנות. מיך האָט מען אַ פאַרחלשטן געפירט אַהיים און אַוועקגעלייגט אויפן בעטל. אַ גאַנצע נאַכט איז דאָס שרעקלעכע בילד מיר געשטאַנען פאַר די אויגן. מיין ברודער האָט מען נישט געפונען.

מיין מוטער און שוועסטער זענען ערשט אין דער פרי געוואָר געוואָרן פון דעם אומגליק, ווייל זיי האָבן געוווינט הינטער דער שטאָט, נעבן אַלטן בית־הקברות, ווייל די פריערדיקע דירה ביי איטשע יעדינאַק איז פאַרברענט געוואָרן אין דער שריפה בעת דער אויסזידלונג קיין לובלין. די ספּאַזמען און יאָמערלעכע געשרייען פון מיין מוטער און שוועסטער רחל האָבן געקענט אַ שטיין רירן... ערשט שבת האָט מען געפונען אונדזער טייערן ברודער. ליידער איז נישט מקוים געוואָרן דער געבאָט פון דער תורה „אותו ואת בנו לא תשחטו ביום אחד״... צוויי טעג האָט חברא קדישא מיט מתנדבים געאַרבעט, ביז מ׳האָט די קערפּערס געבראַכט צו זייער אייביקער רו.

דאָס שטעטל איז אייניקע טעג געווען ווי אָפּגעשטאָרבן. די געשעפטן — געשלאָסן, אַפילו די בעקערס האָבן ניט געבאַקן קיין ברויט און חלה אויף שבת. דאָס בית־הקברות איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ... יאַריד. ס׳האָבן ניט געסטייעט קיין ברעטער ביי שילע־מען אין סקלאַד. לייוונט אויף תכריכים האָט אויסגעפעלט, אַז מ׳האָט פון פּילעוו געמוזט ברענגען לייוונט. דער גאַנצער שטח פון בית־עלמין איז געווען באַלייגט מיט ברעטער, וועלכע מ׳האָט געזעגט, גענייט תכריכים, געגראָבן קברים — אַלע האָבן געהאָלפן, זיך מתנדב געווען צו דער הייליקער אַרבעט.

אַלס יתום האָב איך געזאָגט מיט אַלע יתומים קדיש, געלערנט משניות, ניט גע־זשאַלעוועט קיין ליכט לעליית נשמתם.



אליעזר־עקיבא באַרענשטיין (לואי בארינס) / טאָראָנטע, קאַנאַדע

# זכרונות פון דער אַלטער היים

אויסערלעך איז מיין שטעטל קוזמיר געווען ענלעך צו די צענדליקער יידישע שטעטלעך אין פוילן, נאָר זייענדיק אַ קורצע צייט אין קאַזשימיעזש, האָט איר באַלד דערזען, אַז זי איז דאָך אין גאַנצן עפּעס אַנדערש.

אָנקומענדיק פון פּילעווער וועג, איז אויף דער לינקער זייט געשטאַנען דער קלויסטער מיט זיינע גרויסע מאַסיווע מויערן. אויף דעם באַרג, וועלכער פירט אין שטעטל, באַווייזט זיך פאַר אייערע אויגן אַ הערלעכע פּאַנאָראַמע: נאַטור־בילדער, די באַרימטע ווייסל, וועלדער, בערג, סעדער מיט עפּל, באַרנעס, פלוימען און אַנדערע פרוכט.

זומער־צייט פלעגן קומען אויף דאַטשע יידישע אַרטיסטן, פּאָעטן, שרייבער און אַקטיאָרן. זייער אָפטע געסט זענען געווען: שלום אַש, ז. סעגאַלאָוויטש, מאַלי פּיקאָן, י. י. טרונק, זיגמונט טורקאָוו און אַנדערע, וועלכע האָבן פאַרייביקט אין זייערע שאַפונגען דאָס שטעטל.

ליידער, פלעגן אויך קומען קיין קוזמיר פּוילישע אַגיטאַטאָרן אָנהענגער פון דער ענדעקישער פּאַרטיי, וועלכע פלעגן פאַרשפּרייטן זייער אַנטיסעמיטישן גיפט צווישן די פויערים בעת דעם מאַרק־טאָג.

איך געדענק אַזאַ פאַל: דינסטיק, אין מאַרק־טאָג, זענען פויערים פון די אַרומיקע דערפער געקומען מיט אָנגעלאָדענע וועגענער פאַרקויפן זייערע פּראָדוקטן, און פאַר דעם אָפּגעלייזטן געלט איינקויפן שטאָטישע סחורות. אַלע געשעפטן זענען געווען געפּאַקט, דער מסחר — אין פולן שוווּנג. מען האָט זיך געדונגען, געפּאַטשט אין די הענט, די שענקן און רעסטאָראַנען זענען אויך געווען פול מיט קונים. פּלוצלינג זענען אַרויפגעשפּרונגען אויף די וועגענער עטלעכע ענדעקישע יונגעלייט און אָנגעהויבן העצן די פויערים, זיי זאָלן ראַבירן יידישע געשעפטן. אונטערגעהעצטע גרופּן פויערים האָבן זיך צוזאַמענגענומען, די שטימונג איז געווען אַ געשפּאַנטע. די 4 קוזמירער פּאָליציאַנטן האָט מען ניט געזען, אייניקע יידישע סוחרים האָבן פאַרמאַכט די געשעפטן. מיט אַמאָל האָבן זיך באַוויזן עטלעכע יידישע בעלי־עגלות און טרעגער, אַרויסגעכאַפּט די דישלעס פון די

וועגענער, דערנענטערט זיך צו די אַגיטאַטאָרן און... די גרויסע „העלדן" האָבן זיך שנעל אָפּגעטראָגן...

נאָך אַן אינטערעסאַנטן פּאַל געדענק איך. עס איז געווען אַ שבת. דער בית־המדרש אויף דער לובלינער גאַס איז געווען געפּאַקט מיט מתפּללים און דער דיכטער ז. סעגאַלאָ־וויטש האָט ארומשפּאַצירט מיט אַן אָנטבלויזטן קאָפּ און געררויכערט זיין לולקע. איז אַרויס פון בית־המדרש אבא שניידערמאַן, צוגעלאָפן צום דיכטער און אים דערלאַנגט אַ פּאַטש — „פאַר מחלל שבת זיין". אָבער דער הויכער, שלאַנקער סעגאַלאָוויטש, האָט גאָרניט געענטפערט. (אבא שניידערמאַן איז געווען דער פאָטער פון באַקאַנטן שרייבער און מיטאַרבעטער פון „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל" ש. ל. שניידערמאַן. מיר שיינט, אַז דער דאָזיקער אינצידענט האָט נישט געשטערט די גוטע באַציונגען צווישן די צוויי פּען־מענטשן).

די קוזמירער יוגנט האָט זיך געריסן אין דער גרויסער וועלט. יעדער האָט געוואָלט פאָרן. צום באַדויערן זענען זייער ווייניק אָוועק (למשל, אין אַזאַ גרויסער שטאָט ווי טאָראָנטאָ, זענען מיר נאָר 5 לאַנדסלייט: איך און מיין חבר חיים שאול ראָזען, מיין



פועלי־ציון שמאל — לינקע פועלי־ציון

שוועסטער טשאַרנע, נפתלי פייערשטיין און זיין שוועסטער עדזשע. פאַרוואָס איז פון קוזמיר געווען אַזאַ קליינע אויסוואַנדערונג — איז שווער צו פאַרשטיין).

איך געדענק, ווען מיין חבר שמואל קאַלעכשטיין מיט זיינע עלטערן זענען אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל, האָט כמעט דאָס גאַנצע שטעטל זיי באַגלייט מיט פּענער און געזאַנג.

די משפחה שענדעראָוויטש האָט אין מיינע צייטן געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָל. זיי האָבן געהאַט אַ פּענסיאָנאַט. די ציוניסטישע יוגנט, ווי אויך וויכטיקע געסט פון אַנדערע שטעט, פלעגן זיך דאָרט צוזאַמענקומען.

איך געדענק דעם גרויסן איינפלוס, וואָס סאָניע שענדעראָוויטש און איר פאַמיליע האָבן אויף אונדז געהאַט, אַלס לערערין און דערציערין.

מיין פאָטער מאָטל באָרנשטיין ע״ה (מאָטל אייזנקרעמער) און מיין מוטערביילע זיסל, זענען געווען אַנגעזעענע סוחרים. אַחוץ אונדזער אייזן־געשעפט, זענען געווען אין שטעטל נאָך צוויי. די רעגירונג האָט געעפנט אַ גרויסן קאָאָפּעראַטיוו מיט פאַרשידענע סחורות, די גרעסטע טייל — אייזנוואַרג. עס זענען געוואָרן שלעכטע צייטן, שווערע שטייערן זענען אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף די יידישע סוחרים. זיי האָבן זיך איינער דעם צווייטן געהאָלפן, געבאָרגט אַ גמילות־חסד — בלויז אויפן וואָרט. דער גרעסטער טייל פויערים האָט על־פּי־נס ווייטער געהאַנדלט מיט יידן. דער סוף איז געווען, אַז נאָך צוויי יאָר קאָנקורענץ, האָט מיין פאָטער אָפּגעקויפט דאָס גאַנצע אייזנוואַרג פון דעם מלוכהשן קאָאָפּעראַטיוו.

קוזמיר איז געווען אַ שטעטל פול מיט לעבן. קורסן פון יידיש און העברעיש. צוויי דראַמאַטישע קרייזן. ציוניסטן, פועלי־ציון. הייסע דיסקוסיעס און רעפעראַטן מיט וואַר־שעווער רעדנער זענען פאָרגעקומען אין קוזמיר.

ביינאַכט, נאָך אַ קעסטל־אָוונט, פאַרשטעלונג אָדער לעקציע, האָט די יוגנט שפּאַ־צירט אויסער דער שטאָט און גרופּנווייז געפירט דיסקוסיעס אויף ליטעראַרישע און פּאָליטישע טעמעס.

געווען אין שטעטל אַ ייד אַ גרויסער פּאָליטיקער, גערופן האָט מען אים „יאַפּאַנ־טשיק״, ווייל ער האָט זיך באַטייליקט אין דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה. געוווּסט האָט ער פון דער גאַנצער וועלט, נאָר זיין באַליבטע טעמע איז געווען — יאַפּאַן.

איך האָב פאַרלאָזן קוזמיר אין יאָר 1928. ווער האָט זיך געקענט פאָרשטעלן, אַז דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל, וואָס איך האָב זיך געזעגנט מיט מיין ליב שטעטל, מיט מיין פאַמיליע, מיט טייערע חברים, ווי לייבל לאַנגלעבן, אברהמלע רייכמאַן, שמעון דעם רבס זון, שמואל קערשנבוים און הונדערטער טייערע גוטע מענטשן, וועלכע זענען אַזוי אַכזריותדיק אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשן און זייערע מיטהעלפער.



טשאַרנע פענטשינאַ־שניידערמאַן / ניו־יאָרק

## ווי לעבעדיק שטייט פאַר מיינע אויגן דאָס שטעטל...

שוין פיל יאָרן ווי כ׳בין אַוועק פון קוזמיר, נאָר די בענקשאַפט איז זייער גרויס. ווען כ׳דערמאָן זיך און טראַכט פונעם חרוב־געוואָרענעם שטעטל, שוועבט פאַרביי אַ גאַלעריע געשטאַלטן: די געטרייע אומפאַרגעסלעכע עלטערן, ברידער, משפחה, פריינד, וועלכע זענען פאַרשניטן געוואָרן דורך די דייטשע, רוצחישע הענט. זייער גזר־דין איז געווען אַ טראַגישער, דער ביטערער גורל האָט זיי אָן רחמנות און ברוטאַל פאַרניכטעט.

מיר דערמאָנט זיך דאָס הויז מיט די שכנים, ווו כ׳בין אויפגעוואַקסן. אַלע זענען מיר געווען ווי איין משפחה. באַזונדערס — די היים פון מיינע עלטערן, צוויי ברידער מיט זייערע משפחות, פון וועלכע ס איז געבליבן דער איינציקער גרעסטעטער פיניע שניידערמאַן (דער ברודער און מיינע שוועסטערן האָבן באַוויזן אַרויסצוואַנדערן פונעם גיהנום נאָך פאַר דער וועלט־מלחמה).

מיין פאָטער איז געווען אַ שטרענג רעליגיעזער ייד, מיט איינגעבוירענער אינטעלי־גענץ, געלערנט תורה, ווי אויך וועלטלעכע לימודים. ער האָט געשטרעבט מחנך צו זיין די קינדער אין דרך הישר און מקיים זיין, וואָס די חז״ל האָבן געלערנט: „כל תורה שאין עמה מלאכה — סופה בטלה״. מיין טייערע מוטער ז״ל, האָט געהאַט מער איינזען פאַרן יונגן דור, פאַרשטאַנען די נייע שטרעבונגען פון דער יוגנט, אָפט פאַרטיידיקט די קינדער פאַרן פאָטער ז״ל, וועלכער איז געווען אַ קעגנער פון וועלטלעכקייט.

די צייט האָט זיך געענדערט. מיר, זייערע קינדער, האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אינעם שטראָם פון דער השכלה, צוזאַמען מיט דער יוגנט פון שטעטל. ביסלעכווייז האָט זיך אונדזער פאָטער צוגעוווינט צו די נייע צייטן. מיר האָבן זיך שוין פרייער באַוועגט, געקענט דערפילן אונדזערע פאַרלאַנגען. מיר האָבן אָנגעהויבן אויפשטעלן אָרגאַניזאַ־ציעס, שטודירן, לייענען און פאַרברענגען אין אַ יוגנט־געזעלשאַפט.

אין יאָר 1915, זומער, האָבן די ברידער נחום און זיגמונט שענדעראָוויטש געעפנט די ערשטע יידישע שול אין קוזמיר. זיי האָבן אונדז געלערנט ביז דעצעמבער, ווען ס׳איז געקומען פון וואַרשע זייער שוועסטער סאָניע. זי האָט איבערגעריסן אירע לימודים, כדי



קבוצת „שושנה" בהנהלת גישה פריד • יוגנט־גרופע „שושנה" אונטער דער אָנפירונג פון גישאַ פריד

דערמעגלעכן די ברידער צו פאַרענדיקן זייערע שטודיעס (אויף מאַטורע און אויף מעדיצין). סאָניע ווישניאַ האָט לאַנגע יאָרן געפירט די שול, צוזאַמען מיט איר יוגנט־פריינדין, די לערערין עוואַ פילמוס. די צוויי פרויען־פעדאַגאָגינס זענען זייער געווען געשעצט פון די קינדער און עלטערן.

די שול האָט אַריינגעברענגט אויפלעבונג און אַ נייעם שטראָם אינעם פאַר־שלאָפענעם שטעטל. לײדער, איז איר ברודער זיגמונט (וועלכער האָט געשאַפן דעם השומר־הצעיר אין שטעטל) זייער יונג געשטאָרבן. דער עלטערער ברודער איז אַוועק שטודירן מעדיצין, נאָר סאָניע האָט מיט גרויס מי, אָנשטרענגונג און מסירת־נפש, ווייטער געטאָן איר אַרבעט.

דער ערשטער העברעישער לערער איז געווען ראַטנאָווסקי (געשטאַמט פון דער פאַמיליע פריד פון באָכאָטניצע). ער האָט אויך אַ סך געהאָלפן צו דער אַנטוויקלונג פון דער שול. דער לעצטער העברעישער לערער איז געווען שמעון ווישניע, וועלכער האָט שפּעטער חתונה געהאַט מיט סאָניען — און בײדע האָבן געפירט די שול.

אונדזער שול איז געווען זייער פּאָפּולער אין גאַנצן לובלינער ראַיאָן. מיר האָבן געהאַט אַ סך באַזוכער, אויך באַקאַנטע פּערזענלעכקייטן פונעם פּוילישן יידנטום. אין דער יידישער וואָכנשריפט (אין דער פּוילישער שפּראַך) איז געווען פאַרעפנטלעכט אַ לויב־אַרטיקל פאַר די לערער און דער שול־לייטערין — סאָניע שענדעראָוויטש. אויך די

תלמידים האָבן זוכה געווען צו פיל קאָמפּלימענטן. דער אינספּעקטאָר פונעם וויסנשאַפט־לעכן אינסטיטוט ביים עסטרייכישן בילדונגס־מיניסטעריום — פּראָפ. מאיר באַלאַבאַן — האָט באַזוכט די שול און איז געוואָרן באַגייסטערט פון איר הויכן ניוואָ. די שול האָט געבערענגט צו אַ קאָלאָסאַלער אַנטוויקלונג פון דער יידישער יוגנט אין קוזמיר, אין פאַר־גלייך צו די אַרומיקע שטעטלעך, וועלכע זענען געבליבן אָפּגעשטאַנען און פרעמד צו דער יידישער קולטור בכלל און וועלטלעכער בפרט.

פיל לעבן האָבן אַריינגעבראַכט יעדן זומער די דאַטשניקעס, וועלכע האָבן געשטראָמט פון אַלע גרויסע שטעט קיין קוזמיר. עס זענען געקומען די שענסטע פּערזענלעכקייטן, לערער, דיכטער, שרייבער, אַרטיסטן, מאָלער און העכערע רעגירונגס־פאַרשטייער און באַאַמטע. עס זענען געקומען אַ סך אָנפירער פון פאַרשידענע יידישע אָרגאַניזאַציעס. פילנדיק ווי די קוזמירער יוגנט איז דורשטיק נאָך קולטור און וויסן, האָבן זיי געהאָלפן אָרגאַניזירן אונדזערע אינסטיטוציעס, טעאַטער־קרייזן, ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, השומר־הצעיר, פּועלי־ציון, „בונד” אד”גל.

איך וויל דאָ דערמאָנען די חברים און חברטעס, וועלכע האָבן פיל געהאָלפן צו דער אויפלעבונג פון דער קוזמירער יוגנט, ווי די קאַפּלאַנס, זאַנענשיין, וואָדניצקי, מיינע שוועסטער און ברידער, באַרנשטיין, לעווינזאָן, גאָלדבוים, זיידענווערגער, לאַנגלעבן באַשע און מלכה און אַנדערע.

איך פערזענלעך האָב פיל צו פאַרדאַנקען דער משפחה שענדעראָוויטש, ווייל לער־



קבוצת חברים מפועלי־ציון שמאל • אַ גרופּע חברים פון לינקע פּועלי־ציון

נענדיק צוזאַמען מיט פאָליען און שבע זילבערמינץ, דעם רבס טאָכטער, פלעג איך אָפט באַזוכן פאָליעס היים. דער איבערגאַנג פון מיין רעליגיעזער היים צו פאָליע שענדע־ראָוויטשעס פרייע וואַרעמע שטוב — האָט מיר אַ סך געהאָלפן אין מיינע שפּעטערדיקע וואַנדערונגען צווישן פרעמדע מענטשן און לענדער.

י לעבעדיק שטייט פאַר מיינע אויגן דאָס שטעטל, ווו מיר זענען אויפגעוואַקסן, געטרוימט און געקעמפט. זייענדיק אין דער פרעמד, ווייט פון מיין געבורט־שטעטל, האָב איך שטענדיק געשטרעבט צו מאַכן דאָרט אַ באַזוך. אָבער לײדער איז אויסגעבראָכן די שרעקלעכע וועלט־מלחמה און די היטלעריסטישע רוצחים האָבן אַלץ פאַרניכטעט. דער־מאָרדעט אַלע אונדזערע נאָענטסטע און טייערע.

כבוד זייער הייליקן אָנדענק!





ביום השוק — אין אַ מאַרק־טאָג

ש. שלפרמן / תל־אביב

# פולקלור קוזמיראי

ככל עיירה יהודית בדורות עברו, כן גם קוזמיר הצטיינה בפולקלור משלה, שצמח על רקע תנאי חיי היהודים ברוסיה הצארית. מקום נכבד תפסו אמונות־תפלות, קמיעות, לחשים, השבעות וכד׳.

„תרומה״ נכבדה להווי שציין את חיי היהודים תרם, משטר הרשע הצארי ברוסיה. עלילות־דם, גירושים, פרעות ונגישות ליוו את חיי הקהילות היהודיות בארץ זו. שכן, גזרה אחת רדפה את השניה, שאחת היתה תכליתן — למרר ולהצר את חיי המון העם היהודי. אולם באחת הגזרות לא יכלו היהודים לעמוד בשום פנים והוא — השירות הצבאי. במיוחד קשה היה הדבר ליהודי שומר־מצוות ואדוק בדתו. והרי בימים ההם, רוב מנינו ורוב בנינו של העם נאמן היה לאורח־חיים דתי, קיים מצוות וכל סטייה מהם הסבה לו עינויי מצפון. בצבא, נאלץ היה לחלל את השבת, לאכול טריפה, לעבור עברות רבות שהיו בניגוד לאמונתו ולדתו. ובל נשכח את יחסם של הקצינים והחיילים הרוסיים אליו, שרובם היו בורים, גסי־רוח ואנטישמים, שלא החמיצו כל הזדמנות להתעלל ולמרר את חיי החייל היהודי. צעיר יהודי כי גוייס לצבא הצאר, נותק מביתו לשנים ארוכות, הוא הועבר הרחק־הרחק מביתו ומכל ישוב יהודי, לערבות סיביר או לאחד החבלים של הארץ הגדולה ששמה — רוסיה.

כאן המקום להזים את העלילה שהעלילו האנטישמים על היהודים כי משתמטים הם משירות צבאי ויעיד המצב ששרר אז בגאליציה שהיתה תחת שלטונו של המלך פראנץ־יוזף. יחסו ליהודים הצטיין ביתר סובלנות ותנאי חייהם של היהודים היו נוחים יותר. שם, קיבלו עליהם היהודים את השירות הצבאי לא כגזרה שצריך להתחמק ממנה, אלא כמילוי חובה אזרחית אותה צריך למלא ובחור ששוחרר מטעם כלשהו משירות צבאי בגאליציה, אף „מניותיו״ אצל הבנות ירדו. הן טענו: „אם לצבא אינך כשר, לא תצלח גם לאשה...״

אבל קוזמיר לא שכנה בגאליציה, כי־אם בתחומי רוסיה הצארית, לכן היה יחסו של צעיר יהודי לשירות בצבא הוד מלכותו שלילי לחלוטין. אך כיצד אפשר להיפטר משירות צבאי? על־ידי הטלת מומים ממומים שונים בגופו של החייב בשירות.

## הטלת מומים כ„סגולה" לפטור משירות צבאי

ש ב ר ־ מ ע י י ם: ע"י קפיצה ממקומות גבוהים עד שנתבקעה המפסעת ויצאו המעיים. אך אם הקפיצות לא הביאו התוצאה הרצוייה, פנה המועמד ל„בעל־מקצוע" שרבה היתה „ידיעתו" בתחום זה.

נ י ק ו ב  ת ו ף  ה א ו ז ן: מום זה הוטל בעזרת „מומחה", שהיה מזליף טיפות חומצת־מלח לאוזן... עד שנשמעה שריקה עם סתימת האף ביד ונשיפת אוויר... לפעמים היתה מצטברת מוגלה באוזן...

ק ל ק ו ל  ע י נ י י ם: ע"י הזלפת טיפות מתאימות או הרכבת משקפיים בלתי־מתאימים וחוסר שינה במשך לילות רצופים עד שהעיניים לקו בדלקת.

ק י צ ו ר  ר ג ל  א ח ת: ע"י משיכה ותרגילים שונים, סחיבת משאות וכד' עד כדי צליעה.

מ ח ל ת  צ ה ב ת: באמצעות הזרקת טיפות מתחת לעור או העיניים.

ש ח י ן: זמן רב לא חפפו את הראש ומרחוהו בחלמוני ביצים וכד'.

ק ט י ע ת  בוהן יד או רגל.

ע ק י ר ת  שניים.



**קבוצת „טרומפלדור" בהנהגת ליבל לגלבן (1929)**

**די קבוצה „טרומפלדור" אונטער דער אָנפירונג פון ליבל לאַנגלעבן (1929)**

סיגוף: ע״י צום חלקי והינזרות מלחם ותבשילים. התפריט כלל תפודים צלויים בלי מלח, גרעינים, חמניות וכו׳. בליעת תרופות משלשלות, חוסר שינה במשך שבועות. חייבי שירות צבאי היו אז מתאספים בבתי־הכנסת בלילות, מסיקים את התנור ומעבירים את הלילה במשחקים כדי לא להרדם... הסיגוף לא שיחרר כליל מן הצבא, והחייב בשירות קבל שחרור לשנה בלבד וחוזר חלילה — 3 פעמים, עד שהפך לגל עצמות וסופו מר. אמנם הוא קיבל פטור מהשרות הצבאי, אך לקה במחלות כרוניות, כגון, שחפת, או דלקת קרום־המוח מהמוגלה שהצטברה ומת בדמי ימיו בהשאירו אלמנה צעירה ויתומים פעוטים. כדאי לציין שבמוס דעלמא לא־סגי, ולא מעליא... אלא לאחר שיישלשלון כמה מאות... לרופא המחוזי, ולפקיד הראשי...

## רפואות וסגולות למחלות ר״ל

קראו לו מושקה פעלדשער. הוא היה „אח״, מומחה, אם כי לא מדופלם, ידע לרשום תרופות (בערב שבת היה הולך לבית המרקחת והורה כיצד להרכיב את התרופה, כדי להימנע מחלול שבת). היה מהלך תמיד בלווית הד״ר דמתא (גוי). מושקה היה מומחה למיחושים. מחולה דרש להושיט הלשון, בודק את הדופק לדעת אם עלה החום (במדחום לא השתמש...), עשה חוקן, משקה בשמן־קיק ומורח את הפה, כלומר את הגרון ביוד במקל עטוף בצמר־גפן, וזה הועיל. וכשהושיטו לו כמה מטבעות, היה משלשל אותם לכיס מכנסיו מבלי לבדוק את הסכום. אך לא תמיד נקרא מושקה לחולה אלא למחלות קשות וקלות — השתמשו נגדן בסגולות הבאות:

עין הרע: החש בראשו, סימן שנפגע מעין הרע ר״ל. אז צריך לפנות לר׳ יחזקאל הצולע שהיה לוחש את הפזמון „שלוש נשים עומדות על שן סלע אחת״... וכו׳ בעצימת עיניים ובכוונה עד שהחולה החל לפהק ורפא לו. ילד כי חלה צריך להעבירו שבע פעמים בין ברכיו של בכור והבכור ילקק בלשונו את המצח של החולה 3 פעמים ויורק לשמאלו ולימינו — ורפא לו. אם ידוע מי נתן את העין הרע, טול חתיכה מבגדו ועין הרע שלו לא תשלוט בך.

ילד אחוז עווית: סימן שהובהל ע״י שד או חיה או בכלל אַ ניט גוט... יש לצקת שעוה מומסת באש אל תוך קערת מים — המונחת על בטנו של הילד, ואז נשקפת ממנה בדיוק הדמות שהבהילה אותו... וכשהילד יסתכל בה — הוא ישוב לאיתנו.

אשה הרה: בל תצא בלילות ברחוב, משום סכנת השדים ר״ל. כדי להקל על ההריון, עליה לענוד „שטערנשיס״ אבן־כוכבים, (דומה לג׳ולה בה משחקים הילדים).

בצאת אשה הרה מחנות המכולת, השלך אחריה דבר מאכל כלשהו, כדי שהעכברים לא יכרסמו את שקי המכולת שבחנות... לאחר הלידה, יש לשים מתחת לכר היולדת סכין וחומש ובתוך הארובה להעמיד גרזן... נוסף לפתקאות „שיר המעלות״

לשמירה על הילד אותם מדביקים על קירות החדר ומעל מיטתו. כמובן, הרך הנולד נולד בבית האם והמיילדת יורה זיסקינד היתה מיילדתם של כל ילדי קוזמיר, שיצאו מרחם אמהותיהם ללא מום חלילה. ואם מתקשה היולדת ללדת — צריך ללכת לבית המדרש, לפתוח את ארון הקודש, להתפלל ולבכות ולרשום עליו בגיר כי פלונית בת פלוני מבקשת רפואה שלמה במהרה. כמובן היו גם תורמים חצי ליטרה נרות לבית־הכנסת. כן היו משתטחים על קבר אבות ומבקשים את עזרתם להשתדל למען היולדת... ברוב המקרים כל אלה הועילו...

בהיוולד בן, היו מתאספים ערב־ערב תינוקות דבית־רבן עם העוזר לקריאת „קריאת שמע" ובסיימם קבלו ממתקים ונפרדו בברכה: „אַ גוטע נאַכט דעם קליינעם ייִנגעלע".

פצע שותת דם: שמים עליו קורי עכביש (והרי אלה לא חסרו בשום בית יהודי...).

התקררות: ממהר לבית־המרחץ לשם הזעה, הקזת דם וקרני אומן.

כאב־בטן: לשים על הבטן מכסה מחומם עטוף במגבת, גם שמן קיק או חוקן היה מועיל.



מבט על קוזמיר | אַ בליק אויף קוזמיר

מ ו ר ס ה, ש א ת, פ ו ר ו נ ק ל: לשים עיסה בדבש עד שהפצע מתרכך ונפתח. אפשר גם לפסלו בשתן או בריר של האף.

כ י ב ב ג ר ו ן: לשטוף את הגרון בחלב מבושל בתאנה עד שנעשה לנוזל סמיך והכיב מתפוצץ.

כ א ב ש נ י י ם: לטבול צמר־גפן בפלפל חריף (טחון) בתוך כף ספירט, להצית את הצמר גפן, ולאחר כיבויו לשימו בחור השן.

י ל ד ש ל ק ה ב ת ו ל ע י ם: להאכיל אותו מדי ערב בריח בסוכריות בתולעי כרוב (ווערים קרויט). מבוגרים להאכיל בהרבה שום.

ה ס ו ב ל מ ק ו ר ורגליו נפוחות, או מגירוי באצבעותיו: להשרות את הרגליים בשתן

ע ב י ט מ י ־ ש ו פ כ י ן: אין לשפוך בלילה, כדי שהמזיקין או השדים לא ישפכו עליך את זעמם, לכן צריך לאמר שלוש פעמים: היט זיך, היט זיך, היט זיך. והסכנה חולפת. בעיירות אחרות היו נוהגים לומר „פוי, פוי אוועק אין דער זייט, מיינע טייערע ליבע לייט... ס׳זאל אייך ניט פארדריסן, כ׳גיי דאס פאמאשאף אוועק גיסן״, כלומר, „פוי פוי הצידה, חביבי, נא בל תכעסו עלי, את העביט שופכת אני״.

„ש ו ש נ ה״ ע ל ה ג ו ף: לשרוף פשתן במקום שם פרחה „השושנה״ שצריכה להיות חבושה במטפחת אדומה. יש לעבור עם הפשתן 3 פעמים על השושנה ומדליקים אותו (מסובבים 3 פעמים ביום) כעבור 3 ימים „השושנה״ נעלמת.

ה צ ט נ נ ו ת: לשים כוסות־רוח או תחבושות עם חרדל על הגב עד שיאדים ויצרוב, וזה מועיל.

כדאי גם לציין את משחקי הילדים.

מ ש ח ק ה ק ל י פ ה: חתיכת עץ קטנה מחודדת בשני קצוותיה, אחד המשחקים מכה בה בקרש דק כדי לקלוע למטרה בעיגול.

מ ח ב ו א י ם.

ה ר ב צ ה: טומנים הפנים בברכי אחד היושבים, את ידו שם מאחוריו ואחד הילדים סוטר בכפו וזה שפניו טמונים חייב לנחש מי הסוטר (וחוזר חלילה).

מ ש ח ק ה א ג ו ז י ם (בעיקר בפסח וסוכות), בצורות שונות, בגומא, בכיפה, בזוג או פרד.

מ ש ח ק ה ק ל פ י ם: אוקו, ששים־ושש, עשרים ואחד, ופתקאות. הבחורות שיחקו בטבעות עץ (טערניטשקעס) חרוטי מספרים, על לוח, עם מספרים מקבילים.

שח־מט היו משחקים בבית המדרש, עז וזאב, איקס־מיקס ודומיניון.



ש. שלאַפערמאַן / תל־אביב

# קוזמירער פאָלקלאָר, שטייגער, געשיכטעס

דאָס שטעטל קאַזשימיעזש רעכנט זיך צו די פוילישע מערקווירדיקע און היסטאָרישע ערטער אַ דאַנק אירע אַלטערטימלעכקייטן און שיינער פּאַנאָראַמע. פאַראַן דאָרט בערג און טאָלן, וואַלד און די ווייסל. טאָג־טעגלעך זענען קיין קוזמיר געקומען פאַרשידענע געסט פאַרברענגען, זיך אָפּרוען און געניסן פון דער הערלעכער לאַנדשאַפט, געזונטער לופט און פיינער געזעלשאַפט. ווייל די שטאָט איז אויך געווען אַ צוציונגס־אָרט פאַר קינסטלער, מאָלער, שרייבער, דיכטער, זשורנאַליסטן און אינטעלעקטואַלן.

**דער כוח פון אַ דיכטער...**

אין שטעטל וויסן אַלע יידן, אַז דער באַרימטער דיכטער ז. סעגאַלאָוויטש איז ווידער דאָ. ער, וואָס האָט אַזוי באַזינגען און באַשריבן קוזמיר, איר לאַנדשאַפט און ספּעציעל — די יידישע מענטשן דאָרט, באַזוכט ווידער דאָס באַליבטע אָרט. מן הסתם גרייט ער זיך עפּעס צו שרייבן וועגן קוזמיר.

שפּאַצירנדיק אַמאָל ביים ווייסל־ברעג, האָט אַן אַנטיסעמיטישער פּאָליאַק, אַן אַ פּאַר וואָס און אַ פּאַר ווען, געזאָגט סעגאַלאָוויטשן „פּאַרשיווי זשיד". דער דיכטער האָט שאַרף אָפּגעענטפערט אויף דער באַליידיקונג און אַפילו צוגערופן אַ פּאָליציאַנט, וועלכער האָט דעם קריסט פאַרשריבן אַ פּראָטאָקאָל. קוזמירער יידן זענען געווען שטאָלץ מיט סעגאַלאָוויטשס האַנדלונג, הלמאי ער האָט אויף אַזאַ ווירדיקן אופן פאַרטיידיקט דעם יידישן כבוד. דערביי האָבן זיי געזאָגט:

— פאָרט אַ דיכטער! נאָר וואָס דען, ווי מיר, היגע יידן? וויפל מאָל אין טאָג קומט אונדז אויס צו הערן אַ סך ערגערע אויסדריקן און באַליידיקונגען — און מיר מאַכן אַ שווייג, אָדער רעאַגירן קוים־קוים... אָבער אַ דיכטער, אָט דאָס הייסט אַ מענטש. דאָס איז דער כוח פון אַ דיכטער...

די פּאַסירונג איז פאָרגעקומען אין יאָר 1929, ווען איך האָב געוווינט אין קוזמיר. דער רוב ווייטערדיקע באַשרייבונגען שטאַמען פון יענעם יאָר.

אַלע שילדערונגען פון קוזמיר זענען דער עיקר פון די שיינע זומער־חדשים. מיר איז אויסגעקומען צו באַוווּנדערן די קוזמירער פּאַנאָראַמע אין ווינטער. נאָר אויף אַ בילד פון אַ געניטן מאָלער קען מען זען די פּראַכט און דעם גלאַנץ פון דעם שטעטל, ווען ס'איז געלעגן איינגעהילט אין אַ ווייס־שנייאיקן צודעק. אין חודש מערץ, ווען דער זיך דערנענטערנדיקער פרילינג האָט געגעבן זיינע ערשטע סימנים, האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער געדיכטער שניי וועט זיך צעגיין און פאַרוואַנדלען דאָס שטעטל אין אַ צעשטורעמטן ים. אָט־אָט וועט דאָס וואַסער עס איינשלינגען. בפרט, אַז די אייז־קריעס אויף דער ווייסל האָבן אָנגעהויבן פּלאַצן און קראַכן, אָנזאָגנדיק אַ פאַרפּלייצונג, וואָס וועט מיט אירע צעשטורעמטע כוואַליעס מיטרייסן דאָס גאַנצע שטעטל. אין אַזאַ טאָג, ווען פונעם טייך האָט זיך געלאָזט הערן דער בייזער געברום פונעם באַפרייטן וואַסער און דאָס צוזאַמענשטויסן זיך פון די אייז־קריעס, זענען די איינוווינער פון שטעטל, קריסטן און יידן, געלאָפן צו דער ווייסל, זען ווי עס האַלט דאָרט. די פייערלעשער האָבן גע־קלינגען אין זייער אַליאַרם־גלאָק און אַ יונגערמאַן, אַרומגעוויקלט דעם האַלדז מיט אַ וואַרעמען שאַל, לויפט און שרייט מיט דער גאַנצער ערנסטקייט „די ווייסל מוז ברענען!"...



**קבוצת „פרחים" בהנהגת שמעון שלפרמן (1930)**

**די קבוצה „פרחים" אונטער דער אָנפירונג פון שמעון שלאַפערמאַן (1930)**

דער עולם פאַרשטייט, אַז מן־הסתם איז די פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע שוין דאָ ביים טייך. און ווירקלעך: זיי שטייען מיט ברענענדיקע שטורקאַצן און לאַמטערנעס, פּאַלגן נאָך מיט מורא און שפּאַנונג דעם צעשטורעמטן טייך, ווילן פאַרהיטן, ער זאָל זיך ניט צופיל אַרויסרייסן פון דער קאַריטע און ברענגען אומגליק אויפן שטעטל. נישט קיין קלייניקייט — דאָס וואַסער האָט זיך געהויבן אויף צוויי מעטער...

איינס אַ זייגער ביינאַכט דערהערט מען פייפן דעם אַנקומענדיקן שטורעם. גרויסע שטיקער אייז באַוועגן זיך מיט אַ סך פלינקייט, שטויסן זיך אָן איינער אין צווייטן. ווייבער שטייען געפּרווירענע און בעטן, אַז ס׳זאָל זיין מיט רחמים. קריסטלעכע פרויען צלמען זיך איבער, רופן דעם געקרייציקטן. העט־ווייט הערט זיך אַ שטאַרקער קראַך, דאָרט האָט געפּלאַצט דאָס אייז און דאָס אָנגעזאַמלטע וואַסער ביים קוזמירער ברעג, לאָזט זיך אַהין מיט באַפרייטער סטיכיע. דער עולם האָט פריי אָפּגעאָטעמט. די פייערלעשער זעען אויס צו זיין צופרידענע, נאָר אויך אַנטוישטע. דער טייך האָט זיי דאָס מאָל אָנגעפייפט, ניט געגעבן קיין אַרבעט, זיי האָבן ניט געקענט באַווייזן פאַרן עולם צו וואָס זיי זענען פעיק.

דער ברעג פון טייך ווערט ביסלעכוויז ליידיק. דער עולם גייט אַהיים, יידן פאַלן אַריין באַלד אין אַ האַרטן שלאָף, ניט באַוויזן אפילו קריעת־שמע לייענען...

## פאַר וואָס מ׳האָט ניט געוואָלט דינען אין פרעמדע אַרמייען

אין די צייטן פון צאַר, ווי אין אומאָפּהענגיקן פוילן, האָט ניט יעדער יידישער בחור, וועלכער האָט באַדאַרפט זיך שטעלן צום פריזיוו, געטאָן דאָס גערן און מיט דעם נאַטיר־לעכן ענטוזיאַזם, ווי דאָס טוען היינט אונדזערע קינדער אין דער יידישער מדינה, ווען זיי דאַרפן זיך מאָביליזירן אין צה״ל. אַ יידישער זעלנער אין דער צאַרישער אַרמיי, צי אין דער פוילישער, האָט געוווסט, אַז אויסער דער שנאה, רדיפות און נגישות, וואָס יידן אַלס נאַציאָנאַלע מינדערהייט האָבן געהאַט אויסצושטיין אין דער רוסישער אימפּעריע און אינעם אַנטיסעמיטישן פוילן, וועט מען אויך אים, אַלס סאָלדאַט, שטענדיק דערמאָ־נען זיין אָפּשטאַם, נאַציאָנאַלע אָנגעהעריקייט און די פוילישע זעלנער, אונטער־אָפיצירן און אָפיצירן, וועלן אים פאַרפאָלגן אויף טריט און שריט. די דאָזיקע באַרעכטיקטע מורא האָט טאַקע אָפּגעהאַלטן געוויסע יידישע בחורים פון צו גיין אויף יאָרן אין אַ פרעמדער און פיינטלעכער אַרמיי. האָט מען אַלץ געטאָן, כדי ניט זיין ראוי צום מיליטער־דינסט. צוויי חדשים פאַרן צושטעלן זיך צו דער פריזיוו־קאָמיסיע, האָט זיך אָנגעהויבן דאָס מאַכן פעלערן, כדי מען זאָל געפּסלט ווערן אַלס זעלנער. איך דערמאָן זיך, אַז עטלעכע קוזמירער יידישע יונגעלייט האָבן אָנגעווענדט די פאָלגנדיקע מיטלען, כדי באַפרייט צו ווערן פון מיליטער:

מיט אַ ב ר ו ך (קילע) האָט מען אין דער אַרמיי ניט אָנגענומען. פלעגט אַזאַ בחור

שפּרינגען פון הויכע ערטער, שלעפּן שווערע משאות — ביז די קישקעס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט. אַז דאָס האָט ניט געהאָלפן, פלעגט אַ „מאַכער״ דערליידיקן דעם ענין.

אויך אַ טויבלעכער האָט געהאַט אַ שאַנס באַפרייט צו ווערן. האָט אַזאַ חברהמאַן זיך אַריינגעגאָסן זאַלץ־זויער אין אויער, צוגעהאַלטן די נאָז און גענומען שטאַרק בלאָזן און עטעמען, ביז די פליסיקייט האָט געלעכערט דאָס אויער־הייטל.

כדי זיך קאַליע מאַכן די אויגן, האָט מען אַ געוויסע צייט געטראָגן ניט־צוגעפּאַסטע ברילן, אָדער ניט געשלאָפן גאַנצע נעכט, כדי צום פּריזיוו זאָלן די אויגן זיין רויט און אָטגעשוואָלן. האָט איינער געוואָלט האָבן אַ קורצן פוס, פלעגט ער אויף קאָראָמיסלעס טראָגן עמערס מיט שווערע שטיינער און דערביי האַלטן איין פוס אין דער הייך, ביז ער האָט זיך עטוואָס פאַרקירצט.

אויף צו באַקומען געלבזוכט (די „געלע זאַך״), האָט מען אונטער די הויט איינגעשפּריצט אַ פליסיקייט, פון וועלכער דער גאַנצער גוף איז געוואָרן געל.

כדי אין פּריזיוו־עלטער זיך דערשלאָגן צו אַ פּאַרך, איז גענוג געווען אַ שטיק צייט ניט צו וואַשן דעם קאָפּ, אָדער אַרויפגיסן אויף די האָר געלעכלעך פון אַן איי און זיי לאָזן פאַרטרוקענען, אָדער אַ לאַנגע צייט אין גאַנצן זיך ניט קעמען.

געווען אויך פאַלן פון באַשעדיקן זיך איינעם אָדער צוויי פינגער פון דער האַנט, צי פון פוס.

זייער פּאָפּולער איז געווען דאָס צערן זיך, ד. ה. אַראָפּוואַרפן וואָס מערער פון דער וואָג, כדי פאַר דער קאָמיסיע דערשיינען ווי אַ „לעבעדיקער סקעלעט״. כדי דאָס דערגרייכן, האָבן עטלעכע קוזמירער יונגעלייט אָנגעווענדט פאַרשידענע מיטלען: וואָס ווייניקער עסן, בלויז אַ מאָגערן אָנבייסן, נאָך דעם ווי מ׳האָט געלערנט אין בית־המדרש פון 5 פאַרטאָג ביז 12 בייטאָג. די „וועטשערע״ האָט מען געגעסן ערשט 12 ביינאַכט, נאָכן אָפּזיצן איבער דער גמרא, צי אַן אַנדער ספר, אין פאַרלויף פון 12 שעה. בעתן צערן זיך, האָט מען בדרך־כלל געגעסן געבראָטענע קאַרטאָפל, נאָר אָן זאַלץ, אַ סך באַניקערן, צי קערעלעך פון זונרויזן. און דאָס וויכטיקסטע — ניט צוגעטאָן קיין אויג אין משך פון אַ סך נעכט. כדי דאָך ניט כאַפּן קיין דרימל, פלעגן חברה אַרומשפּאַצירן און וואַנדערן גאַנצע נעכט איבערן שטעטל און אין דער סביבה, אָדער געשפּילט אין „פּאַטשעלעך״. מען פלעגט אויך איינעמען ריצנאייל, אַז ס׳האָט ממש אַרויסגעיאָגט די קישקעס...

מען פלעגט זיך אויך פאַרזאַמלען אין בית־המדרש און איינהייצן דעם אויוון מיט האָלץ וואָס איז צונויפגעשלעפּט געוואָרן פון פאַרשידענע ערטער, דערביי פאַרנומען זיך מיט פאַרשידענע שפּילערייען.

ניט שטענדיק איז די געצערטע געלונגען. קודם כל האָט דער דאָקטאָר באַפרייט אַזאַ איינעם נאָר אויף אַ יאָר (אַ גרינער בילעט) — און ביז דריי יאָר האָט דער בחור געמוזט זיך יעדעס יאָר צערן, ביז ער האָט ענדלעך זוכה געווען אין גאַנצן באַפרייט צו ווערן (אַ

ווייסער בילעט). ניט ווינציק פאַלן זענען געווען, אַז אַזאַ יונגנטלעכער איז געוואָרן אַ קאַ־ליקע, שווינדזוכטיק, אָפּגעשוואַכט און אַנעמיש. געווען אויך פאַלן, הגם זייער זעלטענע, אַז אַזאַ אָפּמאַגערונג־קוראַציע האָט זיך געענדיקט מיט טויט...

צו די אַלע מאַטערנישן האָט מען ניט איין מאָל באַדאַרפט געבן שוחד דעם דאָקטאָר, צי וועלכן מיטגליד פון דער פּריזיווי־קאָמיסיע.

מען דאַרף וויסן, אַז אין גאַליציע, ווו ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט געהערשט דער קיסר פראַנץ־יאָזעף, וועלכער האָט זיך גוט באַצויגן צו יידן, האָבן אונדזערע בחורים גערן זיך געשטעלט פאַר די פּאָבאָר־קאָמיסיעס. געווען דערצו נאָך אַ סיבה אין יענע צייטן: אַז אַ יונגערמאַן האָט ניט געדינט אין מיליטער צוליב וועלכער ס'איז סיבה, איז זיין מיידל ניט נוטה געווען צו גיין מיט אים אונטער דער חופּה. איר טענה איז געווען:

— אַז ער טויג ניט פאַרן קיסר, וועט ער פאַר מיר אויך ניט טויגן...

### באבסקע רפואות און סגולות

אין קוזמיר איז געווען זייער פּאָפּולער מאָשקע דער פעלדשער. הגם ער האָט ניט געהאַט קיין דיפּלאָם, האָבן אַלע אים געהאַלטן פאַר אַ גרויסן מומחה אין קראַנקייטן. ער האָט זיינע רעצעפּטן פאַרשריבן אַפילו אין לאַטיין. דאַקעגן שבת, אַז ער האָט ניט גע־וואָלט שרייבן, פלעגט ער אַליין צוגיין צום אַפּטייקער און אים זאָגן ווי אַזוי צוגרייטן די



ככר השוק — ציור של ש. וודניצקי • דער מאַרק־פּלאַץ — געמעל פון ש. וואָדניצקי

רעצעפּט. ער איז געווען אַ גרויסער מבין אויף פאַרשידענע מיחושים און ניט איין מאָל האָט ער באַגלייט דעם שטאַטישן דאָקטאָר אויף זיינע וויזיטן.

אַז ס'איז ווער קראַנק געוואָרן אין קוזמיר, האָט מען דאָס ערשטע גערופן מאָשקען. ער האָט געהייסן זיך ווייזן די צונג, דערנאָך געטאַפּט דעם דופק (קיין טערמאָמעטער האָט ער ניט באַדאַרפט), דערנאָך באַפוילן דעם קראַנקן מאַכן אַ לעוואַטיווע, אָדער איינ־נעמען ריצנאייל. מיט יאָד האָט ער אויסגעפּענדזלט דעם האַלדז, באַפוילן טרונקען טיי מיט מאַלינע־סאָק און ליגן עטלעכע טעג אין בעט מיט אַ נאַסן האַנטעך אויפן שטערן. זיין וויזיט האָט ער געענדיקט מיט אַ „גוטן טאָג", נאָך דעם ווי ער האָט אומגעציילט אַריינגעלייגט אין טאַש דאָס געלט, וואָס ער האָט באַקומען פאַר דער וויזיט.

אָבער ניט יעדער האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט צי חשק אַרויס צו העלפן זיך מיט מאָשקע פעלדשער. דער רוב ידישע מאַמעס האָט זיך באַנוצט מיט פאַרשידענע באַבסקע רפואות, סגולות, אָפּשפּרעכענישן.

ווען אַ קינד האָט זיך באַקלאָגט אויף קאָפּ־ווייטיק, האָט אַזאַ מאַמע געפּסקנט, אַז ס'איז אַוודאי פון אַ „גוט אויג". אין אַזאַ פאַל איז מען געלאָפן צום לאַמען יחזקאל ער זאָל אָפּשפּרעכן אַן עין־הרע. דער ייד האָט געפרעגט דעם נאָמען פון קראַנקן, דעם נאָמען פון זיין מוטער, פאַרגלאָצט די אויגן, געזאָגט דעם מאמר "שלוש נשים" און אָנגעהויבן געניצן. אין דעם מאָמענט האָט דער חולה גענומען גענעצן און... געזונט געוואָרן.

געווען אויך אַ סגולה אַדורכצופירן דריי מאָל דעם קראַנקן דורך די פיס פון אַ בכור און אָפּלעקן זיין שטערן (וועלכער איז געווען געזאַלצן פון שוויס), דערנאָך אויסשפּייען זעקס מאָל — דריי מאָל לינקס, דריי מאָל רעכטס. אויב מען האָט געהאַט אויף וועמען אַ חשד, אַז ער האָט דאָס געגעבן די עין־הרע, איז גוט געווען אַרויסציען עטלעכע פעדים פון יענעמס בגד און נאָך דעם האָט ער שוין ניט געהאַט קיין שום שליטה אויף דעם קראַנקן.

אַז אַ קינד האָט גענומען ציטערן און וויינען, איז אַ סימן, אַז אַ שד האָט אים איבערגעשראָקן, צי אַ חיה־רעה אָדער אַ „נישט־גוטס" האָט אים באַהערשט. פלעגט מען אויפן קינדס בייכל אַרויפשטעלן אַ שיסל מיט וואַסער און דאָרט אַריינגיסן, אָדער אַריינ־טריפן פליסיקן וואַקס, וועלכער האָט אויפן וואַסער אָנגענומען די געשטאַלט פון דער באַשעפעניש, וואָס האָט איבערגעשראָקן דאָס קינד. אַז מען ווייזט דעם קינד די פאַר־גליווערטע וואַקס — ווערט עס געזונט...

לויט די איינגעשטעלטע אַבערגלויבנס, האָט אַ שוואַנגערע פרוי ניט געטאָרט גיין ביינאַכט איינע אַליין, ווייל שדים און מזיקים דראָען איר פון אַלע זייטן. אויף צו פאַר־לייכטערן די שוואַנגערשאַפט, האָט מען איר אָנגעטאָן אויפן האַלדז אַ שטערנשוס. אַז אַ שוואַנגערע פרוי קומט אין אַ שפּייז־געוועלב, דאַרף מען נאָכן פאַרלאָזן דורך איר די קראָם, נאָכוואַרפן עפּעס אַ דבר מאכל. אַנדערש פאַרשלעפּן די מייז דאָס עסן...

נאָכן געבורט דאַרף מען דער קימפּעטאָרין לייגן צוקאָפּנס אַ מעסער און אַ חומשל צו פאַרהיטן זי פון נישט־גוטע; אין קוימען שטעלט מען אַריין אַ האַק מיט אַ בעזים, די קימפּעטאָרין מיטן קינד דאַרפן ליגן אין אַ מחיצה און דערפאַר האָט מען זיי פאַרהאָנגען מיט ליילעכער און קאָלדרעס, אויף וועלכע מען האָט צוגעשפּיליעט „שיר המעלותן".

אין יענע צייטן האָט מען אין קוזמיר ניט געפירט קיין קימפּעטאָרין אין שפּיטאָל, אָדער אַ דאָקטאָר צי אַ דיפּלאָמירטע אַקושערקע זאָל זיך מיט זיי מטפל זיין. געווען אין שטעטל אַ הייבאַם (באַבע), יורע זיסקינד, וועלכע האָט „אָפּגענומען" אַלע יידישע קינדער אין קוזמיר — און קיין איינער פון זיי איז ניט געווען קיין קאַליקע... ווען אַ געווינערין איז דאָך געגאַנגען שווער צום קינד, האָט מען איינגעריסן קברים, געלאָפן אין בית־המדרש צי אין שול און געהייסן בעטן פאַרן אָפענעם אָרון־קודש. דערביי האָט מען מנדב געווען אַ האַלב פונט ליכט צום דאַווענען און געהייסן ר׳ יקירן צוזאַמענרופן די חברה תהילים־זאָגער. אַז יקיר מיט זיינע יידן האָבן זיך אַ נעם געטאָן צו זאָגן תהילים — איז די געווינערין זיכער געהאָלפן געוואָרן.

אַז ס׳איז געבוירן געוואָרן אַ ייִנגל, זענען יעדן אָוונט געקומען חדר־קינדער מיט זייער רבין און געלייענט קריאת־שמע און דערנאָך האָט מען זיי געטיילט צוקערלעך. ביים אַוועקגיין האָבן זיי אַלע געשריגן: „אַ גוטע נאַכט דעם קליינעם ייִנגעלע".

האָט זיך ווער צעשניטן אַ פינגער — האָט מען די ווונד אַרומגעבינדן מיט שפּינוועבס.

אַ פאַרקילטן האָט מען געשיקט אין שוויץ־באָד און באַפוילן ער זאָל זיך לאָזן גוט אויסשמייסן מיט אַ בעזעמל; אָדער מ׳האָט אים געשטעלט געווינלעכע צי געהאַקטע באַנקעס, אַמאָל אויך צוגעלייגט אַ גאָרטשיצע־פּלאַסטער, צי גאָר געגעבן אויסצוטרינקען אַ גאָגל־מאָגל (אויב מען האָט שטאַרק געהוסט).

צו בויך־ווייטיק פלעגט מען צולייגן דאָס וואַרעמע שטערצל פון קיך, איינגעוויקלט אין אַ שמאַטע, אָדער געהייסן איינעמען ריצנאייל.

צו היילן אַ געשוויר און בלאָטער, האָט מען צוגעלייגט אויפן אָנגערירטן אָרט אַ האָניק־טייגל, צי גאָר באַשמירן דאָרט מיט שתנה, אָדער מיט דער פליסיקייט פון דער נאָז. אַ געשוויר אין האַלדז האָט מען געהייסן שווענקען מיט מילך אין וועלכער ס איז געווען איינגעווייקט אַ פייג.

אַז אַ צאָן האָט גענומען וויי טאָן, האָט מען אויף אים אַרויפגעלייגט אַ שטיקל וואַטע, וואָס איז געווען אָנגעוואַרעמט מיט אַ ביסל פעפער, איבערגעקאָכט אין ספּירט.

האָט אַ קינד געליטן פון ווערים, האָט ער יעדן ערב ראש־חודש באַקומען צו עסן ווערים־קרויט מיט צוקערלעך, בעת דערוואַקסענע האָט מען געגעבן קנאָבל.

אַן אָנגעשוואָלענעם פוס פון דער פראָסט איז גוט געווען צו ווייקן אין שתנה.

אַ רויז פלעגט מען אַרומבינדן מיט אַ רויט טיכל, לאָזן ברענען שטיקער פלאַקס

און דעם פלאַקער אַרומדרייען אַרום דעם קראַנקן אָרט דריי מאָל צו דריי מאָל אין טאָג, ביז די רויז איז פאַרשווונדן.

אין קוזמיר איז געווען איינגעבירגערט די אמונה, אַז ביים אויסגיסן ביינאַכט אומריין וואַסער אין דרויסן (קיין וואַסערלייטונג און קאַנאַליזאַציע איז נאָך ניט געווען), דאַרף מען דריי מאָל זאָגן „היט זיך״ — און דערנאָך אויסגיסן דעם עמער, ווייל מען קען אָפּגיסן שדים אָדער אַנדערע נישט־גוטע און זיי וועלן דערנאָך זיך נוקם זיין. אין אַנדערע שטעט פלעגט מען דערביי זאָגן אַזאַ פּזמון: „פוי, פוי, אַוועק אין דער זייט / מיינע טייערע ליבע לייט / ס׳זאָל אייך ניט פאַרדריסן / כ׳גיי דאָס פּאָמעשאַף אויסגיסן״...

### שפּילערייען און פאַרווייילונגען

חברה קליינוואַרג און יוגנטלעכע האָבן זיך געהאַט זייערע אייגענע שפּילערייען און אַפּרוויילונגען, וואָס געהערן אויך צום קוזמירער יידישן לעבנס־שטייגער:

קליפּע (טאַטשקע) — אַ פאַרקיילעכיקט העלצל מיט צוויי שפּיצן, אין וועלכן מ׳האָט געקלאַפּט מיט אַ הענטל, צי ברעטל, כדי צו טרעפן אין ראָד.

בעתן שפּילן זיך אין באַהעלטעניש האָט מען אויסגעזוכט אַלע מעגלעכע ערטער ווו זיך צו פאַרשטעקן — אָבער דעם זוכער איז אין רוב פאַלן געלונגען צו אַנטדעקן די באַהאַלטענע.

פּעטשעלעך: איינער לייגט אַוועק זיין קאָפּ אויף די קני פון אַ צווייטן און דערביי האַלט ער די אָפענע האַנט אויפן רוקן. אַלע מאָל פּאַטשט אין דער האַנט אַן אַנדערער פון די באַטייליקטע אין שפּיל — און דער געפּאַטשטער דאַרף טרעפן ווער עס האָט אים דערלאַנגט. דערנאָך לייגט זיך דער אויף וועמען מ׳האָט געטראָפן — און אַזוי ווייטער.

אַ גרעסערע צאָל קינדער פלעגן זיך שפּילן אין „שלי־שלך״. פון ביידע זייטן „גרע־נעץ״ — אַן אָנגעצייכנטע ליניע, שטייען צוויי גרופּעס. צו דער ליניע קומט צו אַ שליח פון איין גרופּע און מעלדעט, אַז דער קיסר האָט געהייסן געבן דער קעגנערישער דריי פּייערדיקע פּעטש: איינס קאַשע, איינס קוגל, איינס פלייש — און ער אַנטלויפט. כאַפּט מען אים, ווערט ער גענומען אין „פּלען״ (געפאַנגענשאַפט). אויב ניט, שיקט יענע גרופּע אַ שליח.

אין ניס האָט מען געשפּילט נאָר אין פּסח און סוכות: דראָט־און־אים; אין אַ קאַפּל; אין גריבל און אַנדערע.

בעת אין קאָרטן האָבן געשפּילט נאָר מענער, האָבן די פרויען זיך פאַרווײַלט מיט דער טערניטשקע („לאָטאָ״). דאַקעגן אין בית־המדרש האָט מען געפּלעגט שפּילן שאַך, ציג־און־וואָלף, שטאָט־און־דאָרף, איקס־מיקס, דאָמינאָ.

## אַ סוף צו די אַבערגלויבנס און צוריקגעשטאַנענקייט

נאָכן פאַרענדיקן די ערשטע וועלט־קריג, האָט דער שטורעם־און־דראַנג־פעריאָד אין גאַנץ פוילן, געהאַט זיין אויסווירקונג אויך אין קוזמיר. די יוגנט האָט אָנגעהויבן אַרויס־רייסן זיך פון די עלטערנס השפעה, פאַרלאָזן דאָס בית־המדרש און אָנגעהויבן זוכן לייזונגען פאַר זיך און פאַרן פאָלק, ווי אויך פאַר דער גאַנצער מענטשהייט, אין די אַנט־שטאַנענע פאַרטייען, אָרגאַניזאַציעס, געזעלשאַפטן. ביסלעכווייז האָט דאָס וועלטלעכע, פאַרגעשריטענע, נאַציאָנאַלע און געזעלשאַפטלעכע אַרויסגעשטויסן דאָס רעליגיעזע, טראַדיציאָנעלע און פאַרעלטערטע. כמעט אַלע אידעישע ריכטונגען, וואָס האָבן געווירקט אויף דער יידישער גאַס — הייבן אָן ווירקן אויך אין קוזמיר. נייע ווינטן נעמען בלאָזן אין שטעטל. די פּאָליטישע טעטיקייט, די פאַרצווייגטע קולטור־אַרבעט, די פילאַנטראָ־פּישע אינסטיטוציעס און די פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס — שטויסן אַרויס די אַבער־גלויבנס און זאַבאַבאָנעס, די איינרעדענישן און פאַנאַטישקייט...






חנות יהודית לדברי מרקחת ותמרוקים של מ. גלבסקי

יידישער אפטייק־סקלאַד פון מ. גאַלעווסקי

טובה ליבערמאַן־שור / תל־אביב

# מיין אָפּרו־שטעטל

פון קוזמיר האָב איך די בעסטע דערינערונגען. אַ שטעטל מיט אַ פּרעכטיקן פּייזאַזש. דאָס גאַנצע אָרט ליגט אין אַ טאָל, און אַרום דעם גרויסן באַרג — דער „דריי־צלמים־באַרג". זומער איז דאָס שטעטל פאַרפולט מיט „לעטניקעס", אויספלוגן און באַזוכן פון יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, ספּאָרטלער, סקויטן און געזעלשאַפטלעכע טוער. דאָרט האָט זיך געפונען דער באַקאַנטער „פּענסיאָנאַט שענדעראָוויטש" (די שטאָט איז געווען פאַרפולט מיט פּענסיאָנאַטן). אויך הויכע באַאַמטע זענען געקומען אין די וואַקאַציע־חדשים, כדי צו געניסן פון דער שיינער קוזמירער נאַטור און פון דער פּליאַזשע אויף דער ווייסל.

דאָס יידישע קוזמיר האָט געברויזט פון געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען, קאָנצערטן און רעפעראַטן. אָנערקענטע רעדנער פון וואַרשע האָבן אייניקע מאָל רעפערירט אין שטעטל מיט גרויס דערפאָלג. אין קוזמיר איז געווען אַ דראַמאַטישער קרייז, אַ „החלוץ"־אָרגאַניזאַציע, די פּאַרטיי פּועלי־ציון (לינקע), מיט איר סעקרעטאַרין יוכבד זאָנענשיין־לץ (איצט אין ישראל). זייער אַקטיוו איז געווען די פּועלי־ציוניסטישע „יוגנט". איך האָב געהאַט דעם כבוד אייניקע מאָל באַזוכן דעם „יוגנט"־קרייז, וווּ עס האָבן זיך אויסגעצייכנט די ח"ח רייכמאַן, צוקער, דאַנציקער, זאָנענשיין, קליינמאַן און אַנד. קומענדיק יעדן זומער אויף אָפּרו קיין קוזמיר, האָב איך זיך געטראָפן מיט די חברים און חברטעס, אָפּגעהאַלטן מיט זיי פיל קרייזן און שמועסן.

פון מיין לעצטן באַזוך אין יאָר 1932, פאַר מיין עולה זיין קיין ארץ־ישראל, זענען פון דעם באַליבטן, שיינעם קוזמיר פאַרבליבן אַ סך גוטע דערינערונגען.



ח. ש. ר.

# ייִדיש־פּוילישע באַציִונגען אין שטעטל

ווי באַוווּסט, איז אונדזער שטעטל געווען באַרימט איבערן לאַנד, ווי אַן אָפּרו־אָרט פֿאַר אַ גרויסער צאָל מענטשן. ליגנדיק האַרט ביי דער ווייסל, מיט אירע נאַטירלעכע פּליאַזשעס, אַרומגערינגלט מיט וועלדער, פּרוכט־גערטנער און שיינע בערג, איז קוזמיר געווען אַן אידעאַלער פּלאַץ פֿאַר טוריסטן. אונדזער שטעטל איז אויך געווען די היים פֿון אַזעלכע גרויסע שרייבער, ווי שלום אַש, ז. סעגאַלאָוויטש, י. י. טרונק און פֿאַרשידענע אָנגעזעענע מאָלער.

טראָץ די אַלע אַנדערשקייטן, האָט אָבער אונדזער ישוב אויך געליטן פֿון די זעלבע צרות, וואָס די מערסטע שטעט האָבן געהאַט אויסצושטיין — אַנטיסעמיטישע דערשיינונגען. פּונקט ווי אין אַנדערע ערטער, האָבן מיר, ייִדישע יוגנטלעכע, געגוג זיך אָנגעליטן, אויך מיר האָבן געוואָלט דערגרייכן וועלטלעכע בילדונג. דער שרייבער פֿון די שורות, זיין ברודער רפאל און ש. קאַלעכשטיין, די איינציקע ייִדישע שילערס אין דער פֿאַך־שול („שקאָלאַ זשעמיעשלניטשאַ”) אין קוזמיר, זענען טאָג־איין טאָג־אויס געווען דאָס ציל־ברעט פֿאַר אָנגריפן מצד אויפגעהעצטע פּוילישע שילערס. מיר פֿלעגן כסדר ווערן אָנגעגריפן — און טראָץ אונדזער ווידערשטאַנד, זענען מיר אַלע מאָל געקומען אַהיים צעשלאָגענע און פֿאַרוווּנדעטע. די שול־אַדמיניסטראַציע און די לערערס האָבן גאָרניט געטאָן אָפּצושטעלן די אַטאַקעס, נאָר אַפֿילו צוגעגעבן מוט און געהעצט קעגן אונדז דריי. אָט אַזאַ פּרייז האָבן מיר און אַנדערע געמוזט צאָלן פֿאַר דעם ביסל בילדונג.

אין שטעטל איז די לאַגע געווען ענלעך. די ייִדישע באַפּעלקערונג האָט געלעבט אין שטענדיקער מורא און געפֿאַר פֿון איבערפֿאַלן מצד דער אויפגעהעצטער פּוילישער באַפּעלקערונג. באַזונדערס איז די געפֿאַר און פּחד געווען גרויס דינסטיק — דעם טאָג פֿון וועכנטלעכן יאַריד.

יעדן דינסטיק זענען אין שטעטל געקומען הונדערטער פּויערים פֿון די אַרומיקע דערפֿער צו פֿאַרקויפֿן זייערע פּראָדוקטן און איינקויפֿן פֿאַרשידענע געברויך־אַרטיקלען ביי די ייִדישע קרעמערס. די באַציִונגען צווישן די פּויערים און די ייִדן זענען בדרך־כלל

געווען נאָרמאַלע, מ׳קען זאָגן — אַפּילו פריינדלעכע, אויב קיין העצערישע כוחות האָבן זיך ניט אַריינגעמישט. אָבער ווי באַקאַנט, האָבן די פּוילישע פּויערים געלעבט אין גרויס אָרעמקייט צוליב דער רעגירונגס־פּאָליטיק און עס האָט זיך געפּאָדערט בלויז אַ קליינער פונק פון אַנטיסעמיטישער העצע, אַז דער אָנגעזאַמלטער צאָרן צווישן די פּויערים זאָל פּאַרקערעוועט ווערן קעגן די אָרעמע יידישע בעל־מלאכהס און קרעמערס, זייער כלומרש־טע „בלוט־זייגערס" און „ביטערע שונאים".



**במועדון ההסתדרות הציונית — משחק שח**

**אין ציוניסטישן קלוב — אַ פּאַרטיע שאַך**

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן אין דינסטיק, וואָס האָט געקענט זיין אַ גרויסער חורבן און אומגליק פאַר דעם יידישן קוזמיר. יענעם דינסטיק, אַנשטאָט די פּויערים זאָלן ווי געוויינלעך אַהיים פאָרן אידער עס ווערט פינצטער — האָבן זיי אונטערן איינפלוס פון געוויסע טונקעלע פאַרשוינען און פריער פאַרטיילטן בראָנפן, באַשלאָסן צו בלייבן ביז אין דער שפּעטער נאַכט, כדי זיך אָפּרעכענען מיט זייערע יידישע „אויסנוצערס".

אין שטעטל איז די לאַגע געווען אַ געשפּאַנטע. יידן האָבן אָנגעהויבן באַגרייפן, וואָס דאָ גרייט זיך. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ לויפעניש, מען האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין קעלערן, בוידעמער, פאַרהאַקט טירן און לאָדנס, דערמיט געהאָפט צו ראַטעווען זיך פון אַ פּאָגראָם.

איך וועל יענעם אָוונט געדענקען ווי לאַנג איך וועל לעבן. כ׳בין דאָן

געווען אַ יינגל פון אַ יאָר 7. אַהיימגייענדיק פון חדר, בין איך פאַרביי דעם מאַרק (רינעק) און גלייך דערפילט די מוראדיקע שפּאַנונג. דער מאַרק איז געווען פאַרפולט מיט שיכורע פויערים. עס האָבן זיך געהערט ווילדע אויסגעשרייען, ווי: „בי זשידאַ!" („שלאָג דעם ייד!"), ראַבעווע זייערע פאַרמעגנס!" — און ענלעכע לאָזונגען.

די צוויי איינציקע פּאָליציי־לייט אין שטעטל זענען מיט אַמאָל „פאַרלוירן" געוואָרן. קיין זעלבשוץ האָבן מיר, צום באַדויערן, ניט געהאַט. אַזוי אַרום זענען יידישע לעבנס און פאַרמעגנס געבליבן הפקר און אומבאַשיצט.

ווען דער שיכורער המון האָט זיך שוין אָנגעהויבן באַוועגן אין דער ריכטונג פון די יידישע קראָמען און הייזער, האָט פּאַסירט עפּעס אויסערגעוויינלעכס: אָנשטאָט געוואַלדן און געשרייען פון יידן, איז די לופט אָנגעפילט געוואָרן מיט געשרייען און קרעכצן פון פאַרוווּנדעטע פויערים: „מאַטקאַ באָסקאַ!"; „מען קוילעט אונדז מיט מעסערס!"

די ווילדע געשרייען האָבן זיך אַלץ מער צעטראָגן אין דער פינצטערער נאַכט. די פויערים, ניט וויסנדיק ווער זענען עס די געהיימע אָנגרייפער, האָבן זיך געלאָזט לויפן פון מאַרק און — אַוועק אויסער דער שטאָט.

ווער זענען עס טאַקע געווען די „געהיימע" כוחות און רעטערס פון יידישע לעבנס? בסך־הכל, עטלעכע יידישע טרעגערס און בעל־עגלהס, בראש מיט די אין שטעטל גוט באַקאַנטע יונהלע און וועווטשעלע. אָט די פשוטע יידישע פאָלקס־העלדן, האָבן געשטעלט זייערע לעבנס אין געפאַר און געראַטעוועט אונדזער שטעטל פון אַ פּאָגראָם.

מיט זייער מוט און העלדישקייט, האָבן זיי זיך זיכער פאַרדינט, אַז מיר זאָלן באַ־ערן זייער אָנדענק און זיי איינשליסן אין דער גאַלעריע פון יידישע העלדן און מאַרטי־רער. עס קען גאָר קיין צווייפל ניט זיין, אַז אויך אין קאַמף קעגן די היטלער־מערדער, האָבן די יונהס און וועוועטשעס געגעבן זייער צושטייער. יונהלע — ווי מען האָט אים גערופן — איז געווען אַ בלאָנדער הויכער מאַן, שלאַנק, פיזיש געזונט, מיט צוויי פלינקע הענט, וואָס האָבן געקענט דערלאַנגען ווי עס באַדאַרף צו זיין; וועוועטשע, אַ ביסל נידע־ריקער און מער וואָגיקער, אָבער אויך שטאַרק און קרעפטיק, מיט צוויי פלינקע הענט. ביידע — תמיד מיט אַ פריינדלעכן שמייכל אויף זייערע פנימער. אמתע פאָלקס־מענטשן, און מוטיקע קעמפער.



פנינה הרצוג (פולה רובין)

# קוזמיר 1929—1936

עברו־חלפו שלושים שנה מאז עזבתי את עיירתי הקסומה קוזמיר, עוד נופיה המכושפים מלווים אותי, כאילו שרוייה אני בתוכם. הנה, מטיילת אני עם חברי בפארק העירוני, ליד שפת הוויסלה, הנה משוטטת אני בסימטותיה הצרות והציוריות. מסביבי קייטנים רבים, מעריה הגדולות של פולין, שבאו ליהנות מנופה, מאווירתה ומחינה של עיירתנו בימות הקיץ. התזמורת מנגנת שירים עליזים. הקייטנים — אלה אחינו בני־ישראל — משוטטים על טפם ונשותיהם ושמחים בחלקם. רינגת צפורים נישאת בחלל האוויר, אליה מצטרף עם ערב קירקור צפרדעים — החיים והטבע במלא אונם!

קוזמיר — הרים סביב לה! קוזמיר הקסומה! קוזמיר ההיסטורית! קוזמיר של המלך קאז׳מייז׳ והמלכה אסתר׳קה! מה נאה והדורה עיירתי! אך מעל לכל, קוזמיר היא עיירת קייטנים ואתר היסטורי. הנה ה„באשטה״ והטירה שמשכה כה הרבה תיירים, אך קוזמיר היא גם עירם של אדמו״רים, עירו של י. ל. פרץ עליה שורר המשורר. כולה טבולה בירק ובבוסתנים והנהר ויסלה אף הוא משרה עליה מהודו ותפארתו. נהר איתן הוא הוויסלה ויופיו מאציל על קוזמיר כולה. אכן, תשעה קבין של הוד והדר נטלה קוזמיר!

אולם בשבת, בחג ומועד יפתה קוזמיר שבעתיים! דממה ושקט בחוצות העיירה. כל יהודי העיירה ספונים בבתיהם, הנה הם חזרו מבית־הכנסת ומבית־המדרש, לשעה קלה שכחו את מצוקתם ואת דאגות הפרנסה של ששת ימי החול ונשמה יתרה שורה עליהם. זה יומם, היום יהיו בני מלך! מי ידמה ומי ישווה להם! אך לא רק הם שונים היום מכל ימות השבוע, גם העיירה כולה, כבמטה־קסם שינתה דמותה! כל אבן, כל עץ ושיח חשים כי שבת קודש היום! אורות בית־ישראל מגרשים חשכת הסימטאות, מבריחים כל צל, כל דאגה. נרות שבת! הן בזכותם לא כבה אור־החיים, הן בזכותם פילסו בני עמנו את דרכם בחשכת הגלות, עד שעלה הכורת והכרית את בית ישראל!

והרי זה היה רק תמול־שלשום. רק תמול־שלשום באתי עם הורי לעיירה קסומה זו ומיד נסחפתי בזרם הפעולה והמעש של בני הנוער הקוזמירי. מלאת־חיים ותוססת

היתה העיירה בבואי אליה בשנת 1929. אז נטל הנוער חלק פעיל בכל הפעולות הציוניות: מגביות למען קרן־הקיימת, קרן־היסוד, הפצת שקלים, ויכוחים והרצאות בתי־ספר, קורסים לעברית, ספריה, הקמת מוסדות־תרבות שונים ועוד ועוד. בימי הבחירות ל„סיים" ומועצות העירוניות השלכנו עצמנו לפעולה ונבלענו בתוכה. והעבודה היתה רבה: רכישת קולות, ניהול תעמולה, אירגון אספות, סיוע למרצים שבאו מטעם הוועד הציוני המרכזי בוורשה.

אך הפעולה הציונית, היתה רק אחד הקטעים של החיים הציבוריים בעיירה, שכן נוסף לאירגונים ציוניים היו בקוזמיר גם מפלגת ה„בונד", הקומוניסטים, חצרות חסידים שונים וזרמים אחרים אנטי־ציוניים.

עתה הקיץ הקץ על כולם. היה היתה עיירת יהודים ונותר אך אפר, מוות ויגון. והרי הנוער של קוזמיר חש את השואה הקרבה, בכל מאודו ביקש לעזוב את העיירה, אבל שערי הארץ היו נעולים על מנעול ובריח ולא היתה ארץ שהיתה נכונה לקולטם. בני־הנוער עשו כל שהיה ביכולתם להינצל: יצאו להכשרה, אירגנו עליה „בלתי־ליגאלית", אך רק מתי־מעט הצליחו לפרוץ את טבעת החנק שהתהדקה סביב צווארם. מסביבם רעדה האדמה: גולי זבונשין, הפוגרום בפשיטק, גלי האנטישמיות שגאו ללא הרף בשנותיה האחרונות של פולין, ביקורו של המרשל גרינג בפולין — כל אלה היו רק



קן הנוער הציוני (1933) | אָרגאַניזאַציע הנוער הציוני (1933)

רמז למה שצפוי לבית ישראל. גם עיירתנו ידעה פחד ואימים. יהודי העיירה חשו וידעו כי הגל העכור של האנטישמיות יציף גם אותם. לכן ביקשו להצטנע בפני כל שגץ וגוי. בחגא שלהם „בוז'ה צ'יאלו", עת עברה הפרוצסיה בחוצות העיירה התחבאו כל יהודי העירה, כדי שלא יעלילו כי, היהודים חיללו את הפרוצסיה ואת האיקונין.

לא הועילו כל מאמצינו, לא הועילו כל תחנונינו! עיירתי קוזמיר, היפה בעיירות, על יהודיה, אירגוניה וחייה התוססים נכחדה מארץ החיים. הרוצחים הגרמניים הכריתו אותם. אילן יהדות פולין שהיה מושרש באדמתה דורי־דורות נגדע ונכרת.

בעודי נערה קטנה שאלתי בליל הסדר מדוע מוזגין כוס יין ואין שותים אותו. אבי הקדוש ענה לי, כי זה כוסו של אליהו הנביא, הזכור לטוב. אך אליהו הנביא לא הופיע, את הגאולה לא הביא ואת הכוס לא שתה. אולם בית־ישראל שתה עד תומה את כוס התרעלה ואין מציל!





קבוצת נוער בהדרכתו של יוסף קפלן • יוגנט־גרופע אונטער דער אָנפירונג פון יוסף קאַפּלאַן

אסתר ישכיל ויזנברג

# פעילות הנוער הציוני

ימים יפים היו ליישוב היהודי בקוזמיר. זה היה משכבר הימים, עת אסתרקה המלכה, הנערה היהודיה היתה אהובת ליבו של קאז׳ימייז׳ מלך פולין. עדות לכך תשמש הפרוכת לארון הקודש בבית־הכנסת בקוזמיר. היא היתה מעוטרת ביהלום וציציות־זהב שלפי האגדה רקמה אותה אסתרקה במו־ידיה, ונדבה אותה לבית־התפילה שלנו.

אך הדברים האלה התרחשו לפני דורות רבים, עת היהודים נשמו לרווחה קמעה, האנטישמיות נחלשה מעט ואף פרנסה בדוחק נמצאה ליהודים.

לא כן היה המצב בימינו ואף לא לאחר גמר מלחמת העולם הראשונה. אז היה מצבם של היהודים בכי רע, הנוער לא מצא לו עוד מקום בעיירה היפה והרוגעת. שכן בידוע נוף הדור ונאה עדיין אינו משביע את הגוף. הנוער החל לשאת את עינו לארץ־האבות — לארץ ישראל. אולם תחילה צריך היה להכשיר הלבבות, צריך היה לארגן את הפעולה למען הארץ. אז הוקמה ההסתדרות הציונית בקוזמיר שבראשה עמד מייסדה מר רטנובסקי מבוכוטניצה. לאחר שעקר ממקום מגוריו לפולאבי התייצב בראש התנועה מר שמעון וישניה הי״ד ורעייתו סוניה תבלח״א. כן אורגנו קורסים לעברית בהדרכתו של המורה כהנוביץ׳ והחלה פעולה למען הקרן־הקיימת, על־ידי ועדה מיוחדת. כותבת הטורים האלה היתה בין חברות הוועדה. ההתרמה לקרן־הקיימת היתה מגוונת — על־אף התנגדותם של האורטודוקסים בעיירה — על־ידי הפצת קופסות כחולות בבתים, ימי „פרח״, הרמת תרומות בחגיגות משפחתיות שונות או בהצבת קערה בבית־הכנסת בערב יום הכיפורים, בפורים ובמועדים אחרים.

נוסד חוג דראמאטי, נערכו מסיבות ונשפיות שונות או ערבי שאלות־ותשובות במועדון הסתדרות הציונית. כל אלה הכניסו רוח אחרת והוציאו את הנוער מהשממון והקפאון של חיי עיירה קטנה. בכ׳ תמוז נערכה תהלוכת הנוער ובני העיר התייחדו עם זכרו של חוזה המדינה היהודית בבית־הכנסת שהיה לרוב מלא מפה לפה, המקהלה השמיעה את השיר „מיטן בלייכן שיין צאנקט דאס יארצייט פייער״. גם בל״ג־בעומר

הופיע הנוער על דגלו הציוני ברחובות העיירה. יהודי קוזמיר נאמנים היו לציונות, כמהים כולם לארץ־ישראל. ואכן אט־אט זכו מתי־מעט להגשים את חלומם — לעלות לארץ־ישראל. אז נערכה מסיבת פרידה חגיגית והמאושרים לוו בתהלוכה עד לבוכוטניצה, ושירה מלאת תקווה ואמונה של הנותרים נבלעה בשאון גלגלי הרכבת שנשאה את העולים לארץ־מולדתם.

אך הרוב — והם רוב רובו של הנוער בעיירה — לא זכה להגשים את חלום חייו. נוער זה על אבותיו נרצח והוצמת בידי זדים, מרצחי העם היהודי על אדמת פולין וחלום הגאולה מרחף נגד עיניהם עד צאת נשמתם הטהורה.

תהא נשמתם צרורה בנשמת העם בישראל הקם לתחייה!





**תהלוכת הנוער הציוני לרגל חגיגות 600 שנות קוזמיר — בראש הצועדים שאול לוינזון.**

**אויפמאַרש פון דער ציוניסטישער יוגנט בעת די פייערונגען 600 יאָר קוזמיר**
**בראש פון דער דעמאָנסטראַציע — שאול לעווינזאָן.**

נפתלי פייערשטיין / ניו־יאָרק

# „הנוער הציוני" און בית"ר

איר פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן אויפשטייג, האָט די יידישע קוזמיר צו פאַרדאַנקען אין א גרויסער מאָס די אָפטע באַזוכן פון אָנגעזעענע יידישע שרייבער, קינסטלער, פּאַרטיי־טוער און פּאָליטישע מנהיגים, וועלכע זענען פון וואַרשע און אַנדערע גרויסע שטעט, געקומען פאַרברענגען זייער זומער־אָפּרו אין אונדזער שטעטל. צום גליק, האָט מען אין קוזמיר נישט געפילט קיין אַנטי־יידישע שטימונגען.

די פּאָליטישע טעטיקייט פון די פאַרשידענע פּאַרטייען איז געווען אַ לעבעדיקע. מער פון אַלע איז געווען טעטיק די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, בראש פון וועלכער ס'איז געשטאַנען דאָס פּאַרפאָלק שמעון און סאָניע ווישניאַ.

די משפחה ווישניאַ קען מען פאַרגלייכן צו די רביים אין אַמאָליקע צייטן. זיי האָבן געהאַט אַ גרויסע השפעה אין שטעטל, ספּעציעל אויף דער יוגנט, זייער הויז איז געווען דער צענטער פון דער געזעלשאַפטלעכער, ציוניסטיש־קולטורעלער טעטיקייט. זיי זענען אויך געווען די איינציקע יידישע לערער אין דער פּוילישער מלוכה־שול.

מען האָט אויך געקענט זיך ווענדן צו זיי נאָך אַן עצה אָדער הילף — און מ'איז קיינמאָל נישט אַוועק אָן אַן אויפריכטיקן ענטפער, עצה אָדער שטיצע.

דער נאָמען ווישניע איז געווען רעספּעקטירט דורך קליין און גרויס.

דער רוב פון דער יידישער יוגנט האָט אָנגעהערט צום „הנוער הציוני", און דאָס אַ דאַנק דעם איינפלוס פון סאָניע ווישניאַ. אין „הנוער הציוני" האָבן מיר געלערנט וועגן ציוניזם, אויך געפירט פאַרשידענע אַקציעס, געזאַמלט געלט פאַר ציוניסטישע פאָנדן אאַ"וו.

די קבוצה צו וועלכע איך האָב געהערט, האָט געהייסן „בר־כוכבא". אונדזער ראש קבוצה איז געווען אַ זייער אינטעליגענטער בחור — לייב וויזנבערג. יעדן שבת־צו־נאַכט זענען מיר זיך צוזאַמענגעקומען, דיסקוטירט, געלייענט, דערביי אויך געזונגען און געטאַנצט. מיר האָבן אַרויסגעגעבן אַ וואַנט־צייטונג. איך האָב אַ מאָל געשריבן אַן אַרטיקל אונטערן נאָמען „אויפשטאַנד". דער אינהאַלט איז געווען, אַז מיר מוזן אויפ־



„בנות ציון" בקוזמיר

„בנות ציון" אין קוזמיר

שטיין און לערנען ווי אַזוי צו פאַרטיידיקן דאָס לאַנד, ווען די צייט וועט קומען. פון בלויזן אויסקויפן דורכן קרן קיימת די ערד, וועט מען דאָס לאַנד נישט אויסקויפן. דאָס אַרטיקל האָט אַרויסגערופן אַ הייסע דיסקוסיע. לייבל וויזנבערג, דער ראש הקבוצה, האָט געוואָלט מיך איבערצייגן, אַז איך בין פאַרבלענדט מיט אַזאַ געדאַנק. ער האָט געווידמעט פיל שמועסן און צייט, כדי מיך איבערצייגן, אָבער וואָס מער מיר האָבן דיסקוטירט — בין איך געווען איבערצייגט אין מיין גערעכטיקייט. נאָך לאַנגע וויכוחים, האָט דער ראש הקבוצה פאַרבאָטן צו פאַרשפרייטן מיינע געדאַנקען און געוואָרנט, אַז אויב איך וועל זיך נישט אָפּזאָגן פון מיין טעאָריע, וועל איך באַזייטיקט ווערן פון „הנוער הציוני". איך האָב נישט געקענט פאַרשטיין פאַר וואָס, אָבער ער האָט יאָ געוווּסט...

נישט געקוקט וואָס איך בין דעמאָלט געווען זייער יונג, האָב איך אָבער קיין דראָנג נישט פאַרטראָגן. איך האָב אים געזאָגט: „ליבער ראש קבוצה, איך וועל נישט וואַרטן ביז דו וועסט מיך באַזייטיקן".

איך בין אַוועק, גענומען צוריידן מיינע חברים זיי זאָלן אַרויס צוזאַמען מיט מיר, און נישט לאָזן אונדז אָנוואַרפן די מיינונג פון ראש הקבוצה. די חברים און חברטעס זענען געווען דערשטוינט פון מיין שטעלונג, און געפרעגט פאַר וואָס דאַרפן אַלע באַשטראָפט ווערן צוליב מיר — אָבער איך האָב זיי איבערצייגט. אונדזער לאָזונג איז געווען: אַלע פאַר איינעם און איינער פאַר אַלע. מיר האָבן זיך אַ נאָמען געגעבן „בני בר־כוכבא".

ווען די נייעס האָט זיך פאַרשפרייט אין שטאָט, האָט דאָס אַרויסגערופן גרויס עגמת־נפש ביי מיינע עלטערן, ברידער און שוועסטער, וועלכע זענען געווען אַקטיווע מיטגלידער אין „הנוער הציוני".

די שווערסטע צייט פאַר מיר איז געווען, ווען כ'האָב זיך געדאַרפט טרעפן מיט

סאַניע ווישניע. איך האָב זיך אָנגענומען דרייסטקייט און אַוועק צו איר. מיר האָבן גע־רעדט וועגן דעם ענין אָרגאַניזאַציע. צום סוף האָט זי מיר געזאָגט: „נו, איך וועל דיך מער נישט פייניקן. דערצייל וועגן דער נייער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָסט געשאַפן".

אַ באַגייסטערטער, האָב איך אָנגעהויבן באַגרינדן אונדזער שטעלונג און זיך פאַר־טיידיקט, אַז נישט איך בין שולדיק, וואָס מען האָט מיך באַזייטיקט פון „הנוער הציוני". זי האָט געזאָגט, אַז כ'בין צו יונג אָנצו־פירן מיט אַן אָרגאַניזאַציע, און געפרעגט, צי מיר האָבן וועמען אַן עלטערן, וועלכער זאָל שטיין בראש פון קן. איך האָב איר געזאָגט, אַז מיר וועלן געפינען.



יעקב גולדבוים, ראש קן בית"ר

יעקב גאָלדבוים, אָנפירער פון קן בית"ר

דעם זעלבן זומער האָט אַ לובלינער בחור, חיים לאַנגלעבן, באַזוכט קוזמיר אַלס דאַטש־ניק. ער איז געווען אַ קרוב פון די לאַנג־לעבנס, וועלכער האָט געהאַט אַ געשעפט מיט אָנדענקס פון קוזמיר.

ווען ער איז געוואָר געוואָרן וועגן אונ־דזער נייער אָרגאַניזאַציע, האָט ער מיך פאַרבעטן אין דער עלעגאַנטער צוקערניע „פאַראַדיז", ווו ס'האָבן לרוב פאַרברענגט רייכע לעטניקעס.

איך האָב אים דערציילט די מעשה פאַר וואָס מיר זענען אַרויס פון „הנוער הציוני", הגם מיר זענען די זעלבע. נאָר לויט אונדזער מיינונג, דאַרף מען צוגרייטן די יוגנט צו פאַרטיידיקן ארץ־ישראל מיט געווער אין האַנט.

— דו ווייסט, נפתלי, אַזאַ אָרגאַניזאַציע וואָס גרייט צו אירע מיטגלידער צו קעמפן פאַר ארץ־ישראל — עקזיסטירט שוין לאַנג אין דער וועלט. די אָרגאַניזאַציע הייסט בית"ר און איר פירער איז זאב זשאַבאָטינסקי.

ער האָט מיר געגעבן אַ גאַנצע לעקציע וועגן רעוויזיאָניזם און זייער באַציונג צו דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. איצט האָב איך פאַרשטאַנען, הלמאי אונ־דזער ראש הקבוצה האָט אַזוי שטאַרק מורא געהאַט פאַר מיינע געדאַנקען.

צו מאָרגנס האָב איך צוזאַמענגערופן אונדזער גרופע און חיים לאַנגלעבן האָט זיי אויפגעקלערט, וואָס אַזוינס עס וויל בית"ר. מיר האָבן באַשלאָסן זיך אָנצושליסן אין דער רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג.

אַ וואָך שפּעטער האָבן מיר באַקומען אַ נייעם פירער, אַן עלטערן בחור פון קוזמיר — יעקב גאָלדבוים.

איך גיב דאָ איבער אַ רשימה פון די ערשטע מיטגלידער פון בית"ר, וועלכע איך



„הנוער הציוני" בהנהגתו של לנגלבן • „הנוער הציוני" אונטער דער אָנפירונג פון לאַנגלעבן

געדענק: יוסף בוכבינדער, מאָטקע לעווין, ירחמיאל באָרענשטיין, בנימין לעווינסאָן, שלום וואָדניצקי, יצחק גאָרפינקל, יקותיאל פלאָמענבוים, יחיאל ראַכלעמער, יהושע ניסנבוים, חיהטשע צוקער, ציפּע גאָלדבוים, ציפּע גאָלדבערג (פּאָפּאָ), מלכה בוכבינ־דער, רויזע כהן, גיטל קאָרנבערג, רייזל קאָרנבערג, רבקה גאָלדגראָם, העניע קאַפּלאַן.

די באַציונג פון דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע צום בית״ר איז אַ לאַנגע צייט געווען אַ גאַנץ פריינטלעכע. די שאַרפסטע קעגנער פון בית״ר זענען געווען די חברים פון „השומר הצעיר".

אין 1937 האָבן מיר צוזאַמען מיט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע דורכגע־פירט אַ גרויסע פאָרשטעלונג „דער יידישער קעניג ליר". איך האָב געשפּילט די הויפּט־ראָל, צוזאַמען מיט מיינע צוויי שוועסטער אסתר און נחמהטשע. די פאָרשטעלונג האָט געהאַט גרויס דערפאָלג. די הכנסה דערפון איז אַוועק פאַרן קרן קיימת און פאַרן קרן תל חי (העלפט אויף העלפט).

דאָס קולטורעלע לעבן אין קוזמיר איז געשטאַנען אויף אַ זייער הויכן ניוואָ. מיר האָבן אָנטייל גענומען אין פאַרשידענע אימפּרעזן אין שטעטל. צום פּוילישן נאַציאָנאַלן יום־טוב פון 3טן מאַי, האָבן די יידישע אָרגאַניזאַציעס דעקאָרירט די גאַסן און אָנטייל גענומען אין פאַרשידענע ספּאָרט־פאַרמעסטונגען. אויך איך האָב זיך באַטייליקט אין אַ

לויף־פּאַרמעסט פון דריי קילאָמעטער — פון מאַרק דורך די טשערניאַווס, צום פּאַרק ביי דער ווייסל. איך האָב געגומען דאָס ערשטע אָרט.

מיר האָבן געהאַט אַ גאָלדענע יוגנט און דאָס שטעטל איז געווען דאָס פריילעכ־סטע אין פוילן. אַזוי האָבן אויף אונדז עדות געזאָגט אַלע לעטניקעס, וועלכע האָבן באַזוכט קוזמיר.

ווער האָט דעמאָלט געקאָנט פאַרזען, אַז אַלץ וועט אַזוי אַכזריותדיק אָפּגעמעקט ווערן?!





קבוצת „הנוער הציוני" עם המדריך כץ • אַ גרופּע פון „הנוער הציוני" מיטן מדריך כץ

ל. לעווינסאָן

# פונעם געזעלשאַפטלעכן און רעליגיעזן לעבן

## די קהילה

די קהילה־אָנפירערשאַפט, לויט מיינע דערינערונגען, איז באַשטאַנען פון 7 דאָזאָ־רעס. איינער פון זיי איז געווען פּרעזעס. ביז אין די 30ער יאָרן, איז דאָס גאַנצע קהילה־לעבן געווען אין די הענט פון איין מאַן: פּסח גאָלדבוים (פּסח מאַשקעס). ער האָט אָנגע־פירט מיט דער גאַנצער קהילה, אויף אייגענער האַנט... די טעטיקייט פון דער קהילה איז באַשטאַנען פון אויסהאַלטן דעם רב מיט צוויי שוחטים, דעם בית־הקברות און די שטאָטישע מקווה. הכנסות זענען געווען פון די שחיטה־קוויטלעך און פון דער חברה קדישא, וועלכע האָבן גענומען, לויט די מעגלעכקייטן, פאַר דעם קבר. אַ טייל איז גע־גאַנגען פאַר אַ „טרונק" פאַר דער חברה, נאָך יעדער לוויה. דער איינציקער באַצאָלטער אָנגעשטעלטער אין דער חברה קדישא איז געווען דער קברן בערל טרעגער, ער האָט געקריגן אַ מינימאַלן לוין פאַרן אויסגראָבן דעם קבר. די איבערגעבליבענע געלטער פלעגן אַריינגיין אין דער קאַסע פון דער קהילה און דאָס פלעגט פאַרנוצט ווערן צו ברענגען צו אייביקער רו די קבצנים און פאַר תכריכים. די קהילה האָט אויך געהאַט אַן אָנגעשטעלטן סעקרעטאַר פאַר אַ זייער מינימאַלן געהאַלט. אין משך פון אַ סך יאָרן איז געווען סעקרעטאַר נחום זאַנענשיין (כאַסקל שוחטס זון).

אין די 30ער יאָרן, האָט זיך „עמד" צעבונטעוועט קעגן פּסח מאַשקעס דיקטאַטור. מען האָט געמאַכט דעמאָקראַטישע וואַלן און אויסגעקליבן דאָזאָרעס:

1. יאָסל פריד (פון דער באַכאַטניצער מיל) — פּרעזעס.
2. נחום גרינבערג („פּשעוואָזשניק").
3. לייביש גרינבערג גאַרפינקל (קאָזע).
4. שלמה איידלשטיין (דער שטומער שלמה).
5. יצחק צוקער.
6. אלתר לעווין (שאָשיק).
7. שמחה (קופּקע).



עלייתו של יהושע קפלן ז״ל ● די עלייה קיין א״י פון יהושע קאַפּלאַן ז״ל

אין די לעצטע יאָרן האָבן מיר געהאַט אַ גמילות־חסדים־קאַסע, אָנגעפירט פון דער יידישער קהילה. אויף וויפל איך געדענק, איז לעצטנס געווען סעקרעטאַר יונהלע לוסטיג, אָדער בערל קירשנבוים. פּרעזעס פון דער דאָזיקער קאַסע איז געווען משה דוד באַרנשטיין. איך פלעג טיילווייז פירן די בוכהאַלטעריע, רעכענען די הלוואות לויטן געהאַלט. געלט פאַר דער קאַסע האָבן מיר געקריגן דורך דעם „דזשאָינט", אָן פּראָצענט. די מקווה איז געווען אויסגעהאַלטן דורך די מענטשן, וואָס פלעגן באַצאָלן יאַנקל דעם בעדער. זיין וווינונג און די מקווה גופא, איז געווען אויסגעהאַלטן דורך דער קהילה. יאַנקלס טאָכטער האָט אַכטונג געגעבן אויף דער ווייבערישער באָד.

## באַנק

די יידישע קאָאָפּעראַטיווע באַנק האָט געציילט בערך 300 מיטגלידער, מיט אַ פאַרוואַלטונג פון דריי. די לעצטע זענען געווען: נחום פּשעוואָזשניק — פּרעזעס, בעריש באַרנשטיין (פון די זאַמויסקיס), וואָס האָט געהאַט אַ גאַלאַנטעריע־געשעפט, מלך דיאַמאַנט (מאַשקע פעלדשערס איידעם). געווען אויך אַ ראַט („ראַדע"). איך וועל אויסרעכענען נאָר

די נעמען פון די ראַט־מיטגלידער, וועלכע איך געדענק: משה־דוד באַרנשטיק — פּרעזעס; אהרן ציטרין (מלאך); יוסף שנאָל (קצב); דוד ראָזנבערג (דוד כעמיעס).

די באַנק האָט געהאַט דריי אָנגעשטעלטע: שאול פרידמאַן, דער לייטער און פּאַק־טישער אָנפירער פון דער באַנק, וועלכער איז געווען דער שטאָלץ פון שטעטל, אַן אינטע־ליגענט און אַ יידישער שרייבער (אונטערן פּסעוודאָים לייב ראַשקין). ער האָט באַקומען דעם פּרץ־פּרייז פאַר זיין בוך „די מענטשן פון גאָדלבאָזשיץ". צום באַדויערן, האָט ער מער נישט באַוויזן אַרויסצוגעבן קיין ביכער צוליבן חורבן־אייראָפּע. ער האָט אויך מיט־געאַרבעט אינעם חודש־זשורנאַל אין פּויליש און יידיש, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דער צענטראַלע פון די יידישע קאָאָפּעראַטיוון אין וואַרשע. ער פלעגט דאָרט שרייבן פעליעטאָנען, דער עיקר אויף עקאָנאָמישע טעמעס. קאַסירער איז געווען בערל קירשנבוים, וועלכער איז באַזייטיקט געוואָרן קורץ פאַר דער מלחמה און זיין אָרט האָט פאַרנומען טאָבע באַרנשטיק. דער דריטער אָנגעשטעלטער בין איך געווען — פון יאָר 1938.

די באַנק איז געווען איינע פון די וויכטיקסטע אינסטיטוציעס אין שטעטל, אָנגע־פירט פון די „פּני" — די האַלב־ אָדער גאַנץ־אַסימילירטע יידן, ווי לעווינשטיין, ליכט־זאַן און די אַ. ג. „אַריסטאָקראַטן" עלבוים און פייערשטיין.

אין די 30ער יאָרן זענען די קליינהענדלער און סוחרים געווען שטאַרק אומצופרידן מיט דער באַנק־אַדמיניסטראַציע און באַשלאָסן צו שאַפן אַן אייגענע באַנק („באַנק קופּיעצקי"). דער ערשטער פּרעזעס איז אויסגעוויילט געוואָרן מיין פאָטער, שמואל לעווינסאָן (לעקיש). בוכהאַלטערין און לייטערין — שבע, דעם רבס טאָכטער. צום באַדויערן, האָט די באַנק נישט געהאַט קיין לאַנג לעבן. מעגלעך צוליב ווייניק דערפאַרונג,



עלייתה של אסתר פרידמן

דאָס עולה זיין פון אסתר פרידמאַן

אָדער צוליב דעם, וואָס די אָנפירערשאַפט האָט נישט געקענט ווידמען אַזוי פיל צייט דער באַנק ווי די גרויסע גבירים. נאָך קנאַפּע צוויי יאָר האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די באַנק גייט זיך פאַרמאַכן. זענען די אַלע, וואָס האָבן דאָרט געהאַט אָפּשפּאָרונגען, געקומען פאָדערן זייער געלט — און דאָס איז געווען די סיבה, וואָס די באַנק האָט זיך טאַקע פאַרמאַכט.

נאָך דער ליקווידאַציע פון „באַנק קופּיעצקי", האָט „עמך" באַשלאָסן צו לאָזן הערן זייער קול און נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער באַנק־טעטיקייט („עמך" מיין איך די האַנטווערקער און קליינהענדלער). אויף אַ שטורמישער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, איז באַזייטיקט געוואָרן די אַלטע אָנפירערשאַפט און די פריער דערמאָנטע יידן זענען אויסגע־ווילט געוואָרן אין דעם „זאַזשאָנד" און „ראַדאַ". אויך יונה לוסטיג, דער לאַנגיאָריקער אָנגעשטעלטער אין באַנק, האָט געמוזט פאַרלאָזן זיין אַמט, ווייל מען האָט גערעכנט, אַז ער איז אויף דער זייט פון די האַלב־אַסימילירטע יידן. נאָך אים האָט מען מיך אָנגע־שטעלט אַלס באַאַמטן. די גמילות־חסדים־קאַסע איז אויך געווען אַ וויכטיקע אינסטיטו־ציע אין שטעטל — און איז שוין דערמאָנט געוואָרן אַלס קהילה־אינסטיטוציע.

**דאָס רעליגיעזע לעבן**

קוזמיר האָט אַ זייער גרויסן רעליגיעזן יחוס. אויף דעם בית־הקברות אין קוזמיר איז דאָ אַן אוהל פון דעם באַרימטן קוזמירער רבין ר' יחזקאלע. זיין יאָרצייט, וואָס פאַלט אויס ט"ו בשבט, איז געווען יאָר־יערלעך פון די וויכטיקסטע רעליגיעזע געשעענישן אין שטעטל. עס פלעגן קומען רבנים מיט זייערע חסידים פון פיל ערטער. די וויכטיקסטע אייניקלעך זיינע — דער וואָלאָמינער רבי ר' שלמהלע, וועלכער פלעגט איינשטיין ביי מיין זיידן איציק לעווינסאָן (לעקיש), איינער פון זיינע הויפּט־חסידים. אַמייסטן חסידים פון דעם רבין זענען געווען שטאָטישע בעלי־מלאכות און קליינהענדלער.

דער צווייטער איז געווען דער וואַרשעווער רבי ר' דודל. זיין הויפּט־חסיד איז געווען שלמהלע ראָזען. ביידע ברידער רביים האָבן שטענדיק מלחמה געהאַלטן צווישן זיך צוליב די חסידים.

מער פּאָפּולער איז געווען דער מאָדזשיצער רבי ר' שאול, באַקאַנט אין גאַנץ פּוילן פון זיינע ניגונים. ער פלעגט איינשטיין ביי די בראָמבערגס אין הויז. זיינע חסידים זענען שוין געווען מאָדערנע, אויך עקאָנאָמיש אויף אַ העכערן מאַסשטאַב, לויט דער קליינ־שטעטלדיקער השגה.

דאָס שטעטל האָט געהאַט אַ בית־מדרש, וואָס איז געווען אָפן אַ גאַנצן מעת־לעת. דאָרט האָט מען שטענדיק געפינען מענטשן לערנען תורה. תמיד פלעגן דאָרט שלאָפן וואַנדערנדיקע אָרעמעלייט, וועלכע פלעגן גיין איבער די הייזער אין שטעטל. ווינטער־

צייט פלעגט יעדע וואָך קומען אַן אַנדערער בעל־דרשן האַלטן דרשות. אין בית־מדרש פלעגן אָנגענומען ווערן פּאָליטישע דעציזיעס, דאָרט איז אויך געפירט געוואָרן אַגיטאַציע פאַר אַלערליי וואַלן. דאָס בית־מדרש האָט געהערט צום גאַנצן שטעטל. איבער דעם בית־מדרש, פון אויבן, איז געווען דאָס „מזרחי" בית־מדרש, ווו מען פלעגט דאַווענען אין די שבתים און יום־טובים.

געווען אויך אַ שטאָטישע שול, וועלכע האָט זיך גערעכנט צו די עלטסטע אין פּוילן. דער הויפּט בעל־תפילה דאָרט איז געווען דער רב אַליין. די שול איז געווען אָפן אין די שבתים און יום־טובים, ווי אויך זומער־צייט, פאַר באַזוכער, וועלכע זענען געקומען זען די שול.

געווען אויך פאַרשידענע שטיבלעך פון די חסידים, אַנהענגערס פון פאַרשידענע רביים. אין מזרחי־בית־מדרש איז געווען אַ חדר און אַ תלמוד־תורה, וואָס איז אויסגעהאַלטן געוואָרן פון דער יידישער קהילה.

## פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס

איינע פון די עלטסטע אָרגאַניזאַציעס אין קוזמיר איז געווען די לינקע פּועלי־ציון, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון יצחק צוקער, יצחק בערגמאַן, נחום זאַנענשיין און משה



קבוצת חברים מפועלי־ציון שמאל

אַ גרופּע חברים פון לינקע פּועלי־ציון

קאָרנבליט, וועלכער איז פריצייטיק געשטאָרבן. די פירער פון דער „באָראָכאָוו־יוגנט" זענען געווען: יצחק בראון, ביילע באָרנשטיין און הערש טאַנצערמאַן. מיט זייער אַוועק־פאָרן קיין וואַרשע (יצחק בראון — קיין בראַזיל) איז זיך די „יוגנט" כמעט צעפאַלן און די פּועלי־ציון האָט אָנגעהויבן פאַרלירן דעם איינפלוס. אָבער יצחק צוקער איז אַלע מאָל געווען ראַטמאַן אין שטעטל, ביז דעם לעצטן טאָג פון מלחמה־אויסברוך. הגם די פּאַרטיי האָט שוין כמעט נישט עקזיסטירט, איז אים געלונגען אָנצוהאַלטן דעם אַמט אַלס ראַטמאַן פון דער באַוועגונג — אָן אַ באַוועגונג.

איך געדענק די לוויה פון משה קאָרנבליט. פּועלי־ציון האָט באַשלאָסן וועגן אַ פּולקאָם סאָציאַליסטישע לוויה, אין וועלכער ס׳האָט זיך באַטייליקט דאָס גאַנצע שטעטל. דער אָרון איז געווען באַדעקט מיט אַ רויטער פאָן. אַלע פּאַרטיי־מיטגלידער זענען דע־מאָנסטראַטיוו געגאַנגען מיט אַנטבלויזע קעפּ. קומענדיק צום בית־הקברות, האָט דער רב און די חברה קדישא נישט געוואָלט אַהין אַריינלאָזן אָן היטלען. ס׳איז אַנטשטאַנען אַ גרויסע סומאַטאָכע. ענדלעך האָט דער עולם נאָכגעגעבן און אָנגעטאָן די היטלען. ווען ס׳איז געקומען צום אַראָפּלאָזן די מיטה אין קבר, האָבן חברה אויסגעטאָן די היטלען און געזונגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל". צו יענער צייט האָט געוויילט אין קוזמיר אַ גאַסט פון אַמעריקע, וועלכער איז געווען אָנוועזנדיק ביי דער לוויה. האָט ער פאַרגעוואָרפן די יוגנט־לעכע, הלמאי זיי האַנדלען אַזוי חוצפּהדיק קעגן רב און קעגן יידישע מנהגים. האָט אים איינער אַ שטויס געגעבן און ער איז אַריינגעפאַלן אין קבר. נאָך דעם פאַל, האָט פּועלי־ציון פאַרלוירן אַ סך פון זייערע אָנהענגער.

די צווייטע גרויסע פּאַרטיי איז געווען — די אַלגעמיינע ציוניסטן, אונטער דער אָנ־פירונג פון שמעון און סאָניע ווישניאַ. אַקטיוו זענען אויך געווען לייבל לאַנגלעבן און דער פירער פון „השומר הלאומי", לעצטנס „הנוער הציוני" — יעקב גאָלדבוים, רחמיאל ראָזען, שאול לעווינזאָן און נעכע גרינבערג. שאול לעווינזאָן איז פאַר דער מלחמה געווען אין מרכז פון „הנוער הציוני" אין וואַרשע. שמעון ווישניאַ האָט אַלע מאָל געהאַט די שטיצע פון די בירגערלעכע פּאַרטייען, ער איז שטענדיק געווען דער וואָרטזאָגער פון יידן אין שטאָטראַט, און לאַווניק — ביז דער לעצטער מינוט.

איינע פון די שענסטע און גרעסטע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס איז געווען דער „השומר הצעיר". איר פּאָקטישער שעפער אין קוזמיר איז געווען זיגמונט שענדעראָוויטש. איך פערזענלעך געדענק אים נישט, ווייל ער איז געשטאָרבן, ווען איך בין נאָך געווען אַ קינד, אָבער יעדעס יאָר פלעגט געמאַכט ווערן אַ אַזכרה צו זיין יאָרצייט, ווו כמעט דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך באַטייליקט. די לעצטע פירער פון „השומר הצעיר" זענען געווען: אברהם פרידמאַן, יאָשע וויזענבערג, קונע גראָסמאַן, דוד איידלשטיין און מלך רוכלעמער. מען קען זאָגן, אַז דער רוב יידישע יוגנט איז דורכגעגאַנגען דעם „השומר הצעיר".

איצט קומען מיר צו דער שטאַרקסטער אָרגאַניזאַציע — די יידישע לינקע, וועלכע האָבן געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף דער יידישער יוגנט אין קוזמיר. אָנגעהויבן האָט עס זיך מיט אַ שלום-עליכם-ביבליאָטעק, וועלכע איז געווען בלויז אַ דעקמאַנטל צו פירן זייער טעטיקייט. די אָנפירנדיקע חברים: שלמהלע וועלט (המן) — די שטאַרקע האַנט; דער טעאָרעטישער מנהיג — ישראל יעקב מעלמאַן (קאַמאַשנמאַכער); באַשע וועלט;



קבוצת בנות מן השומר הצעיר עם המדריכה רחל פרידמן

אַ גרופע מיידלעך פון השומר הצעיר מיט דער מדריכה רחל פרידמאַן



קבוצת נוער בקוזמיר — אַ יוגנט־גרופּע אין קוזמיר

פירערין פון דער יוגנט איז געווען אסתר לעווינזאָן (לעקיש); אברהמטשעלע קאָרנבלום — דער ליטעראַטור־ און פּרעסע־אַגענט אין שטעטל. נאָך דעם ווי די פּאָליציי האָט פאַרמאַכט די שלום־עליכם־ביבליאָטעק, זענען די קאָמוניסטן געבליבן אָן אַ לעגאַלער אינסטיטוציע און געפירט זייער אַרבעט אין באַדינגונגען פון אונטערגרונט. אין די 30ער יאָרן, ווען ד"ר יוסף קרוק האָט געשאַפן די „אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי", איז זי געוואָרן אַ נייער דעקמאַנטל פאַר די לינקע. זיי האָבן צוריק באַקומען השפּעה אויף דער יידישער יוגנט. אין 1936/37, ווען עס זענען פּאָרגעקומען די מאָסקווער פּראָצעסן, איז געוואָרן אַ בהלה און אַ וואַקלעניש ביי די מיטגלידער. ישראל־יעקב מעלמאַן און פיל פון די עלטערע מיטגלידער, האָבן אָפּן געגומען צוויפלען אין דעם ווערט פון זייערע אידעען. מ'האָט זיי אַלע פאַרשריגן אַלס טראָצקיסטן. שלמה וועלט איז געבליבן מיט אַ ביסל פון זיינע חסידים און יוגנט. איז אַנטשטאַנען די פראַגע: וואָס פאַר אַ נייע אָרגאַניזאַציע שאַפן? צו יענער צייט זענען אין וואַרשע געווען טעטיק די פּאָל־קיסטן. דאָס איז געווען ווי געוווּנטשן פאַר די לינקע. אין קוזמיר ווערט געשאַפן אַ פּאָל־קיסטישע פּאַרטיי מיט שלמה וועלט אַלס אָנפירער; איך, משה שניידערמאַן, חיים־יונה באָרנשטיין און אַנדערע האָבן אָנגעפירט מיט דער יוגנט. די אַלע, וועלכע זענען אַוועק מיט ישראל־יעקב מעלמאַן, זענען נישט צוגעלאָזט געוואָרן אַלס מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע. שלמה וועלט איז געווען ראַטמאַן פון די לינקע אין קוזמירער שטאָטראַט.

אַרום דריי יאָר פאַר דער מלחמה, האָט זיך געשאַפן אַ רעוויזיאָניסטישע אָרגאַניזאַציע. איר גרינדער איז געווען יעקב גאָלדבוים, פון „הנוער הציוני", ווי אויך יוסף בוכבינדער. די אָרגאַניזאַציע האָט זיך שיין אַנטוויקלט און אויך באַוויזן צו שאַפן אַן אָפּטיילונג פון „ברית החיל".

די טעטיקייט פון אַלע אָרגאַניזאַציעס איז באַשטאַנען דער עיקר אין קולטור־אַרבעט. יעדע אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט אַ דראַמאַטישן קרייז, וואָס האָט אויפגעפירט די פּיעסן פון שלום־עליכם, א. ד. גאָרדאָן, ש. אַנסקי . פון די פּיעסן האָט זיך מיר אַמייסטן איינגעקריצט אין זכרון, דער „דיבוק" (אין דער הויפּט־ראָל — פּסח מילער), אויפגעפירט דורך דעם דראַמאַטישן קרייז ביי דער שלום־עליכם־ביבליאָטעק; „דאָס גרויסע געווינס" פון שלום עליכם אונטער דער רעזשי און אין דער הויפּט־ראָל (שימעלע סאָראָקער) פון לייב פרידמאַן. עטי־מעני האָט געשפּילט מלכה גאָלדבוים. ס'האָבן נאָך אָנטייל גענומען: ברכה לאַנגלעבן און לייבל וויזענבערג, אויפגעפירט דורך דעם דראַמקרייז פון די אַלגעמיינע ציוניסטן.

זייער אַ סך פּיעסן האָט געשטעלט דער „השומר הצעיר" מיט זייערע אַרטיסטן: קונע גראָסמאַן, עדזשע פרידמאַן (היינט אין ישראל), פּעסע מילער און אַנדערע.

מיר האָבן געהאַט אין שטעטל דריי שטענדיקע רעזשיסערן, וועלכע האָבן געהאָלפן יעדער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט נאָר דאָס געבעטן: שלמה גראָסמאַן (טוטוליו), יאָסל קראָנענבערג (רישבאַק) און שאול פרידמאַן. די לעצטע אויפפירונג אין שטעטל איז געווען „אוריאל אַקאָסטאָ", אונטער דער רעזשי פון שלמה ווועלט. איך — אַלס אוריאל אַקאָסטאָ, פּיניע שניידערמאַן און פיל אַנדערע, אויפגעפירט פון די „פּאָלקיסטן". דאָס איז געווען די לעצטע פאָרשטעלונג אין קוזמיר.

יעדע אָרגאַניזאַציע האָט אין די ווינטער־חדשים געפירט פאַרשידענע קורסן: דער „השומר הצעיר" און „הנוער הציוני" — לעקציעס העברעיש. די פּאָלקיסטן האָבן געפירט קורסן פאַר יידיש (שאול פרידמאַן פלעגט זיין דער לערער. אין זיין אָפּוועזנהייט, פלעג איך פירן די לעקציעס).

די פּאָליטישע מחלוקתן און קאַמפן האָבן אָפטמאָל דערפירט צו געשלעגן. די בעסטע אַרענע פאַר די קאַמפן איז געווען — דער בית־מדרש. פאַר אַלע וואַלן צום שטאָטראַט אָדער צום סיים, פלעגן אַלע פּאָליטישע מיטינגען אָפּגעהאַלטן ווערן אין בית־מדרש. יעדער פירער האָט געהאַלטן זיינע רעדעס. דער סוף איז געווען — — — עס זענען געפלויגן פּעטש...

אַלס פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע, האָט "מזרחי" קיין גרויסע באַדייטונג נישט געהאַט. אַלץ האָט זיך ביי זיי קאָנצענטרירט אַרום דער "מזרחי"־שול. די מנהיגים: יהושע קאַפּלאַן, אהרן לוסטיק און מיין פאָטער שמואל לעווינזאָן. זיי האָבן שטאַרק געאַרבעט פאַרן קרן־קימת. בעת די שטאָטישע וואַלן האָבן זיי געשטיצט דעם בירגערלעכן ראַטמאַן



**קן השומר הצעיר (1920)**

שמעון ווישניאַ, נישט האָבנדיק קיין שאַנס דורכצופירן אַן אייגענעם ראַטמאַן. דאַקעגן ביי די סיים־וואַלן, האָבן זיי געשטיצט זייערע קאַנדידאַטן און געווען אומאָפּהענגיק. אין יאָר 1928 איז אַ גרופּע פון „מזרחי" אַפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל, מיט מיין פאָטער און שמואל־אפרים בראש, צוזאַמען מיט אַ גרופּע מזרחיסטן פון אָפּאָלע. זיי האָבן געשאַפן אַ קאָלאָניע אין ארץ־ישראל אונטערן נאָמען „יפה נוף", וווּ עס איז איצט הרצליה. צום באַדויערן, זענען זיי אַלע צוריק געקומען קיין פּוילן. ביזן היינטיקן טאָג איז מיר די גאַנצע געשיכטע נישט קלאָר, פאַר וואָס און פאַר ווען דאָס איז געשען.

דאָס זעלבע קען מען זאָגן וועגן דער „אגודה". זיי האָבן געהאַט אַ שפּאָר ביסל יידן אָנהענגער. זיי האָבן געהאַט פאַרשידענע שטיבלעך. אונטער זייער איינפלוס איז געווען די חברה קדישא. ווען עס זענען פאָרגעקומען סיים־וואַלן, האָבן זיי אַרויסגעוויזן זייער אָנגעהעריקייט צו דער פּאַרטיי און גערופן צו שטימען פאַר די אַגודה־דעפּוטאַטן.

דאָס איז מער־ווייניקער, וואָס איך געדענק וועגן פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס אין קוזמיר.





**יהודי קוזמיר ופרנסותיהם — ציור של ש. וודניצקי**
**קוזמירער יידן און זייערע פרנסות — בילד פון ש. וואָדניצקי**

קונראד ביילסקי

# פגישות עם קוזמיר

לא אחת שאלו אנשים את עצמם, על שום מה זכתה עיירה קסומה זו לחסידים כה רבים, בייחוד מבין אנשי־הרוח והאמנות. שכן, המבקר בה פעם, יבקרנה תמיד.

למשל, מדוע טחנת־הרוח בבוכוטניצה, שאינה שונה במאומה מכל טחנת־רוח אחרת, צויירה אלפי פעמים ולא אחת על־ידי ציירים ידועי־שם. (לצערנו, נשרפה ונהרסה בזמן הפעולות המלחמתיות האחרונות). והרי מתמונות שהשוק והכנסיה משמשים להם נושא, אפשר היה לערוך תערוכה עשירה ביותר.

כאבן־שואבת מושכת אליה העיירה את האנשים, חרף הפרימיטיביות, וחוסר המתקנים הסאניטאריים.

את קוזמיר „גילו" והוציאו לה מוניטין הציירים, „הספרות" נסתפחה מאוחר יותר. הרי אפילו סופרים כריי וקוחאנובסקי, ששהו בה לעתים קרובות לא הותירו אחריהם כל זכרון בכתובים על אודות עיירה זו.

מהפרוזאקנים המפורסמים רק מאריה קונצוויץ' וחנה מורטקוביץ'־אולצ'אקוב תיארו אותה, אך ביותר כתב על אודותיה אדולף רודניצקי. הוא אשר ביקש לענות על השאלה: במה קיסמה וחינה של קוזמיר:

„...אין בארץ יישוב שני שישווה לקוזמיר, המעניקה לאנשיה את חסד השירה, המעלה אותם מחיי החולין היומיומיים והאדישות. שעה קלה של שיטוט בקוזמיר תזכה את האדם באזניים קשובות, עינים טהורות ולב צעיר הפועם בחזקה. קוזמיר העניקה לאדם את חסד השירה, בה נושם כאן כל רגב של אדמתה".

אכן, נכון הדבר, תמורות רבות התחוללו בה, תמורות רבות מדי. כי זאת עליכם לדעת, חביבי, קוזמיר זו שעיניכם רואות, אינה עוד מה שהיתה. היא איבדה לבלי־שוב את ייחודה הפולקלורי ותושבים מסויימים שלה. גם משהו מנופה וחלק מהארכיטקטוניקה שלה אבד לה.

התמורות הן מהותיות ושורשיות. הנה, צאו וראו את השוק. הדומה השוק הנוכחי,

השומם, הרציני והריק לשוקה של קוזמיר מימים עברו, שגעש, תסס ופכו בו חיים כה רבים? עתה הוא אתר לתיירים, אך לא מקום בילוי לאנשים חיים.

השוק הישן היה מרוצף ב„ראשי חתולים". ה„ראשים" היו גדולים וצורותיהם שונות, גלגלי העגלות מילאו את חללו בטירטור אופייני להם. רעש, מהומה וליכלוך מילאו את כיכר השוק, עת התאספו בו בימי היריד, המוני בני אדם. ואיזה הווי! דוכן ליד דוכן ולידם דמויותיהן הציוריות של התגרניות! ומסביב חנויות, גדולות וקטנות, שבכל בית שכנו כמה מהן; במלחמתן עם הדוכנים הן השתפכו החוצה. יהודים מזוקנים וכחושים נטפלו לעוברים־ושבים ומשכום בכוח לחנויותיהם ושם, על הדלפק הציגו את סחורתם, בשבחם אותה בקול מתנגן, בשפה שהיתה מעין תערובת של מזרח ומערב.

יהודי קוזמיר! מי שראם והכירם, אלה שכה התחיו עם העיירה, שכה מושרשים היו בתוכה, יסתכל היום על קוזמיר בעינים מתות, כעל עיר־רפאים.

יהודי קוזמיר התמזגו עם נופה וחומותיה להרמוניה מלאה. השפה הפולנית שבפיהם היתה ייחודית, שאיש לא השכיל להגותה. עסיסית, מלאת־דימויים ואצילה התנגנה השפה בפיהם. לא היתה זו שפת עילגים, „מיוחדת" — היתה זו תערובת של לשון הדיבור ולשון הספר.

„יהודי המלכות, אנו" — הכריזו ונדמה לי, כי האמן האמינו, שהמלך קאז׳ימייז׳ הגדול בחר דווקא בהם, כדי להושיבם בעירו ובידיהם הפקיד סודות, עליהם שמרו ביראה ובכבוד. בדולים ושונים היו מכל השאר.

בימות הקיץ, עת הגבעות כוסו פרחי־בר, שוטטו בשביליהן עלמות יפות כשושנים, שיערן הכהה גלש על כתפיהן, עיניה ירוקות ושמלותיהן הצחות כשלג דומות היו לטוניקות או למחלצות נסיכות! היה זה נוף אכזוטי, כאילו תלשת אותו מתיאוריו התנ"כיים של אנדריולי.

ביום שישי, עבר־סבב השמש על פתחי בתי היהודים ובנקשו על דלתותיהם היה מכריז, כי השבת הגיעה, עת הפסקת העבודה ועת ליכון להדלקת נרות. וכבר ניצנצו נרות־שבת, יהודים אצו לבית־הכנסת לשטח תחנוניהם ותפילותיהם, ביחידות או במנין לאל עליון. מאוחר יותר, במזג אוויר חמים ונאה, ישבו מטרוניתות עטורות שביסים ועדויות תכשיטי שבת לפני פתח ביתן. אין ספק כי תכשיטים ועדיים רבים אותן ענדו נשות קוזמיר היהודיות זכרו את גלות ספרד במאה האחת־עשרה. ואולי לא אחת מהן היתה צאצא של פרמוזה המהוללת, הגבירה היהודיה מטולידו.

למחרת, בשבת בבוקר עשוי היית לפגוש את רבה של העדה, פוסע לאטו בשפי ונחת לבית־הכנסת, ידיו שקופות כבדולח, זקנו הכסוף יורד על פי מידותיו, קומתו נמוכה, מהלך מוקף פמליה של מלוויו. בבית־הכנסת בו התפלל הרב עמדו פמוטים עתיקים וספרי התורה זכרו ימים לוטים בערפל, עתיקים יותר מימי המלך קאז׳ימייז׳.

עתיקות ומזכרות אלה אפופים היו הוד־מסתורין רב. למעשה, מתי־מעט בלבד

ראו את בית־הכנסת מבפנים ואם ביקרו בו הרי לא הבינו את אשר ראו עיניהם וקיבלו באמון הסברי המדריכים ואלה הלא היו יוצרי מיתוסים מוכשרים ביותר. רושם עז עשו על המבקרים קישוטי הקיר והתקרה. היו אלה גילופים ותחריטים של אריות וצפורים, סמלי קבלה ואותיות בלתי־מובנות בשחור־לבן. סמלים ועטורים אלה השרו עליך אווירה של מסתורין ורזין. לכן, בנקל נטה המבקר להאמין באגדות ובסיפורים שסופרו לו.

למבקרי בית־הכנסת הוצגה פרוכת תכולה ורקומה, שכיסתה את ארון־הקודש. היה לה ערך אמנותי מסויים, אך גילה ומוצאה היו בלתי־מוגדרים. יהודי קוזמיר טענו בוודאות, שאת הפרוכת רקמה המלכה אסתר׳קה במו ידיה והיא־היא שנדבה אותה לבית־הכנסת המקומי. כאשר זכיתי לראותה במו עיני והחילותי להקשות קושיות בקשר למוצאה, שם המדריך אצבע על פיו ואמר: „שא" — וכך שם קץ לכל פקפוקי וספקותי.

והסבלים! אלה „מעבירי הוויסלה", ששימשו גם כמדריכי תיירים, הכניסו אותך בסוד עברה של קוזמיר ובכבשונה של ימיה — עוד שפתם הציורית והעסיסית מהדהדת באזני. היתה זו שפה מלאת דימויים מקוריים ומטפורות בלתי־צפויות, בעלת גון וחיוניות מיוחדים. הם־הם שידעו היטב את תולדותיה של עירם, אותם שמעו מפי אבותיהם ואבות־אבותיהם, יותר מכל חוקריה. היו אלה תולדות, שאך במעט דמו לתולדות הכתובים עלי ספר, שכן בפי סבליה היו תולדותיה של קוזמיר מלאות אגדה ופיוט. כשלעצמי, מבכר אני להאמין לדבריהם על אודות המלך קאז׳ימייז׳ ואסתר׳קה מלשאוב ידיעותי אצל היסטוריוננם שלא ביקרו בה מעולם.

סופרו לי דברי אחד ממדריכי התיירים הידועים בקוזמיר, יענקל, אותם נשא באזני מבקרים:

— המלך קאז׳ימייז׳ התגורר בטירה זו, ואסתר׳קה בטירה שבבוחוטניצה. אולם היתה להם מנהרה תת־קרקעית, שחיברה בין מעונותיהם. ביום — שלט המלך. הוא דן ושפט בענינים שונים, קיבל אורחים, שמע קובלנותיהם, יצא לצייד והחליט החלטות. אולם עם רדת הלילה, חמק המלך מארמונו למנהרה התת־קרקעית כדי לבוא לאסתר׳קה ושם אהבו זה את זו.

— ההיו להם צאצאים? — שאל אחד המאזינים.

— לא. הוא תמיד היה עייף.

סיפורים ומעשיות למאות, נשמטים מזכרון בני־האדם ואובדים לנצח.

וסיפורם של שולים ומלכה...

שולים נודלמן היה פטרונם הפינאנסי של אמני קוזמיר בימים ההם. אם נוקט אני לשון נקייה, הרי זה משום שאיני רוצה לכנותו „נושך נשך", שכן יהיה זה עוול לגבי אדם זה. אנטוני סלונימסקי מספר בזכרונותיו על מלווה ברבית, שהיה מבקר תמיד את אביו, דוקטור סלונימסקי, שראשית קשריהם היו „עסקים". אולם עקב שהותו

הרבה במחיצתו של הד״ר סלונימסקי, שיחותיו עמו ובחינת הסביבה אליה נקלע — השתנה האיש לבלי־הכר, איבד התכונות שהכשירוהו למקצועו: רדיפת־הבצע, התכליתיות והאגואיזם; החל לקרוא, להרהר ואפילו לחלום.

כזאת אירע לנודלמן, אלא שבקוזמיר לא איש אחד בלבד השפיע עליו, כי־אם אנשים רבים ושונים — הסביבה האמנותית כולה בימים ההם. היה זה עולם אחר, חגיגי ומלא־השראה ועם זאת קרוב כל־כך, לבבי. האוכלוסיה המקומית, ובייחוד יהודי קוזמיר, הקיפו בחמימות כל מבקריה בעונה האמנותית.



מרכז העיר. מימין — בניין העירייה ● צענטער פון שטאָט. רעכטס — דער ראָטהויז

שולים נודלמן היה איש קוזמיר בכל רמ״ח אבריו, לא ייפלא על־כן שלא היה שונה מאחרים ואף נתון היה להשפעת הסביבה שהקיפה אותו. כמובן אין להניח כי יצא מופסד אצל האמנים או ששירתם ללא תמורה, חלילה, אולם ההלוואות היו קצובות, מבוטחות במידת האפשר וכמובן ברבית. אך הדבר בוצע באווירה של אמון וכמעט ידידותית.

מי לא היה לקוחו של שולים? כולם כמעט. דומה, כי הגברת זוזיה פרושקובסקה, בכבודה ובעצמה נהנתה מהאשראי שלו — לזמן קצר אך ברבית גבוהה קצת יותר. שירותיו של מר נודלמן הקלו על האנשים ברגעים קשים ואם אחד מבעלי החובות הנכבדים ביותר פשט רגל וצפוי היה אבדן לא של הרבית בלבד אלא גם של הכסף עצמו — היה שולים אומר: — מילא, אפצה עצמי על חשבון אחרים — אך יחסו לאמנים לא שינה.

הם אינם עוד. הם הוצמתו על ידי המרצחים הגדולים ביותר של ימינו ונעלמו מעל פני האדמה. זכר לא נותר מהם. אפילו בצ׳רניאבי, מקום הירצחם, אין רוחות־רפאים ואינם מפחידים איש בלילות. אף קלות לבנות מוסיפות לפרוח לעת האביב ולמרות הדם שניגר שם כמים אין הן מאדימות לעולם.

פולקלור אחר, שאחריתו בלבד אני זוכר ושנעלם עוד קודם־לכן הרי הוא קסמה של קוזמיר.

בימי ראשון בשבוע, בחגים ובימים של „הקדושים״, באו כל אכרי הסביבה לקוזמיר. הם הופיעו בתלבושתם ואם נערכו חתונה או מסיבה משפחתית אחרת אצל אחד האכרים האמידים, היו זורמות לקוזמיר עגלות ברוב שאון, מקושטות בסרטים רב־גוניים, בהן ישבו אנשים בלבוש חגיגי ומהודר, והנשים בשמלותיהן הססגוניות שבו עין־כל. רעש ומהומה מילאו את כיכר השוק, הסוסים — שדים והעגלונים מלאי דמיון. הם לא נתנו קולם בשיר, בחבל ארץ זה אין שרים, אך הצליפו בשוטיהם וקראו קריאות. גם יהודי קוזמיר הוסיפו נופך דקוראטיבי להתקהלות, הם יצאו מבתיהם וחנויותיהם, התערבבו בתוך ההמון ובדרך משלהם השתתפו בשמחה. ורקע לחזיון זה שימשו חורבות הטירה, ה„באשטה״ ורכס הרים שעיטר את העיירה סביב־סביב.

...קוזמיר צמודה לבלי־הפרד לנהר ויסלה. לנהר זה חייבת העיירה את ייסודה, התפתחותה ושגשוגה.

האגדות והסיפורים וכן המקורות שאין עליהם עוררין אפילו מצד היסטוריונים, קושרים את הקמתה של קוזמיר עם הנהר ויסלה. בימים לוטים בערפל היה כאן מקום יישוב בשם — „ווייטשנה גורה״ — הר הרוחות. כאן היו מעברות הוויסלה והיישוב שכן על נתיבי הסחר בין המזרח והמערב. כבר בימים ההם עוררו עולמות אלה סקרנות. ב„ווייטשנה־גורה״ עברו הסוחרים עמוסי מרכולת את הויסלה לעברו השני. הגדה הימנית של הנהר היתה פרוצה להסתננות האויב המזויין והמאיים ואלו בגדתו השמאלית חשו הסוחרים בטחון יתר. במרוצת הימים הוקם יישוב במקום מעברות הוויסלה: טירה בתחילה, בנויה עץ ולאחר־מכן נוספו בנינים אחרים. כך הוקמה עיר. את שמה קראה על שמו של המלך קאז׳ימייז׳ שהעניק לה זכויות ופריבילגיות שונות, שסייעו להתפתחותה בשנים הבאות.

מי שסקרן לדעת כיצד נראתה קוזמיר לפני דורות, יישב בסירה וישוט במעלה הנהר, למקום שאפיקו רחב ביותר, בין יאנובייץ ואלברכטובקה. האשליה היא שלמה ואין צורך בדמיון עשיר. החופים המרוחקים זה מזה יוצרים כעין חומת ירקות של יער עבות שמאחורי צמרותיו מזדקרים צריחי ה„באשטה״ וחומות הטירה הלוטים בערפל, ומעברו השני, הריסות יאנובייץ שנשתמרו יפה — ומסביב נהר איתן, שמימיו סוחפים וגורפים את חופיו ומולידים איים חדשים.

כי הויסלה לא השתנה ואינו משתנה, הנהר זורם כבימי המלך קאז׳ימייז׳ ואולי אף

כבימי קראקוס וואנדה. הנהר כפות לחוקיות משלו, אינו סובל מכשולים ומעצורים, הוא זורם באפיק שבוחר לעצמו. עד היום איש לא הצליח להכניעו.

האנשים הקשורים מאז ומקדם בנהר, הרי הם הדייגים והמעבירים. אם הקמת היישוב קשורה היתה בהעברה מגדה לגדה, הרי חלקם של „המעבירים" בהתפתחות קוזמיר היה נכבד. בכלל, דמותו של מעביר מוקפת מאז הילה רומאנטית ועטויה מסתורין רב. שהרי את חסותו אנו מקבלים בעוברנו לגדה השנייה, האפופה תמיד סודות והפתעות ובכוחות עצמנו לא נגיע אליה. שהרי חרון האגדי... אך לא — מעבירי קוזמיר, אינם מוליכים שדים לעברו השני והוויסלה אינו הסמבטיון הגועש תמיד. סירותיהם מאז ימי המלך קאז׳ימייז׳ ועד היום הרי הם ה„פיכובקות". אלה הן סירות בגודל שונה, בלי הגה, עשויות עץ אלון. יחודן הוא רק בכוח תנופתן. משוטי החותר ארוכים מאוד, קצוותיהם מפורזלים בשניווים חדים וגדולים. בעמדו בתוך סירתו תוקע החתר את משוטו בקרקעית הנהר ובכוח רב דוחף הוא את הסירה קדימה עד שמפליגה לנהר הפתוח. היא שטה שלווה ובטוחה, כאילו אינה חשה במטען הרב העמוס עליה. שיט כזה קרוי בפי המעבירים „שיט בטוח".

מפליא היה היהודי הזקן, הכחוש, בעל החזה הנפול בחותרו בבטחון בסירתו, שהובילה קייטנים לעבר ינובייץ. לכאורה פניו לא העידו על מאמץ כלשהו ולא עוד אלא שאת נוסעיו היה „מלעיט" בסיפורים מענינים שונים מתולדותיה של קוזמיר. אכן, הדברים קרו לפני המלחמה, עת רבים היו היהודים בין מעבירי־הנהר ובקוזמיר שכנו משפחותיהם.

בנקודה הגבוהה ביותר של קוזמיר, בהרים, איוו להם הלווינשטיינים את קינם. מקן זה „התבקעו" אנשים רבי־ערך וחשיבות.

מייסדו של משכן זה היה סוחר עתיר־נכסים מלפני מלחמת העולם הראשונה. בתים רבים היו לו בקייב העיר, הון רב ושותפויות במפעלים שונים. אך תמיד התגעגע לפולין ודאב, כי ילדיו לא יספגו את רוחה של ארץ זו ואת האהבה אליה. נטל האיש את מפת פולין, בחן וחקר, ובחירתו נפלה כמובן על קוזמיר, העיר השוכנת במרכזה של פולין הנושאת את שמו של המלך הגדול, שפתח את שערי פולין לפני היהודים ושמו נקשר בהיסטוריה בשמה של יהודיה יפה, אותה אהב אהבה גדולה.

האדון לווינשטיין הגיע לקוזמיר והמקום נשא מאוד חן בעיניו. מוקסם מהסביבה והנוף שהשתרע לנגד עיניו, החליט לרכוש חלקת אדמה בהרים והקים שם את משכנו, בין שני אלונים עבותים עתיקי־ימין. את הווילה קרא על שם אשתו — רגינה.

הגברת רגינה היתה בעלת אופי דומה כשל בעלה, אבל היא היתה גם משוררת. דברים הרבה היא כתבה; על קוזמיר, על אנשים וטבע, על אהבה ומולדת. האם כתבים אלה ראו אור? יש לשער כי לא הודפסו. שכן, קרוב לוודאי, על אף כוונותיה הרצויות,

היו שיריה מגומגמים וחסרי ערך פיוטי ולכן הסתפקה הגברת לווינשטיין בכתיבה למען המגירה ואולי גם להנאת קרוביה.

בני האדון לווינשטיין גדלו וצמחו לתוך החברה הפולנית, כאלוני ביתם, שבצלם הוא חסה ושרשיהם תקועים היו עמוק באדמת קוזמיר. אחדים מהם חיו בקוזמיר ואחרים נפוצו ברחבי תבל. עתה לא נותר מהם איש בעיירה. בעלים חדשים ירשו את ביתם ודיירים חדשים מהלכים בחדריו. רק הרוח מוסיפה לשחק בין עפאי האלונים עתיקי היומין שנותרו שם. הם מגינים על הבית בפני ברקים, ובחורף בפני רוחות זעף. בימות הסתיו נושרים על הגג האיצטרובלים ברעש גדול, כאילו ביקשו בקצב נפילתם למדוד את הזמן שחלף לבלי שוב.

אני מגיע לכיכר השוק. הוא דומם ושומם. ריבוע האבן עטור מעבריו קישוטים כלשהם. דומה עתה השוק לבמת תיאטרון לאחר רדת המסך, עליה נותרו אך התפאורות המונומנטאליות ואלו השחקנים כבר פרשו, הסתלקו ודבר לא מתרחש עוד עליה. השחקנים, אותם אני זוכר, שמילאו בסאונם ובחיוניותם את הבמה במשך דורות רבים — נעלמו, סולקו לעדי־עד. רק אי־פה אי־שם מגיחים כבאפלה דוכנים עמוסי פרי, ואין הם אלא ניגוד משווע לכל אשר סביבם. טבע דומם על רקע ארכיטקטורה עתיקה...



בכיכר השוק ● אויפן מארק־פלאץ

# קוזמיר אין די שאַפונגען פון ז. סעגאַלאָוויטש

א. אין קאַזשימיעזש
ב. דעם שוחטס טאָכטער (רייזעלע דעם שוחטס)
ג. די לעצטע בעלי־עגלות
ד. „דאָרטן" (פראגמענטן)

## אין קאַזשימיעזש

פאָעמאַ, 1913—תרע"ג. געזעצט ביי א. שריפטגיסער, וואַרשע, סאַפעזשינסקא 8. אַ דאַנק דער פריינדלעכקייט פון דער נאַציאָנאַל־ביבליאָטעק ביים העברעישן אוניווערסיטעט אין ירושלים, האָבן מיר באַקומען דעם זעלטענעם עקזעמפּלאַר פון דער פאָעמע, דערשינען מיט 55 יאָר צוריק אין פוילן. מיר האָבן נאָר געענדערט דעם אויסלייג.

אַ מתנה אנקא ל.

כ'האָב ליב דאָס לאַנד,
דאָס לאַנד פון צאַרטע לידער —
דאָ לעבט אַ גרויסער טרויער
פון מיינע גלות־ברידער...

כ'האָב ליב דאָס פרעמדע לאַנד
דאָס לאַנד פון בונטע פאַרבן...
דאָ בין איך ניט געבוירן,
דאָ וועל איך אפשר שטאַרבן...

1

און ווידער איז קאַזשימיעזש... וואַרט, פורמאַן, געלאַסן!
די פערד דיינע פליען, ווי ווילדע פון באַרג...
און קינדער פיל לויפן מיר נאָך און באַגריסן,
און שרייען „דער פריץ!" און פרייען זיך שטאַרק.
דער פריץ פאַרמאָגט אויף די וואָלקנס אַ פאַלאַץ:
אין מערב־זייט הענגט דאָרט מיין גאָלדענעס הויז. —

## ז. סעגאַלאָוויטש.

# אין קאַזמערזש.

פּאָעמא



1913 — תרע"ג

נעזעצט ביי א. שריפטגיסער. ווארשא, סאפעזשינסקא 8.

---

КАЗМЕРЖЪ (поэма).

З. СЕГАЛОВИЧА.

Варшава, 1913.

שער הספר של ז. סגלוביץ' „בקאזמז'" שהופיע ב־1913 בוורשה

אויף דר׳ערד בין איך אָרעם, ווי אייערע טאַטעס,
כאָטש ניי איז מיין בגד, און רייך זע איך אויס...
ווען איך זיך ווען גלוסטן, דאַן קומט אין מיין פּאַלאַץ!
איר קינדערלעך קליינע, איר חלומט נאָך ווען...
דערווייל צעטייל איך אייך עטלעכע גראָשנס,
קויפט ניסלעך און שפּילט זיך, מען וועט זיך נאָך זען.

2

איר קאָנט ניט דאָס שטעטל... עס מעג איך פאַרדריסן:
דאָ שוועבן און לעבן לעגענדן אַ סך,
דאָ שפּיגלען אין טייך זיך פיל בערג און פיל סעדער,
דאָ ציט זיך צום הימל אַ שלאָס אָן אַ דאַך...
אין שלאָס האָט געלעבט ווען דער איידלסטער קעניג,
היינט קראַקען דאָרט קראָען פון לאַנג שוין, אויף לאַנג...
און אָפטמאָל ביינאַכט פאַלט אין פּאַלאַץ אַ שטערן,
נאָר קיינער געפינט ניט דעם הימלס געשאַנק.
דאָ לעבט נאָך די אמתע יידישע פרומקייט
און שטאַרבט, ווי די אוראַלטע דעמבע ביים וועג,
דאָ וויזט זיך נאָך אָפט אַ צעשראָקענע סאַרנע
און לויפט באַלד אַוועק מיט אַ גרעסערער שרעק...

3

דאָ שלענגלען זיך בערג פיל, מיט טאָלן געהיימע,
פיל גרינע טונעלן באַוואַקסן מיט וואַלד,
אַ קוועלעכל אַ קלאָרער דערציילט אַלץ פון יוגנט,
כאָטש אַלט איז דאָס שטעטל, און אַלץ איז דאָ אַלט.
און ווייטער פון קאָזשימיעזש, גאָר טיף אין די טאָלן,
שפּאַציר איך מיר אָפט אָן אַ וועג, אָן אַ פּלאַן:
עס טרוימט מיר אַ וואַלד־קינד, אַ נימפע אַ ווייסע.
עס טרוימט מיר דער וואַלד־גאָט, דער איינזאַמער פּאַן.
פרעמד זענען אַזעלכע חלומות אין גלות,
אַך! זאָל איך מיין זינגען ניט פרעמד זיין אַזוי!
עס רופט די נאַטור אונדז, עס רופט אונדז איין שטימע,
נאָר נישט אַלע הערן — איך הער און איך גיי...

4

איך ווייס ניט, פון וואַנען איך האָב אַזאַ בענקשאַפט.
אין רויכיקער שטאָט איז מיין יוגנט פאַרביי...
דאָך ציט מיך פון שטאָט־רויש צום רויש פון די בוימער:
אין וואַלד בין איך רויק, אין פעלד בין איך פריי...
כ׳האָב ליב איבער מיר זאָל זיך ציען דער הימל,
דער אָפענער הימל אין בלענקט, אין בלוי,
כ׳האָב ליב זיך צו בויגן פאַרנאַכט צו די בלומען,
פאַרנאַכט, ווען זיי טרינקען זיך אָן מיט דעם טוי.
און זע איך, ווען קינדער זיך שפּילן אויף לאָנקעס,
נעמט צאַפּלען מיין ברוסט דאַן פרייד און פאַרדרוס,
און הער איך אין שניט־צייט אַ ליד אויף די פעלדער,
דערמאָנען זיך דאַן מיר די צייטן פון רוס...

5

דריי קלויסטערס אין קאַזשימיעזש און אַלע דריי זענען
מיט בוימער פאַרינגלט, מיט בוימלעך אַ סך;
און אונדזער בית־תפילה, להבדיל, שטייט איינזאַם,
פאַרוקט אין אַ ווינקל, צעבראָכן דעם דאַך...
אַ ניגון אַ פוילער פאַרשטאַרבט אין די ראַמען
פון אָפענעם פענצטער... איך גיי גיך פאַרביי;
דער ניגון באַגלייט מיך ניט ווייט מיט זיין טרויער,
ער ווערט באַלד צערונען אין זינגען פון מאַי...
ווי רופט מען די פויגלעך? ווי הייסן די בלומען?
עס האָט אונדזער שפּראַך ניט קיין נעמען פאַר זיי:
באַשערט זיך צו פרייען אַזוי, ווי אַ שטומער,
אַזוי, ווי אַ שטומער, פאַרבאָרגן דעם וויי...

6

מיט שניי־ווייסע קרויזן באַפּוצט זיך דער גאָרטן,
עס בליען די קאַרשן, דער עפּל־בוים בליט,
אַ ראָזאָווער קווייט פליקט זיך אָפּ פון זיין צווייגל
און שוועבט לייכט... און פליט, ווי אַ פעדערל פליט...
כ׳וואָלט וועלן אַזוי מיין נשמה באַפרייען,

אַזוי ווי דאָס קווייטל באַפרייט זיך פון בוים,
אַזוי ווי אַ קינד, וואָס אַנטלויפט ווו נאָך בלומען
און קומט שפּעטער גליקלעך און פריילעך אַהיים.
זי זיצט אָבער פעסט אין איר שטייגל פון זאָרגן,
און שפּייזט זיך מיט ספקות, און קאָן ניט זיין פריי.
מיין זעלע, מיין אומרו, כאָטש איינמאָל אין לעבן,
זיי רויק אין גאַנצן, זיי גליקלעך אין מאַי...

7

געבענטשט זייט איר, רויקע פּאַליעס פון ווייסל!
איר טראָגט איצט אָן שטורעם אַוועק מיינע טעג.
פיל שטיפערס, פיל יינגלעך פאַרשווינדן פון חדר
און קומען צעלויפן מיט ווענטקעס צום ברעג.
עס צאַפּלט אַ פישל, עס פרייט זיך אַ יינגל,
איך ליג אין אַ שיפל פון ווייטן און שווייג...
און ס'דוכט, ס'איז אַ חלום דער טייך מיט די יינגלעך,
דער פויגל, וואָס וויגט זיך און זינגט אויפן צווייג...
אַ ווינט־מיל באַוועגט זיך פון ווייטן געלאַסן,
די פליגלען זיי פאָכען און רוען זיך אָפּ:
אַזוי, ווי אַן אָדלער אַ שוואַרצער, אַ גרויסער,
וואָס מאַטערט זיך פליען און פאַלט שווער אַראָפּ.

8

עס שווימען גאַנץ קליינע און גאָר גרויסע וואָלקנס,
מיט גאָלדענע זיימען און פּורפּור פאַרקליידעט;
זיי איילן צו מערב, און שטאַרבן אין מערב,
אינאיינעם מיט זיי שטאַרבט דער טאָג שטילערהייט.
וואָס אַרט מיך זיי שטאַרבן? וואָס דאַרף איך די וואָלקנס?
איך ליב בלויז די פלאַמען, וואָס פלאַקערן שיין...
דאָך שלינגען די וועלן איין טרער נאָכן צווייטן,
איך וויין, כאָטש איך ווייס ניט אַליין וואָס איך וויין.
צי כ'בענק נאָך דער שטאָט, וואָס איך האָס אַזוי ביטער?
צי עס פעלט מיר איצט שטאַרק, די איינאיינציקע יונג־פרוי,
וואָס אין בענקען נאָך איר איז מיין יוגנט פאַרביי?

9

ס'איז נאַכט, עס איז שטיל, איצט שטויבט ניט אין ערגעץ...
די אָרעמע יידישע קרעמלעך פאַרמאַכט.
פאַרשלאָסן מיט שווערע אַלט־מאָדישע שלעסער...
געלויבט ביסטו, גאָט, וואָס מען רוט כאָטש ביינאַכט.
פאַרינגלט מיט אַלע און נייע בית־עולמס
שלאָפט קאַזשימיעזש און חלומט. נאָר עמעץ איז וואָך:
דער פאַסטעך, דער שטומער, באַגעגנט מיך פלוצלינג.
וואָס ווינקט ער צו מיר? כ'פאַרשטיי ניט זיין שפּראַך:
ער ווייזט מיר דעם שלאָס אָן, ער ווייזט אָן דעם טורעם,
וואָס שטייט אויפן באַרג, ווי אַ פוסטער סקעלעט...
ווי נישטיק דער טאָג זעט מיר אויס אין דער פינצטער,
ווי עלנט די וועלט איז ביינאַכט אַזוי שפּעט...

10

עס טאָגט שוין, עס קומט אָן אַ נייער פרימאָרגן...
עס זינגען די וועלדער — דאָס זינגען וויגט איין.
מיין מידע נשמה! שוין צייט צו גיין שלאָפן;
אין שלאָפן וועסטו אפשר גליקלעך זיין. —
דער גאָט פון חלומות איז גאָר ניט קיין קאַרגער.
אין חלום וועט קומען מיין יונגפרוי צו מיר,
אין חלום וועט ליכטיקער אויסזען מיין צוקונפט;
דער גאָט פון חלומות ער שטייט שוין אין טיר.
עס טויען די פעלדער, ווי נאָענטע מזבחות,
עס הויבט זיך דער רויך און צערינט באַלד אין לופט.
איך פאַל אויף מיין בעטל, צעררייצט פון פרימאָרגן —
דער גאָלדענער חלום, ער רופט שוין, ער רופט.

11

אַזוי, ווי אַ גלעקל, וואָס הילכט אויף די לאָנקעס,
אַזוי, ווי אַ באַרג־וואַל קלינגט זילבער־ריין,
דערגרייכט צו מיין פענצטער אַ יונגער געלעכטער...
צי עס דויערט דער חלום! כ'קאָן ניט פאַרשטיין.
איך האָב שוין אַ שכנה אין אונטערשטן גאָרן

(שוין לאַנג ביסטו רויק, מיין זעלע, געווען),
איך האָב שוין אַ שכנה... אַזוי, ווי אַ גנב,
אַנטלויף איך פון צימער, זי זאָל מיך ניט זען...
נאָר לויפנדיק איינמאָל, האָב איך זי באַגעגנט;
מיר האָבן זיך בײדע באַקוקט און באַטראַכט —
ווען איך האָב גאַנץ קינדיש אַזוי, ווי אַ פרעמדער,
האָט זי זיך גאַנץ קינדיש און היימיש צעלאַכט...

12

איך ווייס ניט איר נאָמען — איך דאַרף עס ניט וויסן,
איך ווייס ניט איר היימאָט — נאָר שיין איז זי, שיין!
איך לויף נאָך, ווי פריער, אין רויקע ווינקלעך,
גאָר שווער איז מיר איצטער צו בלייבן אַליין...
אַך, קאַזשימיעזש, ביסט איצטער נאָך שענער געוואָרן:
(אין ראַם האָט זיך פּלוצלינג אַ בילד איינגעפּאַסט).
כ׳האָב היינט אין מיין צימער אַ בלימל געפונען;
פון גליק האָב איך פריילעך געשטיפט און געשפּאַסט,
נאָר ניט מיט דאָס מיידל אין אונטערשטן גאָרן —
איך האָב מיטן ווינטל געשטיפט און געשפּילט...
דערנאָך איז אַ ריזיקער וואָלקן געקומען
און האָט אַלץ אין שוואַרצקייט, אין חושך פאַרהילט...

13

שוין עטלעכע שעה, ווי עס בליצט און עס דונערט,
עס רעגנט, עס שטורעמט, צי דען אָן אַן עק?
פון שכן די דינסט איז געקומען מיך רופן:
דאָס פריילין, דאָס יונגע, זי ציטערט פון שרעק.
זי רופט מיך?... געבענטשט זאָל דערפאַר זיין דער דונער.
דער פלאַמיקער שדכן — געבענטשט זאָל ער זיין!
זי שמייכלט און ציטערט, מיר ציטערן ביידע,
כאָטש ס׳דוכט מיר, איך בין אין גן־עדן אַריין.
דער דונער ווערט שוואַכער, צי דען האָט ער טאַקע
פאַר מיר זיך דערשראָקן? דער שטורעם ווערט שטיל...
מיין יונגע באַקאַנטע זיצט רויק און זיכער
און פרייט זיך אין האַרצן — איך שפּיר עס און פיל...

14

אויף יעטווידער פרייד פון דיין זאָרגלאָזן לעבן
קאָן איך דיר דערציילן יסורים אַ סך;
אויף יעטווידער טרעל פון דיין קינדערשן לאַכן —
אַ צענדליק עלעגיעס... נאָר פריי זיך און לאַך.
אַך, רעד זשע, דערצייל מיר! דיין פרייד איז מיר נויטיק
אַזוי, ווי דער רעגן איז נויטיק דעם פעלד,
אַזוי, ווי די היימאַט — דעם איינזאַמען וואַנדערער,
אַזוי, ווי די דרייסטקייט איז נויטיק דעם העלד...
כאָטש כ׳ווייס ניט, פון וועמען דו קומסט אַלס שליח:
פון גאָט צי פון טייוול, ברענגסט טרויער צי גליק?
אַלץ איינס... איך וועל דאַנקען דעם היינטיקן דונער,
כ׳וועל מער שוין נישט לויפן פון שטורעם צוריק...

15

אַזוי, ווי אַ בוימל מיט גאָלדענע רויזן,
אַזוי איז איר קעפל מיט לאָקן באַדעקט,
און גראָ־בלאָע אויגן מיט דונקעלע ברעמען;
איר בליק איז פאַרוווּנדערט, ער פרעגט וואָס, ער פרעגט...
איר נאָמען איז וואַנדאַ... אַ פּוילישער נאָמען,
נאָר זי איז אַ חסידס אַ טאָכטער, אַך גאָט!
זאָל קיינער פאַר קיינעם קיין וואָרט ניט פאַרטרויען,
כאָטש מיר וועט דאָ שווער זיין צו האַלטן דעם סוד...
זי שעמט זיך... זי ליבט ניט דעם טאַטן, דעם פרומען,
זיי זענען ווי פרעמדע פון קינדווייז ביז היינט;
וואָס גייט עס מיך אָן? עס איז מאַי, עס איז פרילינג,
מיר פילן עס ביידע, מיר זענען שוין פריינד.

16

די ווייסקייט פון גאָרטן וועט לאַנגזאַם פאַרשווינדן,
די ביימער באַפּוצן זיך אַלע ניי־גרין;
ניטאָ שוין קיין בעז מער, ניטאָ קיין אַקאַציעס,
עס בליט שוין ניט מער דער זיסער זשאַסמין...
אין פעלד אָבער בליען שוין פיל מאַרגאַריטקעס,

אין וואַלד־גלעקלעך בלאָען זיך אונטן אין טאָל —
דאָס אַלץ וועט קומען צו וואַנדאַן אין צימער...
אַך, וואַנדאַ! איך הער שוין פון ווייטן דיין קול...
אויב דו האָסט געבענקט — בין איך טויזנט מאָל גליקלעך,
אויב דו האָסט געוואַרט — בין איך האַר...
ניט באַהאַלט זשע די זודיקע, זאַפטיקע ליפּן,
איין קוש... זאָל דער קוש דיר נישט ברענגען קיין צער...

17

עס בליען שוין רויזן, איך רייס זיי אין גאָרטן,
און וואַנדאַ נעמט צו די מתנות מיט פרייד,
מיר שטיפן און פרייען בייטאָג זיך, ווי קינדער,
און שוויגן פאַרנאַכט, ווען דער הימל ווערט רויט.
אין מערב־זייט הענגט דאָרט מיין גאָלדענער פּאַלאַץ
און שוויגנדיק שוועבן מיר בײדע אַהין,
וווּ ס׳רייצן אונדז פלאַמיקע, ווילדע פאַנטאַזיעס...
מיר האַלדזן זיך בײדע אָן שרעק און אָן זין.
דערנאָך, ווען דער הימל פאַרדעקט זיך מיט שטערן,
לויפט וואַנדאַ אַהיים און פאַרשליסט זיך פון מיר;
זי רייסט מיינע רויזן, זי פליקט זיי אויף פּיצלעך —
באַגינען געפינט זי שוין פרישע ביים טיר...

18

עס וואַקסט אויף די פעלדער, עס פאַליען די זאַנגען
מיט בלימלעך מיט בלאָע געמישט און מיט מאָן,
און וואַנדאַ איז פריילעך אַזוי, ווי אַ פויגל,
פון אַלעס פאַרוווּנדערט, און אַלץ קוקט זי אָן:
זי איז שוין געווען, אין אַלע דריי קלויסטערס,
געווען, זיך געפרייט, מיט באַגייסטערונג פול,
דאָך האָט זי זיך מאָדנע פאַרקרימט און צעבייזערט,
ווען איך האָב איר ווייזן געוואָלט אונדזער שול...
כ׳האָב דעמאָלט דערפילט טיף דעם וויטאָג פון פרעמד,
געפילט, אַז מיר זענען צעטיילט דורך אַ תהום,
נאָר זי האָט אַפילו מיין שמערץ נישט פאַרשטאַנען:
געשטיפט און אַנטלאָפן, געלאָפן אַהיים...

19

שוין תמוז, דער אמתער זוניקער זומער,
עס גליען די שטראַלן און רייצן דאָס בלוט...
וואָס שווייגסטו אין שאָטן? וואָס ציטערט דיין קערפּער?
ביסט צייטיק און הילפסלאָז... אַ שווערע מינוט...
די ליפּן געעפנט, די צײנדלעך פאַרשלאָסן,
אַזוי, ווי זיי וואָלטן דערשטיקט דעם פאַרלאַנג...
דו אָטעמסט צעשראָקן... ניט שרעק זיך, זיי רויק:
עס האָט מיך באַפאַלן אַ קאַלטער געדאַנק...
דו הערסט, ווי די לערכע צעגיסט זיך אין זינגען:
דאָס לויבט זי דיין ריינקייט... ביסט ריין, ווי געווען, —
אין מיר אָבער הערשט איצט אַ שטורעם, אַ גיהנום:
פאַר וואָס איז אַזוי און ניט אַנדערש געשען?

20

עס האָט מיר דאָס לעבן געלערנט זיין בייזער,
און אָפט טאַקע בין איך צו אַנדערע שלעכט...
נאָר מאַמע! דיין ווייכקייט פאַרסמט מיר דאָס לעבן,
איך בין ביי דיין גוטסקייט אַן אייביקער קנעכט...
עס קוקן אויף מיר אומעטום דיינע אויגן,
אַזוי, ווי צוויי שומרים, וואָס היטן אַ שקלאַף,
ווען איך זאָל דיר בלייבן אַ זון אַ געטרייער,
דאַן בין איך אויף אייביק געבונדן און שלאַף.
ווייל לעבן מיט מצוות און אייביקע פרומקייט,
הייסט לעבן אָן דרייסטקייט, אָן מוט, אָן געווער...
און לעבן מיט ספיקות איז ערגער, ווי שטאַרבן,
איך ווייס עס פון לאַנג, און דערפאַר איז מיר שווער.

21

עס שטייען שוין פאַרטיקע פעלדער מיט זאַנגען,
עס פאַלן שוין סנאָפּעס מיט צייטיקן ווייץ:
די שניט־צייט, זי פאָדערט פיל שווייס און פיל קרעפטן,
די אַרבעט — זי האָט דאָך פיל שיינקייט און רייץ.
ווי פלינק, ווי עלאַסטיש די עלטערן שניידן,

ווי קונציק די קינדער פֿאַרבינדן אַ סנאָפּ,
ווי שטאָלץ און ווי מיד מען באַגעגנט דעם אָוונט.
צום סוף, ווען מען פֿירט שוין די תבואה אַראָפּ...
דאָס פֿעלד ווערט שוין ליידיק — דאָך פֿול ווערט דער שייער,
די אַרבעט זי מאַטערט, און מוטיקט, און פֿרייט...
אַוועק ווערט דער זומער — דאָך לאָזט ער וואָס איבער
פֿאַר די, וועלכע האָבן די פֿעלדער פֿאַרזייט...

22

ביי אונדז אָבער גרייט מען זיך איצט צו אַ תענית,
מען זיצט און מען קלאָגט אַלטע קינות אויף דר׳ערד,
איך שטיי דאָ מיט וואַנדען ביים שול, ביי דעם פֿענצטער...
זי שווייגט, עפּעס האָט זי זיך מאָדנע פֿאַרקלערט.
צי לעבט אויך אין דיר אונדזער אייביקע בענקשאַפֿט?
צי פֿאַנגט דיך דער צער פֿון דער נאַכט אַזוי גיך?
צי איז דיר כאָטש איצטער פֿאַרשטענדלעך מיין טרויער:
מיין פֿאָלק האָט פֿאַרלוירן דאָס גלויבן אין זיך...
וואָס טראַכסטו, פֿאַרפֿרעמדטע, צי שפּאָטסטו פֿון גלות?
צי פֿילסטו זיי מיט, די געבויגענע קנעכט?
צי טרוימסטו אויף ס׳ניי דיינע שיינע חלומות
אַזוי, ווי אין אַנדערע ליכטיקע נעכט?

23

כאָטש שיין איז דער אָוונט, כאָטש דו ביסט באַהנטער
ווי שטענדיק... נאָר מיר איז איצט אומעטיק, שווער,
ווייל טיף איז דער אָפּגרונט, ווו איך בין פֿאַרוואָרפֿן,
איך זע פֿון גאָטס ליכט בלויז אַן אָפּגלאַנץ — נישט מער...
צי וואָס האָסטו, גאָט, מיר געגעבן מיין בענקשאַפֿט?
צו וואָס איז דער פֿאַקעל, וואָס ברענט אַזוי שוואַך?
איך וועל דאָך דעם אָפּגרונט מיט אים נישט באַלויכטן,
איך הער דאָ בלויז זיפֿצן און קללות אַ סך...
איך קאָן זיי ניט העלפֿן, איך קאָן דאָ ניט שטרייטן;
ניטאָ דאָ אין גלות קיין שלאַכט־פֿעלד, ניטאָ.
קיין קרבן ניטאָ און ניטאָ קיין מזבח,
ס׳פֿעלט גלויבן און שטאָלץ אין דער ביטערער שעה...

24

פאַראַן דאָ אין קאָזשימיעזש אַן איינזאַמער קבר,
אַ שטיינערנע פּליטע פאַרצייכנט דעם אָרט:
„דאָ איז ער געפאַלן, דאָ ליגט ער באַגראָבן",
און שטיל איז, מער זאָגט די מצבה קיין וואָרט.
נאָר וואַנדאַ דערציילט מיר דעם סוד פון דעם קבר:
מען האָט דאָ געשריטן אַמאָל אויפן פעלד;
זי רופט מיר אַן נעמען פון קעמפער פיל פרעמדע
און שיט אויס מיט בלומען דעם קבר פון העלד.
איך קני דאַן געדאַנקלעך מיט גרויס דרך־ארץ
פאַר דעם, וועלכער האָט דאָ געפונען זיין רו...
— „נאָר, וואַנדאַ, וואָס ווייסטו פון אונדזערע קברים?"
זי שטייט אַ פאַרטרוימטע און הערט מיך ניט צו...

25

כ'וועל בעסער פאַרבאָרגן אין האַרצן מיין וויטאָג
און זוכן אין וואַנדעס אַ שמייכל מיין גליק.
עס בליען שוין מאַלוועס, ווי דאָרפישע מיידלעך,
וואָס גייען פאַרפּוצטע פון יאַרמאַרק צוריק.
עס ווערן שוין רויטער און שוואַרצער די קאַרשן,
עס פאַלט שוין אַ באַרנע האַלב־צייטיק פון בוים
און יידישער דלות האָט נייע פרנסות:
מען לעבט אין די סעדער — אַ ביליקע היים...
פאַררוקט אין אַביידל, אַזוי ווי ציגאַנער,
מיט קינדער, וואָס לויפן האַלב־נאַקעט אַרום,
די מאַמעס, זיי שעלטן און קושן די קינדער,
זיי קלאָגן און האַנדלען, און שווערן זיך פרום.

26

ט'אַזוי, ניט געזעט, ניט געריצט די געדאַנקען,
אָט אַזוי, ווי די נאַכט, זיי רויק און טרוים;
מיין בענקשאַפט פאַרשווינדט אין דיין קינדערשן שמייכל,
אַזוי, ווי אַ שטיין ווערט פאַרשווינדן אין תהום.
איך ווייס ניט דאָס גליק פון טריומפירנדן זיגער,

איך ווייס ניט דאָס גליק פון די הערשער אויף דר׳ערד, —
מיין גליק איז די שטילקייט, דאָס שמערצלאָזע שוויגן,
מיין גליק איז ביינאַכט בלויז מיט דיר באַשערט...
כ׳וואָלט וועלן פאַרהאַלטן אויף אייביק די רגע,
פאַרזיגלען אין האַרצן אויף שפּעטער, אויף לאַנג...
נאָר ס׳ווערן שוין בלייכער און בלייכער די שטערן,
עס נאָגט שוין מיין ברוסט, עפּעס טוט מיר שוין באַנג...

27

עס ציען זיך מאַטאָווע טעג... לייכטע וואָלקנס
פאַרדעקן די זון אין די דאָזיקע טעג:
עס פאַלט ניט קיין רעגן, מען הערט ניט קיין דונער,
אַ שאָטן אַ קילער פאַרשפּרייט יעדן וועג...
דער גאָרטן זעט איצטער אין שאָטן אויס גרינער,
די דופטן פון בלומען פאַרהאַלטן מיך אָפּט,
עס טראַכט זיך גאָר ווייניק, עס לעבט זיך געלאַסן,
די ליידנשאַפט מיינע זי רוט איצט און שלאָפט...
און וואַנדאַס געלעכטער קלינגט שוואַכער, ווי שטענדיק,



חורבות הטירה — די רוּינען פון שלאָס

זי צאַפּלט ניט איצט, ווען איך נעם זי אַרום...
ווער ווייס, וואָס דאָס איז? ווער פאַרשטייט אַזאַ שטילקייט?
די טעג זענען רויק, דאָס האַרץ מיינס איז שטוב...

28

נאָר גיך פאַלט אַרונטער פון הימל דער שלייער,
די זון זי צעלאַכט זיך מיט שטראַלן און ליכט,
אַזוי, ווי אַ הערשער אַ שטאַרקער, אַ שטאָלצער,
וואָס קומט און באַזיגט און באַפרייט אומגעריכט...
די מענטשן, די פייגלעך באַוועגן זיך שנעלער,
און וואַנדאַ פאַרהאַלט מיך אין גאָרטן און לאַכט...
ביז אַנמאַכט פאַרשיכור איך זיך מיט מיין קושן,
זי רייסט זיך אַרויס און פאַרשווינדט ווו ביז נאַכט;
דו ווערסט ניט אַוועקגיין, דו ווערסט ניט אַנטלויפן!
עס ברענט אין אונדזביידן איין פייער, איין פלאַם...
צי ווילסטו פון זומער מיר מאַכן אַ גיהנום?
צי ווילסטו פאַרוואַנדלען די בלומען אין סם?

29

דער ווייסל גלאַנצט ניי, ווי אַ שווערד אַ געשאַרפטע,
און שפּיגלט אין זיך די רוינען פון באַרג,
איצט לעבט אַלץ, וויל אַלץ איז באַגאָסן מיט שטראַלן...
גאָט פילט זיך היינט לוסטיק, די זון איז ניט קאַרג...
מען באָדט זיך... עס הילכן געלעכטערס פון קינדער,
עס שפּריצן די וועלן מיט זילבערנעם שוים,
די פויגלעך פון ברעג ווערן אַלע פאַרשווינדן,
די פישלעך אין וואַסער באַהאַלטן זיך קוים,
די שטיפערס זיי יאָגן נאָך איינער דעם צווייטן,
עס רייצט זיי, עס פרייט זיי דאָס לוסטיקע שפּיל...
אָפּט ווערט פון זיי איינער אין וואַסער פאַרשווינדן,
דאָ בלייבן זיי אַלע צעשראָקן און שטיל.

30

דאָך באַלד שוין דערהערט זיך אַ קוויטש, אַ געלעכטער —
די וועלן צעהוליען זיך ווילד אויף דאָס ניי.

עס באַווייזט זיך אַ קאָפּ און אַ ראַזאָווער קערפּער,
צווייַ הענט, ווי צוויי פליגל, באַוועגן זיך פריי.
עס קומען די טאַטעס, די שטרענגע, די שטילע,
און טוען געלאָסן זיך אויס אויפן ברעג,
זיי שפּרייזן אין וואַסער און ווערן באַלד פריילעך
און לאָזן זיך אויך מיט די שטיפערס אַוועק.
עס צאַפּלען זיך קערפּערס אין זילבערנע וועלן
פון יענער זייט ווייסל דערגרייכט אַ געשריי:
דאָרט טאָר מען נישט קוקן, דאָרט באָדן זיך מיידלעך,
די זון, בלויז די זון מעג זיך שפּילן מיט זיי.

31

איך שטיי דאָ ביים גאָרטן פאַרטריבן, באַליידיקט;
איך רוף זי, זי קומט ניט, איך גיי ניט צו איר.
זי זינגט דאָרט פאַר װעמען, זי לאַכט פון דער ווייטן,
עס דוכט מיר, דאָס לאַכט זי און חוזקט פון מיר...
ווו לויפט מען אַוועק פון דעם גליענדן גיהנום?
ווי טויט מען דעם ווייטאָג? מיט וואָס פאַר אַ שווערד?
עס פינקלען די שטערן, ווי שטענדיק, ווי שטענדיק,
עס פאַלט שטום די שטילקייט פון הימל אויף דר׳ערד.
עס שלעפּן די פיס פון געסל צו געסל,
מיין שאָטן לויפט פאָרויערטס און טאַנצט אויף די ווענט,
איך מורמל אַ הספּד און ווערג זיך מיט טרערן;
די שול איז באַלויכטן: אַ יאָרצייט־ליכט ברענט...

32

זי גייט מיט אַ פרעמדן... איך קאָן אים פון פריער,
זי האָט שוין ניט איינמאָל זיין נאָמען דערמאָנט.
כ׳האָב גאָרניט געדעכנט, כ׳האָב גאָרניט פאַרשטאַנען —
זי איז דאָך מיט מיר דאַן געווען אַזוי נאָנט...
אַ קוואַל ווערט אַמאָל אַזוי האַסטיק פאַרשוווינדן,
אַ פויגל אַ פלינקער אַנטלויפט אַזוי גיך,
אַזוי, ווי מיין חלום איז פּלוצלינג געשטאָרבן, —
איך טראָג איצט אַ פּוסטקייט אַ גרויסע אין זיך...

דאָס אַלץ, וואָס האָט נעכטן געררייצט און געצויבערט,
איז היינט אַזוי נישטיק, פאַרטרויערט און גראָ;
די הענט, וועלכע האָבן צו גאָט זיך געהויבן,
זיי פאַלן אַראָפּ איצט... קיין לוסט איז ניטאָ...

33

אַ פרעמדער, אַ פרעמדער... פון די, וועלכע האַסן
און שפּאָטן פון אונדזער פאַרוואָגלטן דור,
דערפאַר איז מיין שמערץ און מיין אייפערזוכט דאָפּלט...
זיי גייען און לאַכן — אַ גליקלעכע פּאָר...
זי שפּרייזט און עס לויפן איר נאָך אַלע שטראַלן,
זיי זאַמלען צענויף זיך ביי איר אויפן קאָפּ,
זיי קושן און גלעטן די גאָלדענע לאָקן,
די ברעמען, וואָס פאַלן פון מידקייט אַראָפּ.
מיך האָט זי פאַרגעסן אינגאַנצן, אויף שטענדיק;
זי וועט שוין ניט קומען, איך ווייס עס גאַנץ גוט,
איך וויל בלויז געפינען מיין גלייכגעוויכט ווידער,
איך וויל בלויז פאַרלעשן מייז צאָרן, מיין ווּט...

34

אָ, יידישע טעכטער, איר בלומען פון גלות!
אַ סוד איז פאַר מיר אייער אייביקער חן:
איר בליט אין אַ וויסטן פאַרעלנטן גאָרטן —
אויף דערנער, אויף שטיינער... איר בליט אַזוי שיין.
די פרעמדע זיי מאַכן אַלץ וויסטער דעם גאָרטן,
זיי רויבן אַוועק אונדזער שטאָלץ, אונדזער גליק.
פאַר אייך אָבער קניען זיי, יידישע טעכטער,
ניט שענקט זיי, ניט שענקט אייער ערלעכן בליק.
ניט שענקט זיי קיין ליבע פאַר דורות יסורים, —
מיר ליידן, ווער וועט אונדז באַלאָדן מיט מוט?
ווער וועט אונדז דאַן טרייסטן און האָפענונג געבן?
אַך, דאַן, ווען עס קומט די דערוואַכונגס־מינוט...

35

עס האָבן פיל טרוימער צו דיר שוין גערופן,
אַלמעכטיקער הערשער! צי הערסטו כאָטש ווען?

עס האָבן נביאים אין מדבר געבלאָנדזשעט,
געקניט און געבעטן: אַ נס זאָל געשען...
אָבער גרויס, אַ, צו גרויס ז׳דער אייביקער ווונדער,
דאָס שטענדיקע לײדן, דאָס לעבן פון קנעכט...
דו שווייגסט, און מיין פאָלק איז געוווינט צו דיין שווייגן,
עס לײדט, עס שטאָלצירט און עס פילט זיך גערעכט.
נאָר מיר איז דאָ פינצטער אין גלות אין אַלטן,
אַך! מיר איז דאָ ענג, צווישן אייגענע ענג...
רבונו של עולם! גיב כוח, גיב פליגל,
אַ וועג ווייז מיר אָן און אַ האָפענונג ברענג.

36

כ׳גיי ווידער אַליין אין די רויקע טאָלן
אַזוי, ווי אַן אָבל, וואָס רעדט ניט קיין וואָרט...
די אייפערזוכט טאַנצט נאָך מיט מיר. נאָר איר ווילדקייט
באַגלייט מיך שוין איצט ניט אויף יעטווידער אָרט:
ס׳וועט קומען, ס וועט מוזן די רויקייט קומען;
דער זומער, ער גייט שוין דערווײלע אַוועק:
עס בלאָזט שוין פאַרנאַכט אַ ווינטל אַ קילער,
עס ליגט נאָך דאָס לעצט ביסל היי אויפן וועג,
עס בליען די אַסטרעס, די דופּלטאָזע בלומען,
מיט בונטע קאָלירן, וואָס רייצן פון וויט —
די לעצטע מתנה פון שפּעטיקן זומער,
עס בעטן די עפּל פון בוים זיך... שוין צייט!

37

און וואַנדאַ מיין שכנה... אין אונטערשטן גאָרן
איז עפּעס אַ טומל, איך הער אַ געשריי:
— דער טאַטע, דער חסיד, איז פּלוצלינג געקומען
ער פרעגט אויף זיין טאָכטער און חלשט פון וויי...
זיי זענען פאַרשווינדן, זיין קינד מיטן פרעמדן,
אַזוי, ווי צוויי פויגלעך, וואָס בייטן דעם נעסט.
איר צימער איז לײדיק, דער גאָרטן איז לײדיק...
עס כאַפּט מיך אַ בענקשאַפט און שטיקט אַזוי פעסט...
געשווינד אויף די פעלדער, געשווינד צו דער שטילקייט —

דאָרט טויט איך מיין בענקשאַפט און שמיד מיין פאַרלאַנג;
צעשטערט האָט אַ דונער מיין שלאָס אויף די וואָלקנס,
פאַרסמט האָט דער זומער מיין זעלע אויף לאַנג...

38

פאַראַן דאָ אַן אוהלביים אַלטן בית־עולם,
אַ קליינע געביידע פון שטיינער און האָלץ;
דאָרט ברענט אַ נר־תמיד שוין עטלעכע דורות,
עס ברענט אַזוי רויק באַהאַלטן און שטאָלץ...
דאָרט ליגן באַגראָבן צוויי גרויסע צדיקים,
די קברים מיט קוויטלעך פאַרשאָטן, פאַרדעקט.
די קוויטלעך דערציילן פון טויזנטער צרות,
און אַנדערע זענען פון טרערן פאַרמעקט...
דאָרט זיצט איצט דער חסיד, דעם קאָפּ אויפן קבר,
די אויגן פאַרוויינטע און הילפלאָז דער בליק...
ער בעט ביי די טויטע, זיי זאָלן אים העלפן,
זיין טאָכטער, די שיינע, זאָל קומען צוריק...

39

ער בעט ביי די טויטע, און איך ביי דער שטילקייט,
מיר בלייבן דאָך ביידע אָן טרייסט און אָן פרייד.
און יענער, דער פרעמדער, איז גליקלעך מיט וואַנדען!
געגנוג שוין צו קלאָגן, דער הימל ווערט רויט...
עס קומט אָן די שעה, ווען עס ווילט זיך מיר שוויגן,
די שעה, ווען מיין בליק איז צו מערב געווענדעט.
עס ווילט זיך מיר קניען פון שרעק און אַנטציקונג,
עס הויבן צום הימל אַליין זיך די הענט...
דאָך טונקעלער ווערן די וואָלקנס, די ביימער,
און עלנטער פיל איך זיך איצט אויף דער ערד.
אַ פלעדערמויז פליט איבער מיר יעדע ווייל.
וואָס וויל זי? מיין גליק איז פון לאַנג שוין צעשטערט.

40

פאַרשלייערט אין וואָלקנס גייט־אויף די לבנה,
באַהאַלט זיך און קוקט באַלד אַרויס, ווי אַ לץ...

אָפּט ווייזן זיך שטערן, ווי פּישעלעך קליינע,
וואָס זיפּן זיך דורך אַזוי פלינק דורכן נעץ...
אָ, וואָלקנס, פאַרשווינדט ווו, זאָל ריין זיין דער הימל!
זאָל איצט יעדער שטערן באַווייזן זיין פּראַכט!
איך ענדיק מיין דאַוונען! איך וויל מיין פאַרצווייפלונג
פאַרוויגן געלאַסן אין שויס פון דער נאַכט...
איך וויל, אַז מיין תפילה זאָל עמעץ דערהערן,
און עמעץ זאָל טרייסטן. איך שווייג לאַנג און וואַרט...

41

אַ סוף שוין צום זומער, דער גאָרטן איז ליידיק,
די בלעטער זיי ווערן שוין רויטלעך און געל;
אַרום איז פּוסטקייט, נישטאָ קיין פאַרלאַנגען,
דעם שכנס קליין־קעצעלע שפּרינגט אויף מיין שוועל...
עס וויגט זיך, עס שפּילט זיך אַ שטראַל אויף מיין פענצטער,
ווי עמעץ וואָלט שרייבן מיט גאָלדענע טינט.
עס גלעט מיך די זון, ווי מיט וואַרעמע פינגער,
און שלעפערט מיך איין אַזוי לייכט און געשווינד...
איך חלום אין שלאָף: איך שפּיר עפּעס ווען,
עס דריקט זיך, עס טוליעט זיך ווער צו מיר טריי,
עס רעדט מיר ווער טייערע, צערטלעכע ווערטער,
ס׳איז פרילינג, עס בליען אַקאַציעס אין מאַי...

42

איך עפן די אויגן — איין וואַנט איז אין שאָטן,
די צווייטע באַגאָסן אינגאַנצן אין שיין,
און וואַנדאָס קליין־בילדל איז אויכעט אין שטראַלן,
דאָך וואַנדאַ אַליין וועט שוין מער דאָ ניט זיין...
דער האַרבסט איז דער אייביקער קבר פון זומער,
ווי שיין אָבער שטאַרבן די עלנטע טעג!
עס רייצט דער בערבעריס, ווי פּאַטשערקעס רויטע,
און קאַלינעס רויטע באַפּוצן דעם וועג...
עס וואַרעמט די זון נאָך ווען אויס אַ פּאָר בלומען,
וואָס ווערן פאַרפרוירן, פאַרגליווערט ביינאַכט,

עס פליט נאָך אַ שמעטערלינג ווען אין פיל פאַרבן,
און פאַלט אויף אַ צווייגל אַראָפּ באַלד פאַרשמאַכט...

43

און זילבערנע שפּינוועבס, ווייס־זײַדענע פעדעם,
באַוועגן זיך לאַנגזאַם אין בלאָלעכן רוים,
ווי מײַנע געדאַנקען, די רויקע, פוילע,
וואָס וויגן זיך איין אין דעם רויש פון אַ בוים...
און אויב עס דערוואַכט נאָך אין האַרצן מײַן חלום,
דאַן פליט ער געשווינד, ווי אַ פויגל אַרויס.
אין גאָרטן צעטראָגט זיך אַן ערדישער ריח,
דאָס גראָבט מען די לעצטע קאַרטאָפל אַרויס.
די נעכט זענען שוואַרצע מיט גלאַנציקע שטערן,
וואָס פאַלן כסדר פון הימל אויף דר׳ערד,
אַזוי, ווי זיי וואָלטן אונדז ראַטעווען וועלן
פון אייביקן חושך, וואָס אונדז איז באַשערט...

44

און איינמאָל דערהער איך אַ שופר פון ווייטן:
עס ציטערט אין פײַכטן פרימאָרגן די לופט.
איך שפּרינג אַ דערפרייטער אַראָפּ פון געלעגער:
עס קומט די דערלייזונג, מען רופט שוין, מען רופט...
וואָס נענטער צום שטעטל — אַלץ קלענער מײַן שמחה...
דער מאַרק איז, ווי שטענדיק, מיט הענדלערקעס פול;
עס שטאַרבט דאָ אין טומל דאָס שאַלן פון שופר,
איך שטיי ביי דער אַלטער געבויגענער שול...
שוין אלול... דאָך פרעמד איז מיר איצטער זייער תפילה,
איך וויל ניט אַרײַנגיין און קאָן ניט אַוועק, —
די תפילה פון די, וועלכע גיבן זיך אונטער,
זי ברענגט מיר בלויז טרויער און פּיין אָן אַ צוועק...

45

אַך, גאָט. ווען ביי אונדז וואָלטן זיין ברייטע ימען,
דאַן וואָלט איך אין שטורעם מײַן בענקשאַפט דערשטיקט,
אַליין אויף מײַן שיפל, אַליין מיט דער פרייהייט;

כ׳וואָלט צום ענדלאָזן הימל מיין ברכה געשיקט...
ווען ביי אונדז וואָלטן זיין הויכע בערג, ווילדע פעלדזן,
וואָס שניידן די וואָלקנס אַדורך, ווי אַ שפּיז,
געקלעטערט מיט מוט וואָלט איך דאַן צו דער הויכקייט,
געלעגן וואָלט דאַן מיר דער טאָל צו די פיס...
געציילטע בלויז וואַרפן דעם טאָל מיט זיין טומל
און קלעטערן שטאָלץ אויף די בערג צו דער זון,
געהערט האָב איך ווען פון דעם איינזאַמקייט־יום־טוב —
ניט אַלע פאַרשטייען און טרוימען דערפון...

46

ביי אונדז אָבער פאַליען דאָ זומפּיקע טייכן,
ביי וועלכע מיר ווייגען זיך אויס יעדעס יאָר,
פון תשליך צו תשליך... פיל טייכן מיט טרערן
עס ווערן פאַרגאָסן ביים עלנטן דור...
די בערג זענען קליינע ביי אונדז און אַלץ פרעמדע,
מיר זענען, ווי קנעכט דאָ פאַרשלאָסן אין טאָל...
דאָך, קאָזשימיעזש!... אַלט־קאָזשימיעזש! דיך וועל איך געדענקען,
דו האָסט מיך געפרייט און געפּייניקט פיל מאָל...
עס שוועבן פאַר מיר דיינע אַלטע רוינען,
די קאָזעס, וואָס דראַפּען זיך שווער אויפן באַרג,
דער קלויסטער, וואָס שטייט אויבן־אָן אויף אַ בערגל,
די גרויסע פיל־קאַנטיקע הייזער אין מאַרק.

47

עס שוועבן פאַר מיר דיינע הענדלער — די יידן;
געבויגענע רוקנס, צעפּלאָנטערטע בערד,
די יידישע מאַמעס, וואָס וואַשן ביים ווייסל,
די פּנימער דאַר און שוואַרץ־גרוי, ווי די ערד...
די באָרוועסע יינגלעך מיט כשרע ציצית,
מיט אויגן פון מזרח... אַך! אויגן פול חן!
עס שוועבן פאַר מיר דיינע כלות די פרומע,
די חופּהס ביים שול, ביי אַ שטילן געווין;
דער אַלטער „פּזשעוואָזשניק״, וואָס דאַווענט ביים ווייסל,

וואָס רעדט ניט מיט קיינעם פון שטאָלץ, צי פון כעס...
זיין אויסזען דערמאָנט מיר דעם כהן־הגדול,
זיין עלטער איז שיין, און זיין פּנים איז בלאַס.

48

עס לויפן די פערדלעך גאַנץ פריילעך און לוסטיק,
דער וועג איז מיט שיינע לאַנדשאַפטן דאָ רייך:
פון איין זייט די בערגלעך, ווי טרעפּלעך צום הימל,
פון צווייטן — די פלאַכיקע פעלדער ביים טייך.
אַדיע, מיין באַצויבערטע אָרעמע שטעטל,
איך פאָר אין די ענגע פאַרויכערטע שטאָט;
דאָרט לעבן פיל גרעסערע הענדלערס, ווי דיינע,
דאָרט האָט מען איינגאַנצן פאַרגעסן אָן גאָט...
דאָרט פיל איך זיך פרעמדער, ווי דאָ אין דער שטילקייט...
עס זעגנט מיט מיר זיך אויף לאַנג די נאַטור,
מיין פורמאַן זעט אויס מיט זיין באָרד, ווי אַ למדן,
און שלאָפט, ווי אַ פויער, און כראָפּעט אין פור...

49

עס גיט זיך מיר איבער זיין שלאָפן... איך דרימל,
איך וויג זיך אַליין שוין אין וואָגן און טרוים:
עס גייט עפּעס וועך אויפן וועג מיר אַנטקעגן,
עס נעמט אָן אַ מיידל די פערד פאַרן צוים...
געזען האָב איך ערגעץ די גרוי־בלויע אויגן,
די גאָלדענע האָר, וואָס צעפאַלן אויף איר.
איר שמייכל האָט פיל מאָל מיין טרויער פאַרטריבן;
אָט שטרעקט זי שוין ווידער די אָרעמס צו מיר...
נאָר פּלוצלינג פאַרשווינדט אַלץ — די פור גיט אַ טרייסל,
איך עפן די אויגן און ציטער פון שרעק...
דער פורמאַן איז אויכעט שוין אויף, און מיר זעען —
אַ צ ל ם אַ גרויסער פאַרצוימט אונדז דעם וועג...

50

ער שלאָפט שוין ניט מערער, דער פורמאַן דער אַלטער,
ער לאָזט שוין די פערד ניט אַראָפּ פון שאָסיי.

דער וועג איז פאַררינגלט מיט אוראַלטע בוימער,
מיט הונדערטער נעסטן פון קראָען אויף זיי...
עס קראַקען די קראָען, עס קומט אָן דער אָוונט,
אַ האַלבע לבנה באַווייזט זיך אין רוים,
אַ באָרוועסער ייד מיט אַ זאַק אויפן פלייצע
שפּרייזט לאַנגזאַם און חלומט פון רו אין זיין היים.
און מיך זאָל באַגלייטן דער רויקער שטערן,
דער שטערן, וואָס ווייזט זיך דער ערשטער פאַרנאַכט.
איך הער שוין דאָס פייפן פון צוג פון דערווייטן —
ווו רופט מיר דער טומל ? ווו פירט מיר די נאַכט ?



מן הנוף הקוזמיראי — משמאל לימין, למעלה : המגדל, הטירה, הכנסיה
(ציור של פרופ' סקוצ'לאס)

פון דער קוזמירער פּאַנאָראַמע — פון לינקס אויף רעכטס, אויבן : די באַשטע, דער שלאָס,
דער קלויסטער. צייכענונג פון פּראָפ' סקאָטשילאַס

## דעם שוחטס טאָכטער

(באַלאַדע)

דאָס האָבן קינדער אין שטעטל דערציילט

1

שיין איז רייזעלע דעם שוחטס,
האָט אַ יונגעס האַרץ אָן זאָרגן,
זינגט און פרייט זיך מיטן לעבן,
ווי אַ שוואַלב מיט דעם פרימאָרגן.
עס באַקרוינען איר די לאָקן,
פול מיט חן זענען די אויגן,
און אַ שטאָלצע איז זי שטענדיק,
ווייל פאַר קיינעם זיך ניט בויגן.
שיין איז רייזעלע דעם שוחטס
עס באַוווּנדערן זי אַלע, —
ניט איין מאַמע ווער זיך ווינטשן,
זי זאָל זיין איר זונס אַ כלה...
נאָר דער שוחט איז אַ פרומער
און דערצו אַ גרויסער כעסן:
ווען זיין טאָכטער קעמט די לאָקן,
הויבט ער אָן די ליפּן בייסן.
עס פאַרדריסן אים די לידער,
וואָס זי זינגט בעתן קעמען,
עס פאַרדריסט אים איר געלעכטער...
און ער קריגט זיך מיט דער מאַמען,
ווייל די מאַמע האַלט מיט רייזלען:
— דו צעלאָזט זי עס אינגאַנצן!...
רייזל אָבער ווייס קיין זאָרג ניט:
זי וויל זינגען, זי וויל טאַנצן.
איז דער שוחט פול מיט מורא,
ווען זיין טאָכטער גייט שפּאַצירן:

ער איז זיכער, אַז דער שטן,
וועט זי סוף־כל־סוף פאַרפירן...

2

יעדעס בלימל האָט זיין פרילינג!...
רייזל וואַקסט דערווייל מער אונטער;
ס׳גיסן רעגנס, ס׳בלאָזן ווינטן, —
זי איז שטענדיק פריי און מונטער.
אָפטמאָל קומט זי צו דער מאַמען
און פאַרטרויט אַ סוד אַ זיסן,
און די מאַמע בעט מיט פּחד:
— זאָל דער טאַטע כאָטש ניט וויסן!
און דער טאַטע וויס נאָך גאַרנישט;
נאָר אין קאַזשימיעזש וויסן אַלע:
רייזל גייט אַרום מיט מאָטלען
און זי הייסט שוין „מאָטלס כלה".

3

מאָטל איז אַ ווילער בחור
און אַ שטיפער ניט קיין קליינער:
אַז ער שווימט ווען אויפן ווייסל,
איבעריאָגן קאָן אים קיינער.
זומער דינגט ער מיט זיין טאַטן
ביי דעם פּריץ גרויסע סעדער,
ווינטער לעבט ער פון מזומן
און מקנא איז אים יעדער...
רייזל קומט צו אים אין גאָרטן,
ווו זי העלפט אים זיין אַ שומר:
וויפל קושן זי באַקומט דאָן,
וויסן בלויז די שטומע בוימער...

4

און דער שוחט איז פאַרנומען:
רייזל ליגט אים שטאַרק אין זינען,

זוכט ער אַלץ פֿאַר איר אַ חתן,
און ער האָלט שוין ביים געפֿינען...
און דער שוחט איז צופֿרידן
תקיעת־כּף האָט ער געשלאָסן;
רופֿט ער רייזלען און דערציילט איר,
אַז ער האָט פֿאַר איר אַ חתן...
רייזל שווייגט... איר האַרץ האָט דעמאָלט
זיך צום ערשטן מאָל דערשראָקן,
נאָר זי האָט עס באַלד פֿאַרגעסן,
און זי קעמט אויף ס'ניי די לאָקן...
פֿרום און ערלעך איז דער חתן,
און אַ רב איז דער מחותן.
נאָר עס העלפֿן ניט טענות, —
ניט מיט בייזן, ניט מיט גוטן...
יעדן טאָג די זעלבע פּײַנען,
יעדן טאָג די זעלבע ווערטער!
רייזל רופֿט אָן מאָטלס נאָמען, —
ער וועט בלייבן איר באַשערטער...
נאָר דער שוחט איז אַ פֿרומער
און דערצו אַ גרויסער כּעסן;
ווען זיין טאָכטער רעדט מיט מאָטלען,
הויבט ער אָן די ליפּן בייסן.

5

מאָטל לעבט דערווייל אין גאָרטן,
גייט אַרום דאָרט, ווי אַ שטומער;
עפּעס שרעקן אים די ווינטן
אין די לעצטע טעג פֿון זומער.
נאָר ווען פּלוצלינג קומט אָן רייזל,
ווערט ער פֿריילעכער און פֿרייער;
וואָס זיי ליידן מערער ביידע,
לעבן זיי זיך אַלץ געטרייער...
זי דערציילט אים פֿון די צרות,
וואָס זי האָט אין שטוב ביים טאַטן,

זי דערציילט אים פון די שכנות,
וועלכע הייסן איר און ראַטן:
זי זאָל מאַטלען שוין פאַרגעסן,
זי זאָל מאַטלען מער ניט ליבן,
נאָר זי וועט זיי שטענדיק טרייבן,
ווי זי האָט זי היינט פאַרטריבן...

6

אין אַן אלול־נאַכט אַ ווייסע
איז זי שפּעט אַהיים געלאָפן, —
זאָל דער טאַטע ניט דערהערן,
ווען זי וועט זיך לייגן שלאָפן.
זאָל דער טאַטע ניט דערהערן:
דאָפּלט־גרויס איז היינט זיין צאָרן, —
אין די סליחות־טעג די לעצטע
איז ער בייז אַזוי געוואָרן...
שאַ! די טיר איז שוין געעפנט,
איצטער קאָן זי זיך שוין לייגן;
שעפּטשעט קריאת־שמע און אין איר שעפּטשען
שוועבט איר מאָטל פאַר די אויגן...

7

ניט געשלאָפן איז דער שוחט,
ווען זי האָט די טיר פאַרשלאָסן,
נאָר געטראַכט האָט ער, געטראַכט אַלץ,
פון דעם אָפּגעזאָגטן חתן;
פון דעם יחסנדיקן חתן,
וואָס די חצופה האָט פאַרטריבן,
צוליב וועמען? צוליב מאָטלען...
אַזאַ פּראָסטן יונג צו ליבן!...
וויפל טרויער און בזיונות
דאָס פאַרשאַפט שוין זיין נשמה!...
און דער שוחט קען נישט שלאָפן
און דער שוחט דורשט נקמה...

„זי וועט ווערן מאַטלס כלה,
ווען איך וועל שוין מער נישט לעבן;
דאָך דערווייל נאָך בין איך טאַטע,
און זי מוז זיך אונטערגעבן״...
ווי אַ פאַרזיכטיקער גנב
איז דער שוחט צוגעגאַנגען
צו איר בעטל, ווו די לאָקן
זענען פריי אַראָפּגעהאָנגען.

8

די לבנה האָט באַלויכטן
יעדעס ווינקעלע אין צימער, —
עפּנט רייזל אויף די אויגן
און באַמערקט עפּעס אַ שימער...

. . . . . . . . . .

אַ געשריי האָט זי געגעבן
און איז ווידער שטיל געוואָרן,
אירע לאַנגע שיינע לאָקן
האָט דער טאַטע אָפּגעשאָרן...

9

וואָס געטראַכט די נאַכט האָט רייזל,
איז פאַר אַלעמען פאַרבאָרגן,
נאָר דאָס שטעטל האָט געטומלט
און געטרויערט פון פרימאָרגן:
ווו איז רייזל?... אויף איר בעטל
ליגן בלויז די שיינע לאָקן...
ווו איז רייזל? איר פאַרשווינדן
האָט איצט אַלעמען דערשראָקן...
ביי דער ווייסל האָבן פישער
זי באַגעגנט גאָר באַגינען;
נאָר מען זוכט זי און מען רופט זי
און מען קאָן זי ניט געפינען.

10

רויק גיסן זיך די וועלן
פון דעם ווייסל פון דעם קאַלטן;
און זיי וועלן ניט דערציילן,
ווו ס'האָט רייזל זיך באַהאַלטן.
רייזל וווּנדערט זיך אין וואַסער,
וואָס דער עולם איז דערשראָקן,
זי וועט קומען... אָבער פריער
מוזן אָפּוואַקסן די לאָקן...

11

אין די בליילעכע פאַרטאָגן
ווען דער ברעג איז שטום פאַרלאָזן,
שווימט צו רייזל צו די זומפן
און זי רייסט אָן לאַנגע גראָזן;
פון די גראָזן פלעכט זי ווענטלעך,
און אַ פּאַלאַץ וועט זי מאַכן, —
וועט ער שענער זיין פון פריצס,
ווו מען הערט אַלץ זינגען, לאַכן...
זי וועט אָנקלויבן אין וואַסער
שיינע מושלעס, קליינע שטיינדלעך,
און אין צייכנס וועט זי שפּילן,
ווי אין שטוב אַמאָל מיט ביינדלעך...

12

פיל געשווינדער, ווי די כוואַליעס,
לויפן טעג אַוועק און וואָכן, —
שוין אַ סוף צום ווייסן ווינטער
ס'האָט דער אייז זיך שוין געבראָכן...
פייגלעך בויען נייע נעסטן,
וואַלד און פעלד איז ווידער אָפן...
רייזל חלומט שיינע טרוימען,
און פאַרברענגט די טעג אין שלאָפן.
דאָך ביינאַכט, ווען יעדער בערגל,

װערט מיט לבנה־זײל באַצויגן,
שווימט זי דאַן אַרויס פון וואַסער
און זי עפנט אויף די אויגן...
און זי ווערט אַזוי פאַרוווּנדערט,
וואָס די וועלט איז אַזאַ שטילע:
עס באַוועגט זיך ניט קיין כוואַליע
און קיין גרעזעלע אַפילו;
פון די הימלען פליען שטערן,
ווי שליחים אומבאַוווּסטע,
שטעלט אָן רייזל ביידע הויפנס,
נאָר די הויפנס בלייבן פוסטע...

13

און דאָרט ווייטער, ווייט פון קאַזשימיעזש
הויבט אין מזרח אָן צו טאָגן;
רייזל זעט די ערשטע שטראַלן
און זי ווערט דאַן שטאַרק פאַרטראָגן.
צי עס וואַקסן שוין די לאָקן,
נעמט זי טאַפּן מיט די פינגער;
און איר דאַכט זיך, אַז זיי וואַקסן,
ווערט איר דעמאָלט פיל גרינגער...
זי וועט וואַרטן... זי וועט שווייגן...
זי וועט איינשטילן דאָס בענקען;
זאָל די מאַמע נאָר געזונט זיין,
זאָל זי מאָטל נאָר געדענקען...

# די לעצטע בעלי־עגלות

קיין ברירה ניט געווען פאַר יידן בעלי־עגלות
גראַשינסקי האָט אַראָפּגעבראַכט פון וואַרשע אַ מאַשין
געשאָלטן האָט מען אים. נאָר קללות בלייבן קללות
און שנעלער ווי מיט פערד, איז צו פאָרן מיט בענזין.

געשאָלטן האָט מען שטאַרק, די אויסטראַכטער די דייטשן
און „פאָרד" זאָלן גיין אין דער ערד, דער רייכער פאַבריקאַנט.
אַן עולם איז געבליבן מיט גאָרנישט... מיט די בייטשן
און גיי און וויין און שטרעק צו מענטשן אויס די האַנט.

אַ פערדל שטייט ביי דעם, ביי יענעם, און ביים דריטן
עס פרעסט אומזיסט די היי... וואָס גייט עס אָן אַ פערד ?
דער וואָגן פאַסט אום זומער צוזאַמען מיטן שליטן
אַ יידישע פרנסה... אַריין איז עס אין דער ערד.

געזונטע פון אַמאָל מיט בערד, מיט ברייטע פּלייצעס,
יחסנים בעלי־עגלות, מבינים אויף אַ סוס...
ווי קעמפּער אָן אַ פּאָן, פורמאַנס אָן לייצעס
אין זומער־טעג מען זיצט פאַרוואָרפן פוס־אויף־פוס.

און דאָ אינמיטן מאַרק, דאָ שטייט דער נייער וואָגן
און כאַפּעט ווי אַן אָקס, און פייפט און בלאָזט.
ווען זלמן וואָלט געלעבט, ער וואָלט אַלץ צעטראָגן,
קיין סימן פון מאשין וואָלט ער דאָ נישט געלאָזט.

נאָר זלמן איז שוין טויט. דער ממזר האָט פאַרשטאַנען,
וואָס וואַרטן קאָן אַ פורמאַן אין די בייזע טעג.
עס וועט נישט זיין קיין יאַזדע, מען וועט שוין מער ניט שפּאַנען
דער זלמנקע באַנדיט, באַצייטנס זיך אַוועק...

קיין ברירה ניט געזוען, קיין ברעקעלע בטחון,
די רביצין אַפילו פֿאַרט אויף מיטן שד.
צעברעכן די מאַשין? מען האָט עס ניט צעבראָכן,
מען האָט געפּלאָפּלט בלויז. אָט גלאַט אַזוי גערעדט.

און וועווקע דער יונגאַטש, קיין פֿורמאַן נישט — אַ לאָרדל...
אין מיטן וואָך זיך אויסגעפּוצט... אַהער, אַהין
ער שפּרייזט און רעדט, ער האָט אַ פּלאַן אַ „פֿאָרדל",
פֿאַרקויפֿט די פֿערד, געקויפֿט בשותפֿות אַ מאַשין.

די יידן מיט די בערד, זיי מוזן זיך פֿאַרטיפֿן
ווי אַזוי דאָס ווערט געמאַכט? מען האָט אַ צייט געקלערט
און וועווקע האָט גערעדט, דאָס צינגעלע געשליפֿן,
האָט אָנגערעדט אַ וועלט, פֿאַרקויפֿט האָט מען די פֿערד.

קיין קאַזשימיעזש לויפֿן איצט דיינע פֿלינקע אויטאָבוסן.
גראַשינסקי האָט נאָר איינס, די יידן גאַנצע צוויי.
אַן אַנדער צייט געקומען מיט ווערטער שמועסן,
שוין נישט פֿון פֿערד, פֿון רעדער און היי —

מען רעדט שוין נישט פֿון פֿערד, בענזין און קילאָמעטער
צוויי שאָפֿערן עסן קעסט, און וועווקע אַרבעט שטאַרק.
ער שווינדלט מיט די קוויטלעך, דער ממזר קאָמבינאַטאָר
מען כאַפּט אים ביי די הענט, מען שלאָגט זיך אויפֿן מאַרק.

מען שלאָגט זיך און מען ציילט אַ זלאָטי נאָך אַ זלאָטי,
מען טיילט זיך מיטן געלט, נאָר ס'לעבן איז צעשטערט.
פֿאַראַן ביי די פֿורמאַנעס אַ שוויינינע חרטה
פֿאַריתומטע נשמות, עס בענקט זיך נאָך אַ פֿערד.

(יובל נומער „היינט", וואַרשע, 1928)

## „דאָרטן"

פּאָעמעס און לידער, אַרויסגעגעבן פון דער „צוקונפט" און ציקאָ־פאַרלאַג, ניו־יאָרק 1946. „צוקונפט"־פּרעמיע. ז"ז 160.

א.

אין קאָזשימיעזש ביים וועג צו טשערניאָווא
געגרינט האָט אַ שלאַנקע בעריאָזע...
אַ ווייסע, אַ שוויי־גיקע פּאַווע
האָט שיינקייט געוואָרפן אַן פּאָזע.
איך האָב זי באַגעגנט פיל יאָרן
און שטענדיק באַגריסט מיט מיין שווייגן,
אַ בוים איז אַריין אין זכרון,
אַ בוים מיט געקרויזלטע צווייגן.
אַ בוים מיט דעם גאַנצן אַרומעט
האָט לאַנגזאַם אין האַרץ אַריינגעדרונגען
מיט זון און מיט רעגן, מיט אומעט —
איך האָב עס אַ דור אויסגעזונגען.
דאָס איז דאָך אַ שטאַם פון די שטאַמען.
אַ בוים אויף דער ערד פון אַלט־פּוילן,
איך האָב אויך מיט דעם אַ צוזאַמען...
דערלויבט מיר, איך וועל אייך דערציילן...

(„אַ בוים אין פּוילן", ז' 5)

21.

שוין קאָזשימיעזש... דעם טורעם פאַרריסן
מיט רוקנס פון בערגלעך־זיגזאַגן,
אָט באַלד וועט מען נעמען באַגריסן
און שטעטל אַרויס וועט מיט פראַגן.
פון איינעם אַ פענצטער קוקט ניכע,
זי איז מיר באַחנט און געפעלן.

איך האָב דאָרטן פריינדשאַפט אויף זיכער
אויף אַלע אַלט־מאָדישע שוועלן...
דאָך איצטער, איך מוז זיך פאַרהאַלטן
און אויסלעשן האַרץ און זכרון...
ווו זענען די אַלע געשטאַלטן ?
און וואָס איז מיט יעדן געוואָרן ?
ווו וועווקעלע מיין באַלעגאָלע,
אַ יאָט פון די אמתע יאָטן...
געוואַלט, אַז איך זאָל אים באַצאָלן
מיט איינעם פון מיינע קראַוואַטן.
ווו משה דער ברייטער ? דער טרעגער...
גערעדט האָט ער ווייניק, בלויז וואָרקען ;
אַ מענטש באַדאַרף ברויט און געלעגער
„און גוט איז אַ פעקל מאַכאָרקע".

.22

ווי קאָן מען דעם צפון פאַרגלייכן
צו דרום צום הייסן און ווייטן ?
מען ליבט זיך אין בערג און אין טייכן,
מען ליבט די פאַרגאַנגענע צייטן
פאַר איינעם איז בראָדוויי דאָס שענסטע,
דעם צווייטן איז ציילאָן געפעלן,
דער דריטער באַזינגט פון זיין פענצטער,
ווי דאָנאַי צעגיסט זיינע וועלן,
עס קאָן ווער ניט לעבן אָן פראַנקרייך,
און איינעם איז אונגאַרן בייטיק...
אָך ! לאָזט מיט דער וועלט מיר... איך דאַנק אייך,
איך בענק נאָך מיין קאַזשימיעזש ביז ווייטיק,
איך האָב ניט געהאַט קיין פּאַלאַצן,
קיין סאַמעט, קיין זייד, גאָבעלינען,
ווער קען עס פאַרשטיין און דערשאַצן,
וואָס עמיצן שימערט אין זינען ?
איך בענק און איך וואָלט עס נאָר וועלן
צו זען מיינס אַ פּאַרקאַן, אַ ברעטל...

און באָבעס וואָס זיצן אויף שוועלן
אָ שבת פאַרנאַכט, אינעם שטעטל...

.23
איך ווייס ניט... ניט פריער, ניט איצטער,
וואָס דאָרטן געווען איז מער טייער ?
זאַבלודאָווער שול די געשניצטע,
צי ערגעץ אַ הילצערנער שייער ?
ישובניקעס־פאַכטער, די אַלע
פון דערפער און דערפלעך קליינע...
צי לאה, די ערשטע מיין כלה,
צי גאָר די אַנטאָשאַ די שיינע ?
די רוטע, די קלאַראַ־אַקטריסע,
און אפשר די בלאָנדע אַניעלאַ ?
איך ווייס ניט.. איך דאַרף עס ניט וויסן :
מיט טונקעלע אויגן, צי העלע ?
דאָך פול איבערפולט איז זכרון
מיט נעכטיקע פאַרבן און קלאַנגען...
געווען איז אַ יוגנט מיט יאָרן,
געווען איז אַ האַרץ מיט פאַרלאַנגען.
די קרובים וואָס זענען פאַרבליבן,
די קברים פון טאַטן און מאַמען..
געדענקען באַדאַרף מען און ליבן
דעם נעכטן מיט אַלעם צוזאַמען.

(„דאָרטן", ז' 54, 55, 56)

## גרוסן קיין קאַזשימיעזש

דבורהן, וואָס עלטערט זיך שוין אין געוועלבל,
סוכער, וואָס טרייבט פון די דערפער אַ קעלבל,
וועוועשען דעם פורמאַן, מיין בעסטן פאַרערער,
יאַנעק דעם שיכור, דעם גאַסן־פאַרקערער.

נוכעם דעם האָר פון די שיפלעךביים וואַסער,
אַבראַם־אַבראַמעק דעם גראַמען־פאַרפאַסער,
אַנטשען, וואָס שפרייזט אַזש קיין וואַרשע צופוסן —
אַלעמען, אַלעמען, שיק איך זיי גרוסן.

(„פליטים־לידער". ז' 142)

## וואָס איז מיר דערפון?

וואָס איז מיר דערפון, וואָס איך קאָן זיך דערמאָנען,
ווי דו האָסט דאָס לעבן געכאַפּט און געשלונגען...
אויף קאַזמערזשער פעלדער געצופּט רויטע מאָנען,
מיט נאַקעטער העזה אין ווייסל געשפּרונגען.

דער טאָל ווו מיר האָבן די גראָזן צעטראָטן,
דער טאָל וועט זיך בלייבן דער זעלבער, דער גרינער,
דער ווינט, וועלכער האָט דאַן די האָר דיר צעשאָטן,
ער טראָגט איצט דיין אַש אויף די פעלדער לובלינער.

(„קלאָרען מיין יזכור", ז' 149)



לייב ראשקין

# דער אַכזריותדיקער ווינטער אין קוזמיר

קאַפּיטל פונעם בוך „די מענטשן פון גאָדלבאָזשיץ" פונעם קוזמירער שרייבער און בוכהאַלטער פון דער אָרטיקער באַנק, שאול פרידמאַן. דער מחבר פונעם בוך, וועלכער האָט זיך באַנוצט מיטן פסעוודאָנים ראשקין, האָט אויך דער שטאָט זיינער, קוזמיר, „געטוישט" דעם נאָמען אויף גאָדלבאָזשיץ. אין ספר הייסט דאָס ווייטערדיקע קאַפּיטל „פאַר וואָס דעם אַפּטייקער איז שווער געוועזן זיך אויסצוהיילן פון זיין מאָגן־נערוועזיטעט".

נאָכן שניי איז געקומען דער פראָסט. אַזאַ אַכזריותדיקן ווינטער געדענקען נישט די אַלטע גאָדלבאָזשיצער יידן: וואַסער איז געפרוירן געוואָרן אין שטוב ביי דער קיך; אין גאַס זענען מענטשן אַרומגעגאַנגען מיט אָפּגעפרוירענע און אַרומגעבונדענע נעז און אויערן; די שולן זענען געווען געשלאָסן, און די קינדער זענען אַ גאַנצן טאָג געזעסן אָנגעטועטנערהייט אין בעט. עס האָט אָנגעהויבן אויסצופּעלן קוילן.

אַזוי האָט אויסגעזען די לאַגע אין מאַרק. און וועגן דעם, וואָס עס טוט זיך אין דער באָד־גאַס, אין דער טייך־גאַס, דאָרט אין די הילצערנע, דורכגעפוילטע הייזקעס אָן פּאָדלאָגעס, אָן שויבן, ווי אַזוי עס לעבן דאָרט די אָרעמעלייט מיט זייערע נאַקעטע, באָרוועסע און געפרוירענע קינדער — וועגן דעם איז פּשוט אַ מורא געווען צו טראַכטן. אַ פּחד האָט אַרומגענומען אויסצוהערן די אַלע צרות, און גאָדלבאָזשיצער באַלעבאַטים זענען כלל נישט אַזעלכע העלדן אויף צו קענען פאַרנעמען די אַלע יסורים מיט עגמת־נפש. אַ ליאַדע עגמת־נפשל, און אַ גאָדלבאָזשיצער באַלעבאַטישער ייד באַקומט, לאַ־עליכם, בויך־גרימעניש, האַלט זיך אין איין צולייגן קאָמפּרעסן צום בויך. די דאָקטוירים, פאַרשטייט זיך, לאַכן פון דער דאָזיקער באַבסקער רפואה. זייער עצה איז: עסן איידעלע עסנס, וואַרעם אין שטוב, און דער עיקר, למען־השם — נישט זאָרגן.

און מעגלעך, אַז גאָדלבאָזשיצער באַלעבאַטים וואָלטן געווען אָפּגעקומען אָן שרעק און אָן עגמת־נפש, ווייל לכתחילה האָט שטאָט אויסגעזען ווי אויסגעשטאָרבן. דאָס ביסל אָרעמקייט איז געווען פאַרשטעקט דאָרט ערגעץ אין די לעכער און זיך געפוילט די נאָז

אַרויסצושטעקן — נאָר עמעצער אַ לך האָט אַרויסגעלאָזט אַ קול, אַז דער מאַגיסטראַט טיילט צו האַלבן פּוד קוילן און צו פערטל קאַרטאָפל אויף אַ משפּחה. און ביי דעם מאַגיסטראַט־טויער האָט זיך גלייך אויסגעשטעלט אַ ריי פון אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע אָרעמעלייט: אַלטיטשקע מיט פאַרקאָוועטע בערד און קינדער מיט ברוין־בלויע פּנימלעך. זיי האָבן געהאַלטן אין די געפרוירענע הענט — ווער אַ זאַק און ווער אַ שמאַטע און געדולדיק געוואַרט אין קנאַקעדיקן פראָסט.

איינצושטיין אַזוי אויף איין אָרט איז פּשוט געווען אוממעגלעך צוליב דער שטאַרקער קעלט. האָט ווער אין דער ריי געפונען אַן עצה און אָנגעהויבן צו טאָפּטשען מיט די פיס אויף איין אָרט: אַ פוס אַרויף און אַ פוס אַראָפּ; אַ צווייטער האָט געוווסט פון אַ מיטל צו רייבן זיך די נאָז און אויערן, כדי זיי זאָלן נישט פאַרפרוירן ווערן; די אַנדערע האָבן נאָכגעטאָן די ערשטע צוויי, און אין אַ רגע אַרום האָט די גאַנצע ריי ווי אויף אַ באַפעל אָנגעהויבן צו טופּען מיט די פיס און גלייכצייטיק זיך געריבן די אויערן.

דאָס דאָזיקע משונהדיקע בילד האָט צוגעצויגן די נייגיריקייט פון אַלע לײדיקגייערס, גרינגע קעפּ. פון די ווינקלען האָבן זיך אַרויסגערוקט די טרעגערס, וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט מיט די שטריק אויף די לענדן, אָן אַ שטאָך אַרבעט, און פון די טויערן האָבן זיך באַוויזן די האָלצהעקערס און טראַטשעס, וואָס האָבן אומזיסט געוואַרט אויף אַ פּירל האָלץ צום צעהאַקן.

זיי, די בערדיקע און באַוואַקסענע ראָגאָווער האָלצהעקער, טראַטשעס און טשעשלער האָבן געניצט אַן אויסגעפרווט פויעריש מיטל אויף זיך צו דערוואַרעמען. דאָס איז געווען אַזאַ מין קלאַפּן אָרעם אויף אָרעם, אונטערהאָצקענדיק דערביי און אַרויסלאָזנדיק אַלע מאָל אַ הילכיקן „האָפּ!", ווי זיי טוען דאָס געוויינלעך פאַר קוראַזש ווען, בשעת מען ציט אַרויף אַ שווערן באַלקן אויף אַ מויער אָדער אַ קלאָץ אויף די „קאָזלעס" צום צעזעגן.

דער צוזאַמענגעלויף פון מענטשן פאַרן מאַגיסטראַט־הויז איז געוואָרן אַלץ גרעסער און גרעסער. עמעץ האָט צו וויסן געטאָן וועגן דעם אין פּאָליציי־פּאָסטן. אין מאַרק אַריין זענען אָנגעקומען צוויי געזונטע פּאָליציאַנטן מיט די באַגנעטן אויף די ביקסן און אָנגעהויבן לכתחילה אָפּשטופּן דעם עולם פון מאַגיסטראַט־טויער און דערנאָך צו צעטרייבן זיי העט אין מאַרק אַריין. פון שטופּעניש זענען אַ סך מענטשן אומגעפאַלן, ווייבער האָבן זיך געפּלאָנטערט מיט די פיס אָן זייערע אייגענע שמאַטעוואַטע טיכלעך, געמאַכט יעלות, און אין די זייטן האָבן זיך פריילעך געשאַרט די טרעגערס און האָלצהעקערס אין געלאַטעטע קורטקעס, כסדר, ווי אויף קאָמאַנדע, ווי זיי וואָלטן האָלץ געהאַקט, האָט זיך אָרעם איבער אָרעם געקרייצט מיט טראַסקעריי, די פיס האָבן אונטערגעהאָפּקעט און געזונטע פּויערישע לונגען האָבן געסאָפּעט מיט הייסן אָטעם: האָפּ! האָפּ! האָפּ!...

אַזש די ערנסטע פּאָליציי־לייט האָבן זיך געמיטלעך צעשמייכלט. פון איין זייט, ווי

מענטשן, וואָס קענען זייער פליכט, ווי פּאָליציאַנטן, האָבן זיי געטריבן דעם עולם, און פון דער צווייטער זייט, ווי היימישע מענטשן, ווי פּויערים־זין, האָט זיי דער דאָזיקער ספּעק־טאַקל געווילט.

דער עולם האָט געהאַלטן ביים פונאַנדערגיין זיך. קינדער זענען געלאָפן אין דער ריכטונג פון זייערע היימען, אונטערהאָצקענדיק יעדע פּאָר טריט אויף איין פוס פון קעלט, ווי הינדלעך אויף אַ פראָסט; מאַמעס האָבן געאײלט צו זייערע פּיצלעך שוואָלבן, איבער־געלאָזטע אָן השגחה מיט אַ שמאַטקע צו זייגן אין מויל, און אַלטע לייט מיט שווערע טריט און נאָך שווערערע שטיוול האָבן געשטעלט הילכיקע טריט אויף די פון פראָסט באַ־גלאָזטע שטיינער פון מאַרק־ברוק. די לעצטע האָבן זיך אָנגעהויבן צעגיין די טרעגער און האָלצהעקער, אַ פונאַנדערגיין ווי צו גאַרנישט געאײלט זיך, אַזוי זיך, פון איין עק מאַרק אין צווייטן.

אָבער מיטאַמאָל האָט דעם פּראָסטיקן מאַרק דורכגעשניטן אַ הילכיקער פייף. פון באַרג אַראָפּ האָט טאַנצנדיק מיט זיגזאַגן זיך באַוויזן דער משוגענער טעוול. באָרוועס, מיט אויסגעדריוולטע און צעפּליקטע הויזן ביז די קני, מיט אַ צעכראַסטעט, צעשליסן העמד ביזן גאַרטל האָט ער ווי גאַרנישט געפּילט דעם קנאַקעדיקן פראָסט. ער האָט גע־שלעפּט אויף זיך, ווי שטענדיק, אַן אָנגעפּילטן זאַק פון הינטן און אַ שווערן קויש פון פאָרנט, אָנגעלאָדן מיט כל־טוב: פאַרשימלט ברויט, רוי פאַרפוילט פלייש, שערבעלעך, בלעכלעך און געפּגרטע קעץ.

דער הילכיקער פייף איז געווען פון זיין זייט אַ סיגנאַל: „איך, משוגענער טעוול, בין דאָ״. מער האָט מען נישט באַדאַרפט. דער עולם, וואָס איז שוין געווען אין דער העלפט פונאַנדערגעגאַנגען, האָט זיך צוריק אומגעקערט אין מאַרק אַריין. קינדער האָבן אָנגעהויבן צוריקלויפן, איבערשרייענדיק איינס דאָס צווייטע: „דער משוגענער, דער משוגענער״. אין משך פון איין מינוט איז אַרום משוגענעם טעוולען געווען אַ געדיכטער קרייז פון יונג און אַלט, ווי אַרום אַ קונצנמאַכער. מען האָט געוווּסט, אַז דער משוגענער טעוול האָט עפּעס שטענדיק אַ פרישן משוגענעם איינפאַל.

טעוול האָט דערוויי׳ל אַנידערגעלייגט דעם אָנגעפּולטן זאַק, אַנידערגעשטעלט דעם קויש אויף דער ערד און אָנגעהויבן לויפן מיט די גרויסע משוגענע אויגן איבערן עולם, געזוכט זיך זיין קרבן:

— ווילסט פלייש?... — און אַרייַנגעשטופּט דעם נייגעריקן אַ פאַרפוילט שטיק לונג אין מויל אַריין.

— ווער וויל נאָך פלייש?... — ער האָט געהאַלטן אַ געפּגרטן עכבר אין האַנט און געדרייט זיך אין אַ רעדל, גרייט וועמען מכבד צו זיין.

— ברויט גיב! קאַרטאָפל... — האָט אַן אומדרייסטע שטימע פון צווישן עולם אויסגערופן.

— קאַרטאָפל... — דער משוגענער האָט זיך אַ ווײַלע ווי פאַרטראַכט, אַרויסגעלאָזט פון האַנט דעם געפּגרטן עכבר, גענומען דעם קויש מיטן זאַק אויף זיך. דער עולם האָט אים געמאַכט אַ וועג און ער האָט מיט אַן אײַנגעבויגענעם רוקן און דראָבנע טריטעלעך זיך ווי אונטערגעטײַעט צום מאַגיסטראַט־הויז, געווונקען צום עולם, ער זאָל נאָכגיין. באַלד האָט זיך דער גאַנצער עולם געגעבן אַ שיט איבער אין זײַן ריכטונג. דער משו־גענער איז דערווײַל אַרײַן אין מאַגיסטראַט־הויף און אָנגעהויבן קלאַפּן אין דער טיר פון דאָרטיקן קעלער:

— ווישניצקי! ווישניצקי! — האָט ער געקלאַפּט אין דער קעלער־טיר און גוטברו־דעריש גערופן דעם אָפּוועזנדיקן בירגערמייסטער. — גיב קאַרטאָפל!

דער עולם האָט געלאַכט, געליאַרעמט און געפּאַטשט בראַוואָ צום משוגענעם וויץ.

אין מיטן געפּילדער האָט אַן אָפּגעריסן ייִנגל אַראָפּגעכאַפּט אַ זעמל פון טישל בײַ אַ ברויט־פאַרקויפערין. די אָרעמע הענדלערין האָט געמאַכט אַ גוואַלד און נאָכגעיאָגט דעם קונדס מיט דער בולקע אין מויל. איין פּאָליציאַנט האָט זיך געלאָזט נאָכן ייִנגל, דער עולם האָט צוגעגעבן מוט דעם קליינעם, געוואָרנט: „אַנטלויף!"

דערווײַל איז אַרויס אַ קול, אַז מען האָט אָפּגעריסן דאָס שלאָס בײַם אַפּטייקערס קעלער און מען טראָגט פון דאָרט אַרויס קוילן, קאַרטאָפל און קרויט. די קרעמער האָבן אין אײַלעניש פאַרמאַכט די געוועלבער, די בעקערינס האָבן אין בהלה מיט די לאַנגע ספּודניצעס אומגעקערט די פּייער־טעפּ הינטער זיך און גענומען אַראָפּרוימען דאָס געבעקס אין די קוישן אַרײַן. אין אײַלעניש האָבן זיך די זעמל איבערגעשיט, אָנגעהויבן קאָלערן איבערן גליטשיקן מאַרק. די ווײַבער האָבן געמאַכט אַ געפּילדער, אַז מען ראַבע־וועט זיי. די שײַנע גאָדלבאָזשיצער באַלעבאַטים, וואָס האָבן נישט קיין אָפּענע געשעפטן, נאָר ווײַנען אויפן ערשטן שטאָק און לעבן פון פּראָצענט, האָבן פון דער בלויזער שמיעה, פון שרעק באַקומען שילשול, באַהאַלטן זיך הינטערן אויוון און צוגעקוועטשט דעם אָנגעווייטיקטן בויך צו די הייסע קאַכלעס — מחיה־נפשות.

דער עולם אין גאַס איז דערווײַל גרעסער געוואָרן. נישט אַנטדעקטע פּערזאָנען האָבן געוואַרעמט דעם עולם, צעיאַכמערט די דערפּרוירענע. דעם משוגענעם וויץ האָט דער הונגעריקער און געפרוירענער עולם אָנגעהויבן פאַרדייען ווי אַ באַגער. נאָענט פון זיי האָט פון בירגערמייסטערס טרוקענעם קעלער געשמעקט מיט מעליקע, זעטיקע קאַר־טאָפל און אײַנגעזויערט קרויט. דעם בירגערמייסטערס דינסט איז גראָד אַרויס פון אַ זײַטיקער קאַמער און געטראָגן אַ פולן קויש שוואַרץ־גלאַנציקע קוילן. דער עולם האָט אָנגעהויבן מורמלען אַלץ העכער און העכער „קאַרטאָפל, קוילן!"

צו די פּאָליציי־לײַט איז צוגעקומען אַ דריטער. אַלע האָבן זיך אַוועקגעשטעלט גרייט פאַרן טויער פון מאַגיסטראַט. עס איז געווען רעכט, אַז דער אויפגעהעצטער המון זאָל אַרײַן אינעווייניק אין דער געביידע און אָנמאַכן דאָרט אַ חורבן.

אָבער פּלוצלינג האָט זיך אין דער הייך אויפגעפּראַלט אַ פענצטער. דער עולם האָט זיך אויף אַ רגע באַרויקט און געווענדט זיינע בליקן אַרויף. אין פענצטער, אויפן פּאַראַפּעט, איז געשטאַנען דער בירגערמייסטער:

— בירגער! — האָט ער אויסגערופן — מאָרגן טיילט מען קוילן!

אַ רגע איז שטיל געווען, דערנאָך האָט ווער פון עולם אויסגערופן:

— ס'אַ ליגנט! מען גענאַרט אייך! לאָזט זיך נישט!

— ליגנט! ליגנט! — האָט מען געשריגן פון אַלע זייטן.

דער בירגערמייסטער האָט אויפגעהויבן די האַנט, צוגעלייגט צום האַרץ:

— ערן־וואָרט! — האָט ער אַראָפּגעקוויטשעט — מאָרגן טיילט מען קוילן!

— און קאַרטאָפל? — האָט ווער אַרויפגעשריגן פון אונטן — מיר זענען הונגעריק!

— און קאַרטאָפל! — האָט דער בירגערמייסטער איבער די כוחות צוריק אַראָפּגעשריגן — ערן־וואָרט!

און גלייך דערויף האָט זיך דאָס פענצטער פאַרקלאַפּט.

האָט נאָך דער עולם אין גאַס אַ ביסל געפּילדערט, גערוישט און זיך ביסלעכווייז צעגאַנגען. דער צוזאָג און דאָס ערן־וואָרט האָבן באַרויקט די געמיטער.

און אויב צומאָרגנס האָט מען נאָך די צוויי פּראָדוקטן פון ערשטן געברויך נישט געטיילט, איז דאָס נישט געווען אינגאַנצן די שולד פון בירגערמייסטער. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַזאַ פּאָזיציע אויף קוילן מיט קאַרטאָפל פאַר אָרעמע איז אין בודזשעט נישט פאַראַן. און אויף זאַכן, וועלכע זענען אין בודזשעט נישט אַריינגעשטעלט, טאָר דער בירגערמייסטער אַליין נישט מאַכן קיין אויסגאַבן. אַזאַ זאַך פאַרלאַנגט אַ ספּעציעלע באַשטעטיקונג פון גאַנצן שטאָטראָט, און דערנאָך מוז עס נאָך באַשטעטיקט ווערן דורך דער אויפזיכט־מאַכט.

נישט, אַלזאָ צומאָרגנס און נישט איבערמאָרגן האָט דעם פאַן ווישניצקיס ערנוואָרט געקענט פאַרווירקלעכט ווערן. ער האָט דערפון געהאַט גרויס עגמת־נפש. ער האָט שוין געהאַפּט אויף דער מינוט, ווען עס וועט זיין אַ שטאָטראָט־זיצונג, און אויף דער נאָענט־סטער זיצונג פון שטאָטראָט האָט דער בירגערמייסטער זיך געקליגט, געפעדערט דעם פאָרשלאַג פון די אַרבעטער־ראָטמענער און אַליין אַריינגעטראָגן: „שטיצע פאַר אָרעמע״

מען האָט שוין געהאַט צעשניטן גרויסע בויגנס פּאַפּיר אויף זעכצנטלעך, גרייט אָפּ־צושטימען דער פאָרשלאַג, ווען עמעצער האָט געשטעלט אַ קלאָץ־קשיא:

— גוט, טיילן! אָבער ווו וועט מען נעמען געלט דערויף?

איז זלמן קאַמאַשנמאַכער אַרויס מיטן שייגעץ:

— אויף אַלץ איז דאָ געלט, נאָר אויף שטיצע פאַר אַרבעטסלאָזע איז נישטאָ? דערויף איז דאָך דאָ אַ בודזשעט, דערויף זענען דאָך פּאַדאַטקעס...

— הער נאָר דו, — האָט זיך אָנגערופן דער ראַטמאַן ליטווינסקי, אַ חזיר־שלעגער — אַ סך צאָלסטו עפּעס פּאַדאַטקעס?

— שטעלץ מיר, נעמץ וויפל עץ קענט, און לאָזטס נישט געפּרוירן ווערן קיין מענטשן פון קעלט! לאָזטס נישט מענטשן אויסגיין פון הונגער!

זלמן האָט דאָס געזאָגט מיט גאַנצן האַרץ און מיט אויפריכטיקן פּאַטאָס, אָבער די מיעשטשאַנעס מיטן חזיר־שלעגער ליטווינסקי בראש האָט דאָס בלויז צערייצט.

— פּענטאַק! — האָבן זיי געשריגן — פּאַרמאָגסט עפּעס אַ סך, מען זאָל ביי דיר נעמען?

ביי זלמנען האָבן זיך צעשמייכלט די מויל־ווינקלען:

— ביי מיר איז טאַקע נישטאָ וואָס צו נעמען... אָבער ביי אייך — ווערט זלמן ערנסט — הייזער! מאַיאָנטקעס!

דער חזיר־־שלעגער איז אויפגעשפּרונגען, געקלאַפּט אין טיש:

— אַ סך האָסטו עס געאַרבעט אויף מיין הויז, דו שלעפּער!? דו לאַכודרע!? און אויפן פּאַן אַפּטייקערס הויז האָסטו עפּעס אַ סך געאַרבעט?

אַנשטאָט אָנצוצינדן זיך, האָט זלמן זיך צעלאַכט. די דאָזיקע הייזער־סאָלידאַריטעט פון אַנטיסעמיטישן חזיר־שלעגער מיטן אַפּטייקער האָט אים שטאַרק געווילט.

זיין לאַכן האָט דעם חזיר־שלעגער אַריינגעבערענגט אין רוצחישן גרימצאָרן. ער האָט געכאַפּט אַ שטול און זיך פּאַרמאָסטן אויף זלמנען.

פון דער זייט האָט מען זיך אַריינגעמישט. טייל האָבן אונטערגעהעצט דעם חזיר־שלעגער, אַנדערע האָבן זיך אַריינגעשטעלט אינמיטן, אָפּגעהאַלטן פון אַ געשלעג. דער פּויער דובטשאַק איז געווען אינגאַנצן צעמישט. ער איז געלאָפן הין און צוריק איבערן האַלב־ליידיקן זיצונגס־זאַל, געקלאַפּט מיט די שטיוול און געוואָרטשעט:

— דער דאָזיקער זעלמאַן איז אַ בונטאַוושטשיק! אַלע זשידעס בונטעוועט ער!... אַלע זשידעס!...

דער חזיר־שלעגער האָט שוין געהאַט צוריקגעשטעלט דאָס בענקל, ווי ער האָט זיך פּלוצלינג ווידער עפּעס דערמאָנט. די יוכע האָט זיך אים אָנגעגאָסן ביזן טיפּן האַלדז:

— און ווען שטופּסטו דאָס דיין מיאוסע צורה אין פּנים אַריין, דו פּאַרכעוואַטער ייד?! האָט ער געריטשעט צו זלמנען.

עס האָט שיער ווידער געהאַלטן ביי אַ טומל. דעם בירגערמייסטערס גלעקל, אַנשטאָט צו באַרויקן, האָט געקלונגען ווי אויף אַליאַרם...

אָבער אינמיטן האָט פון דער גאַלעריע אָפּגעקלונגען אַ שוואַך ווייבעריש קול. איידל ווי דער זילבערנער קלאַנג פון גלחס גלעקל, בשעת ער גייט צו אַ גוסס, האָט דאָס זעלישע פרויען־קול זיך אַריינגעריסן צווישן די געשרייען פון די שטאָט־טאַטעס, גערופן צו באַרויקונג, געשטילט דעם כעס.

דאָס קול האָט געשטאָמט פון דעם גלחס באַלעבאָסטע — אַ דאַמע מיט גלאַטע, גלאַנציקע בעקלעך, מיט בינאַקלען און מיט אַ שוואַרצן שלייער אויפן הוט.

— צי קען איך בעטן אַ וואָרט ? — האָט זיס אָפּגעקלונגען איר שטימעלע.

אויב אין אַלגעמיין איז עס נישט דערלאָזבאַר, אַז עמעץ פון דער גאַלעריע זאָל נעמען אַ וואָרט אויף אַ שטאָטראַט־זיצונג, האָט מען אָבער דאָס מאָל געמאַכט אַן אויסנאַם פאַר דער געאַכטעטער דאַמע.

האָט זי שיין באַדאַנקט דאָס דאַמעלע מיט די גלאַנציקע בעקעלעך און מיטן טרויער־שלייער אויפן הוט :

— זי האָט אַ פּלאַן פאַר די געערטע און געאַכטעטע טאַטעס פון שטאָטראַט : צו וואָס זאָל מען לייגן אויף די פּלייצעס פון מאַגיסטראַט, וועלכער איז באַלאַסטעט מיט אַזוי פיל אַלגעמיין־שטאָטישע ענינים, נאָך אַ לאַסט. אַמער, אין גאָדלבאָזשיץ איז דאָך טעטיק דער קרייז פון וווילטעטיקע קריסטלעך־קאַטוילישע פרויען ; אַמער, דער דאָזי־קער קרייז, פון וועלכן זי, דאָס דאַמעלע מיט די גלאַנציקע בעקעלעך, איז פּרעזעסין, טוט אַ סך, זייער אַ סך פאַר דער אָרעמער נויטליידנדיקער קריסטלעכער באַפעלקערונג. זי גלייבט, אַז ביי ידן פאַרנעמט זיך אויך די יידישע קהילה און דער פאַן ראַבין מיט העלפן די אָרעמע זשידקעס, צו וואָס, אַלזאָ, באַלעסטיקן דעם מאַגיסטראַט מיט אומניי־טיקע קלאָפּאָטן און נאָך אַריינפירן דעזאָרגאַניזאַציע אין דער צדקה־פאַרטיילונג.

זי האָט געענדיקט, דאָס דאַמעלע, און דער בירגערמייסטער האָט איר באַדאַנקט — אין נאָמען פון גאַנצן שטאָטראַט און מאַגיסטראַט.

זלמן קאַמאַשנמאַכער האָט זיך אויפגעריסן פון אָרט :

— דער הער בירגערמייסטער האָט נישט דאָס רעכט צו רעדן אין נאָמען פון גאַנצן שטאָטראַט. די אַרבעטער־פראַקציע בעט שטעלן צו אָפּשטימונג דעם פאָרשלאַג, אַז באַלדיקע הילף פאַר אַרבעטסלאָזע און נויטליידנדיקע זאָל געבן דער מאַגיסטראַט פון דער שטאָטישער קאַסע. די אַרבעטלאָזע ווילן נישט קיין צדקה פון וווילטעטיקע דאַמען ! די אַרבעטער זענען קעגן פילאַנטראָפּיע !

זיין פאָרשלאַג איז אַדורכגעפאַלן, גראָד ווי עס זענען דורכגעפאַלן אַלע אַנדערע זיינע פאָרשלאָגן. אָבער מערקווירדיק און נישט צום פאַרשטיין אין דער דאָזיקער גאַנצער געשיכטע איז געווען פאָלגנדיקער פאַקט : — דער אַפּטייקער איזידאָר זאָנענשיין האָט געשטימט פאַרן פאָרשלאַג פון דער אַרבעטער־פראַקציע.

אַ פרעמדער האָט געקענט מיינען, אַז דאָס האָט זיך דער אַפּטייקער נוקם געווען אַן די גויים פאַר דעם „פאַרכעוואַטן ייד״, וואָס דער חזיר־שלעגער האָט דרך־אגב אַריינ־געוואָרפן און וואָס עס האָט געקענט טרעפן אויך דעם יידישן אַפּטייקער ; אָבער די גאָדל־באָזשיצער יידן ווייסן, אַז וואָס שייך נאַציאָנאַלן כבוד, איז אין גאַנץ גאָדלבאָזשיץ פאַראַן נאָר איין ייד, וועלכער איז דערויף מקפיד — דאָס איז דער לערער ליוושיץ ; די

איבעריקע וואָלטן פאַר זייער מינדסטער נגיעה פאַרקויפט דעם גאַנצן ייִדישן שטעטל. דער אַפּטייקער ווידער פון זיין זייט איז געווען גאַנץ זיכער, אַז אויב מען זאָגט „פאַרכעוואַטער ייִד״, מיינט מען אפשר אַלע גאָדלבאָזשיצער ייִדן, דעם גראָבן דאָקטאָר און מאָריץ מייערבאַך אַריינגערעכנט, אָבער נישט אים, דעם פאַן איזידאָר זאָנענשיין, וועמענס הויז עס ווערט געפירט אין ריין־פּוילישן גייסט.

די אמתע סיבה פון אויבנדערמאָנטן, נישט פאַרשטענדלעכן שריט מצד דעם אַפּטייקער, איז נישט געווען קיין רעזולטאַט פון מאָמענטאַלן עפעקט, נאָר אויסגערעכנט, מיט גאַנץ באַשטימטע פּאָליטישע כוונות, און נעמלעך: דער אַפּטייקער האָט געליטן אויף אַ מיחוש, וואָס איז אייגן כמעט אַלע גאָדלבאָזשיצער שיינע באַלעבאַטים, סיי פרומע און סיי פרייע. געשען איז דאָס נאָך צו יענער צייט, ווען די קאָזאַקן האָבן אים געוואָלט פאַר זיין ייִדישקייט אויפהענגען. דעמאָלט האָט ער געקריגן דאָס לויפעניש און זינט דעמאָלט נישט אויפגעהערט קרענקען אויפן מאָגן. די אַלע רפואות האָבן געהאָלפן ווי אַ טויטן באַנקעס און דער דאָקטאָר האָט געהאַט נאָר איין עצה: — זיך נישט אויפרעגן, נישט האָבן קיין עגמת־נפש.

אין פלוג גענומען האָט זיך דער אַפּטייקער איזידאָר זאָנענשיין געקענט דערלויבן אויף אַזאַ קליינעם לוקסוס, אויף צו לעבן זיך אַ רויק לעבן. זיין אַפּטייק אין גאָדלבאָזשיץ איז, ברוך־השם, געווען באַוואָרנט מיט אַ קאָנצעסיע, וועלכע קיינער קען אים נישט צונעמען, אַ קאָנצעסיע, וועלכע גייט איבער בירושה צו קינדס־קינדער, אַבי נאָר געזונט מיט יאָרן, ווי פאַר פרנסה איז קיין דאגה נישט...

דער שווערער ווינטער, און צוגלייך דער ווירטשאַפטלעכער קריזיס, וועלכע האָבן אָנגעהויבן בושעווען אין לאַנד, האָבן אַוודאי נישט געהערט צו די אָנגענעמע זאַכן, פון דעסטוועגן האָט דאָס נאָך נישט געקענט זיין קיין סיבה פון פאַרצווייפלונג ביים אַפּטייקער. פאַרן פראָסטיקן ווינטער איז געווען אַ לינדער האַרבסט מיט זיינע גריפּעס, קאַטאַרן, דיפטעריט, שקאַרלאַטינע, בויך־טיפוס — אַלץ קרענק מיט רפואות, וואָס האָבן פעסטבאַשטימטע פרייזן אין דער פאַרמאַצעווטישער טאַקסע. ניין, וועגן נויט, חלילה, אָדער פאַרקילונג, האָט זיך ביים אַפּטייקער בשום אופן נישט געקענט דערוועקן דער אַלטער מיחוש. אַפילו דעמאָלט, ווען וואַסער איז געפרוירן געוואָרן ביי דער קיך אין די אָרעמע שטיבלעך, איז ביים אַפּטייקער אין שטוב פוטער צעגאַנגען אויפן טעלער און די שויבן זענען געבליבן נישט באַבלימט. נישקשה — די דינסט ביים אַפּטייקער האָט נישט געקויפט קיין קוילן אויפן פידעלע.

אויב זיך צו דערמאָנען גענוי, האָט ער דער אַפּטייקער דערפילט אַ קעלט אין בויך נאָך נעכטן אין דער פרי, ווען ער האָט דערהאַלטן די צייטונג. דאָרט איז געשטאַנען מיט גרויסע אותיות: „שטרייק פון הוטע־אַרבעטער אין „האָרטענסיאַ״, „ערב אַלגעמיינער שטרייק פון די טראַמוויי־אָנגעשטעלטע אין וואַרשע״, „בלוטיקע דעמאָנסטראַציעס פון די

אַרבעטלאָזע אין ראַדאָם". ווען ער וואָלט געלייענט די אַרטיקלען גופא, וואָלט ער זיך זיכער באַרויקט. ער, דער אַפּטייקער, אַ מענטש אַ געבילדעטער, האָט באַדאַרפט וויסן, אַז אַ צייטונג מוז שרייבן מיט קידוש־לבנה־אותיות סענסאַציאָנעלע קעפּ, בכדי זי זאָל ווערן געקויפט. פאַר דאָס אָבער די אַרטיקלען גופא, סיי די מיטן קורסיוו פון רעדאַקטאָר און סיי די מיט געוויינלעכן שריפט פון די איבעריקע מיטאַרבעטער — די גופא אַרטיקלען זענען דאָך געשריבן פון מענטשן מיט קעפּ, מענטשן פאַכלייט, און דאָרט איז די לאַגע געוואָרן אָפּגעשאַצט רויק און געלאַסן: גענומען אַלץ — פאַר און אַלץ — קעגן, און די אונטערשטע שורה: — „די אַרויסטרעטונגען זענען ספּאָנטאַנע, די דעמאָנסטראַציעס זענען אָנגעפירט דורך מענטשן פון דער אונטערוועלט, די ערשטע אינטערווענץ פון דער רעגירונג וועט מאַכן אַ סוף צו די אַלע אומרוען".

וואָלט ער, דער אַפּטייקער, געווען רויק געלייענט די אַרטיקלען, וואָלט ער זיך פאַרשפּאָרט אַ סך קרענקונג מיט יסורים. היות אָבער ער האָט צום לייענען קיין געדולד נישט געהאַט (ווייל געדולד האָט ער, דעם אמת געזאָגט, געהאַט בלויז צום טאַקסירן די רעצעפּטן און צו ציילן די קאַסע), האַלט ער זיך שוין נעבעך זינט צוויי טעג אין איין אונטערהאַלטן די הויזן — די קישקעס, לא־עליכם, האָט עס שוין פון אים אַרויסגעיאָגט.

נאָך דער פרימאָרגן־צייטונג איז געקומען די דעמאָנסטראַציע פון הונגעריקע און געפּרווירענע פאַרן מאַגיסטראַט, וועלכע האָט זיך אָפּגעשפּיגלט פאַר זיינע אויגן. באַלד איז מען אים אויך געקומען אָנזאָגן די פריילעכע בשורה, אַז דער אויפגעבונטעוועטער המון טראָגט אַרויס די קוילן און קאַרטאָפל פון זיין קעלער. די סכנה האָט אָנגענומען רעאַלע פאָרמען. מיט קיין הונגער איז זיך נישט צו שפּילן. אמת טאַקע, די גאַנצע געשיכטע שטאַמט פון משוגענעם טעוול. אָבער אַז אַ נאַר וואַרפט אַ שטיין אין וואַסער — זאָגט די וועלט — קענען אים קיין צען חכמים נישט אַרויסשלעפּן...

ער האָט זיך ערנסט פאַרטראַכט, דער אַפּטייקער, וועגן דער לאַגע און אַלס ראַטמאַן פון שטאָטראַט האָט ער באַשטימט, אַז מען דאַרף עפּעס זען אונטערצונעמען אַן אַקציע. אפשר אַן עפנטלעכע אַרבעט: פאַרריכטן די וועגן, רעגולירן דאָס טייכל, אָדער עפּעס אַן אַנדערע אַרבעט, ביי וועלכער מען זאָל קענען באַשעפטיקן די אַרבעטלאָזע?... אָבער ווי אַזוי קען מען בכלל רעדן וועגן אויספירן אַרבעטן ביי אַזאַ פראָסט, אונטערן פרייען הימל?...

יעדנפאַלס האָט ער, זייענדיק שוין אין מאַגיסטראַט, זיך נאָך אַלץ נישט געקענט באַפרייען פון דעם קאָשמאַר, אַז דער דאָזיקער צושטאַנד זיינער האָט אויף אים געווירקט צו שטימען פאַר זלמן קאַמאַשנמאַכערס פאָרשלאָג. „כאַפּט זיי דער טייוול — טראַכט זיך דער אַפּטייקער וועגן זלמן קאַמאַשנמאַכער און זיינס גלייכן, — לאָמיך זיי צווואַרפן אַ ביין, לאָמיך זיי פאַרשטאָפּן דאָס מויל. טשעפּען דאַרף מען מיט קיינעם נישט..."

דעם אַפּטייקערס נאָענטע מענטשן ווייסן, אַז ער האָט ליב אַ קערטל, אַ גלאַטע נקבה

און אַ פעטן געפעפערטן וויץ, אַזוי אַז מען זאָל לאַכן מיט גאַוווער. דאָס איז אַלץ אָבער געזאָגט געוואָרן צווישן היימישע מענטשן, צווישן זיינס גלייכן; לגבי מענטשן פון נידע־ריקן קלאַס, איז דער אַפּטייקער שטייף ווי אַ צילינדער. זי, סטעפע, דולטשעט אים אַלץ אין קאָפּ, אַז דאָס טאַלאַלייסטוואָ דאַרף מען קענען האַלטן אויף דיסטאַנס, און ער האָט זיך שוין אַזוי צוגעוווינט: דרך־ארץ, לאַכודרעס! פון דעסטוועגן זאָגט מען ענק, פּשיאַ־מאַטש!...

האָט טאַקע נישט קיין אַנדערע ווי זי, זיין ווייב סטעפע, ווען ער האָט צו פאַרדאַנקען די פיינע מאַניערן און דאָס אַריסטאָקראַטישע האַלטן זיך — האָט זי טאַקע אַליין מיט אירע אייגענע אויגן געמוזט זיין אַן עדות, ווי איר איזידאָר טענהט זיך אויס מיט די שוסטער־יונגען אין קאָרידאָר פון מאַגיסטראַט, ווי מיט זיינס גלייכן:

— פּאַן זאַנענשיין, אַ נאַש בראַט — ווינקט זלמן מיט אַן אייגל.

— האַ? — פרעגט זיך דער אַפּטייקער איבער, מכלומרשט ער פאַרשטייט נישט, און דאָס פעטע פּנים צעשפּרייט זיך ביי אים אין אַ צופרידענעם שמייכל — האַ? געשטימט פאַר ענק? צופרידן?...

— אַוודאי, — זאָגט זלמן — אויף אַן אמת צופרידן, אַן אונדזעריקער.

און צום ערשטן מאָל, נאָך אַ ריי יאָרן, האָט דער אַפּטייקער אָנגעהויבן רעדן אויף אַן עפנטלעכן אָרט מיט מענטשן נישט פון זיינס גלייכן. אַרום אים מענטשן נישט פון זיינס גלייכן. אַרום אים זענען געשטאַנען חבר זלמן, חבר ענזעל און נאָך עטלעכע אַרבעטער־ראַטמענער און ער האָט זיך פאַר זיי אויסגערעדט דאָס האַרץ. זאָלן זיי נישט מיינען, אַז אים איז שוין מקנא צו זיין... אויך אין דער אַפּטייק איז נישט ווי אַמאָל. אַז דער פּויער האָט גענומען אַ גוטן פּרייז פאַר זיין תבואה, אַז דער אַרבעטער האָט גוט פאַרדינט — האָט מען זיך געהיילט, איז מען געגאַנגען צו דאָקטוירים, האָט מען געקויפט רפואות. היינט טרעפן זיך שוין אַזעלכע, וואָס דינגען זיך אין דער אַפּטייק, ווי אין אַ שפּייז־געוועלבל... גיי, גיב זיי צו פאַרשטיין, אַז דאָס איז אַן אַפּטייק מיט אַ פעסטגעשטעלטער טאַקסע — גיי, גיב זיי צו פאַרשטיין...

נאָך אַזאַ מין גוטברידערישן אונטערהאַלטן זיך, האָט שוין, פאַרשטייט זיך, איזידאָרן אַנדערש נישט געפּאַסט ווי צו דערלאַנגען, צום געזעגענען זיך, די ביידע אָבעדראַנצעס די האַנט...

קוים איצט האָט ערשט איזידאָר באַמערקט זיין ווייב, וואָס האָט זיך אַדורכגעשטופּט האַרט פאַר זיין נאָז.

— סטעפע? פונוואַנען? ביסט געווען אויף דער גאַלעריע? — פרעגט ער.

— מאַך דיר נאָר גלייך דעם קאַפּעליוש, — זאָגט זי אַ ברוגזע — אַ בושה און אַ חרפה! דו באַמערקסט מיך דען? האָסט דאָך באַקומען פרישע חברים... שיינע חברים!

נישטאָ וואָס צו רעדן... די קאָמוניסטן זענען קעגן פילאַנטראָפּיע און מאַגיסטער זאָנענשיין איז מיט זיי... פּיין!

— ווער איז קעגן פילאַנטראָפּיע? איך זאָג נאָר, אַז דער מאַגיסטראַט...

— רייס מיר נישט איבער, — הייבט סטעפּע שטאָלץ אויף דעם קאָפּ — אויף אַזוי פיל איידלקייט קען איך נאָך פון דיר פאַרלאַנגען, אַז דו זאָלסט מיך לאָזן אויסרעדן...

— הייבסט שוין ווידער אָן דיינע שטיק?!

— אַז איך הייב שוין יאָ אָן, — סטעפּע רוקט זיך צו נענטער צום מאַן, שטופּט אים כמעט אַרונטער איר אָרעם אונטער זיינעם — אַז איך הייב שוין יאָ אָן... נעם מיך אונטערן אָרעם, ס'אַ בושה און חרפה!... — דיר אויף להכעיס און זיי אויף להכעיס, וועט נאָך היינט געשאַפן ווערן אַ ווילטעטיקייט־קאָמיטעט. איך וועל אַליין גיין. יאָ! דיר אויף להכעיס!...

אין באַצוג צו איר אייגן האַרץ, האָט דעם אַפּטייקערס ווייב זיכער איבערגעטריבן מיט דעם להכעיס. אויב די אַפּטייקערין גייט טראָגן הילף נויטליידנדיקע, איז עס נישט מחמת להכעיס צו טאָן איר אייגענעם מאַן, נאָר ווייל העלפן דעם נאָענטן איז איר אינע־ווייניקסטע באַדערפעניש. זי איז, קען מען זאָגן, אַ געבוירענע באַרמהאַרציקע שוועסטער, און חתונה געהאַט האָט זי אפשר בלויז דערפאַר, ווייל עס איז נישטאָ קיין יידישער קלויסטער. זי איז געווען אַ גבאיטע נאָך אין דער מאַמעס בויך. אַזוי פאַרזיכערן, וואָס אַן אמת, בייזווייליק און לגנאי, אירע האַרץ־נאָענטע, פאָרנעמע קאָלעזשאַנקעס, דאַמען פון גאָדלבאָזשיץ.

קודם־כל האָט זי געמוזט גיין צונויפקלאַפּן דעם קאָמיטעט, און ווי שווער און ביטער דאָס איז איר אָנגעקומען!... די מאַדאַם בראָדערזאָן איז אַוודאי באַגייסטערט פאַר דער שיינער, אמת קריסטלעכער טאַט צו העלפן אָרעמע. אָבער זינט זי לעבט, איז זי נאָך נישט געגאַנגען איבער די הייזער, און זי ווייסט נישט ווו אַ טיר עפנט זיך. זי איז געוווינט אַליין צו געבן און נישט צו רעדן יענעם. אַך, ווו נעמט מען יענע צייטן!... איר מאַן האָט נישט געוואַרט ביז מען וועט אים רעדן: — וויפל דאַרף מען? — הונדערט רובל, צוויי הונדערט?... געזאָגט און געגעבן... „אַזוי, אַזוי, טייערע פאַני סטעפאַ — נישטאָ יענע צייטן... די באָלשעוויקעס האָבן פון אַלעם אַ תל געמאַכט... פינף הייזער אין מאָסקווע, אַ וואַלד הינטער קיעוו — אַזוי, אַזוי, טייערע פאַני, עס וואָלט נישט אויסגע־פעלט היינט קיין האָלץ אין די אָרעמע שטיבלעך ...“

אויך די מאַדאַם מייערבאַך האָט זיך געפּרוווט אויסדרייען מיט אַ תירוץ:

— זי, די מאַדאַם מייערבאַך, וואָלט זיך אַוודאי נישט אָפּגעזאָגט, נאָר זי קען עס נישט טאָן קעגן איר מאַן. ער וועט פאַראיבל האָבן, און גאַנץ גערעכט זיין. וויפל מענטשן עס לעבן פון איר מאַנס פאַבריק, ווייסט יעדער, און וויפל אָרעמעלייט ער האַלט אויס, וויסן נאָר געציילטע און אפשר אויך די פאַני סטעפאַ. ערשט אירע אייגענע, דער מאַדאַם מייערבאַכס מחוייבים: — דעם אַ מעמד, נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין, דעם אַ קליידל,

דעם אַן איבערגעגאַנגענע ספּודניצע, דעם אַ פּונק־נייע פֿאַר שיך... זי דאַרף זיך נישט באַרימען, זי רעדט עס, חלילה, נישט אויס, און זי פֿאַרלאַנגט נישט פֿון קיינעם קיין שיינעם דאַנק דערפֿאַר... אַלץ שיין! אָבער פֿון דעסטוועגן — עץ נעמערס, מען זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד, קענץ ענק דערויף... קומט צו שטאָטראַט־וואַלן, טויג נישט מאָריץ מייער־באַך, נאָר אַ ליאַדע פֿאַרשיווייעץ, אַ ליאַדע גאַרבער־יונג טויג יאָ... עס גייט דען אין דעם כבוד, טייערע פּאַני סטעפֿאַ? די פּאַני סטעפֿאַ מעג איר גלייבן, אַז זי דאַנקט גאָט, וואָס מאָריץ איז נישט געוואָרן ראַטמאַן — ער האָט דאָך אַזוי אויך קיין צייט נישט צו עסן — נאָר אַ קרענקונג איז עס: — נאָך אַ שיינער נדבה קומט מען צו מאָריס מייערבאַך; און פֿאַר ראַטמאַן קלויבט מען דאָרט וועלכן גאַרבער־יונג, וועלכן דאָרט, כ׳בעט איבער פֿאַרן אויסדרוק, שוסטער־יונג... גייטס צו נתן גאַרבער! זאָל ער ענק געבן קוילן, זאָל ער ענק געבן קאַרטאָפֿל, זאָל ער ענק געבן אַ העמד, נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין, זאָל ער ענק...

און פֿון דעסטוועגן האָבן זיי זיך געלאָזט איבעררעדן, דיביידע דאַמען. צי דערפֿאַר, ווייל, אין תוך גענומען, זענען דאָס דאָך געווען פֿרויען מיט איידעלע, פּילבאַרע הערצער, צי דערפֿאַר, וואָס סטעפֿע איז געווען די אמתע גבאיטע — סיי ווי, מאַדאַם בראָדערזאָן האָט זיך געצהט מיט איר מאַן:

— ווי מיינסטו, סטאַשו?

און דער אַלטער בראָדערזאָן האָט געענטפֿערט פֿייערלעך:

— אויב, טייערע, צו העלפֿן הונגעריקע — זאָג זיך נישט אָפּ!

זי איז געגאַנגען, מאַדאַם בראָדערזאָן, און ס׳איז אויך געגאַנגען מאַדאַם מייערבאַך. די מורא פֿאַר מאָריצס דערווידערן האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר אומבאַגרינדעט. ער האָט זיך געשטעלט ווי דער אמתדיקער ברייטהאַרציקער מאַנספֿאַרשוין.

— איך גיב שוין אַ קאָנטאָ אויף דריי קערץ קאַרטאָפֿל. אין אַזאַ צייט, ווען מענטשן הונגערן און ווערן געפּרוּווירן, טאָר מען זיך נישט רעכענען מיט קיין אייגענע אַמביציעס. מיט קיין הונגער טאָר מען זיך נישט שפּילן... עץ ווייסט דען, וואָס עס טוט זיך? עץ ווייסט דען וויפֿל מענטשן עס האָבן ביי מיר אַמאָל געאַרבעט און וויפֿל היינט — גלייבץ מיר, אַז איך זע אַן אָפּגעזאָגטן אַרבעטער, אַנטפֿאַלט ביי מיר דאָס האַרץ. כ׳האָב נעכטן געטראָפֿן דעם יאַן פּאָלקאַ פֿון ראָגאָוו מיט אַ בינטל האָלץ אין גאַס, שווער איך אייך, אַז כ׳האָב נישט געקענט עסן דאָס מיטאָג פֿאַר עגמת־נפש. שטעלט אייך פֿאָר: אַ גוי אַרבעט ביי מיר דרייסיק יאָר כסדר, און ערשט מיט צוויי וואָכן צוריק האָב איך אים געמוזט אָפּזאָגן פֿון דער שטעל. און וואָס, כ׳בעט אייך, בין איך שולדיק, אַז ער האָט געקריגן אַ קאַלעקעוואַטן פֿוס. און דאָ, ביי דער מאַשין, מוז מען כסדר גיין אַהין און צוריק. ביי דער מאַשין מוז מען האָבן יונגע, געזונטע מענטשן, נישט קיין קאַליקעס... מילא, דער גוי, אַז ער דערזעט מיך, ציט ער אַראָפּ דאָס היטל ביז צו דער ערד, אָבער

אין האַרץ, ווייס איך, איז ער מיר אַ שונא, און פאַרוואָס, כ׳בעט אייך, זאָל ער מיר זיין אַ שונא? וואָס בין איך שולדיק? איך בין אומשטאַנד צו געבן עסן אַ מענטש אומזיסט אַ טאָג, צוויי... אָבער כסדר געבן צו עסן אַ מענטש, ווען איך באַדאַרף נישט?...

יאָ, ער האָט זיך צערעדט, מאָריץ מייערבאַך. קעגן וואָס האָט ער דאָס געוואָלט זאָגן? — מען וועט דאַרפן פון דעם צונויפגעזאַמלטן געלט איבערלאָזן אַ געוויסע סומע פאַר בכבודיקע נויטבאַדערפטיקע. אָט למשל, האָט ער שוין איינעם אַזעלכן. יענער וועט אויסגיין שטילערהייט פון הונגער און נישט אויפשטעלן קיין האַנט, נישט אָנקומען צו שטאָט נאָך הילף. עס טאָר חלילה קיינער דערפון נישט געוווירן ווערן, ווייל דאָס וואָלט געווען פאַר יענעם אַ שפיכת־דמים. איר, דער פאַני סטעפאַ וועט ער זאָגן, נאָר למען־השם, אַפילו איזידאָר טאָר דערפון נישט וויסן. דאָס איז — יאָסל פּיעכאָלדע, זיין געוועזענער מענטש.

זי איז איבעראַשט די פאַני סטעפע? אַ מענטש אין געשעפט ביי די מייערבאַכס, זאָגט זי? — זאָל זי זיך נישט וווּנדערן, די פאַני. דער גאַנצער יאָסל פּיעכאָלדע מיט דער שיינער באָרד האָט קיינמאָל נישט געטויגט, ער זאָל מיר מוחל זיין, קיין קאַץ דעם ווידל צוצובינדן. נישט מער — דער הלוך האָט געזילכט, ווייסט זי דאָך, די פאַני, ווי ביי זיי איז — איז נאָך אַ מענטש צום טיש. היינט אָבער קען ער נישט, ס׳איז נישט דער זעלבער מאָריץ מייערבאַך, ער קען בפירוש נישט. דעם ברודער אין רוסלאַנד מוז מען שיקן, אַ שוועסטער האַלט ער אויס ביי זיך — ער קען פאַרזאָרגן אַ גאַנצע שטאָט...

— יאָ, צייטן, צייטן... — באַשטעטיקט די פאַני סטעפע מיט צער אין קול.

און אין אָנבליק פון די שווערע צייטן, וואָס האָבן זיך אָנגערוקט אויף די חשובע גאָדלבאָזשיצער באַלעבאַטים נאָך די זיבן פעטע נאָכמלחמה־יאָרן, האָט איזידאָר זאָגנעשיק ערשט אָנגעהויבן אַרויסצושפּירן דעם געשמאַקן טעם פון זיין ווייבס להכעיס — פון איר הילפס־קאָמיטעט. דאָס איז געווען גראָד ווי אַ זויערע ראָשטשינע, פון וועלכער אַן אשת־חיל כישופט אַרויס אַ געשמאַקן געבעקס. זינט אין אַפּטייקערס הינטער־סקלאַד האָט זיך אָנגעהויבן זאַמלען, אונטער סטעפעס השגחה, קאַרטאָפל, גערשטן־מעל און ביסלעך האָלץ פון הילף־קאָמיטעט, האָט איזידאָר בפירוש דערשפּירט אַ דערלייכטערונג אין האַרץ־גריבל, דער לויזער מאָגן האָט זיך אָפּגעשטעלט, ווי מען נעמט אַוועק מיט דער האַנט און ווען נישט די פאַרחושכטע, פאַרדאַרטע פּנימער וואָס האָבן עפּעס מיט אַ מין חוצפה געריסן פון הענט דאָס געשענקטע ביסל שפּייז, אַן אַ דאַנק צומאָל, גלייך עס וואָלט געקומען בירושה, וואָלט איזידאָר איצט אַ שפּיי געטאָן אויף דער אַדורכגעלעבטער שרעק:

— טפו!... האַ? העטעך־פּעטעך, נעכטיקע טעג! האַ? אין דרערד האָט מען עס!

נישט מער, אין אַכט טעג אַרום, אַז די געשענקטע שפּייז האָט זיך שוין לגמרי געהאַט אויסגעלאָזט אין די אָרעמע שטובן און דער עולם האָט ווידער אָנגעהויבן באַ־

אומרויקן: „עסן! קוילן!", ווען סטעפּען איז שוין געווען איבער דער טבע דאָס קלאַפּן מיט דער צדקה־פּושקע — אגב, האָט זי געמוזט פאָרן קיין וואַרשע זיך מאַכן אַ קלייד צום קאַרנאַוואַל. — אַז די באַמיטלטע מענטשן האָבן צוליב די פּראָסטיקע ווערטערן אויפ־געהערט צו קרענקען און די אָרעמעלייט — כאָטש גיב זיי רעצעפּטן אומזיסט... האָט די מאָגן־נערוועזיטעט ווידער אָנגעהויבן פּייניקן דעם אַפּטייקער. ער האָט זיך געוואָרפן אויף אַלץ און אַלעמען, נישט געשוינט אַפילו דאָס אייגענע ווייב. געשאָלטן די דינסט און אויסגערעדט דאָס ברויט דעם פּראָוויזאָר:

— אַז פון וואָס — האָט ער געטענהט — קען איך אויסהאַלטן אַ מענטש? די צוויי, דריי רעצעפּטן קען איך אַליין נישט מאכן?

שמואל, וועלכער איז גראָד געשטאַנען ביי זיין שטול און געמישט אַ רפואה, האָט דערויף גאָרנישט געענטפערט. ביי זיך אין האַרצן האָט ער געטראַכט, אַז דאָס איז אַן עוולה מיטן אויסרעדן אים דאָס ברויט מצד דעם אַפּטייקער. ער, שמואל, האָרעוועט אין אַפּטייק פון אינדערפרי ביז צען, עלף אין אָונט, זומער אַרבעט מען ווי אַן אייזל — ער מיינט עס זיכער נישט ערנסט מיטן אָפּזאָגן, דער אַפּטייקער, ער האָט בלויז אַזוי ליב פון צייט־צו־צייט זיך צו וואַרפן...

פאַר קוראַזש וועגן האָט שמואל אַ טאַפּ געטאָן דעם בוזים־טאַש. דאָרט זענען געלעגן די וועקסלען פון דעם אַוועקגעבאָרגטן געלט. נאָך אַ יאָר, נאָך צוויי, מען וועט אָפּשפּאָרן, פּראָצענט וועט וואַקסן, און ער, שמואל, האָט דעם פּאָסטן ווו... ער וועט זיך עפענען אַן אַפּטייק־סקלאַד און זיין אַ מענטש פאַר זיך. און דערווייל וואַרפט ער נאָך נישט, דער אַפּ־טייקער... מען וואַרפט נישט אַזוי גיך קיין מענטשן. אויפן ערגסטן פאַל איז נאָך דאָ אַ פאַריין... שמואל וויל זיין אַן אָרנטלעכער מענטש, ער וויל נישט מיט קיין פאַריינען, אָבער אַז דער אַפּטייקער וועט גיין מיט תקיפות...

איזידאָר זאָנענשיין האָט אַליין גאָרנישט אַזוי פיל געוווּסט, וויפל שונאים ער האָט ביי זיך אַרומדרייען אין דער אייגענער שטוב. ער האָט זיך אַליין געהאָדעוועט שלאַנגען אויף זיין ברוסט און אַפילו דאָס אייגענע ווייב האָט נאָר אויסגעקוקט אַ מאָמענט, אַז זי זאָל אים קענען צונעמען די לעבער, עסן ווי זשאַווער.

אויף אַ געלעגנהייט האָט זי, סטעפּע, לאַנג נישט באַדאַרפט וואַרטן. זאָל ער זיך איבערצייגן .וואָס עס קומט אַרויס, ווען מען חברט זיך נישט מיט זיינס גלייכן, אַז מען גיט די האַנט אַ לאָבוז, אַ כ'וויס ווען.

אין אָוונט איז חבר זלמן אַריינגעקומען אין אַפּטייק, און מיט אים נאָך ווער. חבר זלמן האָט איבערגעגעבן דעם אַפּטייקער אַ פּאַפּירל און געזאָגט:

— מיר בעטן תשובה אין משך פון צוויי טעג.

געזעגנט זיך און אַוועקגעגאַנגען.

אין פּאַפּיר איז געווען אַ פאָדערונג: אָנערקענען דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַריין, נישט

צונעמען, נישט אָפּזאָגן קיינעם אָן אַ פאַרשטענדיקונג מיטן פאַריין, נישט ענדערן לרעה די אַרבעטס־באַדינגונגען אָן דער הסכמה פון פאַריין.

— האָט האָסטו דיר דיינע קאָלעגן! — האָט סטעפע אויסגעשאָסן מיט קענטיקער סאַטיספאַקציע.

און ער, איזידאָר, אָנשטאָט אויסצודריקן חרטה און געבן גערעכט אַ ווייב, האָט ער זיך גאָר אָפּגעריסן פון דער קייט, געשריגן און געוואַלדעוועט, אַז מען האָט אים געהערט אַזש אין דרויסן. זי, סטעפע, איז געווינט געווען צו זיינע נערוון, אָבער אַזוינס ווי היינט האָט זי נאָך קיינמאָל פון אים נישט געהערט.

און טאָמער ווייסט איר ווער ס'איז שולדיק דערין, וואָס זלמן קאַמאַשנמאַכער האָט די עצה צו ברענגען פאָדערונגען איןֹ אַפּטייק אַריין? אפשר איז זי, סטעפע, שולדיק, צי ער, וואָס חברט זיך מיט די אָבדראַנצעס?

נאָר גיי זוך לאָגיק ביי אַ ווילד־געוואָרענעם מענטש, וואָס רעדט — איינס צום צווייטן קומט נישט:

— אַז באשר — ער אַרבעט טאָג ווי נאַכט, ווערט אויסגעריסן, פּטרט דאָס געזונט, און זי, סטעפע, טשעשעט אים נאָך קלינעס אויפן קאָפּ, נעמט אים צו די לעבער פאַר גאָרנישט.

דאָס איז שוין געווען מיט אַ האַלבער שעה שפּעטער, ווען איסער מייערבאַך איז אַריינגעקומען. און סטעפע האָט זיך פאַר אים אויסגערעדט דאָס האַרץ. פאַרשטייט זיך, אַז זייענדיק צעיושעט האָט ער, איזידאָר, איר געזאָגט אַזעלכע ווערטער, וועלכע זי שעמט זיך צו ברענגען פאַרן מויל..

דער אַפּטייקער איז געזעסן, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף די הענט, דאָס פּנים ווייס פון אויפרעגונג און גאָרנישט געענטפערט. איסער מייערבאַך האָט גענומען דאָס פּאַפּיר, די „פאָדערונג" אין דער האַנט אַריין און מען האָט געקענט זען בפירוש, ווי לייענענדיק אַזוי האָבן זיך ביי אים אָנגעצונדן די רוצחישע אייגעלעך און די פעטס־בייטעלעך אויפן פּנים האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט יוכע. לסוף האָט ער אַוועקגעשטויסן דאָס פּאַפּיר און דעם גאַנצן כעס אויסגעלאָזט נישט צו קלמן קאַמאַשנמאַכער און נתן גאַרבער, נישט צום פּראָפעסיאָנעלן פאַריין, וואָס מאַכט חרוב די שטאָט, נאָר צום אַפּטייקער גאָר.

— דוד — האָט ער אים געזאָגט — אַזוינער און אַזעלכער. כ'האָב טאַקע געמיינט, אַז דו ביסט קלוג; איצט זע איך, אַז דו טויגסט זיך נאָר צו דיינע פלעשלעך און מער צו גאָרנישט. דו, נאַרישער, כ'בעט דיך איבער, זע נאָר, זע נאָר!

— ער שרעקט זיך איבער פאַר אַזעלכע לויזנפּויקערס, פאַר סמאַרקעוואַטע יינגלעך. זעסטו! ווען עס טרעפט אויף מיר, גיב איך אים אַ קאָפּ אין הינטן און וואָן. פאַר נתן גאַרבער וועל איך מורא האָבן?! אַ כאָליערע טרעפט זיי ביי מיר!...

זיצנדיק נאָך אַלץ אַזוי, מיטן קאָפּ צווישן די הענט, האָט דער אַפּטייקער צוגעוואָרפן מיט עקשנותדיקער רעזיגנאַציע:

— אין רוסלאַנד איז אויך אַזוי געווען, פאַרוואָס ביסטו דעמאָלט נישט געווען קיין בריה?

איסער מייערבאַך האָט זיך אַזש פאַרכלינעט:

— דו נאַרישער, כ׳בעט דיך איבער, יאָק! האָב איך נישט קיין צייט צו קלערן?... וועל איך דעמאָלט קלערן... און דערווייל, ווייל דו קענסט — דושע! שנייד אַ פּאַס!... בהמה! דערווייל איז נאָך דאָ נישט באָלשעוויע! און אַז ס׳וועט קומען זייער צייט, וועט מען דיך סיי ווי נישט שוינען. אין דר׳ערד אַריין מיטן קאָפּ! הער נאַר, הער נאַר... כ׳וועל מיך גיין איבערנעמען! נאַרישער, מעג מען דיר זאָגן, אַפּטייקער! מען האָקט זיי די ציין! אַ שאָד אַ רגע דעם קאָפּ אַריינצולייגן!

איסער מייערבאַך האָט אָנגענומען דעם פאַרמרהשחורהטן אַפּטייקער ביי די פּלייצעס און אים אַזוי גוטברידעריש געטרייסלט:

— אַ שאָד אַ רגע. נעם ס׳פּעשל. אין דר׳ערד האָסטו זיי!

דער אַפּטייקער האָט אויפגעלעבט:

— האַ? ס׳זאָגסטו? אַ דערדער? אין דר׳ערד? כאַ! כאַ! כאַ!

זיין פּנים האָט זיך צעשפּרייט פון לאַכנדיקער הנאה, די גאָמבע האָט אָנגעהויבן גאַווערן.

— כאַ! כאַ כאַ!... אין דר׳ערד!... אַ דערדל: אַכט, ניין, אונטער...





די „יבנה־שול״ (1922) ● בית־ספר „יבנה״ (1922)

י. י. טרונק

# אין קוזמיר*

(פונעם בוך „פוילן" — זכרונות און בילדער, זיבעטער בוך, פאַרלאַג „אונדזער צייט", ניו־יאָרק, 1953).



י. י. טרונק ז"ל

...איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן קיין קוזמיר. אַ ווונדערלעך יידיש שטעטעלע נישט ווייט פון וואַרשע. איך וועל דערציילן דערפון שפּעטער. מיין פאָטער און מוטער זענען געזעסן אויף אַ זומער־וווינונג ביי לאַסק הינטער לאָדזש. איידער איך בין געפאָרן קיין קוזמיר, האָב איך באַזוכט מיינע עלטערן.

זיי האָבן געוווינט אינמיטן פון אַלטע פּוילישע וועלדער. אַ גאַנצן טאָג בין איך מיט זיי צוזאַמען געווען אין וואַלד. דאָס טונקלקייט, דער ריח און דאָס רוישן פון פּוילישע וועלדער, האָט שטענדיק ביי מיר אַרויסגערופן זכרונות פון מיינע קינדער־יאָרן אין דלוטאָוו. אין דער דאָזיקער שרעקעוודיקער צייט זענען זכרונות געווען באַזונדערס ליב און אומעטיק. מיין פאָטער האָט מיר אויך דערציילט אַלערליי מעשיות. מיין פאָטער האָט געקענט דערציילן זייער שיין און בילדלעך. אין דעם דאָזיקן טאָג איז ער געווען עפּעס באַזונדערס אויפגעלייגט און באַזונדערס האַרציק צו מיר.

* אין יאָר 1939 — רעד'.

צומאַרגנס אינדערפֿרי האָט ער מיך באַגלייט צום באַנהויף. ווען דער צוג האָט געהאָט געריקט און איך האָב אַרויסגעקוקט פֿון וואַגאָן־פֿענצטער, האָב איך געזען ווי מיין פֿאָטער שטייט אויפֿן פּעראָן און קוקט מיר לאַנג נאָך. איך האָב ממש געפֿילט ווי זיינע בליקן גלעטן מיין פּנים. איך האָב אויך געקוקט אויף אים. ביז ער איז פֿאַרשוווּנדן אין דער ווייטקייט.

דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל ווי איך האָב געזען מיין פֿאָטער. ער האָט מיר אַזוי לאַנג נאָכגעקוקט — מן־הסתם האָט דאָס האַרץ אים געזאָגט, אַז דער צוג טראָגט מיך אַוועק אויף אייביק פֿון זיינע פֿאָטערלעכע בליקן.

שפּעטער איז ער אומגעקומען אויף קידוש־השם, צוזאַמען מיט מיין מוטער.

*

דאָס קליינע יידישע שטעטעלע קוזמיר האָט אויף אַ מיניאַטורן אופֿן אָפּגעשפּיגלט דאָס גאַנצע בילד פֿון יידן אין פּוילן. איבערחזרט אין דער סובלימאַציע פֿון אַלע ניואַנסן פֿון פּוילישע יידן צו זייער פֿיזישער און גייסטיקער פֿיזיאָנאָמיע. אַפֿילו לאַנדשאַפֿטלעך האָט קוזמיר באַלאַנגט צום געמיט פֿון פּוילישע יידן. קוזמיר האָט עפּעס אויסגעקוקט ווי אַ פֿרום שער־בלאַט פֿון אַן אַלטן קרבן־מנחה־סידור, אַ סידור מיט ליכטיקע זילבערנע טאָוולעך, אָדער ווי אַ גראַווויור, וואָס אַלטע יידישע אַנאָנימע מייסטער האָבן מיט גרויס פֿרומקייט אויסגעקריצט אויף דער פּוילישער ערד און אונדז פֿלאַסטיש געוואָלט ווייזן, וואָס עס הייסט אַזוינס פּה־לין.

קוזמיר איז געווען אַ שטעטעלע ביי די ברעגעס פֿון דער ווייסל, און עס איז געווען אַרומגערינגלט מיט נישט קיין הויכע בערג און מיט תּבֿואה־ און קאַרטאָפֿל־פֿעלדער. די לאַנדשאַפֿט אַרום קוזמיר איז געווען אַ טיפּיש פּוילישע. אינמיטן אָט דער לאַנדשאַפֿט זענען אָפּגעהיט געוואָרן אַלערליי סודות און לעגענדעס. נישט אַלצדינג אין קוזמיר איז געווען נייערט דאָס, וואָס דאָס אויג האָט געזען אויפֿן ערשטן קוק. ניין! נאָך העכער, נאָך טיפֿער און נאָך טונקעלער...

צווישן די בערג אַרום קוזמיר זענען געווען ענגע טונקעלע שלוכטן פֿול מיט ניס־ביימער. דאָס רוישן פֿון די ניס־ביימער האָט זיך עפּעס ווי אויסגעמישט מיט אַ שטילער און אַלטער שווייגעניש. ווען מען איז דאָרט געגאַנגען שפּאַצירן, האָט מען זיך געפֿילט אי זעלטן אומעטיק און אי זעלטן באַרויקט. עס האָט אויסגעקוקט, אַז מען איז עפּעס איינער אַליין אין אַ וועלט־שווייגעניש און די דרויסנדיקע וועלט איז נייערט אַ חלום.

דערפֿאַר זענען טאַקע די קוזמירער שלוכטן געווען דאָס אידעאַלע אָרט פֿאַר פֿאַר־ליבטע ראָמאַנטישע פּאָרלעך. ווען מען האָט זיך דאָרט, אין דער טונקעלער שטילעניש, צוגעשווירן אייביקע ליבע — און די ניס־ביימער האָבן לייכט צוגערוישט — האָט מען אין דער טיפֿסטער ערלעכקייט געמיינט די שבֿועה צו האַלטן טריי. אויב ליבע איז

געגליכן צו אַ ליד — האָט עס נאָר געהאַט אַ שייכות, ווען זי האָט זיך שטיל און ראָמאַנ־טיש אַנטפּלעקט אין די שלוכטן פון קוזמיר.

אַ פּאָעטישע ראָמאַנטיק איז דאָרט געלעגן אויסגעגאָסן אויף ערד און הימל. אויך דער הימל האָט אַראָפּגעוואָרפן אויף קוזמיר אַ שטיל און אײדל ליכט. אַ ליכט וואָס האָט שעמעוודיק געציטערט מיט חן און מיט חסד. אַזאַ צאַרט מאָלעריש ליכט האָב איך געזען נאָר אויף דריי מקומות אין גאָר דער וועלט: אין פּאַריז, אין ירושלים און אין קוזמיר.

*

אַרויסגעקומען פון די טונקעלע שלוכטן און די ליכטיקע פּוילישע תבואה־פעלדער — איז מען אַרייַנגעקומען אין שטעטעלע קוזמיר.

אין דער יידישער ליטעראַטור אין פּוילן איז דאָס שטעטעלע קוזמיר געווען איינס פון די רעקוויזיטן, וואָס יידישע שריפטשטעלער האָבן נישט אויפגעהערט עס צו באַ־זינגען און צו באַשרייבן. זיי האָבן דערפון דערציילט מיט אַ סך צאַרטקייט און מיט ראָמאַנטישער ליבשאַפט. מען האָט קוזמיר באַזונגען און באַשריבן סיי אין פערזן און סיי אין פּראָזע. יידישע מאָלער האָבן דאָס שטעטעלע נישט אויפגעהערט צו מאָלן. עס איז געוואָרן אַ רעקוויזיט פון דער יידישער מאָלעריי אין פּוילן. דער באַרימטער „מאַרק" פון פּרצעס מיסטיש־סימבאָלישער דראַמע — דער „מאַרק", וווּ אין אַ געוויסן „ביינאַכט" ווערט אויפגעפירט דאָס שוישפּיל פון יידישן שיקזאַל סיי אין דער רעאַליטעט און סיי אין דער וויזיע — איז נישט קיין אַנדערער ווי דער מאַרק פון שטעטעלע קוזמיר. דער „ברונעם", דער „געץ", „דער קלויסטער", „די שול" פון פּרצעס דראַמע — זענען גענו־מענע רעקוויזיטן פון קוזמירער מאַרק.

*

עס איז נישט קיין וווּנדער, וואָס דאָס האַרץ און פאַנטאַזיע פון אַ פּוילישן ייד אַ קינסטלער האָבן זיך אַזוי היימישלעך און זיס אָנגעצונדן, ווען זיינע פיס זענען אָנגעקומען אין שטעטעלע קוזמיר. פאַר זיינע אויגן האָבן זיך אין וווּנדערלעך־צאַרטן און איידעלן זון־ליכט אַנטפּלעקט די שמאָלע צעבראָכענע ליקעלעך און געסעלעך פון שטעטעלע — די געסעלעך מיט זייערע קליינע אַלטמאָדיש־פּאַרצייטישע און כמעט איינ־געפאַלענע הייזעלעך. די דאָזיקע עניוותדיקע יידישע חורבהלעך האָבן אין זיך געהאַט אַ שפע מיט יידישער מאָלערישקייט. מען האָט זיי געקענט פאַרגלייכן עפּעס ווי צו די רעקוויזיטן פון אַלטן און היימישלעכן כלי־קודש. עפּעס ווי צו בתים פון תפילין, צו תפילין־זעקעלעך אָדער גאָר עפּעס ווי צו בשמים־ביקסן אָדער צו צעריסענע קרבן־מנחה־סידורים. איך קען דאָ נישט געפונען דעם ריכטיקן אויסדרוק, נאָר די שטימונג איז געווען אַזעלכע. די קוזמירער יידישע שטיבעלעך האָבן אין זיך אויך געהאַט פון צעבראָ־כענע סוכות און פון די געצעלטן פון יעקב אין גלות. יענע אהלי־יעקב פון וועלכע עס

ווערט אַזוי פיל דערציילט אין חומש. נישט מער, וואָס זיי זענען עלטער געוואָרן אין די לאַנגע טויזנטער יאָרן פון יידישער געשיכטע און אויך זיי זענען מיטגעקומען מיט יידן קיין פוילן און מיטגעבראַכט מיט זיך דאָס אָפּגעקילטע איידעלע זון־ליכט פון דער מדבר־סיני און פון ירושלים עיר־הקודש. — אָט די אייביקע אהלי־יעקב האָבן זיך אויסגעשטעלט מיט זייערע האַלב־צעבראָכענע פענצטערלעך, מיט זייערע טונקל־ליכטיקע געסלעך, מיט די געעפנטע טירן פון זייער בידנע יידישע קרעמלעך אַרום דעם קוזמירער מאַרק.

*

דער קוזמירער מאַרק האָט אויסגעקוקט ווי אַן אַרכיטעקטאָניש שלאַכטפעלד צווישן דער גוישער און דער יידישער וועלט. בעסער געזאָגט: ווי אַ פּאַרצייטישער אמונה־וויכוח צווישן יידן און גלחים און דוכסים. נישט מער, וואָס דאָ אין קוזמיר האָבן די געצעלטן פון יעקב געגומען די אויבערהאַנט און אַרומגענומען דעם מאַרק מיט אַ רינג פון יידיש־קייט. אַ יידישקייט, וואָס האָט דערמאָנט צפת אין די צייטן פון אר״י הקדוש, און אין די יידישע וועלט־שבירת־הכלים פון וועלכע עס רעדט אַזוי פיל די קבלה און דער זוהר.

פון די דוכסים און גלחים איז אויפן מאַרק נישט מער פאַרבליבן ווי אַן אַלט מיטל־אַלטערלעך הויז — אָט דאָס הויז איז אויך אַ שפּילנדיקער רעקוויזיט אין פּרצעס „ביי־נאַכט אויפן אַלטן מאַרק״ — אַ שוואַרצס און טונקלס, ווי די סוטאַנע פון אַ קאַטוילישן אינקוויזיטאָר — און מיט זיילן־גענג און נישעס. די ברייטע פּראַנט־וואַנט פון הויז איז אָפּן ווי די וואַנט פון אַ גאָטישער קירך. פון אירע נישעס קוקן אַראָפּ אויף קוזמיר דוכסים און קריסטלעכע הייליקע. זיי שטייען מיט שטיינערנע שטיך־היט און מיט צלמים און כלי־זיין אין די טיפקייטן פון דער וואַנט און קוקן אַראָפּ אויפן מאַרק און אויף די האַלב־צעפאַלענע אהלי־יעקב, וואָס שטייען אַרום און אַרום. די דוכסים און גלחים קוקן אויף די גראָע און טונקעלע יידן, וואָס דרייען זיך אַרום אויפן מאַרק, טויכן־אויף און פאַר־שווינדן אין די שמאָלע בעפאַלענע געסלעך, זיי קוקן אויף די יידישע ווייבער און מיידלעך, וואָס שטייען ביי די טירן פון די קרעמלעך.

*

אינמיטן מאַרק איז געשטאַנען אַ ברונעם. ער האָט באמת אויסגעקוקט ווי אַ ברונעם פון אַ מעשה־ביכל אָדער פון אַ לעגענדע. קוזמיר איז פול געווען מיט לעגענדעס און מעשיות. אויך אָט דעם ברונעם האָט י. ל. פּרץ שטאַרק אויסגענוצט אין זיין מיסטעריע. צי דער ברונעם האָט געהערט צום גוישן מיטלאַלטערלעכן הויז, צי צום יידישן קוזמיר? עס איז שווער געווען צו זאָגן. ברונעמער שווייגן. עס שווייגט אויך דאָס וואַסער אין זייערע טויבע טיפענישן. אויב שטומע זאַכן האָבן מחשבות — באַהאַלטן די ברונעמער זייערע מחשבות.

אין פּרצעס מיסטעריע הייבט דער קוזמירער ברונעם אָן צו לייכטן ביינאַכט. אָט דער ברונעם איז דער אייגנטלעכער ליכט־פּונקט ביי פּרצן. דער ליכט־פּונקט, אין וועמעס שיין עס שפּילט זיך אָפּ די יידישע וועלט־מיסטעריע צווישן אויבן און אונטן און צווישן פאַרגאַנגענהייט, קעגנוואַרט און צוקונפט.

*

אַ הויכער שיינערדיקער און שפּיציקער באַרג שטייט איבערן שטעטעלע קוזמיר עפּעס ווי אַ כותל־מערבי, ווי אַ שומר, צי ווי אַ גרויסער שאָטן — וואָרים אין קוזמיר איז אַלצדינג נישט קלאָר. אַלצדינג איז ווי פּרדס — פּירוש, רמז, דרוש, סוד. דעם קוז־מירער באַרג איז שווער מיט עפּעס צו פאַרגלייכן. גיכער וואָלט איך אים פאַרגליכן צו דעם ייד־באַרג צווישן די בערג פון דער וועלט. מן־הסתם געהער עס צו דער וועלט־מחשבה, אַז אומעטום, אויף אַלע פּליינען און דימענסיעס, זאָל גיין דאָס זעלביקע און אייביקע דראַמאַטישע שפּיל, וואָס אויף דער דימענסיע פון דער געשיכטע רופן מיר עס: די דראַמע צווישן יידן און גויים. מיר דוכט זיך, אַז צום טרעפלעכסטן און ריכטיקסטן וועט זיין צו פאַרגלייכן דעם קוזמירער באַרג, אין זיינע דימענסיעס, אין זיין מעמד און



קוזמיר (מבט מלמעלה)

קוזמיר (אַ בליק פון דער הייך)

אין זיין געשטאַלט — צו אַ גלות־ייד, צו אַ גוואַלדיק גרויסן און איבערדימענסיאָנעלן יידישן אָרעמאַן, וואָס איז אָנגעקומען פון גאָר ווייטע און אויסטערלישע מרחקים און האָט זיך אַן איינגעבויגענער אַוועקגעשטעלט איבער קוזמיר און וואַרט, אַז יידן זאָלן אים אַהיימנעמען ווי אַן אורח אויף שבת.

זיינע פולע שאַנקייטן האָט ערשט דער באַרג באַקומען דעמאָלט, ווען די מלכה־שבת האָט זיך געגרייט אַריינצוקומען אין שטעטלע קוזמיר. דאָס בין־השמשותדיקע זונליכט ערב שבת קודש אין שטעטל איז דעמאָלט געוואָרן נאָך שטילער, גאָלדיקער און איידע־לער ווי אין די טעג פון ששת ימי המעשה. יעקבס געצעלטן זענען געלעגן אין גאָלדיקן רויט. די ווייבער זענען אַרויסגעקומען אויפן מאַרק אין זייערע טערקישע טיכער — די מאַנסבילן אין זייערע בגדי־שבת. דער זון־פאַרגאַנג פון ערב שבת קודש האָט זיך ווי אויסגעמישט מיט דער יידישער הלבשה. עס האָט באַשיימפערלעך אויסגעקוקט: אויפן קוזמירער מאַרק דרייען זיך אַרום נישט קיין אָרעמע יידן און אָרעמע יידענעס, נייערט דוד המלכס און אסתר המלכהס — און זיי גייען אָנגעטאָן אין גאָלד און אין פורפור, אין טונקעלן תכלת און אין גאָלדענע אַלטוואַרגן.

פאַמעלכל איז די מלכה שבת אַריינגעקומען קיין קוזמיר. זי איז געקומען ווי די מאַמע רחל פון איר קבר אויפן וועג קיין בית־לחם, ווי די מאַמע רחל אין אַ טיפער קופּקע, אין אַ טערקיש טוך און מיט אַ זילבערנעם קרבן־מנחה־סידור אין דער האַנט. זון־פאַרגאַנג פרייטיק בין־השמשות! רזא דשבת! אין די יידישע דייזלעך גייט די מאַמע רחל בענטשן אירע שבת־ליכט. זי טוט אַ ליב־האַרציקן שמייכל צו קוזמירער יידן און זאָגט זיי: גוט־שבת, יידן! און אין דעם שמייכל פון שבת לייכט קוזמיר פון אינעווייניק און אויסנווייניק ווי אַן אור־הגנוז.

פאַמעלכל, פאַמעלכל האָט זיך אויך דער הויכער באַרג־אָרעמאַן איינגעהילט אין די שאָטנס פון פרייטיק־צו־נאַכטס, ווי ער וואָלט זיך געוועזן אָנגעטאָן אַ טונקעלע אַטלאַסענע קאַפּאָטע און געוואַרט איבער קוזמיר און געהאָרכט ווי יידן זאָגן קבלת־שבת.

*

ווען איך פלעג זיין אין קוזמיר, בין איך אָפּט פאַר די פרייטיקדיקע בין־השמשותן אַרויפגעגאַנגען אויף אָט דעם באַרג. כ׳האָב דאָרט אָפּגעוואַרט דאָס אָנקומען פון שבת־קודש אין שטעטלע. פון אויבן האָט מען געהאַט דעם בעסטן אויסבליק צו זען דאָס צוזאַמענשפּיל פון לאַנד פּה־לין מיט אירע יידן. אַרום און אַרום — ווו דאָס אויג האָט נאָר דערגרייכט — האָבן געוווינט גויים און מען האָט געזען תבואה־פעלדער. באַלד הינטער דעם באַרג־אָרעמאַן אויף אַ דערנעבנדיקן באַרג, זענען געשטאַנען די חורבות פון אַן אַמאָליקן קיניגלעכן שלאָס. — לויט דער לעגענדע, האָט דער פּוילישער מלך קאַזימיר דאָס דאָזיקע שלאָס געלאָזט בויען פאַר זיין מלכה אסתרקע. די דאָזיקע חורבה

איז אויך אַ געמיש פון פּוילישע און יידישע לעגענדעס. עס איז עפּעס ווי אַ מין קוזמיר של מעלה. וואָרים קוזמיר — ווי אַ סינטעטישע רעקאַפּיטולאַציע פון יידישע לעבן אין פּוילן, שפּילט זיך אָפּ אין אַלערליי ספערעס. ספערעס ווירקלעכע און ספערעס לעגענ־דאַרישע.

איך ווייס נישט צי עס האָט בכלל אַ היסטאָרישן יסוד די לעגענדע, אַז דער פּוילי־שער קיניג קאַזימיר האָט געהאַט אַ יידישע מלכה און איר נאָמען איז געווען אסתרקע. צו דער וווּנדערלעכער פּרשה חומש־מיט־רש״י, וואָס עס הייסט יידן אין פּוילן, געהער די דאָזיקע לעגענדע ווי אַן אָרגאַנישער קאַלאָריט. אין קוזמיר האָט זי דערגרייכט איר שענסטן אויסדרוק. זי האָט לעגענדאַריש פאַרבונדן דאָס צעפּאַלענע יידישע שטעטעלע מיט אַ פּוילישן מלך של חסד און מיט דער יידישער מלכה אסתרקע. ווו דען האָט דער מלך קאַזימיר געזאָלט אויסבויען אַ שלאָס פאַר זיין האַרץ־געליבטער אסתרקע, אויב נישט איבערן שטעטעלע קוזמיר? און ווו דען — אויב נישט הינטער דעם רוקן פון דעם איבער־דימענסיאָנעלן באַרג־אָרעמאַן?

אין אַזעלכע פּרייטיקדיקע בין־השמשותן, ווען איך בין געשטאַנען אויפן אָרעמען קוזמירער באַרג און אויסגעקוקט דאָס אָנקומען פון דער שבת־מלכתא צו די יידן און יידענעס, האָט זיך מיר תמיד אויסגעדוכט, אַז לעבן מיר שטייט די מלכה אסתרקע און זי קוקט אויך אויס דעם שבת. עס האָט זיך מיר אויסגעדוכט: איר שאָטן, אָנגעטאָן אין אַ גאָלדענער קרוין אויפן קאָפּ און מיט אַ שבתדיק טערקיש טוך אויף די פּלייצעס, איז אַרויסגעקומען פון די חורבות פון איר שלאָס. אסתרקע קוקט אַהין אויף מערב־זייט און וואַרט ווען די זון וועט זיך זעצן און עס וועט געגענען די שעה פון ליכט־צינדן. די זון נייגט זיך שוין טיפער צו מערב. קוזמיר, אירע געצעלטן און אירע יידן, הייבן אָן צו לייכטן אין טונקעלן גאָלד — אין גאָלד פון אַן אַלטן קידוש־בעכער.

פּאַמעלעך ווערט טונקעלער און טונקעלער. די מלכה אסתרקע גייט צוריק אין איר שלאָס. זי גייט דאָרט בענטשן שבת־ליכט. דער באַרג־אָרעמאַן אויף וועלכן איך שטיי, הייבט זיך אָן איינצוהילן אין שאָטנס. די הימלען פאַרגייען אין שאָטנס. דאָס שלאָס פון דער מלכה אסתרקע ליגט אין שאָטן. די קליינע פענצטערלעך און די קוזמירער מפולתן הייבן אָן צו ציטערן מיט שבת־ליכט. די הימלען ציטערן מיט זייערע שטערן איבער קוזמיר. רזא דשבת! עס איז שטיל און הייליק אין די אהלי־יעקב אויף דער פּוילישער ערד, ווען דער ליבער שבת־קודש קומט אָן צו מזל און צו ברכה.

*

אין אָט דעם יידישן שטעטעלע בין איך אָנגעקומען האַרט פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה. איך האָב נישט געוווּסט — צי נישט געוואָלט וויסן — אַז באַלד פאַלט צו דער שוואַרצער פאַרהאַנג איבער פּוילן און די טעג פון פּוילישע יידן אויף דער פּוילישער ערד

זענען שוין וויינציקע און געציילטע. דאָס שיקזאַל קלאַפּט שוין ביי דער טיר — דער מענטש וויל נאָך אַלץ נישט וויסן ווער עס רופט.

דאָס שטעטעלע איז נישט געווען צו דערקענען. עס האָט אויסגעקוקט גלייך ווי אינערלעכע פינצטערע שטורעם־ווינטן בושעווען אין קוזמיר און די אהלי־יעקב ציטערן ווי בלעטלעך אין דער לופטן. די אידילישע שטילקייט פון שטעטל האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ ביטערער מרה־שחורה. עס האָט אויסגעקוקט — ווי מאַנסבילן און ווייבער גייען אין די זאָקן. איבער גאָר דער וועלט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ תשעה־באב — און טיטוס הרשע האָט זיך אַוועקגעשטעלט מיט זיינע חיילותן איבערן יידישן שטעטעלע. די אימה האָט זיך נאָך געשטאַרקט דערמיט, וואָס איבער די געזימסן פון דעם טונקעלן מיטלאַל־טערלעכן הויז. וואָס אויפן מאַרק, האָט מען אויפגעהאָנגען אַ שאַליקן ראַדיאָ־רעדער. האָט ער מיט אַ וויסט און שאַרף קול אַריינגעשריגן אין קוזמירער מאַרק און דערציילט פון דעם שוואַרצן געוויטער, וואָס עס גרייט זיך אויף פוילן און אויף דער גאַרער וועלט. טיילמאָל זענען אַלע געשרייען פון ראַדיאָ־רעדער אַנטשטומט געוואָרן. מען האָט געהערט דאָס הייזעריקע געוואָיעריי פון אַדאָלף היטלער און ער האָט ווידער דערמאָנט, אַז עס איז געקומען דער סוף פון יידישן פאָלק און אַז ער, אַדאָלף היטלער, וועט יידן אויסראָטן ביז אויף איינעם.

קוזמירער יידן זענען אַרומגעגאַנגען שטילע און מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, ווי שעפּע־לעך פאַר דער שחיטה און ווי די אייביקע אבלים פון דער וועלט.

די ערד האָט מיר געברענט אונטער די פיס און איך בין צוריק געלאָפן קיין וואַרשע. אין די עטלעכע טעג וואָס איך בין דאָרט נישט געווען, האָב איך אויך וואַרשע נישט דערקענט. וואַרשע האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גרויס תשעה־באבדיק קוזמיר. דאָס אימהדיקע עצבות האָט אַראָפּגעשריגן פון אַלע ווענט. איבער די גאַסן זענען געגאַנגען מענטשן מיט לאָפּעטעס. עס האָט אויסגעקוקט גאָר אומעטיק צו זען ווי אויך חסידישע יידן און אַלטע יידישע ווייבער טראָגן לאָפּעטעס און גייען אויפגראָבן וואַרשע. אומעטום האָט מען געגראָבן שוצגראָבנס, כדי איינצוהאַלטן היטלערן.

די וועלט־קאַטאַסטראָפע האָט זיך דערנענטערט צו פוילנס גרענעצן.

ס׳איז געקומען דער מלחמה־טאָג.



מ. צאַנין

# קוזמיר

(פונעם בוך „איבער שטיין און שטאָק", אַ רייזע איבער הונדערט חרוב־געוואָרענע יידישע קהילות אין פוילן. פאַרלאַג „לעצטע נייעס", תל־אביב, 1952).

צווישן גרינע וואַלדיקע בערג און דער שטילער ווייסל, איז אין אַ טאָל ווי אין אַ ווייך אויסגעבעטע וויגעלע, געלעגן אַ שטעטל קוזמיר. נאָך איידער קוזמיר איז געוואָרן אַ שטאָט, איז שוין דאָ געווען אַ יידישע קהילה, אַ קליינע קהילה, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אין שכנות פון די קיניגלעכע תבואה־סקלאַדעס, וואָס זענען געלעגן אויפן וועג פון וואַרשע קיין פלאָצק און דאַנציק.

וווּנדערלעכע צייטן פון עליה האָט קוזמיר איבערגעלעבט. איבערן שטעטל אויף אַ גרינעם באַרג, האָט זיך אויפגעהויבן דער שלאָס פון קיניג קאַזשימיעזש דעם גרויסן, וואָס האָט געהאַט פאַר אַ ווייב אַ יידישע טאָכטער — אסתרקע האָט זי געהייסן. האָט זיך אין דעם מאָלערישן קוזמיר איבערגעחזרט דער עפּאָס פון אסתר־המלכה פון שושן־הבירה — דאָס מאָל אין דעם קליינעם דערפל באַכאַטניצע ביי דער ווייסל. און דעם מלכס ליבע צו דער ידישער טאָכטער האָט אַראָפּגעשיינט אויך אויף דעם ידישן קוזמיר. האָבן יידן געאַרבעט און געמסחרט פון פּולאַוו ביז דאַנציק, געליפערט ווייץ און קאָרן פון די פּוילישע פעלדער, האָלץ געלאָזט אין טראַטוועס איבערן טייך, און פרומע דורות דערצויגן.

אַ שול האָבן קוזמירער יידן געהאַט — אַן אוצר און רום איבער די לענדער פון פוילן. געשטאַנען איז די שול צווישן שמאָלינקע געסלעך, אַרומגעשטעלט מיט הייזער און געשיצט ווי אַ בת יחידה. פלעגט קומען אַ גאַסט קיין קוזמיר, פלעגן אים יידן ווייזן די שול און דאָס יאָר ווען זי איז געבויט. נאָך אין די צייטן פון עלפטן יאָרהונדערט — אין 1099. און פונקט ווי די יידן אין טאָל, אַזוי האָט אויך אסתר המלכה ליב געהאַט די שול מיט דער ליבע פון אַ ידישער טאָכטער. האָט זי פון קיניגלעכן פּאַלאַץ אַראָפּגעשיקט אַ מתנה — אַ פּרוכת, וואָס זי האָט אַליין אויסגעשטריקט מיט גאָלד־פעדעם. האָט די

גאָלדענע שלאַנג וואָס האָט אָנגערעדט חוהן צו שלעכטס, זיך געראַנגלט אין אויסטער־לישע קראַמפּן און הונדערטער יאָרן האָט אַראָפּגעשעמערירט פון פּרוכת אין דער קוז־מירער שול די ערשטע מענטשלעכע עבירה — די זינד פון וויסן. און צוויי זילבערנע תורה־קרוינען, וואָס האָבן ביז די לעצטע טעג פון קוזמיר באַשיינט די זקנים־קעפּ פון די קוזמירער ספרי־תורהס.

האָבן די קוזמירער יידן געלאָזט כתיבהן אַ סידור אויף פּאַרמעט מיט אַ „מי שברך״ פאַרן קיניג קאַזשימיעזש און אויפגעצייכנט אַ בילד, ווי דער מלך נעמט־אויף אַ יידישע דעלעגאַציע, וואָס איז אים געקומען דאַנקען פאַר דעם גענאָד, וואָס ער האָט געטאָן צו דער קהילה קדושה.

דער מלך איז געשטאָרבן, די מלכה איז געשטאָרבן, אָבער די קוזמירער קהילה האָט געבליט און געבויט אַ יאָרהונדערט נאָך אַ יאָרהונדערט — גוטע שטאָלצע יידן. אויף אַלץ זענען שטאָלץ געווען קוזמירער יידן: אויף דער שטאָט, אויף דער שול, און אויף דעם ברונעם וואָס שטייט אין מיטן מאַרק, אויף דער ווייסל וואָס פליסט פאַרביי די שטאָט, אויף זייער אסתרקען, וואָס האָט נושא־חן געווען אין די אויגן פונעם גוטן מלך און ועל כולם זענען זיי שטאָלץ געווען אויף זיך אַליין, וואָרעם אַרבעטזאַמע און אָרנטלעכע יידן זענען זיי געווען.

ווער עס האָט ניט געזען מיט וואָס פאַר אַ יראת הכבוד דער קוזמירער גבאי ר׳ שיע קאַפּלאַן פלעגט אַרויסציען פאַר געסט די זילבערנע קרוינען פון די זילבער־קאַסטנס, ווי מען נעמט אַרויס טייערע אתרוגים — דער האָט קיין צאַרטע באַציונג צו הייליקייטן נישט געזען. ער האָט זיי נישט געלאָזט מיט קיין פינגער באַרירן, טאָמער וועלן די גלעקלעך פאַרלירן פון זייער קלאַנג, טאָמער וועלן די דינע צייכענונגען חס וחלילה פאַרשווינדן פונעם אַלטן זילבער...

די שיינקייטן פון קוזמיר האָבן צוגעצויגן יידישע מאָלער, וועלכע האָבן דאָ געפונען דעם קוואַל פון צויבער און אַ פאַרבן־געזאַנג פון וואַסער און וואַלד; און אַ מאָדנע גע־בענטשטע ליכטיקייט האָבן דאָ געהאַט די פּנימער פון יידישע אַלטע זקנות און זקנים, אַ ליכטיקייט, וואָס פלעגט זיך אַזוי ווונדערלעך איבערגיסן אויף די לייוונטן פון די בילדער און זיך פאַרוואַנדלען אין צעגליטן קופּער.

און וועלכער יידישער קונסט־מאָלער איז נישט געקומען שעפּן פון דעם קוזמירער קוואַל? נתן קאָזשען האָט געפונען דאָ די סודותדיקייט פאַר זיינע לאַנדשאַפטן, וויצעק ברוינער האָט דאָ אַנטדעקט די פרומע שטילקייט פון יידישע אויגן, יאַשאַ שליוואָניאַק האָט אין מעש־בלעכן אויסגעשמידט דעם קוזמירער ייד, נתן שפּיגעל האָט די שטילקייט פון די יידישע געסלעך פאַראייביקט, פעליקס פרידמאַן האָט אין די שאָטנס פון די קוזמירער בערג־דורכגענג געפונען די געצוימטקייט פון זיינע פאַרבן. און אויפן ברעג

פון דער ווייסל האָט טיקאָטשינסקי געשעפּט דאָס גאָלד פון דער קוזמירער געבענטשטער ליכטיקייט.

אין די זומערס האָט דאָ געפּלייצט מיט יונג יידיש לעבן. פון די גרויסע אָנגעגליטע שטעט זענען קיין קוזמיר געקומען טויזנטער פון יידישער יוגנט. אויף די וואַלדיקע בערג־רוקנס האָבן יידישע קינדער צעלייגט זייערע זומער־לאַגערן. אויף דעם גאָלדענעם זאַמד פון די ווייסל־ברעגעס האָבן יידישע קינדער אַריינגעעטעמט די פרישקייט פון דער זון און לופט, וואָס זיי האָבן אַזוי ווייניק געהאַט אין זייער וואָכעדיק לעבן. האָבן די שמאָלע בערג־שטעגלעך — די „וואָנוואָזן" — טעג און נעכט געשאָלט מיט יידיש געזאַנג און פרייד. דאָ האָבן זיך זייערע בענקשאַפטן באַפרייט פון דער גרויסשטאָטישער צוים און זיך פונאַנדערגעפלאַסן אין אַזאַ גליקלעכן הפקר. אויף דער ווייסל האָבן יידן מיט גראָע בערד געשיפט די שיפלעך פאַר דער יידישער יוגנט און שוין צום טויזנטסטן מאָל איבערדערציילט די ווונדערלעכע מעשיות פון אסתרקען דער מלכה, וואָס די חורבות פון איר פאַלאַץ שטייען נאָך ביז היינט אויפן באַרג־רוקן פון שכנותדיקן באָכאָטניצע. און די צעפלאַמטע בענקשאַפטן פלעגן שפּעטער אַוועקפירן די יוגנט צו די קיניגלעכע חורבות, ווו ס'האָט זיך געדאַכט, אַז יעדער ציגל שעפּטשעט מיט ליבע, מיט צאַרטקייט — די ראָמאַנטישקייט פון פאַרגאַנגענע צייטן.

און אין די נעכט פלעגן אויף די באַרג־רוקנס אויפגייען די פלאַקערן פון די לאַגערן, די פלאַקערן, אַרום וועלכע די יידישע יוגנט פלעגט ביז שפּעט אין דער נאַכט אויסזינגען אירע לידער און אויסטאַנצן אירע טענץ.

פון די יוסטע פענסיאָנאַטן פלעגן זיך די עלטערע איינהערן אין דעם געזאַנג, וואָס פלעגט אַהערקומען פון די בערג און פון די „וואָנוואָזן" און מיט דעם צאַפּל פון זייערע הערצער מיטגעלעבט מיט דעם גליקלעכן קוזמיר.

אין די פרייטיק־צו־נאַכטסן פלעגט דער קוזמירער מאַרק זיך צעזינגען מיט זיין אייגן געזאַנג. עס האָט זיך געדאַכט, אַז די זון אַליין, ווען זי גייט אַוועק פון שטעטל, צינדט זי אָן מיט איר לעצט פייער די שבת־ליכט. און דער שבת קודש האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער קוזמיר: איבערן מאַרק, איבערן ברונעם אויפן מאַרק און איבער די דעכער פון די יידישע הייזלעך. פון אַלע פענצטער האָבן אַרויסגעלייכט די שבת־ליכט און די קוזמירער פאַרהאָרעוועטע יידן פלעגן דעמאָלט אַליין געניסן פון דער שיינקייט פון זייער שטאָט. דעמאָלט פלעגן די געזאַנגען אין די „וואָנוואָזן" און אויף די בערג שטילער ווערן, ווי דער שבת וואָלט נישט פאַרטראָגן קיין צו הויכע טענער. און עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַפילו די ווייסל פליסט איצט שטילער, פאַמעלעכער, זי קוקט זיך צו צום שטילן צויבער פון קוזמירער שבת און פליסט אַוועק צום ים אַ פרומע, אַ שבתדיקע...

ווען איך בין איצט געקומען קיין קוזמיר און דערזען פאַר זיך דאָס חרובע שטעטל,

דעם חרובן מאַרק און די חרובע געסלעך, האָב איך געמוזט זוכן סימנים צי איך האָב נישט פאַרבלאָנדזשעט ערגעץ־ווּ אין אַן אַנדער מקום.

איך פאַרהאַלט אַ פאַרבייגייער און שטעל זיך פאַר אים פאָר:

— איך בין אַן ענגלענדער, אַן ענגלישער זשורנאַליסט, איך האָב געהערט, אַז אייער שטעטל איז אַ היסטאָרישס, צי קענט איר מיר נישט אָנווייזן עמעצן, וואָס זאָל מיר איג־פאָרמירן, וואָס דאָ איז אַמאָל געווען?...

— יאָ, — זאָגט ער, — דאָרט אויבן, נעבן די חורבות פון קיניגלעכן שלאָס, וווינט אַ מאָלער, מיכאַליאַק הייסט ער, ער קען גוט דאָס שטעטל. און אויך דאָ, אין דער אַפּטייק — ווייזט ער מיר אָן — וועט מען דיר קענען זאָגן. איך בין דאָ אַ פרישער, ווווין נישט לאַנג אין קוזמיר, קען איך דיר גאָרנישט זאָגן.

אין דער אַפּטייק נעמט מיך אויף אַן אַלטינקע פרוי, דאָס פּנים צעאַקערט פון יאָרן און אויגן — אומעטיקע. זי איז נישט לאַנג, זאָגט זי, אין קוזמיר. ס׳הייסט: זי איז דאָ אַ געבוירענע, זי איז אַפילו געווען אַ סך יאָרן אַ מיטגליד אין היגן שטאָטראַט, אָבער דער מלחמה־שטורעם האָט זי פאַרטריבן פון קוזמיר און ערשט צוויי וואָכן ווי זי וווינט ווידער אין קוזמיר. די פרוי קוקט מיר גלייך אין די אויגן, זי זוכט עפּעס אין מיין פּנים און קוקט אויף מיין נאָז פּונקט ווי איך קוק אויף איר אָדלער־נאָז. איך פיל, אַז זי וויל עפּעס פרעגן און צום סוף פרעגט זי:

— איר זענט נישט פון פוילן? אייער פוילישע אויסשפּראַך איז אַן אויסלענדישע.

— יאָ, — זאָג איך — איך בין אַן ענגלענדער. עס אינטערעסירט מיך די שטאָט פון קיניג קאַזשימיעזש דעם גרויסן, ער איז אַ גרויסער מענטשנפריינד געווען — זאָג איך.

— יאָ, ער איז געווען דער פאָטער פון אונדזער שטאָט... — שטרייכט זי אונטער דאָס וואָרט „אונדזער" — און פאַרוואָס אינטערעסירט אייך דווקא קוזמיר? — איז אונ־דזער שטאָט אַזוי פּאָפּולער אין אויסלאַנד?

— אין אונדזער אויסלאַנד — זאָג איך — זענען אַ סך פוילישע שטעט און שטעט־לעך פּאָפּולער. און מיך אינטערעסירן אַלע חרוב געוואָרענע קוזמירס אין פוילן...

די פרוי כאַפּט־אָן מיין האַנט און זאָגט מיר שטיל:

— ס׳איז אַ גרויסע איבערלעבונג פאַר מיר, וואָס איר זענט אַהערגעקומען... איך וויל אייך עפּעס זאָגן... איך וויל אייך אַלץ דערציילן, אָבער איך מוז זיך אַ ביסל באַרויקן... אַזוי ווינציק אויסלענדער קומען צו אונדז...

איך בין אַוועק צו דעם מאָלער מיכאַליאַקן, ער איז נישט געווען אין שטוב. זיין פרוי האָט מיך אַריינגעבעטן אין אַטעליע. אָנגעלענט אָן דער הויפּט־וואַנט, איז געשטאַנען אַ ריזיק נישט פאַרענדיקט בילד: דער פאַרווונדעטער ישו הנוצרי אויף די הענט פון זיין מוטער מאַריאַ און אונטן — אַ סצענע פון אַ פוילישער פרוי איבער אַ פאַרווונדעטן פוילישן זעלנער.

— די אַרבעט האָט דער פולאַווער קאָשציאָל באַשטעלט ביי מיין מאַן — זאָגט די פרוי — אָבער מיין מאַן האָט איצט ווייניק צייט אויף אַרבעטן. מיר בויען אין שטאָט אַ גרויסן פענסיאָן און דאָס פאַרשלינגט לידער די גאַנצע צייט...

— דאַכט זיך — רייס איך איר איבער די רייד — קוזמיר איז געווען אַמאָל אַ צענ־טער פון מאָלער.

— יאָ — ענטפערט זי — אַמאָל האָבן דאָ געלעבט אַ סך יידן און אַ סך יידישע מאָלער האָבן דאָ געאַרבעט.

— איז עפּעס פאַרבליבן פון די אַלטע בילדער?

— מסתמא נישט. בכלל איז ווייניק פאַרבליבן יידישע זאַכן. דאָס פאָלק האָט אַלץ צעכאַפּט און די אינטערעסאַנטערע זאַכן זענען פאַרברענט געוואָרן.

אַ קליין יינגעלע, דעם מאָלערס קינד, וואָס איז אַנוועזנד אין אַטעליע שרייט אויס:

— מאַמע, אין קאַסטן אין קעמערל ליגט אַ לייכטער!

די פרוי האָט זיך נישט פאַרלוירן:

— בעת דאָס „פאָלק" האָט גערויבט, האָבן מיר אויפן וועג פאַר אונדזער טיר געפונען אַ לייכטער, אָדער עפּעס ענלעכס מיט אַכט רערלעך, אַן אומוועדטיקע זאַך פון מעש...

— איך וואָלט דאָס געוואָלט זעען — לייג איך פאָר.

— מאַמע, איך וועל עס ברענגען! — שרייט ווידער אויס דאָס יינגעלע.



בית־הכנסת די שול

— ניין, מען דאַרף נישט — ענטפערט די מוטער געלאַסן. — ס׳איז עפּעס אַן אומ־ווערטיקער „טשוואָק"...

— ווען עס זאָל נישט זיין שווער, וואָלט איך דיר געבעטן מיר דאָס ווייזן. ביי אונדז אין ענגלאַנד האָבן מיר אַ שטאַרקן אינטערעס פאַר אַלטע יידישע זאַכן, אַפילו ווען זיי זענען אומווערטיקע „טשוואָקעס" — זאָג איך פלעגמאַטיש.

— עס איז מיר באמת שווער איצט צו גיין עס אויסזוכן צווישן דעם אַלטוואַרג און שמאַטעס.

דאָס ייִנגעלע האָט נאָך אַמאָל אויסגעשריגן, אַז ער ווייסט ווו „דאָס" ליגט און ער איז גרייט „עס" צו ברענגען. די מוטער האָט אַלס שטראָף אַרויסגעשיקט דאָס קינד פון צימער און איך בין אַוועק זיך זען מיט איר מאַן, דעם קונסטמאָלער, וואָס בויט אַ פּענ־סיאָן אין קוזמיר...

איך האָב אים געטראָפן ביי דער אַרבעט, דעם בעל דבר. ער איז גרייט מיר אַלץ צו ווייזן, ווייזט ער מיר קודם דאָס ראַטהויז, אַ היסטאָרישער בנין, וואָס ווערט איצט רעסטאַווירט. עטלעכע אַנטיקע בנינים, וואָס מען פאַריכט און דעם קאַשציאַל, וואָס מען האָט שוין דערפירט צום צושטאַנד פון פאַר דער מלחמה. דאָס איז אַלץ, וואָס ער האָט מיר צו ווייזן אין קוזמיר. זאָג איך אים:

— אין אַ קונסט־קאַטאַלאָג האָב איך געהאַט געזען אַן אַנטיקע יידישע שול פון קוזמיר.

— אַך, — זאָגט ער צו מיר — איך אינטערעסירן אויך אַזעלכע זאַכן?

— זייער. ביי אונדז אין ענגלאַנד אינטערעסירט מען זיך מיט אַלץ, וואָס איז איבער־געבליבן פון יידן — זאָג איך אים.

— כמעט גאָרנישט איבערגעבליבן — ענטפערט ער קורץ און מיר גייען צו דער שול.

און איך האָב געזען:

דאָס גאַנצע שול־געסל איז חרוב. פון דער שול זענען איבערגעבליבן בלויז די דיקע שטיינערנע ווענט. אַלע יידישע הייזער אויפן מאַרק (און כמעט אַלע זענען יידישע געווען) שטייען אין חורבות. און דער פירער מיינער דערציילט מיר, אַז צוויי מאָל האָט קוזמיר געליטן: אין אָנהייב מלחמה, ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען די שטאָט, און שפּעטער, בעת די דייטשע און רוסישע קאַמפן איבער דער ווייסל. ביידע מאָל איז די שול ניצול געוואָרן, זי איז אָבער צעריסן געוואָרן דורך דער באַפעלקערונג, ווייל אַלץ וואָס איז געווען שיין אין דער שול, איז געווען פון האָלץ: דער סטילאַרטיקער דאַך, דער אָרון־קודש, דער בעלעמער, דער באַלקן און דער דיל. האָבן פויערים געדאַרפט האָלץ אויף צו הייצן — זענען זיי פאַרפאָרן מיט וועגענער צו דער שול און אויסגעהאַקט האָלץ ווי אין אַ וואַלד. אַפילו די דייטשן האָבן געשוינט די שול — אַזוי דערציילט מיר דער מאָלער — ווייל ער, מיין אינפאָרמאַטאָר, זאָל זיי האָבן אויפגעקלערט, אַז דער בנין איז

אַן אַנטיקער. אָבער די פויערים האָט מען נישט געקענט אויפקלערן, ווייל קאַלט איז געווען און צו דער שול און צום בית־מדרש — נענטער ווי צום וואַלד... אויף דעם זעלבן אופן האָבן די אויסוואורפן צעריסן פיל ידישע הייזער.

דאָס גיהנום האָט זיך אָנגעהויבן נאָך פיל פריער: בעת די גרויסע פרעסט אין יאַנואַר 1940, האָט מען די יידן אַרויסגעיאָגט פון די הייזער און צוזאַמען מיט די פולאַווער יידן געטריבן צופוס קיין אָפּאָלע. אויפן וועג האָבן די דייטשן און אוקראַינער געשאָסן טויזנ־טער יידן, וועלכע זענען געבליבן ליגן אויפן שאָסיי.

די לעבנגעבליבענע זענען פאַרטריבן געוואָרן אין אַ לאַגער און אין 1941 זענען זיי אַלע אומגעקומען אין בעלזשעץ.

נאָכן אַרויסטרייבן די יידן, האָט זיך די פוילישע באַפעלקערונג אַ לאָז געטאָן נאָך רויב. די צווייטע כוואַליע רויבער זענען געקומען אַפילו פון די ווייטסטע דערפער אַרום. און דער מאָלער איז זיך מתוודה פאַר מיר:

— גראָד יענעם טאָג ווען מען האָט די יידן פאַרטריבן פון שטאָט, בין איך נישט געווען אינדערהיים. ווען איך בין אויפצומאָרגנס געקומען, איז שוין אַלץ געווען צעכאַפּט... קיין ברעקל זילבער איז שוין אין שול נישט געווען. און פון די באַהעלטענישן האָט מען געהאַט אויסגערויבט די זילבערנע קרוינען, די לייכטער, אַלץ. בלויז איין מעשענעם לאָמפּ מיט אַכט רערלעך האָב איך אויסגעפונען. דאָס איז געווען אַלץ, וואָס איז געבליבן פון דער שולס אוצרות.

דער אָרעמער מאָלער, וואָס בויט איצט אַן אייגענעם פענסיאָן, האָט נעבעך נישט געוווסט, אַז וועגן דעם זעלבן „לייכטער מיט אַכט רערלעך" האָט מיר זיין פרוי דערציילט אַן אַנדערע מעשה.

— און מער פון די ידישע זאַכן האָט זיך ביי דיר נישט אויפגעהאַלטן? — פרעג איך דעם מאָלער.

— יאָ, — זאָגט ער, — כ'האָב זי געקויפט ביי אַ פויער, וואָס האָט גערויבט אין דער שול. כ'האָב באַצאָלט פאַר איר אַ האַלבן קוב צוקער און דערצו נאָך געמאָלן אַ פּאָרטרעט פאַר דעם פויערס פרוי. אָבער די ספר־תורה האָב איך שוין פאַרקויפט. צען טויזנט זלאָטעס האָב איך באַקומען פאַר איר.

— און ידישע בילדער האָבן זיך ביי אייך נישט אויפגעהאַלטן?

— האָ, — טוט ער אַ מאַך מיט דער האַנט — ידישע בילדער זענען געווען אין די הונדערטער. אָבער אַלץ איז צעכאַפּט געוואָרן. אין די קאַלטע טעג האָט מען מיט זיי געהייצט די אויוונס, אַ ביסל בלויז איז דאָך פאַרבליבן ביי דעם קוזמירער סוחר טאַדעוש די פענצטער זענען קיין שויבן נישט געווען — האָבן די זעלנער די לידיקע פענצטער־ראַמען אויסגעפילט מיט בילדער, אָנשטאָט שויבן. מיט דער רעשט בילדער האָבן זיי געהייצט די אויוונס אַ ביסל בלויז איז דאָך פאַרבליבן ביי דעם קוזמירער סוחר טאַדעוש

אולאַנאָווסקי. ביי אַ צווייטן מאָלער, וועלכער וווינט ביי דער ווייסל, זענען פֿאַראַן סאַמע־טענע „אויבערציען" צו ספר־תורהס און קליינע זאַכן פון זילבער.

נאָך דעם ווי איך האָב זיך געזעגנט מיטן מאָלער, בין איך אַוועק צום סוחר, וואָס האָט יידישע בילדער. אַנשטאָט דעם סוחר, האָב איך געטראָפן זיין פרוי. פון אָנהייב האָט זי מורא געהאַט צו רעדן, אָבער ווען איך האָב איר געוויזן מיין בריטישן פּאַס און געזאָגט, אַז איך בין אַ זשורנאַליסט, האָט זי זיך מודה געווען, אַז זי האָט בילדער פון נתן קאָזשען און נתן שפּיגעל. נאָר זי ווייסט נישט ווו איר מאַן האָט די בילדער באַהאַלטן:

— מעגלעך אויפן בוידעם און מעגלעך ערגעץ אַנדערש.

האָב איך צופעליק אַריינגעקוקט אין צווייטן צימער און געזען די ווענט באַהאָנגען מיט פּייזאַזשן. אַז איך האָב געוואָלט אַריבערטרעטן די שוועל פון צימער האָט זי פאַר־מאַכט די טיר און זיך אויפגערעגט:

— מיין טאָכטער שלאָפט דאָרט!

אַלץ איז געווען פאַר מיר קלאָר.

ווען איך בין צוריקגעגאַנגען צום מאַרק, האָט שוין די שטאָט געוווּסט, אַז עס געפינט זיך דאָ אַן ענגלישער זשורנאַליסט און אַז ער פרעגט זיך אויף יידן. פון די איינציקע גע־וועלבער ביים קאַשציאָל, פון רעסטאָראַן, האָבן אַרויסגעקוקט מענטשן און נאָכגעקוקט מיינע טריט.

איך בין אַריין אין דער אַפּטייק. די אַלטע פרוי האָט זיך דערפרייט מיט מיר און אַריינגעבעטן מיך אין אַ זייטיקן צימער.

— דו האָסט דערקענט, אַז איך בין אַ יידישע פרוי? — פרעגט זי — מיין נאָמען איז ניסנזאָן. איך בין די ערשטע יידישע פרוי אין קוזמיר נאָך דער מלחמה. אַ יידישער פוס טאָר די דאָזיקע ערד נישט באַטרעטן. פאַר אַריינלאָזן מיך אין דער שטאָט, האָב איך געגעבן צוואַנציק טויזנט זלאָטעס אויף אַ זייגער פאַרן קאַשציאָל און דער גלח האָט זונטיק געהאַלטן אַ רעדע פון בעלעמער, מען זאָל מיך לאָזן וווינען אין קוזמיר, ווייל איך האָב צוריקבאַקומען די אַפּטייק און איך וועל פאַרקויפן ביליק רפואות. פויערטעס קומען איצט צו מיר און קושן מיר חניפהדיק די האַנט, איך זאָל זיי געבן אַזעלכע גוטע רפואות ווי פאַר דער מלחמה. אָבער מיין מאַן האָט מורא געהאַט צו קומען אַהער. זיי וועלן אים שעכטן. זיי האָבן צופיל אויף זייער געוויסן. זיי האָבן מורא צו קוקן אַ ייד אין די אויגן אַריין. וווינט מיין מאַן אין לאָדזש און איך — דאָ.

— נו, און אויך איך בין אַ ייד — זאָג איך איר.

— איך האָב פאַרשטאַנען — זאָגט זי מיט פרייד — וואָרעם וועלכער גוי וועט זיך אינטערעסירן מיט יידן היינט? אָבער זיי פאַרזיכטיק. מיכאַליאַק, דער מאָלער, איז שוין געווען ביי מיר און דערציילט, אַז דער ענגלישער זשורנאַליסט וויל וויסן בלויז וועגן יידן. און ער בויט אַ פּענסיאָן. פאַר דער מלחמה איז ער געווען אַן אָרעמער פויערישער זון און

היינט איז ער דער רייכסטער בירגער אין קוזמיר. איך האָב ביי אים געקויפט אַ ספר־תורה פאַר צען טויזנט זלאָטעס, אָבער ער וויל איך זאָל אים געבן נאָך געלט. ער האָט אוצרות פון יידישע זאַכן. און נישט נאָר ער. אַלע אין שטאָט האָבן געירשנט די יידן. וואָס זיי האָבן נישט באַוויזן צוצורויבן, האָבן זיי די רעשט אָפּגעקויפט ביי די דייטשן. היינט לעבן זיי פון דעם וואָס זיי פאַרקויפן יידישע זאַכן, וואָרום, ווי דו זעסט, איז קוזמיר היינט אַ חורבן. קיינער קומט נישט מער אַהער. פאַר דער מלחמה האָבן דאָ געלעבט העכער דריי טויזנט יידן און אין די זומער־חדשים זענען געקומען פיל טויזנטער געסט. היינט גייט דאָ אַרום דער טויט. נישטאָ גאָרנישט, האָסט געזען דעם מאַרק? האָסט גע־זען די חרובע הייזער?

כ'האָב זיך געזעגנט מיט דער פרוי און אַרויס אויפן מאַרק. אויף די ווענט פון די חרובע יידישע הייזער האָב איך נאָך אָפּגעפונען יידישע אויפשריפטן, וואָס האָבן גערופן די קוזמירער יידן זיי זאָלן שטימען פאַר דער ליסטע נומער זיבן צו די קהילה־וואַלן...

איך האָב זיך געזעגנט מיט די לעצטע יידישע אותיות אויפן קוזמירער מאַרק און אַוועק צו דער ווייסל זיך אַריבערשיפן אויף דעם אַנטקעגנאיבערדיקן ברעג, וווּ עס ליגט דאָס פּיצינקע שטעטעלע יוניוווצע.





אַ בליק אויפן שטעטעלע יאַניוווצע — מבט על העיירה ינובצה



בית־הכנסת — די שול

## צוויי יידישע אַלטערטימלעכקייטן אין קוזמיר

(אויסצוגן פונעם מדריך־אינפאָרמאַטאָר איבער קוזמיר „קאַזשימיעזש דאָלני — זיינע אַלטערטימלעכקייטן און אומגעגנט, 1333—1933". יובל־אויסגאַבע צום 600סטן יאָרטאָג פון קרוינען דעם קיניג קאַזשימיעזש דעם גרויסן. אַרויסגעגעבן דורך דער געזעלשאַפט פריינד פון קוזמיר א"ד ווייסל. ז"ז 128. אין פויליש).

### די סינאַגאָגע

די סינאַגאָגע אין קוזמיר איז אַן אינטערעסאַנטע געביידע מיט אַן אָריגינעלער און גלייכצייטיק שיינער הילצערנער קאָפּול, אין וועלכער עס געפינען זיך פיל סימבאָלן. זי שטייט ביים רינעק און אויף דער לובלינער גאַס.

די אייגנטלעכע דאַטע פון אויפשטעלן דעם בנין איז שווער פעסטצושטעלן צוליבן מאַנגל פון מאַטעריאַלן. די מיינונג פון שילערס און פון אָרטיקע יידן, אַז די שול איז כלומרשט אויפגעבויט געוואָרן אין יאָר 1099, אויפן סמך פון די פעסטגעשטעלטע דאַטעס פונעם אָנקומען פון יידן קיין פוילן. דעם דאָזיקן טערמין, וואָס אַנטשפּרעכט נישט דער אייגנטלעכער דאַטע פון אויפשטעלן די סינאַגאָגע אין קוזמיר, דאַרף מען פאַרעכענען צו אַן אַנדערן פאַל אין דער יידישע געשיכטע.

די יידישע ישובניקעס פון יענער צייט זענען געווען פּראָסטאַקעס, גרויסע עם־הארצים און נאַיווע מענטשן, וועלכע האָבן נאָר געוווּסט, אַז אויפן הימל איז דאָ אַ גאָט און אויף דער ערד איז דאָ אַ פּוילישער גוטבאַזיצער, וועמענס ווערטער זענען „הייליק" און מ׳טאָר אין זיי נישט צווייפלען. ס׳איז דעריבער קיין ווּנדער נישט, וואָס דעם פּריצס רייד האָבן געמאַכט אויף זיין פאַכטער אַ שטאַרקן איינדרוק, און קומענדיק פאַר פּסח אין שטאָט, איז ער גלייך אַריין צום רב און גענומען מיט אים זיך קריגן:

— איך בין טאַקע אַ ישובניק — האָט געטענהט דער פאַכטער, — דאָך אָבער געהער איך צו אייער קהילה, אַז גאָט האָט מיך געשטראָפט, אַז איך וווין ווייט פון יידן, בין איך שוין ערגער פון אַלעמען און מען דאַרף מיך שוין דעריבער נישט פאַרבעטן צו קיין מצווה? צי זענען מיינע גילדנס — טשוועקעס? איך שטייט גאַרנישט אָן, אַז איך זאָל מיך צוגלייך מיט אייך באַטייליקן אין אַ מצווה?

— איך פאַרשטיי נישט וואָס דו רעדסט — האָט דער רב געזאָגט.

מאָשקע האָט זיך צוגעבויגן צום רב און האָט אים איינגערוימט אין אויער:

— איך ווייס דאָך, אַז אַלע יאָר פאַר פּסח זענט איר מקריב אַ קריסטלעך קינד און באַשפּריצט מיט זיין בלוט די מצות. פאַר וואָס זאָלט איר עס באַהאַלטן פון מיר? צי זענען מיינע זיידעס נישט געשטאַנען אויפן באַרג סיני? מען האָט דאָך מיך קיין איין איינציק מאָל אין מיין לעבן נישט מכבד געווען מיט דער דאָזיקער מצווה, מען האָט מיך נישט גערופן, נישט ביים מקריב זיין און נישט ביים באַשפּריצן. פאַר וואָס קומט דאָס מיר?

דער רב האָט זיך זייער דערשראָקן און אים געפרעגט:

— ווער האָט דיר דאָס אַלץ געזאָגט?

— מיין פּריץ האָט עס מיר געזאָגט, עס איז דאָך מיר אַ חרפּה און אַ בושה פאַר אים, אַז ער, אַ קריסט, ווייסט עס מיט אַלע פּרטים, און איך, אַ ייד, ווייס גאַרנישט.

הערנדיק אַזעלכע ווערטער, האָט דער רב פאַרשטאַנען מיט וואָס דאָס שמעקט און האָט צו אים געזאָגט:

— מילא, וואָס געווען איז געווען, און איך בעט ביי דיר מחילה, קום היינט אין אָונט צו גיין אין שול און איך וועל דיר אָפּגעבן כבוד פאַר גאַנץ קהל אין די אויגן, ווייל דו ביסט זייער גערעכט.

דער רב האָט באַפוילן דעם שמש צונויפצורופן דעם עולם אין שול אַריין. אַז גאַנץ קהל האָט זיך שוין געהאַט צוזאַמענגעקליבן, איז דער רב אַרויף אויפן בעלעמער און אַזוי געזאָגט:

— ר׳ משה, וועלכער האַלט דעם פאַכט אין סוכאָוואָליער גוט, איז צו מיר געקומען מיט אַ טענה, הלמאי מיר האָבן אים קיינמאָל נישט מכבד געווען מיט אַ מצווה און האָבן

אים נישט פֿאַרבעטן צו קיין היילִיקייט. דעריבער בין איך אים איצט מכבד מיט „פּתיחת הארון״.

דער שמש האָט דערלאַנגט מאַשקען אַ טלית. ער איז אַרויף צום אָרון־קודש, האָט אַרויסגענומען אַ ספר־תורה און דערלאַנגט דעם רב.

קהל איז געוואָרן דערשטוינט, קיינער האָט נישט פֿאַרשטאַנען, ווי קומט עפּעס דער רב מטלטל צו זיין אַ ספר־תורה, בעת מען האַלט גאַרנישט ביים „לייענען״.

דער רב האָט גענומען אין האַנט די ספר־תורה און אויסגעשריגן אויף אַ קול:

— רבותי, נישט קיין יידן מאַכן אויף אונדז אַ בלבול, אַז מיר ברענגען מענטש־לעכע קרבנות און אַז מיר באַנוצן זיך מיט קריסטלעך בלוט צו אונדזערע מצות, עס זענען דאָ אויך יידן, וואָס נישט האָבנדיק קיין אַנונג אין אונדזער רעליגיע, זענען זיי נוטה צו גלייבן אין דעם, אָדער האַלטן עס פֿאַר אַ ספק־זאַך. דעריבער שווער איך דאָ, אָט אין דעם מקום קדוש, האַלטנדיק אין האַנט אונדזער הייליקע תורה, דעם טייערן אוצר, פֿאַר וועלכן מיר האָבן זיך געלאָזט אומברענגען, שעכטן און קוילענען, אַז די גאַנצע זאַך איז נישט געשטויגן און נישט געפֿלויגן, אַז קיינמאָל האָט נאָך אַזוינס נישט פּאַסירט, אַז עס איז נאָר אַ בלבול אויסגעטראַכט פֿון אונדזערע שונאים, כדי אונדז אומגליקלעך צו מאַכן, און דו, מאַשקע, גיי און דערצייל דיין פֿריץ, וואָס האָסט דאָ געזען.

דער עולם האָט אַרומגערינגלט דעם רב פֿון אַלע זייטן און אים געפֿרעגט, וואָס האָט אים געבראַכט צו דעם, ער זאָל כאַפּן און שווערן?

אויף דעם האָט דער רב אָפּגעגעבן פֿאָלגנדיקע דערקלערונג:

— פֿון דעם ישובניקס רייד האָב איך דערקענט, אַז ווען איך וואָלט געפּרוּווט אויפֿ־קלערן אים דעם ענין רויק און זאַכלעך, וואָלט עס אויף אים נישט געמאַכט קיין שום איינדרוק, ווייל דער פֿריץ האָט שוין באַוויזן אים שטאַרק צו באַאיינפֿלוסן. כדי אויסצו־וואָרצלען דעם גלויבן אי פֿון אים, אי פֿון פֿריץ, האָב איך נישט געהאַט קיין אַנדערן וועג, ווי נאָר אָפּצוגעבן דאָ מיין הייליקע שבועה.

און כך הוה. דעם רבס שבועה האָט געווירקט אויפֿן פֿריץ אַזוי פֿיל, אַז נישט בלויז ער אַליין, נאָר אויך פֿיל פֿון זיינע פֿריינד און באַקאַנטע, זענען געוואָרן טיף איבערצייגט אין דער פֿאַלשקייט פֿון דעם בלוט־בלבול.

2

דער דאָזיקער פֿאַקט איז אָבער נאָר אַן איינצלנער. אין אַלע איבעריקע ערטער האָט די עלילת־דם־אַגיטאַציע געוווּנען אַלץ מער גרעסערע קרייזן, זי איז באַלד אַריינגע־דרונגען אויך אין דער פּוילישער ליטעראַטור. צווישן אַנדערע איז אין וואַרשע אַרויס דער קאַטוילישער גלח טשיאַריני מיט אַ ווערק, אין וועלכן ער האָט געמאַכט אַש און

בלאָטע פון תלמוד און אויפגעוויזן דורך געפּעלשטע ציטאַטן, אַז יידן באַנוצן קריסטלעך בלוט.

אין גיכן האָט זיך די פּוילישע ליטעראַטור אַרויסגעזאָגט קעגן דעם דאָזיקן שענד־לעכן בלבול אין צוויי באַזונדערע ווערק. איינס האָט געהייסן: „אַבראַנאַ איזראַעאַליטוווו" („די פאַרטיידיקונג פון די יידן"), פאַרפאַסט פון דעם דעמאָלטיקן יידישן צענזאָר יעקב טוגענדהאָלד, און דאָס צווייטע ווערק האָט געטראָגן דעם אויסטערלישן נאָמען „טו כאַזי" (דאָס אַראַמישע „תא חזי", ד. ה. „קום זע") און זיין מחבר איז געווען אַ געוויסער סטאַניסלאַוו האַגאַ.

דער דאָזיקער סטאַניסלאַוו האַגאַ איז געווען אַ געשמדטער ייד, וועלכער האָט גע־האַט הינטער זיך אַ זייער אינטערעסאַנטע לעבנס־געשיכטע.

זיין פּויליש בוך וועגן דעם עלילת דם האָט ער אַ נאָמען געגעבן „תא חזי", וועלנדיק זאָגן דערמיט: אָט זעט דעם אונטערשיד צווישן אַ יידישן און אַ נישט־יידישן אַפּטרי־ניקן; אין דעם יידישן משומד פאַרבלייבט טליען דאָס פּינטעלע ייד ביז זיין לעצטן אָטעם־צוג און קיינמאָל וועט ער נישט פאַרשוויגן, ווען בייזוויליקע מענטשן מאַכן אויף זיין פאָלק פאַלשע בלבולים.

האַגאַ איז געבוירן געוואָרן אין קוזמיר. זיין יידישער נאָמען איז געווען יחזקאל. זיין פאָטער, אַ באַוווסטער חסיד, ר׳ לייביש, וועלכער איז געווען אַ גרויסער מקורב ביים באַרימטן צדיק ר׳ יעקב יצחק פון לובלין, האָט דערצויגן יחזקאלן אין די וועגן פון חסידות און קבלה. יחזקאל האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר זייער אַ פעיקן. צו דער בר־מצווה איז ער שוין געווען קלאָר אין ש״ס און פּוסקים און אין פיל קבלה־ספרים.

3

קוזמיר איז דאַן געווען אַ באַדייטנדיקע האַנדלס־שטאָט. סוחרים פון דייטשלאַנד, וועלכע פלעגן פירן געשעפטן אויף דער ווייסל, האָבן דאָרטן געהאַט זייערע קאַנטאָרן. אין יענער צייט האָט זיך פונאַנדערגעבליט די מענדעלסאָנישע „השכלה" און דורך דייטשע סוחרים האָט זי זיך אַריינגעגנבעט אויך קיין קוזמיר.

צופעליק האָבן די נייע השכלה־ווינטן אויך דערלאַנגט אין דער ישיבה, ווו יחזקאל האָט געלערנט. ער האָט זיך אין דער שטיל אָנגעהויבן צו בילדן, האָט דערוואָרבן אייניקע שפּראַכן און באַזונדערס פּויליש, וואָס ער האָט באַהערשט, ווי איינער פון די גרעסטע פּוילישע שריפטשטעלער. זיצנדיק אין בית־מדרש ביי דער גמרא, האָט ער געהאַלטן אין האַנט אונטערן טיש השכלה־ביכלעך, אין וועלכע ער האָט אַריינגעקוקט באַהאַלטע־נערהייט. מורא האָבנדיק עוסק צו זיין אין בילדונג בייטאָג, האָט ער עס געטאָן ביינאַכט, ווען די שטוביקע זענען שוין פון לאַנג געשלאָפן. מיט גרויס התמדה האָט ער זיך אַרויפ־געוואָרפן אויף די וועלטלעכע לימודים און געמאַכט גלענצנדיקע פאַרשריטן. ביסלעכוויין

האָט ער אונטער דער השפעה פון זיין פאַרבאָרגענער השכלה גענומען ענדערן זיין גאַנצע אויסערלעכע פירונג. ער האָט זיך פיין אונטערגעקעמט די האָר, געגאַנגען אין געפּוצטע שטיוועלעך און אין ציכטיקע בגדים, זיין געענדערטע אויפפירונג איז באַלד געוואָרן אויפפאַלנדיק.

אין די חסידישע קרייזן האָט מען געמאַכט אַ „ויצעקו". דאַן האָט אים זיין פאָטער אַוועק געפירט מיט זיך צום לובלינער צדיק. דער צדיק האָט יחזקאלן שטאַרק אויסגע־מוסרט. צום סוף האָט זיך דער רבֿ אַ ביסל באַרויקט, אים אָנגענומען פאַר אַ קנעפל פון בגד און גאַנץ געלאַסן געזאָגט: „אַזוי איז שוין דער שטייגער פון יצר־הרע: היינט זאָגט ער דיר טו דאָס, און מאָרגן וועט ער דיר זאָגן טו יענץ — ביז ער פירט אין גאַנצן אַראָפּ פון דרך הישר".

די ווערטער פון דעם לובלינער צדיק זענען ווירקלעך מקוים געוואָרן. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און צוליב די רדיפות וואָס יחזקאל איז אויסגעשטאַנען פון די קוזמירער חסידים, איז ער אַוועק קיין וואַרשע, ווו ער איז אַריינגעפאַלן צו די ענגלישע מיסיאָנערן און האָט זיך אָפּגעשמדט. אין וואַרשע האָט יחזקאל פאַרבראַכט ביזן יאָר 1831; דאַן האָט ער פאַרלאָזן פוילן און אויף אַ קורצע צייט אויסגעוואַנדערט קיין לאָנדאָן.

מען גיט איבער אויך אַ צווייטע ווערסיע וועגן די סיבות, וועלכע האָבן יחזקאלן געבראַכט צום שמד.

לויט דער עצה פון דעם לובלינער צדיק, האָט מען יחזקאלן חתונה געמאַכט. ער האָט בשום אופן נישט געוואָלט גיין צו דער חופה, מ'האָט אים אָבער געצוווּנגען — און ער האָט חתונה געהאַט, אָנגעקומען אויף קעסט צו אַ פאַרברענטן חסיד. אָבער פון דער ערשטער מינוט אָן פון זיין חתונה, האָט ער זיך געפילט אומגליקלעך און שוין גענומען קלערן ווי אַזוי זיך צו באַפרייען. ער האָט זיך געפּרוּווט בעטן ביי זיין ווייבל, זי זאָל ביי אים נעמען אַ גט, דערביי האָט ער איר אָנגעגעבן געוויסע מאָטיוון, וואָס צווינגען אים דערצו. דאָס ווייבל האָט נישט געוואָלט הערן דערפון און דאָס לעבן פון דעם יונגן פּאָרל איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גיהנום. דעמאָלט האָט יחזקאל אָנגע־הויבן אָפּצוטאָן געוויסע שמד־שטיק, מיט דער האָפענונג, אַז דאָס וועט ענדלעך ווירקן אויף זיין פאַנאַטישן שווער אים אַרויסצוטרייבן פון שטוב. וועגן איינעם פון זיינע „שטיק־לעך" דערציילט מען פאָלגנדיקס:

איין מאָל איז ער געפאָרן צום לובלינער צדיק. פרייטיק נאָך האַלבן טאָג, האָט ער זיך אַריינגעגנבֿעט שטילערהייט אין דעם רבינס חדר און אַריינגעלייגט אין דער קעשענע פון דעם רבס ווייסן זיידענעם שבתדיקן בגד אַ בריוו, וואָס איז געווען אונטערגעשריבן מיט דעם „שם הויה". פאַרנאַכט, בעת דער רבי האָט גענומען אָנטאָן דעם בגד, האָט ער זיך אָפּגערופן צו זיין משמש: „איך ווייס נישט פאַרוואָס איז דאָס איצט מיין בגד אַזוי שווער, עפּעס פיל איך אים אויף זיך ווי אַ משא". ער האָט אַריינגעלייגט די האַנט אין

טאַש און אַרויסגענומען דעם בריוו און האָט זיך זייער דערשראָקן. אים האָט זיך שטאַרק געוואָלט עפענען דעם בריוו, אָבער ס׳איז געווען גאַנץ שפּעט און פאַרבונדן מיט חילול־שבת. אַזוי איז דער בריוו געבליבן נישט געעפנט ביז שבת־צו־נאַכטס. אַ גאַנצן שבת האָט דער רבי דערפון געהאַט גרויס צער, ער האָט זיך כסדר געבראָכן דעם מוח און נישט געקענט פאַרשטיין ווי אַזוי קומט דער בריוו צו אים אין קעשענע. באַלד נאָך הבדלה האָט מען אויפגעריסן דעם קאָנווערט און וועלכן ס׳איז געלעגן ווי אַ מין מגילה געשריבן פוןביידע זייטן, מיט זייער שיינע געכתיבהטע אותיות, מיט דער שריפט פון אַ סופר סת״ם און אויף דער שפּראַך פון „זוהר״. פון אויבן איבערן בריוו האָבן זיך געפונען די ווערטער „פתקא מרקיעא״ (ד. ה. אַ צעטל פון הימל), און געשטאַנען אין אים איז, אַז מען איז מודיע דעם צדיק פון הימל, אַז ער איז געוואָרן באַשטימט אַראָפּצוברענגען דעם „גואל צדק״ (יחזקאל האָט שוין לאַנג געהערט ריידן צווישן די חסידים, אַז דער לובלינער צדיק קלייבט זיך מגלה זיין דעם „קץ״ און אַראָפּברענגען משיחן) און בכן, ווערט ער באַפוילן פון הימל, צו מאַכן יענע און יענע הכנות לויט קבלה, ער זאָל אַרויפגיין אויף אַ געוויסן באַרג, ווו עס וועט זיך צו אים באַווייזן אַ מלאך אין דער געשטאַלט פון אַ מענטש אאַז״וו. מ׳האָט גענומען חוקר ודורש זיין און מען איז דערגאַנגען, אַז דאָס שפּיצל האָט אָפּגעטאָן כאַצקעלע, ווען עס האָט זיך געוואָלט זען וואָס פאַר אַ רושם דאָס וועט מאַכן אויפן לובלינער צדיק. פון דעמאָלט אָן האָבן אים די חסידים ממש געברענט די טריט און באַאיינפלוסט זיין שווער, ער זאָל אים אַרויסטרייבן פון שטוב. מער ווי דאָס האָט יחזקאל נישט געוואָלט. נישט וואַרטנדיק ביז דער שווער וועט אים משלח זיין, האָט ער זיך מקדים געווען און אַליין אַנטלאָפן קיין וואַרשע, ווו ער האָט זיך געשמדט.

אין וואַרשע האָט זיך יחזקאל (אָדער לויט זיין קריסטלעכן נאָמען: סטאַניסלאַוו האַגאַ) גענומען צו ליטעראַרישער טעטיקייט און פאַרעפנטלעכט אייניקע ווערק. צווישן אַנדערן איז באַוווּסט זיין פּוילישע איבערזעצונג פון סידור מיטן נאָמען „תפילות ישראל״. די קריטיק האָט אַרויסגעטראָגן איר אורטייל, אַז דאָס איז אַ „ווונדערלעכע איבערזעצונג״.

אַ קורצע צייט האָט האַגאַ געוווינט אין לאָנדאָן, ווו ער האָט פאַרפאַסט אין העברעיש אַן ענגלישע גראַמאַטיק און נאָך אַנדערע ספרים, צווישן זיי אויך אייניקע וועגן יידן און יידישקייט, צו וועלכע ער האָט זיין גאַנץ לעבן זיך באַצויגן מיט דער גרעסטער פּיעטעט.

וווינענדיק אין וואַרשע, איז האַגאַ געווען אַן אָפטער אַריינגייער אין די שענסטע קריסטלעכע און יידישע הייזער און געפונען אומעטום גרויס חן.

אין וואַרשע האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ קריסטין פון העכסטן פּוילישן אַדל, וועלכע האָט אים געבוירן צוויי טעכטער, ביידע האָבן זיי געהאַט אַ שם אַלס העכסט געבילדעטע און בלענדנדיקע שיינהייטן. איינע האָט ער שפּעטער אויסגעגעבן אין לאָנדאָן פאַר אַ באַרימטן גענעראַל.

מען דערציילט, אַז שפּאַצירנדיק אַמאָל איבער וואַרשע, אין אַ פּרעכטיקן עקיפּאַזש, מיט זיין קריסטלעכער פרוי און מיט זיינעביידע טעכטער, האָט ער אויף קרולעווסקע גאַס אָנגעטראָפן זיין פאָטער, פאָרנדיק אויף אַ דראָזשקע צו אַ געוויסן דאָקטאָר. דער־זעענדיק דעם פאָטער, איז האַגאַ תיכף אַראָפּגעשפּרונגען פון עקיפּאַזש, צו אים צוגע־גאַנגען און פריינדלעך באַגריסט. אויף דעם האָט זיך צו אים אָנגערופן דער פאָטער:

— יחזקאל, יחזקאל, ווו איז דיין „עולם הזה”?

— איך פאַרשטיי דיך נישט, פאָטער, — האָט אים יחזקאל געענטפערט, — דו זעסט דאָך, דאַכט זיך, מיין בכבודיק לעבן... אָט פאָר איך איצט מיט מיין פאַמיליע שפּאַצירן, דערנאָך וועל איך גיין האָבן פאַרגעניגן אין טעאַטער, האָב איך דען ווייניק נחת פון מיין עולם הזה?

— שוטה דו איינער! —האָט געזאָגט דער פאָטער — דאָס אַלץ איז דאָך דיין „עולם הבא”, ווו איז אָבער דיין עולם הזה?

— איך וועל נאָך קענען מאָנען מיין חלק אויף אין עולם הבא... — האָט יחזקאל געענטפערט שמייכלענדיק, — ווייל אַפילו די ”פושעי ישראל” זענען פול מיט מצוות ווי אַ מילגרוים... — און אויב נישט, בין איך דאָך אַלנפאַלס פון די „חסידי אומות העולם”.

4

אין יאָר 1825, האָט דער וואַרשעווער אַמט פון הויפּט־צענזאָר אויסגעקליבן האַגאַן אַרומצופאָרן מיט יעקב טוגענדהאָלדען איבער דער פּראָווינץ, כדי דורכקוקן דאָרטן העב־רעישע ספרים און אָוועקלייגן אויף זיי דעם סטעמפּל פון דער צענזור. צוליב דעם, איז ער דאַן געקומען אויך אין זיין געבורט־שטאָט קוזמיר. זיין פאָטער האָט שוין אָבער דעמאָלט נישט געלעבט. האַגאַ איז אַוועק אויפן בית־עלמין, האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן פאָטערס קבר, אויף וועלכן ער האָט זיך שטאַרק אויסגעוויינט. צום אָנדענק פון זיינע עלטערן, האָט ער פונאַנדערגעטיילט צווישן די שטעטלדיקע אָרעמעלייט אַ סך צדקה.

מ׳גיט איבער וועגן אים אויך פאָלגנדיקן אינטערעסאַנטן פאַקט:

נאָך דעם ווי ער האָט זיך אָפּגעשמדט, האָט זיין פאַמיליע פון אים געפאָדערט ער זאָל קומען קיין קוזמיר און אָפּגטן זיין ווייב. ער איז דאַן אַראָפּ געפאָרן אין דעם שטעטל יאַניווצע, וואָס געפינט זיך נעבן קוזמיר, אויפן צווייטן ברעג ווייסל. דאָרטן האָט ער זיין פרוי געגעבן אַ גט. נאָך דעם ווי דעם ווייבס קרובים זענען שוין צוריק אַריבער דעם טייך צו פאָרן אַהיים קיין קוזמיר, איז צו זיי געקומען צו לויפן אַ שליח מיט אַ צעטעלע פון יחזקאלן. אין צעטעלע איז געווען געשריבן אַ קליינער העברעישער עפּיגראַם אין דער פאָרם פון אַ רעטעניש.

אין דעם דאָזיקן עפּיגראַם האָט זיי יחזקאל מרמז געווען, אַז דער גט איז פסול,

ווייל זיין ריכטיקער נאָמען איז געווען יחזקאל בן „יהודה־לייב״, און אין גט איז געווען געשריבן „אריה־לייב״.

די קרובים האָט באַלד זיך געכאַפּט און צוריק אַריבער געפאָרן די ווייסל קיין יאָניוועצ, ווו מ׳האָט איבערגעשריבן דעם גט לויטן דין.

ש. ל. ציטראָן



## שאול פרידמן (ליב רשקין) ז״ל

שאול נולד להורים יהושע וגיטל פרידמן, שהיו מקובלים מאוד בקוזמיר כאנשי שם ומעשה. לאחר שגמר את חדר הדרדקי, עבר ללמוד אצל המלמד מנדל־שמואל שלמה׳ס, התמיד והצליח בלימודיו. אמרו, שעתיד להיות רב בישראל, אולם הציץ ונפגע... והתחיל ללמוד בביה״ס של סוניה וישניה (תיבדל לחיים ארוכים). בשנת 1923 תכנן לעלות לארץ־ישראל וכבר היה בידו דרכון, אך הנסיעה לא יצאה אל הפועל, בגלל מחלת אימו, אליה היה קשור מאוד וכן בגלל נטיותיו השמאליות. נכנס לעבוד בבנק הקואופרטיבי במקום. ד״ר שאשקעס הזמין אותו לעבוד איתו בוורשה. עבד זמן קצר, אך בהיוודע לו על מחלת ההורים — נאלץ לחזור לקוזמיר והמשיך לעבוד בבנק הנ״ל עד שנבחר כמנהל הבנק ובו שירת עד פרוץ המלחמה. ברח לרוסיה ושם בברסט־ליטובסק עבד במשך זמן־מה במערכת עתון מקומי. שלוש מאחיותיו חיות כיום בישראל וכן בתו תמר, שנצלה הודות למשפחות פולניות. אשתו נספתה בוורשה.

שאול פרידמן הוציא ספר „די מענטשן פון גאדליבאשיץ״ וזכה בפרס פרץ בפולין ובשני פרסים מה„פן־קלוב״. כמו־כן תרם מפרי עטו לגליון היובל של „ליטעראַרישע בלעטער״.

א.



## ש. ל. שניידערמאַן

ש. ל. שניידערמאַן, געבוירן אין קאַזשימיעזש (קוזמיר), פוילן, אין יאָר 1906. געלערנט אויפן וואַרשעווער אוניווערזיטעט און אין דער הויכשול פאַר זשורנאַליסטיק. אין די יאָרן 1929—1932 רעדאַגירט אָפיציעלן אָרגאַן פון יידישע אַקאַדעמיקער אין פוילן „טריבונאַ אַקאַדעמיצקאַ״ און „אַלמאַנאַך ליטעראַצקי״ — אַן אַנטאָלאָגיע פון דער

מאָדערנער ייִדישער און העברעיִשער פּאָעזיע און פּראָזע. לאַנגיאָריקער מיטאַרבעטער פון די „ליטעראַרישע בלעטער".


ש. ל. שניידערמאַן

אין 1932 האָט ש. ל. שניידערמאַן זיך באַזעצט אין פּאַריז, געווען מיטרעדאַקטאָר פון דער ליטעראַרישער חודש־שריפט „בלעטער" און רעדאַגירט דאָס וואָכנבלאַט „פּאַריז". בעת דעם שפּאַנישן בירגער־קריג געווען קאָרעספּאָנדענט אין רעפּובליקאַנישן שפּאַניען פאַר ייִדישע און ייִדיש־פּוילישע צייטונגען.

אין 1940 געקומען קיין אַמעריקע. אין 1945 רעדאַגירט דאָס ערשטע בוך וועגן וואַרשעווער געטאָ — טאָגבוך פון מרים בערג — וואָס איז דערשינען אין עלף שפּראַכן; שפּעטער צוגעגרייט צום דרוק די געטאָ־זכרונות פון מרים בידערמאַן (דערשינען אין בוך־פאָרם אויף העברעיש) און די מעמואַרן פון געמאַ לאַגוואַרדיאַ־גליק וועגן דעם נאַצישן לאַגער פאַר פרויען אין ראַווענסבריק.

ש. ל. שניידערמאַן האָט פאַרעפנטלעכט צוויי לידער־זאַמלונגען, אַ בוך רעפּאָרטאַזשן וועגן פאַר־מלחמהדיקן פּוילן און פראַנקרייך, אַ בוך וועגן שפּאַנישן בירגער־קריג און צוויי ביכער וועגן קאָמוניסטישן פּוילן. ער האָט איבערזעצט אויף ייִדיש דעם באַנד לידער פון קאַזשימיעזש ווירזשינסקי „דער אָלימפּישער לאָרבער" און דעם ראָמאַן פון ברונאָ יאַשיענסקי „כ׳פאַרברען פּאַריז". די איינדרוקן פון שניידערמאַנס אָפטע נסיעות איבער אייראָפּע — באַזונדערס די קאָמוניסטישע לענדער — און מדינת ישראל זיינען דערשינען אין דער ייִדישער פּרעסע איבער גאָר דער וועלט און אין ענגלישע צייטשריפטן אין אַמעריקע.

אין יאָר 1968 איז אין פאַרלאַג „אידישער קעמפער" אין ניו־יאָרק דערשינען זיין שטודיע־עסיי איליא ערענבורג.

ש. ל. שניידערמאַן איז דער מחבר פון דעם דאָקומענטאַרן פילם „דאָס לעצטע קאַפּיטל" וועגן יידישן לעבן אין פּוילן פאַרן חורבן און וועגן אומקום און ווידערשטאַנד אונטער די נאַצים.

ש.



# ישראל שמואל וודניצקי

מבורכת היתה קוזמיר בדמויות ואישים רבים, רבי השראה וכשרון. אדמו״רים, רבנים, סופרים ומשוררים איוו להם את עיירתנו קוזמיר למקום משכנם. ולא ייפלא הדבר: הן הדר נופה ויפי טבעה הקסימו את כל מבקריה. פנינת טבע זו — ששמה קוזמיר — לא בכדי משכה אליה ציירים מכל קצות פולין! הן קסם־נופה, סימטאותיה והרריה, דמויותיה וביקתותיה הציוריות, כאילו ביקשו — ציירונו!



ואם זרים נשבו בקסמיה, עאכו״כ — בני המקום, ילידי קוזמיר! אחד מהם היה הנער — ישראל שמואל וודניצקי. אך כלום ייתכן, שנער יהודי, מבית אדוק ומסורתי יעסוק ב„דברי הבל״, במעשי הגויים ויזנח את התורה?! לכן, למרות מצבם החומרי הדחוק, דאגו הוריו של ישראל־שמואל, שבנם הקטן ילמד ב־„חדר״ ככל ילדי ישראל, יגדל לתורה, לחכמה ולמעשים טובים. ואם ירצה־השם אף לכס הרבנות יגיע ישראל־שמואל, כי מוכשר ומחונן הוא בנם. ישב הילד הקטן ב„חדר״ והמלמד בניגונו העצוב והערב מלמד את תלמידיו הקטנים את פרשת „ויחי״, חוזר על דברי יעקב אבינו: „ואני בבואי מפדן־ארם״... המספר לבניו על מות אשתו האהובה, רחל. מתעצב ישראל־שמואל בלבו. הן רואה הוא בעיני רוחו את האיש יעקב, הניצב על קברה של אשתו האהובה, שלא יראנה עוד, שלא ילטפנה, הרי המלים אינן יכולות למסור כל אשר הרגיש יעקב בעת שרחל נקברה בדרך אפרתה... לו אפשר היה לצייר את התמונה! בלי־משים מתחילה ידו של הנער לצייר את יעקב ורחל, את אהבתם ואת אסונם. ובעוד שהנער שקוע בעולם קדום, בעולם הזיות, מחזירה סטירת־לחי של ה„רבי״ את ישראל־שמואל למציאות. הן ב„חדר״ יושב הוא. צריך ללמוד תורה ורש״י! „ואתה ,שגץ׳, גוי תהיה״ — שומע הוא את דברי התוכחה של הרבי.

גם אבא ואמא שמעו על מעשי בנם ב„חדר״ והתעצבו.

— „מה יהיה בסופו של ישראל־שמואל?״ — שאלו.

אך דבר לא הועיל. בכל עת שנזדמנה לו, צייר הנער. על כל פיסת נייר העלה דמויות, נוף סביבתו וסיפורי התנ״ך. בהחבא צייר, לבל יראנו אביו או ה„רבי״ ב„קלקלתו״.

גם בבית־המדרש, עת הגמרא פתוחה לפניו — צייר. מדי פעם חמק ישראל־שמואל מכתלי בית־המדרש ורץ לציירים הרבים, שבאו לקוזמיר למצוא השראה ולצייר. הוא התחבר אליהם והם גילו כי נער מוכשר ניצב מולם. הם קירבוהו, הכניסוהו בסודם ואחד מהם הבטיח לקחתו לפאריס — למטרופולין הציור והפיסול — לעיר בה מתקבצים ציירים מכל קצות תבל.

וההורים —— נפשם עגמה עליהם. מה „תהיה התכלית?" — שאלו. ומה יהיה על ביטול תורה? רק אחותו רחל־לאה ז"ל, הבינה לרוחו ועמדה לימינו.

הגיעה העת לשאת אשה ולפי דרישת ההורים הוא מתחתן. עתה צריך לדאוג לפרנסה, מציורים, מתמונות — אי אפשר להתקיים! ובמקום להתמסר ליעודו — פותח הבעל הצעיר בית־מלאכה לנעליים, לפרנסת משפחתו. אולם את המכחול לא השליך מידיו. בסתר, באין־רואים ממשיך ישראל־שמואל לצייר, ואת פרי־מכחולו הביא הוא לפני הפרופסור פרושקובסקי, רקטור האקדמיה לאמנות בווארשה, או לפני פרופ' סקוצילס מקראקוב, שהרבו לשבת בקוזמיר. שוב דברו על ליבו להתמסר לציור ולנטוש את העיירה.

ואכן, בשנת 1934 עולה י. ש. וודניצקי עם משפחתו שמנתה חמש נפשות לארץ־ישראל. אולם גם בארץ־ישראל צריך תחילה לדאוג לכלכלת בני־הבית. לכן החל י. ש. וודניצקי לעבוד כצבע, עד שנעשה קבלן עצמאי. אולם שוב, את אהבת־נעוריו, את הציור, הוא לא שכח! כאן המשיך לצייר בשעות הפנאי ואף זכה להערכת חבריו — הציירים. כי הרי לא בידים ריקות בא לארץ־ישראל. מביתו הישן הביא איתו תמונות שצייר שם: נוף־העיירה, דמויותיה ובתי־הכנסת שלה. שנתיים לאחר עלייתו, ב־1936, החל להשתתף בתערוכות שונות בארץ, וב־1942 זכה בפרס דיזנגוף. החל מאותה שנה משתתף ישראל־שמואל וודניצקי בתערוכות רבות: ב־1934 — בתערוכת אמנים ישראליים ביוהנסבורג, ב־1945 מציג הוא תערוכת יחיד. ותערוכות נוספות מפרי מכחולו נערכו בשנים 1963, 1964, 1965 וריפרודוקציות שלו נדפסות בעתונות הארץ „גזית" (1949) „דבר־השבוע" (1950) ובאלבומים שונים.

תמונותיו נרכשו על־ידי מוסדות שונים: עירית תל־אביב, הוועד־הפועל של ההסתדרות וכן על־ידי אנשים פרטיים.

וכיום, בהגיעו לגיל הפנסיה — ממשיך בן עירנו, ישראל־שמואל וודניצקי לצייר את נוף ילדותו, את עיירתנו קוזמיר הקסומה, ומנציח את זכר הבית הישן שכלה ונחרב בידי זדים.

אבו־פנינה



# הצייר חיים גולדברג

חיים גולדברג נולד בשנת 1917 בקוזמיר. כבן הדלות היהודית בעיירה ציונית זו, גילה הילד כבר ב„חדר" את שפת היעוד שלו: הרישום. שם הוא היה מתרגם את סיפורי מלמדיו לשפת מראות ורישומים. רישומי ילדות אלה, בהם קישט אביו הסנדלר את סדנתו, הביאוהו אל בית־הספר לאמנות בקרא־קוב, ומשם לאקדמיה לאמנות בוורשה בשנת 1935. אולם, עם פרוץ מלחמת העולם השניה, הוא נהפך לפליט נע ונד בסיביר הרחוקה, ומשחזר לאחר המלחמה למחוז ילדותו, בו נתגלו לפניו ממדי האסון היהודי על מוראותיו ואכזריותו הועמד בפני יעוד חדש: להנציח את חיי העבר התוססים והשורשיים, שנכחדו בידי יד רצחנית ונקברו תחת מפולת השואה. הוא הנציח את העיירה היהודית שהיתה, על דמויותיה וחוויותיה: אמא מברכת על נרות שבת, אבא היושב על ה„דרייפוס" בסדנתו, שואב־המים, היהודים בכיכר־השוק, שמחותיהם, דאגותיהם ואורח חייהם. עליו גם להביע את זעקתו וכאבו, לשפוך יגונו וצערו שאינם נותנים מנוח. ואמנם מוצא האמן בציורו פורקן לכאבו ומגלה אמצעי ביטוי חזקים לזעקת ליבו. למשימה זו התמסר חיים גולדברג בפולין שלאחר המלחמה והמשיך בה גם בישראל.



אולם אי־אפשר לחיות בכאב ובצער בלבד. קמעה־קמעה מפנות חוויות קשות אלה את מקומן לחוויות ואמוציות חדשות שמקורן בסביבה החדשה. הנוף השונה, הילדים הגדלים, התקוות החדשות שניטעו בלב — כל אלה מבשרים בשורה חדשה וזמירות חדשות. השמים אולי אינם בהירים דים, האוויר עודנו רווי מתיחות ונשמעים איומי מלחמה — אך בד בבד מצטיירת באופק תקופה חדשה של חיפושים אחרי מרחבים חדשים. מכאן טעמם ותכנם של ציוריו ורישומיו של חיים גולדברג, בצד ציורי שמן, תחריטים, תבליטי נחושת ופסלים משנים עברו. כך משתלבים הדי בית־אבא בקוזמיר בצלילי ההווי החדש במולדת.

יצחק לודן



# יהושע ציוני (לץ) ז״ל

יהושע נולד להורים אמידים ואנשי חסד. אביו ר׳ בן־ציון ז״ל היה בעל צדקה ונכון תמיד לעזור לזולת... דלת ביתו היתה פתוחה לרווחה לכל דצריך בין לגמילות חסד, בין נדבה או מתן בסתר. בחורף שלח לנצרך עצים להסקה, ושק קמח... ואילו אשתו הצנועה פרימט ז״ל דאגה לדברי מרקחת, לסעוד לבבות חולים... כן דאגה בחורף לנסורת ושבבים — מבית־החרושת שלהם — כדי לפזרם ברחובות העיר, לבל יחליקו האנשים על המדרכות. בביתם ע״י התנור ישבו ו־התחממו אנשים רבים שלא היה לאל ידם להסיק התנור במעונם. ושם כובדו בכוס ח־מין, ובמעט מרק חם... מי שנכנס רעב — יצא שבע מבית בן־ציון ופרימט לץ. יהושע בנם למד כשאר ילדי קוזמיר ב„חדר״ ולא היה פחדן, גם לא מפני כלב. ואל יהא הדבר קל בעיניכם. (שכן יהודי הגולה פחדו מאוד מכלבים). כאמור הוא לא פחד מכלבים וגם לא משייגץ... כשהגיע לגיל הבגרות — החל להתעניין בספרות ובתנועה הציונית. אביו שהיה גם משכיל, היה בלתי מרוצה משאי־פותיו של יהושע לעלות לארץ־ישראל... לעזוב בית מלא טוב והורים מסורים ולנ־דוד למרחקים כדי שיצטרף לעבוד עבודה מפרכת... אמו היתה מודאגת מתכניותיו, שכן בבית לא חסר מאומה. הם רכשו למענו ספריה עשירה — ביידיש. וכאשר שמעו — שיהושע מתעניין במוסיקה — קנו לו כנור. גם קנו לו אופניים (בעיירה בימים ההם היה רכב כזה מוזר בעיני יהודים). אך ללא הועיל. כאשר יהושע ראה שבבית אינם מבינים לרוחו ולשאיפותיו עזב אותו וברח לעיירה הסמוכה — אצל דודו.



אביו יצא מיד לחפשו והחזירהו הביתה. אולם הוא המשיך לעמוד בתוקף על דעתו: יהודי צעיר מקומו רק בארץ־ישראל. בלית ברירה אביו נתן לו את ברכתו, וגם קצת

כסף, ואמא הכינה לו כותנות וצידה לדרך, ונפרדו ממנו. בדרכו לארץ שהה ברומניה חצי שנה — ועבד בכל מיני שירותים. בהגיעו ארצה עברו עליו ימים קשים. עבד עבודה קשה בייבוש ביצות, ובפרדסים — והאכרים ניצלו אותו מאד... מובן — הימים בהם היתה העבודה מצוייה... היו הכי מאושרים. ואלה היו מועטים מאד... וגם אז — לא אכלו דיים ולא היה ממה לשלם שכר דירה. ישנו בפרדסים, התכסו בשקים והיתושים עקצו ללא רחמים.

מעניין היה סיפורו: „פעם הישקה חלקת אדמה כדי לנטוע פרדס ונעליו התמלאו מים. הוא חלץ אותן ועבד יחף... הנעליים התכווצו מהייבוש ורגליו התנפחו. והתהלך יחף. עד שידו השיגה לקנות אחרות... וככולם, באותם הימים חלה בקדחת. ורק הודות לחוסן גופו התגבר על הכל. נכנס לאגודת „השומר" ושמר בפרדסים בגליל. במלחמת העולם הראשונה, התנדב לגדוד העברי. לאחר המלחמה ביקר יהושע בעיירתו, בקוזמיר. הופעתו לבוש כחלוץ... מכנסיים קצרים, פנים־שזופים כנוצרי (שייגעץ...) עשתה רושם רב על כל אנשי קוזמיר... יצור לא מעולם הזה... היה מספר לכולם על התלאות שעבר בארץ, ועל הנעשה בה. וכי הוא מתכונן לחזור ארצה, שכן בא להתראות עם ההורים ולשאת אשה. הנערה שביקש הייתי — אני. ואכן כעבור זמן קצר החלטנו להתארש, ולעלות ארצה. אמנם ניסיתי להשפיע עליו שישאר בקוזמיר כדי לא להרגיז את ההורים... ובפרט שאביו היה מוכן לסדר אותנו בעושר רב. אולם יהושע לא הסכים בשום אופן. וגם אני ידעתי כי דברי הם לשווא, כי יהושע כבר לא היה מוכן לסבול האנטישמיות ששררה בפולין. זוכרת אני, פעם הלכתי עם יהושע ללוות חברה שנסעה לפולבי. בשבת לפנות ערב, ע"י הכנסיה עמד עגלון שהרביץ לכל יהודי שעבר. יהושע ניגש אליו, ושאל כמה עולה הנסיעה לפולבי — והוא נענה בהרבצת שוט... (כנראה שלא ידע, שיש לו ענין עם בחור מארץ ישראל).

יהושע לא מחל על כבודו: הוריד אותו מהכרכרה והרביץ לו כהוגן, עד שפרצופו זב דם.

לאחר הנשואים גרנו בקוזמיר. זמן קצר לאחר הולדת בתנו חיה, עלה בעלי ארצה — וגם העלה אותנו אחריו. בעת נסיעתו באנייה הכיר קצב מעיר לודז' אשר עלה להשתקע בארץ ובהגיעם ארצה שכרו יחד חדר, והתחילו להתעניין מה הנעשה בבית המטבחיים. יהושע נוכח לדעת שכל העבודות לרבות הובלת הבשר לאיטליזים נעשית בידי ערבים, ללא כל שמירה על נקיון. אז פנה לעת"א, בבקשה לאשר קבוצה של 4 חברים להובלת בשר לאיטליזים — במכוניות — והנקיון יישמר כראוי. הם קיבלו האשור לכך. ובעלי יהושע הקים קואופרטיב ראשון של מובילי בשר.

יהושע בעלי, אירגן את כל עובדי בית־המטבחיים: פושטי עור, מובילים וכ"ב. — כולם נכנסו להסתדרות ולאגוד עובדי בשר. על־אף פעולותיו באגוד המקצועי, לא שכח את עברו — באגודת „השומר" וה„גדוד", — התמסר כולו להגנה, ואם

ראית יהושע לץ (ציוני) עובר ביעף בת״א באופנוע, ועל ראשו ברט כחול, ידעת ששורר מצב הכן בין שורות ה„הגנה״. יהושע היה גם חבר ותומך נלהב לחברת „טרסק״... שהיו מבאי ביתנו, האכלנו אותם מכל טוב. ויהושע דאג לשים לכל אחד כמה גרושים. בביתנו ברח׳ יבנה — התאספו תמיד פעילי „פועלי־ציון״ שמאל, אשר נהפך כמעט למועדון. בשנת 1940 בימי מלחמת העולם יצאנו לגור לכפר סבא. יהושע הצטרף כחבר לארגון גן־חיים — היה לחקלאי והצליח מאוד בעבודתו. למרות שלא הזניח את מקצועו הקודם — הראה את כשרונו גם בעבודת אדמה — אשר כבר כמה עשרות בשנים לא עבד בה. — כמובן שהדבר לא יכול היה להצליח. כי בנותיו לא רצו להטות שכם והיה נאלץ לחזור לת״א.

הבית היה פתוח לכל החברים ובני העיר מצאו בו מקום — לבלות אתנו ובעיקר עם יהושע כל הזמן — ותמיד היה יהושע מרוצה.

כשעברנו לגור בבית ברח׳ סוקולוב, דאג יהושע — לטפל יפה בחצר והפך אותה ל„בוסתן״ של כל מיני פירות טרופיים והטיפול שלו עלה יפה, וכדאי להעיר, כי את הבית ברח׳ יבנה מכר, ואת הכסף שלח לגיסו להעלותו עם משפחתו ארצה וכך הציל אותם מהשואה.

עם קום המדינה — נהפך יהושע לאדם אחר והיה אומר בשמחה: זכינו להיות אזרחי מדינתנו — ומאז היתה שגורה בפיו האימרה: „יהיה טוב״. אפילו בשנים האחרונות שהתחיל לסבול במחלתו היה תמיד מחייך חיוך לבבי: „אין דבר יהיה טוב״ — אמר. את הטיפול בגינה שלו עשה כמעט עד ימיו האחרונים ובפירותיה היה מכבד כל באי הבית, ובפרט בני העיר אשר אותם קיבל בחיבה ובמאור־פנים. התעניין בכל פרט ופרט, מה שנעשה בין בני העיר הנמצאים בארץ, גם היה עוזר — לעולים בני העיר — כמיטב יכלתו, ובסבר פנים יפות.

הוא נלקח מאתנו — והוא עוד במיטב שנותיו. לאחר שראה קצת נחת מבנותיו וחתניו... ולא זכה לראות את ניניו. על איש כמוהו חלוץ מאנשי העבודה במלוא מובן המלה, שדאג לחנך את בנותיו, ברוח המולדת ולא חסך למענם שום דבר, נאמר: וי על דאבדין ולא משתכחין. תשמשנה שורות מועטות אלו מצבה חיה לאיש שלא נשכח אותו וזכרו שמור בבי ובלב כל המשפחה ובני העיר לעד!

יוכבד



# חצרה של משפחת פריד

במרחק שלשה ק״מ בואכה קוזמיר שעל גדות הויסלה, חבוי בסביבה הררית יפת־נוף וציורית, הכפר בוכוטניצה, כשהנהר הסואן ביסטרה חוצה אותו.

בכפר זה, על גדות הויסלה, עמדה טחנת־קמח, נחלת משפחת פריד מדורי דורות, ששימשה את איכרי הסביבה. מסביב לטחנה בנו לעצמם בני משפחת פריד (ארבע משפחות) בתי מגורים בתוך חצר רחבת־ידיים וגדורה מסביב, שהיתה מוקפת בוסתני עצי פרי למיניהם. החצר, על בתיה וטחנת־הקמח המשולבים בה, היתה מעין מבצר יהודי מבודד בתוך כפר של גויים, כשעדת כלבים מאולפים שומרים על מבואותיה ועל שלום דייריה. בחצר היו מפכים חיים יהודיים ערים ואינטנסיביים על שמחותיהם וצרותיהם, צער גידול בנים ובנות, שמאמץ רב ודמים מרובים הושקעו בחינוכם והשכלתם הכללית והיהודית; אולם, למרות בדידותה של חצר הפרידים בכפר הנידח, היתה היא מקרינה את השפעתה מסביב לה; שמה הלך לפניה והיתה כעין מוקד לאירועים משפחתיים וציבוריים שונים. תרמו לכך תכונותיהם ומעשיהם של ראשי המשפחות שהיו מעורבים בחיים הציבוריים של הקהילות היהודיות בקרבתם.

זקן המשפחה, יחזקאל פריד, שהיה בעל סמיכות לרבנות ומנהל כללי של עסקי הטחנה, יצאו לו מוניטין בכל הסביבה הגויית והיהודית, כאדם שהיושר מנחה אותו בחייו הפרטיים כבעסקי המסחר המסועפים. בהתנהגותו על פי הצדק והיושר, לא היה מבדיל בין בני־ברית לבין שאינם בני־ברית; ישרו היה לשם דבר בפיהם של היהודים והאיכרים שבאו אתו במשא ומתן כלשהו.

אשתו פייגה ידועה היתה בפעולתה הצדקנית, ומעשי החסד היו חלק בלתי נפרד מחייה.

בוכוטניצה שכנה בין שתי עיירות בעלות אוכלוסיה יהודית המונית — פולבי וקוזמיר על הויסלה; עניי העיירות האלו, שהיו נוהגים בחזרם על הפתחים, לנדוד מעיירה אחת לשניה, מצאו בחצר הפרידים אכסניה חנם. פייגה פריד סדרה באחד הבתים חדר מיוחד ללינת לילה לעניים לאחר שסעדו סעודת־ערב; רוב הקבצנים כיוונו את צעדיהם לחצר, לעת ערב, כדי ליהנות מארוחה משביעה ומלינת לילה להן לא זכו בבתיהם הדלים. את החצר עזבו הם תמיד במתנת כסף, בגד ונעל.

אביא שתי אפיזודות שימחישו את הדברים האמורים:

פעם הגיע באחד מערבי החורף הקרים, עני עובר־אורח ונהנה כרגיל מקבלת אורחים נאה, אכל ושתה ושכב לישון. יותר מאוחר, נקף מצפונה של אם יחזקאל פריד שמא לא די כלי־המטה לעני בכפור הגדול; הלכה והביאה את פרוות הדרכים של בעלה כדי שיחם לעני. אולם העני קם עם שחר והסתלק עם הפרווה היקרה ללא פרידת שלום.

או: סוחר יהודי מלובלין נודע לו על עליה תלולה במחיר הקמח. מיד התקשר טלפונית עם י. פריד וקנה אצלו כמות גדולה של קמח. למחרת היום נודע לי. פריד על רמאותו של הסוחר, וכאשר בני משפחתו הפצירו בו שינהג ברמאי כיאה לו ויבטל את העסקה ענה: מלה היוצאת מפי, שקולה כנגד כל הון שבעולם, והעסקה בוצעה במלואה.

לא רק את העניים שימשה החצר, אלא גם את תנועות הנוער השונות. בערכם את טיוליהם בסביבות בוכוטניצה, סרו לחצר ללינה במתבן הגדול עם השחת הריחנית. כן היו מבקרים בחצר ומתקבלים בסבר פנים יפות, סופרים וציירים ששהו בקוזמיר הידועה כעיר מפגשם; ביניהם התארח לא פעם בצעירותו הסופר שלום אש, עת עשה צעדיו הראשונים בשדה הספרות. החצר שימשה גם מפגש לכל בני המשפחה בימי חג ומועד. שמחת החיים במפגשים אלה היתה מלאה; הכל שמחו והחליפו רשמיהם וחוויותיהם במשך ימות השנה ונפרדו כדי להפגש שנית בחג הקרוב או בימי החופשה, להם חיכו בצפייה. בחצר של הפרידים, מצאו משען נדיב הקהילות של העיירות הסמוכות בפעולות



משפחת פריד

די משפחה פריד

הסעד שלהן כגון קמחא דפסחא, בגוד לעניים ועוד. החצר היתה ידועה כתומכת בכל הפעולות והמגביות של ההסתדרות הציונית ומוסדותיה.

השותף השני לטחנה, רטנובסקי, היה נואם מחונן, שידע להלהיב את שומעיו; הוא מלא כל שליחות שהטילה עליו ההסתדרות הציונית; היה מופיע ונואם באסיפות־עם ציוניות ומילא תפקידי ארגון שונים בביסוס ההסתדרות הציונית, אותה ייסד בקוזמיר. הוא נחשב לאחד המשכילים בסביבה. בנעוריו חבש ספסלי ישיבות שונות, לאחר מכן למד אגרונומיה במגמה לעלות לארץ. מעטים בלבד מבין התלמידים היהודיים באוניברסיטאות בזמן הזה בחרו מקצוע זה; אולם עלייתו ארצה לא נסתייעה ולכן לא עסק באגרונומיה אשר למד, אך את ההגשמה הציונית זכה לראות בעליית צאצאיו ארצה, בן ובת.

הבן שמעון הצטרף בזמן מלחמת העולם השניה (לפני גמר לימודיו באוניברסיטה בירושלים) לבריגדה היהודית. הוא נספה בהיותו באונית מלחמה בריטית שמוקשה בים התיכון על ידי הגרמנים. בתו סיימה את חוק לימודיה בטכניון בחיפה ונספתה באופן טרגי בהיותה בטיול אצל הוריה בדיוק לעת פרוץ מלחמת העולם השניה, ולא הצליחה לחזור ארצה למרות מאמציה. האשמדאי הנאצי סגר עליה, וביחד עם בני משפחתה, שתתה את כוס התרעלה עד תומה.

השותף השלישי של הטחנה, יוסף פריד, היה מעורה בחיים הציבוריים המוניציפליים בקהילה היהודית ובמועצה העירונית בקוזמיר. נוסף לפעולתו בהסתדרות הציונית, הוא כיהן כחבר ועד הקהילה והמועצה העירונית במשך שנים רבות והיה מגן בקומה זקופה על האינטרסים והכבוד היהודי. עם הכיבוש הגרמני העלילו עליו ועל שני בניו המוכשרים ביותר, שהיו פאר המשפחה, אשמת ריגול. דיה היתה הלשנה של אחד הגויים כי בביתם מקשיבים ברדיו לידיעות חוץ וכי נמצאת בביתם מפת אירופה, כדי שאנשי הגסטפו ירצחום נפש ביער הסמוך.

הם לא ידעו שזכו למוות של חסד לעומת דרך העינויים בה עברו יתר בני המשפחה לקראת מותם. רק אודים מוצלים ממשפחה מפוארת זו מצאו מקלט בארץ האבות.

גישה מוזר (פריד)



## יוסף פריד ז״ל

יוסף פריד — אחד משלושת הבעלים של טחנת־הקמח בבוחוטניצה, אשר כיהן במשך שנים רבות כיו״ר של הקהילה בקוזמיר — נמלט בזמן ה„אקציה״ (ליתר דיוק, סמוך לאקציה, כי בשעת הגירוש אי־אפשר היה להימלט), יחד עם אשתו, פולה, ושני בניו, פישקה, סטודנט צעיר, והצעיר יותר חנניה — תלמיד גמנסיה בפולאבי.

בינובייץ שרר שקט יחסי, אך התהלכו שמועות והדברים שודרו גם ברדיו המחתרתי, כי הגרמנים מתכוונים להקים באיזור לובלין רזרבאט, והיהודים נטו להאמין בכך.

ינובייץ שוכנת מעבר לנהר הויסלה. קיווינו ששם נהיה בטוחים יותר. על אושוינצים ובלז׳יץ ועל מחנות־השמדה אחרים טרם שמענו. כאן בינובייץ לא היה גיטו, והיהודים לא נתפסו לעבודות כפיה ולמחנות.

מספר עובדי הכפיה היהודיים היה כאן מצומצם (בעזרת היודנראט), וגרמנים נראו ברחובות העיירה הזאת לעתים רחוקות בלבד.

באחד הימים הופיע בביתי איש קוזמיר ובפיו ידיעה: „הגיעו אנשי הגסטאפו״. פריד הצעיר, חנניה, ששהה אז אצלי נתר ממקומו בקריאה: „אני מוכרח להטמין משהו״, וברח מן החדר. מיד שלחתי את בתי הצעירה, רינה, להוודע מה קרה.

כעבור דקות אחדות חזרה רינה ובפיה בשורת איוב: „הגרמנים פנו ישר אל הפרידים ולקחו איתם את שלושתם, את האב ושני בניו״.

הלכתי אל פולה פריד ומצאתיה על סף העלפון. היא ספרה כי כאשר אנשי הגסטאפו פרצו לבית פרוסה היתה על השולחן מפת אירופה בה היו נעוצים דגלונים שציינו את שטחי הכיבוש הגרמניים — הוכחה שהפרידים מרגלים הם.

לא ידע חנניה כי כך יתפרש התחביב שלו.

בהובילם את פריד ואת בנו פישקה נתקלו בחנניה וגם אותו לקחו הגרמנים איתם.

בערב נודע כי המשטרה הפולנית העבירה את שלושתם לראדום.

למחרת נסעה הגב׳ רדושינסקה, נוצריה, שהיתה ידידתם של הפרידים לראדום. היא הצליחה להעביר להם מעט כסף וחבילת מזון. על פעולתה זו חזרה כמה פעמים במשך שבוע. אחי, ד״ר נחום שנדרוביץ׳ שהתגורר בראדום, גם הוא שלח להם חבילות מזון והחל לחפש דרכים כיצד להפגש איתם. את החבילות לקחו, אך להפגש איתם לא הרשו לו.

אחרי ימים מספר הודיעו לו שהאסירים הועברו מראדום. לאן? — לא ידוע. בזמן שמשטרת ינובייץ הודיעה על העברתם לראדום התהלכו שמועות, כי הוצאו להורג מיד לאחר מאסרם.

היינו המומים. לא הבינונו מדוע נאסרו. מדוע פנו הגרמנים לדירתם? אחר זמן קצר נפתרה התעלומה.

לפישקה פריד היה „מספר ירוק״, כלומר — רשיון לנוע בכפרי הסביבה לקניית סמרטוטים ישנים מהאיכרים בשביל הגרמנים. רשיון כזה אפשר היה להשיג תמורת כסף רב, והיו מעוניינים בו לא למען עשיית רווחים, כמובן, אלא כדי לנוע בסביבה. בעל ה„מספר הירוק״ היה בבחינת „יהודי נחוץ״ (אין נוצליכר יודה), על כן לא הוטלה עליו עבודת־כפייה.

לפישקה היו אופניים חדשים ויפים. יום אחד הגיע ברכבו על אפניו לבוחוטניצה

כדי להוציא חפצים כלשהם. עצר אותו אחד מאיכרי בוחוטניצה הצעירים ובקש ממנו: „מכור לי את האופניים". פישקה סירב: „האופניים נחוצים לי לעצמי". אך האיכר בשלו. פישקה לא הסכים, עלה על אופניו ונסע.

„חכה יהודי, סרובך יעלה לך ביוקר" — צעק אחריו האיכר.

כעבור שלושה ימים הופיעו אנשי הגסטאפו ואסרו את הפרידים.

כנראה היתה זו נקמתו של אותו גוי.

ס. וו.



## מלכה קרלין (לבית פריד) ז"ל

מלכה נולדה בבוכוטניצה בשנת 1885. אבי ז"ל דאג להעניק לה חינוך לאומי, שכן הוא עצמו היה ציוני נאמן. עד גיל 17 למדה בבית־ספר תיכון. עם פרוץ מלחמת העולם הראשונה, עברנו לרוסיה ושם סיימה את לימודיה כאחות מוסמכת. עבודתה היתה לעזר רב לכל בני המשפחה, כי מצבנו החמרי, כמצב יהודים אחרים היה חמור. לאחר נשואיה לבעלה שלמה קרלין עקרו לפינסק ושם היתה פעילה בתנועה הציונית. עד כיבוש פינסק ע"י הנאצים במלחמת־העולם השניה, היה ביתה בית פתוח לכל הפליטים שזרמו לעיר זו, מחמת המציק. ב־1941 נכבשה פינסק על־ידי צבאות ברית־המועצות ואז הוגלו, מלכה ובעלה, כיהודים רבים שהיו חשודים בציונות לסיביר. שנים קשות עברו עליה במקום גלותה עד שב־1946 הצליחו לעזוב את רוסיה והגיעו למחנות הפליטים בגרמניה ומשם הגיעו לישראל ב־1948, עם הקמת המדינה.

לא קלים היו חבלי הקליטה בארץ־ישראל, עד שסוף־סוף הצליחו להסתדר ולהגיע לימי מנוחה. אז פקד אותה הגורל המר: מלכה נפלה למשכב ואחרי מחלה קשה וממושכת שבקה חיים לכל חי. מלכה הלכה לעולמה בשנת 1961.

זכרה הטוב לא ימוש מאתנו לעד!

גיסיה



## וועגן ר׳ וועווטשע בראָמבערג
## און זיין משפחה

איך דערמאָן דאָ צום גוטן מיין פעטער וועווטשע ז״ל.

מיר האָבן אים גערופן פעטער וועווטשע, דאָקעגן אין קוזמיר האָט ער געהייסן ר׳ וועווטשע בראָמבערג. אַ ייד אַ גביר, געהאַט אַ גרויס הויז מיט 18 לאָקאַטאָרן (אגב, ס׳איז געווען דאָס איינציקע הויז אין קוזמיר מיט אַ באַלקאָן). דאָרט האָט אויך גע־וווינט מאָשקע פעלדשער, אַ ספעציאַליסט צו היילן קראַנקע, לויט זיין אייגענער מעטאָד... האָט וועמען אָנגעריסן אַ פינגער, איז די בעסטע הילף געווען — פירן אַ דיעטע...

ר׳ מאָשקע פעלדשער איז אויך געווען אַ שערער און אַ ראַזירער. דער עיקר איז ער געווען באַקאַנט צווישן די פויערים אין דער סביבה פאַר אַ „סטאַרשי פעלדשער״. מען האָט געהאַט צו אים צוטרוי. ליידער, האָט אים געטראָפן אַן אומגליק אין דער צייט פון דער דייטשישער רוצחישער הערשאַפט. ער איז אַרויסגערופן געוואָרן צו אַ קראַנקן פויער אין דאָרף. מאָשקע האָט פאַרשריבן אַ רעצעפּט, געגעבן אָנווייזונגען, פעסטגע־שטעלט די דיעטע, דער חולה איז אָבער... געשטאָרבן. האָבן די פויערים פון דאָרף זיך צעבייזערט און אַוועק דערציילן אין געסטאַפּאָ, אַז דער „זשיד״ האָט פאַרסמט דעם גוי... האָבן די מערדער פאַרשיקט מאָשקען אין אַ לאַגער ווו ר׳איז אומגעקומען.

ביים פעטער וועווטשע האָט געאַרבעט אַ סטרוזש, וועלכער האָט גערייניקט דאָס הויז און געקערט דעם הויף. ער האָט געהייסן „דער לאָמער באַראַן״. מען האָט אים באַנוצט צם הייצן די אויוונס אין ווינטער און צום אַראָפּנעמען די לייכטער פרייטיק־צו־נאַכטס. קוים האָט פּאַסירט, אַז די ליכט האָבן גענומען טריפן און זיך צעפלאַקערן, וואָס איז געווען אַ סכנה פון אַ שריפה, האָט דער לאָמער באַראַן זיך באַוויזן און באַצייטנס פאַרלאָשן די ליכט. דערפאַר, פאַרשטענדלעך, האָט מען אים באַלוינט מיט אַ שטיקל חלה און נאָך שבת האָט ער באַזוכט אַלע דירות און באַקומען אַ פּאָר גראָשן.

דער פעטער וועווטשע האָט געוווינט אין 4 צימערן. אַ באַזונדערן איינדרוק האָבן אויף מיר געמאַכט די גרינע פלושענע שטולן און סאָפקע מיט דעם ניקעלנעם סאַמאָוואַר, דער גרויסער גראַמאָפאָן מיט דער הויך ברייטער טרובע ווי אַ קוימען.

יעדער שבת־צו־נאַכטס האָבן זיך פאַרזאַמלט קרובים און באַקאַנטע, זיך אַרומגעזעצט ביים טיש, געטרונקען טיי, צוגעביסן מיט מאָן־קיכלעך, אייערקוכנס, מאַנדלען און קאָמיס־ברויט, און גלייכצייטיק זיך צוגעהערט צום גראַמאָפאָן.

אין דער זייט פון הויף איז געשטאַנען די סוכה מיט קאָלירטע שויבן, וועלכע האָט געהאַט פליגל, וואָס אַ גאַנץ יאָר האָבן זיי געגוצט פאַר אַ דאַך. ערב סוכות האָט מען די פליגל אויפגעהויבן — און זיי ניט פאַרמאַכט אַ גאַנצן סוכות, אַפילו ווען דער רעגן איז געווען שטאַרק. ניט אַלע שכנים האָבן געהאַט די זכיה צו עסן מיטן פעטער וועווטשע

אין סוכה — נאָר די דריי שכנים פון אויבערשטן שטאָק. איינער פון זיי, דער שוסטער ר׳ משה וועלוולס, האָט ניט געהאַט די דרייסטקייט אַריינצוגיין אין דער סוכה פון פעטער, הגם ער האָט אים יאָר־יערלעך פאַרבעטן צו עסן דאָרט. משה וועלוולס דער שוסטער האָט מיט די אַנדערע שכנים אויפגעשטעלט אין הויף אַ סוכה.

דער פעטער וועוועטשע איז געווען אַ גרויסער האָלץ־סוחר, געשיקט דאָס געהילץ קיין דאַנציג, באַשעפטיקט איבערהויפּט קריסטן, ווייל ער האָט נישט געקענט צוקוקן, ווי יידן אַרבעטן ביי אַזאַ שווערער אַרבעט.

ער איז אויך געווען אַ נדבן, באַזונדערס אויף הכנסת־כלה און גלייכצייטיק אָפּגעגעבן זיינע צימערן אויף חתונות, איבערהויפּט דעם סאַלאָן, וועלכן ער האָט אַזוי מחשיב געווען. ביי אים איז שטענדיק געווען גרייט מאַלינע־סאָק און איינגעמאַכטס צו דערקוויקן די הערצער פון די קראַנקע.

צוויי טעכטער האָט דער פעטער וועוועטשע געהאַט: טובהלע און צלבהלע, און איין זון — יונהלע. טובהלע האָט חתונה געהאַט מיט יאַנקל האַלבערשטאַט פון זאַוויכאָסט, אַ למדן און אַ שאַרפער קאָפּ, וועלכער איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס ראַטמאַן אין שטאָטראַט און דאָזאָר אין דער קהילה, ווי אויך אין דער פאַרוואַלטונג פון דער יידישער קאָאָפּעראַטיווער באַנק. מיט יעדער שווערער דין־תורה איז מען געגאַנגען צו אים. מיט זיין שאַרפן תורה־קאָפּ האָט ער יושרדיק געפּסקנט און צופרידן געשטעלט ביידע צדדים. יאַנקעלע איז געווען אַ משכיל און אַ נאַציאָנאַלער ייד, געשטיצט די אַקציעס פאַר ארץ־ישראל, אַריינגענומען אין שטוב אַ פּושקע פון קרן קיימת, אין וועלכער זיין ווייבל האָט יעדן פרייטיק פאַרנאַכט, ביים ליכט־בענטשן, אַריינגעוואָרפן עטלעכע מטבעות. ר׳ יאַנקל האָט געהאַנדלט מיט טרוקענע אויבסט, געפירט זיי קיין וואַרשע. טובהלע האָט אים געבוירן דריי קינדער: חייהלע, משהלע, חנהלע.

יואל האָט חתונה געהאַט מיט הינדעלע רעכטמאַן פון וואַרשע, אַ באַוווּסטע אָרטאָ־דאָקסישע משפחה. ער האָט באַזיצט וועלטלעכע און אויך רעליגיעזע בילדונג. אָבער קיין מזל האָט ער ניט געהאַט. פון אַלע זיינע מסחרים האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. זיין פרוי האָט אים געבוירן צוויי קינדער: רומטשע און נאַטעק.

די יינגסטע טאָכטער צלבה האָט חתונה געהאַט מיט משה אַקערמאַן פון לובלין, יוספס אַ זון, אייגנטימער פון אַ גאַזשעלניע, אָבער ניט געוווּסט פון קיין גליקלעך לעבן, געוואַנדערט פון איין אָרט אויפן צווייטן, ביז זיי זענען דערגאַנגען קיין בעלגיע. זי האָט געבוירן פיר קינדער. קענטיק, אַז איין זון איז געבליבן אין בעלגיע און זיך געראַטעוועט פון דער גאַנצער משפחה.

**מלכה מייטין־גאָלדבוים / תל־אביב**



# בית סבי

סבי, אבי־אבי ז״ל, מנדל אדלשטין או כפי שכונה מנדל־שמיל־שלוימ׳ס, נולד בקוזמיר ובה גר כל שנותיו. גם אבי אהרן־מאיר נולד בקוזמיר, אך נשא אשה מעיר פולבי הסמוכה, בה גרנו עד לפרוץ המלחמה העולמית.

סבי היה מנכבדי חסידי קוצק, אדוק בדתו, ללא פשרות וברוח זו ניהל גם את ביתו. עוד הוא ניצב לנגד עיני: סבר־פנים רציני, זקן ופיאות עוטרים אותם ומצחו חרוש קמטים. רואה אני אותו מהלך בחדרו, שקוע בהירהורים. על־אף חוסר פשרנותו בעניני דת ומצוות, היה סבא איש טוב־לב, אוהב הבריות וראש לכל את בני משפחתו. בעודי ילד, עת באתי לבקרו לקוזמיר, הייתי מוקף רוב חיבה, סבא כדרכו היה בוחן אותי בלימודי ואם השבעתי רצונו בתורה זכיתי ממנו לנשיקה, שנעמה לי מאוד, והרי סבא ז״ל לא היה ממחלקי נשיקות...

ביתו עמד במרכז העיר, שחזיתו כלפי כיכר בית־העיריה. היה זה בית רחב־מידות, בו גרה כל משפחתו הענפה ואף „בית־החרושת״ לסודה סודר באחד מחדריו.

אספקת הסודה בימות הקיץ לקייטנים המרובים בעיירה, שימשה מקור פרנסה לכל המשפחה ולקראת חג הפסח סיפק סבא קמח ל„מצה שמורה״ לחסידים מכל הסביבה. אך בימות החורף, שלא כבקיץ, היתה פרנסתו מצומצמת למדי. לכן תמיד ליוותה אותו החרדה — כיצד לחסוך בקיץ לקראת החורף שבוא־יבוא.

גם סבתי מלכ׳לה היתה אשה טובת־לב, „איין אידישע מאמע״, שציר חייה סבב סביב בני משפחתה: בעלים טובים וישרים לבנותיה, בריאות ילדיה וכמובן — הפרנסה! לעצמה לא דאגה, רק אהבה רבה העניקה לכל בניה. כאשר היתה מבקרת אצלנו בפולאב, היה שינוי חל בחיינו. ידעתי, כי בעת ביקורה לא ירביץ אבא, על מעשי קונדס שלי, כי סבתא תגן עלי וניצלתי את ימי שהותה אצלנו למעשי תעלולים חדשים.

בניו של סבא חייבים היו להשיג הסכמתו לכל שידוך, כי לא כל אחד ראוי היה להצטרף לביתו. השידוך צריך היה להיות ללא רבב וללא פגם והחתנים חייבים היו לעמוד במבחן חמור בבקיאותם בגמרא. סבא היה הפוסק הראשון והאחרון לכל „בחיר־לב״ של בנותיו, עוד בטרם הן עצמן ראו מי המיועד להן כבעל.

שש בנות ושני בנים היו לסבי. הבת הבכירה ובעלה מוטל וינברג גרו סמוך לבית סבא. חמישה ילדים היו להם: חיים־ישראל, טובה, שבע ועוד בן ובת. פרנסתם שאבו

מחנות מכולת ומקיוסק בסביבת בית־ההבראה וכמו סבא כן גם הבת לא חסרה פרנסה בימות הקיץ אך ידעה מחסור בימות החורף. ב־1936 נשא חיים־ישראל אשה מזבולין ואף הבת טובה נישאה לבעל מאותה עיר ב־1938.

אבי ז״ל, אהרן־מאיר נשא אשה לבית אדלשטין (אמי ואבי היו בני־דודים רחוקים). אבא היה בעל חנות מכולת ורשיון לממכר שמרים וכאמור גרנו בפולאב. בין כל בניו של סבי, שפר ביותר חלקו של אבא. הפרנסה היתה מצויה ולא ידענו מחסור. גם אבי היה חסיד הרבי מקוצק ושלוש פעמים בשנה לקראת החגים נסע אבא לרבי ואף לקח אותנו איתו. למדן וחכם היה אבא וכל מכריו התרשמו עמוקות מתבונתו. על־אף למדנותו מעורה היה במציאות ולא ריחף בעולמות עליונים. היתה לו סמיכות לרב ועם זאת התעניין בתנועה הציונית ובמדיניות העולמית בזמנו. אמי אסתר ע״ה היתה אשה נאה ואצילה ואם יהודיה מסורה בלב ובנפש לצאצאיה. ציר חייה היו הבעל וילדיה, להם הקדישה את ימיה ושנותיה ואף סייעה לאבא בחנות. שבעה היינו — ארבעה בנים ושלוש בנות.

הדודה גולדה לאחר שהתגרשה מבעלה הראשון (לא אזכור פרטים) נישאה שנית ללייב לוינזון וגרו בווארשה, שם עסק בעלה במסחר סיטוני של פירות ומצבם היה טוב. לפני פרוץ המלחמה נולדה להם בת, נוסף לבן מבעלה הראשון.

הדודה סרל נישאה לבעל מהעיירה קורוב הסמוכה ללובלין והיו להם ששה ילדים. פרנסתם היתה מירידים.

הדודה זיסל־טמה נישאה לנח בוים מהעיירה ליפסק, אך גרה בקוזמיר. הוא היה בעל בית־קפה ליד הוויסלה ופרנסתם היתה מצויה. נח בוים היה בעל ואב מסור לילדיו וידע לפרנס את בני ביתו בכבוד. ארבעה ילדים היו לזיסל־טמה. איש נבון ופיקח היה נח והבריות אמרו כי בחכמתו דומה הוא לאבי.

הדוד סנקה נשא לאשה את בת־דודתו והתגורר בבית סבא. הוא היה בעל מזג טוב על־אף העובדה כי אשתו וחמתו רדו בו. לכן מצא מפלט בבית־המדרש, רק שם יכול היה להיות אדון לעצמו ושם גם ניהל את המדיניות העולמית, בלי שאיש יתנגד לו. ואם „חזק״ היה בהשאת עצות לרבי המדיניות העולמית בכל ארצות תבל, הרי „במדינתו״ — בדאגה לפרנסת ביתו היה אובד־עצות לחלוטין ומשפחתו ידעה מצוקה רבה. לכן נאלצו בני משפחתו ואבי בראשם להושיט לו סיוע לעתים קרובות. ארבעה ילדים היו לו.

הדודה טישל היתה בצעירותה נערה יפהפיה, אך המזל לא האיר לה פניו. הרבה בחורים חיזרו אחריה, אולם בעיני סבא הם לא מצאו חן. סוף־סוף נתן גם סבא הסכמתו לשידוך. היה זה בחור מוצלח ביותר — לאלוהים ולבריות, כמאמר האנשים. למדן ופיקח היה בעלה של טישל וגם צעיר לימים. כיוון שכך, צריך היה בעלה שמשון להתייצב מיד לאחר הנשואים לשירות הצבא ואי בעל הנכון לעזוב את אשתו הצעירה וללכת לשרת בצבא לא לו? לכן החל „להסתגף״, לאכול כזית, להנזר משינה בלילות, כל זאת כדי

שמצב בריאותו יתרופף לקראת הבדיקה הרפואית הצבאית. ואכן הוא פוטר מהצבא, אך כתוצאה מסיגופו חלה בשחפת ולא הועיל עוד הריפוי. הוא נפטר בשנת 1936 בהותירו אחריו אשה וילד קטן. עתה היתה צריכה הדודה טישל לקבל „חליצה״ מאח בעלה שהתגורר בארגנטינה. אחרי שנתיים הגיע האח לפולין ונתן „החליצה״, אך הדודה לא נישאה שנית, כי פרצה המלחמה.

הצעירה ביותר בבנות, הדודה דובה נישאה לבעל שלא היה „לפי טעמו״ של סבא, שכן האיש לא היה די מסורתי בעיניו וזאת לא יכול היה סבא לשאת. בזמן המלחמה נולד לדובה ילד.

לאחר כיבוש פולין בידי הנאצים גורשו יהודי פולאב לעיירה אופולה. אולם משפחתי הצליחה לעקור לקוזמיר. יחד איתנו באו לקוזמיר אחות אמי, זלטה, בעלה ושני ילדיה וסבתי חנצ׳ה אם־אמי. סבי הקצה לכולנו חדר בביתו ושם גרנו. החלה הדאגה לפת לחם, אני ואחי יוסף נאלצנו לעבוד אצל הגרמנים, במקום יהודים אחרים שהוטלה עליהם עבודת כפייה. תמורת עבודתנו קיבלנו שכר מועט, אך יותר משעבדנו קיבלנו מכות מידי הגרמנים.

הגרמנים התעללו ביהודים ככל שיכלו, בעיקר סבלו יהודי העיירה מהז׳אנדארמריה הגרמנית שפרעה פרעות ביהודים ככל שעלה על רוחה. באחד הימים החלו הגרמנים לחסל את בית־הקברות של ר׳ יחזקאל קוזמירר. שלדים ועצמות התגוללו תחת השמש ויהודי קוזמיר התרוצצו במשרדי הגרמנים, שילמו כסף רב, כדי שיורשו לקבור שנית את עצמות יקיריהם.

כאשר פתחו הגרמנים מחנה עבודה בפולאב הטילו על היודנראט בקוזמיר מיכסת יהודים לעבודה במחנה זה. אני הייתי בין הראשונים שעבדו שם. אולם הקהילה שלחה ליהודי המחנה חבילות מזון ודאגו להחליפם ביהודים אחרים מדי כמה חודשים. מובן שהדבר עלה בכסף רב, שהגרמנים קיבלו אותו ברצון. לאחר זמן גירשו הגרמנים את היהודים שלא היו תושבי העיירה. אף משפחתי גורשה לגניבשוב.

**שמואל בן אהרון־מאיר אדלשטיין / נתניה**



# אברהם בורנצווייג הי"ד

אברהם ז"ל נולד בקוזמיר להוריו ר' ישראל ואיטקה בורנצווייג. אביו המנוח היה יהודי חסיד אמיד וסוחר עצים. בהגיע אברהם לגיל השירות הצבאי, לא רצה להטיל מום בגופו, נמלט לגרמניה שם חי ועבד עד עלות היטלר ימ"ש לשלטון — ואז עלה בשנת 1935 ארצה. כאן הוא עבד כל מיני עבודות, נשא אשה, רכש זוג פרדות, והיה לעגלון. מעבודה זו התפרנס בכבוד. מיום בואו ארצה התקשר עם יוצאי העיר והיה מבין באי



משפחת בורנצווייג * די משפחה בורנצווייג

ביתם של יוסף ורחל קפלן ז״ל — ביחד עם יתר בני העיר. היה דייקן, ישר, וחי מיגיע כפיו... והיה שמח בחלקו. ובמיוחד — התעניין בגורלם של הוריו ויתר בני המשפחה בקוזמיר. בפרוץ המאורעות בשנת 1936 — בעוברו בכביש פתח־תקווה ליד המושבה הגרמנית שרונה (כיום — הקריה) נרצח מכדורי ערבים שעבדו בפרדס המושבה. השאיר אשה ובן קטן, אולם כעבור זמן לא רב חלתה האשה, נפלה למשכב ולא קמה עוד ממשכבה ובנו, אשר לא זכה שאביו יחנכו, נתייתם גם מאמו.

כל בני הארץ זוכרים את אברהם הי״ד, בעל התכונות התרומיות שנפל קרבן על מזבח המולדת.

ת.נ.צ.ב.ה



# בית שנדרוביץ׳

אוירה לבבית אפפה אותך בהיכנסך לביתם של חיים ואיטה שנדרוביץ׳ בקוזמיר. היה זה בית שהשרה על כל מבקריו אמונה ותקווה באדם, כי אלה קרנו מבעלי בית זה.

זוכר אני קיץ 1920, עת יצאתי מוורשה עם קבוצה של תריסר בחורים מן „השומר הצעיר״ ל„מושבת קיץ״ בפולאבי. אמצעינו היו מוגבלים למדי אבל היינו מלאי רוח נעורים. בהגיענו לקוזמיר לאחר דרך של 17 קילומטרים ברגל — תרמילינו על שכמינו ושירה בפינו — התקשרנו עם פולה, בתם של חיים ואיטה שנדרוביץ׳, שהכרנוה מקן השוה״צ בוורשה. מיד היינו גם אורחים רצויים בפנסיון של משפחת שנדרוביץ׳. כפי שנסתבר, נקלענו ל„אכסנית הקבע״ של חברי השומר־הצעיר שהזדמנו לקוזמיר — הרי הוא פנסיון שנדרוביץ׳ לו היתה שמורה „האופציה הבלעדית״ לאכסן ולכלכל כל איש מאתנו שנזדמן בקוזמיר ואף זכה לתפנוקים של בית־אמא. כזאת קרה גם לנו והימים שבילינו בצל קורתה של משפחת שנדרוביץ׳ שמורים בלבנו לטובה עד היום.

בנימין עומר / **משמר־העמק**



הפרטיזנים, הרגו שני קצינים ואת השלישי פצעו. הפצוע הגיע לטחנת־קמח שבקרבת המקום בכוחות עצמו, שם היה מכרו הגרמני — מנהל הטחנה (טרוי הנדר).

בערב אמרה הגב׳ גולובין, אחרי שנודע לה על ההתנקשות:

— יש לסלק את הגויות מן הכביש.

היא וקרובתה נטלו שני סדינים, העבירו את הגויות מן הכביש למקום מרוחק ממנו, כיסו אותן וחזרו לבתיהן.

כל אותו לילה לא עצם איש מאתנו עין. בפחד ובאימה חכינו לבוא הגרמנים. ידענו שצפוי לנו עונש חמור. הגברים הסתתרו.

לתמהוננו הרב עבר הלילה ועוד יום ולילה שלאחריו בשקט. עם בוקר, אחרי הלילה נודע לנו כי הגרמנים הגיעו לכפר. עוד טרם הספקנו להתלבש נשמעה הלמות קת־רובה על הדלת. פתחתי. נכנס חייל ובצעקות „הראוּס!" (לצאת) זירז אותנו לצאת החוצה.

יצאנו. בחוץ כבר עמדו אנשים אחדים. הריצו את כולנו קדימה. אחרינו צעד גרמני ובידיו תת־מקלע.

פניתי אליו ואמרתי לו בגרמנית:

מבקשת אני לדבר עם קצין. והוא: „מיט בנדיטן שפריך איך ניכט" (עם רוצחים איני מדבר). אמרתי לו, שלא הרגתי איש. והחייל ענה:

— אם לא את, אזי בעלך, או אביך, או אחיך, או בנך.

ראיתי שאין להשחית מלים. המשכנו בדרכנו. בכביש עמדה כבר קבוצה גדולה של נשים, ילדים וזקנים, ולידם אוקראיני חמוש בתת־מקלע. סודרנו ברביעיות בשורה והגרמני ציווה על האוקראיני:

— אתה תלך בראש השורה ואני בסופה.

— זה הקץ שלנו, מיד ניירה כולנו — חשבתי בלבי.

אך לא שמעתי כל יריות. אזרתי עוז, פניתי לאוקראיני ואמרתי לו ברוסית: — הייתי רוצה לדבר עם הקצין שלך.

— איני מדבר עם רוצחים — ענה.

נדמתי. פסענו כולנו הלאה. בדרך הצטרפה אלינו עוד קבוצת אנשים. לבסוף הגענו למקום המיועד.

הגענו לכביש רחב־ידיים, הוצבנו לימינו ואילו משמאלו במעלה הכביש, ניצבו הגרמנים. בשורה הראשונה חיילים מצויידים בתת־מקלעים ואחריהם — הקצינים, ביניהם אחד בדרגת רב־סרן.

החייל שליווה אותנו ניגש לאחד הקצינים ושח לו משהו. הקצין פנה לרב־סרן וחזר, כנראה, על דברי החייל.

כעבור רגע ניגש אלינו סמל ושאל:

— מי האשה שרצתה לשוחח עם הקצין ?

יצאתי מן השורה.

— בבקשה לגשת אל הרב־סרן.

— מה רצונך, גבירתי ? — שאל הקצין.

סיפרתי לו, שהנני תושבת ורשה, מורה, שעבדתי בכפר ז׳יליונקא שליד ורשה, ועתה הנני משמשת כמחנכת שתי בנותיה של הגב׳ גולובין. שודדים מזוינים, רעולי פנים התנפלו על ביתנו, ושדדו מאתנו את הכל. נשארנו ללא אמצעי קיום, ללא בגדים. הגב׳ גולובין הציעה שנסע כולנו למירוצ׳יצה, אל אחותה ושם נשב עד שימצא קונה לביתה. באנו ימים אחדים לפני ההתנקשות.

כאן נקשרה בינינו השיחה הבאה :

— ספרי לנו על ההתנקשות שאירעה שלשום — ציוה עלי הרב־סרן.

עניתי, כי כפי שידוע לי, היתה זו התנקשות במכונית בה נסעו קצינים אחדים, ששנים מהם נהרגו ועל גורלו של השלישי איני יודעת מאומה.

— הנהרגו על הגבעה שם מצאו אותם ?

— לא, הם נפלו מן המכונית והוטלו על הכביש.

— כיצד איפוא נמצאו על הגבעה ?

— המעבידה שלי יחד עם קרובתה העבירו את הגויות לשם וכיסו אותן בסדינים, כי הגב׳ גולובין מצאה שאין זה נאה להשאיר גויות על הכביש.

— ואיפה אותה הגברת ?

בקשתי את הגב׳ גולובין להתקרב. היא לא שמעה גרמנית והשיחה אתה התנהלה באמצעות מתורגמן. היא חזרה על אותם הדברים, כמעט, שספרתי אני.

אחרי כן הצביע הרב סרן על המנזר „הצלב הקדוש" ששכן בריחוק ניכר מאתנו ושאל :

— היודעת את, איזה בנין הוא זה ?

— כמובן. זהו מנזר „הצלב הקדוש".

— היודעת את איזה דגל מתנוסס שם ?

— כן, דגל רוסי.

— הראית אותו ?

לא, אולם הנערים הרועים פרות באחו ספרו לי על דגל שעליו מצוירים פטיש ומגל. הבינותי איפוא, שזהו דגל רוסי.

— מה שמם של אותם הרועים ?

— הרי אמרתי כבר שאני נמצאת כאן זמן מועט ואיני מכירה כאן איש. אך יש לי זכרון טוב ואם תצוה להביא הנה את כל הרועים, אכיר אותם.

— לא, שם מתנוסס דגל פולני, — הפטיר הרב־סרן.

מיד הבינותי כוונת דבריו. הוא, חשד, ובצדק, כפי שהתברר אחר כך, שפרטיזנים

פולנים היו מעורבים בהתנקשות. אולם מיד חלפה מחשבה בראשי, כי עלי לשכנע את האיש שחיילים רוסים נמצאים בקרבת המנזר ולא פרטיזנים פולנים. חייכתי ואמרתי:

— הו, הרי זו התגרות רוסית רגילה. שם ה י ה קודם דגל רוסי.

כאן התערב בשיחה אחד הקצינים.

— הרגו את ידידי הטוב ביותר. אנקום את דמו.

קצין אחר הסתכל בעד המשקפת, אחר הגיש אותה לרב־סרן בהפטירו חרש:

— נכון, פטיש ומגל.

הרב־סרן ציווה עלי ועל הגב' גולובין להמתין לידו. לא ידעתי במה תסתיים הפרשה. ראשי היה ריק ורק מחשבה אחת שלטה בו: שם, בין ההמון החרד נמצאת ילדתי ואיתה עוד ארבע חברותיה, שלוש מהן אריות, והרביעית, ינקה, — יהודיה.

פניתי אל הרב־סרן ואמרתי:

— שם, בין ההמון, נמצאת ילדתי וארבע תלמידותי.

— לכי ותביאי אותן הנה — אמר.

מדבריו הסקתי שמשהו עומד להתרחש. ירדתי מן הגבעה כדי ליטול את הילדות אתי, אך משקרבתי אל הנשים המתיפחות, משראיתי את פניהן שטופות הדמעות ושמעתי אנחותיהן, לא עמד בי הכוח להוציא את הילדות מבין השורות, שהרי הנותרים היו מיד מבינים מה צפוי להם וכי אבדה כל תקוותם.

אמרתי איפוא, לבתי:

— אחזי בידי ירושיה וינצ'קה והן יאחזו בידיהן של השתים האחרות ותחכו לאות ממני. עמדו בשקט וכשתראו את ידי המורמת, רוצו כולכן אלי, בלי לשים לב לאיש.

חזרתי. הרב־סרן שאל אותי איפה הילדות. הסתכלתי ישר בעיניו ואמרתי:

— לא הבאתי אותן כי הנשים שם מתיפחות ובוכות נורא!

האיש הבין. היה זה גבר קשיש וחזותו חביבה.

— טוב, ימתינו שם — אמר.

והנה התקרב במרוצה חייל לרב־סרן והודיע לו משהו. ההוא אמר משהו למתורגמן והלז פנה אלינו ואמר:

הרב־סרן ציוה עלי להודיע לכם שבאנו לשרוף את הכפר ולהוציא להורג את תושביו כעונש על רצח שני הגרמנים. הגברת הזאת (הוא הפנה את פניו אלי) שכנעה אותנו שלא הפולנים, כי אם הרוסים הרגו את קצינינו. החייל הזה (המתורגמן הצביע על החייל) הודיע עתה בשמו של הקצין השלישי הפצוע שהוא ראה את המתנקשים, לבושים מדי צבא רוסי. לכן אנו משחררים את כולכם.

כעבור זמן נודע לי, כי אחרי חקירות ממושכות הוחלט, בכל זאת, לשרוף את הכפר ב־25 בינואר, אך לא הספיקו לבצע זאת. בשמונה־עשר בינואר נכנסו לכפר הרוסים.



סאַניאַ ווישניאַ / קיבוץ משמר־העמק

# מיינע איבערלעבונגען
# בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע

### פאַלשע אילוזיעס

וואָס מערער איך טראַכט וועגן גורל פון די קוזמירער יידן און זייער טראַגישן אומקום, קום איך צום אויספיר, אַז אונדזער גרעסטער אומגליק איז געווען די אילוזיע און פעסטער בטחון, אַז די אַלע גזירות און רדיפות קעגן דער ידישער באַפעלקערונג זענען נאָר אַ פּועל־יוצא פון מלחמה־פאַרהעלטעענישן און דייטשן אַנטיסעמיטיזם. מען וועט די יידן בלויז „דערגיין די יאָרן" — און ניט מער. וועמען איז איינגעפאַלן, אַז די פאַרדאַרבנקייט פון די נאַציס וועט דערגיין צו אַזאַ דעגענעראַציע פון אַרויסטראָגן אַ ברוטאַלן טויט־אורטייל אויף אַ גאַנץ פאָלק, אויף מיליאָנען און מיליאָנען מענטשן?

אין ערשטן יאָר פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבן מיר אין קוזמיר געהאַט אַפילו אַ גרונט צו גלייבן, אַז דער „טייוול איז גאָרניט אַזוי שלעכט ווי מען מאָלט אים אויס", פשוט דערפאַר, ווייל עס האָט זיך אונדז, פאַרהעלטעניסמעסיק, ניט שלעכט געלעבט. אמת, מיר האָבן געהערט וועגן אויסזידלונגען און האַרבע נגישות, אָבער — אין אַנדערע שטעט. געווען ביי אונדז פּליטים פון אַנדערע ערטער, מיר זענען געווען עדות פון דער אויסזידלונג פון די פּילעווער קיין אָפּאָלע, ווייל דער וועג האָט געפירט דורך קוזמיר — אָבער מיר האָבן אַלץ געמיינט, אַז צו די קוזמירער יידן האָט עס ניט קיין שייכות.

די אויסזידלונג פון פּילעווו איז פאָרגעקומען אין דעצעמבער 1939, ביי 30 גראַד פראָסט. די מענטשן האָבן געחלשט, געפאַלן אויפן וועג. האָט מען זיי מיט קלעפּ דער־מונטערט און געטריבן ווייטער. אויך פּליטים פון וואַרשעווער געטאָ האָבן דערציילט שוידערלעכע פאַלן פון דייטשער בעסטיאַלישקייט און ברוטאַליטעט — בעת דאָס לעבן אין קוזמיר האָט זיך געהאַט כמעט סטאַביליזירט, באַרויקט.

אמת, די דאַמאָקלעס־שווערד איז געהאָנגען איבער אונדזערע קעפּ. פאַר דער מינ־דסטער „עבירה", ווי צ. ב. ניט צושטעלן די פולע צאָל אַרבעטער צום רייניקן די גאַסן,

האָט מען געדראָט מיט אויסזידלען פון שטאָט אַלע יידן. דאָך האָבן מיר זיך צוגעוווינט צום געדאַנק, אַז ס'איז גענוג אונטערצוקויפן דעם אָרטיקן דייטשן קאָמענדאַנט און זיינע געהילפן, אַז מ'זאָל ווידער האָבן מנוחה אַ שטיקל צייט. דערביי געמיינט, אַז אַזוי וועט עס אָנגיין ביזן סוף קריג. געהיימע פלוגבלעטלעך און דער ראַדיאָ פון דער אונטערגרונט־באַוועגונג האָבן געמאָלדן וועגן נצחונות פון רוסלאַנד און די אַליאַנטן און מיר האָבן געהאַט אַ גרונט צו גלייבן, אַז ניט ווייט איז דער טאָג פון באַפרייונג.

מאַטעריעל זענען די יידן רויִנירט געוואָרן, ווייל מ'האָט ביי זיי צוגענומען די געשעפטן און וואַרשטאַטן און איבערגעגעבן דאָס אַלץ אין „אַרישע" הענט. אָבער די סוחרים האָבן זיך אַן עצה געגעבן. די אייגנטימער פון טעקסטיל־ און גאַלאַנטעריע־געוועלבער, האָבן אין געהיים פאַרקויפט זייערע סחורות, וואָס זיי האָבן פריער באַהאַלטן — און ניט שלעכט פאַרדינט. די וועלכע האָבן געהאַנדלט מיט לעדער — זענען רייך געוואָרן. יידישע פרויען, לרוב מיט אַ ניט־יידישן אויסזען, זענען געגאַנגען איבער די דערפער (וואָס איז געווען פאַרבאָטן) און האָבן פון דאָרט געשמוגלט אייער, מילכוואַרג, עופות. די פויערים האָבן זיי ניט אויסגעגעבן, און די דייטשן האָבן זיי ניט דערקענט. דער אויסטויש־האַנדל האָט געבליט. דאָס געלט איז אַנטווערטעט געוואָרן און פויערים האָבן גערן געקויפט גענוצטע מעבל, קליידער, וועש — און געצאָלט דערפאַר מיט פּראָדוקטן. מיר האָבן



ח. גולדברג — הגירוש

ח. גאָלדבערג — די אויסזידלונג

אויספּאַרקויפט די אומנייטיקע זאַכן, ווייל מיר האָבן דאָך געלעבט אין אומאויפהערלעכן פּחד פון אויסזידלונג. שלעכט איז געווען די, וועלכע האָבן ניט געהאַט וואָס צו פאַרקויפן, און ביי אונדז אין קוזמיר זענען געווען אַ סך אָרעמע נאָך פון פאַר דער מלחמה.

אין ערשטן יאָר מלחמה, האָבן מענטשן זיך אָפּגעזאָגט פון סאַמע נייטיקן און זיך אָנגעגרייט אַ ביסל זאַפּאַסן, אויב זיי האָבן געהאַט דערצו די מעגלעכקייטן. ווייל בדרך־כלל האָט מען דעם גאַנצן פאַרדינסט אויסגעגעבן אויף עסן. נאָר אַמערגסטן האָט זיך געלעבט די פּליטים. זייער לאַגע איז געווען אַ טראַגישע.

וואָס אַן אמת, מיר האָבן געעפנט אַן אומזיסטיקע קיך פאַר פּליטים. מענטשן האָבן געשפּענדעט געלט פאַר דער קיך, מען האָט געזאַמלט קליידער פאַר די פּליטים — אָבער דאָס איז אַלץ געווען ווי אַ טראָפּן אין ים.

אונדזערע קוזמירער אָרעמע ייִדן האָבן געליטן ניט ווייניקער ווי די אָנגעפּאַרענע, נאָר זיי האָבן כאָטש געהאַט אַ וווינונג. אָבער די פּליטים? זיי האָבן געוווינט אויף בוידעמער, אין קאַמערן און אין די אומבאַהייצטע זומער־וווינונגען פון די פּויערים.

מיט הייץ־מאַטעריאַל איז געוואָרן אַלץ ערגער, גראַד ווען דער ווינטער איז יענעם יאָר געווען זייער אַ קאַלטער.

ווען מען האָט געשאַפן דאָס געטאָ, האָט זיך די לאַגע שטאַרק פאַרערגערט. אַ סך מענטשן זענען מיט אַ מאָל געבליבן אָן וווינונגען. נאָר אַפילו אין דעם פאַל האָט אונדז אָפּגעגליקט. אין קוזמיר איז בכלל קיין פראַגע ניט געווען וועגן אַרומצוימען דאָס געטאָ, אַפילו מיט שטעכלדראָט איז עס ניט געווען נייטיק, ווייל אַ טייכל האָט דורכגעשניטן דאָס געטאָ. אויף עטלעכע ערטער זענען געווען דראָטן, אָבער קיינער האָט זיי ניט געהיטן. אויף דער רינעק־גאַס (די הויפּט־גאַס פון שטאָט און דער מאַרק), האָט מען ניט געטאָרט גיין, נאָר אַזוי ווי אין שטעטל איז געווען נאָר איין אַפּטייק, אין רינעק, האָט מען אַהין יאָ געמעגט גיין. ד"ר וואַידאַ, אַ קריסט, האָט געהיילט ייִדישע פּאַציענטן, בעת קריסטן זענען געקומען זיך היילן צום ייִדישן צאָן־דאָקטאָר אין געטאָ.

פיל ייִדן, וועלכע האָבן געהאַט צוויי אַרויסגענג פון זייערע הייזער, איינעם אויף דער לובלינער גאַס (די „אַרישע" זייט) און דער צווייטער אויף דער נאַדזשעטשנע (צום געטאָ), זענען געבליבן אין זייערע דירות, נאָר זיי איז געווען פאַרבאָטן אַרויסצוגיין אויף דער לובלינער גאַס. גרויסע הייזער זענען דורך די דייטשן רעקווירירט געוואָרן אויף צייט־ווייליק, אָדער אויף שטענדיק. למשל, די פעלד־זשאַנדאַרמעריע (פעלדפּאָסט־זשאַנדאַר־מעריע) האָט פאַרנומען מיין הויז, אָבער נאָך זעקס וואָכן זענען זיי אַוועק פון קוזמיר — און איך בין צוריק אַריין אין הויז. זיי האָבן פאַרנומען „שווייערקי" — די ווילע פון די פּייערשטיינס, נאָר נאָך אַ געוויסער צייט זי צוריק באַקומען (איך רעכן אויס נאָר די הייזער, ווייל זיי זענען געווען די גרעסטע אין קוזמיר). אַזוי האָט מען געלעבט אין אומ־אויפהערלעכער שרעק אויסגעזידלט צו ווערן, אָבער „עס האָט זיך ווי ס'איז געלעבט".

ביי אונדז איז ניט געווען איינגעפירט, ווי מיר האָבן געהערט פון פּליטים פון אַנדערע שטעט, אַראָפּצוגיין פון טראָטואַר, ווען ס'איז דורכגעגאַנגען אַ דייטש. מענער האָבן ניט געמוזט אַראָפּנעמען די היטלען פאַר אַ דייטש, ניט געדאַרפט נייגן זיך אַ צופעליק דורכ־גייענדיקן אומבאַקאַנטן דייטש. אמת, יידן מיט באָרד־און־פּיאות האָבן זיך באַמיט וואָס ווייניקער צו באַווייזן אין גאַס, ווייל עס זענען געווען פאַלן ווען דייטשן האָבן געריסן די בערד, דערצו נאָך דערלאַנגט איבערן קאָפּ מיט אַ גומענעם שטעקן. אָבער אויך בעת דעם ערשטן וועלט־קריג זענען געווען ניט ווייניק אַזעלכע מעשים, און שפּעטער, ווען די האַלערטשיקעס זענען אין יאָר 1920 אַריין קיין קוזמיר.

אַ שרעק האָט אַרומגעכאַפּט דאָס גאַנצע שטעטל, ווען ס'איז אַריינגעפּאָרן אַ גרויסער אויטאָ, דער א. ג. „כאַפּ־אויטאָ". יידן האָבן זיך באַהאַלטן. אָבער צום גליק (אָדער צו אונדזער אומגליק, ווייל אַזוי אַרום איז אונדזער וואַכזאַמקייט געוואָרן איינגעשלעפערט), האָט מען קיין איין ייד ניט געכאַפּט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זענען ניט געקומען כאַפּן יידן, נאָר — פון דער פּוילישער אינטעליגענץ: דער אַלטער רעיענט יעזשמאַ־נאָווסקי, דער פּאָסט־נאַטשאַלניק פּיַש און זיין געהילף, דער גלח בלוכאַרסקי פון אַ שכנותדיקן דאָרף. מ'האָט אויך געזוכט עטלעכע פּוילישע סטודענטן, נאָר זיי איז גע־לונגען זיך אויסצובאַהאַלטן ביז דער באַפרייונג.

## סעפּטעמבער 1939

באַלד נאָכן אַריינמאַרש פון די דייטשן קיין קוזמיר, האָבן זיי אָנגעהויבן כאַפּן יידן צו פאַרשידענע אַרבעטן, אָבער נאָך 2—3 טעג האָט דער אָרט־קאָמענדאַנט, קריגער, צוזאַמענגערופן די מיטגלידער פון יידישן קאָמיטעט און מיט זיי אָפּגערעדט (בעסער געזאָגט — פאַראָרדנט), אַז יעדן טאָג זאָלן זיך מעלדן צו אַרבעט מענער אין עלטער פון 18 ביז 45 יאָר. זיי האָבן געדאַרפט אַרבעטן דריי טעג אין דער וואָך.

צו מאָרגנס איז די ערשטע גרופּע (ד. ה. די ערשטע העלפט) געגאַנגען צו דער אַרבעט. אין אָוונט איז געקומען אַ באַפעל צוצושטעלן אין דער פרי אַ געוויסע צאָל מענטשן. עס האָבן זיך געמאָלדן 20 מענטשן ווייניקער, ווייל אַזוי פיל האָט אויסגעמאַכט אַ העלפט. דער קאָמענדאַנט איז געווען מלא כעס און באַפוילן צוזאַמענרופן צו מאָרגנס די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אויפן מאַרק און ברענגען מיט זיך געלט שטאָף. מען האָט אונדז געזאָלט „דעקאָרירן" מיט אַ יידישער אָפּצייכענונג.

נאָך מיטאָג זענען די קאָמיטעט־מיטגלידער געקומען צו מיר אויף אַ באַראַטונג (אויך איך בין געווען אין קאָמיטעט). מיר האָבן באַשלאָסן, אַז מאָרגן פרי וועל איך צוזאַמען מיט חיים פייערשטיק, דעם אייגנטימער פון אַ גאַרבעריי, אַ זייער אָנגעזעענער מענטש אין שטאָט, און בערל קירשנבוים, וועלכער איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן צושטעלן די געהעריקע צאָל אַרבעטער, גיין אינטערווענירן ביים אָרט־קאָמענדאַנט. מיר האָבן

זיך באַזאָרגט מיט געניוג ציפּערן. דער בירגערמייסטער פון שטאָט, טאַדעאוש אולאַ־נאָווסקי, האָט צוגעגרייט פאַר אונדז אַ גענויע רשימה פון יידן אין עלטער פון 18 ביז 45 יאָר, און פון 45 יאָר אָן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די צאָל מענטשן וועלכע האָבן זיך נעכטן געמאָלדן, איז געווען אַפילו מער, וויפל עס האָבן זיך באַדאַרפט צושטעלן.

צו מאָרגנס אין דער פרי זענען מיר אַלע דריי אַוועק צום קאָמענדאַנט. אונדז איז לייכט אָנגעקומען אים איבערצוצייגן, אַז מיר האָבן זיך ניט „פּאַרזינדיקט”. אויף מיין ביטע, האָט ער גערופן דעם בירגערמייסטער און פאַרלאַנגט אָנגאָבן. אולאַנאָווסקי, גלייך ווי ער וואָלט גאָרניט געוווּסט, האָט געבראַנגט ביכער און געהייסן דעם סעקרעטאַר געבן אַ גענויעם אויסוויז פון יעדן יאָרגאַנג. מעשה זיגערין האָב איך זיך געווענדט צום קאָ־מענדאַנט, אַז איצט האָט ער אַ געלעגנהייט זיך איבערצוצייגן, אַז מיר האָבן אים ניט אָפּגענאַרט. דאָס איז געשען אין דער צייט, ווען דייטשע אָפיצירן האָבן נאָך ניט אַזוי געווילדעוועט. וואָס אָן אמת, ער האָט מיך ניט איבערגעבעטן, ר'איז אָבער ווייכער געוואָרן. איך האָב אים געזאָגט, אַז דער פאָרשטייער פון קאָמיטעט וועט זיך באַמיען אויסצופירן אַלע זיינע פאַראָרדענונגען און ווונטשן. ער האָט געבעטן „אויסבאָרגן” עס־באַשטעק און טעלער, 24 קאָמפּלעטן, כדי די אָפיצירן זאָלן ניט מוזן עסן מיט בלע־כענע לעפל. איך האָב אים צוגעזאָגט דאָס אַלץ צוצושטעלן.

אַ שעה שפּעטער האָט ער געשיקט רופן דעם פּרעזעס פון קאָמיטעט און פאַראָרדנט צו ברענגען פּוטער, אייער, חזיר־פעטס אד"גל. פון דעמאָלט אָן האָט מען יעדן אין דער פרי אים צוגעשטעלט פּראָדוקטן.

וועגן אַ יידן־אָפּצייכענונג איז שוין מער ניט געווען קיין רייד. ער האָט זיך באַגנוגנט מיט דער דערקלערונג, אַז ער וואָלט געווען צופרידן מיר זאָלן אים ניט דערפירן דערצו, ער זאָל זיין געצווינגען צו באַשטראָפן די באַפעלקערונג.

ערשט אין דעצעמבער, האָט מען אָנגעהויבן טראָגן ווייסע אָרעם־בענדער מיט אַ בלויען מגן־דוד.

**דעצעמבער 1939**

אַ קורצע צייט נאָכן אַריינמאַרש פון די דייטשן קיין קוזמיר (געווען איז דאָס אין אָנהייב שול־יאָר), איז פאַרבאָטן געוואָרן יידישע קינדער צו באַזוכן די שול, וועלכע איז געווען אַ בשותפותדיקע פאַר יידישע און קריסטלעכע קינדער. איך בין דאָרט געווען די איינציקע יידישע לערערין. פאַרשטייט זיך, אַז פאַר מיר איז שוין ניט געווען קיין אָרט אין שול.

אַ געוויסן נאָכמיטאָג איז צו מיר געקומען צו לויפן דער פּרעזעס פון קאָמיטעט מיט נאָך צוויי מיטגלידער און דערציילט, אַז ס'איז דערהאַלטן געוואָרן אַ באַפעל תיכף

ומיד צו עפענען די שול פאַר ייִדישע קינדער. דער בירגערמייסטער האָט צוגעזאָגט צו קומען מאָרגן קאָנטראָלירן, צי דער באַפעל איז געוואָרן אויסגעפירט.

— און אַ לאָקאַל? — פרעג איך.

— זיי דערלויבן פאַר דעם צוועק אָפּצורייניקן די שול (וועלכע איז מיט עטלעכע וואָכן צוריק געווען פאַרנומען אַלס סקלאַד פונעם מעבל, וואָס מען האָט רעקווירירט ביי ייִדן).

— און אינווענטאַר? — האָב איך ווייטער געפרעגט.

— מיר האָבן ניט קיין אַנונג וואָס ס'איז נייטיק און ווו מען נעמט עס. גיב אונדז אַן עצה — און מיר וועלן אַלץ שאַפן.

מיר האָבן זיך אַן עצה געגעבן. גענומען פון איינִיקע פּריוואַטע הייזער עטלעכע בענק און טישן, און איך האָב זיך געווענדט צום דירעקטאָר פון דער אַלגעמיינער שול, אַז ער זאָל מיר אויסלייען עטלעכע שול־בענק. ביזן אָוונט איז געלונגען צו שאַפן דעם נייטיקן אינווענטאַר. סטאָליאַרעס האָבן געאַרבעט ביז שפּעט ביינאַכט ביים פאַרריכטן דאָס מעבל, די יוגנט האָט גערייניקט און געוואַשן דאָס מעבל. אויפן אַנדערן טאָג איז אַלץ געווען פאַרטיק.

איך האָב מיר גענומען צו הילף סערל זילבערמינץ, דעם רבס טאָכטער, וועלכע האָט יענעם יאָר באַקומען מאַטורע. נאָך אַ באַראַטונג מיט איר, האָבן מיר געשאַפן 4 קלאַסן, אין איין זאַל, אין צוויי שיכטן (שטיל און הויך לערנען).

די קאָמיטעט־מיטגלידער זענען געלאָפן איבער די הייזער כדי צו ווערבירן תּלמידים. פאַרשטענדלעך, אַז די רייכע ייִדן האָבן געמוזט טייער צאָלן (זיי האָבן דאָס גערן געטאָן), בעת די אָרעמע האָט מען געדאַרפט קויפן העפטן אד"גל. ביכער האָט מען אַ ביסל צוזאַמענגעקליבן. דעם אַנדערן טאָג האָבן זיך אָנגעהויבן די לימודים. די קינדער זענען געווען גליקלעך.

עס האָבן זיך דערנענטערט די חנוכה־טעג. מיר האָבן איינגעאָרדנט מיט די קינדער אַ זייער אינטערעסאַנטן און פאַרשידנאַרטיקן פּרימאָרגן („פּאַראַנעק"), ווייל ביינאַכט האָבן ייִדן ניט געטאָרט פאַרלאָזן די וווינונגען. מיר האָבן געגעבן אַ פאָרשטעלונג, געזאַנג, לעבעדיקע בילדער, אָנגעצונדן די חנוכה־ליכט געגנוי ווי אין די צמאָליקע צייטן.

פאַרשטענדלעך, אַז מיר האָבן וועגן דעם צו וויסן געגעבן דעם בירגערמייסטער (דעם פאָלקס־דייטש), און ווי ס'איז געווען דער מינהג אין אַזעלכע פאַלן, האָבן מיר אים אויך איינגעלאַדן אויף דער פייערונג. ער איז טאַקע געקומען און — אַוועק אַ באַגייסטערטער...

מיר האָבן זיך איינגערעדט, אַז אַזאַ מצב וועט אָנהאַלטן ביז סוף מלחמה.

ליידער, נאָך חנוכה האָבן מיר באַקומען אַ באַפעל צו שליסן די שול און באַלד אָפּ־רייניקן דעם לאָקאַל. מיר האָבן ניט געקענט פאַרשטיין צו וואָס איז די דייטשן נייטיק

אונדזער שול. דער ענטפער איז געקומען נאָך עטלעכע טעג: זיי האָבן דאָרט איינגע־אָרדנט אַ שטאַל פאַר פערד.

די באַציונג פון די יידן צו דער אויפגעעפנטער שול איז געווען אַ פאַרשידנאַרטי־קע. דער רוב פון זיי איז געווען אָפּטימיסטיש. „זעט אויס", האָבן זיי געטענהט, "אַז דאָס לעבן האָט זיך סטאַביליזירט, אַלץ וועט גיין דעם נאָרמאַלן וועג". די פעסימיסטן דאַקעגן האָבן געטענהט, אַז דאָס קען זיין אַ פּולאַפּקע פאַר די קינדער. מען וועט זיי וועלכן טאָג אַוועקנעמען און אַרויספירן. עס האָבן קורסירט קלאַנגען, אַז די דייטשן דאַרפן יונג געזונט בלוט, כדי צו ראַטעווען זייערע פאַרוווּנדעטע זעלנער. ווי ס'האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָבן זיי באמת באַנוצט זיך מיט פּוילישע קינדער צו דעם צוועק. מיר האָבן זיך נאָך דעמאָלט ניט אָפּגעגעבן קיין רעכענונג, אַז אַפילו דאָס בלוט פון אונדזערע קינדער איז פאַר זיי „אומריין".

## אויף דער שוועל פון יאָר 1940

ווי איך האָב שוין דערמאָנט, איז אין פאַרגלייך מיט אַנדערע שטעטלעך, געווען ביי אונדז פאַרהעלטנישמעסיק ניט שלעכט. דאָך האָט קיינער פון אונדז ניט געהאַט קיין רויקע מינוט. מיר האָבן געוווּסט, אַז מ'איז אויסגעשטעלט אויפן חסד צי אומחסד פון אָרטיקן קאָמענדאַנט. וועט ער זיך תמיד לאָזן אונטערקויפן אָדער ניט? מיט דעם געדאַנק זענען מיר געגאַנגען שלאָפן — און דערמיט אויפגעשטאַנען.

אין דעצעמבער איז אָנגעקומען קיין קוזמיר אַן אָפּטיילונג פעלד־זשאַנדאַמעריע. זיי האָבן באַקומען אורלויב, נאָכן אויסזידלען די יידן פון ראַדזין.

די אָפיצירן האָבן פאַר זיך געגומען דאָס הויז פון דער פּוילישער שרייבערין, מיין שכנטע, מאַריאַ קונצעוויטש. מיין הויז האָט מען פאַרנומען אויף אַ ביוראָ און וווינונ־גען פאַר באַאַמטע. מיך האָט מען אויסגעזידלט פון מיין הויז, נאָר איך האָב געהאַט אויסערגעוויינלעך גליק: מען האָט מיר דערלויבט צו וווינען אינעם אַלטן הויז פון דער פרוי קונצעוויטש, אין דעם שומרס דירה.

יעדן טאָג זענען געקומען ייִדישע יינגלעך פון שטאָט באַדינען די דייטשן: טראָגן וואַסער, הייצן די אויוונס און אויפרוימען די שטובן. און „פאַר איין וועגס" — האָבן זיי געברענגט אין קאָמיטעט די באַשטעלטע פון פאַריקן טאָג פּוטער, חזיר־פעטס, אייער אד"גל.

אָפט האָט דער דייטש, פאַר די קלענסטע עבירה, געגעבן מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ — נאָר דאָס האָט זיך שוין נישט גערעכנט.

אַזוי האָט געדויערט עטלעכע וואָכן. דאָס לעבן האָט זיך איינגעשטעלט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויסטויש־האַנדל. פאַר פּוטער און אייער וואָס די דייטשן האָבן געקויפט

פֿאַר זיך פּריוואַט, כּדי אַרויסצושיקן זייערע משפּחות אין דײַטשלאַנד, האָבן זיי געצאָלט מיט סיגאַרעטן און בראָנפֿן. די ייִנגלעך האָבן דערבײַ ניט שלעכט פֿאַרדינט.

דער אורלויב האָט זיך געענדיקט. זיי האָבן געפּאַקט די זאַכן, די גרעסטע טייל אַרויסגעשיקט, ווײַל אַליין האָבן זיי געדאַרפֿט אַרויספֿאָרן צומאָרגנס פֿרי. צום געזעגענען, האָבן זיי אײַנגעאָרדנט אַ הוליאַנקע, גוט אויסגעטרינקען, אויפֿגעשטאַנען מיט גרויס פֿאַרשפּעטיקונג, און צו זייער גרויסער פֿאַרוווּנדערונג זיך איבערצייגט, אַז די ייִדן זענען ניט געקומען, ניט געבראַנגט פֿאַר זיי קיין עסן.

פֿאַרשטענדלעך, אַז זיי איז ניט אײַנגעפֿאַלן זיך זעלבסט צו באַשולדיקן אין דעם, ווײַל טראַכטנדיק אַרויסצופֿאָרן אין דער פֿרי, האָבן זיי ניט באַשטעלט בײַם קאָמיטעט ניט קיין מענטשן צו דער אַרבעט, ניט קיין עסן. בייזע, הונגעריקע און האַלב־שיכּורע, זענען זיי אַוועק אין שטאָט און געכאַפּט ייִדן, וועלכע זיי האָבן אָנגעטראָפֿן אין וועג, דערנאָך האָבן זיי גענומען כאַפּן ייִדן פֿון די שטובן און אַלע געטריבן אויף דעם פּלאַץ, ווו כ׳האָב געוווינט. זיי האָבן אויסגעשטעלט די ייִדן אויף בײדע זײַטן פֿון מײַן קאַשטאַן־אַלייע, וועלכע איז געווען באַדעקט מיט אַ דיקער שיכט שניי. זיי האָבן געהייסן די ייִדן אָפּרײַניקן דעם שניי מיט די בלויזע הענט. ס׳איז דעם טאָג געווען אַ שטאַרקע פֿראָסט. הינטער יעדן ייִד איז געשטאַנען אַ זשאַנדאַר מיט אַ גומענעם שטעקן און געשלאָגן איבערן קאָפּ. איך מיט מײַן עלטסטע טאָכטער האָבן פֿון הינטער דער פֿאָרהאַנג זיך צוגעקוקט די מאַקאַברישע סצענעס. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט מײַן טאָכטער אויסגעשריגן: „זע, מיעטעק!". „וועלכער מיעטעק?" — האָב איך געפֿרעגט. „קוק זיך גוט צו, דער ערשטער אויף דער לינקער זײַט".ווירקלעך, דאָס איז געווען מיעטעק גאַלעווסקי, דער אייגנטימער פֿון אַפּטייק־סקלאַד. נאָר וואָס פֿאַר אַן אויסזען?! אַ צעשויבערטער, דאָס פּנים אין גאַנצן באַגאָסן מיט בלוט, געענדערט — ניט צום דערקענען.

און דער זשאַנדאַר האָט אים כּסדר געשלאָגן...

אַמייסטן האָבן דעם טאָג געליטן מיעטעק גאַלעווסקי און שמעון פֿריד (יחזקאל פֿרידס זון, דער אייגנטימער פֿון דער מיל אין באַכאַטניצע). שמעון האָט זיך אָפּגעפֿראָרן די פֿינגער פֿון די הענט צו אַזאַ מדרגה, אַז ניט געקוקט אויף דעם לאַנגן היילן, האָט ער מיט זיי געקענט נאָר שוואַך באַוועגן. זייער נאָרמאַלן אויסזען האָבן זיי שוין ניט געהאַט.

ווער ווייסט ווי לאַנג עס וואָלט נאָך אַזוי געדויערט דאָס פּײַניקן זיי, ווען עס וואָלט ניט באַקאַנט געוואָרן דעם קאָמיטעט פֿון אַ ייִד, וועמען ס׳איז געלונגען צו אַנטלויפֿן אויפֿן וועג. מ׳האָט איבערגעקויפֿט דעם אָרט־קאָמענדאַנט, וועלכער האָט טעלעפֿאָנירט דעם זשאַנדאַרמעריע־שעף און פֿאַראָרדנט מען זאָל באַלד באַפֿרײַען "זײַנע ייִדן".

מען האָט אַלע ייִדן צוזאַמענגעטריבן אויף מײַן וועראַנדע, געהייסן זיי זינגען די

„התקוה" און דערנאָך, מיט אויסגעשרייען: „נאָך האַוזע, מאַרש", האָט מען זיי צוריק געטריבן אין שטאָט אַריין. צום געזעגענען, האָט יעדער באַקומען עטלעכע קלעפּ מיטן גומענעם שטעקן.

אַזוי האָט אויסגעזען אונדזער כלומרשט רואיק לעבן...

## די ליקווידאַציע פון קוזמירער געטאָ

די איינציקע טעמע פון געשפּרעכן ביי אונדז איז געווען — די פראַגע פון דער אויסזידלונג. די יידן, איינוווינער פון קוזמיר, האָבן געפילט, אַז מען וועט דאָס ניט אויסמיידן; אַז פריער צי שפּעטער וועלן מיר זיך געצווינגען צו פאַרלאָזן די שטאָט און אַריבער אינעם איבערפולטן מיט יידן אָפּאָלע, וואָס איז ווייט פון אונדז 21 קילאָמעטער.

אַ פאַרגעשמאַק פון אַן אויסזידלונג האָבן מיר געהאַט זומער 1941, ווען אויף אַ באַפעל פון דער אָקופּאַציע־מאַכט, איז אַ גרויסע טייל פון דער באַפעלקערונג געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן די שטאָט. לרוב זענען עס געווען די צוגעקומענע פּליטים פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך, וועלכע האָבן זיך באַזעצט ביי אונדז אין די לעצטע צוויי יאָר. די לעבנס־באַדינגונגען זענען פאַרהעלטנישמעסיק געווען ביי אונדז ניט שלעכט, אין פאַרגלייך מיט אַנדערע שטעט, ווו ס'איז געווען באַדייטנדיק ערגער. די אַספּיראַציעס פון די דייטשן זענען דערווייל געווען באַשיידענע. פאַר אַ פּאָר צענדליק אייער און אַ שטיק פּוטער, האָט מען געקענט איבערקויפן יעדן דייטש, און פאַר עטלעכע גענדז — די גאַנצע קאָמענדע. קיין ס.ס.־לייט האָבן מיר ביי אונדז ניט געזען. איז ניט קיין וווּנדער, וואָס פון וואַרשעווער געטאָ און פון אַנדערע שטעט, זענען מענטשן געלאָפן אין קוזמירער „גן־עדן".

אויסער די פּליטים, האָט מען אויך אויסגעזידלט אַ טייל אייגענע יידן. פאַרשטענדלעך, אַז נישט די פאַרמעגלעכע. אַ געוויסע צאָל איז נאָך אַ קורצער צייט צוריק געקומען, נאָכן באַצאָלן דעם בירגערמייסטער אַ גראָבן שוחד, דורך דער פאַרמיטלונג פונעם יודענראַט.

אונדז איז פאַרגעשטאַנען אַ פרישע אויסזידלונג. מיר האָבן ניט געוווּסט, צי זי וועט אַרומנעמען אַלע איינוווינער, צי אויך דאָס מאָל וועלן בלייבן די פּריווילעגירטע (די מיטגלידער פון יודענראַט און פּאָליציאַנטן מיט זייערע משפחות, רייכע יידן ד. ה. די „צאָלער").

מיר האָבן דעמאָלט נאָך ניט געוווּסט, וואָס גענוי עס באַדייט „אויסזידלונג". מיר האָבן דאָס פאַרשטאַנען ווי אַן איבערזידלען אין אַן אַנדערער שטאָט, וואָס האָט געמיינט מאַטעריעלער חורבן. מיר האָבן מורא געהאַט פאַר אַ טיפוס, ווען מיר האָבן געטראַכט וועגן אָפּאָלע, ווו מען האָט אונדז געזאָלט איבערזידלען, וועגן דער שרעקלעכער ענגשאַפט דאָרט. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז מיר דאַרפן זיך צעשיידן מיט אונדזער פאַרמעגן

און באַקוועמלעכקייטן, אָבער אַלץ געגלייבט, אַז עס דראָט ניט דער טויט. געווען איז דאָס אין אַ צייט, ווען קיין אוישוויץ האָט מען געשיקט כמעט נאָר פון דער פוילישער אינטע־ליגענץ.

אויך פון אונדז האָט מען יעדן חודש גענומען 40 יונגע מענער אין דעם אַרבעטס־לאַגער אין פולאַוו. אַוודאי איז זיי דאָרט שלעכט געווען, אָבער דאָס איז ניט געווען קיין שטראָף־לאַגער, צי טויטן־לאַגער, וועגן וועלכע מיר האָבן געהערט.

די אַרבעט דאָרטן איז באַשטאַנען דער עיקר אין רייניקן די גאַסן, אַוועקשאַרן שניי אד״גל. אַן אַרבעט אַ שווערע, אַן אומנוצלעכע, אָבער ווי האָבן די דייטשן געטענהט: זיי ווילן די יידן אויסלערנען אַרבעטן...

ניט איין מאָל האָבן די דייטשן געטשעפּעט זיך צו וועמען, אָן שום סיבה, נאָר... נאָך אַ גאַנדז, אַ שטיק פּוטער, אַ פּאָר צענדליק אייער — און די לאַגע האָט זיך פאַרבעסערט אויף אַ וואָך־צוויי...

אַזאַ מצב האָט אָנגעהאַלטן ביזן 23סטן מערץ. פּלוצלינג, אין דער פרי — אַן אַפּעל. יעדער האָט זיך געשטעלט: יונגע, אַלטע, קינדער. אַ טייל איז געקומען מיט רוקזעק, ווייל עס זענען צו אונדז דערגאַנגען ידיעות, אַז אין די אַרומיקע שטעטלעך האָט מען גענומען די מענטשן גלייך פון אַפּעל־פּלאַץ. מיר האָבן ניט געוווּסט, וואָס פאַר אַ גורל אונדז דערוואַרט: וועט פאַרקומען אַ באַלדיקע אויסזידלונג, אָדער ס׳וועט ערשט באַ־שטימט ווערן אַ טערמין. מיר האָבן געהאַט אַ גרונט צו גלייבן, אַז די באַציונג פונעם ה׳ גהעדע, דייטשער רעפערענט פאַר ידישע עניינים און פונעם בירגערמייסטער שע־ראַצקי, דעם פאָלקס־דייטש, וועט זיין צו אונדז אַ גינסטיקע.

עטלעכע טעג פאַרן אַפּעל, האָבן די פריערדיקע מיטגלידער פון דער יידישער קהילה, דער רב און דער יודענראַט דערפילט, אַז די אויסזידלונג איז אומפאַרמיידלעך און באַ־שלאָסן צו ראַטעווען די פאַרשידענע הייליקייטן און ווערטזאַכן, וועלכע האָבן געהערט צו דער קהילה. צווישן אַנדערע: צוויי גאָלדענע קרוינען (כתר תורה), אַ פּרוכת וואָס אסתרקע, דעם קיניג קאַזשימיעזשס געליבטע, זאָל האָבן אויסגעהאַפטן, און אַנדערע אַנדענקס פון אַלטע צייטן, אויך די רייכע ספרים־ביבליאָטעק פון שול — אַ ירושה פונעם רב און פריערדיקע רבנים.

די ווערטזאַכן האָט מען בסוד אַרויסגעפירט קיין אָפּאָלע, און די הייליקע ספרים האָט מען באַהאַלטן אין דער אַלטער, אומטעטיקער „סושאַרניע״ פון קאַזשאַראָווסקין, אויף די שטאָטישע פעלדער.

ווען דער בירגערמייסטער שעראַצקי האָט זיך דערפון דערוווּסט, האָט ער וועגן דעם געמאָלדן גהעדען, דעם רעפערענט פאַר יידישע ענינים. באַלד האָט מען צוזאַמענגערופן אַלע יידן אויפן פּלאַץ.

דעם רב ישראל זילבערמינץ און דעם פרעזעס פון יודענראַט חיים פייערשטיין, האָבן זיי צעשלאָגן אין די אויגן פון אַלע פאַרזאַמלטע. דער רב האָט געחלשט, חיים פייערשטיין איז פאַרוווּנדעט געוואָרן אין קאָפּ.

רחל זילבערמינץ, דעם רבס טאָכטער, האָט געבעטן מען זאָל אויפהערן שלאָגן איר פאָטער, אַ מענטש אין די עלטערע יאָרן און אַ האַרצלײדנדיקער. זי האָט צוגעזאָגט אַ גאָלדן זייגערל מיט דריי דעקלעך. זיי האָבן אויפגעהערט שלאָגן. און אַלס „שטראָף" אַרויפגעלייגט אויף יידן אַ קאָנטריבוציע אין גאָלד.

צו מאָרגנס איז מען צוגעטרעטן צו זאַמלען דאָס גאָלד. יעדער האָט געגעבן וואָס ער האָט נאָר געקענט: רינגלעך, בראָשקעס, בראַסלעטן און אַנדערע ווערטזאַכן. אַחוץ דעם האָט דעם רבס טאָכטער געבראַנגט דאָס צוגעזאָגטע זייגערל.

דער בירגערמייסטער שעראַצקי האָט דערקלערט, אַז איצט, נאָך דעם ווי ער האָט זיך איבערצייגט, אַז די קוזמירער יידן זענען „לאָיאַלע" בירגער — וועט אַלץ זיין אין אָרדענונג.

צו מאָרגנס האָט מען ווידער צוזאַמענגערופן אַלע יידן אויף אַן אַפּעל.

דאָס מאָל איז דער בירגערמייסטער געווען העפלעך. ער האָט געמאָלדן, אַז צום גרויסן באַדויערן, מוזן אַלע יידן, לויט אַ פאַראָרדענונג פון דער אָקופּאַציע־מאַכט, פאַר־לאָזן קוזמיר און אַריבער קיין אָפּאָלע. איך גלייב, אַז דאָס מאָל איז זיין באַדויערן געווען אויפריכטיק: ווייל ווער וועט אים איצט באַזאָרגן מיט דעם אַלעמען וואָס זיין האַרץ באַגערט?

ווילנדיק אונדז לייכטער מאַכן (דאָס זענען זיינע אייגענע ווערטער!), ווייל, ווי ער האָט שוין געזאָגט, זענען מיר לאָיאַלע בירגער, באַשטימט ער די אויסזידלונג אין דריי טערמינען: מיטוואָך, פרייטיק און מאָנטיק.

מיט וויפל פאַלשקייט האָבן די דייטשן דורכגעפירט די אויסזידלונג! איבער־פלעכלעך, האָט אַלץ אויסגעזען אומשולדיק: מען האָט יעדן אַריינגעשטופּט אין האַנט אַ קאַרטע. די קאַרטן זענען געווען פון דריי פאַרבן. יעדע פאַרב האָט באַדייט אַן אַנדערן טערמין. זיי זענען געווען אַן נעמען, אַזוי, אַז מענטשן האָבן געקענט טוישן די קאַרטן צווישן זיך.

דער יודענראַט האָט צוגעזאָגט דער ערשטער גרופּע אומזיסטיקע פורן, האָבן די אָרעמע גענומען אַרויספאָרן באַלד אין ערשטן טאָג. זיי האָבן זיך געגאַרט מיטן געדאַנק, אַז אַלס ערשטע, וועלן זיי אפשר געפונען אַ ווינקל אין שול. אָפּאָלע איז געווען אַזוי איבערפולט, אַז וועגן געפונען אַן אָרט אין וועלכן ס'איז פּריוואַטן הויז, איז קיין רייד ניט געווען.

פרייטיק איז אַרויסגעפאָרן די צווייטע גרופּע, די עטוואָס פאַרמעגלעכע, און אַזעלכע וועלכע האָבן געהאַט קרובים אין אָפּאָלע און געוואָלט ווי אַמשנעלסטן דאָרט זיך איינ־אָרדענען.

געבליבן איז נאָר דער „פּריווילעגירטער" קלאַס: די מיטגלידער פון יודענראַט מיט זייערע משפחות, די ידישע פּאָליציאַנטן מיט זייערע משפחות און נאָך עטלעכע רייכע משפחות, די „צאָלערס".

אַ געוויסע צאָל האָט זיך אַריבערגעגנבעט אויפן צווייטן ברעג פון דער ווייסל, קיין יאַניוועצ, און דאָרט אַריבערגעפירט אַ טייל פון זייער פאַרמעגן. דער יאַניוועצער יודענראַט האָט געהאַט אַ שטרענגן אָנזאָג ניט אַריינצולאָזן קיין יידן פון יענער זייט ווייסל. כדי אויסצומיידן דעם פאַרבאָט, האָבן יידן געמוזט באַצאָלן גראָבע סומעס.

אונדזערע „פּריווילעגירטע" האָבן זיך געגאַרט מיט דער האָפענונג, אַז פּונקט ווי אין פאַבריקן יאַר, ד. ה. בעת דער ערשטער אויסזידלונג, וועט מען זיי דערלויבן צו בלייבן. כדי צו פאַרזיכערן זיך די שוץ פון בירגערמייסטער, האָט מען אים געבראַנגט אַלץ נייע מתנות. דאָך, פאַר יעדן פאַל, האָבן זיי זיך געגרייט צום אַרויספאָרן. מען האָט געפּאַקט דאָס ביסל פאַרמעגן, טייל זאַכן האָט מען אַוועקגעטראָגן צו באַקאַנטע פּאָליאַקן צום באַהאַלטן, און די פון פריער באַהאַלטענע זאַכן ביי קריסטלעכע פריינד האָט מען צוריק גענומען, כדי מיטנעמען מיט זיך קיין אָפּאָלע.

פרייטיק האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז אין וואָנוואָלניץ (אַ קליין שטעטל, 11 ק"מ פון קוזמיר) האָט מען דערמאָרדעט דעם פאָלקסדייטש מילער. באַשולדיקט האָט מען די יידן, און אפשר איז עס געווען ריכטיק? אַלס שטראָף האָט מען דערשאָסן עטלעכע יידן, די רעשט האָט מען אַרויסגעשיקט קיין אָפּאָלע. וואָנוואָלניץ איז געוואָרן יודענריין!

ווי נאַיוו מיר זענען געווען?! מיר האָבן געמיינט, אַז דאָס אויסזידלען פון וואָנוואָל־ניץ איז אַ שטראָף פאַרן דערמאָרדן דעם פאָלקסדייטש. מיר האָבן ניט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז דער אָנהייב פון אַ פּלאַנירטער אַקציע צו אַ פולשטענדיקער ליקווידאַציע.

שבת, האָט דער בירגערמייסטער שעראַצקי צוזאַמענגערופן די מיטגלידער פון יודענראַט און זיי דערציילט וועגן דערמאָרדן דעם פאָלקסדייטש אין וואָנוואָלניץ און וועגן דער שטראָף וואָס די יידן האָבן דאָרט באַקומען. דערנאָך האָט ער דערקלערט, אַז היות די קוזמירער יידן האָבן זיך גוט אויפגעפירט ביים צושטעלן די קאָנטריבוציע, האָט מען דערלויבט אַלע איבערגעבליבענע יידן אין קוזמיר פאָרן קיין וואָנוואָלניץ אַנשטאָט קיין אָפּאָלע און פאַרנעמען דאָרט די ידישע וווינונגען און געשעפטן. אַרויס־פאָרן אַהין האָט מען געדאַרפט מאָנטיק.

די פרייד איז געווען אויסערגעוויינלעך גרויס.

די ידיעה האָט זיך בליצשנעל צעטראָגן איבער דער גאַנצער געגנט. די יידן וועלכע זענען שוין געהאַט אַוועק קיין אָפּאָלע, האָבן זיך געריסן די האָר פון קאָפּ פון פאַר־צווייפלונג. אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט. אומזיסט זענען געווען זייערע באַמיִונגען צוריק צו קומען קיין קוזמיר. פון אָפּאָלער געטאָ איז ניט לייכט געווען זיך אַרויסצוקריגן. אַ טייל קוזמירער, וועלכע זענען דערווייל אַוועק פון יאַניוועצ, האָבן שבת אין דער פרי

זיך געאײַלט מיט זעק און פּעק צוריקצוקערן זיך קיין קוזמיר, כּדי צו זײַן אָנוועזנדיק בעתן אַפּעל, וואָס מען האָט דערוואַרט שבת אין אָוונט, אָדער זונטיק אין דער פרי. מיר האָבן געוווּסט, אַז די דײַטשן, בײַ וועלכע „אָרדנונג מוז זײַן", וועלן צוזאַמענשטעלן אַ גענויע רשימה פון די אײַנוווינער, וועלכע דאַרפן אַריבערפאָרן קיין וואָנוואָלניץ.

פרומע ייִדן, ניט רעכנדיק זיך מיטן שבת (איבעריקנס, האָט מען געדאַרפט אַריבער דורכן וואַסער, ניט מיט פערד), האָבן זיך געפּאַקט און באַשטעלט פורן. ניט לײַכט און ניט ביליק איז דאָס אָנגעקומען. דער ייִד איז דעמאָלט געווען אויסערן געזעץ. ער האָט ניט געטאָרט פאָרן, ניט איבערפירן. מען האָט געדאַרפט אַ סך באַצאָלן די איבערפירער, דער יאַניוווצער און קוזמירער פּאָליציי, אַז זיי זאָלן „פאַרמאַכן די אויגן"; מען האָט געדאַרפט באַצאָלן דעם יודענראַט, אַז ער זאָל באַצאָלן די דײַטשן...

אַזוי ווי מען האָט דערלויבט די קוזמירער ייִדן מיטצונעמען אַלע זייערע זאַכן, איז מען אַ גאַנצן אין דער פרי אַרומגעלאָפן צוזאַמענצונעמען די סחורות וואָס מען האָט געהאַט באַהאַלטן בײַ באַקאַנטע קריסטן און באַשטעלט פירלעך. די סוחרים האָבן געגלייבט, אַז אין וואָנוואָלניץ וועט מען עפּענען געוועלבער, האַנדלען אָפּן. אין קוזמיר האָט מען שוין אין יאָר 1940 צוגענומען בײַ ייִדן זייערע געשעפטן און אָוועקגעגעבן די קריסטן.

דער בירגערמייסטער האָט אַלץ דערלויבט מיטצונעמען, געוואָלט ווײַזן זײַן גוטקייט די קוזמירער ייִדן.

דעם ציין־דאָקטאָר ניסן גייער, אַן אויסגעזידלטן פון ווין, האָט ער אויס דאַנקבאַרקייט פאַרן גוטן היילן (אומזיסט!) געגעבן אַ רעקאָמענדאַציע־בריוו צום וואָנוואָלניצער בירגערמייסטער.

עס איז געקומען דער טאָג פון 30סטן מערץ.

פון דער פרי האָבן זיך געצויגן רייען וועגענער, דער רוב געשפּאַנט אין צווײ פערד, אין דער ריכטונג פון וואָנוואָלניץ. די פערד האָבן קוים געשלעפּט די שווערע משא.

דער בירגערמייסטער האָט פאַר דעם גירוש דערקלערט, אַז די סיבה פון אויסזידלען די ייִדן איז די, וואָס קוזמיר איז אַ קוראָרט און עס דאַרפן קומען אַ סך דײַטשן אויף אָפּרו, דערפאַר דאַרף מען באַפרייען אַ גרויסע צאָל וווינונגען.

און מיר, נאַיווע, האָבן געגלייבט.

וואָלט זועמען געקומען אויפן געדאַנק וואָס די קוזמירער ייִדן דערוואַרט — וואָלט אַ היפּשע צאָל געקענט זיך ראַטעווען. אַ טייל וואָלט זיך געקענט באַהאַלטן בײַ באַקאַנטע קריסטן: אַנדערע — בײַ פרעמדע פּויערים, פאַר געלט; אַ טייל וואָלט זיך געקענט באַזאָרגן מיט אַרישע דאָקומענטן און אַרויספאָרן אין אַנדערע שטעט. אַ סך ייִדן, אַ דאַנק דעם כּסדרדיקן קאָנטאַקט מיט פּויערים, האָבן גערעדט פּויליש מיט אַ פּויערישן אַקצענט, און דערפאַר האָבן זיי געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך צו ראַטעווען.

אָבער מען האָט אַפילו ניט געפּרוּווט.

די פֿאַרהעלטנישמעסיק נישט־שלעכטע באַציאונג פֿון דער אָקופּאַציע־מאַכט און פֿון בירגערמייסטער האָט יעדן אַריינגעפֿירט אין אַ טעות.

די שטאָט האָט מען פֿאַרלאָזט אין טרויער, ווי אויך אין פּחד צוליב דער אומבאַקאַנטער צוקונפֿט, אָבער גלייכצייטיק מיט אַ טראָפּן האָפֿענונג: אפֿשר? דאָך?...

זיי זענען אָנגעקומען קיין נאַלענטשאָוו. דאָרט האָט זיי אָפּגעוואַרט גהעדע — און איך קען ניט דערמאָנען דעם דאָזיקן פֿאַרשוין אָן עקל און שנאה; אַ מגושמדיקער, פּירעקיקער בלאָק פֿלייש מיט אַ חיהשן פּנים. די זשאַנדאַרמעריע האָט יעדער אָנגעקומענער משפּחה אַראָפּגעטריבן פֿון וואָגן און זיי אַוועקגעשטעלט אין דער זייט. דערביי האָט מען ניט געקאַרגט קיין קלעפּ מיט די ביקסן־קאָלבעס און נאַהייקעס. אינוואַלידן האָט מען דערהרגעט אויפֿן אָרט. בראָנטשע פּייערשטיין האָבן זיי דערשאָסן ביים אַראָפּנעמען פֿון וואָגן. ווען די עלטערן האָבן איר געוואָלט העלפֿן — האָט מען אויך זיי דערהרגעט. דעם גאַנצן טראַנספּאָרט האָט מען אָפּגעפֿירט צו דער באַן, ווו עס האָבן שוין געוואַרט די יידן פֿון אָפּאָלע און צווישן זיי אויך די קוזמירער, וועלכע זענען עטלעכע טעג פֿריער איבערגעזידלט געוואָרן קיין אָפּאָלע.

מען האָט אַלע אַריינגעפּאַקט אין וואַגאָנען און אַוועק געפֿירט אין אַן „אומבאַקאַנטער ריכטונג”, ווי מען האָט דעמאָלט ביי אונדז געזאָגט.

פּוילישע באַן־אַרבעטער האָבן דערפֿירט די באַן ביז בעלזשעץ, דאָרט האָט מען די יידן צוזאַמענגעדריקט נאָך ענגער, איבערגעגעבן זיי אונטער דער אויפֿזיכט פֿון דייטשע באַן־אַרבעטער — און די פּוילישע מאַנשאַפֿט מיט די פֿרייע וואַגאָנען צוריקגעשיקט. אַזוי האָבן זיי זיך באַפֿרייט פֿון אומנייטיקע עדות. דאָס האָט מיר דערציילט אַ פּאָליאַק, אַ באַן־אַרבעטער פֿון יאָניוזצע, וועלכער האָט באַגלייט די וואַגאָנען.

די יידן פֿון קוזמיר, באָכאָטניצע, אָפּאָלע, וואָנוואָלניץ און אַנדערע שטעטלעך און דערפֿער, זענען אומגעקומען מיט אַ מאַרטירער־טויט אויף די פֿעלדער פֿון בעלזשעץ. מיט פֿינף וואָכן שפּעטער האָט מען אַרויסגעפֿירט די צווייטע גרופּע פֿון אָפּאָלע, דערנאָך — די איבעריקע. דאָס אָפּאָלער געטאָ איז ליקווידירט געוואָרן. אָפּאָלע איז געוואָרן יודענרייך.

די קערפּערס פֿון די דערמאָרדעטע יידן זענען באַגראָבן געוואָרן אין מאַסן־קברים, וואָס זענען פֿריער אויסגעגראָבן געוואָרן דורך יידן פֿון אַן אַנדערן טראַנספּאָרט. ווען מען איז אַדורכגעפֿאָרן די בעלזשעצער פֿעלדער האָבן די באַן־קאָנדוקטאָרן, לויט דער פֿאַראָרדענונג פֿון דער דייטשער מאַכט, הערמעטיש פֿאַרמאַכט טירן־און־פֿענצטער, אָבער דאָס האָט ניט געהאָלפֿן. דער ריח פֿון די צעפֿוילטע מתים איז אַריינגעדרינגען אין די פֿאַרמאַכטע וואַגאָנען.

פּויערים פֿון דער געגנט האָבן דערציילט, אַז במשך די ערשטע 2—3 טעג נאָך דער אַקציע, האָט די ערד זיך נאָך גערירט...

זומער 1942. אַ קליינע צאָל יידן האָט אויסגעמיטן דעם גורל פון כלל. אַ טייל פון זיי איז אַנטלאָפן קיין יאַניוועצ. מיר האָבן דערווייל ניט געוווּסט, וואָס איז געשען מיט אונדזערע נאָענטע, די אַרויסגעפירטע. מיר האָבן אויך ניט געוווּסט, וואָס אונדז דער־וואַרט, געלעבט אין שטענדיקן פחד.

נאָך 4 חדשים איז אָנגעקומען אַ באַפעל זיך איבערצוזידלען קיין זוואָלין. אונטער אַ קליינער וואַך און ביי ניט שלעכטע באַדינגונגען, ווייל מען האָט דערלויבט צו דינגען פורן און מיטנעמען די זאַכן, זענען מיר דעם ערשטן אויגוסט 1942, אַרויס אויף אַ נייעם וואַנדער־וועג. נאָר אויך אין זוואָלין זענען מיר לאַנג ניט געווען. באַלד נאָך 4 טעג — אַן אַפעל. מען האָט צוגענומען די יוגנט (200 בחורים און 100 מיידלעך) קיין סקאַרזשיסקאָ־קאַמיעננאַ, פיאָנקי און יעדלניע. צוואַשן זיי זענען אויך געווען זוואָלינער, הרוביעשאָווער, קוזמירער א״אַנד.

אַ טייל קוזמירער איז נאָך דעם אַפּעל אַנטלאָפן קיין גניאַזדקאָוו. דאָרט האָבן זיי זיך געטראָפן מיט שטאָטישע, וועלכע זענען נאָך פריער געהאַט אַנטלאָפן קיין גניאַזדקאָוו פון יאַניוועצ. פון גניאַזדקאָוו האָט מען אונדז אין קורצן איבערגעזידלט קיין כאָטש (כאָטשאַ). דאָרט האָבן מיר זיך ווידער געטראָפן מיט דער שארית־הפליטה פון קוזמיר. אָבער ניט לאַנג זענען מיר דאָרט געווען.

דעם 29סטן אָקטאָבער — אַן אַפּעל, זאַמלען זיך אויפן פּלאַץ. די דייטשן האָבן גענומען כאַפּן מענטשן אויף די גאַסן און אויך שלעפּן פון די שטובן. יונה לוסטיג האָט געפּרוּווט אַנטלויפן, האָבן זיי אים דערשאָסן אויפן אָרט. רייכמאַנען האָט געטראָפן דער זעלבער גורל, דאָס זעלבע אויך אַנדערע, וועלכע האָבן געפּרוּווט זיך באַהאַלטן.

מען האָט צוזאַמענגענומען די יידן אויפן פּלאַץ, געהייסן זיי אַרויסנעמען ראָנדלען און טעפּ און שפּילן „מה יפית״. מען האָט זיי געהייסן טאַנצן (עס איז געפאַלן אַ שטאַרקער רעגן). צו מאָרגנס האָט מען אַלע אַרויסגעפירט. ווּ אַהין? וואַרשיינלעך קיין טרעבלינקע.

דעם געניועם פּאַרלויף פון די געשעענישן אין יענעם טאָג, קען איך ניט איבערגעבן, ווייל מיר איז געלונגען צו אַנטלויפן צוזאַמען מיט מיין יינגסטער טאָכטער רינע קיין וואַרשע, ווּ די עלטסטע טאָכטער איז שוין געווען.

מיר האָבן איבערגענעכטיקט ביי אַ באַקאַנטן פּויער אין גניאַזדקאָוו. אין אָוונט זענען צו מיר געקומען סרוליק שניידערמאַן, יומטשע לעווינסאָן, פּיניע באַרנשטיין — מיינע געוועזענע תלמידים. מיר האָבן פאַרברענגט צוזאַמען עטלעכע שווערע מינוטן. איך האָב זיי געגעבן צו עסן און טרינקען (פון פּרי אָן האָבן זיי גאָרניט געהאַט אין מויל), מיר האָבן זיך געזעגנט מיט אַ שווער האַרץ. איך האָב געהאַט אַרישע דאָקומענטן און זיך געקליבן קיין וואַרשע. זיי האָבן געטראַכט זיך צו באַהאַלטן ביי באַקאַנטע פּויערים.

וועגן זייער גורל האָב איך זיך דערוווּסט אין אַ חודש אַרום אין וואַרשע — פון יעקב

עדלמאַן פון פולאַוו. אַ סך פון אונדזער יוגנט און פון פולאַווו האָבן זיך באַהאַלטן אויף די כאַטשער אינדזלען („קעמפּאַ כאַטעצקאַ”). זיי האָבן געהאַפּט דאָרט איבערצולעבן די מלחמה.

ליידער, די פויערים האָבן זיי אַלע איבערגעגעבן אין די הענט פון די דייטשן.

אַ טייל יידן האָבן זיך באַהאַלטן ביי באַקאַנטע פויערים, אָבער זיי האָבן אין קורצן געהייסן „זיך אָפּטראָגן”, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט פאַר זייער אייגענער הויט. האָבן די יידן געדונגען אַ וואָגן און געפאָרן ווייטער זוכן ווו זיך צו באַהאַלטן. אין דער גרופּע זענען געווען: רבקה קליינמאַן מיט איר אַדאָפּטירטער טאָכטער סימאַ אַרבוז און איר מאַן יאָסל עדלשטיין מיט די קינדער און יאָסלס מוטער, ברידער און שוועסטערן.

פויערים האָבן זיי אַנטדעקט אין וואַלד און איבערגעגעבן אין דייטשע הענט. חיים־הערש גוטמאַן (וועלכער האָט זיך באַהאַלטן ביי אַ באַקאַנטן פויער אויפן בוידעם), האָט אַלץ געזען דורכן פענצטערל.

**מאי 1942**

יוסף פריד, איינער פון די דריי שותפים פון דער באַכאַטניצער מיל, לאַנגיאָריקער פּרעזעס פון דער קוזמירער קהילה, אַ ציוניסטישער עסקן, איז פאַר דער אַקציע אַנטלאָפן פון באַכאַטניצע קיין יאַניוועצ, צוזאַמען מיט זיין פרוי פאַליע און צוויי זין: פישקע — אַ יונגער סטודענט, דער ייִנגערער חנניה — אַ גימנאַזיסט.

אין יאַניוועצ האָבן מיר געהאַט פאַרהעלטנישמעסיק רויק. מיר האָבן זיך איינגע־רעדט, אויפן סמך פון קלאַנגען און ידיעות פון געהיימען ראַדיאָ און פלוג־בלעטלעך, אַז אין לובלינער געגנט וועלן די דייטשן איינאָרדענען אַ „רעזערוואַט” פאַר יידן, דערפאַר זידלען זיי איבער די יידן פון אַנדערע ערטער — קיין לובלין. אַזוי ווי יאַניוועצ ליגט אויף דער אַנדערער זייט ווייסל, וועט מען אונדז נישט טשעפּען. וועגן בעלזשעץ און אַנדערע פאַרניכטונגס־לאַגערן האָט קיינער ניט געהאַט קיין אַנונג.

אין יאַניוועצ איז ניט געווען קיין געטאָ, מען האָט ניט געכאַפּט צו אַרבעט, אויך ניט גענומען אין די לאַגערן. נאָר אַ קליינע צאָל יידן איז געשיקט געוואָרן אויף צוואַנגס־אַרבעט אין יאַניוועצ גופא, מיט דער הילף פון יודענראַט.

דייטשן האָבן זעלטן זיך דאָרט באַוויזן.

איין מאָל איז צו אונדז אַריין איינער פון קוזמיר און געזאָגט: „עס זענען אָנגעקומען געסטאַפּאָווצעס”. חנניה פריד איז גראָד געווען ביי מיר. ער איז שנעל אויפגעשטאַנען פון אָרט און מיט די ווערטער — „איך מוז עפּעס באַהאַלטן”, איז ער אַרויס פון שטוב. מיין ייִנגערע טאָכטער, רינע, האָט דעמאָלט נאָך ניט געטראָגן דעם אָרעם־באַנד, האָב איך זי געשיקט געוואָר ווערן וואָס הערט זיך. נאָך עטלעכע מינוט איז זי געקומען מיט אַן

איוב־בשורה: די געסטאַפּאָווצעס זענען אַוועק צו די פרידס און אַרעסטירט אַלע דריי — דעם פאָטער און ביידע זין.

איך בין געגאַנגען צו דער פרוי, פּאַליע פריד. זי איז געווען כמעט באַוווסטלאָז. זי האָט מיר דערציילט דעם גאַנצן פאַרלויף. ווען ביידע געסטאַפּאָווצעס זענען פלוצלינג אַריין אין זייער וווינונג, איז אויפן טיש געלעגן אַ גרויסע מאַפּע פון אייראָפּע און אויף איר איז געווען אָנגעצייכנט מיט קליינע פענדעלעך די ערטער, וועלכע די דייטשן האָבן אָקופּירט.

אַזוי אַרום האָבן די דייטשן געהאַט אַ „זאַכלעכן באַווייז״... די פרידס זענען אָנערקענט געוואָרן אַלס שפּיאָנען. חנניה האָט זיך ניט פאַרגעשטעלט, אַז זיין „האָבי״ וועט ווערן אַזוי אויסגעטייטשט... זיי האָבן באַלד אַרעסטירט דעם פאָטער און עלטערן זון. ווען זיי זענען שוין געווען ביים אַרויסגאַנג, איז אָנגעקומען חנניה. האָבן זיי אים אויך אַרעסטירט.

די מוטער און בערעק ציטרין, זייער אַ קרוב, וועלכער האָט זיך צופעליק דאָרט געפונען, האָבן זיי ניט מיטגענומען.

אין אָוונט האָבן מיר זיך דערוווסט פון דער פוילישער פּאָליציי, אַז די אַרעסטירטע האָט מען אַוועק געפירט אין תפיסה קיין ראַדאָם.

צו מאָרגנס איז פרוי ראַדאָשינסקאַ, אַ קריסטין, אַ גוטע באַקאַנטע פון די פרידס, אַן אייגנטימערין פון אַ ווילע אויפן פולאַווער שאָסיי, געפאָרן קיין ראַדאָם, איבערגעקויפט די תפיסה־וואַך און איבערגעשיקט זיי אַ ביסל געלט און עסן. במשך דער וואָך האָט זי עטלעכע מאָל אַזוי געטאָן. אַחוץ דעם האָב איך צו וויסן געגעבן מיין ברודער, דעם ד״ר נחום שענדעראָוויטש, וועלכער האָט געוווינט אין ראַדאָם, און אויך ער האָט איבערגע־שיקט עטלעכע פּעקלעך און געמאַכט באַמיונגען צו זען זיך מיט זיי.

די פּעקלעך האָט מען אָנגענומען, אָבער קיין זעונג האָט מען ניט געגעבן. נאָך עט־לעכע טעג האָט מען אים געזאָגט, אַז די אַרעסטירטע האָט מען אַרויסגעפירט פון ראַדאָם.

גלייכצייטיק מיט דער ידיעה פון דער יאַנוווצער פּאָליציי, אַז מען האָט זיי כלומרשט אַרויסגעפירט קיין ראַדאָם, האָבן קורסירט קלאַנגען, אַז די פרידס זענען דערשאָסן גע־וואָרן באַלד נאָכן אַרעסט.

דער אַרעסט פון די פרידס האָט אַלעמען איבערראשט. מיר האָבן זיך געבראָכן דעם קאָפּ, הלמאי זענען די געסטאַפּאָווצעס געגאַנגען גראָד צו זיי. אין אַ קורצער צייט אַרום איז דאָס רעטעניש געוואָרן אויפגעקלערט.

פישקע האָט געהאַט אַן אַ. ג. „גרינעם נומער״, אַ דערלויבעניש אַרומצופאָרן אין די שכנותדיקע דערפער, כדי איינצוקויפן אַלטע שמאַטעס און זיי צושטעלן די דייטשן. מיט דער הילף פון פּראָטעקציע, האָט מען פאַר גראָב געלט געקענט באַקומען אַזאַ „נומער״. פאַרשטייט זיך, אַז עס האָט זיך ניט געהאַנדלט וועגן פאַרדינען, נאָר וועגן דער מעגלעכ־קייט זיך פריי צו באַוועגן (יידן איז געווען פאַרבאָטן אַרומצופאָרן). חוץ דעם האָט מען

געהאַלטן, אַז דער באַזיצער פון אַ „גרין קאַרטל" איז אַ „בוצלעכער יודע". און איז גע־שיצט פון צו כאַפּן אים אין לאַגער.

פישקע האָט געהאַט אַ שיינעם, גוטן, נייעם ראָווער. אַ מאָל איז ער געקומען קיין באַכאַטניצע אין זייער אייגענער דירה, כדי אַרויסצונעמען אַ ביסל זאַכן. איז צוגעקומען אַ יונגערמאַן, אַן איינוווינער פון באַכאַטניצע און געבעטן: „פאַרקויף מיר דיין ראָווער". פישקע האָט אָפּגעזאָגט: „איך אַליין דאַרף אים". דער יונג איז צו אים צוגע־שטאַנען, אָבער פישקע האָט אים אַפילו ניט געוואָלט הערן, אַרויף אויפן ראָווער און אַוועקגעפאָרן.

„וואַרט, ייד, וועסט באַצאָלן דערפאַר" — האָט אים דער קריסט נאָכגעשריגן. אין דריי טעג אַרום האָט די געסטאַפּאָ צוגענומען די פרידס.

*

און פון איצט — מיינע ווייטערדיקע איבערלעבונגען און שרעקלעכער נע־ונד אין וואַרשע און אין אַנדערע ערטער.

## אין יאַניוועצע, זוואָלין, גניאַזדקאָוו

אַ טאָג פאַר דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פון קוזמיר, בין איך אַנטלאָפן קיין יאַניוועצע. דאָס איז אַ קליין שטעטעלע, וואָס ליגט אויפן אַנדערן ברעג ווייסל, קעגנ־איבער קוזמיר. איך בין אַנטלאָפן מיט מיינע צוויי טעכטער און ס'איז מיר אַפילו געלונ־גען מיטצונעמען אַ ביסל זאַכן. מיר האָבן דאָרט געלעבט פאַרהעלטנישמעסיק רויק. איך האָב פאַרקויפט אַ טייל פון מיינע זאַכן און ווי ס'איז זיך געגעבן אַן עצה.

ליידער, האָט דער מצב געדויערט נאָר 3—4 חדשים. אין צווישנצייט האָבן מיר זיך דערוווּסט וואָס האָט געטראָפן די קוזמירער יידן. מיר האָבן געלעבט אין גרויס שרעק. און ווירקלעך — נאָך אַ קורצער צייט האָט מען אונדז אַרויס געפירט קיין זוואָלין. איך בין דאָרט איינגעשטאַנען ביי מיינעם אַ געוועזענעם תלמיד, דער יונגער אַדוואָקאַט אַלעק־סאַנדער אייכאַרט, וועלכער איז באַשטימט געוואָרן אַלס לייטער פון דער יידישער פּאָסט אין זוואָלין.

דעם 4טן אויגוסט האָט מען צונויפגערופן אַלע יידן וועלכע זענען געווען אין זוואָלין אויף אַן אַלגעמיינעם אַפּעל, און צום ערשטן מאָל האָט מען גענומען אונדזער יוגנט אין אַ לאַגער אַריין. מען האָט זיי פאַרשיקט קיין סקאַרזשיסק. אַזוי ווי מען האָט גענומען אויך מיידלעך, בין איך געוואָרן שטאַרק אומרויק. ביז דעמאָלט האָב איך געמיינט, אַז מען נעמט נאָר ייִנגלעך. אַזוי ווי איך האָב נישט קיין זין, וועל איך מיט מיינע טעכטער צוזאַ־מען איבערלעבן דעם קריג. ווען איך האָב געזען, אַז מען האָט פון זוואָלין אַוועק גענומען

100 מיידלעך, צווישן זיי אַ סך פון קוזמיר, האָב איך געפּאָלגט מיין באַקאַנטע קריסטין און איך האָב מיין עלטערע טאָכטער אַרויסגעשיקט קיין וואַרשע.

נאָך פריער, ווי איך בין נאָר אָנגעקומען קיין יאַניוּוצע, האָבן צו מיר אָנגעהויבן פאָרן מיינע געווי. קריסטלעכע שכנים, ממש ווי צו אַ רבין. צווישן זיי איז אין דער ערשטער ריי געווען די חברטע פון מיין טאָכטער — עווא גראַכאָווסקאַ, אַ יונגע סטודענטין, וועלכע איז שפּעטער אומגעקומען בעתן וואַרשעווער אויפשטאַנד אין יאָר 1944. זי, איר מוטער, דער פאָטער און די גאַנצע משפּחה, האָבן אונדז יעדן טאָג באַזוכט. זיי האָבן מיך שטאַרק צוגערעדט, אַז איך זאָל אַנטלויפן אויף דער אַרישער זייט. עווא גראַכאָווסקאַ און זיגמונט ריטעל האָבן נאָך פון פריער אונדז באַזאָרגט מיט פאַלשע דאָקומענטן.

נאָך אַ געוויסער צייט האָב איך זיך דערוווּסט, אַז מען גרייט זיך צו נעמען אויך קליינע קינדער.

מיין יינגערע טאָכטער איז דעמאָלט אַלט געווען איבער 10 יאָר, האָב איך באַצאָלט אַ פרוי וועלכע האָט זי אַוועק געפירט קיין וואַרשע צו דער עלטערער טאָכטער. איך בין געבליבן אַליין.

נאָך אַ געוויסער צייט, ווען כ׳האָב געזען אַז עס גרייט זיך אַן אויסזידלונג פון זוואָלין, בין איך אַוועק קיין גניאַזדקאָוו. דאָרט זענען געווען זייער ווייניק יידן. מען האָט געלעבט רויק. קיין דייטשן האָט מען דאָרט נישט געזען.

ווען כ׳האָב געזען, אַז דאָרט איז בעסער ווי אין וואַרשע, האָב איך ווידער באַצאָלט און צוריק געברענגט די קלענערע טאָכטער פון וואַרשע. די עלטערע האָט דעמאָלט זיך שוין געלערנט און געאַרבעט. אונדזער אידיליע איז אָבער געווען אַ קורצע. 10 טעג נאָכן אָנקומען פון מיין טאָכטער, האָט מען אונדז אויסגעזידלט קיין כאָטש. מיר האָבן געוווּסט, אַז דאָס איז דער פאַר לעצטער עטאַפּ.

איינמאָל אין דער פרי בין איך אַרויס עפּעס קויפן. די קליינע טאָכטער איז קיינמאָל נישט געבליבן אַליין, אויך איצט איז זי געווען מיט מיר. ווי נאָר איך בין אַרויס, האָב איך באַמערקט יידן לויפן ווי משוגעים. איך האָב געפרעגט: ווו לויפט איר? זיי האָבן מיר געענטפערט: זשאַנדאַרן זענען געקומען מיט פורן. וואָס דאָס באַדייט — האָבן מיר שוין גוט געוווּסט. איך האָב באַלד פאַרלאָזט דאָס דאָרף, בין אַפילו נישט אַריין אין שטוב זיך איבערטאָן, כ׳בין געווען בלויז אין שטוב־קליידער און דעם פאַלטן פון אויבן.

דאָס איז געווען אין אָקטאָבער 1942. איך בין אַרויס הינטער דער שטאָט, אַראָפּגע־ריסן דעם אָרעם־באַנד מיטן מגן־דוד און צעריסן דעם יידישן פּאַספּאָרט. איך האָב אַרויסגענומען פון בוזעם די אַרישע דאָקומענטן און די מעטריקע פון מיין טאָכטער.

מיר זענען אַפּגעגאַנגען אַ פאָר קילאָמעטער, אָנגעקומען קיין גניאַזדקאָוו, ווו מיר האָבן פריער געוווינט אַ געוויסע צייט און דאָרט איבערגענעכטיקט ביי מיין באַלעבאָס. בערך 5 פאַרטאָג איז דער באַלעבאָס געקומען, מיך אויפגעוועקט און געזאָגט: „איך בעט

איך, גייט שוין אַוועק פונדאַנען, ווייל זשאַנדאַרן גייען איבער די שטובן און זוכן יידן״.
איך האָב נישט געהאַט קיין אַנונג אין וועלכער ריכטונג צו גיין. דער וועלכער האָט געדאַרפט מיך נעמען קיין וואַרשע — איז נאָך נישט געקומען. איך בין אַוועק אין דער ריכטונג פון וואַלד. איך האָב געוווּסט, אַז איך בין נישט בכוח צו גיין אַזוי פיל קילאָמע־טער ביז דער ערשטער באַן־סטאַציע. איך האָב זיך דערפאַר געפרעגט ביי פויערים ווו עס ווינט דער וואָיט אָדער סאָלטיס. זיי האָבן מיר געזאָגט, אַז דער וואָיט איז פאַרנומען ביים אָפּשיקן אַ קאָנטיגענט קאַרטאָפל. איך האָב זיך געטראַכט: נו, אַזוי וועט לייכטער זיין צו כאַפּן אַ פורל. איך בין צוגעגאַנגען און זיך געפרעגט ווער איז דאָ דער וואָיט, זיך פאַרגעשטעלט אַלס לערערין פון אַ שכנותדיק דאָרף, און געפרעגט צי ער וואָלט מיר נישט געקענט זאָגן, ווער פון די פויערים וועט מיך וועלן צוזאַמען מיט מיין קראַנק קינד אַוועק פירן צו דער נאָענטער סטאַציע. איך האָב אים באַלד געזאָגט, אַז וועגן דינגען אַ פורל קען נישט זיין קיין רייד, ווייל אַלס לערערין פאַרדין איך ווייניק, כ׳קען זיך נישט דערלויבן צו דינגען אַ ספּעציעל פורל. פאַרשטענדלעך, אַז די סיבה איז געווען גאָר אַן אַנדערע. די פּאָליאַקן זענען געווען איבערצייגט, אַז יידן האָבן געלט, אַז נאָר יידן קענען זיך דערלויבן דעם לוקסוס צו דינגען אַ פורל. דער וואָיט האָט געבעטן וועלכן פויער, אים צוגעזאָגט, אַז די „פּאַני נאַוטשיטשעלקאַ״ וועט אים געבן אויף ביר — און מיר זענען געפאָרן.

איך האָב נישט געוווּסט ווו מיר פאָרן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיר פאָרן אין דעם דאָרף, ווו איך האָב פריער געווינט, נאָר פון אַן אַנדערער זייט. צו מיין אומגליק האָב איך אָנגעטראָפן אַ באַאַמטן, אַ פאָלקסדייטש, וועלכער האָט געאַרבעט אין יאַניוועצ. ער האָט מיך דערקענט, אָנגעהויבן צו שאַנטאַזשירן. איך האָב נישט געהאַט קיין עצה און אים געגעבן געלט, געווען גליקלעך, אַז איך קען ווייטער פאָרן.

מיר זענען אָנגעקומען אויף דער באַן־סטאַציע, געזעסן דאָרט אַ פּאָר שעה, דורך ראַדאָם געפאָרן קיין וואַרשע. אין ראַדאָם האָב איך געדאַרפט איבערשטייגן אין אַן אַנדערן צוג און געמוזט אין גרויס שרעק וואַרטן אויפן וואָקזאַל. אין ראַדאָם האָבן מיך אַ סך געקענט, איך האָב מורא געהאַט מען זאָל מיך נישט אויסגעבן.

די רייזע קיין וואַרשע איז געווען אַ שרעקלעכע. מענטשן זענען געשטאַנען געפּאַקט, ווי אין אַ פעסל הערינג.

## אין וואַרשע

מיר זענען, ווי ס׳איז, אָנגעקומען קיין וואַרשע. ווען כ׳בין אַרויס פון צוג, האָב איך זיך נישט געקענט אָריענטירן ווו איך געפין זיך. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז דאָס געווען דער הויפּט־וואָקזאַל, נאָר דער אַרויסגאַנג איז געווען פון דער סחורות־סטאַציע,

ווייל דער הויפּט־אַרויסגאַנג איז געווען רעזערווירט נאָר פאַר דייטשן, פּאָליאַקן האָט מען דאָרט נישט געלאָזט אַדורכגיין.

איך בין צוגעגאַנגען צו אַ פּאָליציאַנט און זיך געפרעגט אויף אַ געוויסע גאַס. איך האָב אים אויך געפרעגט ווו איך בין. ער האָט מיר אויפגעקלערט, אַז דאָס איז די כמיעלנע גאַס. ווי נאָר איך בין פון אים אַוועק, האָבן מיך באַלד אַרומגערינגלט עטלעכע יונגעלייט, איינער פון איין זייט, דער אַנדערער פון דער אַנדערער, און איינער פון הינטן. זיי האָבן מיך שאַנטאַזשירט, אַז אויב איך וועל זיי נישט געבן קיין געלט, וועלן זיי מעלדן אין געסטאַפּאָ אַז איך, אַן אַרישע פרוי, שמוגל אַרויס אַ יידיש קינד פון געטאָ. פאַר וואָס איך בין אַן אַרישע און דאָס קינד אַ יידיש — איז נישט שווער געווען צו פאַרשטיין. דאָס קינד איז געווען גוט אָנגעטאָן, ווי געוויינלעך, גלייכצייטיק זייער בלאַס, שטאַרק דערשראָקן און אויסגעמאַטערט פון דער נישט אויסגעשלאָפענער נאַכט. איך דאַקעגן האָב זיך פאַרהאַלטן געננוג רויק, דערפאַר בין איך געווען נישט פּאַסיק געקליידעט, ווייל איך האָב נישט באַוויזן זיך איבערצוטאָן.

איך האָב זיך געפּרוווט אַרויסדרייען פון זיי. איך האָב דערקלערט, אַז זיי האָבן אַ טעות. זיי האָבן פאָרגעשלאָגן צו גיין אין דער געסטאַפּאָ. צו ערשט האָב איך מסכים געווען, ביטע זייער. איך בין געגאַנגען מיט זיכערקייט, אָבער נאָכן באַרעכענען זיך אַ ביטל, האָב איך באַשלאָסן, אַז בעסער איז צו געבן זיי געלט, אידער פאַראַדירן מיט אַזאַ געזעלשאַפט איבער דער מאַרשאַלקאָווסקע גאַס. ווען מיר זענען שוין געווען נאָענט פון דער אַלעיאַ שוכאַ האָב איך געזאָגט: „גוט, וואָס ווילט איר?". זיי האָבן אָנגע־רופן אַ געוויסע סומע. איך האָב געזאָגט, אַז אַזוי פיל האָב איך נישט. „און וויפל האָסטו?" — האָבן זיי געפרעגט. איך האָב זיי געזאָגט אַ קלענערע סומע. מיר זענען אַריין אין אַ טויער, איך האָב זיי געגעבן דאָס געלט וואָס כ'האָב געהאַט אין קעשענע, ווייל דעם טאַש האָב איך נישט געהאַט מיט זיך. ווען זיי האָבן געזאָגט- אַז ס'איז ווייניק, האָב איך אַרויסגענומען פון בוזעם נאָך אַ ביסל געלט. איינער פון זיי, האָט אָן בושה אַריינ־געשטעקט זיין האַנט אונטערן סטאַניק און אַרויסגעצויגן אַלץ וואָס כ'האָב געהאַט — געלט און צירונג. כ'בין געבליבן אָן אַ גראָשן. נאָר דאָס איז געווען אַ האַלבע צרה. איך האָב געבעטן זיי זאָלן מיר געבן 20 זלאָטעס אויף אַ דראָזשקע. דערנאָך האָבן זיי צוגע־רופן דאָס קינד און זי גענומען באַזוכן. זיי האָבן איר צוגענומען אַלץ, וואָס זי האָט געהאַט. זיי האָבן איר געפאָרשט: „קליינע, וויז, ווו האָסטו די דאָלאַרן?" אַזוי ווי זי איז אַ יידיש קינד, מוז זי זיכער האָבן דאָלאַרן. זיי האָבן ביי איר גאָרנישט געפונען און זי צורו געלאָזט.

איך בין אַוועק מיט דער דראָזשקע ווייט פון זיי, דערנאָך אַ צייט זיך אַרומגעדרייט, ווייל איך בין נישט זיכער געווען צי זיי קוקן מיר נישט נאָך. ענדלעך בין איך אָנגע־קומען צו די פריינד פון מיין טאָכטער. באַלד האָט מען איר צו וויסן געגעבן, אַז איך בין דאָ, ס'איז אויך געקומען איר חברטע עוואַ גראָכאָווסקאַ און אונדז גענומען צו זיך.

נאָך אייניקע טעג, האָט מען די קלענערע טאָכטער אַוועקגעפירט צו איר האַרץ־פריינד, דער אַלטער פּראָפעסאָר מינקעוויטש, אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע גאַס. זי האָט זיך דאָרטן באַהאַלטן, איך האָב געזוכט זוכן עפּעס אַן אַרבעט.

נאָך עטלעכע טעג האָט פּראָפ. מינקעוויטש מיר צו וויסן געגעבן, אַז אין דעם הויז, אין זייַן איינגאַנג, זוכט מען אַ ייִד, וועלכער באַהאַלט זיך דאָרט, דערפאַר עצהט ער מיר צונעמען דאָס קינד. האָבן מיר זי אַוועק געפירט אויף אַן אַנדער אָרט. איך אַליין בין נאָך אַ געוויסע צייט געווען ביי עוואַ גראַכאָווסקאַ. זי האָט דערווייל חתונה געהאַט, און איר מאַן, קאַראַל ליפּינסקי, וועלכער איז אַליין אויך געווען טעטיק ביים ראַטעווען ייִדן, האָבן מיך זייער גוט אויפגענומען.

דערווייל בין איך געוואָר געוואָרן, אַז מיינע אַ באַקאַנטע, אַ ייִדישע, די פרוי פון מיינעם אַ געוועזענעם שילער, געפינט זיך אין וואַרשע אויף אַרישע דאָקומענטן. אויף אַ געוויסע צייט בין איך אַריבער וווינען צו איר. כ׳האָב מורא געהאַט צו זיין ביי עוואַן אַ צו לאַנגע צייט, ווייל אינצווישן האָט מען איר צוגעשיקט אַ ייִדישע סטודענטקע פון קראָקע, וועמען זי האָט אַפילו נישט געקענט. די סטודענטקע האָט געהאַט אַ פיקטיוון נאָמען און מ׳האָט עוואַן באַפוילן, אַז זי מוז זי אויסבאַהאַלטן. איך האָב געזען, אַז דאָרט איז צו ענג. דאָס איז געווען אין אַ דייטשער געגנט. און דער הויזוועכטער, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז געווען אַ דייטשער מיטאַרבעטער. איך בין דעריבער אַוועק צו מיין באַקאַנטער, גוסיאַ פרידמאַן, די פרוי פון שאול פרידמאַן, דירעקטאָר פון דער קוזמירער באַנק. זי האָט דאָרט געוווינט מיט איר ברודער אהרון נירנבערג פון לובאַרטאָוו און מיט אַ קליין מיידעלע — איר טאָכטער. מען האָט זיי חושד געווען, אַז זיי זענען געליבטע, ווייל ער האָט געהאַט די דאָקומענטן אין אָרדענונג, און זי — נישט. איך האָב דעם הויז־וועכטער אויפגעקלערט, ער זאָל זיך צופּיל נישט אינטערעסירן, ווייל זי איז מיט איר טעכטערל אַנטלאָפן פון איר מאַן, דערפאַר קען זי נישט אַרויספאָדערן אירע דאָקומענטן פון לובאַרטאָוו.

אַ געוויסע צייט האָבן מיר רויק געלעבט אין דעם הויז. דערנאָך האָבן מיר באַ־שלאָסן, אַז עס וועט בעסער זיין זיך צו שיידן, ווייל אַזוי וועלן מיר האָבן גרעסערע מעגלעכקייטן זיך צו ראַטעווען.

דער פרויס קינד האָט מען אַריינגעגעבן צו דער משפּחה פון עוואַ גראַכאָווסקאַ. אַ דאַנק דעם זי געראַטעוועט. זי איז היינט אין ישראל. כ׳האָב געפונען אַן אַרבעט אַלס קעכין, טאַקע ביי עוואַס אַ מומע. איך האָב דאָרט געאַרבעט בערך אַ האַלב יאָר. דערנאָך, ווען איך האָב שוין באַקומען אַ דייטשע קענקאַרטע און בין געווען מער זיכער, האָב איך אָפּגעזוכט אַ לייכטערע אַרבעט. איך בין געוואָרן אַ קעכין און גלייכצייטיק דערפילט די אויפגאַבע פון אַ דאַמע צו דער געזעלשאַפט פון אַ מוזיק־פּראָפעסאָרין. אַלס דאַמע צו

דער געזעלשאַפט, און נישט סתם אַ קעכין, האָב איך געענדערט מיינע קליידער: אָנשטאָט דאָס וואָלענע טיכל אויפן קאָפּ, האָב איך איצט געטראָגן אַ זיידענע „אַפּאַשקע”, אָנשטאָט אַ קוישל צום איינקויפן — אַ שיינעם, עלעגאַנטן טאַש.

### ווידער אַ שאַנטאַזש

איין מאָל בין איך אַרויס אין גאַס, אויפן ראָג מאַרשאַלקאָווסקע און נאָוואָגראָדזקע. מען האָט מיך פריער געוואָרנט, אַז דאָרט זענען דאָ אַ סך שאַנטאַזשיסטן. טאַקע דאָרט האָט מען מיך דאָס ערשטע מאָל שאַנטאַזשירט. איך בין געשטאַנען ביים הויפּט־וואָקזאַל און צופעליק געטראָפן אַ באַקאַנטע רוסישע פרוי, וועלכע האָט געהאַט אַ יידישן מאַן. זי האָט זיך פשוט נישט געכאַפּט וואָס מען מעג און וואָס נישט, און אָנגעהויבן מיך אויספרעגן אויפן הויכן קול פאַרשידענע זאַכן. איידער איך האָב באַוויזן זיך אומקוקן, האָב איך געפילט אויף זיך אַ דורכדרינגלעכן בליק. האָב איך איר געזאָגט: „פּאַני אָלגאַ, לאָמיר פון דאַנען אַוועק, באַלד וועט מען אונדז דאָ שאַנטאַזשירן”. זי האָט געווּסט, אַז מען האָט מיך שוין איין מאָל שאַנטאַזשירט, דערנאָך אַ צווייטן מאָל — מיין קינד. טאַקע דער זעלבער שאַנטאַזשיסט האָט זי דערקענט אויף דער גאַס. דאָס אַלץ האָט זי געווּסט פון איר מאַן און פון מיין קינד, נאָר דאָך האָט זי געזאָגט: „דו ביסט צופיל איבערגעשראָקן. טראַכסט נאָר וועגן שאַנטאַזשיסטן”. האָב איך איר געענטפערט: „גוט, מיר וועלן זיך איבערציייגן. איך בין זיכער, אַז דאָ וועט מען שאַנטאַזשירן, אָבער מיר וועלן זען וועמען ער מיינט”.

אַזוי ווי זי איז געווען זייער שלעכט אָנגעטאָן און געטראָגן אַ קויש מיט קיכלעך צום פאַרקויפן, און איך בין געווען גוט געקליידעט — איז ער מיר נאָכגעגאַנגען. איך בין אַרויף אויף אַ טראַמוויי און געפאָרן אין אַ פאַרקערטער ריכטונג ווו איך האָב געדאַרפט. כ׳בין שוין געווען גליקלעך, אַז כ׳האָב אים נישט געזען. ליידער, ווען כ׳בין אויסגעשטיגן ביי די האַלעס, איז ער אויסגעשטיגן פון דער אַנדערער זייט און מיר נאָכגעגאַנגען: איך בין צו פון איין שטעלעכל צום אַנדערן, געדונגען סוועטערס, גרינוואַרג, אַלץ אָנגעקוקט און געפילט, אַז ער אָבסערווירט מיך. אין דעם — וואָס פאַר אַ גליק! ער איז פאַרשוווּנדן! ס׳איז אים אַוודאי נמאס געוואָרן, איז ער אַוועק. נישט לאַנג קלערנדיק, האָב איך פאַרהאַלטן אַ דראָזשקע — דאָס איז געווען אויף דער מיראָווסקע גאַס, — און אַרויף. באַלד האָבן מיר געהערט „האַלט!” דער דראָזשקאַזש האָט זיך אָפּגעשטעלט. דער פאַרשוין איז צוגעקומען און געזאָגט: „ביטע דאָקומענטן”, און איבערגעדרייט דעם לאַץ פון דער מאַרינאַרקע, אויף וועלכער ס׳האָט אַ גלאַנץ געגעבן עפּעס אַן אָפּצייכענונג. איך האָב אים געוויזן מיינע דאָקומענטן. „דו ביסט אַ יידישע! יאָ, געערטע

פרוי, דו ביסט אַ יידישע. מיט אַזאַ אויסזען — ווי אַזוי קענסטו זיין אַ קעכין?״ אַז איך האָב געאַרבעט אַלס קעכין, האָט ער זיך דערוווּסט פון מיין שמועס מיט דער פרוי. אין דער קענקאַרטע איז געווען פאַרשריבן, אַז איך בין אַ לערערין.

איך האָב נישט געוואָלט זיך מודה זיין, זענען מיר געגאַנגען אין דער ריכטונג פון דער געסטאַפּאָ. אויפן וועג האָב איך זיך מיישב געווען און אים געזאָגט, אַז הגם איך בין נישט קיין יידישע, נאָר איך ווייס וואָס מיך דערוואַרט אין געסטאַפּאָ, ביז מען וועט אַדורכפירן אַן אויספאָרשונג (אייגנטלעך, האָט ער מער גערעדט אויף דער טעמע ווי איך), דערצו בין איך אַ האַרץ־קראַנקע און וויל אויסמיידן אומאַנגענעמלעכקייטן, כ׳וויל בעסער מיט אים אַדורכקומען. „וויפל ווילסטו?״ „וויפל האָסטו?״ אַזוי איז געווען אונדזער שמועס. „קום אַריין אין טויער״. איך האָב אים געגעבן די רעשט געלט וואָס כ׳האָב געהאַט, נאָר מיין פּאַספּאָרט איז נאָך געווען ביי אים אין דער האַנט (איך וויל דאָ באַמערקן אַ פּרט: ווען ער האָט ביי מיר פאַרלאַנגט די דאָקומענטן און געוויזן אַן אָפּ־צייכן פון דער געסטאַפּאָ, ווייס איך נישט, צי דאָס איז געווען אַן אמתער, איך האָב נישט געקענט פעסטשטעלן. איבעריקנס, איך האָב זיך דערויף נישט פאַרשטאַנען. דאָס זעלבע איז געווען אין טראַמווײַ. ער האָט נישט געצאָלט פאַר קיין בילעט, נאָר געוויזן זיין אָפּ־צייכן).

ער האָט מיר צוגענומען דאָס גאַנצע געלט וואָס כ׳האָב געהאַט, אַראָפּגענומען דאָס זייגערל פון דער האַנט, אַ רינגל (דאָס צווייטע, ווייל דאָס ערשטע האָבן מיר צוגענומען די פריערדיקע שאַנטאַזשיסטן). איך האָב געמיינט, אַז דערמיט איז שוין געענדיקט. אָבער פּלוצלינג האָב איך געהערט: ״ביטע אויסטאָן דעם פּאַלטאָ!״ איך בין גראָד געווען אָנגעטאָן אין אַ זייער גוטן פּאַלטאָ; אַזוי ווי ס׳איז געווען אַ שיינער האַרבסט־טאָג האָב איך צוגענייט אַ גרויסן פוטערנעם קאָלנער, וואָס כ׳האָב אָפּגענומען ביי די קרובים פון עוואַ גראַכאָווסקאַ, און זי האָט אַן מיין וויסן אים געברענגט פון ראַדאָם. האָב איך צו אים געטענהט: „איך אינטערעסירט זיכער דער קאָלנער, ווייל ער איז אַ טייערער, ער איז נאָר צוגעסטריגעוועט, קען איך אים אַראָפּנעמען און איך געבן״. אַזוי ווי איך האָב ניט געוואָלט געבן דעם פּאַלטאָ, האָט ער חושד געווען, אַז איך האָב דאָרט איינגענייט דאָלאַרן און פאַר קיין פאַל נישט געוואָלט מיר אים איבערלאָזן. צום סוף, ווען איך האָב געזען, אַז כ׳האָב נישט קיין ברירה, האָב איך געזאָגט: „גוט, נעמט דעם מאַנטל, נאָר איר מוזט מיך אַהיימפירן, ווייל אין דעם שטוב־קלייד קען איך זיך נישט ווייזן אַפילו פאַרן הויזוועכטער. חוץ דעם, איז היינט אַ קאַלטער טאָג״.

איך האָב ניט קיין מורא געהאַט און אויך ניט געהאַט שוין וואָס אָנצוווערן, אַפילו ווען ער וועט זען ווו איך וווין. מיר איז שוין געווען אַלץ איינס — און אין דער קענקאַרטע איז במילא געווען פאַרשריבן מיין אַדרעס.

מיר זענען צוגעקומען צום הויז, אַרויף אויף די טרעפּ. איך האָב אויסגעטאָן דעם

פּאַלטאָ און אים געגעבן. ער האָט מיר צוריקגעקערט מיינע דאָקומענטן און געזאָגט: „צום ווידערזען, מיר וועלן זיך נאָך טרעפן". איך האָב אים געענטפערט: „גוט, נאָר קומט ניט פריער ווי סוף וואָך, ווייל ביז דעמאָלט וועל איך ניט האָבן קיין געלט".

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער וויל אַ שטענדיקן אויסקויף.

איך בין אַריין אין שטוב אָן דעם פּאַלטאָ, האָט מיין דערשטוינטע באַלעבאָסטע געזאָגט: „פּאַני קאַראָלינאַ, וואָס איז געשען?" זאָג איך איר: „זייט אַזוי גוט, רייסט איבער די לעקציע" (זי האָט גראָד געגעבן אַ לעקציע פון מוזיק) „און קומט מיט מיר אין קיך". אין קיך האָב איך איר גלייך געזאָגט: „איך בין אַ יידישע, מען האָט מיך שאַנטאַזשירט". „ווי אַזוי האָסטו מיר געקענט אָפּטאָן אַזאַ זאַך?"

איך האָב איר געענטפערט: „נאָך דער מלחמה וועלן מיר זיך אָפּרעכענען. איצט האָב איך ניט קיין צייט צו שמועסן. איך בעט נאָר געלט אויף אַ דראָזשקע, ווייל איך מוז פאָרן צו באַקאַנטע. דערלויבט מיר נאָר איבערלאָזן מיין וואַליזע".

זי האָט מסכים געווען. זי איז געווען זייער אַן אָרנטלעכע פרוי, אַפילו ניט קיין אַנטיסעמיטקע, נאָר געוואָרן איבעראַשט, וואָס איך מיט מיין אויסזען בין גאָר אַ... יידישע.

איך בין אַוועק צו באַקאַנטע, דאָרט איבערגענעכטיקט, דערנאָך געפאָרן צו גוסיע פרידמאַן, וועלכע האָט איצט געהייסן וולאַדיסלאַווּאַ קאָזלאָווסקאַ. זי האָט געאַרבעט אין אַ דאָרף ביי אַן אַדוואָקאַט. ער מיט זיין פרוי האָבן אָנגעהערט צו אַן אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע. אַ געוויסע צייט איז ער געווען פּראָקוראָר פון אַן אונטערגרונט־געריכט וואָס האָט אַרויסגעטראָגן אורטיילן אויף געסטאַפּאָ־אַגענטן. איך האָב צופעליק אַמאָל געהערט, ווי ער האָט דערציילט, ווי שווער אים איז געווען אַרויסצוטראָגן דעם ערשטן טויט־אורטייל אויף אַ געסטאַפּאָוויעץ.

דער אַדוואָקאַט האָט פאַר מיר געפונען אַרבעט אַלס דינסט ביי זיינעם אַ באַקאַנטן. אַזוי ווי מיר איז שווער געווען צו וואַשן פאַדלאָגעס און טאָן אַנדערע שווערע מלאכות, האָב איך געבעטן מיר געבן אַרבעט אַלס קעכין, ווייל די קעכין איז גראָד דעמאָלט קראַנק געוואָרן. דאָס איז געווען אין אַ קליינעם פּאַלוואַרק, ניט ווייט פון וואַרשע.

וועגן דער זעלבער אַרבעט אַלס קעכין האָט זיך אויך באַמיט אַ געוויסע יונגע פרוי. זי איז אויף מיר בייז געווען און געמסרט פאַר דער באַלעבאָסטע, אַז איך בין אַ יידישע. זי האָט מיר באַלד אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט. איר מאַן, אַ חבר פון דעם אַדוואָקאַט, האָט מיר פאַרגעלייגט די אַרבעט אַלס לערערין ביי זיינע באַקאַנטע.

### איך פאַרלאָז וואַרשע

איך בין אַוועקגעפאָרן קיין זיעלאָנקע, אַ קליין שטעטעלע אונטער וואַרשע, ביי רעמבערטאָוו. דאָרט איז מיר באמת געווען זייער גוט. די באַלעבאָסטע, אַ פּשוטע פרוי, נאָר זייער אַ סימפּאַטישע, האָט זיך צו מיר באַצויגן זייער גוט, הויפּטזעכלעך דערפאַר, וואָס

מיך האָט מען רעקאָמענדירט צו איר פון דער אַ.ק., האָט זי געהאַט צו מיר גרויס אַכ־טונג. זי האָט געהאַט צוויי מיידלעך. איינע איז געווען איר אַכט־יאָריקע טאָכטער, די צווייטע — אַ צען־יאָריקע, אַ שטאַרקע ברונעטקע. שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז זי איז אַ יידישע. די פרוי האָט שפּעטער צו מיר געהאַט צוטרוי און דערציילט, אַז דאָס קינד איז ניט אירס קיין קרובה, ווי זי זאָגט עס אַנדערע, נאָר דעם יידישן אינזשיניער לווידאָרס אַ טאָכטער.

איך בין דאָרט געווען עטלעכע חדשים און געמיינט, אַז עס וועט מיר געלונגען איבערצולעבן ביזן סוף קריג. צום אומגליק, זענען אונדז באַפאַלן באַנדיטן און אַלץ צו־גענומען. נאָך צוויי וואָכן איז מען אונדז ווידער באַפאַלן, צוגענומען דאָס וואָס זיי האָבן פריער געלאָזט און וואָס זי האָט דערווייל געבערענגט פון באַקאַנטע פון וואַרשע. מיר זענען געבליבן אַן וועש, אַן קליידער, נאָר אין די נאַכט־העמדער.

צופעליק האָט די פרוי זיך דערוווּסט, אַז איך בין אַ יידישע, האָט זי געזאָגט, אַז זי וועט מיך פאַר קיין שום פאַל נישט אָפּלאָזן, כ׳זאָל זיין ביי איר ביז סוף קריג. זי האָט מיר דעמאָלט פאָרגעשלאָגן צופאָרן צו איר שוועסטער אין דאָרף. איך בין אַוועק מיט די צוויי מיידעלעך.

דאָס דאָרף האָט געהייסן מיראָטשיצע, צופוסנס די שוויענטאָקזשיסקער בערג.

נאָך אַ געוויסער צייט, וועלנדיק מיר אַ טובה טאָן, ווען די פרוי איז געפאָרן קיין וואַרשע, האָט זי מיר געבערענגט אויף צוויי טעג מיין יונגע טאָכטער. זי איז די גאַנצע צייט געווען אין אַ קלויסטער אונטער וואַרשע, נאָר צופעליק יענעם טאָג באַזוכט ביי דער עלטערער טאָכטער. אַ גלח אָדער אַ נאָנע האָט זי געפלעגט ברענגען צו דער עלטערער, און זי האָט שפּעטער געדאַרפט זי צוריק ברענגען אין קלויסטער. זיי האָבן געוווּסט, אַז זי האָט אַ שוועסטער, די מוטער לעבט נישט, און דער פאָטער, אַ קאַפּיטאַן פון דער פוילישער אַרמיי, געפינט זיך ערגעץ אין געפאַנגענשאַפט, אויב ער לעבט בכלל.

זי איז באַפרייט געוואָרן אויף עטלעכע טעג און געפאָרן זיך זען מיט דער שוועסטער. ווען די גרעסערע טאָכטער איז געוואָר געוואָרן, אַז די פרוי איז געקומען, איז זי געגאַנגען צוזאַמען מיט דער קליינער אָפּנעמען פון מיר אַ גרוס. די פרוי האָט געפרעגט די קליינע: „טערעסאַ, אפשר ווילסטו פאָרן אויף צוויי טעג צו דער מאַמען ? איך פאָר אויף צוויי טעג און קער זיך צוריק״. די קליינע האָט זיך זייער דערפרייט — און די פרוי האָט זי געבערענגט. נאָך צוויי טעג איז אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד אין וואַרשע און די באַנען זענען מער נישט געגאַנגען.

אין דאָרף האָב איך געהאַט פאַרשידענע צייטן. אין אַלגעמיין איז מיר געווען גוט. קיין געלט האָב איך ניט געהאַט, נאָר געגעבן פריוואַטע לעקציעס, פאַר וועלכע מען האָט מיר געצאָלט מיט מילך און פלייש, אַזוי אַז מיר האָבן נישט געליטן קיין הונגער.

אין דעם דאָרף האָט מען קיין דייטשן ניט געזען, ס'איז געווען ווייט פון אַ באַן־סטאַציע, אַפּילו אויטאָס זענען דאָרט ניט געפאָרן.

אַ געוויסן טאָג בין איך געגאַנגען צום ברודער פון מיין באַלעבאָסטע, צוזאַמען מיט מיינע שילערינס. ער האָט דעם טאָג אַרויסגענומען האָניק פון זיינע בינשטאָקן, וואָס כ'האָב נאָך קיינמאָל ניט געזען און בין געווען נייגעריק צו זיין דערביי.

מיר האָבן זיך צוגעקוקט צו זיין אַרבעט, דערנאָך האָט ער אונדז פאַרבעטן צו עסן פרישן האָניק מיט ברויט און מילך. נאָכן זאַטן מאָלצייט, זענען מיר אַוועק אַהיים.

## דער פּאַרטיזאַנער

דער וועג איז געווען אַ געמיטלעכער, שיינער — ממש אַ ווונדערלעכער. פון איין זייט איז געווען אַ שאַרפער באַרג־אַראָפּהאַנג. ווען מיר זענען זיך געגאַנגען, איז אויפן באַרג אַרויף עפּעס אַ יונגערמאַן און זאָגט צו מיר: „גוט מאָרגן, פּאַני, פון וואַנען ביסטו?" דאָס האַרץ איז מיר אויסגעגאַנגען. איך בין געווען איבערצייגט, אַז דאָס איז עמעץ פון אונדזערע שכנים, אָדער אַ געוועזענער תלמיד פון דער פּוילישער שול, וועל־כער האָט מיך דערקענט. איך האָב אים געענטפערט: „דו האָסט אַ טעות, איך בין ניט פון סלופּיע". (מיט צוויי טעג צוריק איז סלופּיע, צוויי קילאָמעטער פון אונדז, באָמבאַרדירט געוואָרן. אַלע מענטשן זענען פון דאָרט אַנטלאָפן. די גאַנצע צייט זענען פורלעך געפאָרן). האָבן איך זיך געמאַכט תמעוואַטע, זאָל ער מיינען, אַז איך בין פון סלופּיע. ער איז אַוועק.

איך האָב געזאָגט צו מיין טאָכטער: „ס'איז שלעכט, זעט אויס, ער האָט מיך דער־קענט".

שפּעטער האָב איך געזען, אַז אויפן שאָסיי, פאַרביי אונדז, איז דורכגעפאָרן אַן אויטאָ מיט עטלעכע דייטשן. זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן ניט ווייט פון אונדז. ווי יעדער גערודפּ־טער ייד האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דער קריסט האָט פאַרהאַלטן דעם אויטאָ און אָנגעוויזן, אַז דאָ זענען פאַראַן יידן. זאָג איך צו דער טאָכטער: „זעסט דאָך, ער האָט פאַרהאַלטן די דייטשן. לויף שנעל צו מאַרישען, אונדזער באַלעבאָסטע, זאָג איר דעם אמת" (איך האָב דעמאָלט ניט געוווסט, אַז איר שוועסטער האָט איר שוין במילא גע־זאָגט, ווער מיר זענען). „זאָג איר, אַז מיר זענען יידן און בעט זי זאָל דיך ראַטעווען. די קליינע האָט ניט געוואָלט אַוועק. האָב איך איר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז מיר וועלן דאָ בײדע אומקומען. אַזוי וועט זי אפשר זיך ראַטעווען. מיט אונדז איז אויך געווען די יידישע טאָכטער יאַנעטשקאַ לואידאַר (לויט די אַרישע פּאַפּירן — סאַדאָווסקי).

איך האָב ניט באַוויזן צו ענדיקן דעם שמועס, ווי איך האָב געהערט איין שאָס נאָכן אַנדערן. כ'בין געווען זיכער, אַז מען שיסט אין אונדזער ריכטונג, נאָר זיי האָבן ניט געטראָפן. מיר האָבן אָנגעהויבן לויפן אין דער ריכטונג פון אונדזער הויז.

ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז דער יונגערמאַן צוגעקומען צו מיר, ווייל פון דעם אָרט ווו איך בין געגאַנגען, איז בעסער געווען צו זען צי די דייטשן פאָרן אַראָפּ פונעם בערגל, אָדער ניט. ער איז געווען אַ פּאַרטיזאַן און דערשאָסן צוויי געסטאַ־פּאָוצעס. דער דריטער, אַ פאַרוווּנדעטער, איז אַנטלאָפן אין דער שכנותדיקער מיל.

ווען מיר האָבן זיך דערוווּסט וועגן דעם, האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז איצט וועט זיין שלעכט. אַן ענלעכע זאַך האָט פּאַסירט אין אַ דאָרף אין קעלצער געגנט. די דייטשן האָבן פאַרברענט דאָס דאָרף און אַלע פּויערים אויסגעמאָרדעט. אין אַן אַנדער אָרט ווידער, האָט מען דאָס דאָרף פאַרברענט און יעדן צענטן פּויער געשאָסן. מיר האָבן געגלייבט, אַז דאָס זעלבע דערוואַרט אונדז. אַלע מענער האָבן זיך באַהאַלטן, די פרויען האָבן ניט געוווּסט וואָס צו טאָן. דער טאָג איז אַדורך רויק.

דערווייל האָט מיין באַלעבאָסטע געטראַכט, אַז מען דאַרף עפּעס טאָן. זי האָט גענו־מען אַ ליילעך און צוזאַמען מיט נאָך אַ שטאָטישער פרוי, וואָס איז גראָד געווען אין דאָרף, האָבן זיי אַראָפּגעשלעפּט די צוויי הרוגים פון שאָסיי, צוגעדעקט מיט אַ ליילעך, כדי ס׳זאָל אויסזען מענטשלעך — און צוריק אַוועק אַהיים.

נאָך צוויי רויקע טעג, האָט מיין באַלעבאָסטע אָנגעקלאַפּט אין טיר אַרום 5 פאַרטאָג און זאָגט: „פּאַני קאַראָלינאַ, טו זיך שנעל אָן און די קינדער. מיר מוזן אַנטלויפן אין וואַלד אַריין״. איך האָב געענטפערט: „אויב דו ווילסט, נעם דיינע קינדער און אַנט־לויף. איך בלייב דאָ מיט מיין טאָכטער. ווייל אויב מיר באַהאַלטן זיך און זיי געפינען אונדז, וועט מען אונדז זיכער אומברענגען. דאָ וועט אפשר געלונגען זיך אַרויסצודרייען״. מיינע ווערטער זענען איר געפעלן. „גוט, אויב אַזוי בלייב איך אויך מיט מיינע קינדער״.

מיר זענען אַלע געבליבן. אַ שעה שפּעטער הערן מיר ווי מען האַקט מיט אַ קאָלבע פון אַ ביקס אין דער טיר. ס׳איז אַריינגעקומען אַ דייטש און אונדז געהייסן אַרויסגיין. מיר זענען אַרויס. דאָס הויז איז געווען אויף אַ קליין בערגל. מיר זענען אַראָפּ אונטן. דאָרט זענען שוין געווען אַ היפּש ביסל פּויערטעס. קיין מאַן האָט מען ניט געזען אויף קיין רפואה. אַלע האָבן זיך באַהאַלטן. מען האָט אונדז געפירט ווייטער. ביי אַ צווייטן הויז האָט מען ווידער צונויפגענומען אַ ביסל מענטשן. ענדלעך האָט מען אַלע געברענגט אויף אַ גרויסן פּלאַץ.

אויפן וועג האָב איך זיך געווענדעט צום דייטש, וועלכער האָט אונדז געפירט, איך האָב אים געבעטן ער זאָל זאָגן דעם אָפיציר, אַז איך וויל מיט אים רעדן. האָט ער גע־ענטפערט: „איך רייד ניט מיט קיין באַנדיטן״. „אָבער איך בין ניט קיין באַנדיטקע״ — זאָג איך. — „איך האָב דאָך קיינעם ניט געהרגעט״. ער ענטפערט מיר דערויף: „אויב ניט דו, זענען עס דיינע ברידער. אויב ניט די ברידער, דיינע עלטערן. אויב ניט די פּאָטערס, די זין. איך רייד ניט מיט קיין באַנדיטן — און שלוס״.

איך האָב ניט מורא געהאַט מיט אים צו ריידן דייטש, ווייל אַלס לערערין האָב איך געמעגט קענען פרעמדע שפּראַכן.

מיר האָבן זיך דערנענטערט צו אַ צווייטער גרופּע, וועלכע ס'האָט געפירט אַן אוק־ראַינער. צו אים האָב איך גערעדט רוסיש, אַז כ'וויל מיט אים זיך דורכ־שמועסן. ער ענטפערט מיר דאָס זעלבע: „מיט באַנדיטן רעדט ער ניט". איך וויל אים איבערצייגן, אַז איך בין דאָך ניט קיין באַנדיטקע, אָבער אויך ער ענטפערט ווי יענער דייטש: „אויב ניט איך — די זין, די ברידער" אאַז"וו.

דערווייל איז צוגעקומען נאָך אַ דייטש, אַלע מיט מאַשינגעווער, און גיט אַ באַפעל אונדז אויסצושטעלן צו פיר אין אַ ריי. ער זאָגט דעם אַנדערן דייטש: „דו גיי פאָרויס, איך וועל גיין פון אונטן". איך זאָג צו מיין טאָכטער: „נו, איצט איז שוין דער סוף". אויך דעם דאָזיקן דייטש זאָג איך, אַז כ'וויל מיט אים רעדן. אָבער אויך ער ענטפערט, אַז ער רעדט ניט מיט קיין באַנדיטן...

מען האָט אונדז צוגעפירט צו אַ גרופּע, וועלכע איז געשטאַנען אויף אַ גרעסערן פּלאַץ. אויף איין זייט שאָסיי זענען געשטאַנען אַלטע אָרעמע פויערטעס מיט קינדער און געוויינט, פון דער צווייטער זייט — אַ סך דייטשע זעלנער מיט מאַשינגעווער און אָפי־צירן. זיי קוקן אויף אונדז.

איך טראַכט: איצט איז זיכער דער סוף. דערווייל זע איך, ווי דער זעלנער מיט וועמען איך האָב גערעדט, גייט צו צום אָפיציר, אַ מאַיאָר, און זאָגט אים עפּעס. איך האָב ניט געוווּסט וואָס, נאָר דער מאַיאָר האָט צוגעשיקט דעם איבערזעצער און געפרעגט: „ווּ איז די פרוי, וועלכע האָט געוואָלט ריידן מיטן אָפיציר?" איך בין צוגעגאַנגען. ער האָט געפרעגט, וואָס איך האָב צו זאָגן. איך האָב זיך פאָרגעשטעלט אַלס לערערין, געפין זיך דאָ נאָר אַ קורצע צייט. איך קען עס באַווייזן מיט דאָקומענטן, אַז איך בין פון וואַרשע. ער קען זיך איבערצייגן, אַז איך האָב דאָ קיינעם קיין שלעכטס ניט געטאָן. איך בין דאָ מיט אַ טאָכטער. מיר זענען אַוועק פון זיעלאָנקע, ווען באַנדיטן זענען אונדז באַ־פאַלן. איך האָב גערעדט געלאַסן און רויק. ער האָט מיך אויסגעהערט און געזאָגט: „צי ווייסטו וואָס מיט צוויי טעג צוריק איז דאָ געשען?" איך האָב געענטפערט: „יאָ, איך ווייס". „און ווער האָט דאָס געטאָן?" איך: „געערטער הער, פון וואַנען קען איך דאָס וויסן? איך קען דאָ קיינעם ניט".

דערווייל האָט מען אים דערלאַנגט אַ גרויסע לאָרנעטע און ער האָט גענומען קוקן אויפן שוויענטאָקזשיסקער מאָנאַסטיר. ער האָט גערעדט מיט די אָפיצירן שטיל. איך האָב נאָר געהערט דאָס וואָרט „פאָן". ער ווענדט זיך צו מיר: „צי ווייסטו עפּעס וועגן דער פאָן אויפן קלאַשטאָר?" „יאָ". „וואָס איז דאָס פאַר אַ פאָן?"

איך: „אַ רוסישע". „פון וואַנען ווייסטו? האָסט זי געזען?" „ניין, דאָס איז ווייט. נאָר פאַסטעכער האָבן מיר געזאָגט, אַז זיי האָבן געזען אַ רויטע פאָן מיט אַ סערפּ און

האַמער, אַזוי ווייס איך, אַז זי איז אַ רוסישע". „ניין, געערטע פרוי, נישט אַזאַ פּאַן, נאָר אַ פּוילישער אָדלער". דאָס האָט מיך איבעראַשט, אָבער איך האָב זיך באַלד געכאַפּט און געזאָגט: „אויב אַזוי איז עס פּשוט אַ באָלשעוויסטישע פּראָוואָקאַציע, ווייל איך ווייס, אַז ביז איצט..." „פון וואַנען ווייסטו?" „איך האָב דאָך געזאָגט, אַז יינגלעך האָבן מיר דערציילט". „קענסטו אונדז זאָגן, וועלכער יינגל?" „איך בין אַ פרעמדע, כ׳קען זיי ניט, נאָר אויב מען וועט צוזאַמענעמען אַלע יינגלעך, אַ גוטן זכרון האָב איך, וועל איך אים באַלד דערקענען". איך האָב געוווּסט, אַז דאָס איז אוממעגלעך, ווייל קיינער פון די יינגלעך איז ניט געווען. דערווייל האָט דער מאַיאָר געקוקט, און איך האָב געהערט ווי ער זאָגט שטיל: „ריכטיק, אַ סערפּ און אַ האַמער".

אין מיר האָט זיך דערוועקט אַ האָפענונג, אַז אפשר וועט ניט זיין אַזוי טראַגיש. שפּעטער האָט ער מיך געפרעגט: „ווי אַזוי איז דאָס געשען, ווי אַזוי האָט מען דערמאָרדעט די דייטשן?" „איך ווייס דערפון גאָרנישט. איך ווייס נאָר, אַז די פרוי ביי וועלכער איך אַרבעט, מיט אירס אַ שכנה, האָבן די טויטע קערפּערס אַוועקגעטראָגן פון שאָסיי אויפן בערגל, זיי צוגעדעקט מיט אייגענע ליילעכער, ווייל זיי האָבן געוואָלט האַנדלען מענטשלעך. ביי אונדז איז אַזוי אָנגענומען צו טאָן מיט אַ טויטן. מען לאָזט ניט אַ טויטן אויפן וועג ניט צוגעדעקט". „ווער האָט דאָס געטאָן?" „אָט די פרוי וועלכע שטייט דאָרט". „רופט זי אַהער". מען האָט זי גענומען אויספרעגן. זי האָט גערעדט פּויליש. טייטשווייז האָב איך איבערגעזעצט, טיילווייז זייער איבערזעצער. זיי האָבן אונדז געהייסן בלייבן לעבן זיך. „גוט, אָבער איך האָב דאָרט קינדער, מיינע שילערינס און מיינע אַ טאָכטער. „קענסט זיי אַריבערפירן אַהער".

איך האָב פאַרשטאַנען, וואָס דאָ וועט איצט פאָרקומען. איך האָב זיך געטראַכט: „אַלץ איינס, איך מוז די קינדער ראַטעווען". איך בין אַוועק אַהין צו די קינדער, אָבער ווען מ׳האָט מיך דערזען, אַלטע און יונגע פּויערטעס, האָבן זיי אַלע אָנגעהויבן וויינען. איך האָב ניט געהאַט קיין מוט צוצונעמען די קינדער, ווייל זיי וואָלטן פאַרשטאַנען, אַז זיי זענען פאַרמשפּט צום טויט. איך האָב בלויז געזאָגט די קינדער: „האַלט זיך פאַר די הענט, איך גיי אַוועק. ווען איך וועל אויפהייבן די האַנט, לויפט שנעל אַריבער צו מיר". דעם מאַיאָר האָב איך געזאָגט, אַז איך וויל ניט רופן די קינדער, ווייל די מענטשן דאָרט קענען נאָך איבערקלערן ווער ווייסט וואָס און זיך דערשרעקן.

מיר וואַרטן. איך האָב ניט געוווּסט אויף וואָס. באַלד איז געקומען צו לויפן אַ זעלנער, אַ פאַרסאַפּעטער, עפּעס איינגערוימט דעם מאַיאָר אין אויער. מיר האָט מען געזאָגט: „אַלץ אין אָרדענונג, איר קענט צוריק גיין אויף אייער אָרט". איך און די פרוי זענען צוריק אויפן אָרט. דער איבערזעצער האָט זיך געווענדעט צו אונדז: „מיר האָבן געהאַט אַ באַפעל צו פאַרברענען דאָס דאָרף און יעדן צענטן דערשיסן. די פרוי האָט אונדז געוואָלט איבערצייגן, אַז רוסישע פּאַרטיזאַנער, ניט איר, האָבן דערמאָרדעט די דייטשן.

אונדזער אַ זעלנער איז געלאָפֿן צו דעם דייטש וועלכער האָט זיך געראַטעוועט, כדי דאָס פעסטצושטעלן. ער האָט געזאָגט, אַז איינער אין אַ רוסישן מונדיר האָט אים פֿאַרוווּנ־דעט. דערפֿאַר ווילן מיר גלייבן, אַז ניט איר זענט שולדיק. דערווייל שענקען מיר אייך דאָס לעבן, אָבער מיר וועלן נאָך אַדורכפֿירן אַן אויספֿאָרשונג״.

די פּויערטעס האָבן מיר געקושט די הענט. דערנאָך, ווען מיר זענען צוריק אַהיים, האָט מען מיר געברענגט אייער, פּוטער, אוגערקעס און ברויט.

## די באַפרייונג

דעם 18טן יאַנואַר 1945 זענען געקומען די רוסן און אונדז באַפרייט.

צופעליק האָט מען שפּעטער געפונען אַ דאָקומענט, אין וועלכן ס׳איז געווען פֿאַר־שריבן, אַז דעם 25סטן יאַנואַר האָט מען באַדאַרפט פֿאַרברענען אונדזער שטעטעלע.

נאָכן קומען פֿון די רוסן, בין איך אַוועק קיין וואַרשע.

מיין עלטערע טאָכטער האָט איבערגעלעבט די מלחמה אויף דער אַרישער זייט ביי פריינד, פּאָליאַקן. די יינגערע טאָכטער, וועלכע האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ קלויס־טער, איז מיט מיר געקומען קיין ארץ־ישראל.

## אַזוי איז אומגעקומען אַ טייל קוזמירער יידן

די מערהייט יידישע איינוווינער אין קוזמיר איז אומגעקומען אין טויטן־לאַגער בעלזשעץ, דעם 30סטן מערץ 1942. אַ געוויסע טייל (די אַלע, וועלכע האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן פֿון קוזמיר פֿאַר דער אַקציע), איז אומגעקומען אין טרעבלינקע. די יוגנטלעכע וועלכע זענען אַנטלאָפן קיין יאַניוועצע, האָט מען אויסגעזידלט קיין זוואָלין און פֿון דאָרט אַוועקגעפירט אין די לאַגערן סקאַרזשיסקאָ, פּיאָנקי און יעדלניע.

ווייטער דערצייל איך בקיצור וועגן אומקום פֿון אַ טייל אונדזערע יידן אין אַנדערע באַדינגונגען, הגם אין ניט ווייניק טראַגישע אומשטענדן.

דער ערשטער קרבן פֿון דער אויסזידלונג איז געווען יאַנקל ראַטנאָווסקי, געוווינט אין באַכאַטניצע, מיל־אייגנטימער, גרינדער און לאַנגיאָריקער פּאַרזיצער פֿון דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע אין קוזמיר. זיין משפחה איז אַרויס געפירט געוואָרן קיין בעלזשעץ, נאָר אים איז געלונגען זיך אויסצובאַהאַלטן ביי אַ באַקאַנטן פּויער אין באַכאַטניצע. די דייטשן האָבן אים דאָרט אַנטדעקט און דערשאָסן אויפֿן אָרט.

דער פּרעזעס פֿון יודענראַט, חיים פּייערשטיין און זיין פֿרוי מאַניע, זענען דערשאָסן געוואָרן אין וואָנוואָלניץ, ווען זיי האָבן געהאָלפן זייער טאָכטער בראָנטשע, אַ קאַליקע, אַראָפּגיין פֿון דער פֿור. אויך די טאָכטער איז דעמאָלט אומגעקומען.

יואל גאָלדבוים האָט געפירט אויף אַ וועגעלע זיין שווער קראַנקע פֿרוי פייגע (געב. מילגרוים). מ׳האָט זי דערהרגעט אין וואָנוואָלניץ.

מאַניע לעדערשניידער האָט אַ געוויסע צייט זיך אויסבאַהאַלטן ביי אַ פּויער. מ׳האָט זי געמסרט. די דייטשן האָבן זי אַרויסגעפירט אויפן ידישן בית־הקברות און דערשאָסן.

שמואל פריד איז דערשאָסן געוואָרן אויפן וועג קיין אָפּאָלע.

אַביגדור גאָלדבוים, דער זון פון יואל און פייגע, אַ יונגער, טאַלענטירטער מאָלער, האָט זיך אויסבאַהאַלטן ביי אַ פּויער אויף די גוריס. ווען ער האָט איין מאָל ביינאַכט פאַרלאָזט זיין באַהעלטעניש (אַ סברה, אַז ר׳האָט געוואָלט זוכן אַ ניי אָרט), האָט מען אים דערקענט, אויסגעגעבן און דערשאָסן.

דוד ראָזענבערג איז געווען געצוווּנגען אַ לאַנגע צייט זיך אויסצובאַהאַלטן פאַר די דייטשן, ווייל מ׳האָט אים פאַרמסרט אַלס קאָמוניסט. פרילינג 1942, נאָך דער אויסזידלונג פון קוזמיר, האָט מען אים אַנטדעקט אין יאַניווצע. פון דאָרט האָט מען אים גענומען קיין קוזמיר. עס זענען געמאַכט געוואָרן באַמיונגען איבערצוקויפן די פּאָליציי, נאָר אָן ערפאָלג. מ׳האָט אים אַריינגעזעצט אין אַ שיפל און ווען זיי האָבן זיך געפונען אין מיטן דער ווייסל, איז ראָזענבערג געשפּרונגען אין וואַסער. די פּאָליציי האָט אים נאָכגעשאָסן און ר׳איז דערטרונקען געוואָרן.

יוסף פריד, לאַנגיאָריקער פּרעזעס פון דער ידישער קהילה אין קוזמיר, געווינט אין באַכאָטניצע, געווען אַ שותף צו דער מיל, איז מיט זיינע צוויי זין, פישקע און חנניא, אַרעסטירט געוואָרן אין יאַניווצע, פון וואַנען מ׳האָט זיי איבערגעשיקט אין דער ראַדאָמער תפיסה. אַ שמועה זאָגט, אַז מ׳האָט זיי אויפן וועג דערהרגעט.

אַ טייל ידן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין גניאַזדקאָוו (ראַדאָמער געגנט). פון דאָרט האָט מען זיי איבערגעזידלט קיין כאָטש און דערנאָך קיין טרעבלינקע. בעת דער אַקציע אין כאָטש, האָט מען פיל ידן דערהרגעט אויפן זאַמלפּלאַץ. יונה לוסטיג און מענדל רוכלעמער האָבן זיך געוואָלט אויסבאַהאַלטן. מ׳האָט זיי דערהרגעט אויפן וועג צו זאַמל־פּלאַץ.

סרוליק שניידערמאַן, בנימין לעווינסאָן און פיניע באַרנשטיין, זענען בעת דער אַקציע אַנטלאָפן קיין גניאַזדקאָוו, ווו איך האָב פאַרבראַכט איין נאַכט, בעת מיין אַנטלויפן קיין וואַרשע. זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי ווילן אַריינטרעטן אין דער פּאַרטיזאַנקע, נאָר זיי האָבן ניט קיין שום קאָנטאַקטן. שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז זיי האָבן זיך דערנאָך אויסבאַהאַלטן אויף דער כאָטשער קעמפּע מיט נאָך ידן פון פילעוו, קוזמיר, גניאַזדקאָוו און אומגעגנט. די כאָטשער פּויערים האָבן זיי פאַרמסרט און מ׳האָט זיי אַלע אומגעברענגט לאָזער און סענדער קאָרנבערג זענען אַנטלאָפן פונעם לאַגער סקאַרזשיסקאָ צו די פּאַרטיזאַנער. ווען און ווו זיי זענען אומגעקומען — איז ניט באַוווּסט.

קלמן האַושוואַלב איז דעם 23סטן יולי אַנטלאָפן בעת אַ סעלעקציע אין לאַגער סקאַרזשיסק. ער איז אומגעקומען אין וואַלד, אויגוסט 1944.

משה־נחמן גוטמאַן (דער זון פון דוד־אָשר) און טוביה ווייכמאַן, זענען לעבעדיקער־הייט פאַרברענט געוואָרן אין דער שול אין סאַלעץ.

רבקה קליינמאַן, איר אַדאָפּטירטע טאָכטער סימע (געב׳ אַרבוז) מיטן מאַן יוסף עדל־שטיין און קינדער און נאָך עטלעכע משפחה־מיטגלידער פון די עדלשטיינס, זענען אויף אַ פורל אַנטלאָפן ניט ווייט פון כאַטש. די דייטשן האָבן זיי אַנטדעקט און דאָרט דערהרגעט. דאָס האָט דערציילט חיים־הערש גוטמאַן, וועלכער האָט זיך באַהאַלטן אויף אַ בוידעם ביים פויער אין כאַטש און דורכן פענצטערל אַלץ געזען.

שאול פרידמאַן (דער זון פון שיע), לאַנגיאָריקער דירעקטאָר פון דער קאָאָפּע־ראַטיווער באַנק אין קוזמיר, דער מחבר פונעם בוך „די מענטשן פון גאָדלבאָזשיץ״ — איז אומגעקומען אין געטאָ. זיין פרוי פייגע (גושע) פרידמאַן (געב׳ נירנבערג פון לובאַר־טאָוו), האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין וואַרשע אויף „אַרישע״ פּאַפּירן. מ׳האָט זי געכאַפּט, איינגעזעצט אין פּאַוויאַק און דאָרט אומגעבראַכט.

אברהם פרידמאַן (שיעס זון), איז אַנטלאָפן אויף יענער זייט בוג און אומגעקומען אין לעמבערג.

שמעון ווישניאַ, לאַנגיאָריקער פּאָרזיצער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אָפּאָלע, שפּעטער אין קוזמיר, העברעיש־לערער — איז דערמאָרדעט געוואָרן אין קאָוועל.

טישעלמאַנס זון איז אומגעקומען אין דער פראַנצויזישער רעזיסטאַנס־באַוועגונג „מאקי״.

שאול־יעקב לעווינסאָן, שמואלס זון, איז אומגעקומען אין פּאָנאַר, ווילנע.

אין רוסלאַנד זענען געשטאָרבן, צי אומגעקומען: רבקה צוקער (יאַנקלס טאָכטער) און איר ברודער ישראל און אַנדערע.

שמואל גאָלדפּאַרב, דער זון פון יאַנקל מיטן צונאָמען „יאַפּאַנטשיק״ און זלמן אַשכנזי, האָבן איבערגעלעבט די מלחמה, אויסבאַהאַלטנדיק זיך ביי אַ באַקאַנטן פויער. שוין נאָכן קריג זענען זיי דערמאָרדעט געוואָרן דורך פויערים אין ראָגאָוו ווען זיי זענען געקומען בעטן צוריק זייערע זאַכן.

ד״ר נתן גייער, צאָן־דאָקטאָר. פון ווין, איז פון דאָרט אויסגעזידלט געוואָרן קיין אָפּאָלע און דערנאָך קיין קוזמיר. צוזאַמען מיט זיין פרוי לאה איז ער דערמאָרדעט געוואָרן אין בעלזשעץ.

ד״ר זאָפיאַ פרידמאַן פון קראָקע איז אויסגעזידלט געוואָרן קיין קוזמיר, כדי „דער־לאַנגען הילף קראַנקע יידן פון קוזמיר״, ווי מ׳האָט איר געזאָגט אין קראָקע. זי איז צוזאַמען מיט איר פאָטער פאַרשיקט געוואָרן קיין באַראַנאָוו און פון דאָרט איז ניט באַוווּסט ווי אַזוי זי איז אומגעקומען.

די דענטיסטין בלאָך איז צוזאַמען מיט איר מאַן און צווײ קינדער, דושאַ און עווא,

אַנטלאָפן פון ביאַליסטאָק קיין קוזמיר, דערנאָך קיין כאָטש, פון וואַנען מ׳האָט זיי מיט נאָך יידן אַוועק געפירט קיין טרעבלינקע.

העניעק גאָלדבערג (דער מאַן פון כעווטשע רייכמאַן) און יאָסל לעווין (איטשע־הערשס זון) זענען באַשולדיקט געוואָרן אין אָנגעהעריקייט צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. מ׳האָט זיי אַוועקגעפירט אויפן „זאַמעק" אין לובלין און דאָרט זענען זיי אומגעקומען.

טעמע באָרענשטיין איז דערשאָסן געוואָרן אין פּארכאטקע, ווען זי איז געקומען צו אַ באַקאַנטן פויער אָפּנעמען אירע זאַכן. איר טאָכטער, וועלכע האָט געהאָט „אַרישע" דאָקומענטן, איז אין באַן אַנטדעקט געוואָרן אַלס יידישע, ווען זי איז געפאָרן קיין וואַרשע. מ׳האָט זי דערשאָסן. אויף אַזאַ אופן איז אויך אומגעקומען טריינע, די טאָכטער פון שרה און ישראל־מרדכי (דער רבי).

רוזשקע קאָראַל, מלכס טאָכטער, האָט בעת דער אַקציע זיך אויסבאַהאַלטן אויפן קוזמירער בית־הקברות. מ׳האָט זי געכאַפּט און דערשאָסן.

אפרים פלאַנצער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין דעמבלין ביי אַ פויער, וועלכער האָט אים איבערגעגעבן די דייטשן פאַר 1 קילאָ צוקער און 1 ליטער בראָנפן.

באַלטשע פאָנטש מיט אירע צוויי קינדער האָבן זיך אויסבאַהאַלטן ביי אַ באַקאַנטן פויער. שוין ביים סוף פון דער מלחמה האָט מען אַלע דריי געמסרט און אומגעבראַכט.

*

פון די דריי טויזנט יידן אין קוזמיר, זענען פון די שחיטות ניצול געוואָרן עטלעכע זעכציק. עס זענען אומגעקומען גאַנצע משפחות, פון וועלכע ס׳איז נישט געבליבן קיינער...



פולה צוקר (קוראַל)

# ילדה קטנה נאבקת על חייה

בת שלוש־עשרה שנים הייתי עת פרצה מלחמת־העולם השנייה, בת למשפחה שמנתה חמש נפשות: אבא, אמא, סבתא, אח צעיר ואני בתם.

אבא גוייס לצבא וכעבור ימים מעטים בלבד נודע לנו, כי פלוגתו נפלה בשבי הגרמני. חרדנו ודאגנו מאוד לגורלו, שכן ידענו בידי מי הוא נפל. שמועות הילכו כי הנאצים רוצחים כל השבויים הפולניים ואבא נוסף להיותו חייל פולני הרי הוא יהודי. אבל באחד הערבים חזר אבא הביתה. הוא ברח מהשבי, מחופש בבגדי איכר זקן, מגודל שיער. הוא היה חלש מאוד וכוחותיו אפסו. אין לתאר את שמחתנו בראותנו אותו חי. לאחר שהחליף בגדיו וסעד את לבו החל לספר כל הקורות אותו והתנחם כי מעתה לא נפרד עוד לעולם. כך חשב אבי הטוב, כך חשבנו גם אנו בתמימותנו. אולם לא כן חשבו הגרמנים. שמועות נפוצו בעיירה, כי הנאצים זוממים להעביר את כל יהודי המקום לגיטו סגור. ואכן לא ארכו הימים ויצאה הגזרה, להתרכז בגיטו, המפקדה של משטרת הגיטו השתכנה בבית משפחת ליכטסון (ידיד משפחתנו הטוב) ולמפקדה נתמנה הרוצח שולץ, ששמו יצא לדראון עולם. כל היהודים, מקטון ועד גדול צוו לענוד סרט צהוב עם מגן־דוד והוטל עוצר על כל תושבי הגיטו מרדת הערב עד בוקר.

באחד הימים, בבקרי אצל חברתי, אלקה פיירשטיין, השתהיתי עד לאחר כניסת העוצר לתוקפו, אך כיוון שביקשתי לחזור הביתה, הורדתי את הסרט מזרועי ורצתי הביתה. לא הצלחתי, השוטרים הגרמניים תפסו אותי והובילו אותי לבית־הסוהר העירוני (די קאזע). חברתי אלקה שראתה, מבעד לחלונה, כי הגרמנים עצרו אותי מיהרה להודיע על כך להורי. מיד פנה אבי לידידו ליכטסון, שכאמור בביתו שכנה מפקדת המשטרה וזה פנה למפקד השומרים. הם הושקו יי״ש ועם בוקר חזרתי הביתה. חשבתי, כי בזאת תמו צרותי...

באחד מימי שישי (כל הגירושים הוצאו לפועל ביום שישי), ביום חרפי עז, אספו הגרמנים את כל הגברים ופקדו עליהם להרביץ איש לחברו, או להשליכו לתוך ערמות השלג וכל המתרשל במילוי פקודה זו ייענש ללא רחמנות על ידי הגרמנים. כך הם התעללו ביהודי קוזמיר במשך כל היום. לפנות ערב חזר אבא הביתה, כולו שותת־דם

בגדיו קרועים ובקושי עמד על רגליו. לנוכח מצבו פרצנו כולנו בבכי מר. אך גם עלינו, הבנות עברה הכוס. למחרת, ביום שבת, הוצאנו מהבתים ושולחנו לטאטא את הרחובות, לנקות את בתי־השימוש ולסדר את חדרי הגרמנים.

והנה הופיעו באחת השבתות בעיירתנו יהודים־פליטים מפולאבי, שהיו בדרכם למקום גירושם — אופולה. חלק מהם נמלט מעיני הגרמנים והצליח להישאר בקוזמיר — ואנו יהודי קוזמיר קיבלנו אותם בחמימות ודאגנו לסידורם בתוכנו. עיקר דאגתנו היתה — הספקת מזון בשבילם, ואף־כי בעירם הם היו ממכובדי העדה ונשואי־פנים, הרי אלינו הגיעו הם כפליטים וחסרי־כל. הודות למסירותה של המורה, הגב׳ סוניה וישניה (כיום בקיבוץ משמר־העמק) נוסד בית־תמחוי לנצרכים אלה. עזרנו לאחינו־הפליטים ככל שהיה לאל־ידנו ולא ידענו כי כבר מחר יהיה גורלנו כגורלם.

באחד הימים יצאה הפקודה, כי קוזמיר — עיר הולדתנו, עיר אבות־אבותינו — חייבת להיות מעתה „יודן־ריין״. כל תושבי העיירה היהודיים נאספו באיומים בכיכר השוק וידינו ריקות. כל התכשיטים והעדיים שלהם מסרו היהודים זה מכבר לגרמנים ככופר־נפש ועתה גזרו גם על חיינו. הרוצחים התחילו למיין ולהפריד בין בני המשפחות, ילדים נקרעו מאמהותיהם, בעלים מנשותיהם ונערות מאבותיהם. באכזריות שטנית, בפראות של חיות־טרף עשו הגרמנים את מלאכתם. המחזה קרע לבבות, הצעקות, היללות ובכי אמהות ותינוקות עלו לשמים והשמים היו חתומים. גם אני הופרדתי מהורי הטובים והיקרים ולא הוספתי לראותם עוד לעולם. גורשתי למחנה סקרז׳יסקו, שם עבדתי שתים־עשרה שעות ביממה בבית־חרושת לנשק. פעמים עבדתי במשמרות יום ופעמים במשמרות לילה. כל „הפרת משמעת״ קלה ביותר נענשה ב־25 מלקות על גוף עירום, חשדו בנו כי אנו מתעצלים בעבודה ועושים מעשי חבלה. תמיד היינו שרויים ברעב ובתשישות כוח. לא אחת הוצאנו באמצע הלילה למיסדר (אפעל), בקור, בגשם או בכפור. כך עמדנו על רגלינו עד שאפסו כוחותינו. גם המיסדר היומיומי תבע את קורבנותיו. הרוצחים חיפשו את קורבנותיהם ובאמתלה כלשהי היו מוציאים להורג בתלייה ואנו הנותרים נאלצנו לעמוד בשורה ובחיוך שכפו עלינו הסדיסטים היינו עדים לרצח. גם הסלקציות שערכו הנאצים כל יומיים הפילו חללים רבים. אלה שנתלשו מתוכנו נשלחו מיד להשמדה בתנורי הגאז. בשעת הסלקציות היתה כל אחת צובטת בלחייה, כדי שיעלו סומק כדי להיראות בריאה וחזקה ולא להשלח למוות. אכזרי הוא הרצון לחיים, עזה התאווה לחיים, ורק אדם שעמד בפני כליונם יבין לרחשי לבו של הנדון למוות!

מגפת טיפוס פרצה במחנה. גם אני חליתי וימים רבים שכבתי מחוסרת הכרה. כאשר חזרה אלי הכרתי ראיתי, כי לידי מונחת גופה מתה. בקומי ממחלתי דומה הייתי למפלצת, ראשי מגולח, גופי כחש וחיוורון פני דמה לפני מת. אז הופיעו הרוצחים לחטוף את החולים ואת ה„מחלימים״. בראותי אותם באים הצלחתי להסתתר תחת ערימת אשפה, הם דרכו עלי במגפיהם, אך לא הרגישו בי, כי צמוקה וקטנה מדי הייתי למגפיהם המסומרים.

בשלהי שנת 1943 נשלחנו קבוצת אסירות למקום חדש בשם „וארטה־וורק". נסענו בקרונות חתומים, ללא אוויר במשך שבעה ימים. כיצד הצלחנו להשאר בחיים לא אבין עד היום. בהגיענו למקום שמענו כי הצבא האדום הולך וקרב. לא האמנתי עוד בנסים ולא תליתי עוד תקוות כי אנצל. בכל זאת החל ליבי לפעום בחוזקה, ושוב נצנץ זיק של תקווה... אולי אחיה... וככל שהרוסים הלכו וקרבו, כן גברה עצבנות הרוצחים הגרמניים. שוב הם התחילו לשלוח קבוצות עצורים יהודיים לכיוון בלתי־ידוע. אני הייתי מיועדת להשלח בקבוצה שלישית. והנה, עתה החלו הגרמנים בעצמם לנוס על נפשותיהם בפני הצבא הרוסי. ב־16 בינואר 1945 הגיעו הרוסים לשערי המחנה שלנו ושוחררנו מידי הרוצחים הגרמניים. היינו שלדי־אדם, שבורים ורצוצים בגופנו ונפשנו, אך הרצון לנקום בער בתוכנו. אחדים מאסירי המחנה הצליחו לתפוס אחדים מהרוצחים שלא הספיקו לברוח ונקמו את נקמת אחיהם ויקיריהם שנפלו מידיהם.

ארצה עליתי בעליית־הנוער, בדרך „בלתי־ליגאלית". בעמדי על אדמת ארץ־ישראל נשקתי עפרה — אדמת מולדתי.

## עזרת אחים

בדצמבר 1939 גרשו הגרמנים את יהודי פולאבי לאופולה. בדרכם מלאת הסבל והעינויים, הם עברו דרך עיירתנו קוזמיר. אחדים מיהודי פולאבי הצליחו להתחמק מבין השורות ומצאו מחסה בין יהודי קוזמיר. ביניהם היתה משפחת זלוטניק. הגברת זלוטניק כרעה ללדת בבית גברלה ב„צ׳רניאווי". זאת נודע לי מפי המיילדת וולנטשיקובה, אשר סיפרה כי הגישה לה עזרה ראשונה וכן הביאה מביתה מעט חלב וסוכר ליולדת ולרך הנולד. עתה, מבקשת היא כי בני־עמה של היולדת ידאגו להמשך טיפולה. מיד פניתי לגברת סוניה וישניה ויחד עמה הלכנו לבקר אצל היולדת. לפנינו נתגלתה תמונה מחרידה: על הרצפה, על מצע של קש ושמיכה שכבה היולדת ולידה התינוק עטוף סחבות ומכוסה שמיכה קרועה, ליד היולדת מתרוצצים שני ילדיה הקטנים. בפינת החדר על שרפרף ישב בעלה, איש בשנות העמידה, מסכן, עלוב וחסר־ישע.

לבנו נצבט בקרבנו, דמעות זלגו מעינינו נוכח מצבה של המשפחה — האשה, הבעל והילדים. אך לא עת לדמעות ולאנחות היתה השעה, כי אם למעשים. הגברת וישניה נטלה את בעלה ואת שני ילדיה של היולדת אליה הביתה. בידי בעלה נתנה מזרון ממולא קש ומיצרכים חיוניים בשביל התינוק והיולדת. הגב׳ סוניה „גייסה" כמה נשים מהעיירה כדי לסעוד את היולדת וביקשה מהן לספק בגדים וכלי מיטה למשפחת הפליטים.

גם אנו, תלמידותיה של הגב׳ וישניה, עזרנו כמיטב יכולתנו — הבאנו אוכל מבושל וכיבסנו את חיתולי התינוק וכביסת הילדים. כך נמשך המצב עד לגירוש, בו גורשה גם משפחת זלוטניק — פליטי פולאבי.



פאַליע צוקער (קאַראַל)

# ברידערלעכע הילף אין געטאָ

שוין אין דעצעמבער 1939, האָט מען אויסגעזידלט אַלע יידן פון פולאַוו (פילעוו) קיין אָפּאָלע. אַ היפּשע צאָל פון זיי איז אַוועק קיין קוזמיר. אַ מאָל איז צו מיר געקומען די אַקושערקע וואַלענטשיקאָוואַ און געזאָגט, אַז איך זאָל גיין צו סאָניע ווישניאַ און זאָגן, אַז איינע אַ פּליטה, האָט ערשט ניט לאַנג געבוירן אַ קינד און אין שטוב איז ניטאָ קיין טראָפּן מילך, קיין פּיצל צוקער פאַר דער קימפּעטאָרין. כ׳בין תיכף אַוועק צו סאָניען און שוין צוזאַמען זענען מיר געגאַנגען צו דער קימפּעטאָרין. מיר האָבן דערזען אַ שרעקלעך בילד:

אויף דער פּאָדלאָגע איז אויף אַ ביסל שטרוי געלעגן די געווינערין און נעבן איר — דאָס נייגעבוירענע קינד, פאַרוויקלט אין שמאַטעס. די פרוי איז געווען צוגעדעקט מיט אַ דעק. נעבן איר זענען געווען צוויי שיינע קליינע קינדערלעך. אין אַ ווינקל אויף אַ טאַבורעט איז געזעסן אַ מאַן אין מיטעלן עלטער. דאָס פּנים האָט אויסגע־דריקט פאַרצווייפלונג און אומבאַהאָלפנקייט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז געווען אַ באַאַמטער פון אַן אונטערנעמונג אין פולאַוו, אַ מענטש וואָס האָט גוט פאַרדינט. ער איז אַנטלאָפן בעת דער אויסזידלונג און זיך פאַרהאַלטן אין קוזמיר. די משפּחה איז געבליבן כמעט אָן זאַכן, וואָס מ׳האָט געהאַט — האָבן זיי אויספאַרקויפט אין אַ קורצער צייט. זיי האָבן אָנגעהויבן הונגערן. דערצו נאָך איז ער געווען אַ שעמעוודיקער און אומ־באַהאָלפענער, יאוש האָט אַרויסגעקוקט פון זיינע אויגן.

אַז מיר האָבן דערזען די סצענע, זענען מיר אין די ערשטע מינוטן פאַרגליווערט געוואָרן. מ׳איז אָבער באַלד געקומען צו זיך. סאָניע האָט געבעטן דעם מאַן מיטגיין מיט איר און אים געגעבן אַ שעניק, אַ בעטל, אַ ביסל סוכאַרעס, צוקער, זיסוואַרג פאַר דער געווינערין און וועש פאַר די קינדער.

די קריסטלעכע אַקושערקע וואַלענטשיקאָוואַ, האָט יענעם טאָג געהאַט נאָך אַ געבורט אין אַ דאָרף. זי איז געווען זייער אַן אָרנטלעכע פרוי. זי האָט ניט פאַרלאַנגט קיין געלט פאַר איר הילף, נאָר געברענגט נאָך פון איר שטוב אַ ביסל צוקער און מילך.

דעם זעלבן אָוונט איז סאָניע אַוועק אין שטאָט, באַזוכט עטלעכע באַקאַנטע פּאַרמעג־לעכע משפּחות און צונויפגעזאַמלט אַ ביסל שעניקעס, וועש פאַרן ניי־געבוירענעם און פּראָדוקטן.

חוץ דעם האָט סאָניע זיך אָפּגעשמועסט מיט עטלעכע פרויען, אַז יעדע פון זיי זאָל געבן איין מאָל אין וואָך אַ מיטאָג פאַר די 4 מענטשן. עס וואָלט שווער געווען די זאַך אַדורכצופירן, ווען ניט דער פאַקט, וואָס זי האָט שטענדיק געהאַט צו איר דיספּאָזיציע עטלעכע מיידלעך, וועלכע האָבן איר גערן געהאָלפן. סאָניעס געוועזענע שילערינס האָבן זיך אונטערגענומען אַוועקצוטראָגן די מיטאָגן. מיר האָבן געמאַכט אַ רשימה און יעדן טאָג זענען אַנדערע צוויי מיידלעך געגאַנגען מיט די טעפּלעך צו דער פרוי, וועלכע האָט אין באַשטימטן טאָג געדאַרפט געבן דאָס עסן. דערנאָך האָט מען דעם מיטאָג אַוועקגעטראָגן אויף טשערניאַוווע, ווו די משפּחה האָט באַקומען אומזיסט אַ דירה.

איצט, נאָך אַזוי פיל יאָרן, טראַכט איך וועגן די דאָזיקע יונגע מיידלעך מיט אַ סך דאַנקבאַרקייט און גערירטקייט. זיי האָבן מיט מסירת־נפש געהאָלפן דער אומגליקלעכער משפּחה. אין שטאַרקע רעגנס, צי אין שניי־זאַווערוכעס, זענען זיי שטענדיק, ווי אַ זייגער, געגאַנגען מיט די קישלעך עסן אויף דער טשערניאַוווע, כדי אין דער צייט צושטעלן די שפּייז. טיילמאָל, זייענדיק פאַרקילט, בעת די עלטערן האָבן ניט דערלויבט זיין זאָלן אַרויסגיין פון שטוב, — האָבן זיי געביטן די ריי מיט זייערע חברטעס, נאָר שטענדיק — צוויי צוזאַמען.

דאָס טראָגן עסן האָט געדויערט גענוג לאַנג. אַפילו שפּעטער, ווען מען האָט געעפנט אַן אומזיסטע קיך פאַר פּליטים, האָט מען געטראָגן עסן דער משפּחה. מיר האָבן געוווסט, אַז קיינער פון דער משפּחה קען ניט שטיין אין דער ריי צו באַקומען די זופּ אין קיך.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז צו דער משפּחה צוגעקומען נאָך אַ בכבודיקע משפּחה פּליטים פון סאָקאָלאָוו. מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז זיי הונגערן, נאָר זיי שעמען זיך צו גיין נאָך דער זופּ אין קיך. ווען סאָניע האָט וועגן דעם גערעדט מיט אונדזערע מיידלעך, האָבן זיי געזאָגט: „דערליידיקט נאָר מען זאָל אונדז געבן עסן, וועגן צושטעלן עס די נויטבאַדערפטיקע — דאַרפט איר זיך ניט זאָרגן. מיר האָבן אַפילו נאָך עטלעכע חברטעס, וואָס וועלן גערן העלפן".

נאָך עטלעכע פרויען האָבן אָנגעהויבן קאָכן פאַר „אונדזערע" משפּחות און אַנדערע מיידלעך האָבן פונאַנדערגעטראָגן די מיטאָגן.

געקאָכט מיטאָגן האָבן די פרויען: סאָניע ווישניאַ, באַשעלע פּייערשטיין, מאַניע פּייערשטיין, ביילע ציטרין, רחל זאַנשיין, הינדע בראָמבערג, פייגע גאָלדבוים, הינדע גוטמאַן א"אַנד.

ווען איך דערמאָן די פרויען, וועלכע האָבן געשענקט מיטאָגן, מוז איך דערמאָנען ביילע ציטרין, די טאָכטער פון יצחק לעווינסאָן. אַלע האָבן זיך באַמיט צו געבן זעטיקע

מאָלצייטן, נאָר זי האָט עס געמאַכט בעסער און קלוגער פון אַנדערע. למשל, ווען ס'איז געקומען איר ריי אין שבת, האָט זי צוגעגרייט אַ טשאָלנט אין אַ קוגל אין אַ באַזונדער טעפּל, כדי די קינדער זאָלן ניט עסן קיין קאַלטן טשאָלנט. ווען סאָניע האָט זיך דערפון דערוווּסט, האָט זי זיך ניט געשעמט און איר ריי באַשטימט אַלע מאָל אין שבת. אויך הינדעלע גוטמאַן האָט זיך אויסגעצייכנט מיטן צוגרייטן באַטעמטע מיטאָגן — און מיט אַ ברייטער האַנט.

לײדער, איז אויסער סאָניע ווישניאַ, קיינער פון די דאָזיקע פרויען ניט געבליבן לעבן.



בן עופרה ושושנה

## אווה חוזרת לחיק עמה ומשפחתה

בורסקאי היה בעיירתנו קוזמיר ולו ילדה קטנה, בת שנתיים, בשם אווה. לאחר כיבושה של קוזמיר על־ידי הנאצים וחיסול הגיטו בשנת 1942, היתה דאגת הוריה נתונה אך להצלתה. לכן נמלטו מעיירתם וביקשו מיקלט בעיירה טארלוב, בסביבות ראדום. אך כאן נוכחו לדעת כי כלתה הרעה ואפסה התקווה להינצל מכפות חיות הטרף הנאציות. אך את בתם הקטנה ביקשו ההורים להציל בכל מחיר. לכן מסרה אותה אמא של אווה לזוג זקנים נוצריים בשם גורצקי — כנכדתם. ואכן משפחת גורצקי ראתה באווה את נכדתם וחינכוה ברוח הנצרות האדוקה, ברוח הקאתוליות. אף אווה חיבבה את הזקנים ולא ידעה כי בת ישראל היא. לא חסר לה דבר בבית משפחת גורצקי, פרט לאהבת אם־הורתה, שהרי פעוטה מדי היתה לחוש ולהבין אהבת אב־ואם, אהבת הורים יהודיים. אולם ליבה לא ידע שלווה, מבלי דעת מדוע צבט ליבה ולא מצא מנוח.

בתום המלחמה, החל איש הסוכנות היהודית שישב בפולין בימים ההם להתחקות אחר עקבות ילדים יהודים, שהוריהם מסרום למשפחות נוצריות, כדי להצילם מכליון בידי הנאצים. איש הסוכנות עלה גם על עקבות אווה.

את אווה נכון היה לאמץ גיסו של איש הסוכנות, ניצול השואה, שכל משפחתו אבדה לו במבול הדמים ושנשא אשה שנייה. האיש פנה למשפחת גורצקי

בבקשה לקבל לידיו את אווה, בהציגו עצמו כאביה, שכן את אווה מסרה אמה ואת אביה הם לא הכירו. כמובן שהזקנים לא אבו לשמוע את בקשת האיש, בטענה כי הם חינכוה, גידלוה ואין הם רוצים להפרד ממנה. אז פנה האיש לכומר המקומי בבקשה לסייע לו לקבל את אווה מידי הזקנים... אז התערב הכומר ולאחר שידולים רבים נאותו הזקנים להפרד מאווה ולמסרה למשפחתה. אבל אווה לא רצתה להיפרד מהזקנים שבביתם היא מצאה מקלט ולחם. לא הועילו השידולים והפיתויים אווה נלקחה בניגוד לרצונה לבית מאמצה. במר ליבה מצאה הילדה תנחומים בכנסיה ובפני האיקונין שטחה תחינתה כי יצילוה מידי היהודים.

לא בנקל התרגלה אווה לביתה החדש, היהודי וגם מאמציה לא רוו ממנה רוב נחת...

משפחתה המאמצת החליטה לעלות ארצה. לאווה לא נאמר יעד נסיעתם ורק זאת אמרו לה, כי יוצאים הם לטיול בחוץ־לארץ. גם דרכון בשם בדוי — בורשטיין — הוכן לה ורק באניה הוגד לה כי היא אינה בתם, אך הוציאוה מידי משפחת גורצקי הנוצרית, כדי להחזירה לעמה, ובבואה לארץ־ישראל הוסיפו — היא תימסר לבית־יתומים. מובן, שדברים אלה זיעזעו מאוד את הילדה, והיא טענה כי רימוה, שכן היא מובאת לפאלשטינה, ארץ זרה ורחוקה לה לחלוטין. אך שיחק מזלה כי באניה נסע שליח התנועה הקיבוצית ושידל אותה ללכת לקיבוץ לתקופה מסויימת ואם חיי הקיבוץ ימצאו חן בעיניה תישאר בו ולא — חופשיה היא לעשות כאוות נפשה. אווה הסכימה להצעת השליח ובאה לקיבוץ. קשה היה לה בימים הראשונים, זרה להווי הקיבוצי, מנוכרת מעמה. חברי הקיבוץ הרעיפו עליה שפע של חיבה, ביקשו לקרבה, להיטיב עימה ומשפחה אחת אימצה אותה. אבל אווה לא מצאה לה מנוח, נפשה לא ידעה שלווה. גם בלילות נדדה שנתה ושעות ארוכות בילתה בחוץ, לאור הירח או בחשכת הלילה, כי עצוב ומר היה ללבה הצעיר. אבל המשפחה המאמצת בקיבוץ ראתה את סיבלותיה של אווה ונפשם נקשרה בנפש הנערה הצעירה. הם לא הניחו לה לבדה, טיפלו בה וביקשו להעניק חום אימהי שכה ביקשה אווה בלבה.

חלפו שנים. אווה גויסה לצה״ל ונקלטה יפה במסגרת החדשה. בחיפה עבדה כמזכירה אצל קצינת העיר. היא מצאה בקצינה ידידה נאמנה. באחד הימים ביקשה אווה לספר לקצינה את קורות חייה, אך הדבר היה למעלה מכוחותיה הנפשיים של הנערה, היא לא יכלה לגולל את כל פרשת חייה בפני הקצינה. לכן נתנה לה אווה את יומנה האישי לקרוא בו.

באחד הערבים, בעת שהקצינה קראה ביומן באה לבקרה ידידתה, שולמית־מיטה נובודבורסקי (בתה של סוניה וישניה). הקצינה סיפרה לידידתה על יומנה של אווה, בהוסיפה כי קריאת היומן גורמת לה צער רב. אז ביקשה שולמית־מיטה לעיין בו, כי הרי לא זרים לה נושאי יומנים של בנות יהודיות בימי השואה. שולמית קראה: „שמי אווה — שם משפחתי לא ידוע לי, אך יודעת אני כי אח מבוגר היה לי, שקראו לו

הניו. אמי היתה רוקמת, וכל זאת יודעת אני מפי הסבתא גורצקי..." שולמית קראה את הדפים. פרטי היומן נחרתו בזכרונה של מיטה וסיפרה אותם לאמה — סוניה וישניה. גם האם החלה להתעניין בנערה וביקשה להיפגש עם אווה, בקיבוצה, משמר־העמק. סוניה שהיתה מורה של ילדי קוזמיר שאלה לפרטי־פרטים על ביתה ועברה של אווה, אולם טרם יכלה לוודא דבר, אם כי בלבה נטתה להאמין כי יודעת היא מי הוריה של אווה. אך משראתה סוניה אצל אחותה פולה את תמונת אמה של אווה, ידעה כי היא בתם של רחל ונחום זונשיין. אולם מוזר היה בעיניה הדבר מדוע אווה נושאת השם בורשטין. בביקוריה הנוספים של אווה אצל סוניה, סיפרה הצעירה פרטים נוספים על משפחתה כפי ששמעה אותם מפי הסבתא גורצקי. סבתא גורצקי סיפרה לאווה, כי אביה היה בורסקאי לפני המלחמה וכי עבד בקהילה היהודית (הכוונה ליודנראט). כן סיפרה סבתא גורצקי כי בנה שהיה מזכיר מועצה (גמינה) בחוטשה, היה ידידו של מזכיר המועצה שהיה ידידו של זונשיין. כמובן, שדבר זה הקל מאוד לקבוע את זהותה של אווה, כבתם של רחל ונחום זונשיין. רק פרט אחד היה תמוה בעיני סוניה; על שום מה נושאת אווה את השם „בורשטין"? שכן הכירה סוניה את כל יהודי קוזמיר וכן הפליטים היהודיים שנקלעו לעיירתה בשנים 1940—42 ואין היא זוכרת איש בשם זה.

לאחר חיפושים רבים נפגשה סוניה עם איש הסוכנות שטיפל בעלייתה של אווה, ומפיו נודע לה כי המשפחה שקיבלה את אווה מידי משפחת גורצקי נתנה לה את השם „בורשטין", כי לא ידעו את שמה האמיתי. אך סוניה לא הסתפקה אף בגילוי זה ולשם הסרת כל ספק מן הלב מסרה סוניה את תמונות אביה ואמה של אווה, אותן קיבלה מידי קרובי המשפחה של הנערה, לבדיקה מיקרוסקופית לצלם מומחה, ואכן, תצלומי אביה ואמה של אווה בצעירותם גילו דמיון רב ביותר לקלסתר פניה של אווה. נוסף לכך ביקשה סוניה פרטים על משפחת זונשיין אצל משפחת גורצקי ואלה סייעו להסיר כל ספק ולוודא את זהותה האמיתית של אווה.

אווה חזרה לעמה ולמשפחתה. היא מצאה קרובי משפחה רבים בארץ ובתפוצות, ואף ידעה מי הם הוריה שניספו בשואה ולאחר שסיימה את שירותה בצבא נישאה אווה לבחיר־ליבה, אף בן נולד להם וכך הקימה בת השואה בית חדש בקבוץ, בישראל.



פיניע שניידערמאַן / פלעמינגטאָן, ניו־דזשוירזי

# פאַרצייכענונגען פון מבול

1

ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט קלינגען, געדענק איך אָבער קלאָר, אַז דעם אויסברוך פון קריג האָב איך אויפגענומען קאַלטבלוטיק, ווי נישט מיך וואָלט מען געמיינט, אָן שום פאַראַנונג וואָס אונדז דערוואַרט.

גאַנץ מעגלעך, אַז די סיבה דערפון איז געווען וואָס אין די לעצטע יאָרן פאַרן קריג, זענען ביי אונדז אין שטעטל די באַדינגונגען געווען אַזוי קלאָגעדיק, אַז קיינער האָט נישט געהאַט קיין אויסזיכטן אויף אַ בעסער לעבן. די נאַצי־פעסט האָט זיך טיף איינגעוואָרצלט אין פוילישן פאָלק און מיר האָבן עס געפילט שטאַרקער פון טאָג צו טאָג. אַפילו אין קוז־מיר, ווו די באַציאונגען צווישן יידן און פאָליאַקן זענען געווען פיל בעסער, ווי אין די גרעסערע שטעט. אונדזער יוגנט האָט דעריבער געוואַרט אויף עפּעס אַן ענדערונג. און אָט איז זי געקומען — ס׳איז אויסגעבראָכן די מלחמה...

דעם 8טן סעפּטעמבער 1939, האָב איך זיך פרייוויליק געמאָלדן אין דער אַרמיי. מען האָט מיך גלייך אָנגענומען און אַוועקגעשיקט קיין דעמבלין. אין דעם מיליטערישן לאַגער האָט געהערשט אַ כאַאָס און באַלד האָבן זיך אָנגעהויבן שרעקלעכע באָמבאַרדירונגען. בייטאָג און ביינאַכט זענען באָמבעס געפאַלן איבער די קאַזאַרמעס.

נאָך עטלעכע טעג, בין איך אָפּגעשיקט געוואָרן אויף מזרח, אויפן זאַמאָשטשער פראָנט, ווו איך האָב אָנטייל גענומען אין שווערע קאַמפן, ביז וואַנען די רוסן זענען אָנ־געקומען און אונדזער אָפּטיילונג איז אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט.

עס געלינגט מיר צו באַפרייען זיך פון דער געפאַנגענשאַפט און זיך דורכצורייסן קיין לעמבערג. אַ דאַנק דער הילף פון מיינעם אַ חבר, האָב איך באַקומען אַרבעט: פאַריכטן שינעס אויף אַ באַן־סטאַציע. די אַרבעט איז געווען שווער און די לעבנס־באַדינגונגען גאָר שלעכט. מיר האָבן געוווינט אין אַ שול, אַן ערך פינף הונדערט מאַן, אין שרעקלעכער ענגשאַפט און שמוץ, די לייז זענען ממש געקראָכן אויף די ווענט. איך האָב באַשלאָסן צו אַנטלויפן.

איך האָב געגומען וואַנדערן איבער סטאַניסלאַוואָו, קאָלאָמיי, שניאַטין — ביז קוטא. מיין ציל איז געווען זיך אַריבערצוקריגן קיין רומעניע. איך האָב אָבער נישט געהאַט קיין געלט צו דינגען אַ פירער, וואָס זאָל מיט מיר שוואַרצן די גרענעץ, ווי דאָס האָבן געטאָן פיל פּליטים. מיט נאָך צוויי חברים האָבן מיר באַשלאָסן צו ריזיקירן און אַליין שמוגלען די גרענעץ.

ס'איז אָבער נישט געלונגען. ווען מיר האָבן זיך געפונען אויף די שפּיצן פון די קאַרפּאַטן, האָבן אונדז די רומענער געכאַפּט. מיר זענען אָפּגעזעסן צוויי טעג ביי דער גרענעץ־וואַך, דאַן האָט מען אונדז געשיקט צוריק און די סאָוויעטיש־אָקופּירטע פּוילישע געביטן.

איך האָב זיך אַרומגעוואַלגערט אַ צייט, אָן שום אויסזיכטן צו באַקומען אַרבעט און נישט זעענדיק קיין אַנדערן אויסוועג, האָב איך באַשלאָסן זיך צו פאַרשרייבן אין אַ טראַנספּאָרט אָפּגעשיקט צו ווערן טיף אין רוסלאַנד, אין די קוילן־גרובן פון דאָנבאַס. אומזיסט האָב איך אָבער געוואַרט אויף דעם טראַנספּאָרט — און גענומען ווייטער וואַנדערן.

אין ביאַליסטאָק האָב איך צופעליק געטראָפן אַ חבר פון דער היים, וועלכער האָט מיר איבערגעגעבן אַ לעבעדיקן גרוס פון די עלטערן. ער האָט מיר דערציילט, אַז אַלע לעבן און זענען געזונט, אָבער זיי זאָרגן זיך שטאַרק וועגן מיר און זייער גרעסטער ווונטש איז מיך זען נאָך אַ לעבעדיקן.

דער דאָזיקער גרוס פון מיין היים האָט מיך שטאַרק גערירט. איך האָב באַשלאָסן פאַר יעדן פּרייז זיך דורכצורייסן אויף דער דייטשער זייט און זען מיינע עלטערן. דאָס איז געווען זייער אַ ריזיקאַלישע אונטערנעמונג. נישט איין ייד, וואָס האָט געשמוגלט די גרענעץ, האָט פון די דייטשע פּאָסטנס באַקומען א קויל אין קאָפּ. און דאָך האָב איך גענומען גיין צו דער גרענעץ.

עס איז מיר געלונגען. צוויי אַ זייגער ביינאַכט בין איך אַדורך די גרענעץ, דאַן געלעגן אין אַ וואַלד ביז זעקס אין דער פרי, און זיך געלאָזט ווייטער אין וועג אַריין, אין דער ריכטונג פון לובלין. יידן האָבן נישט געטאָרט פאָרן מיט דער באַן. איך בין צוויי טעג געגאַנגען צופוס, ביז איך האָב זיך דערשלעפּט קיין לובלין. דורך די צוויי טעג האָב איך דערזען דעם גאַנצן אומגליק אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע.

איך האָב נישט געטראָגן קיין געלע לאַטע אויף די פּלייצעס און די נאַציס האָבן מיך נישט געטשעפּעט. איך האָב זיך בלויז אויסגעהיט, אַז אַ פּאָליאַק זאָל מיך נישט דער־קענען, אַז איך בין אַ ייד. אין לובלין האָב איך אומזיסט געזוכט אַ ייד. אין די גאַסן האָט מען געכאַפּט אויף אַרבעט און יידן האָבן זיך פאַרשטעקט אין די לעכער. דער וואָס איז געכאַפּט געוואָרן אויף אַרבעט, איז צוריק געקומען אַ צעשלאָגענער, מיט אַ צעבראָכענער האַנט אָדער פוס, אָדער מיט איין אויג.

דער וועג קיין קוזמיר איז פול געווען מיט מיליטער. איך האָב געטראַכט, אַז אין קוזמיר איז נישט מעגלעך צו לעבן. אָבער ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז אין די קליינע שטעטלעך פון אָנהייב געווען בעסער, ווי אין די גרעסערע שטעט.

2

די גאַנצע משפחה האָט מיך אויפגענומען מיט גרויס פרייד. מען האָט נישט געגלייבט, אַז איך לעב. פינף חדשים האָבן זיי נישט געהאַט קיין ידיעה פון מיר.

איך האָב דערקלערט מיינע עלטערן, אַז נאָך דעם וואָס איך האָב געזען, וואַנדערנדיק איבער פוילן, האָב איך באַשלאָסן פאָרן צוריק אויף דער סאָוויעטישער זייט, אָבער איך וויל מיטנעמען עמיצן פון מיינע ברידער. זיי האָבן פרובירט מיך איבערצייגן, אַז איך זאָל בלייבן מיט זיי, אַז דערווייל לעבט זיך נישט שלעכט, מען פאַרדינט בעסער ווי פאַרן קריג, פאַר יעדן שטיקל סחורה באַקומט מען פאַנטאַסטישע פרייזן. איך האָב זיך געלאָזט צורעדן און געבליבן דערווייל אין דער היים.

נאָך עטלעכע טעג, האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן נייע פאַראָרדענונגען: יידן מוזן טראָגן בענדער אויף דער רעכטער האַנט, יידן טאָרן נישט אַרויסגיין אין גאַס אָן אַ דער־לויבעניש, יידן מוזן אָפּגעבן זייערע געשעפטן. עס ווערט געשאַפן אַ יודענראַט; יידן מוזן גיין אויף צוואַנג־אַרבעט.

די פאַראָרדענונגען האָט מען געמוזט אויספירן מיט דער גרעסטער פינקטלעכקייט, פאַר יעדער פאַרלעצונג דראָט אויסזידלונג. פלוצים איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז אין פולאַווו איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ פאַראָרדענונג, אַז די דאָרטיקע יידן מוזן פאַרלאָזן די שטאָט אין משך פון 24 שעה. עס ווערט אַ מהומה אין שטעטל. יידן זוכן אַ וועג צו אינ־טערווענירן ביי דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט, אַז דאָס זעלבע זאָל נישט געשען אויך אין קוזמיר.

דער פּרעזעס פון יודענראַט אין פולאַוו, אַדלער — דירעקטאָר פון דער יידישער גימנאַזיע — איז אַוועק צום בירגערמייסטער שראַדזקי, וועלכער האָט זיך דערקלערט פאַר אַ פאָלקסדייטש. שראַדזקי האָט צוגעזאָגט צו פּרובירן עפּעס טאָן, אָבער פריער מוזן די יידן אָפּגעבן דאָס גאַנצע גאָלד וואָס זיי באַזיצן. די פרויען האָבן אָפּגעגעבן זייער צירונג וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, גלייבנדיק, אַז דערמיט וועט מען אויסמיידן די אויס־זידלונג.

פרייטיק אין דער פרי, סוף דעצעמבער 1939, האָט זיך אָנגעהויבן די אויסזידלונג פון די פולאַווער יידן. עס איז געווען אַ שטאַרקער פראָסט. קיין פולאַוו זענען אָנגעקומען 200 ס.ס.־לייט מיט מאַשינגעווער, אויף פערד און מאָטאָציקלען, און גענומען אַרויסטרייבן אַלע יידן פון די שטובן. יונג און אַלט, געזונטע און קראַנקע, זענען אַרויסגעשלעפּט געוואָרן אין גאַס אַריין, אַזוי ווי זיי שטייען און גייען, ווער אָנגעטאָן, ווער אין אונטערוועש.

קיין שום זאַכן האָט מען נישט געטאָרט מיטנעמען. אַלע זענען אויסגעשטעלט געוואָרן מיטן פּנים צו דער וואַנט — און אַזוי האָט מען זיי געלאָזט שטיין במשך פון צוויי שעה. די וואָס מען האָט געפונען אויסבאַהאַלטן אין דער היים, זענען אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן.

די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון פולאַווו איז דעמאָלט אַרויסגעטריבן געוואָרן קיין אָפּאָלע. אויפן וועג זענען פיל קינדער ווי אויך דערוואַקסענע פאַרפרוירן געוואָרן. אין פולאַווו האָבן די פּאָלאַקן זיך גלייך גענומען רויבן די יידישע וווינונגען. נישט איינער האָט באַצאָלט דערפאַר מיטן לעבן. די דייטשן האָבן אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, נישט צו רירן קיין זאַך, ווייל אַלץ געהערט צו זיי און נישט צו די „פּאָלנישע שווינע"...

3

די יידן אין קוזמיר זענען באַהערשט געוואָרן פון אַ פּאַניק. די פּאָליאַקן האָבן פאַרשפּרייט ידיעות, אַז בקרוב וועט מען אויך די קוזמירער יידן אַרויסטרייבן קיין אָפּאָלע. פוילישע „גוטע פריינד" זענען געקומען אין די שטובן און צוגערעדט צו פאַרקויפן די זאַכן, ווייל סיי ווי וועט מען מוזן אַלץ איבערלאָזן. „און אויב איר ווילט נישט פאַרקויפן", האָבן זיי געטענהט, „גיט אונדז אַוועק, וועלן מיר עס פאַר אייך באַהאַלטן". אַזוי אַרום האָבן די פוילישע שכנים אויסגענאַרט ביי אונדז דאָס גאַנצע ביסל האָב־און־גוטס.

דער פּרעזעס פון יודענראַט, חיים פייערשטיין, האָט געפּרוּווט באַרויקן די פאַרצווייפלטע יידן, וועלכע האָבן נישט געוואָלט אַרויסגיין צו דער אַרבעט. „זייט רואיק — האָט ער דערקלערט — איך ווייס פון די זיכערסטע קוועלן, אַז אויב מיר וועלן ווי געהעריק אַרבעטן, וועלן מיר בלייבן אויפן אָרט. די פולאַווער יידן האָבן נישט געוואָלט אַרבעטן, האָבן זיי זיך אויסגעריכט אַ שוואַרץ יאָר".

ער האָט גלייך גענומען אָרגאַניזירן אַ יידישע פּאָליציי און אַלס קאָמענדאַנט באַשטימט בערל קירשענבוים, אַ פּעיקער בחור, וועלכער רוקט זיך גלייך אַרויס אַלס דער פירער פון שטעטל. דורך פאַרשידענע אינטריגעס, האָט ער זיך איינגעקויפט צוטרוי ביי די ס.ס.־לייט.

קירשענבוים איז געווען מיינער אַן אַלטער חבר. אַ געוויסן טאָג האָט ער מיך געלאָזט וויסן, אַז די וואָך וועלן פאַרקומען גרויסע אַבלאַוועס, מען וועט כאַפּן יידן און זיי אָפּשיקן צו דער רוסישער גרענעץ צו בויען אַקאָפּעס. מיר האָבן באַשלאָסן צו האַלטן אַ וואָך ביינאַכט, און אויב עס וועט זיך עפּעס אָנהייבן, וועט מען גלייך אַלעמען אויפוועקן און לויפן זיך באַהאַלטן אין וואַלד אַריין.

דאָס איז געווען אין די ערשטע טעג פון מאַי. אַרום 5 אַ זייגער פאַרטאָג, האָט אונדז אויפגעוועקט אַ געשיסעריי אין גאַס. איך בין גלייך אַרויסגעלאָפן און דערזען, אַז דאָס גאַנצע שטעטל איז אַרומגערינגלט מיט ס.ס.־לייט און זשאַנדאַרמעריע. אין די געסלעך

קומט פאָר אַ ווילד געיעג, מען שלעפּט אַרויס פון די הייזער. איך בין שנעל אַרויסגעלאָפן דורך דער הינטערשטער טיר אין גאָרטן אַריין, כדי צו זען, צי עס איז דאָ אַ פרייער וועג. די קלאַשטאָרנע גאַס איז געווען פוסט און איך האָב באַשלאָסן, אַז פון דאַנען וועט מען קענען לויפן אין וואַלד. איך בין שנעל אַרויפגעלאָפן אין שטוב און געזאָגט, אַז מיר אַלע וועלן גלייך אַרויס פון דאַנען. אַכט מענער זענען מיר אַרויסגעגאַנגען איינער נאָכן צווייטן. ווען אַלע זענען אַרויס, האָב איך באַשלאָסן צו לויפן צום זיידן, כדי אים אויך אַרויסצוראַטעווען. ער האָט געוווינט אין געטאָ, אויף דער נאַדזשעטשנע גאַס און דאָרט האָט מען בכלל נישט געוווּסט, וואָס עס קומט פאָר.

ווען איך בין אַריבערגעשפּרינגען די פאַרצוימונג פון גאָרטן, האָב איך פּלוצים דערהערט הינטער מיר אַ ווילד געשריי: „האַלט! האַלט!”. גלייך נאָך דעם האָב איך דערהערט אַ שאָס. איך בין צוגעפאַלן צו דער ערד און דערפילט אַ שטאַרקן קלאַפּ אין קאָפּ. אויף אַ ווײַלע האָב איך פאַרלוירן דאָס באַוווּסטזיין. קומענדיק צו זיך, האָב איך דערהערט אַ געשריי: „אויפשטיין, פאַרפלוכטער יודע!”. איך בין אויפגעשטאַנען און מען האָט מיך אָפּגעפירט צום מאַגיסטראַט און אָפּגעשלאָסן אין אַ קאַמער, ווו עס זענען שוין געווען פיל אַנדערע יידן.

מיר זענען דאָרט געזעסן ביז אַרום 12 אַ זייגער, ווען דאָס כאַפּן האָט זיך אָפּגעשטעלט. סך־הכל האָבן די דייטשן געכאַפּט אַרום 80 מענער. ס׳רוב אַלטע און קראַנקע, ווייל די יונגע האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן איבער די בערג און זיך אויסבאַהאַלטן אין וואַלד. פון דער גאַנצער גרופּע האָט מען אויסגעקליבן 17 פּערזאָן, די ייִנגערע און קרעפּטיקע, און מען האָט אונדז גלייך אָפּגעשיקט קיין פּולאַווו.

אויפן פּלאַץ אין פּולאַווו זענען געווען צונויפגעטריבן אַרום צוואַנציק טויזנט יידן פון דער גאַנצער געגנט. אַלע זענען געזעסן אויף דער ערד און געוואַרט וואָס וועט זיין ווייטער. ענדלעך האָבן די נאַציס דורכגעפירט אַ סעלעקציע און די געזונטע, צווישן וועלכע אויך איך האָב זיך געפונען, זענען אַריינגעשטופּט געוואָרן אין וואַגאָנען.

4

מיר האָבן זיך אָריענטירט, אַז מיר פאָרן קיין בעלזשעץ, נעבן ראַוואַ־רוסקאַ. אַהין זענען מיר אָנגעקומען צומאָרגנס מיטאָגצייט. אונטער די שמיץ פון נאַהייקעס און שטעקנס, זענען מיר אַרויסגעיאָגט געוואָרן פון די וואַגאָנען און אָפּגעפירט אין אַ לאַגער, ווו עס האָבן זיך שוין געפונען מענטשן זינט פיר וואָכן.

אין לאַגער זענען נישט געווען קיין שום בעטן אָדער פּריטשעס, מענטשן זענען געלעגן אויף דער ערד אויף בינטלעך שטרוי, וואָס האָט אויסגעזען ווי מיסט. קיין וואַסער צום וואַשן זיך האָט מען נישט באַקומען. האָבן פיל מענטשן גענוצט אַ ביסל פון דעם האַלבן ליטער קאַווע אַ טאָג, כדי זיך אָפּצושווענקען די פינגער. קיין העמד קען מען

נישט וואַשן און די לייז זענען גרויס — ווי קיילעכדיקע אַרבעסלעך. דער לאַגער איז אַרומגעצוימט מיט אַ טאָפּלטן דראָט מיט עלעקטרישן שטראָם און יעדע צוואַנציק מעטער שטייט אַ פּאָסטן. וועגן אַנטלויפן קען נישט זיין קיין רייד.

ווען איך האָב דאָס אַלץ דערזען, בין איך געוואָרן פאַרצווייפלט. איך בין אַוועקגעפאַלן אויפן שטרוי און באַלד איינגעשלאָפן פון מידקייט.

צומאָרגנס פאַרטאָג וועקט מען אונדז אויף. מיר קריגן אַ ביסל קאַווע מיט אַ שטיקל ברויט און מען יאָגט אונדז אַוועק צו דער אַרבעט. איך האָב דערזען פאַר מיר דאָס ריכטיקע גיהנום. די היטלעריסטן האָבן נישט אויפגעהערט צו שלאָגן און שרייען. פאַר יעדער קלייניקייט ווערט מען דערשאָסן. יעדן טאָג האָבן די אויפזעער געדאַרפט ברענגען פון דער אַרבעט אַ דערשאָסענעם. אויב ס'איז אַריבער אַ טאָג אָן אַ שאָס, פלעגן זיי אין לעצטן מאָמענט פאַרן צוריק אין לאַגער, זיך אויסזוכן אַ קרבן און אים געשלאָגן, ביז דער מענטש האָט זיך נישט געקענט רירן פון אָרט — דאַן האָט ער באַקומען אַ קויל.

אָנקומענדיק אין לאַגער, פלעגט דער היטלעריסט מעלדן, אַז „דער יודע האָט צו די רוסן לאַופען וואָלען". דער לאַגער האָט זיך געפונען האַרט ביי דער רוסישער גרענעץ און פון דעם אָרט ווו מען האָט געאַרבעט, האָט מען טאַקע געקענט זען די סאָוויעטישע גרענעץ־פּאָסטנס.

איך האָב באַשלאָסן פאַר יעדן פרייז זיך אַרויסקריגן פון לאַגער. איך האָב זיך צונויפגערעדט מיט נאָך עטלעכע יונגע בחורים און מיר האָבן גענומען מאַכן פּלענער, ווי אַזוי אַנטלויפן און טאַקע וואָס פריער. איינער פון אונדזערע יאַטן איז געווען אַ שלאָסער. ער האָט אַרויסבאַקומען אַ שער איבערצושניידן די דראָטן, אָבער די דראָטן זענען געווען עלעקטריזירט. די שער מוז מען איבערציען מיט גומי. אַלץ איז פאַרטיק — און מיר באַשטימען די צייט פון אַנטלויפן: צומאָרגנס, 2 אַ זייגער ביינאַכט.

די וויכטיקסטע זאַך איז איצט געווען: אַז קיינער אין לאַגער זאָל זיך נישט דערוויסן וועגן אונדזערע פּלענער. יעדעס מאָל, ווען עמיצער איז אַנטלאָפן פון לאַגער, האָבן די דייטשן דערשאָסן פינף „הונדע". צוליב דעם, האָט איינער דעם צווייטן געהיטן, ער זאָל נישט אַנטלויפן, ווייל אַנדערע וועלן דערפאַר באַצאָלן מיטן לעבן.

צו דער באַשטימטער צייט זענען מיר אַרויס און זיך אַדורכגעגנבעט צו די דראָטן. דער חבר מיט דער צוואַנג איז געווען אַ בראַווער יונג. איידער איך האָב אַרויסגעזאָגט אַ וואָרט, איז שוין געווען אַ פרייער דורכגאַנג. מיר זענען אַרויס גלייך אין וואַלד און דאָרט געבליבן ביז אין דער פרי. דאַן האָבן מיר זיך געלאָזט אויפן וועג אַהיים.

אין דער היים האָט מען נישט געגלייבט די אייגענע אויגן, אַז איך לעב נאָך. זיי האָבן נישט געהאַט קיין שום ידיעות וועגן מיר און מיין צוריקקומען איז געווען אַן איבערראַשונג פאַר די עלטערן. מיין פאָטער האָט געזאָגט: „אויב דו ביסט צוריק געקומען פון בעלזשעץ, וועסטו שוין דעם קריג איבערלעבן..."

5

איך הייב אָן אַ ניי לעבן. אין שטעטל קאָכט זיך, ווי אין אַ קעסל. צוריק געקומען פון בעלזשעץ? דאָס איז אומגלויבלעך. יעדער איינער באַוווּנדערט מיך. צוליב דעם וואָס איך האָב שוין אַזוי פיל געליטן, באַשטימט מען מיר צו געבן אַ לייכטע אַרבעט כדי אויסצומיידן, אַז מען זאָל מיך ווידער נעמען צו צוואַנגס־אַרבעט.

איך האָב באַקומען אַ פּאָסטן אין אַרבעטס־אַמט. דאָס לעבן איז אין אַלגעמיין געוועז נאָרמאַל. בלויז פון צייט צו צייט קומען פאַראָרדענונגען, ווי למשל, דאָס איבערזידלען אַלע יידן אין די בערג, אין איבערשטן טייל פון שטאָט, ווייל אין שטאָט מאַכן יידן געשעפטן מיט די פּאָליאַקן, וואָס איז פאַרבאָטן. אָבער אין די בערג לעבט זיך די יידן בעסער, זיי האַנדלען נאָך מער מיט די פּאָליאַקן. מען גייט אין די דערפער, הגם דאָס איז נישט דערלויבט, מען ברענגט פון דאָרט פון שענסטן און בעסטן. אַ שוסטער, אַ שניידער — יעדער פאַרדינט, עס פעלט גאָרנישט.

פּלוצים, אין אַ פרייטיק, קומט אַ קאָנטראָל פון לאַנדראַט מיט באַקאַנטן נאַציאָנאַל סאַדיסט און יידנפרעסער, גהעדע. ער פירט אַדורך אַ רעוויזיע אין די יידישע הייזער אין די בערג און געפינט דאָרט פיש, הינער, פריש־געבאַקענע חלהס אויף שבת. באַלד צומאָרגנס גיט גהעדע אַרויס אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע יידן מוזן גיין צוריק אין שטאָט, אָבער בלויז אויף איין גאַס, אויף דער צווייטער זייט פון טייכל.

אין געטאָ זענען מיר געווען צונויפגעפרעסט ווי שלימאַקעס אין זייערע מושלעס. מיר זענען אָבער ווייטער אַנגעגאַנגען מיט אונדזער נאַריש לעבן אין די שטיבלעך פון דער נאַדזשעטשנאַ גאַס און „געטריבן פּאָליטיק". איינער האָט געזאָגט, אַז היטלער מוז פאַרשפּילן, אַ צווייטער האָט געהאַלטן, אַז ער וועט געווינען, אַ דריטער האָט אויסגע־פירט: „מיר זענען סיי ווי פאַרלוירן". די פּעסימיסטן האָט מען נישט ליב געהאַט אין קליינעם געטאָ און מען האָט זיי גערופן: „די שוואַרצע קראָען". אין גאָר אַ געהויבענער שטימונג איז געווען סוכער דער הויקער, וועלכער האָט זיך געוויצלט: „וואָס ווילט איר האָבן פון היטלערן, ער איז דאָך אַ טייערער מענטש, ער האָט אויסגעגלייכט אַלע יידן. איך, סוכער הויקער, און חיים פייערשטיין, זענען גלייך... ס'איז דאָך בעסער ווי פאַרן קריג. איך וווין אין די זעלבע פּאַלאַצן, ווי אונדזערע אַריסטאָקראַטן".

אַזוי האָט מען דיסקוטירט און זיך געוויצלט, ביז אַ יידישער פּאָליציאַנט איז געקומען זוכן מענטשן צו דער אַרבעט און דער עולם איז זיך צעלאָפן אין די באַהעלטענישן.

6

אַ באַזונדער קאַפּיטל מוז מען ווידמען דעם נאַציאָנאַל קאָמיסאַר גהעדע. אַ הויכער פאַרשוין, גראָב ווי אַ חזיר, מיט אַ הינטיש פּנים. ווען ער קומט קיין קוזמיר אין אַ לימו־זינע, באַגלייט פון צוויי ס.ס.־לייט, דאַרף די יידישע פּאָליציי שטיין אויף דער וואַך און

אים אַפּוואַרטן אין דעם געטאָ־געסל. אין אַ געוויסן פרימאָרגן איז גהעדע געקומען מיט אַ נייעם פּלאַן צו מאַכן צוויי אַרבעטס־לאַגערן אין קוזמיר, איינעם פאַר מענער און אַ צווייטן פאַר פרויען. אין עטלעכע טעג אַרום זענען שוין די לאַגערן פאַרטיק; איינער אין עלבוימס ברויערײַ און דער צווייטער ביים נייעם בית־עולם (עס זאָל נישט זיין ווייט צום באַגראָבן...).

אין דעם מענער־לאַגער ווערן פאַרשיקט מיינסטנס יענע יידן, וואָס מען כאַפּט אויסער דעם געטאָ, אָן דער געלער לאַטע און אַנדערע חטאים. אין דעם פרויען־לאַגער האָט מען געבראַכט אַ טראַנספּאָרט פון עסטרייך, מערסטנטייל פרויען, וועלכע זענען אויסגעזידלט געוואָרן פון זייערע ווינ־ערטער און שפּעטער האָט מען זיי געכאַפּט צוריק אין דער היים.

די לאַגערן זענען נישט באַהייצט, מען ליגט אויף שטרוי און ברעטער, אין אַ פראָסט פון 25 גראַד. די אַרבעט איז שווער, מען האַקט אייז אויף דער ווייסל. די עסטרייכישע פרויען שטאַרבן מאַסנוויין. יונגע, שיינע פרויען, נישט עלטער ווי פערציק יאָר, גייען פון דער וועלט. דאָן ברעכט אויס אַ טיפוס־עפּידעמיע — און דער לאַגער ווערט ליקווידירט.

קורץ פאַר דער ליקווידאַציע, האָט אין לאַגער פּאַסירט אַזאַ געשיכטע: איינער פון די יידישע פאַראַרבייטער האָט זיך געלאָזט פאָטאָגראַפירן מיט דעם קאָמענדאַנט פון לאַגער, דער פּאָליאַק יאַלאַק. אין מאָל ווערט דער קאָמענדאַנט רעווידירט דורך גהעדען, וועלכער געפינט ביי אים דאָס דאָזיקע בילד. ער באַשטראָפט דעם גאַנצן לאַגער, — אַלע מוזן שטיין נאַקעט אויפן אַפּעל אַ גאַנצן טאָג. מען ברענגט דעם פאַראַרבייטער, יצחק קירשענבלאַט פון לובלין, און אין דער אָנוועזנהייט פון גאַנצן לאַגער, ציילט מען אים אויס אויפן נאַקעטן לייב פינף און אַכציק שמיץ מיט אַ גומי. ביי דרייסיק ווערט אים שלעכט, די קאַפּאָס גיסן אויף אים עמערס וואַסער און גהעדע ציילט ווייטער. אַ האַלב טויטן וואַרפט מען אים אַריין אין קעלער אויף אַכט טעג, אָן עסן.

אין מערץ 1942 קומט גהעדע מיט זיין גאַנצן שטאַב קיין קוזמיר און עס פאַלט ווי אַ דונער דער באַפעל:

„אַלע יידן פון קאַזשימיעזש, יונג און אַלט, מענער, פרויען, קינדער, און קראַנקע, אַלע ווי איין מאַן, דאַרפן שטיין אויפן מאַרק צען אַ זייגער אין דער פרי. וועמען איך וועל געפינען אין שטוב, וועט דערשאָסן ווערן“.

אין שטעטל ווערט אַ בהלה. מען האָט שוין געהערט וואָס עס האָט פּאַסירט אין לובלין און אין אַנדערע שטעט. איינער האַלט, אַז עס מיינט גאָרנישט, דער צווייטער שרייט אין פאַרצווייפלונג, אַז מיר אַלע זענען פאַרלוירן. מען פרעגט איינער דעם צווייטן, וואָס זאָל מען מיט זיך מיטנעמען, וואָס זאָל מען טאָן מיטן געלט, מיטן צירונג, זילבערנע לייכטער, מיט די קליידער. מיין פאָטער האַלט, אַז מען דאַרף אַלץ איבערלאָזן. אויב מען

וועט אונדז איצט אַוועקשיקן, איז אַלץ איינס, דאָס גאַנצע פאַרמעגן איז סיי ווי גאָרנישט ווערט.

צו דער באַשטימטער צייט זענען אַלע יידן געשטאַנען אויפן מאַרק. אַ טראַגיש בילד — די קינדער וויינען, ווי זיי וואָלטן אינסטינקטיוו געפילט, וואָס זיי דערוואַרט. די קראַנקע האָט מען אַרויסגעשלעפּט פון די בעטן און קוים וואָס זיי האַלטן זיך אויף די פיס. יעדע מינוט איז אַן אייביקייט. ענדלעך באַווייזט זיך דאָס הינטישע געזיכט פון גהעדען. מיט אַ סאַדיסטישן שמייכל הייבט ער אָן זיין רעדע:

„יודען־דרעק פון קוזמיר! איר האָט זיכער געהערט, וואָס עס האָט פּאַסירט אין וואָנוואָלניצע. די יידן האָבן אונדזערס אַ מאַן געשאָסן, האָב איך הונדערט יידן אין וואָנ־וואָלניצע דערשאָסן און די איבעריקע אויסגעזידלט. אָן שום געפּעק. איר ווערט אויך אויסגעזידלט, אָבער איר קענט אייך אַלץ מיטנעמען. מען וועט אייך אַרויספירן אין דריי טראַנספּאָרטן. אין דער ערשטער גרופּע פאָרן די קראַנקע, דאַן די וואָס אַרבעטן נישט, און דאַן דער יודענראַט און די פּאָליציי. די וואָס ווילן בלייבן אין שטאָט, קענען קומען אין לאַגער. די פּאָליציי וועט דאָס אַלץ דורכפירן”.

גהעדע פאָרט אַוועק און אין שטעטל איז חושך. מען וויינט און קלאָגט. יעדער וויל פאַרקויפן זאַכן. ווי פון אונטער דער ערד, וואַקסן אַרויס פּאָליאַקן, וועלכע פאַרנעמען גלייך די יידישע הייזער און לאָזן גאָרנישט נעמען פון שטוב. מען ראַבירט פּשוט דאָס פאַרמעגן, אָדער מען באַצאָלט גראָשנס. מען לויפט אַרום און מען זוכט „גוטע” פּאָליאַקן, אַלטע פריינד, אַז זיי זאָלן אויסבאַהאַלטן. דער ענטפער איז אָבער: „די זאַכן וועלן מיר פאַר אייך באַהאַלטן, אָבער איר מוזט גיין, ווו אַלע יידן גייען”. פיל פּאָליאַקן ענטפערן אָבער איינפאַך: „פּרעטש זשידזשיע פאַרשיווי, ראַז נאַ זאַוושע בענדזשיע קאָניעץ ז' וואַמי...” (טראָג זיך אָפּ, פאַרשיווער זשיד, איינמאָל פאַר אַלעמאָל קומט אַ סוף אויף אייך).

7

די פּאָליציי לויפט אַרום איבערן שטעטל און ווערבירט צום ערשטן טראַנספּאָרט פון פינף הונדערט יידן. קיינער וויל זיך אָבער נישט מעלדן פרייוויליק און זאָגט, אַז ער וועט פאָרן מיטן שפּעטערדיקן טראַנספּאָרט. אַרום צוויי אַ זייגער נאָכמיטאָג איז דער טראַנס־פּאָרט ענדלעך פאַרטיק און באַשטייט הויפּטזעכלעך פון פרויען, קינדער און עלטערע מענטשן.

מיינע עלטערן האָבן באַקומען אַ דערלויבעניש צו בלייבן ביזן לעצטן טראַנספּאָרט. איך בלייב, ווייל איך בין באַשעפטיקט. און מיינע ברידער האָבן זיך געמאָלדן אין לאַגער. אָבער מיין זיידע, די באָבע און מיין פעטער שלום מיט זיין פרוי און קינד — מוזן פאָרן. איך פּרוּוו אינטערווענירן, אָבער אָן רעזולטאַט.

דער זיידע פילט זיך נישט גוט, ער איז זייער שוואַך און קען קוים גיין אויף די פיס.

די לעצטע איבערלעבענישן האָבן אים פולשטענדיק צעבראָכן פיזיש און גייסטיק. איך באַשליס מיטצופאָרן מיטן טראַנספּאָרט, כדי העלפן זיי אויפן וועג. אַלס ציווילער לאָזט מען מיך נישט מיטפאָרן, גיב איך זיך אָן אַלס פּאָליציאַנט.

דער טראַנספּאָרט פאָרט אָפּ קיין אָפּאָלע, ווו מיר ווערן אויפגענומען דורך אַן אָפּ־טיילונג פון ס.ס.־לייט אויף פערד, מיט דיקע שטעקנס אין די הענט. זיי באַגלייטן די לאַנגע ריי וועגנס מיט די יידן צו די פריש אויפגעשטעלטע באַראַקן. איך בלייב אַ ביסל הינטערשטעליק און דערזע מיטאַמאָל, ווי צוויי ס.ס.־לייט אויף פערד דערנענטערן זיך צו אַ וואָגן און שלאָגן עמיצן מיט די שטעקנס. איך לויף אונטער גאַנץ נאָענט און זע, אַז זיי שלאָגן דעם זיידן, ווייל ער האָט נישט געקענט גענוג שנעל אַראָפּגיין פון דעם וואָגן. איך באַקום אויך אַ פּאָר קלעפּ, אָבער עס געלינגט מיר אַראָפּצוטראָגן דעם זיידן פון דעם וואָגן. ער איז מערדערלעך צעשלאָגן און קען שוין נישט שטיין אויף די פיס. איך טראָג אים אַריין אין באַראַק און בלייב שוין מיט זיי, ווייל די ס.ס.־לייט פאַרשליסן די באַראַקן און מען לאָזט קיינעם מער נישט אַרויס.

דער באַראַק שטעלט מיט זיך פאָר אַ גרויליק בילד. קיין בעטן זענען נישטאָ און אַלע זיצן אויף דער ערד. די פעקלעך מיטן ביסל האָב־און־גוטס האָט מען באַלד צוגענומען.

איך זיץ לעבן דעם זיידן, וועלכער דערקענט מיך שוין נישט. ער איז געוואָרן בלינד און ער רעדט צו מיר עפּעס נישט צו דער זאַך. די באָבעשי וויינט. שלום זיצט דערנעבן, זיין פרוי און קינד וויינען, ער קוקט זיך אַרום אומבאַהאָלפן און ווייסט נישט וואָס צו טאָן. אַ ביטער געיאָמער טראָגט זיך פון אַלע זייטן.

די באָבעשי בעט זיך ביי מיר, אַז איך זאָל טראַכטן וועגן זיך, וועגן מיינע עלטערן און ברידער, וועלכע איך האָב איבערגעלאָזט אין קוזמיר. זי שטויסט מיך, אַז איך זאָל זיך באַמיען פון דאַנען אַרויסצוקריגן.

דער זיידע ליגט אין קאָנוווּלסיעס און איך פיל, אַז זיין סוף דערנענטערט זיך. ער הייסט מיך צוגיין צו אים און שעפּטשעט אַרויס, ווי עפּעס אַ סוד: „פּיניעלע, גיי פון דאַנען אַרויס... זאָג אַלע קינדער, זיי זאָלן נאָך מיר זאָגן קדיש...". אַזוי האָט אונדזער זיידע אויסגעהויכט די נשמה.

עס פאַלט צו די נאַכט. איך פּרוּוו אַרויס פון באַראַק, אָבער די טירן זענען געשלאָסן. קיין פענצטער זענען נישטאָ. איך טרעף נאָך עטלעכע בחורים, וועלכע האָבן פונקט ווי איך באַגלייט זייערע עלטערן, און זוכן אַ וועג אַרויס. מיר באַשליסן אונטערצוגראָבן די ערד ביי דער וואַנט פון באַראַק און אַזוי זיך אַרויסצוקריגן. נאָך עטלעכע שעה גראָבן מיט די הענט, האָבן מיר טאַקע געמאַכט אַן עפענונג און אַרויס. מיר גייען אַלע צוריק קיין קוזמיר.

קומענדיק אַהיים גאַנץ פרי פאַרטאָג, דערצייל איך וואָס עס האָט פּאַסירט, אַז דער

גאַנצער טראַנספּאָרט וועט פון אַפּאַלע געשיקט ווערן קיין בעלזשעץ. מיין פאָטער איז צוזאַמענגעבראָכן, ער וויינט ווי אַ קליין קינד. דערוויל ווערט שפּעט. צוועלף אַ זייגער בייטאָג מוז איך זיך צושטעלן, כדי אָפּטראַנספּאָרטירן די צווייטע גרופּע יידן קיין אַפּאַלע.

איך באַשליס שנעל: מיר וועלן נישט פאָרן קיין אַפּאַלע, נאָר קיין יונאַווצע. ביי די דייטשן טאָר מען נישט גיין דעם גלייכן וועג, נאָר שטענדיק פאַרקערט. עס איז אָבער געווען אַ שווער פּראָבלעם. ערשטנס, קען מען נישט אַרויס פון געטאָ, עס דראָט דער־שאָסן צו ווערן. צווייטנס, איז דאָס אייז אויף דער ווייסל ווייך ווי אַן אייערקיכל. מיינע צוויי עלטערע ברידער זענען געבליבן אין לאַגער, וואָס איז צייטווייליק נישט ליקווידירט געוואָרן. אָבער די עלטערן און דעם יינגסטן ברודער מוז מען אַרויסראַטעווען.

8

עס איז דער 31סטער מערץ 1942. ס׳פאַלט אַ לייכטער פרילינגדיקער רעגן. מיט גע־שפּאַנטע טריט גייען מיר אַרויס פון געטאָ מיט נאָך עטלעכע יידן און קומען צו בשלום צו דער ווייסל. עס פאַלט מיר איין אַ געדאַנק אַריינצוגיין צו אַ באַקאַנטן פישער און אים בעטן, אַז ער זאָל אונדז אַריבערפירן אויף דער צווייטער זייט ווייסל. אין אָנהייב לאַכט ער זיך אויס פון מיר, אָבער שפּעטער זאָגט ער, אַז אויב מיר וועלן אים גוט באַצאָלן, וועט ער עס טאָן. ער פאַרלאַנגט אַ פאַנטאַסטישע סומע, אָבער מיר זענען גרייט צו באַ־צאָלן. ער לאָזט אַראָפּ דאָס שיפל און מיר זעצן זיך אַריין. דער רעגן ווערט שטאַרקער און דאָס אייז אַרום אונדז קנאַלט ווי פון האַרמאַטן. מיין ברודערל וויינט און מיר קענען אים נישט באַרויקן.

דאָס שיפל פאָרט אָפּ אַ פופציק מעטער, ביז צום אייז. פון דאָרט מוזן מיר גיין צופוס איבערן אייז. אַ שטאַרקער ווינט יאָגט פאָרויס און לאָזט אונדז נישט גיין צוריק, אָבער קוים וואָס מיר שלעפּן די פאַרפרוירענע פיס. דער פאָטער שרייט אויס: „אצבע אלקים — מיט גאָטס הילף וועלן מיר אַריבער...״

נאָך צוויי שעה, האָבן מיר ענדלעך דערגרייכט דעם ברעג פון יונאַווצע.

מיר לעבן אין יונאַווצע, אָבער עס דערגייען צו אונדז די נייעס, וואָס עס פאַסירט אין קוזמיר. די לעצטע יידן, וואָס זענען געבליבן אין שטאָט, זענען געווען זיכער, אַז מען וועט זיי שוין לאָזן צורו. אָבער פּלוצים קומט אַ פאַראָרדענונג פון גהעדען, אַז די יידן מוזן אָפּגעבן דאָס גאַנצע גאָלד וואָס זיי פאַרמאָגן. אויב נישט, וועט דער פּרעזעס — פייער־שטיין — און דער גאַנצער יודענראַט דערשאָסן ווערן. אַ גאַנצן טאָג גייען אַרום מענטשן און נעמען צו ביי די פרויען די רינגלעך און די אוירינגלעך, און ביי די מענער — די גאָלדענע זייגערס. אַלץ צוזאַמען האָט קוים באַטראָפן אַ האַלבן קילאָ גאָלד, וואָס ווערט איבערגעגעבן גהעדען.

צומאָרגנס קומט די אומדערוואַרטע פאַראָרדענונג, אַז אַלע יידן ווערן אָפּגעשיקט

קיין וואַנוואָלניץ. צו דער באַשטימטער צייט זענען די יידן געקומען מיטן געפּעק הינטער דער שטאָט. ביזן לעצטן מאָמענט האָט מען נישט געוווּסט, וואָס די פאַראָרדענונג באַדייט. עס איז אָבער קלאָר געוואָרן, ווען מען האָט דערזען די וואַגאָנען. די יידן זענען אָפּגעפירט געוואָרן קיין נאַלענטשאָוו און פון דאָרט קיין בעלזשעץ. די קראַנקע און אַלטע זענען אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן, צווישן זיי — די הינקעדיקע טאָכטער פון פּייערשטיינען.

קוזמיר איז געבליבן יידנריין, די פּאָליאַקן האָבן פאַרנומען די געשעפטן און די דירות פון יידן, מיטן גאַנצן האָב־און־גוטס. עס איז נאָך געבליבן דער אַרבעטס־לאַגער מיט אַכציק יוגנטלעכע פון קוזמיר, וועלכע ווערן באַשעפטיקט ביי די שווערסטע אַרבעטן. נאָך עטלעכע חדשים איז געקומען אַ באַפעל, אַז דער לאַגער ווערט ליקווידירט און אַלע ווערן אַריבערגעפירט קיין אָפּאָלע.

יעדער האָט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס באַדייט, און אַ גרופּע יוגנטלעכע האָט באַשלאָסן צו אַנטלויפן קיין יאַניוועצע. צווישן זיי זענען אויך געווען מיינע צוויי ברידער. זיי זענען אָבער דערשאָסן געוואָרן ביים אַנטלויפן.

די איבערגעבליבענע זעכציק בחורים אין לאַגער זענען געטריבן געוואָרן צופוס קיין אָפּאָלע — 25 קילאָמעטער — אונטער דער אויפזיכט פון דער פּוילישער פּאָליציי. דאָס איז געווען אַ שרעקלעכער טויטן־מאַרש. יעדן קילאָמעטער זענען עטלעכע מאַן דערשאָסן געוואָרן ביים אַנטלויפן. בלויז איינער האָט זיך געראַטעוועט, מיינער אַ חבר, און ער האָט דערציילט וועגן דעם גרויליקן מאַרש.

9

פיר חדשים האָבן מיר געלעבט אין יונאַווצע פאַרהעלטנישמעסיק רואיק. דאַן איז פּלוצים געקומען דער באַפעל, אַז אַלע יידן מוזן זיך צוזאַמלען אין זוואָלין. עס איז אונדז דערגאַנגען די ידיעה וועגן דער גרויסער אַקציע אין וואַרשע און אויך אין אַנדערע געטאָס. ס׳איז געוואָרן קלאָר, אַז מען מוז זיך ראַטעווען. מיר כאַפּן זיך אַריבער אין דאָרף גניאַזדקאָוו, נישט ווייט פון סטאַראַכאָוויץ. דאָס איז אַן אַנדערער קרייז, לאָמיר פּרובירן זיך דאָ אויסבאַהאַלטן. איך לאָז דאָרט איבער די עלטערן און אַליין פאָר איך קיין זוואָלין זען וואָס דאָרט קומט פאָר, אפשר וועלן די דייטשן לאָזן דאָרט די יידן בלייבן.

צוויי טעג נאָך מיין אָנקומען קיין זוואָלין ווערט די שטאָט פּלוצים אַרומגערינגלט מיט זשאַנדאַרמעריע און עס קומט אַ באַפעל, אַז אַלע איינוווינער מוזן אַרויס אויפן מאַרק און אויב מען וועט עמיצן טרעפן אין שטוב, ווערט ער דערשאָסן.

אַ גאַנצן טאָג דויערט די סעלעקציע. איך ווער צוגעטיילט צו אַ גרופּע יונגע, געזונטע מענער און פרויען, וועלכע ווערן אָפּגעשיקט קיין סקאַרזשיסקאָ, אין אַ געווערפאַבריק.

יענעם טאָג ווערן 200 יידן דערשאָסן אין זוואָלין.

ווען איך בין אָנגעקומען קיין סקאַרזשיסק, האָט מיך אָנגענומען אַ גרויל. מיר זענען געשלאָפן אויפן דיל, אָן בעטן, אָן שטרוי. עס איז נישט געווען ווו זיך צו וואַשן. איך בין צוגעטיילט געוואָרן צו דער שווערסטער אַרבעט, ווייל איך האָב נאָך נישט שלעכט אויסגעזען. די אַרבעט־שקלאַפן דאָרט זעען אויס ווי לעבעדיקע שקעלעטן. זיי דרייען זיך אַרום ווי שאָטנס, האַלב־נאַקעט, זוכן אין מיסט שאָלן פון קאַרטאָפל, אָדער אַ ביין, וואָס ווערט אַרויסגעוואָרפן פון קיך. ווי אין שפּיגל האָב איך אין די דאָזיקע שאָטנס דערקענט זיך אַליין, ווי איך וועל אויסזען אין אַ קורצער צייט אַרום...

עס איז שלעכט מיט מיר, אָבער איך טרייסט זיך, אַז דערוויייל האָב איך געראַטעוועט די עלטערן. איך מוז אויסהאַלטן, ווייל זיי וועלן ווייטער דאַרפן מיין הילף.

פון טאָג צו טאָג ווערט די אַרבעט פאַר מיר שווערער. מען האָט מיך צוגעטיילט צו אַ גליענדיקן אויוון, ווו עס ווערן געגאָסן 60קילאָדיקע גראַנאַטן. עס איז אַ גיהנום. אַלס שפּייז באַקומט מען 15 דעקאָ ברויט אַ טאָג און אַ וואַסערדיקע זופּ. איך ווער שוואַכער פון טאָג צו טאָג.

מיר געלינגט צו פאַרשטענדיקן זיך מיט מיין מייסטער, נישט קיין שלעכטער מענטש. איך דערצייל אים וועגן מיינע עלטערן און לייג אים פאָר, אַז ער זאָל פאָרן צו זיי, אָפּגעבן אַ גרוס פון מיר. איך זאָג אים צו, אַז זיי וועלן אים דערפאַר גוט באַצאָלן.

איך האָב נישט געגלייבט מיינע אויגן, ווען ער איז געקומען צוריק און מיר געבראַכט אַ בריוו פון די עלטערן, אויך אַ פּעקל. דאָס האָט מיך שטאַרק אויפגעמונטערט. איך האָב דערפילט נייע כוחות. איך מוז אויסהאַלטן, ווייל איך האָב נאָך פאַר וועמען צו לעבן.

אָבער מיין גליק האָט לאַנג נישט געדויערט. איך באַקום ווידער אַ בריוו פון מיין פאָטער, אין וועלכן ער שרייבט: „עס איז נישטאָ קיין אויסוועג, אַלע מוזן מיר גיין צום טויט. האַלט זיך, מיין טייער קינד, איך גלויב, אַז דו וועסט איבערלעבן, ווייל מען זאָגט, אַז די יידן וועלכע אַרבעטן אין סקאַרזשיסקאָ, וועט מען איבערלאָזן אויפן אָרט. געדענק, דו וועסט בלייבן דער איינציקער פון דער גאַנצער משפחה צו קענען דערציילן, ווי טראַגיש מיר, יידן, זענען אומגעקומען..."

אויך מיין 12־יאָריק ברודערל האָט צוגעשריבן צום בריוו: „ליבער ברודער, איך מוז זיך מיט דיר אויף אייביק געזעגענען. עס טוט מיר שטאַרק וויי, וואָס איך קען דיך נישט זען פאַר אונדזער טויט, ווייל מיר ווייסן שוין, וואַהין מיר גייען. איך האָב נישט קיין מורא פאַרן טויט, נאָר איך קען זיך נישט פאָרשטעלן, אין וואָס פאַראַ אומשטענדן עס וועט אונדז אויסקומען צו שטאַרבן. איך בעט נאָר איין זאַך, אַז מיר זאָלן גיין צום טויט צוזאַמען. אַ שאָד, וואָס עס איז נישט געשען פריער, וואָלט שוין געווען נאָך אַלעמען. געדענק, האַלט זיך! עס וועט אונדז לייכטער זיין צו שטאַרבן, ווען מיר וועלן וויסן, אַז איינער פון אונדז איז געבליבן..."

דאָס איז אָבער נישט געווען דער לעצטער בריוו פון מיין ברודערל. נאָך דער אַקציע, ווען מען האָט צוגענומען די עלטערן, איז ער געבליבן מיט עטלעכע חברים. „איך וועל פאַלן אין קאַמף, צוזאַמען מיט מיינע חברים" — דאָס זענען געווען די לעצטע ווערטער אין זיין לעצטן בריוו צו מיר.

אַזוי איז עס טאַקע געווען. בעת אַן אָבלאַווע פון ס.ס.־לייט, האָט די גרופּע יוגנטלעכע געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. זיי אַלע זענען דערשאָסן געוואָרן אויף די יונאַווצער פעלדער און ליגן דאָרט אין איין ברידער־קבר.

די דאָזיקע בריוו און ידיעות האָבן מיך שטאַרק דערשיטערט. קוים וואָס איך האַלט זיך אויף די פיס. מען שלאָגט ביי דער אַרבעט און מען גיט נישט צו עסן. יעדן טאָג קומען פאָר סעלעקציעס, די שוואַכע שיקט מען צום טויט. איך פיל זיך שוין אַליין אַ קאַנדידאַט צו דער סעלעקציע.

10

אַ געוויסן טאָג באַשליס איך ביי זיך, אַז איך מוז אַנטלויפן. דער לאַגער איז פאַר־צוימט, אָבער עס איז דאָ אַ מעגלעכקייט זיך אַריבערצוקריגן. איך רעד זיך צונויף מיט עטלעכע חברים. וואָס אַן אמת, האָבן מיר נישט ווו צו גיין, ווו זיך אויסצובאַהאַלטן אויסער דעם לאַגער. אָבער מיר ווייסן, אַז דאָ וועלן מיר סיי ווי לאַנג נישט אויסהאַלטן, איז שוין בעסער שטאַרבן פון אַ קויל, ווי אין דער גאַז־קאַמער.

איך האָב אָרגאַניזירט צען חברים. אַ געוויסן פרימאָרגן איז אונדז געלונגען דורכ־צושניידן די דראָטן פון דער פאַרצוימונג. מיר האָבן גענומען שפּרינגען איינער נאָכן צווייטן. אַזוי ווי איך האָב דאָס אָרגאַניזירט, בין איך געווען דער לעצטער צו שפּרינגען. די לעצטע צוויי זענען געכאַפּט געוואָרן דורך דער ייִדישער פּאָליציי — איך און אַ גע־וויסער קירשענבלאַט.

דער לאַגער־פירער האָט מיך גוט געקענט. ער פרעגט מיך, פאַר וואָס האָב איך געוואָלט אַנטלויפן. איך האָב אים געענטפערט, אַז איך האָב נישט וואָס צו פאַרלירן, ווייל סיי ווי מוז איך דאָ שטאַרבן. איך האָב די שווערסטע אַרבעט און מען קריגט נישט צו עסן.

איך האָב געהאַט מזל. דער לאַגער־פירער האָט זיך פאַרטראַכט און מיך געפרעגט, צי איך קען עפּעס אַ פאַך. ס'איז מיר איינגעפאַלן צו זאָגן, אַז איך בין פון באַרוף אַ מאַלער. ער האָט מיך גלייך באַשטימט צו אַרבעטן ביי מאַלעריי.

צוויי טעג נאָך דעם אַנטלויפן פון די צען מאַן, האָט דער לאַגער־פירער (ער האָט געהייסן גאַרטענשלאַגער) גערופן אויף אַן אַפּעל דעם גאַנצן לאַגער. ער האָט דערקלערט, אַז צען מאַן ווערן אויסגעקליבן צום דערשיסן פאַר די צען „הונט", וועלכע זענען אַנט־לאָפן. די צען מאַן האָט מען גלייך אַרויסגעפירט אין וואַלד אַריין. דאַן איז דער לאַגער־פירער צוריק געקומען און אויסגעקליבן נאָך צען יונגע מענער, צווישן וועלכע איך בין

אויך אַריינגעפאַלן. מען האָט אונדז געגעבן שופלעס און געהייסן גיין אין וואַלד צו פאַר־שיטן די דערשאָסענע.

אין וואַלד האָט זיך פאַר אונדז אַנטפּלעקט אַ שרעקלעך בילד. מתים? — ניין — דאָס זענען נישט געווען קיין מתים, נאָר צעשטיקלטע גופים, אַ טייל אין גרוב, אַ טייל אויסערן גרוב, הענט, קעפּ, געהירן, לונג־און־לעבער. עס קומען אָן „שופּאָס" און נעמען אונדז שלאָגן, אַז מיר זאָלן שנעל פאַרשיטן דאָס „שייס־דרעק". אונטער די קלעפּ פון קאָלבעס און רעוואָלווערן נעמען מיר צוזאַמען מיט די הענט די רעשטלעך פון די מתים און פאַרשיטן דעם ברודער־קבר. עס דויערט נאָך אַ שעה צייט, ביז מיר גלייכן אויס מיט די הענט די ערד אויפן קבר. עס פאַלן אויף אונדז כסדר די קלעפּ פון די שכורע ס.ס.־לייט.

עטלעכע טעג בין איך קראַנק געווען נאָך דער דאָזיקער איבערלעבונג, וואָס איז געווען די ערשטע פון דעם מין און די טראַגישסטע אין מיין לעבן. איך האָב אָבער געמוזט גיין צו דער אַרבעט. איך האָב נישט געהאַט קיין אַנונג וועגן מאַלעווען און דער מייסטער האָט מיך געשלאָגן, אַז איך אַרבעט נישט גוט. עס האָט געדויערט אַ פּאָר וואָכן, ביז איך האָב זיך אויסגעלערנט די מלאכה און עס איז געוואָרן לייכטער. מען האָט מיך געשיקט אויף פאַרשידענע אַרבעטן אין שטאָט אַריין און דאָרט פלעגט מיר געלונגען צו „אָרגאַניזירן" עפּעס צום עסן.

עס איז געקומען דער ווינטער פון 1942. מיר ווינען טויזנט מאַן אין אַ פערדשטאַל. די פּריטשעס קלעבן זיך פון שמוץ. מיר ליגן אין שטרוי, פיר מאַן אויף אַ פּריטשע. די טירן זענען אָפן, קיין באַהייצונג איז נישטאָ און דער פראָסט ציט אָן ביז 30 גראַד אונטער זעראָ. איך שלאָף אויף דער העכסטער פּריטשע, וווּ עס איז אַמקאַלטסטן. דער פראָסט שטיקט ממש, מענטשן פאַלן פון קעלט. יעדן טאָג טראָגט מען אַרויס פון באַראַק פאַר־פרוירענע.

קיין אַרבעט ביי מאַלעריי איז ווינטער נישטאָ, האָב איך געמוזט אַרבעטן אַ גאַנצן טאָג אויף דער גאַס און דאַן גיין שלאָפן אין דעם קאַלטן באַראַק. אַ גאַנצן ווינטער האָב איך זיך נישט אויסגעטאָן. די לייז האָבן געפרעסן שטיקער פון מיין לייב.

יעדן אָוונט האָב איך זיך געלייגט מיט דער האָפענונג, אַז איך זאָל מער נישט אויפשטיין. איך בעט אויפן טויט, אָבער איך בין געזונט — שטאָל און אייזן. עס ברעכט אויס אַן עפּידעמיע פון פלעק־טיפוס. מען שאַפט אַ שפּיטאָל, מענטשן שטאַרבן ווי פליגן, אָבער יעדן טאָג קומען אָן פרישע און די ענגשאַפט ווערט נישט קלענער. מען הייבט אָן צו שיסן די קראַנקע. מענטשן גייען צו דער אַרבעט מיט 40 גראַד פיבער און אַזוי אַרום שטעקט מען אָן די געזונטע. די לאַגע איז אַ האָפענונגסלאָזע. מען קוקט כסדר דעם טויט אין די אויגן.

עס ווערט געשאַפן אַן אָרט אין וואַלד צו באַגראָבן די דערשאָסענע. דער לאַגער־

פירער קלויבט מיך אויס צו דער „באַגרעבער־קאָמאַנדאָ", ווייל איך האָב נישט קיין אַרבעט ביי מאַלעריי. יעדן טאָג קומען אויטאָס און מיר לייגן אין זיי אַריין די קראַנקע. דאַן פאָרן מיר אין וואַלד אַריין, אַ קילאָמעטער פון לאַגער. מיר טראָגן אַרונטער די קראַנקע. ווער עס טראָגט אַ פּאָר גוטע שיך אָדער רעקל, דאַרף מען עס אַרונטערציען. עטלעכע פון אונדז גייען אַראָפּ אין גרוב און לייגן אויס די מתים אין רייען, קאָפּ צו פוס, איבער דער גאַנצער לענג פון גרוב. דאַן גייען מיר אַרויס, דעקן צו די קערפּערס מיט אַ דינעם שיכט ערד, באַשיטן מיט כלאָר — און לייגן ווידער, ביז דער גרוב ווערט פול. דאַן גייען מיר אַריבער צום צווייטן קבר. אַזוי האָבן מיר אָפּגעאַרבעט אַ גאַנצן ווינטער.

אין אָנהייב זענען מיר געווען שרעקלעך דערשיטערט. דערנאָך זענען אַלע געפילן געוואָרן אָפּגעטויט. איך האָב געקוקט, ווי אַזוי מענטשן שטאַרבן. איינער אי זאינגאַנצן גלייכגילטיק, אַנדערע שרייען: „פאַר וואָס דאַרף איך שטאַרבן און אַנדערע זאָלן בלייבן לעבן..."

איינמאָל האָב איך צווישן די שטאַרבנדיקע דערקענט מיינעם אַ חבר פון אָפּאַטאָוו, משה אָרענשטיין. ער איז שוין געווען באַוווסטלאָז. ווען איך האָב אים אַריינגעלייגט אין גרוב, האָט ער פּלוצים געעפנט די אויגן און געזאָגט, אַז עס וואָלט אים לייכטער געווען צו שטאַרבן, ווען ער איז זאַט. איך האָב אים געגעבן דאָס שטיקל ברויט, וואָס איך האָב געהאַט אין קעשענע. ער האָט שנעל אויפגעגעסן און מיט אַן אויסדרוק פון צופרידנקייט אויפן פּנים, איז ער אויסגעגאַנגען.

11

אין סקאַרזשיסקאָ זענען געווען דריי לאַגערן פאַר די שקלאַפן־אַרבעטער פון די דריי אָפּטיילונגען פון דער גרויסער אַמוניציע־פאַבריק. די „ווערקע" „א", „בע" און „צע", וואָס זענען געווען צעשפּרייט אומגעפער אַ קילאָמעטער ווייט איינער פונעם צווייטן. אין „ווערק א" זענען געמאַכט געוואָרן די גראַנאַטן, אין „ווערק ב" האָט מען זיי אָנגעפילט מיט דעם אויפרייס־פּולווער. דער „ווערק ב" איז געווען דער ערגסטער, סיי די אַרבעט־באַדינגונגען און סיי דאָס וווינען. דאָרט האָט מען געשיקט דעם ערגסטן מענטשן־מאַטעריאַל.

פאַרן קריג האָבן דאָ געאַרבעט פּוילישע אַרבעטער. אין דער אָפּטיילונג „ב" האָט מען געאַרבעט נישט מער ווי פינף שעה אַ טאָג, ווייל דאָס איינאָטעמען די כעמישע שטאָפן איז זייער שעדלעך פאַרן געזונט. די אַרבעטער האָבן געטראָגן ספּעציעלע מאַסקעס, ווייל דאָס „מעל" עסט זיך איין אין די לונגען. זיי האָבן באַקומען בעסער עסן און אַ הויכן געהאַלט.

איצט האָבן דאָ די שקלאַפן געאַרבעט פערצן שעה אַ טאָג, אָן מאַסקעס, אָפּגעריסן,

האַלב־נאַקעט און הונגעריק. מער ווי צוויי חדשים האָט מען נישט געקענט אויסהאַלטן און מענטשן זענען געפאַלן ווי פליגן. אויב מען איז נישט געשטאָרבן, איז מען געוואָרן אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז מען האָט נישט געקענט מער גיין צו דער אַרבעט. אַזעלכע האָט מען גלייך גענומען אין וועלדל אַריין און דערשאָסן.

אין „ווערק צע״ איז ווידער געווען אַ צרה מיט די פוילישע מייסטערס, וועלכע זענען דאָרט געווען די אויפזעער, און זיך געפירט נאָך ערגער פון די דייטשן. פאַר דער קלענסטער זאַך פלעגן זיי שלאָגן די יידן מיט שטעקנס, אָפט צום טויט. אין איין יאָר האָט דאָס „ווערק צע״ איינגעשלונגען אַן ערך 1000 מענטשן. יעדן טאָג האָט מען גע־בראַכט פרישע טראַנספּאָרטן.

אַרבעטנדיק אין וועלדל, האָב איך זיך ווען דעם אַלעם דערוווּסט, ווי אויך וועגן פאַרשידענע בעסטיאַלישע איינפאַלן פון די הויכע ס.ס.־אָפיצירן. איין מאָל, אין אַ זונטיק פאַרנאַכט, זענען צוויי ס.ס.־אָפיצירן געקומען אין לאַגער טויט־שיכור. זיי האָבן זיך אויסגעקליבן די שענסטע צוויי מיידלעך (גראָד האָב איך זיי געקענט), זיי אַריינגעזעצט אין זייער אויטאָ און אַוועק. מיט צוויי שעה שפּעטער, האָט מען זיי געזען פירן די צוויי מיידלעך אין אַ שרעקלעכן צושטאַנד, אין וואַלד אַריין. פון דער ווייטנס האָט מען געהערט אַכט ביקסן־שאָסן. די מיידלעך זענען מער נישט צוריקגעקומען.

עס איז געווען אין לאַגער אַ פּרוי מיט צוויי קינדער — מיידעלעך. איינמאָל איז די פּרוי פאַרשוווּנדן. דער לאַגער־קאָמענדאַנט האָט געגעבן אַ באַפעל, אויב די פּרוי קומט נישט צוריק במשך פון 24 שעה, וועט ער דערשיסן ביידע מיידעלעך. די פּרוי איז טאַקע צוריק געקומען. דער קאָמענדאַנט האָט גערופן אויף אַפּעל דעם גאַנצן לאַגער און אויף די אויגן פון אונדז אַלעמען דערשאָסן די פּרוי מיט די צוויי קינדער.

אַמערגסטן האָבן ביי אונדז געהאַט די יידן, וועלכע מען האָט געבראַכט פון וואַרשע־ווער געטאָ — נאָכן אויפשטאַנד. זיי זענען געקומען צו אונדז פון מאַידאַנעק — אויס־געהונגערטע, צעבראָכענע, נאַקעט און באָרוועס. די לייכטסטע אַרבעט איז פאַר זיי געווען צו שווער. זיי פלעגן זיך באַהאַלטן הינטער די פּריטשעס, ווען מען האָט אַרויסגעיאָגט צו דער אַרבעט, און דאַן צוריק זיך אַוועקגעלייגט אויף די פּריטשעס שלאָפן. דער לאַגער פירער פלעגט יעדן טאָג דורכפירן קאָנטראָלן און ביי יעדן באַזוך פלעגט ער אַוועקלייגן מיט זיין רעוואָלווער אַרום פופצן מענטשן. ער פלעגט זיי דערשיסן אויף די פּריטשעס שלאָפנדיקערהייט.

12

יוני 1943 האָט זיך די לאַגע אין סקאַרזשיסקאָ אַ ביסל פאַרבעסערט, נאָך דעם ווי מען האָט געטוישט דעם לאַגער־פירער. איך האָב אָנגעהויבן צוריק אַרבעטן אַלס מאַלער. מיר האָבן געוווּסט, אַז פריער אָדער שפּעטער וועט קומען די ריי אויף יעדן איינעם.

ווי נאָר די אַטמאָספער אין לאַגער איז געוואָרן אַ ביסל לייכטער, האָבן די ייִנגערע גענומען שמועסן צווישן זיך וועגן אָרגאַניזירן קרייזלעך, וואָס מיר האָבן גערופן „טעכ־נישע גרופן". אונדז איז אַפילו געלונגען צו פאַרשטענדיקן זיך מיט וואַרשע און מיר האָבן באַקומען אַ ביסל געלט, וואָס איז פונאַנדערגעטיילט געוואָרן צווישן די חברים. מיר מוזן אָבער זיין זייער פאָרזיכטיק, ווייל אַפילו צווישן יידן זענען פאַראַן מוסרים, וואָס קענען אונדז פאַרראַטן.

אַזוי ווי איך האָב זיך געקענט לייכטער באַוועגן, צוליב מיין אַרבעט אַלס מאָלער איז מיר אָנפאַרטרויט געוואָרן זייער אַן ערנסטע אויפגאַבע. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן צושטעלן קיין וואַרשע רעוואָלווער־קוילן פון אונדזער פאַבריק, דורך דער פאַר־מיטלונג פון אַ פּאָליאַק. דאָס איז געווען די איינציקע פאַבריק אין דער געגנט, ווו מען האָט אויסגעאַרבעט רעוואָלווער־קוילן.

יעדן אינדערפרי פלעג איך קומען אין פאַבריק אַריין, כדי צו נעמען פאַרשידענע זאַכן, וואָס זענען מיר נייטיק געווען צו דער אַרבעט אין שטאָט, — קרייד, קאַלך, קעסלען און קיבלעס. מיט די דאָזיקע מכשירים האָב איך באַדאַרפט אַדורכשמוגלען די רעוואָל־ווער־קוילן פון דער פאַבריק.

דאָס ערשטע קעסטל קוילן האָב איך אָפּגענומען ביינאַכט אין דער פאַבריק פון אַ פּאָליאַק, וואָס האָט דאָרט געאַרבעט. איך האָב דאָס קעסטל באַהאַלטן אין דער פאַבריק און געגאַנגען שלאָפן אין לאַגער אַריין. ביינאַכט האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אַ זיצונג מיט די חברים פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע. די שטימונג איז געווען אַ געהויבענע און אַלע האָבן מיר געווינטשן גליק.

אין דער פרי בין איך צוזאַמען מיט אַלע אַרויס צו דער אַרבעט. איך בין גלייך אַוועקגעלאָפן אין וואַרשטאַט, ווו איך האָב איבערגעלאָזט מיינע מכשירים און דאָס קעסטל קוילן, וואָס איך האָב אַריינגעלייגט אין קעסל און עס פאַרשיט מיט קרייד. אָט בין איך שוין ביים טויער, ווו די וועכטער דאַרפן דורכפירן אַ קאָנטראָל. געוויינלעך, ווערן מיינע קעסלעך נישט קאָנטראָלירט, אָבער דאָס מאָל שטעלט מען אונדז אויס אין אַ ריי און מען נעמט קאָנטראָלירן די קעסלעך און שטעכן דעם קרייד מיט שפּיציקע דראָטן.

איך שטיי ווי פאַרשטיינערט און וואַרט מיט האַרץ־קלאַפּעניש אויף מיין ריי. איך זאָרג זיך נישט נאָר וועגן זיך, נאָר וועגן מיינע חברים און אומשולדיקע מיטאַרבעטער, וועלכע ווייסן גאָרנישט. אָבער ווער וועט זיי גלייבן? זיי אַלע וועלן מוזן באַצאָלן מיט זייער לעבן, אויב מען וועט מיך כאַפּן.

מיט אַמאָל געשעט אַ נס. עס קומט צו דער מייסטער, אַ דייטש, און גיט אַ זאָג צו די וועכטער, אַז זיי האָבן נישט וואָס צו זוכן ביי אונדז. מיר ווערן גלייך אַדורכגעלאָזט און איך גיי אַוועק צו מיין אַרבעט. אויפן וועג שטעל איך צו דאָס קעסטל אויף אַ באַשטימט אָרט.

צוריק קומענדיק פון דער אַרבעט האָבן שוין מיינע חברים מיך אָפּגעוואַרט מיט גרויס אומגעדולד. זיי האָבן קוים געגלייבט ווען איך האָב זיי דערציילט, וואָס פאַראַ מזל איך האָב געהאַט ביים אויספירן דאָס דאָזיקע געפערלעכע שטיקל אַרבעט.

13

מיט אַ צייט שפּעטער האָבן מיר באַקומען אַ בריוו פון וואַרשע. מען האָט אונדז אָנגעזאָגט, אַז די צייט דערנענטערט זיך, ווען מיר וועלן דאַרפן פאַרלאָזן סקאַרזשיסקאָ. די רוסן גייען פאָרויס און די דייטשן ציען זיך צוריק. די לאַגערן ווערן עוואַקוירט און די צענטראַלע אין וואַרשע האָט באַשטימט אַריבערצונעמען קיין וואַרשע אַלע חברים פון דער אונטערערדישער באַוועגונג.

מיר האַלטן אָפּ אַן אויסערגעוויינלעכע זיצונג און באַשטימען, וועלכע חברים דאַרפן אַרויסגיין פריער. צווישן די ערשטע זיבעציק חברים, געפינט זיך אויך מיין נאָמען. מיר שיקן אַריבער אונדזערע בילדער, כדי מען זאָל פאַר אונדז צוגרייטן פּעסער. עטלעכע פּאָליאַקן האָבן באַדאַרפט אונדז אַרויסנעמען פון דער פאַבריק.

די צוגרייטונגען האָבן זיך געשלעפּט עטלעכע חדשים, ביז עס איז פּלוצים געקומען אַ באַפעל, אַז אַלע יידן פון לאַגער ווערן אַרויסגעשיקט. מען האָט פאַרזיכערט, אַז אונדז וועט גאָרנישט געשען, מיר וועלן אַרבעטן אויף אַן אַנדער אָרט.

אין לאַגער טומלט זיך. מיר ווייסן נישט וואָס צו טאָן. אַ סך ווילן אַנטלויפן, אָבער ווו וועט מען זיך באַהאַלטן? ענדלעך קומט דער טאָג, ווען אַלע ווערן גערופן צום אַפּעל. עס ווערט דורכגעפירט אַ סעלעקציע. די שוואַכע בלייבן אויפן אָרט און די געזונטע ווערן אַוועקגעשיקט — אַ טייל קיין דייטשלאַנד און אַ טייל קיין טשענסטאָכאָוו.

איך בין אָפּגעשיקט געוואָרן קיין טשענסטאָכאָוו, ווו איך האָב מיטגעמאַכט זעקס חדשים שווערע אַרבעט. אַ טייל פון מיינע חברים האָבן זיך דערשלאָגן קיין וואַרשע און דאָרט געפאַלן בעת דעם אויפשטאַנד פון די פּאָליאַקן, ווען די רוסן זענען שוין געשטאַנען אין פּראַגע. אַ טייל האָט זיך געראַטעוועט קיין קראָקע, פון וואַנען זיי האָבן זיך פאַר־שטענדיקט מיט אונדז און אַפילו צוגעשיקט געלט.

איך בין געבליבן אין טשענסטאָכאָוו ביז דעם 1טן יאַנואַר 1945.

14

ווען די רוסישע אַרמיי האָט זיך דערנענטערט קיין טשענסטאָכאָוו, איז אונדזער אַרבעטס־לאַגער געוואָרן עוואַקוירט קיין בוכענוואַלד. במשך פון פינף מעת־לעת זענען מיר געפאָרן אין פאַרמאַכטע וואַגאָנען, אָן עסן און אָן וואַסער. עס איז געווען אַן אמתע גיהנום־רייזע.

אין בוכענוואַלד זענען מיר אַריינגעקוועטשט געוואָרן אין באַראַקן, וואָס זענען געווען פֿול מיט האַלב־טויטע, קראַנקע מענטשן. עס האָבן קורסירט פֿאַרשידענע קלאַנגען וועגן דעם, ווי אַזוי און ווו מען וועט אונדז ליקווידירן. אַזוי זענען מיר פֿאַרבליבן פֿאַרהונגערטע און געוואַרט אויפֿן טויט.

אין חודש מערץ איז דורכגעפֿירט געוואָרן אַ סעלעקציע. מען האָט אויסגעקליבן די ייִנגסטע און געזונטסטע אויף אַ טראַנספּאָרט, וואָס האָט געדאַרפֿט אָפּגעשיקט ווערן אויף אַרבעט פֿאַר דער דייטשער אַרמיי. איך האָב זיך געפֿונען צווישן דעם אָפּקלייב פֿון די העכער 200 קאַנדידאַטן.

מיט לאַסט־אויטאָס האָט מען אונדז געבראַכט אין דעם „לאַורא"־לאַגער, ווו די נאַציס האָבן אין אונטערערדישע הײלן פּראָדוצירט די ראַקעטן „וו־1" און „וו־2". דאָרט האָבן מיר געאַרבעט ממש טאָג און נאַכט. אין אַ געוויסן טאָג איז דער לאַגער געוואָרן עוואַקוירט און מען האָט אונדז געבראַכט קיין דאַכאַו, ווו מיר האָבן ווידער דערזען גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריעס. אין דאַכאַו זענען מיר פֿאַרבליבן קוים צוויי וואָכן, דאַן האָט מען אונדז ווידער אַריינגעטריבן אין וואַגאָנען, וואָס האָבן גענומען פֿאָרן אַהין־און־צוריק, אָן שום ציל. דער דאָזיקער צוג איז כּסדר אַנטלאָפֿן פֿאַר דער אָנקומענדיקער אַמעריקאַנער אַרמיי.

דעם 1טן מאַי 1945, אין פֿריען באַגינען, ווען אונדזער צוג איז געשטאַנען אויף די רעלסן לעבן אַ וואַלד, ביי פֿעלדאַפֿינג, איז אָנגעקומען אַן אָפּטיילונג פֿון אַמעריקאַנער טאַנקען. די נאַצישע וועכטער זענען ביינאַכט פֿאַרשוווּנדן און די אַמעריקאַנער סאָלדאַטן האָבן אויפֿגעריסן די טירן פֿון די וואַגאָנען און אונדז באַפֿרייט.

איך בין געווען אַזוי דערשעפּט און פֿאַרהונגערט, אַז איך האָב זיך אַפֿילו נישט געפֿרייט מיט דער באַפֿרייאונג. אין מיין מידן קאָפּ האָט זיך כּסדר געפּלאָנטערט דער געדאַנק, אַז אייגנטלעך האָב איך נישט נאָך וואָס צו לעבן, אָן מיינע עלטערן, ברידער און משפּחה. מיט אַמאָל האָט אַן אַמעריקאַנער סאָלדאַט מיך אויפֿגעהויבן פֿון דער ערד און גענומען צו מיר רעדן יידיש. דאָס האָט געווירקט אויף מיר ווי אַ פּלוצימדיקע אויפֿ־מונטערונג. איך האָב דעם סאָלדאַט אַרומגענומען מיט מיינע שוואַכע אָרעמס און זיך צעוויינט פֿון פֿרייד...



אסתר ראַזען / שטוטגאַרט

## דער מאַרטירער־וועג פון אַ יידישער משפחה

אין קוזמירער געטאָ בין איך געווען צוזאַמען מיט מיין פאָטער פּרץ ראָזען, 37 יאָר אַלט. די מוטער, דינה, 36 יאָר אַלט. מיין ברודער, שילעק, 7 יאָר אַלט, און מיין פאָטערס מוטער, וועלכע איז דעמאָלט אַלט געווען 62 יאָר. איך בין אַלט געווען 10 יאָר.

דאָס לעבן אין געטאָ איז געווען זייער שווער. אונדזער הויז און די גאַנצע איינריכטונג איז געוואָרן רעקוויזירט. יעדער טאָג האָט געבראַנגט פאַר יידן נייע אומגליקן און פּיין.

אין יאָר 1941, נאָך דער ערשטער אויסזידלונג פון קוזמיר, איז אונדז געלונגען צו אַנטלויפן קיין קאָזשעניץ, ווו עס האָבן געוווינט מיין מוטערס עלטערן. מיר זענען געווען אין אָרטיקן געטאָ ביז דער אויסזידלונג. אַ טאָג פריער איז אונדז געלונגען זיך אַרויס צו באַקומען אויף דער א. ג. פּלאַצוווקע, וועלכע איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך עטלעכע משפחות. מיר האָבן געאַרבעט אין פעלד.

אין נאָוועמבער 1942, איז די פּלאַצוווקע ליקווידירט געוואָרן און מיין פאָטער איז דערשאָסן געוואָרן דורך אַן ס.ס.־מאַן. דאָס איז געווען דריי טעג אין כסלו. מיך מיטן ברודער האָט מען צעשיידט פון דער מוטער און אונדז אַרויסגעפירט קיין סקאַרזשיסקאָ אין לאַגער. די מוטער איז איבערגעשיקט געוואָרן אין ראַדאָמער געטאָ. נאָך אַ קורצער צייט, האָבן מיר איינגעשטעלט מיט איר אַ בריוולעכן קאָנטאַקט און אַ דאַנק איר הילף און אַ נס פון גאָט, האָבן מיר איבערגעלעבט די בעסטיאַלישע קאַטאָרגע־אַרבעט.

אין סקאַרזשיסק זענען מיר געווען ביזן יאָר 1944. פון דאָרט האָט מען אונדז עוואַקואירט אין טשענסטאָכאָווער לאַגער, ווו עס האָבן זיך אָנגעהויבן פאַר אונדז נייע צרות. דער קאָנטאַקט מיט דער מוטער איז געוואָרן איבערגעריסן און מיר האָבן געליטן הונגער און נויט. איך בין באַפרייט געוואָרן דעם 2טן יאַנואַר 1945. דעם ברודער האָט מען מיט אַ טאָג פריער אַרויסגעשיקט אין בוכענוואַלדער לאַגער און פון דאָרט קיין טערעזיענשטאַט. ער האָט זיך נאָך דאָרט געפּייניקט ביז מאַי 1945, ביז ער איז ענדלעך באַפרייט געוואָרן.

מיין מוטער איז פון ראַדאָמער לאַגער אַרויסגעשיקט געוואָרן אין לאַגער פּיאַנקי, און פון דאָרט איז איר געלונגען צו אַנטלויפן קיין וואַרשע, ווו זי איז געווען באַהאַלטן ביזן אויפשטאַנד.

נאָך דער באַפרייונג האָבן מיר אָפּגעזוכט איינער דעם אַנדערן און די ערשטע פליכט וואָס מיר האָבן דערפילט איז געווען: אונדזער פאָטער אַרויסנעמען פונעם פעלד ווו ער איז דערשאָסן געוואָרן און אים ברענגען צו קבורה אויפן יידישן בית־הקברות אין קאָזשעניץ.



הינדה ברייטר־קארול

# במחנה ומחוצה לו

היה זה בקיץ שנת 1942.

אמי, אחי ואני הגענו ליאנוביץ לאחר טלטולים רבים. חשבנו כי עתה יניחו לנו הגרמנים לנפשנו, אך לא כן היה. מיד הונחתה עלינו מכה חדשה: הנאצים פקדו על כל יהודי העיירה לעזוב את יאנוביץ. שבורים, רצוצים ומיואשים צעדנו לעבר זבולין. בהגיענו לשם לא הורשנו להתערב בין התושבים היהודיים הקבועים של המקום. אולם, לנו היו שם קרובי משפחה (בני־דודים) — משה מנדלבוים וב״ב שאספונו לביתם. רק שלושה לילות לנו בביתו, ואז יצאה הפקודה, שגזרה על כל היהודים מבני 15—60 שנה להתייצב בככר העיירה. היינו אובדי־עצות — האם למלא אחר הפקודה או להפירה? ממצוקתנו חילץ אותנו הדוד, שהסתירנו בעליית־גג ביתו, במחבוא שהוכן מבעוד מועד. יכולנו לחמוק משם, בלי שאיש יבחין בנו. אולם אני חששתי להתחבא שם, מפחד, שאם אתפס עלולה אני לגלות את האחרים. החלטתי להתייצב בכיכר. בדרכי הרהרתי בלבי: זו הפעם האחרונה רואה אני את אמי ובני משפחתי... במקום הריכוז השתדלתי להסתתר מעיני המרצחים, כדי שלא אצורף למשלוח. הסתננתי לתוך קבוצת „הנבחרים״, ביניהם מצאתי את חברתי ידז׳ה שטינוביץ ואחותה הניה. החלפנו מבטים בינינו והחלטנו לברוח מהמקום. רגע אחד הפנה חייל הס.ס. מבטו והניה חמקה ראשונה

מהשורה, אך מיד ניתך אחריה מטח יריות. אבל היא הצליחה להיעלם מעיני החייל, בלי להפגע. אנו שנשארנו בשורה לא יכולנו עוד לברוח. כל הלילה רבצנו בבוץ, בגשם ובקור ומשמר הרוצחים אינו גורע עין מאתנו. עם שחר הקימו אותנו השומרים בבעיטות מגפיהם והובילו אותם למחנה־הריכוז „סקרז'יסקו־קאמיננה" — איזור התעשייה ליד פסי הרכבת. נדחסנו לאולם מקלחת, אך קודם צווינו למסור את הכסף והתכשיטים שהיו ברשותנו. הופשטנו ערומות. מבויישות ונכלמות הוצבנו בפני מפקד המחנה. שנינו נקשו זו בזו לבנו פעם מפחד וחרפה. משם הועברנו לאולם רחב־ידים, מצחין ומלוכלך. נאמר לנו כי כאן יהיו מגורינו לאחר יום העבודה. היינו נתונים בידי המרצחים, ידענו כי מר יהיה גורלנו ולא נוכל להתקיים כאן. בראשינו החלה להתרקם תוכנית בריחה. ברשות שתי חברותי היה שעון זהב, בו חשבנו לשחד אחד השומרים האוקראיניים. בינתיים דחינו את התוכנית מיום ליום, כי במכתבים שקבלנו מחברותינו מהחוץ נאמר, כי מדי יום ביומו נשלחים יהודים מעיירות הסביבה בקרונות חתומים למחנות שונים ושמועות מהלכות כי הם נשלחים להשמדה. ממשפחתי לא הגיעה שום ידיעה, חשבתי, אולי חלילה אינם עוד בחיים. לכן לא יכולתי לגמור בנפשי לברוח מהמחנה, הרי בכל אשר אפנה אורב לי המוות. אדישה הייתי לגורלי, רעבה ללחם, בגדי בלויים ונפשי נכאה מאוד.

בוקר־בוקר המשכנו לצאת לעבודה וחברותי בחנו סביבן את הדרכים לבריחה (כמה מהן הצליחו לברוח). אבל חיילי הוורמאכט הגבירו את השמירה עלינו ואף הכריזו



בעבודת כפייה — אויף צוואַנגס־אַרבעט

בעורמה „כי כל מי שרוצה לחזור לביתו, יואיל להרשם...״ ואכן נמצאו תמימות שהאמינו לדברי הרוצחים ומיהרו להרשם. הן נרצחו מיד לעיני כל.

אף־על־פי־כן החליטו כמה בנות לברוח ויהי מה! אך אני ידעתי כי אין לאן לברוח! בכל מקום אורב לנערה יהודייה המוות. בעצימת עינים ובבכי חנוק נפרדתי מחברותי והן יצאו לקראת גורלן. מבעד לסדק חלון הצריף ראיתי אותן עוברות את הגדר שנפרצה קודם לכן על־ידי אחד השומרים ששוחד על־ידן ולפתע האירה אלומת אור את קטע הגדר... נשימתי כאילו פרחה מתוכי, אך הן לא נתגלו, משכבה האור הן התרחקו מהמקום, קפצו מעבר למסילת הברזל והרכבת שעברה אותו רגע הסתירה אותם מעיני השומרים. אילו אחרו להסתתר מאחורי הרכבת ודאי היו משיגים אותן כדורי השומרים. קנאתי בהן ומעמקי לבי שלחתי להן מיטב ברכותי. למחרת, בהוודע על בריחתן של הבחורות הועמדו כל הנשים תחת גשם שוטף למיסדר, ואיימו עלינו, כי יוציאונו להורג, בעוון סיוע לבריחתן. כך עמדנו במשך כל היום ועם רדת הערב שוחררנו, חזרנו לצריפינו באפיסת־כוחות, אך בסיפוק ביודענו, כי כמה מחברותינו הצליחו לברוח.

באחד הימים, בלכתנו לעבודה ראינו, כי גופת איש תלוייה על עמוד ושלט היה מצורף אליה, בו היה כתוב: „הומת בגלל הברחת מכתבים למחנה!״. בכל זאת קיבלתי מכתב מחברתי יאדז׳ה שהצליחה לברוח מהמחנה והיה זה גם מכתבה האחרון. במכתבה כתבה יאדז׳ה: הינדה היקרה! הגעתי בשלום! הנני מאושרת להיות שוב בחיק המשפחה. הבריחה אמנם הצליחה, אך הסיכויים להשאר בחיים הם כאן קלושים יותר מאשר במחנה. אנשים רבים נכונים לשלם סכום כסף גדול כדי להגיע למחנה, בתקווה כי שם סיכוייהם רבים יותר. לנו אין האמצעים לכך, שנית איני רוצה להשאיר את הורי לבד ולחזור למחנה. יום־יום נרצחים יהודים ברחובות, יום־יום נשלחים קרונות מלאים של יהודים למחנות־השמדה, אין עוד כל אפשרות להסתתר מעיני המרצחים. רק דבר אחד מנחם אותי — אהיה עם הורי בכל אשר ילכו, בטוב וברע. ואת, אל תדאגי! אמך ואחיך בנימין ומשפחתו חיים באחד הכפרים וכהוכחה לאמיתות דברי שולחת אני לך 20 זהובים, בתקווה כי אמך תחזירם לי בבוא היום. אנסה לקשור את אמך אתך על־ידי מכתב. אני מסיימת את מכתבי ומאחלת לך, כי יתן לך אלוהים אומץ, כוח ורצון לעבור את הימים הנוראים האלה. חברתך יאדז׳ה שטיינוביץ.״

זה היה מכתבה האחרון, יותר לא שמעתי ממנה דבר, היא נשלחה יחד עם הוריה ועם כל יקירינו למחנה־מוות.

תהא נשמתם צרורה בצרור החיים.



אסתר כהן (קייזר)

# מגיטו לגיטו וממחנה למחנה

### עיר יהודית בעלת עבר

קהילת קוזמיר עתיקת־יומין היתה. מאז הגיעם לפולין שכנו יהודים בעיירה זו. היה בה בית־כנסת עתיק־יומין ובו שכיות־חמדה עתיקות מימי המלך קאז'ימייז' הגדול. גם בית־קברות עתיק היה בה, שם מצאו את מנוחתם הנצחית רבנים ותלמידי־חכמים בעלי־שם. בימי ה„יארצייט" לאחד הנפטרים האלה, נהרו לקוזמיר יהודים מכל קצות המדינה כדי להתייחד עם זכרו. עודני זוכרת את חדרו של ר' יחזקאל'ה, בו הוא גר ימים רבים ואני מדי ערב־שבת כיבדתי את החדר הזה. החדר שכן בבית עתיק, ועל הקיר נותרו תלויים חלוק־הבית, מקלו הארוך וכובעו הגדול רחב־התיתורה של הרבי הגדול. ודאי היה הרבי גבה־קומה, כי החלוק היה ארוך מאוד. מאוד חפצתי למשש את החלק, אך נרתעתי מחילול כבוד הנפטר. ליד אחד הקירות עמדו מיטת־הברזל שלו וכיסאו. חווייה עמוקה היתה בשבילי להמצא בחדרו של ר' יחזקאל'ה וזאת בזכותה של חברתי, צאצא רחוק של הרבי, אשר לא ניתנה הזכות להכנס לחדר זה ויחד איתה כיבדתי כאמור את החדר בימי שישי.

שני בתי־קברות מצויים היו בקוזמיר. העתיק, בן מאות שנים, בו לא קברו עוד נפטרים ואני לא ביקרתי בו מימי, כי פחדתי. גם בתי־מדרש ומקווה עתיקים היו בעיירה.

ימי־נעורים נאים ותוססים עברו עלינו בקוזמיר. רוב הנוער השתייך לארגונים ציוניים שונים והפעילות בהם היתה אינטנסיבית ביותר: לימוד השפה העברית, שיחות והרצאות, טיולים ומושבות — כל אלה קירבו אותנו לרעיון התחיה הלאומית והעלייה לארץ־ישראל. בפרוץ המלחמה העולמית השניה, הייתי כבת 16, אז סיימתי את בית־הספר הכללי בקוזמיר.

### חילול בית הקברות העתיק והריסתו

לאחר הפלישה הגרמנית החלו ימי אימים לקהילת יהודי קוזמיר. לפני המלחמה היה מצבנו הכלכלי שפיר למדי. אבא היה בעל מגרסה ולא ידענו מחסור.

עתה הציץ הרעב לביתנו. סבל ומצוקה היו מנת חלקנו. בבית — מצוקה ובחוץ — התנכלויות.

בשנת 1940 הרסו הגרמנים את בית הקברות העתיק, יישרוהו עם מפלס הכביש והקימו במקומו בניין רחב־ידיים, בית־ספר ל„היטלר־יוגנט". בשבילנו היהודים היה זה חזיון אימים. האמנו כי כל מי שינסה לפגוע בבית־הקברות העתיק לא יינקה. אך מאומה לא קרה להורסי בית־העלמין. להיפך, אנו היהודים החילונו להיספות, יום־יום וקרבנותיו החדשים.

כאשר נודע לגרמנים הברבריים, כי שם שוכנים עצמותיו של הרבי הזקן, הם פתחו את קברו ואת עצמותיו הציגו בחוצות העיר. אני עצמי ראיתי זאת במו עיני.

את מקומות הקייט הנאים וההדורים בקוזמיר הפכו הנאצים לבית ספר לנוער הגרמני ושם לימדו אותו את מלאכת רצח היהודים. אך יחסם של אנשי הצבא הגרמני ליהודים בקוזמיר היה נוח יותר משל הנאצים. אבל לא לאורך ימים, כי בשנת 1941 הוקם הגיטו בקוזמיר. היהודים גורשו מבתיהם, את הפנסיונים והחווילות הנאות ששימשו את הקייטנים בימות הקיץ, החרימו הנאצים לצרכיהם והושיבו בהם את אנשיהם ואנשי הצבא.

### הרדיפות הראשונות, היודנראט והמשטרה היהודית

מיד עם הגיעם לקוזמיר, החלו הגרמנים לכפות על היהודים עבודות שונות. תחילה נתפסו רק הגברים ולאחר מכן לקחו גם את הנשים והנערות. הייתי אז כבת 16 שנים ונאלצתי לשרת את הגרמנים — שטפתי הרצפות בבתיהם, נקיתי את דירותיהם, קילפתי תפוחי־אדמה ובחורף גרפתי השלג ברחובות העיירה.

בווילה של הסופרת הפולניה מריה קונצביץ', הגרה עתה בארצות־הברית ואשר את ספריה קראתי לפני המלחמה, התגוררו גרמנים וגם בווילה זאת עבדתי. גם בקאזינו שעל שפת הוויסל עבדתי, שם התגורר הגרמני שינדלר.

הגרמנים הקימו את היודנראט ואת המשטרה היהודית. יושב־ראש היודנראט היה חיים פייארשטיין — יהודי עשיר, וחבריו היו: נחום זונשיין, שמואל קירשנבוים, ח. פ. גוטמן ויונה לוסטיג.

תפקיד המשטרה היהודית היה לספק עובדים יהודיים לגרמנים. אנשי המשטרה הזאת היו: ירחמיאל רוזן, יעקב גולדבאום, משה קירשנבוים ואברהם רוכלעמער. ייתכן, כי היו גם אחרים אך שמותיהם נשמטו מזכרוני. איש מהם לא נותר בחיים. הם ניספו בגירוש במרץ שנת 1942.

## הקמת הגיטו, רעב ומוות

כאמור, הגיטו הוקם בשנת 1941. מהשוק ומאיזור הווייסל גורשו היהודים וקובצו לסימטה צרה, לסימטת נאדז׳צ׳נה. בדרך מקרה השיגה משפחתנו דירה מרווחת למדי, אצל אשה זקנה, אולם רוב היהודים נאלצו להדחס בחדרים קטנים ובדירות צרות משותפות למשפחות אחדות.

הגיטו הוקף בגדר־תייל. היציאה אסורה היתה, פרט לעובדים שעבדו מחוצה לו. ענידת המגן דוד היתה חובה על כולנו ומי שנתפס בלי סרט זה צפוי היה לעונש מוות. לחם חולק לפי כרטיסים, לחם צר שלא הספיק להחיות את הנפש. אולם לנו לא חסר לחם, כי טחנת־הקמח של אבא עוד עבדה וקמח ללחם לא חסר לנו.

בחורף שנת 1941, שהיה קשה מאוד, מתו יהודים רבים בגיטו מרעב ללחם. בתקופה הראשונה לאחר הקמת הגיטו עוד הורשו האיכרים להיכנס לתוכו ומי שהפרוטה עוד היתה מצוייה בכיסו יכול היה לקנות אצלם מצרכים שונים. לאחר מכן נאסר על הפולנים להיכנס לגיטו והרעב החל להתפשט. בקוזמיר, לפני המלחמה גרו כ־500 משפחות יהודיות אולם בגיטו היה מספרם רב יותר שכן שוכנו בו פליטים יהודיים מוורשה ומלודז׳ וממקומות אחרים. פליטים אלה דימו בלבם, כי בעיירה קטנה ייקלו עליהם החיים.

## גירוש קוזמיר

הגירוש הראשון של יהודי קוזמיר נערך במרץ 1942. מפקד המקום הודיע כי קוזמיר חייבת להיות „יודן־ריין". במשך שלושה ימים חייבים היו יהודי קוזמיר לעזוב את העיירה: אנו גורשנו לעיירה אופולה הסמוכה, שם חוסלו יהודי קוזמיר.

בתחילה יצאה דלת־העם, שלא היה לאל־ידה לשלם עבור הנסיעה בעגלות ולכן הועברו חינם אין־כסף. כאמור, הם גורשו לאופולה. משפחתי יצאה ביומו השני של הגירוש. שכרנו אצל איכר „עגלת־סולם", בה נסעו הורי, שתי אחיותי הקטנות ואני. לקחנו איתנו בגדי־חורף וציוד חורפי. בטראנספורט זה יצאו מהעיירה יהודים אמידים יותר. יום קודר היה היום הזה. גשם ושלג ירדו לסירוגין. קר היה לנו והרעב הציק לנו מאוד, ודרכנו למקום גירושנו ארכה כמחצית היום. בדרך פגשנו יהודים מעיירות אחרות שאף הם גורשו לאופולה.

## אפריל שנת 1942 — הטראנספורט הראשון להשמדה

כאשר הגענו לאופולה נודע לנו כי כאן אסור ליהודים לנוע בחופש. הוכנסנו לצריפים מוכנים מראש. יהודי אופולה עצמה כבר היו מסוגרים בגיטו, ממנו אין יוצא ואין בא. הצטופפו בו גם יהודים ממקומות אחרים שגורשו קודם־לכן לאופולה. היו

ביניהם יהודים מעיירות הסביבה: וונוולניצה, קורב, קונסקה־וולה, באראנוב, מייכוב, יוזפוף וקושיץ. כולם גרו בצריפים, שהוקמו בבצות מחוץ לעיירה, וגודרו בחוטי־תייל והיציאה נאסרה עליהם.

קרובי־משפחה היו לנו בעיירה זו — חברי היודנראט. משנודע להם כי גם אנו בין המגורשים מקוזמיר, העבירו אותנו לגיטו. כבר שכרנו דירה לגור בה, אך טרם היה הסיפק לעבור אליה גורשנו בו בלילה חזרה לצריפים. כך קרה לכל אלה שניסו לעזוב את הצריפים ולהשתכן בתוך הגיטו.

לאחר חצות הלילה (זוכרת אני כי אבא הסתכל אותה שעה בשעונו) פרצו לצריפים אוקראינים בצעקות: „אללע מענער ראוס!" מהומה ואימה אחזה את כולם, נשים פרצו בבכי גדול והגברים יצאו את הצריפים. כעבור שעה קלה שוב הופיעו האוקראינים ופקדו על כולם לעזוב את הצריפים. עמדנו בחוץ. אמא, אחיותי הקטנות ואני. במרומים ניצנצו כוכבי־נצח אדישים לגורלנו והלילה היה עמוק והמוות שלט ביקום. הובלנו לכיכר השוק המרובעת של אופולה, שם עמדו הגברים בשורות ארוכות והלילה השחור עטפם בדממה.

שעות ארוכות עמדנו שם. בתחילה צוונו להערים כל חפצינו לערימה אחת. בעוד אנו עומדים בכיכר השוק נורה למוות נכה, מבני העיירה, שאיבד רגלו בעבודתו אצל הגרמנים במחצבות האבן. בינתיים הוסיפו להגיע עגלות נוספות מלאות יהודים מגורשים ממקומות שונים. כל הגברים התפקדו ולאחר־מכן הועמסו על העגלות. גם אבא שלי היה ביניהם.

אחריהם הועלו על העגלות הנשים והילדים ואז יצאה השיירה כולה לדרכה. אולם אנחנו עדיין המתנו. ודאי, נוכחו הרוצחים לדעת כי מיכסת הקרבנות נתמלאה הפעם, כי בפנותם אלינו אמרו: „גענוג!" צווינו לחזור לצריפים או לגיטו. היה זה הגירוש הראשון והוא נערך שלושה ימים לפני חג הפסח תש"ב — 1942.

אמא, אחיותי ואני באנו לגיטו והשתכנו בחדר ששכרנו קודם־לכן.

### הגירוש השני מאופולה — אמא בורחת

בגיטו אופולה שהינו כשישה שבועות. כל אותו זמן שרר בו שקט יחסי. מהמגורשים לא הגיעה כמעט שום ידיעה, לעתים הגיעה גלויית־דואר שהושלכה מרכבת — ובה היה כתוב: „אנו מובלים לכיוון בלתי־ידוע" וחתומה על־ידי כמה אנשים תושבי קוזמיר, ביניהם חתימתו של אבא. יותר לא שמענו עליהם דבר.

עברו שישה שבועות ושוב גורשו יהודים מצריפיהם, אך בינתיים הספיקו אלה לבנות להם מחסות סמויים. כאשר החלו להלך שמועות על גירושים נוספים נמלטו היהודים למקלטיהם. האוקראינים בלווית שוטרים יהודיים החלו לעבור על בתי היהודים ולחפש המסתתרים. גם אנו בנינו מחסה, בעליית־הגג של הבית ובאותו יום ישבנו כולנו במחסה. לפתע ביקשה אחותי הקטנה מעט מים כי היתה צמאה. כאשר אמא יצאה

ממחבואה להביא לה מים הופיעו לפתע האוקראינים ותפסו את אמי. היא התגוננה, שמעתי את צעקותיה, אבל הבריונים גברו עליה ולקחו אותה איתם. מספר החטופים באותו יום הגיע ל־6—5 אלפים. המצוד ארך שלושה ימים.

למחרת היום יצאתי ממחבואי ופניתי לקרובי (ויזנברג וקוגוט) בבקשת עזרה. אך הם היו חסרי־אונים ולא יכלו להושיע, כי על הצריפים הופקדה שמירה כבדה. בכל־זאת הצלחתי לראות את אמי בצריף אליו היא נלקחה. היא קראה לעברי להימלט מיד מהמקום ולא — יתפסו גם אותי. ביום השלישי יצא הטראנספורט לדרכו, החטופים עשו דרכם מאופולה לנאלנצ׳וב ברגל. אולם אמא לא השלימה עם גורלה, בזוכרה כי השאירה שלוש ילדות רכות בגיטו בלי כל השגחה וטיפול. היא החליטה לברוח מהטראנספורט, אולם נתפסה והוכתה מכות רצח. אף־על־פי־כן לא אמרה נואש ושוב ניסתה את מזלה והפעם הצליחה. ביום הרביעי חזרה אלינו. היה לילה, היא השתנתה מאוד במשך הימים הספורים וכולה — חבורות ופצעים. קשה היה להכירה כי זו אמנו הטובה. היא סיפרה, ששמעה בדרך, כי מחר יגורשו כל יהודי אופולה. לכן חייבים אנו מיד לברוח מהגיטו. הייתי אז כבת שש־עשרה שנים ולא ידעתי מה עלי לעשות עם אחיותי הקטנות — אחת בת שתים־עשרה שנה והאחרת בת עשר שנים. בו בלילה נמלטתי מהגיטו עם אחותי הצעירה יותר, חנקה ואתי ברחו חברתי מקוזמיר ואחותה הקטנה.

## הבריחה; שוטר פולני חוטף ילדים ומביאם לקוזמיר

שוטר פולני שהיה מכרה של אמא מקוזמיר הוציאנו מהגיטו. לאמא נודע כי הוא מתגורר סמוך לגיטו באופולה ופנתה אליו. בתחילה סרבתי לנטוש את אמא אולם היא השביעתני בזכרו של אבא לעשות כדבריה, כי ידעה שמחר יהיה מאוחר מדי, והוסיפה שאם יוטב לה, תברח גם עם אחותי הקטנה.

השוטר הפולני הציאנו מהגיטו והראה לנו הדרך בה עלינו ללכת. כל הלילה צעדנו, ילדות רכות בשנים, הלכנו בביצות, כי רצינו להימנע מללכת בכביש, בו הסכנה מרובה. מרחוק ניצנץ אור באחת הביקתות והתקדמנו לקראתה. גר בה שומר־יערות פולני. בראותנו באמצע הלילה הקר והאפל התעוררו רחמים בלבו והכניסנו לביקתתו, השקה אותנו בתה והראה לנו הדרך הלאה.

ידענו כי בקוזמיר אין עוד יהודים ולכן רצינו להגיע ליאנובצה, בה עדיין נותרו מבני־עמנו. בעיירה זו טרם נערך מצוד ויהודיה עדיין ישבו במקומם. לאחר דרך ארוכה הגענו לכפר קטן. ידעתי, מכאן קרובה הדרך לקוזמיר, אולם ברגל לא נגיע אליה עד עלות השחר. לכן ביקשנו מעגלון שיסיענו לקוזמיר תמורת הכסף וחפצי־הערך שאמא נתנה לי. מצאתי איכר אחד שהסכים להובילנו לקוזמיר, בתנאי שנמסור לו כל אשר אתנו. הסכמתי לתנאי זה ואז התערבה אשתו באמרה: „לא ארשה שתוביל ילדים יהודיים, הרי עלולים לירות בך...״ וגורשנו מביתה.

כוחותינו הלכו וכלו ובמאמץ אחרון הגענו לשפת הווייסל. כבר היתה שעת צהרים כאשר עמדנו ליד הנהר. עליתי לסוללה שעל שפת הנהר, כדי להטיב לראות הסביבה ולפתע שמעתי קריאה: „האלט!" שוטר פולני תפס אותנו ומיד הכיר כי ילדים יהודים אנו. הוא הרביץ לנו מכות נאמנות, שדד מאתנו כל אשר היה לנו והובילנו לתחנת המשטרה בקוזמיר. כאן נוכחנו לדעת כי תעינו בדרכנו, שכן בהתפסנו כבר היינו מעבר לקוזמיר. ביקשתי מהשוטר כי ירחם עלינו, אך ללא הועיל. הוצבנו לפני מפקד התחנה והאיש היה לבדו בחדר. הוא הכירני מיד וזכר אותי מהימים עת הייתי מביאה לתחנה כסף, קמח וכד'. הוא לא רמז דבר כי הכיר אותי, אך הכניסנו לחדר סמוך והגיש לנו תה. אמרתי לו לו כי הוא משקנו בטרם נירצח, כפרגיות לפני שחיטתן. הוא שאל: „מדוע לפני מותכן?" והרי ידעתי כי חיי יהודים רבים רובצים על מצפונו. הרי הוא „פולקס־דויטשה", שומכר. סיפרתי לו, כי השוטר שעצר אותנו שדד מאתנו כל רכושנו. מיד יצא המפקד את החדר ובשובו היו בידיו כל כספנו וחפצינו. רציתי לתת לו כל שהיה לנו אך הוא סירב לקחת והוסיף כי עלינו להמתין עד שיירד הערב ואז יוצאנו מכאן ויראה לנו הדרך הנכונה. אמרתי לו כי אנו רוצות להגיע ליאנובצה, כהוראת אמא, כי שם נותרו עדיין יהודים.

ואכן, עם ערב הוציא אותנו מפקד המשטרה. הוא רכב על אופניו ואנו צעדנו אחריו. תחנת המשטרה שכנה לא הרחק מהנהר ולשם הוא הביא אותנו.

דממת מוות שררה בקוזמיר, כאילו ננטשה העיירה מאדם ובהמה. כבית־קברות שריח המוות נישא בחללו היתה קוזמיר. עתה לא נותר בה אף לא יהודי אחד. יהודי קוזמיר הועלו על מוקד ודם נקיים שטף את סימטאותיה.

זו היתה הפעם האחרונה שרגלי דרכו על אדמת עיירת הולדתי.

הודינו למפקד המשטרה ואנו המשכנו בדרכנו. תמורת תשלום לאחד הגויים חצינו את הווייסל וכבר עמדנו ביאנובצה.

## גירוש יהודי יאנובצה לזוולין

בעיירה הקטנה יאנובצה לא הוקם גיטו. לא אדע כמה יהודים התגוררו בה לפני המלחמה. בהגיעי לשם מצאתי בה יהודים רבים מקוזמיר ומהסביבה. פניתי לבית דודי, ויזנברג, יחד עם אחותי הקטנה. שהינו בביתו כשישה שבועות — עד לגירוש.

למחרת היום הלכתי לדואר לטלפן לאופולה לשוטר ההוא, כפי שנדברתי עם אמא לכשאגיע ליאנובצה. בבית־הדואר נאמר לנו, כי אין כל קשר עם אופולה, שכן נערך בה עתה גירוש היהודים. היה זה בחודש מאי, מכל־מקום לפני חג השבועות תש"ב (1942).

כשישה שבועות לאחר הגיענו ליאנובצה גורשו יהודי העיירה לזוולין. היה זה ביום שבת. התגוררנו אז בבית מכירי הדוד. ב„אפעל" בשוק העיירה שנערך ביום שני, בחרו הגרמנים שלוש מאות יהודים וביניהם הייתי גם אני ושולחנו למחנה־העבודה בסקארז'יסק־

קאמייני. יתר היהודים גורשו לטארלוב, ביניהם אחותי הקטנה, שגורלה היה כגורל שאר קרובי.

## סלקציה וטיפוס במחנה העבודה

בקיץ שנת 1942 הגעתי למחנה העבודה בסקארז׳יסק. שכנו בו בתי־חרושת גדולים לתחמושת שהוקמו לפני המלחמה. עבדנו שם עבודת פרך, 14—16 שעות לימה, שעות ארוכות עמדנו ב״אפעל׳ים״ והאוכל לא הספיק כדי להחיות את הנפש. הדרך מהמחנה לבית־החרושת היתה ארוכה וקשה. בתחילה לבשנו את בגדינו, אך במרוצת הימים התרפטו ונקרעו ולא כיסו את גופינו. בחורף היה המצב קשה פי שבע. היו בין הכלואים שקיבלו חבילות מקרוביהם בחוץ. לי לא היו עוד קרובים ודבר לא קיבלתי.

בשנת 1943 פרצה מגיפת טיפוס במחנה, שהפילה חללים רבים. גם אני חליתי והועברתי לצריף בו שכבו נשים חולות נגועות־טיפוס. חברותי לא הניחו לי ללכת לצריף ההוא, כי ממנו לא חזרו. אולם לא היתה ברירה. איני יודעת כמה זמן שכבתי שם. באחד הלילות נכנסו לצריף ה״וורק־שוץ־לויטה״, הוציאו כל החולות והובלו לחורשה הסמוכה שם נורו כולן למוות.

לא אדע כיצד הושארתי בצריף — ונותרתי בחיים. למחרת היום הובלתי למרחץ ומשם לצריפי.

באחד הימים החלטתי להשאר בצריף, לאחר עבודה במשמרת־לילה. ביום זה נערכה סלקציה במחנה, כי הגיע הפולקס דויטשה רומאנקו. הוא עבר מצריף לצריף ולקח עימו כל אדם שמצא בדרכו. אנשים אלה נדונו למוות. גם אני הייתי בין הנצודים וחכיתי עם כל השאר לגזר דיני. היה ליל־שבת, על לבי עלו זכרונות מימי חיי, מבית־אבא, העיירה בהדר־יופיה, ילדות ונעורים. עוד רגעים מעטים לא אהיה עוד בין החיים ומה מאוד רציתי לחיות!

משום־מה ניצלנו והוחזרנו לצריפינו.

שנתיים ומחצית השנה הייתי כלואה בסקארז׳יסק. וכאשר התקרבו צבאות הרוסים הועברנו לצ׳נסטוחוב. במחנה החדש עבדתי במשך שמונה חודשים בבית־חרושת, שהיה סניף לבית־החרושת שבסקארז׳יסק. לאחר־מכן נערכה סלקציה והובלתי למחנה ראוונס־ברוק, בגרמניה.

## מחנה הנשים בראוונסברוק ושריפת הגוויות

הגעתי לרוונסברוק ב־1 ביאנואר 1945. עד שנת 1944 היו במחנה נשים מכל קצות אירופה ומכל העמים פרט לנשים יהודיות. תנאי־החיים במחנה זה היו ללא נשוא ואיומים מכל אימה. שישה שבועות שהיתי בו ושם ראיתי לראשונה כבשנים לשריפת

גוויות מומתים. גם חדר־עינויים לעינויי נשים ראיתי שם וה„אפעלים" במחנה זה היו נוראים. עמדנו בהם משלוש בלילה ועד שבע בבוקר. אחר כך התפקדנו והחורף היה קר ואיום, הכפור ללא נשוא ומלבושינו — סמרטוטים בלויים. לאחר ה„אפעל", בשעה שבע בבוקר לקחו המשגיחות הפולניות והגרמניות את אסיריהן ויצאו איתן לעבודת יומן. יום־יום נשלחתי לעבודה אחרת. פעמים אחדות הועסקתי בהובלת גוויות מומתים לכבשנים. פניהם היו צהובים ולא יכולתי להסתכל בהן. הגוויות הועמסו על עגלה קטנה, כוסו במעט סמרטוטים וכך הובלו לכבשנים. גופות הנשים היו צרור של עצמות בלבד. פעם נכנסתי לכבשן וראיתי כיצד מושלכות הגוויות לתוך האש ובלילה עלו ניצוצות מהארובה שהעלתה בעשן חיי אנשים חפים מכל עוון, שנרצחו בידי חיות טורפות מהלכות על שתיים מבני הגזע הארי־הגרמני!

במחנה ראוונסברוק עבדתי חודשיים וחצי. פעם נלקחתי לצריף בו נערכו „ניסויים רפואיים" בנשים. בנשים יהודיות לא נערכו נסויים כאלה. רק נשים צרפתיות ופולניות שנאסרו בעוון פעולה מחתרתית הובאו לכאן. לא נוכחתי בשעת עינוייהן, רק צעקות האימים שלהן שמעתי מחדר הניסויים. בצאתן משם היו הנשים מוכות ופצועות וכך הובלו חזרה לצריפיהן. הן נראו כזוועה.

המזון במחנה זה היה טוב יותר ממחנות אחרים, אך כיוון שהיו שם כה הרבה נשים היינו אנחנו אחרונות בתור לחלוקה.

רוב האסירות עבדו עבודות פרך. האבנים שהערמנו היום, פיזרנו למחרתו. גם בפריקת קרונות פחם עבדנו או במרתפים בהם אוחסנו תפודים או כרוב. אשה שהועסקה בעבודה כלשהי קיבלה תוספת לחם ואני תמיד השתדלתי לעבוד, גם משום שבעבודה הרגשתי עצמי בטוחה יותר. אבל לא טיפחתי תקוות רבות שממחנה זה אצא חיה. משם הועברנו לבורגאו.

### במחנה בורגאו — רעב; הטראנספורט לטירגהיים; השחרור

במחנה בורגאו הוקל מעט, כי לא עמדנו שעות ארוכות כל־כך ל„אפעל". כאן הם היו קצרים יותר ונערכו בשעה שבע בבוקר. לעומת זאת סבלנו רעב כבד. כולם היו נפוחי־כפן ולא הועסקנו בשום עבודה. אולם לא שהינו במחנה זה זמן רב. משם הועברנו למחנה טירגהיים. מגורינו היו בבונקרים, מתחת לאדמה. בורגאו וטירגהיים היו סניפי מחנה דאכאו ומפקדו של טירגהיים היה אחד בשם בארון, גרמני, שהשתמט מללכת לחזית. מאחוזתו היה מביא מדי בוקר עגלה מלאה תפודים ובעצמו היה מחלק אותם בין האסירים. במחנה זה היו עצורות רק נשים יהודיות מפולין והונגריה. כאשר הגיעה פקודה להעבירנו משם לא נחפז לבצע אותה והיה דוחה את ביצועה מיום ליום כי ידע כי בכל רגע עתידים להופיע האמריקנים ולשחררנו. לבסוף אסף אותנו הגרמני בארון ואמר לנו לברוח, אשה־

אשה כרצונה. הוא פקד על השומרים לא לירות עלינו, צויידנו בכיכר לחם וכך ברחנו מהמחנה. היה זה באפריל שנת 1945.

בצאתי לכביש הופיעו מטוסים אמריקניים בשמים ובתוך המהומה שהתעוררה בשל כך ברחתי עם כמה נשים ליער. למחרת הופיעו אמריקנים ושיחררו אותנו. לצערי, מי שלא ברח ביום זה לא נותר בחיים, כי אנשי הס.ס. העבירו את שארית הנשים לקרונות־רכבת ושם העלו אותן באש.

בצאתי מהמחנה היה ראשי מגולח, כגזרת הגרמנים בראוונסברוק. מהיער פניתי לאירזינג, שם חליתי ושכבתי רתוקה למיטה כחודש ימים אצל אשה זקנה. משם נסעתי ללאנדסברג אבל לא השתהיתי בה זמן רב, כי מיד אורגנה קבוצת ילדים שהתעתדה לעלות לארץ־ישראל. אבל נעצרנו על־ידי האנגלים שהובילו אותנו למחנה בקפריסין. באי הזה ישבנו כשמונה חודשים.

אולם באיטליה לא ביזבזתי את זמני לריק, כי שם התחתנתי עם חיים כהן, מהעיר ביילסק. בעת המלחמה הוא היה כלוא במחנה אושביץ ומשם הועבר לבוכנוואלד, ממנו הצליח לברוח.

ב־15 במאי 1947 הגעתי לארץ־ישראל.



אסתר כהן (קייזער)

# איבערגעלעבט דאָס היטלעריסטישע גיהנום

אין יאָר 1939, ווען ס'איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה, האָב איך געענדיקט די אַלגעמיינע שול אין קוזמיר. לערנענדיק אין דער פּוילישער שול, האָב איך גלייכצייטיק יעדן נאָכמיטאָג באַזוכט די יידישע "בית־יעקב"־שול.

## אַ יידישע היסטאָרישע שטאָט

קוזמיר איז געווען אַן אַלטע יידישע קהילה. יידן האָבן דאָ געוווינט פון די צייטן פון זייער אָנקומען קיין פּוילן. אין קוזמיר איז געווען אַ שיינע, אַלטע שול, מיט פאַרשידענע אַלטערטימלעכקייטן פון די צייטן פון קיניג קאַזשימיעזש דעם גרויסן. ס'איז אויך געווען אַן אַלטער בית־הקברות, וווּ עס האָבן זיך געפונען די קברים פון גרויסע רבנים און געלערנטע. ווען ס'איז געווען די יאָרצייט פון איינעם פון די רבנים, זענען זיך אַהער צוזאַמענגעפאָרן יידן פון גאַנץ פּוילן. איך געדענק אויך דאָס צימער, וווּ עס האָט געלעבט, זייער אַ לאַנגע צייט צוריק, דער גרויסער רבי ר' יחזקאלע. אין דעם צימער בין איך געגאַנגען יעדן פרייטיק אויפרוימען. איך געדענק גענוי, אַז דאָס צימער איז געווען אין זייער אַן אַלט הויז, וווּ עס האָט געוווינט דער אַלטער רבי. אויף דער וואַנט איז נאָך אַלץ געהאָנגען זיין שלאָפראָק. זעט אויס, אַז רבי יחזקאלע איז געווען זייער אַ הויכער, ווייל דער שלאָפראָק איז געווען אַ גרויסער. איך האָב געהאַט חשק אים אָנצורירן, נאָר איך האָב מורא געהאַט. אויף דער וואַנט איז געהאָנגען זיין גרויסער קאַפּעליוש און שטעקן. אויך איז דאָרט געשטאַנען זיין שטול און אייזערן בעטל. ס'איז געווען אַ גרויסע איבערלעבונג דאָרט זיך צו געפונען. איך האָב געהאַט אַ חברטע, אַן אור־אור־איייניקל פונעם רבין, האָט זי געהאַט די רעכט דאָרט אַריינצוגיין — און מיט איר האָב איך אָפט געפלעגט אויפרוימען דאָס צימער.

אין קוזמיר זענען געווען צוויי בתי־קברות. דער אַלטער איז שוין ניט באַנוצט געוואָרן הונדערטער יאָרן, און אַ נייער. איך בין קיינמאָל ניט געגאַנגען אַליין אויפן בית־הקברות, כ'האָב אַפילו מורא געהאַט דאָרט אַדורכצוגיין.

געווען אויך ביי אונדז אַלטע בתי־מדרשים, אַ באָד.

מיר האָבן געהאַט אַ שיינע יוגנט. דער רוב איז געווען ציוניסטן, אַנגעהערט צו פאַר־שידענע אָרגאַניזאַציעס. איך האָב געהערט צו אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. מיר האָבן דאָ געהאַט אַ שיין לעבן. געלערנט העברעיש, געהאַט מדריכים, וועלכע האָבן אונדז דער־צויגן אין גייסט פון אהבת ציון און פון עליה קיין ארץ־ישראל.

## צעשטערונג און פראָפאַנירונג פון דעם אַלטן בית־עולם

בעתן אויסברוך פון דער מלחמה, בין איך געווען אין קוזמיר. איצט האָט זיך אָנגע־הויבן אַ שווידערלעך לעבן. בעת פאַר דער מלחמה האָבן מיר געלעבט זייער גוט, מיין פאָטער האָט געהאַט אַ מיל, מיר האָט אין דער היים גאָרניט געפעלט — איז דערנאָך געקומען דאָס גרויסע אומגליק: הונגער, נויט און פיין.

אין יאָר 1940 האָבן די דייטשן צעשטערט דעם אַלטן בית־הקברות, אים אויסגע־גלייכט מיטן שאָסיי און דאָרט אויפגעבויט אַ גרויס הויז, אַ שול פאַר דער „היטלער־יוגענד". פאַר אונדז, יידן, איז דאָס געווען אַ שרעקלעכע איבערלעבונג. מיר האָבן זיך דאָס ניט געקענט פאָרשטעלן. מיר האָבן געגלייבט, אַז ווער עס וועט אָנרירן דעם בית־הקברות — וועט באַלד אומקומען. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז מיר זענען אומ־געקומען... יעדן טאָג — אָן אַנדערער...

ווען די דייטשן האָבן זיך דערוווּסט, אַז אויף דעם בית־הקברות רוען די ביינער פון אַלטן רבין, האָבן זיי אויפגעעפנט זיין קבר, אַרויסגענומען די שאַרבנס און אַרומגעטראָגן איבער די גאַסן. איך האָב עס אַליין געזען.

די דייטשן האָבן אויסגענוצט די שיינע געגנט פון קוזמיר, ווו מענטשן פון גאַנץ



מניצולי השואה, שזכרונו־תיהם מתפרסמים בספר (מימין לשמאל): הינדה קורל־ברייטר, שמואל־לייב ויזנברג, אסתר קייזר־כהן, פולה קורל־צוקר.

פיר אָפּגעראַטעוועטע פון אומקום, וועלכע זענען גע־ווען צוזאַמען. זייערע זכ־רונות ווערן פאַרעפנטלעכט אין בוך (פון רעכטס צו לינקס): הינדע קאַראַל־ברייטער, שמואל־לייב ווי־זענבערג, אסתר קייזער־כהן, פאָלע קאַראַל־צוקער.

פוילן האָבן געפלעגט קומען אויף אַפּרו, אַראָפּגעבערענגט אַהער אַ סך דייטשע יוגנט, וווּ מען האָט זיי געלערנט מאָרדן יידן.

אין קוזמיר איז אויך געשטאַנען פיל מיליטער. זיי האָבן זיך בעסער באַצויגן צו דער יידישער באַפעלקערונג. יידן האָבן ביי זיי געאַרבעט און דערפאַר באַקומען עסן. אָבער דאָס האָט לאַנג ניט געדויערט, ווייל אין 1941 האָט מען שוין געשאָפן דאָס געטאָ.

פאַר דער מלחמה איז קוזמיר געווען אַן אַפּרו־אָרט, געווען דאָ פיל פּענסיאָנאַטן. אַ סך פּאָליאַקן האָבן דאָ געהאַט הייזער און ווילעס, אין וועלכע זיי האָבן פאַרברענגט זומער־צייט. בעת דער מלחמה, זענען זיי מער ניט געקומען און די הייזער זענען געשטאַנען ליידיק. די דייטשן האָבן פאַרנומען די הייזער און אַריינגעזעצט דאָרט מיליטער און ס.ס.

פאַרן קריג האָט דער גרעסטער טייל יידן פון קוזמיר זיך פאַרנומען מיט האַנדל. אויך אין פרייע פּראָפעסיעס זענען געווען אַ סך יידן.

## די ערשטע פאַרפאָלגונגען, יודענראַט און יידישע פּאָליציי

באַלד ווי די דייטשן זענען אַריין קיין קוזמיר, האָבן זיי גענומען מענער צו דער אַרבעט. פונעם יאָר 1941, האָבן זיי אויך פרויען גענומען צו אַרבעט און מיידלעך. איך בין דעמאָלט אַלט געווען 15 יאָר און געמוזט אַרבעטן ביי די דייטשן: געוואַשן פּאָדלאָגעס, גערוימט, געשיילט קאַרטאָפל, געקערט די גאַסן און אָפּגערייניקט דעם שניי.

אַמאָל האָט מען מיך גענומען אויף אַרבעט אין דער ווילע פון דער שרייבערין מאַריאַ קונצעוויטש, וועלכע לעבט איצט אין אַמעריקע. איך האָב זי געקענט נאָך פון פאַר דער מלחמה, געלייענט אירע ביכער פאַר קינדער. אין איר ווילע האָבן געוווינט זשאַנדאַרן. פון דאָרט זענען אַרויס אַלע פאַראָרדענונגען און פאַרפאָלגונגען קעגן יידן. דאָרט איז געווען זייער הויפּט־שטאַב.

אַמאָל האָט מען מיך גענומען אַרבעטן אויף דער ווייסל, וווּ ס׳איז געווען אַ קאַסינאָ. דער אייגנטימער איז געווען אַ דייטש — שינדלער. אַ לענגערע צייט האָבן איך דאָרט געאַרבעט.

די דייטשן האָבן געשאַפן אַ יודענראַט. זיין פּרעזעס איז געווען חיים פייערשטיין — אַ רייכער ייד. די מיטגלידער: נחום זאַנשיין, שמואל קירשנבוים און יונה לוסטיק.

אין קוזמיר איז אויך געווען אַ יידישע פּאָליציי, וועמענס הויפּט־אויפגאַבע איז געווען צוצושטעלן אַרבעטער פאַר די דייטשן. אין דער פּאָליציי זענען געווען: ירחמיאל ראָזען, יעקב גאָלדבאַום, משה קירשנבוים און אברהם רוכלעמער. קען זיין, אַז עס זענען געווען נאָך אַנדערע, נאָר איך געדענק ניט זייערע נעמען. קיינער פון זיי איז ניט געבליבן. כמעט אַלע זענען אומגעקומען בעת דער אויסזידלונג, אין אַפּריל 1942.

## אַנטשטייונג פון געטאָ; טויט־פאַלן פון הונגער

אין 1941 איז אין קוזמיר געשאַפן געוואָרן דאָס געטאָ. מיר האָבן געוווינט אויף דער לובלינער גאַס. פון דאָרט האָט מען אונדז אויסגעזידלט אין געטאָ אַריין. מען האָט אויך אויסגעזידלט די יידן פון רינעק און פון דעם ווייסל־ראַיאָן. מען האָט אויסגעטיילט פאַרן געטאָ אַ קליין געסל, די נאַדזשעטשנע. דאָרט האָבן מיר זיך געמוזט איינאָרדענען. אונדזער משפחה האָט צופעליק באַקומען אַ גענוג גרויסע דירה ביי אַן אַלטער פרוי, אָבער דער רוב איז איבערגעזידלט געוואָרן אין קליינע שטיבלעך, ווו עס האָבן זיך געמוזט צונויפקוועטשן צו עטלעכע משפחות.

דאָס געטאָ איז געווען אַרומגעצוימט מיט שטעכלדראָט. מען האָט פון געטאָ ניט געטאָרט אַרויסגיין, אויסער די, וועלכע האָבן געאַרבעט. מיר האָבן געמוזט טראָגן ווייסע אָרעם־בענדער מיט אַ בלאָען מגן־דוד. פאַר ניט טראָגן די באַנד האָט געדראָט טויט־שטראָף.

מען האָט צוגעטיילט ברויט אויף קאַרטן, אָבער זייער ווייניק. מיר זענען געווען אַן אויסנאַם, וואָס אונדז האָט ניט געפעלט קיין עסן. מיר האָבן נאָך געמאָלן אין דער מיל און געהאַט מעל און גרויפּן. אין 1942 האָט געהערשט אַ שטאַרקער הונגער, פיל מענטשן זענען דעמאָלט געשטאָרבן. איך אַליין בין געווען אַן עדות פון די טויט־פאַלן. עס איז געווען אַ שרעקלעכער ווינטער. מ׳האָט ניט געהאַט מיט וואָס צו הייצן.

אונדזער מיל איז געווען אויף דער לובלינער גאַס. יעדן טאָג זענען מיר דאָרט געגאַנגען מאָלן, פאַרנאַכט זיך צוריקגעקערט אין געטאָ. דער קאָמענדאַנט פון דער פּוילישער פּאָליצײ, דער פאָלקסדייטש שומאַכער, האָט פאַר אַ סך געלט אונדז דערלויבט צו מאָלן. געווען אַ צייט, ווען אין געטאָ פלעגן קומען פויערים און געברענגט פּראָדוקטן צו פאַר־קויפן. ווער עס האָט נאָך געהאַט געלט — האָט זיך געקענט צוקויפן אַ ביסל עסן. שפּע־טער האָט מען פאַרבאָטן די פּאָליאַקן אַריינצוגיין אין געטאָ און דער הונגער האָט זיך אָנגעהויבן.

אין קוזמיר האָבן ביז דער מלחמה געוווינט בערך 500 יידישע משפחות. אָבער אין געטאָ זענען געווען אַ סך מער יידן — פּליטים פון וואַרשע, לאָדזש און אַנדערע ערטער. זיי האָבן געמיינט, אַז אין אַ קליין שטעטל וועט זיין בעסער.

## די אויסזידלונג פון קוזמיר

די רשטע אויסזידלונג איז פאָרגעקומען אין מערץ 1942. דעמאָלט האָט יעדער געקענט אַרויספאָרן. מיר זענען אַרויסגעפאָרן דעם צווייטן טאָג. דער אָרט־קאָמענדאַנט גהעדע האָט דערקלערט, אַז קוזמיר מוז זיין „יודענריין". ער האָט געגעבן דריי טעג

צייט פאַר אַלע קוזמירער יידן אַריבערצופאָרן אין אַנדערע ערטער. אויסגעזידלט האָט מען אונדז קיין אָפּאָלע — און דאָרט איז פאָרגעקומען די ליקווידאַציע פון די קוזמירער יידן.

דעם ערשטן טאָג זענען אַרויסגעפאָרן נאָר די אָרעמע מענטשן. זיי האָבן ניט געהאַט קיין געלט צו באַצאָלן פאַר די וועגעלעך, האָבן זיי באַקומען טראַנספּאָרט אומזיסט. די מענטשן האָט מען אַרויסגעשיקט קיין אָפּאָלע.

מיר זענען אַרויסגעפאָרן, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, דעם צווייטן טאָג, ד. ה. שבת אין דער פרי. מיר האָבן געדונגען אַ גרויסן לייטער־וואָגן. איך בין געווען מיט די עלטערן און מיינע צוויי שוועסטערלעך. מיר האָבן מיטגענומען מיט זיך וואָרעמע זאַכן אויף ווינטער. דעם טאָג זענען אַרויסגעפאָרן די פאַרמעגלעכערע מענטשן. ס'איז געווען קאַלט, מיר — הונגעריק און דערשעפּט.

## דער ערשטער טראַנספּאָרט צום טויט — אַפּריל 1942

ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין אָפּאָלע, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָ טאָרן מיר ניט פריי אַרומגיין, נאָר מוזן אַריין אין באַראַקן, וועלכע זענען ספּעציעל צוגעגרייט געוואָרן פאַר אונדז. אויפן וועג האָבן מיר געטראָפן פיל יידן אויף וועגענער, וועלכע זענען אויך געפאָרן קיין אָפּאָלע, ווייל אויך זיי האָט מען דעם טאָג אויסגעזידלט.

אָפּאָלע ליגט 21 ק"מ פון קוזמיר. פאַרן קריג האָבן דאָרט געוווינט אַ סך יידן. ווען מיר זענען געקומען אַהין, האָבן זיי זיך שוין געפונען אין אַ פאַרמאַכטן געטאָ. דאָ זענען אויך געווען יידן וועלכע מען האָט פריער אויסגעזידלט פון אַנדערע שטעטלעך פון דער סביבה: וואָנוואָלניץ, קאַריוו, קאָנסקיע־וואָליע, באַראַנאָוו, מיעכאָוו, יוזעפאָוו און קאַשיץ. אַלע אָנגעקומענע האָבן געמוזט וווינען אין די באַראַקן, אויסער דער שטאָט, געבויט אויף בלאָטעס, אַרומגעצוימט מיט שטעכלדראָט, עס איז געווען פאַרבאָטן אַרויסצוגיין פון זיי.

מיר האָבן אין אָפּאָלע געהאַט קרובים — מיטגלידער פון יודענראַט. ווען זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז מיר זענען געקומען פון קוזמיר, האָבן זיי אונדז אַריבערגעפירט אין געטאָ. מיר האָבן דאָרט געדונגען אַ דירה, אָבער ניט באַוויזן אַהין אַריין, ווייל אין דער זעלבער נאַכט איז מען נאָך אונדז געקומען — און מיר האָבן געמוזט זיך צוריקקערן אין די באַראַקן. דער זעלבער גורל האָט געטראָפן די אַלע, וועלכע זענען אַוועק פון די באַראַקן.

מיר זענען צוריק אין די באַראַקן, ווו מען האָט כסדר געבערענגט אַלץ מער מענטשן. ווען עס איז געוואָרן נאַכט, איז ניט געווען מיט וואָס צו אָטעמען, אַזוי פיל יידן זענען געווען אין די באַראַקן. עס האָבן קורסירט פאַרשידענע קלאַנגען: וואָס וועט מען מיט אונדז טאָן? וועט מען אונדז אויסשיסן?...

נאָך צוועלף ביינאַכט (איך געדענק, מיין פאָטער האָט כסדר געקוקט אויפן זייגער),

זענען אין באַראַק אַריין עטלעכע אוקראַינער מיט אַ געשריי: „אַלע מענער ראַוס!".
צווישן די יידן איז אַנטשטאַנען אַ גרויסער טומל, געשרייען און געוויינען... אַלע מענער זענען אַרויס פון די באַראַקן. נאָך עטלעכע מינוט, זענען ווידער אַריין אוקראַינער מיט אַ געשריי, אַז אַלע מוזן פאַרלאָזן די באַראַקן! ווען איך בין אַרויס מיט דער מאַמען און די שוועסטערלעך פון באַראַק, זענען נאָך געווען שטערן אויפן הימל... מען האָט אונדז אַוועקגעפירט אויפן גרויסן פירקאַנטיקן רינעק אין אָפּאָלע. ניט געקוקט אויף דער טונקלקייט, האָב איך געזען אַלע מענער אויסגעשטעלט אין רייען...

מיר זענען נאָך געשטאַנען עטלעכע שעה. צו ערשט האָט מען געהייסן אַוועקלייגן אַלע אנדזערע זאַכן אויף איין אָרט. דער ערשטער קרבן וועמען מען האָט דערשאָסן אויפן רינעק, איז געווען אַ קאַליקע פון אונדזער שטאָט, וועלכער האָט פאַרלוירן אַ פוס, אַרבעטנדיק פאַר די דייטשן אין אַ שטיינהאַקעריי. איך האָב געזען, ווי מען האָט אים דערשאָסן. דערנאָך זענען אָנגעקומען אַ סך וואַגאָנער... ווען זיי זענען שוין געווען אויסגעשטעלט, האָט מען גענומען איבערציילן די מענער און אויסזעצן די מענטשן אין די וואַגאָנער. איך האָב געזען מיין פאָטער...

דערנאָך האָט מען געהייסן אַלע פרויען און קינדער אַרויפגיין אויף די וואַגאָנער. די פולע וואַגאָנער האָבן אָנגעהויבן אַוועקפאָרן. מיר זענען נאָך געשטאַנען... די דייטשן האָבן געציילט, זעט אויס, זיי האָבן שוין געהאַט גענוג, ווייל ווען זיי זענען צוגעקומען צו אונדז, האָבן זיי געזאָגט: „גענוג"! זיי האָבן אונדז געהייסן זיך צוריקקערן אין די באַראַקן, אָדער אין געטאָ. דאָס איז געווען די ערשטע אויסזידלונג, וואָס איך בין געווען דערביי אַן עדות. געווען איז דאָס אין אַפּריל, דריי טעג פאַר פּסח, 1942. מיר, איך און מיין ברודער מיט די שוועסטערלעך, האָבן זיך צוריקגעקערט אין געטאָ, אינעם צימער וועלכן מיר האָבן פריער געדונגען.

**די צווייטע אויסזידלונג פון אָפּאָלע.**
**דאָס אַנטלויפן פון מיין מוטער**

אין אָפּאָלער געטאָ זענען מיר געווען בערך 5 וואָכן. פאַר דער גאַנצער צייט איז געווען שטיל. פון די אויסגעזידלטע מענטשן האָבן מיר גאָרנישט געהערט. אַמאָל איז דערהאַלטן געוואָרן אַ קאַרטל, געשריבן פון דער באַן. עס זענען דאָרט געווען עטלעכע ווערטער: „מען פירט אונדז אין אַן אומבאַקאַנטער געגנט..." אונטערגעשריבן פון עטלעכע מענטשן פון קוזמיר, אויך פון מיין פאָטער. מער פון זיי האָבן מיר קיין מאָל ניט געהערט.

אַ געוויסן טאָג, נאָך 6 וואָכן, האָט מען ווידער גענומען כאַפּן יידן אין די באַראַקן און מען האָט ווידער גענומען ריידן וועגן טראַנספּאָרטן. מענטשן האָבן דערווייל אויסגעבויט זיך באַהעלטענישן — און ווען עס האָט זיך פאַרשפּרייט די ידיעה וועגן אויסזיד-

לען, האָט מען אָנגעהויבן לעבן אין די באַהעלטענישן. אין דעם טאָג זענען די אוקראַינער צוזאַמען מיט די יידישע פּאָליציי געגאַנגען פון הויז צו הויז און געזוכט די באַהאַלטענע. מיר האָבן אויך געהאַט אַ באַהעלטעניש אויפן בוידעם פון הויז, ווו מיר האָבן געוווינט. דעם טאָג זענען מיר שוין געווען באַהאַלטן. אָבער מיין קליין שוועסטערל איז געווען דורשטיק און געבעטן אַ ביסל טיי. גראָד אין דעם מאָמענט זענען אַריין אין שטוב אוקראַינער און צוגענומען די מוטער. זי האָט זיך געוועהרט, איך האָב געהערט אירע געשרייען, נאָר זיי זענען געווען שטאַרקער פון איר און זי גענומען. די צוגענומענע מענטשן פון געטאָ האָט מען אַוועקגעפירט אין די באַראַקן. דאָס צונויפזאַמלען דאָרט די 5—6 טויזנט יידן, האָט געדויערט דריי טעג.

דעם צווייטן טאָג בין איך אַרויס פון באַהעלטעניש, געגאַנגען צו מיינע קרובים (וויזנבערג און קאָגוט), בעטן זיי זאָלן מיר העלפן. אָבער זיי האָבן קיין סך ניט געקענט העלפן, ווייל די באַראַקן זענען שטאַרק געהיטן געוואָרן. מיר איז געלונגען צו זען די מוטער. זי האָט צו מיר געשריגן, אַז איך זאָל וואָס שנעלער אַוועק, אויב ניט וועט מען אויך מיך נעמען אין די באַראַקן. דעם דריטן טאָג איז דער טראַנספּאָרט אַוועק. די מענטשן זענען געגאַנגען צופוס פון אָפּאָלע קיין נאַלענטשאָוו. דאָרט איז געווען אַ באַן־סטאַציע. מיין מוטער האָט ניט געקענט שלום מאַכן מיט גדאַנק, אַז זי האָט איבערגעלאָזט די קינדער און איז אַנטלאָפן פון טראַנספּאָרט. מען האָט זי געכאַפּט באַלד ביים אַנטלויפן, שרעקלעך זי צעשלאָגן — אָבער זי איז ווידער אַנטלאָפן.

דעם פערטן טאָג איז זי געקומען צו אונדז. דאָס איז געווען ביינאַכט. זי איז ניט אַנטלאָפן פון דער באַן, נאָר פון וועג, בעתן מאַרש צופוס. זי איז געווען צעשלאָגן און געענדערט, אַז ס׳איז שווער געווען זי צו דערקענען. זי האָט אויפן וועג געהערט, אַז מאָרגן וועלן די דייטשן אויסזידלען אַלע יידן פון אָפּאָלע. איך דאַרף תיכף אַנטלויפן פון געטאָ. איך בין דעמאָלט אַלט געווען 16 יאָר, ניט געוווּסט וואָס צו טאָן אויך מיט מיינע שוועסטערלעך, איינע 12 יאָר אַלט, די אַנדערע — 10 יאָר. אין דער זעלבער נאַכט בין איך דאָך אַנטלאָפן פון געטאָ מיט מיין שוועסטערל חנהקע, וואָס איז געווען יונגער פון מיר. איך בין נאָך אַוועק צו מיינער אַ חברטע פון קוזמיר און זי צוגערעדט צום אַנט־לויפן. אויך זי האָט גענומען איר שוועסטערל און אַלע צוזאַמען האָבן פאַרלאָזט דאָס געטאָ.

**מיר אַנטלויפן פון געטאָ ; אַ פּוילישער פּאָליציאַנט כאַפּט אַלע קינדער און פירט זיי קיין קוזמיר**

אַ פּוילישער פּאָליציאַנט האָט אונדז אַרויסגעפירט פון געטאָ. דעם פּאָליציאַנט האָט מיין מוטער גוט געקענט נאָך פון קוזמיר. זייענדיק אין געטאָ, האָט די מוטער זיך דערוווּסט, אַז ער וווינט אין אָפּאָלע, ביי דער גרענעץ פון געטאָ. זי האָט מיר גענוי אָנגעצייכנט ווו

ער וווינט און אַנגעזאָגט, אַז איך מוז די נאַכט אַוועק פון געטאָ, ווייל מאָרגן וועט זיין שפּעט. איך האָב ניט געוואָלט איבערלאָזן די מוטער... אָבער זי האָט מיך געבעטן און באַשווירן ביים אָנדענק פון מיין פאָטער, ווייל זי האָט געוווּסט, אַז דער פאָטער איז פאַר מיר געווען אַלץ. אַזוי בין איך אַנטלאָפן פון געטאָ...

די מוטער האָט מיר צוגעזאָגט, אַז אויב זי וועט מאָרגן זיך פילן בעסער, וועט זי נעמען דאָס קליינע שוועסטערל און אויך אַנטלויפן.

דער פּוילישער פּאָליציאַנט האָט אונדז אַרויס געפירט פון געטאָ און געוויזן דעם וועג ווּ צו גיין ווייטער. מיר האָבן ניט געקענט די געגנט. מ'איז געגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט. אויפן וועג — אַ סך זומפּן. מיר זענען ניט געגאַנגען אויפן שאָסיי, אויס מורא מען זאָל אונדז ניט כאַפּן. מיר האָבן דערזען פון דער ווייטנס אַ ליכט אין אַ כאַטע. אַזוי ווי די קעלט האָט שטאַרק געפּייניקט, ווייל אין יענער אַפּריל־נאַכט איז געווען זייער קאַלט, האָבן מיר באַשלאָסן דאָרט אַריינגיין. אין דער כאַטע האָט געוווינט אַ וואַלד־וועכטער. ער האָט אויף אונדז רחמנות געהאַט, געמאַכט טיי און געוויזן דעם וועג.

מיר האָבן געוווּסט, אַז אין קוזמיר זענען שוין ניטאָ קיין יידן, איך האָב דעריבער געוואָלט זיך צוריקקערן קיין יאַניוווצע, ווּ עס זענען נאָך געווען יידן. יאַניוווצע איז אַ קליין שטעטל אויף דער אַנדערער זייט ווייסל, געהערט צו קעלצער וואָיעוואָדשאַפט. דאָרט איז נאָך ניט געהאַט פאַרגעקומען די אַלגעמיינע אויסזידלונג, בעת אָפּאָלע האָט געהערט צו דער לובלינער וואָיעוואָדשאַפט, וואָס איז אין יאָר 1942 שוין געווען „יודענ־ריין״.

מיר זענען געגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט און אָנגעקומען אין אַ קליין דאָרף. איך האָב געוווּסט, אַז פון דעם דאָרף איז נאָך ווייט קיין קוזמיר. מיר האָבן ביי זיך געהאַט געלט און אַ ביסל ווערטזאַכן, וואָס די מוטער האָט געגעבן אויפן וועג. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז צופוס זועלן מיר ביז אין דער פרי ניט דערגיין קיין קוזמיר. איך האָב געוואָלט זוכן וועמען, ער זאָל פאַר געלט אונדז אָפּפירן מיט אַ וואָגן קיין קוזמיר. איך האָב געפונען אַ פּויער, וועלכער האָט געהאַט אַ וואָגן, נאָר ער האָט פאַרלאַנגט איך זאָל אים געבן אַלץ וואָס איך האָב געהאַט מיט זיך. איך האָב שוין מסכים געווען, נאָר זיין פרוי האָט ניט דערלויבט. זי האָט געזאָגט: „וואָס ווילסטו פירן יידישע קינדער, מען וועט דיך נאָך דער־שיסן... איך וויל ניט דאָס געלט, טראָג זיך אָפּ פון דאַנען וואָס פריער...״ — און זי האָט אונדז אַרויסגעטריבן.

קיין סך כוח האָבן מיר שוין ניט געהאַט, אָבער דאָך זיך דערשלעפּט צו דער ווייסל. עס איז שוין געווען מיטאָג־צייט, ווען מיר זענען צוגעקומען צו די וואַלן ביים ווייסל־ברעג. איך בין די ערשטע אַרויף אויפן וואַל, כדי צו זען דעם טייך — און דערהערט אַ געשריי: „האַלט!״ אַ פּוילישער פּאָליציאַנט האָט אונדז פאַרהאַלטן, ער האָט גלייך דער־קענט, אַז מיר זענען יידן. ער האָט אונדז צעשלאָגן, צוגענומען אַלץ וואָס מיר האָבן

געהאַט ביי זיך און אָפּגעפירט אויפן פּאָליציי־פּאָסטערונעק אין קוזמיר. דאָ האָבן מיר זיך אָריענטירט, אַז מיר זענען געגאַנגען אַ ניט ריכטיקן וועג, ווייל מיר זענען שוין געווען נאָך קוזמיר. איך האָב דעם פּאָליציאַנט געבעטן ער זאָל האָבן רחמנות. עס האָט ניט געהאָלפן. ער האָט אונדז אַריינגעפירט אין דער פּאָליציי: צו אונדזער גליק, איז דער קאָמענדאַנט געווען אַליין אין צימער. ער האָט מיך גלייך דערקענט פון יענע צייטן, ווען איך האָב געפלעגט טראָגן אויף דער פּאָליציי געלט, מעל און גרויפּן. ער האָט ניט געזאָגט, אַז ר׳האָט מיך דערקענט, נאָר אַריינגעפירט אונדז אין אַן אַנדער צימער און געברענגט טיי. איך האָב אים געזאָגט, אַז ער גיט אונדז צו טרונקען פאַרן טויט, ווי הינדעלעך פאַרן שעכטן. ער האָט געפרעגט: „וואָס עפּעס פאַרן טויט?״ איך האָב געוווּסט אַז ער האָט פיל יידן אויפן געוויסן. ער איז דאָך געווען דער פאָלקסדייטש שומאַ־כער. איך האָב אים דערציילט, אַז דער פּאָליציאַנט, וועלכער האָט אונדז געברענגט, האָט צוגענומען דאָס גאַנצע געלט, וואָס מיר האָבן געהאַט מיט זיך. ער איז אַרויס פון צימער און באַלד זיך אומגעקערט מיטן גאַנצן געלט און ווערטזאַכן. איך האָב עס אים געוואָלט אַוועקגעבן, נאָר ער האָט ניט געוואָלט נעמען. ער האָט געזאָגט, אַז מיר זאָלן וואַרטן נאָך אַ שעה, ביז עס וועט טונקל ווערן, וועט ער אונדז אַרויספירן און ווייזן דעם וועג ווו מיר דאַרפן גיין. כ׳האָב אים געזאָגט, אַז מיר ווילן זיך דערשלאָגן קיין יאָניווצע, מיין מוטער האָט מיך געהייסן דאָרט גיין, ווייל עס זענען נאָך דאָ יידן.

ווירקלעך, פאַרנאַכט האָט דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט אונדז אַרויסגעפירט. ער איז געפאָרן אויף אַ ראָווער, מיר זענען געגאַנגען נאָך אים. די פּאָליציי־סטאַציע איז געווען ניט ווייט פון דער ווייסל, ער האָט אונדז אַהין צוגעפירט.

אין קוזמיר איז געווען זייער רויק, קיין יידן, עס האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט, גלייך דאָס שטעטל וואָלט געווען אויסגעליידיקט פון איינוווינער. דעמאָלט האָב איך צום לעצטן מאָל געזען קוזמיר...

דער קאָמענדאַנט האָט אונדז איבערגעלאָזט פאַר דער ווייסל, מיר האָבן אים גע־דאַנקט. באַצאָלט איינעם, וועלכער האָט אונדז אין אַ שיפל אַריבערגעפירט אויף דער צווייטער זייט ווייסל. אַזוי אַרום האָבן מיר זיך דערשלאָגן קיין יאָניווצע.

### די אויסזידלונג פון יאָניווצע קיין זוואָלין

אין דעם קליינעם שטעטעלע יאָניווצע איז ניט געווען קיין געטאָ. איך ווייס ניט וויפל יידן זענען דאָרט געווען פאַר דער מלחמה. ווען איך בין אַהין אָנגעקומען, זענען דאָרט געווען יידן פון קוזמיר און פון דער גאַנצער סביבה. איך בין אַוועק צו מיין פעטער (וויזנבערג) און דאָרט געבליבן מיט מיין שוועסטערל. מיר זענען ביי אים געווען 6 וואָכן — ביז דער אויסזידלונג.

דעם אַנדערן טאָג פון מיין אָנקומען קיין יאָניווצע, בין איך אַוועק אויף דער פּאָסט

און געוואָלט אָנקלינגען קיין אָפּאָלע. איך האָב געהאַט אָפּגעשמועסט מיט מיין מאַמען, אַז אויב מיר וועט געלונגען צו דערשלאָגן זיך קיין יאָניווצע, זאָל איך באַלד אָנקלינגען צו דעם פּאָליציאַנט, וועלכער האָט אונדז געהאָלפֿן. ער וועט שוין צו וויסן געבן דער מוטער.

איך בין מיט מיין קוזין געגאַנגען אויף דער פּאָסט רעדן טעלעפּאָניש אָדער אויפֿגעבן אַ טעלעגראַם, נאָר מען האָט אונדז געזאָגט, אַז מען קען זיך נישט פֿאַרבינדן מיט אָפּאָלע, ווייל גראָד איצט קומט דאָרט פֿאָר די אויסזידלונג פֿון אַלע יידן. דאָס איז געווען אין חודש מאַי, אַלנפֿאַלס, פֿאַר שבועות 1942.

ווען איך בין שפּעטער געווען אין לאַגערן און געטראָפֿן מענטשן פֿון פֿאַרשידענע ערטער, האָב איך שטענדיק געפֿרעגט אויף יידן פֿון אָפּאָלע, אָבער איך האָב קיין מאָל ניט געטראָפֿן ווּעמען פֿון דאָרט.

אַנדערהאַלבן חדשים בין איך געווען אין יאָניווצע, דערנאָך האָט מען אונדז אויסגעזידלט אויף וועגענער קיין זוואָלין. דאָס איז געווען שבת.

מיר האָבן דאָרט געוווינט ביי מיין פֿעטערס באַקאַנטע. מאָנטיק איז געווען אַן אַפּעל, אַלע יידן האָבן זיך געשטעלט אויפֿן רינעק. די דייטשן האָבן אויסגעקליבן דריי הונדערט און זיי געשיקט אויף אַרבעט אין לאַגער פֿון סקאַרזשיסקאָ־קאַמיענע. אויך איך בין געווען צווישן זיי. די אַנדערע יידן האָט מען אויסגעזידלט קיין טאַרלאָוו. מיין שוועסטערל איז מיט זיי פֿאַרשיקט געוואָרן און געטיילט דעם גורל פֿון מיינע קרובים...

## סעלעקציעס און טיפֿוס אין סקאַרזשיסק

איך בין אָנגעקומען קיין סקאַרזשיסק אין זומער 1942. דאָרט זענען געווען גרויסע אַמוניציע־פֿאַבריקן נאָך פֿון פֿאַר דער מלחמה. מיר האָבן דאָרט זייער שווער און אַ סך געאַרבעט, 14 אָדער 16 שעה אין מעת־לעת. דאָס עסן איז געווען זייער שלעכט, שעהנלאַנג זענען מיר געשטאַנען אויף די אַפּעלן. אַחוץ דעם איז דער וועג פֿונעם לאַגער צו דער פֿאַבריק געווען זייער אַ שווערער. אין אָנהייב האָבן מיר נאָך געהאַט ווי ס'איז אונדזערע קליידער, נאָר שפּעטער זענען זיי צעריסן געוואָרן. ווינטער איז שווער געווען צו גיין צו דער אַרבעט. געווען אין לאַגער מענטשן, וועלכע האָבן באַקומען פּעקלעך פֿון דער משפּחה אויסערן לאַגער. איך האָב קיינעם ניט געהאַט און גאָרניט באַקומען.

אין 1943 איז אין לאַגער אויסגעבראָכן אַ טיפֿוס־עפּידעמיע. עס זענען דעמאָלט אויסגעשטאָרבן זייער אַ סך מענטשן. אויך איך בין קראַנק געוואָרן. האָט מען מיך איבערגעפֿירט אין אַ ספּעציעלן באַראַק פֿאַר טיפֿוס־קראַנקע פֿרויען. מיינע חברטעס האָבן אין אָנהייב ניט געלאָזט מיך גיין אַהין, ווייל ליגן אין אַזאַ באַראַק איז געווען געפֿערלעך. מ'האָט מיך גענומען, ווען עס איז שוין ניט געווען קיין ברירה. איך ווייס ניט גענוי ווי לאַנג איך

בין דאָרט געלעגן. איין מאָל ביינאַכט זענען אַריינגעקומען „ווערקשוץ־לייט" און אַלע אַרויסגענומען פונעם באַראַק, אַוועק געפירט צום נאַענטן וועלדל און דאָרט זיי דערשאָסן.

די גאַנצע צייט זענען פאָרגעקומען סעלעקציעס. איך ווייס ניט מיט וועלכן נס איך בין געבליבן אין באַראַק — און אַ דאַנק דעם זיך געראַטעוועט. צו מאָרגנס האָט מען מיך אַריינגעפירט אין באָד און דערנאָך אָפּגעשיקט אין מיין באַראַק.

נאָך אַ האַלב יאָר, האָב איך איין מאָל, נאָך אַ נאַכט־שיכט, באַשלאָסן צו בלייבן אין באַראַק, ניט גיין מיט דער טאָג־שיכט אַרבעטן אין פאַבריק. דעם טאָג איז אין לאַגער פאָרגעקומען אַ סעלעקציע, ווייל ס'איז געקומען צו פאָרן דער פאַלקסדייטש ראַמאַנקאָ. ער איז געגאַנגען פון באַראַק צו באַראַק און וועמען ר'האָט געטראָפן, האָט ער צוגע־נומען. די אַלע מענטשן האָט מען געדאַרפט דערשיסן. דעמאָלט האָט מען אויך מיך גענומען. מיר זענען געשטאַנען גרייט צו אַלעמען. ס'איז געווען פרייטיק אין אָוונט, איך האָב זיך דערמאָנט מיין גאַנץ לעבן. דערזען אין יענעם טראַגישן מאָמענט מיין מוטער, ווי זי בענטשט די שבת־ליכט, וועלכע שטייען אויפן ווייס־באַדעקטן טיש. מיינע צוויי יינגערער שוועסטערלעך קוקן אויף דער מאַמעס פנים וואָס איז פאַרשטעלט מיט די הענט. די אַטמאָספער און שטימונג פון שבת־קודש הערשט אין שטוב.

נאָר דאָס בילד פאַרשווינדט שנעל. איך דערזע די ווירקלעכקייט — בעצם, בין איך דאָך אַ פאַרמשפטע צום טויט. עס קומען אָן מיט רעש די לאַסט־אויטאָס. מיין שכן פליס־טערט עפּעס מיט די ליפּן. איך פרעג אים, וואָס ער זאָגט. זיין ענטפער: „איך זאָג ווידוי, יעדער ייד דאַרף זאָגן ווידוי, און ווער עס קען ניט, איז גענוג, אַז ער רופט אויס ,שמע ישראל' "...

מיט אַמאָל דערהערט זיך אַ פייפן און אַ באַפעל „צוריק אין די באַראַקן". אויס סע־לעקציע, מען פירט אונדז ניט אַוועק. מיר זענען דערוייל אויסער דער טויט־געפאַר. איך האָב געטראַכט: אפשר אין זכות פון דער מאַמעס שבתדיקע ליכט ?!...

אין סקאַרזשיסק בין איך געווען דריטהאַלבן יאָר. דערנאָך, זומער, ווען די רוסן האָבן זיך דערנענטערט, האָט מען אונדז איבערגעפירט קיין טשענסטאָכאָוו.

אין טשענסטאָכאָוו בין איך געווען 8 חדשים און געאַרבעט אין אַ פאַבריק, אַ פיליע פון סקאַרזשיסק. שפּעטער איז פאָרגעקומען אַ סעלעקציע און מען האָט מיך איבערגעפירט קיין דייטשלאַנד, אין לאַגער ראַווענסברוק.

## די אַרבעט ביים ברענען מתים אין ראַווענסברוקער פרויען־לאַגער

קיין ראַווענסברוק בין איך אָנגעקומען דעם ערשטן יאַנואַר 1945. ביז 1944 זענען דאָ בכלל ניט געווען קיין יידישע פרויען, נאָר פרויען פון פאַרשידענע נאַציאָנאַ־ליטעטן פון גאַנץ אייראָפּע. די באַדינגונגען אין דעם לאַגער זענען געווען שרעקלעכע. איך בין דאָרט געווען זעקס וואָכן. דאָרט האָב איך דאָס ערשטע מאָל געזען קרעמאַ־

טאַריעס און אַ ספּעציעל צימער ווו מען האָט געפּייניקט פרויען. יעדן טאָג האָט מען אונדז צוגעטיילט צו אַנדערע אַרבעטן. די אַפּעלן זענען אין דעם לאַגער — שווידערלעכע. מיר פלעגן שטיין ביינאַכט פון דריי ביז זיבן אין דער פרי. דערנאָך האָט מען אונדז געציילט. דער ווינטער איז געווען אַ שטאַרק קאַלטער, די פרעסט — ממש ניט איבערצוטראָגן, אונדזער קליידונג — צעריסענע שמאַטעס. 7 אַ זייגער אין דער פרי האָבן די דייטשע און פוילישע אויפזעערינס גענומען זייערע גרופּן פרויען און מיט זיי אַוועק צו דער אַרבעט. יעדן טאָג בין איך געוואָרן צוגעטיילט צו טאָן עפּעס אַנדערש.

עטלעכע מאָל האָב איך געאַרבעט ביי די מתים. אַלע מתים האָבן געהאַט איין געלן קאָליר. איך האָב אויף דעם ניט געקענט קוקן. אויף אַ וועגעלע האָט מען אַרויפגעלייגט עטלעכע טויטע, וועלכע זענען געווען צוגעדעקט מיט שמאַטעס. די פרויען־קערפּערס — הויט־און־ביין. מיר האָבן די וועגעלעך געפירט אין קרעמאַטאָריע. אַמאָל בין איך אַריין אינעווייניק און געזען ווי מען וואַרפט די מתים אין פייער. ביינאַכט האָט מען געזען פליען די פונקען פונעם קוימען. טיילמאָל האָט געזעצט דאָרט אַ שטאַרק פייער.

אין ראַווענסבריק בין איך געווען דריטהאַלבן חדשים. אַ מאָל האָט מען מיך גענומען אין באַראַק, ווו מען האָט אַדורכגעפירט אויף די פרויען מעדיצינישע עקספּערימענטן. יידישע פרויען האָט מען דאָרט ניט גענומען. דאָ האָט מען געברענגט פראַנצויזישע און פוילישע פרויען, וועלכע מען האָט אַרעסטירט פאַר אונטערערדישער אַרבעט. איך האָב נאָר געהערט שרעקלעכע געשרייען, וועלכע האָבן זיך פון דאָרט געטראָגן. איך האָב אויך געזען צעשלאָגענע פרויען, וועלכע מען האָט געפירט פון איין באַראַק אין אַ צווייטן. זיי האָבן אויסגעזען שרעקלעך.

דאָס עסן איז דאָ געווען ניט אַמערגסטן. אָבער אין לאַגער זענען געווען אַזוי פיל פרויען, אַז מיר זענען אָנגעקומען די לעצטע. ווען מען האָט געטיילט מיטאָג, האָבן מיר עס באַקומען ערשט אין דער האַלבער נאַכט.

דער רוב אַרעסטאַנטקעס האָבן געאַרבעט. איין טאָג האָט מען געטראָגן שטיינער פון איין אָרט אויף אַן אַנדערן, צו מאָרגנס האָט מען די זעלבע שטיינער געטראָגן צוריק, אויפן פריערדיקן אָרט. מיר האָבן אויך געאַרבעט ביים אויסלאָדן קוילן פון וואַגאָנען. עס זענען געווען אין לאַגער קעלערן מיט קאַרטאָפל און קרויט. אויך דאָרט האָבן מיר גע־אַרבעט. ווער ס'איז געגאַנגען אַרבעטן, האָט באַקומען אַ צוגאָב אַ שטיקל ברויט.

איך האָב קיין מאָל ניט געגלייבט, אַז איך וועל נאָך אַ מאָל אַרויס פונעם לאַגער. פון דאָרט האָט מען אונדז אַרויסגעפירט קיין בורגאַו.

### הונגער אין בורגאַוער לאַגער; טראַנספּאָרט קיין טירגהיים; די באַפרייונג

דער לאַגער אין בורגאַו איז מיט דעם געווען לייכטער, וואָס מען האָט אונדז ניט געהאַלטן אַזוי פיל שעהן אויף די אַפּעלן. דאָ זענען אויך פאָרגעקומען אַפּעלן, נאָר

קורצע. יעדן טאָג זיבן אָ זייגער אין דער פרי. נאָר דער הונגער דאָ איז געווען שרעקלעך. מיר זענען ניט געגאַנגען צו קיין אַרבעט. אַלע זענען געווען געשוואָלן פון הונגער.

דער קאָמענדאַנט פון לאַגער אין טירגהיים איז געווען אַ געוויסער באַראָן, אַ דייטש, וועלכער האָט ניט געוואָלט גיין אויפן פראָנט. ער האָט יעדן טאָג געבראַנגט פון זיין פאָלוואַרק אַ וואָגן קאַרטאָפל, וועלכע מען האָט אין לאַגער אָפּגעקאָכט און ער אַליין האָט זיי אונדז צעטיילט. שפּעטער איז געקומען אַ באַפעל פון דאָרט אונדז אַרויסצופירן, נאָר ער האָט אים ניט אויסגעפירט — און איבערגעלאָזט. אין דעם לאַגער זענען געווען בלויז יידישע פרויען פון פוילן און אונגאַרן. דער דאָזיקער באַראָן האָט אָפּגעלייגט פון טאָג צו טאָג דאָס אויספירן דעם באַפעל, ווייל ער האָט געוווסט, אַז יעדן מאָמענט קענען קומען די אַמעריקאַנער און אונדז באַפרייען. אויפן דריטן טאָג האָט ער אונדז צוזאַמען גענומען און געזאָגט, אַז מיר זאָלן אַוועק, ווו איינער קען, זאָל ער לויפן. ער האָט געגעבן אַ באַפעל די אויפזעערס, אַז זיי זאָלן ניט שיסן. אַזוי איז טאַקע געווען. יעדער האָט באַקומען אַ ברויט — און דעם דריטן טאָג זענען מיר אַוועק פון לאַגער.

דעם זעלבן טאָג ווי נאָר מיר זענען אַרויס אויפן שאָסיי, בין איך אַנטלאָפן. דאָס איז גראָד געווען, ווען די אַמעריקאַנער עראָפּלאַנען זענען אָנגעפלויגן צו באָמבאַרדירן. איך האָב אויסגענוצט די אַנטשטאַנענע פּאַניק און אַנטלאָפן, מיט נאָך עטלעכע פרויען. די ערשטע נאַכט זענען מיר געווען אין פעלד און אין וואַלד. צו מאָרגנס זענען געקומען די אַמעריקאַנער און אונדז באַפרייט. איך מוז אָבער פעסטשטעלן, אַז ווער ס'איז דער־מאָלט ניט אַנטלאָפן — איז ניט געבליבן לעבן. די ס.ס.־מענער האָבן אַוועקגעפירט די פרויען אין וואַגאָנען אויף אַ באַן־סטאַציע און דאָרט די וואַגאָנען אונטערגעצינדן.

איך בין געווען אָן האָר, מען האָט זיי מיר אָפּגעגאָלט אין ראַווענסבריק. פאַרן אַרויספאָרן פון דעם לאַגער, האָט אַ פרוי צוגעגנבעט קאַרטאָפל. קיינער האָט ניט גע־וואָלט זי אויסגעבן און זי האָט זיך ניט געוואָלט מודה זיין. דערפאַר האָט מען אונדז אַלע אָפּגעגאָלט די האָר פון קאָפּ.

פונעם וואַלד בין איך אַוועק קיין אירזינג. צו מאָרגנס זענען דאָרט געקומען די אַמעריקאַנער. אין אירזינג בין איך ביי אַן אַלטער פרוי געלעגן קראַנק אַ גאַנצן חודש. שפּעטער בין איך געפאָרן קיין לאַנדסבערג. דאָ בין איך שוין לאַנג ניט געווען, נאָר אַוועק צוזאַמען מיט אַ טראַנספּאָרט קינדער, וואָס איז געפאָרן קיין ארץ־ישראל דורך איטאַליע.

אין איטאַליע האָב איך חתונה געהאַט. מיין מאַן הייסט חיים כהן. ער שטאַמט פון ביעלסק. בעת דער מלחמה איז ער געווען אין אוישוויץ. פון דאָרט האָט מען אים אי־בערגעפירט צופוס קיין בוכענוואַלד, פון וואַנען ער איז אַנטלאָפן צוזאַמען מיט אַ דייטש, וועלכער איז געזעסן אין בוכענוואַלד צוליב זיינע פּאָליטישע איבערצייגונגען.



שמואל לייב ויזנברג

# בגיטאות ובמחנות־ההשמדה

(לפי גביית־עדות ב„יד־ושם״, תל־אביב. מס׳ ר־2688/151)

### העיירה עד לפרוץ מלחמת־העולם השנייה

העיירה קוזמיר־קאז׳ימייז׳ קרוייה על שמו של המלך הפולני קאז׳ימייז׳ הגדול, שהושיב בזמנו יהודים בפולין. עד לפרוץ המלחמה מנתה העיירה כמה אלפי יהודים, שרובם עסקו במסחר. במרכזה של העיירה השתרעה כיכר השוק ומסביבו — חנויות שכמעט כולן בידי היהודים. היו אלה חנויות למסחר זעיר. האנטישמיות לא היתה מורגשת בעיירה וחיי היהודים זרמו בה בשלווה יחסית. היתה זו עיירת־קיט. בעונת הקיץ ביקרו בה קייטנים ואורחים מכל קצות מדינת פולין, שביקשו כאן נופש ומרגוע.

יושב־ראש הקהילה היהודית היה יוסף פריד, טוחן מבוכוטניצה, אשר נרצח ב־1942 בידי הגרמנים, ביאנובצה יחד עם שני בניו. עיירתנו היתה עיירה חסידית, ורבים מתושביה היהודיים נסעו ל„חצרות״ רביים שונים. אבל גם בעיירה עצמה ישבו רבנים ורביים ידועי־שם, כמו ר׳ יחזקאל׳ה קוזמירר ואחריו — ר׳ מוטלה קוזמירר. הרבי ר׳ יחזקאל׳ה היה בעל מופתים ועל אחד מהם אספר כאן, כפי ששמעתי מפי סבי: הדבר קרה לפני כמאה שנים. „מוכתר״ העיירה בימים ההם דרש מכל הבאים לעיירה, החסידים, להרשם ב„גמינה״ המקומית. כמובן, שהחסידים מבקרי הרבי לא ראו ההוראה, להופיע לפני גויים, בעין יפה. אף הרבי לא נתן הסכמתו לכך וגם החסידים סרבו למלא אחר התקנה שכן הדבר היה כרוך בהוצאה כספית ולא כל החסידים יכלו לעמוד בה. אולם ה„וויט״ עמד על שלו ואף החל להתנכל להם. והחסידים שוב התאוננו בפני הרבי שלהם. באחד מימי שישי יצא הרבי בלווית שמשו לפגוש את ה„וויט״ המתנכל. הוא אמר לשמשו לספור את הבתים, כי דליקה עומדת לפרוץ. משענה השמש כי ביתו של ה„וויט״ הוא השישי בשורה, אמר הרבי „גוט״ („יפה״) ומיד פרצה אש וכילתה את ביתו של ה„וויט״.

אז הבין ה„וויט״ כי הרבי הענישו ופנה אליו בבקשת סליחה ומחילה. מעתה לא דרש עוד ה„וויט״ הרע מהיהודים להתייצב ב„גמינה״.

ה„יארצייט" לרבי יחזקאל'ה חל בחודש שבט. נכבדיו: ר' דוד'ל, הרבי ר' שלמה'לה וכן הרבי ממודז'יץ, ר' חיים־שאול, הנגן והזמר בעל־השם, עלו ביום זה אל קבר סבם ר' יחזקאל'ה זצ"ל.

בהזדמנות זו שהו הנכבדים־הרביים ימים אחדים בקוזמיר וערכו שם „שולחן" לכבוד חסידיהם שבעיירה. במיוחד זכה לחיבה הרבי ממודז'יץ, ר' חיים־שאול שהיה נותן קולו בשיר וכל קהל חסידיו התענגו על זמירותיו ולחניו.

זכורני כי בשנה בה עלה היטלר לשלטון (1933), שהה ר' חיים־שאול לרגל ה„יארצייט" של סבו בעיירתנו ובהגיע אליו הידיעה כי היטלר, ימח־שמו, תפס את השלטון בגרמניה, חיבר הרבי, למלווה־מלכה ניגון מיוחד לרגל המאורע הטראגי הזה, שעשה רושם עז על כל חסידיו.

משפחתי מנתה שמונה נפשות. אבא — ביירעך, אמא — חיה־טובה (לבית גרינבאום), שלושה אחים ושלוש אחיות. האחיות היו הבכירות והאחים — הצעירים. הבכירה והצעירה ביותר באחיותי זכו לעלות לארץ־ישראל בשנת 1935, ואילו אני עליתי בשנת 1948. אחות אחת ושני אחים ומשפחותיהם וכן ההורים נספו בשואה.

כאמור עד לפרוץ המלחמה זרמו החיים בעיירה בשקט ובשלווה. הרבה קייטנים ביקרו אותו קיץ בקוזמיר ואיש לא דאג מה יביא יום המחרת. ב־24 באוגוסט נקש ה„סולטיס" בדלת ביתנו ומסר צוו התגייסות לאחי יוסף. לא ידענו פשר הדבר, אך משיצאנו לרחוב, היתה העיירה כולה כמרקחה, מהומה ומבוכה גדולה שררו בכל. לא רק אחי, כי אם עשרות ומאות צעירים יהודיים אחרים קיבלו אותו יום צוו התייצבות. עם בוקר יצאו כל המגוייסים לעבר דמבלין. אולם במשך השבוע שלאחר־מכן לא אירע שום דבר הראוי לציון. שמועות הילכו כי עלולה לפרוץ מלחמה, אך איש לא ידע דבר לאשורו.

ב־30 באוגוסט גוייסתי גם אני — לא לשירות צבאי כי אם לשירות אזרחי — לשמירת קווי הטלפון. למחרת היום הוכרז על גיוס כללי. אז ידענו כי המלחמה עומדת בשער. ואכן עם בוקר למחרת היום נשא נשיא פולין נאום בראדיו, בו הודיע כי לא העם הגרמני הכריז עלינו מלחמה אלא היטלר. הצבא הגרמני חצה את הגבול ופלש לפולין.

### הפצצות הראשונות, רדיפות וקרבות

בשבת, ה־2 בספטמבר טסו מטוסים ולא אירע דבר. נודע לנו כי שורה של ערים ועיירות הופצצו בידי הגרמנים ואילו אצלנו עדיין שרר שקט.

ביום ה' — ה־7 בספטמבר נפוצו שמועות כי משרד־הכספים הפולני העביר את אוצר המדינה לקוזמיר והטמין אותו בין ההרים. אולם הביון הגרמני היה יעיל מאוד ולמחרת היום נפלו על קוזמיר הפצצות הראשונות. זה היה ביום שישי ה־8 בספטמבר. ההפצצה ארכה כמה שעות, ובה נפלו הקרבנות הראשונים. הראשון בקרבנות היה יעקב

טעלעפ. עם ערב נטשו כמעט כל התושבים את העיירה, בברחם לכפרי הסביבה. בכפר שהינו עד ה־16 בספטמבר. אמנם אפשר היה לחזור לפני כן אך ב־14 בחודש חל ראש־השנה והואיל ולא רצינו לחלל את החג, חזרנו במוצאי־שבת. הבית והמרתף היו נעולים, כפי שנעלנו אותם, דבר לא חסר. קרו אמנם מקרים שבתים נפרצו ונשדדו אבל בביתנו שרר סדר. במשך הימים הבאים לא הופיעו גרמנים בעיירה. אך ב־19 בחודש הנ״ל, ביום השוק שחל אצלנו ביום שלישי בשבוע, קמה לפתע בהלה גדולה. האיכרים החלו לנוס ואחריהם כל האנשים שנמצאו בשוק. ממעלה ההר ירדו כמה מכוניות גרמניות משוריינות, שעשו דרכן הישר לבניין העירייה. כעבור שעה קלה יצאו הגרמנים את הבניין בלוויית פולנים אחדים, שהניחו במכונית כמה רובים.

## כך החל הדבר

הגרמנים עברו ברחובות וסימטות העיירה והיה הרושם כאילו ביקרו כאן קודם־לכן, כי לא תעו. הם חטפו כמה יהודים, עוברים־ושבים ופקדו עליהם לנקות את כיכר השוק מטינופת סוסי האיכרים. כמו־כן תפסו את חברי הטוב יעקב גולדבוים, גלחו את שיער־ראשו היפה, בהשאירם רק פס שיער צר לאורך גולגלתו. היה זה „כרטיס־הביקור״ הראשון של הגרמנים בעיירה.

ביום־כיפור, שחל ימים אחדים לאחר־מכן התאספו כל יהודי העיירה ב„שטיבלעך״ ובבתי־כנסת לתפילות היום הקדוש. התפילות נאמרו בלחש, כדי שהקולות לא יגיעו לאזני הגרמנים. בצהרי היום עברו גרמנים אחדים ליד השטיבל של ר׳ יחזקאל׳ה ולאזניהם הגיע רחש, אף כי התפילות נאמרו בשקט. מיד פרצו הליסטים לתוך בית־המדרש וגירשו את כל המתפללים לרחוב. המעשה עורר פחד גדול בלב היהודים. איש את רעהו שאל: מה חטאנו ומה פשענו כי כך יתייחסו אלינו. ואיש לא העלה על דעתו את הגורל המר הצפוי לכל בית ישראל על אדמת פולין.

עוד החנויות היו פתוחות בחלקן. עוד היו באים האיכרים לעיירה למקח־וממכר. גם הגרמנים היו „קונים״ בחנויות היהודיות. רבים מהם היו משלמים תמורת הסחורה אולם רובם לקחו ככל שחפץ לבם, בלא לשלם פרוטה.

והפחד והאימה בעיירה גברו מיום ליום.

## היודנראט

לאחר חג הסוכות הוקמה מועצה יהודית שבראשה עמד יעקב האלברשטאט. הוטל עליה לספק מצרכי־מזון לאוכלוסיה היהודית ולכן עמדה במגע עם העירייה. על סמך רשימת בני המשפחות הקציבה העירייה לכל נפש כמות מסויימת של סוכר ולאחר־מכן — גם מצרכים אחרים.

מועצה זמנית זו נהפכה כעבור זמן ל„יודנראט", שחייב היה לעמוד בקשר עם השלטונות הגרמניים. כל שתבעו הרוצחים הגרמניים חייב היה היודנראט למלא.

היודנראט חייב היה לספק בשביל הגרמניים עובדי־כפייה יהודיים לפי מיכסה שהם נקבו. היודנראט מילא אחר תביעותיהם, באמונה, כי חשב שבכך תימנע חטיפת יהודים ברחוב. יושב ראש היודנראט היה חיים פייארשטיין, בעל בית מכובד בעיירה, בעל בורסקות ושותף עם אחיו למנסרה. כמזכירו של היודנראט שימש בערל קירשנבוים.

## עבודות־כפייה

היהודים הועסקו בעבודות־כפייה שונות. חלק מהם הוביל עצים מהיער להסקה במגורי הגרמנים, כי החורף כבר הגיע. היתה זו עבודת פרך, אף־כי הגרמנים סיפקו לעובדים מסורים חדים, קשתה העבודה מאוד, כי העצים היו ספוגים מים. אעפ"כ, את העבודה צריך לבצע. את גזרי העצים המנוסרים העמיסו על העגלות והובלו העירה. קבוצה שנייה של עובדי־כפייה יהודיים עבדה בנסירתם ובחטיבתם לגזרים כדי שאפשר יהיה להסיק בהם התנור. היתה זו עבודת־פרך, קשה יותר מהעבודה ביער. חלקם־הארי של היהודים עבדו בנקיון הרחובות, עבודה שמעולם לא הגיעה לקצה. בשובם הביתה לאחר יום עבודה סיפר איש־איש את תלאות יומו — על מכות שספג ועל התעללות על כל צעד ושעל.

כל היהודים חייבים היו בעבודות כפייה — נשים, גברים ואף נערים. אולם בשנת 1939 עדיין לא הקפידה המשטרה היהודית על התייצבות אישית לעבודה. בן עבד תחת אביו ואב תחת בנו. הרי חייבים היו לדאוג לפרנסת הבית — הנפשות התלויים במפרנס. ועבודה לא היתה עוד מצוייה פרט למסחר, כלומר מגעי חילופין עם איכרי הסביבה. האמת היא, כי גם האיכרים זקוקים היו לנו. הם היו זקוקים לבעלי המלאכה: לסנדלר, חייט, תפר ונפח ואלה הרי היו — יהודים תושבי העיירה. מיד לאחר פרוץ המלחמה עוד ניתן היה ליהודים לנסוע ללובלין לרכישת סחורה אולם כעבור זמן, היו מתנפלים על היהודי בדרך ושדדו את צרורותיו. הקיום והמאבק לקיום נעשה קשה מיום ליום.

## הקמת הגיטו

באביב שנת 1940 יצאה פקודה ממושל העיירה כי על היהודים לעזוב את העיירה ולהתיישב בהרים הסמוכים, עליהם קשה היה הטיפוס לגרמנים. היו יהודים ששכרו חדר בבית מכר נוצרי, בהרים (בשנה הראשונה למלחמה טרם סרבו הפולנים ליהודים כי פחדם מפני הגרמנים טרם השתלט עליהם). אולם העקירה להרים הביאה הרס ליהודים, כי קשה היה להעביר להרים כל המטלטלין והרכוש. אבל לא היה זה סוף פסוק. כעבור זמן קצר יצאה פקודה חדשה שגזרה על היהודים לרדת מן ההרים, כי לא להם לגור

במקומות קיט נאים ובאוויר צח. אז יצאה הגזרה להקמת הגיטו. הדבר בוצע כדלקמן: ראשאים היו היהודים לגור סביב השוק, אך התנועה בו — אסורה עליהם. כל החנויות בשוק חייבות להיות נעולות. רק מי שבחנותו היתה דלת אחורית יכול היה להמשיך במסחר.

הגרמנים היו זקוקים לעובדים רבים ולסוסים. אם זקוקים היו ואם לא, מכל מקום, יהודים נחטפו ונרתמו לעגלות במקום סוסים. הם נחטפו מהעיירות קוזמיר, קונסקה-וולה, אופולה וונוולניץ למחנה העבודה בפולאבי. העיירה הזאת כבר מזמן היתה יודנריין. במחנה זה עבדתי כשנה. נקיתי שם רחובות, תיקנתי כבישים וסחבתי פחמים מתחנת הרכבת וכד׳.

מפקד־מחוז פולאבי היה הפולקסדויטשה מקונסקהוולה, בשם גהעדע.

המחנה הפולאבי שכן על הכביש הדמבליני, בבניין שקודם־לכן גרו בו משפחות יהודיות. עם בוקר יצאו כל שוכני המחנה לעבודתם ונשארו רק אחדים לשירותים שונים. בשובנו בערב למחנה קיבל איש־איש מנת האוכל שלו, שלא היתה אלא מנת־רעב. מפקד המחנה היה הפולני זשעמבא. צרות צרורות סבלנו שם. כל גרמני שחשקה נפשו, פרץ לתוך המחנה, סחב יהודי מדרגשו והכהו מכות רצח. בדצמבר 1941, לאחר שנה של עבודה במחנה, הוחלפנו בקבוצת עובדים אחרת. אני וארבעים צעירים אחרים חזרנו למשפחותינו בקוזמיר.

**שונו פני העיר ואנשיה**

בשובי מפולאבי לא הכרתי עוד את העיירה ואת אנשיה. אף את אבי מולידי לא הכרתי. הרי אבי היה בעל זקן והנה בשובי הביתה מצאתיו מגולח. הגרמנים גזזו את זקנו. העיר כולה גודרה בחוטי־תייל, והבריחה ממנה היתה כמעט בלתי־אפשרית. היהודים חייבים היו לעבוד יום יום ללא כל תמורה וללא מזון. והעבודה קשתה והלכה. היודנראט ספג כל הצרות והגזרות החדשות נגד היהודים. מדי יום ביומו תבעו הגרמנים תביעות חדשות. היום — רהיטים, מחר — סכו״ם, — מחרתיים — כספים. וכך בלי הרף. עם בוא החורף תבעו הגרמנים מכל אדם שברשותו פרווה למוסרה לידיהם. אולם אני מניח כי רבים לא מסרו וביכרו לשורפם ובלבד שלא יפלו בידי הגרמנים.

**ראשית הגירוש**

פרק קשה מאוד החל עם פלישת הגרמנים לברית־המועצות, ביוני 1941. המצב השתנה ללא נשוא. ההתעללות, העינויים והסבל היו ללא מידה וגזרות וקנסות־כסף רבו בלי סוף.

ב־25 למארס 1942, ביום רביעי בשבוע, פקד גהעדע על כל יהודי העיירה להתייצב בכיכר השוק. הנאספים חולקו לשלוש קבוצות שעמדו להישלח לאופולה. הקבוצה

הראשונה צריכה היתה להשלח ביום חמישי, השנייה — בשבת והשלישית — ביום שני. ביום שבת, לאחר גירוש הקבוצה השנייה, קרא אליו גהעדע את היודנראט והודיע להם, הואיל ויהודי וונוולניץ הועברו יום קודם לכן מעיירה זו, מוכן הוא לשלח את הקבוצה השלישית של יהודי קוזמיר לשם תחת הגירוש לאופולה. זו לא היתה רמאותו הראשונה. מכל מקום קיבלו היהודים את הצעתו וביום ב׳ הועמסה על עגלות שארית יהודי קוזמיר על מטלטליה וגורשה מהעיירה. אך תחת להגיע לוונוולניץ כדברי הגרמני הם הגיעו לנאלנצ׳וב. שם הם פגשו יהודים שגורשו מאופולה שעשו עתה דרכם מזרחה. קוזמיר היתה עתה יודנריין. הקיץ הקץ על יישוב יהודי בן מאות שנים.

לאחר המיסדר בשוק החליטו הורי וכל אחי להמלט מהגיהנום. עם ערב יצאנו כולנו לעבר הנהר הקפוא, לבוא ליאנובצה, שם גרה אחותי עם בעלה שלום שטיינברג, שהיה יושב־ראש היודנראט במקום. בעלותנו על הנהר החל הקרח לנוע ולא הצלחנו באותו לילה לעבור את הוייסל. עם בוקר העביר אותנו ה„פשעווז׳ניק״ לעברו השני של הנהר תמורת סכום כסף נכבד. ביאנובצה מצאנו עוד כמה משפחות מקוזמיר. החיים בעיירה זו לא היו שונים מחיי העיירה שלנו. גם כאן נלקחו היהודים לעבודות כפייה. באחד הימים יצאה הגזרה, כי עד ל־1 באוגוסט חייבים כל יהודי העיירה לעוזבה. הגרמנים גייסו עגלות איכרים כדי להעבירם וכל אשר להם לעיירה זבולין. ביאנובצה שמענו כי הגרמנים בגרשם את יהודי קוזמיר לוונוולניץ חיפשו את היהודים שלא התייצבו לגירוש. הם תפסו את יעקב רטנובסקי, עסקן ציוני בקוזמיר ורצחוהו במקום. גם יהודים אחרים הם המיתו בדרך.

לזבולין הגענו ביום שישי ושהינו בה עד יום שני. בבוקרו של יום זה ערכו הגרמנים „אפעל״ של היהודים בגיל 18—60 שנה ואת הצעירים הבריאים הציבו מהצד, ככוח־עבודה. המתאוננים על חולשה או על מצב בריאות לקוי ספגו מכות אכזריות. אלה שלא התאוננו שולחו למחרת היום למחנה עבודה בסקארז׳יסקו־קאמיינני, לבית־החרושת הגדול לתחמושת.

### ממחנה למחנה

יחד עם כמה מאות צעירים וצעירות יהודיים הגענו למחנה החדש. הועסקנו בפריקת וטעינת קרונות. ביום ובלילה, בקור, בגשם ובחום טענתי ופירקתי כמה קרונות ליום. העמסתי גרוטאות מתכת שונות שנשלחו לצ׳נסטוחוב פרקתי פחמים ומוטות פלדה שהיו מיועדים לבית־החרושת בסקארז׳יסקו. מפקדנו היה הס.ס.־מאן לפלר וסגנו הפאלקס־דויטשה בריקס מפויזן.

לא אשכח את המקרה הבא: עבדנו במשמרת לילה, בהעברת הפחמים ממקום למקום כדי לפנות שטח לטראנספורט חומר שצריך היה להגיע למחרת היום. לפתע הופיע לפלר לביקורת ומצא אחד העובדים היהודים עומד עם האת בידו ומנמנם. ללא אומר ודברים הוציא הנאצי את אקדחו וירה בצעיר.

או מקרה אחר: היה זה בצהרי היום. עבדנו בהערמת פחמים, צעיר יהודי החליק לפתע מן הערמה ונפל על פסי הרכבת. אותו רגע עבר קטר וקטע את ידו. מיד הבהלנו אותו למחנה, למרפאה, אך תחת להגיש לו עזרה רפואית הוציא הלאגער־פירר אקדחו והרגו.

בדצמבר 1942 חליתי וקדחתי בחום גבוה. נלקחתי ל„בית־חולים" — דרגשי־עץ חשופים. מסתבר כי חליתי בטיפוס הבהרות והבטן בעת ובעונה אחת. באחד הימים ביקרני חברי בצלאל שאדמאן ואמר לי לעשות כל אשר אוכל כדי להסתלק בו ביום מ„בית־החולים" הזה, כי שמע שלמחרת היום יוצאו כל החולים להמתה. מיד פניתי לרופא באמרי לו כי מצבי הוטב וברצוני לעזוב את „בית־החולים". הרופא ציווה עלי לפסוע פעמיים לאורך הרציף הארוך. אזרתי כל כוחותי ובמאמץ שלא יתואר עשיתי כדבריו. לא אדע מניין עמדו לי הכוחות לכך, כי הרי הייתי חולה מאוד. הרופא שיחרר אותי מ„בית־החולים" ויחד עם חברי הלכתי לבית־המרחץ ומשם לצריף.

ואכן, למחרת היום הובלו כל החולים לסדנה „צ" ושם נורו למוות, וגוויותיהם הועלו באש. ריח הבשר השרוף הרעיל במשך כמה ימים את אוויר המחנה.

במחנה סקארז׳יסקו עבדנו עד אוגוסט שנת 1944. בהתקרב הצבא הסובייטי, החלו הגרמנים לפנות את היהודים ממחנה זה וביולי 1944 הם שולחו לבוכנוואלד. כמה ימים לאחר צאת הטראנספורט הראשון שולח שני למחנה בצ׳נסטוחוב. הקבוצה שלי שולחה באוגוסט 1944. בקרונות פתוחים הובלנו לפיוטרקוב. לאחר לילה בבית הסוהר הובאנו לסולייוו, שם חפרנו חפירות הגנה נגד טאנקים רוסיים. חודשיים ימים עבדנו שם, בתנאים רעים מאוד. יותר מאלפיים איש צופפנו בגורן והכנים אכלו אותנו ללא רחמים. מים לא ניתנו לנו, היינו מזוהמים מאוד וצמאים מאוד. לבסוף הועברנו לצ׳נסטוחוב, שם התרחצנו אחרי זמן רב, בגדינו חוטאו ממגפת הכנים, כדי ללובשם שנית.

בצ׳נסטוחוב עבדתי עד ה־16 ביאנואר 1945.

השלוחים מסולייוו שובצו בעבודות שונות. תנאי החיים במחנה צנסטוחוב היו איומים. רעבנו ללחם וישנו איש על רעהו בצריף אחד. סבלנו כאן היה גדול יותר מאשר במחנה סקארז׳יסקו, שכן פחד הגרמנים הלך וגבר. כל רגע התכוננו לברוח מפני הרוסים הקרבים. ביום ה־16 ביאנואר לא הוצאנו לעבודה. בשעות הצהרים הובלנו כביכול לטעינת קרונות. אך בעוברנו את חוצות צ׳נסטוחוב ראינו כי הפלנים אצים בהולים. לשאלתנו לפשר הדבר נענינו: „רוסיאניי נא ווארשאבסקיי" (הרוסים הגיעו לרחוב ווארשבסקה). אנו המשכנו בדרכנו. לברוח לא היה באפשרותנו כי שמירה מעולה של חיילים אוקראיניים הופקדה עלינו. בהגיענו לאחד הגשרים עצר אותנו חייל הס.ס. ופנה לראש הקבוצה: „ההשתגעתם הרי הרוסים נמצאים כאן", אבל הס.ס. הוביל אותנו הישר לתחנת הרכבת סטראדום. הועלנו לקרונות רכבת ושם המתנו עד חצות. הגענו לפנות בוקר לגלייוויץ.

בשבת, 20 בינואר 1945, לאחר 5 ימי נסיעה ללא אוכל ומים, הובאנו לבסוף למחנה בוכנוואלד. הרעב הציק לנו מאוד. ב־5 לפנות בוקר היינו מקבלים מנת לחם של 100 או 150 גרם וב־9.30 בבוקר אכלנו „ארוחת־צהרים". מאותה שעה לא בא אוכל לפינו עד למחרת הבוקר בשעה חמש. רק שלג וקרח היה חופשי ואת אלה הניחו לנו לאכול. כ־1700 איש נדחסו לצריף אחד ועל הדרגשים שכבנו כדגים מלוחים בחבית. כאשר נאלץ איש לעשות צרכיו באמצע הלילה, לא יכול היה לחזור עוד למקום משכבו. מקומו נתפס על־ידי שכנו. עם בוקר, בצאתנו מהצריף, נותרו בו עשרות מתים שגוועו ברעב, קור וסבל. כאן שהיתי כשישה שבועות.

בסוף פברואר הודיעו כי חשמלאים יישלחו לעבודה. גמרתי אומר לא להשאר עוד במחנה זה, כי אין עובדים כאן וגם לחם אין נותנים. רק מוות בטוח צפוי כאן. לכן נרשמתי לעבודות חשמלאות. היינו 56 חשמלאים ומכונאים יהודים שהועברו לבית־החרושת. בי"ח זה עבד במלוא הקיטור וכולו עמד על תילו כאילו לא היתה מלחמה בעולם וכאילו גרמניה לא הופצצה. אמרו כי אנגלים הם בעלי מניות בבית־חרושת זה. אבל לא נשארנו כאן כי הועברנו לעיר ליאופולדסהאל, ליד מגדבורג. לכאן הועברו לאחר זמן מאות אסירים מבוכנוואלד והחילונו להקים מחנה חדש. הקבוצה שלנו הועסקה בתיקון מכונות־משא אמנם העבודה לא היתה קשה, אך אוכל לא ניתן.

ב־11 באפריל הוחזרנו למחנה שננברג. כאן שרר תוהו מוחלט ובו בערב הועברו כל העצורים, אנשים מלאומים שונים, מכל קצות אירופה, מעבר לנהר אלבה. את דרכנו עשינו ברגל יומם ולילה. ב־3 במאי 1945 הודיע לנו המפקד כי אנו חופשים לנפשנו. אולם כעבור מחצית השעה הוא נמלך בדעתו ופקד עלינו לצעוד הלאה. ודאי, לא רצה ליפול בידי הרוסים והובילנו כעשרים ק"מ נוספים, ליער. בצאתנו שוב לדרך, עבר בכביש אוטו צבאי ועליו כוכב. חשבנו כי זה אוטו רוסי, אך הסתבר כי ישבו בו חיילים אמריקניים. הקצינים קפצו מהאוטו ובאקדחים בידיהם ניגשו למפקד העצורים. הוא שיחרר אותנו מיד והודיע לקצין אמריקני כי הביא כך־וכך עצורים. ממספר הרב של אלפי העצורים נותרו מאות אחדות בלבד. רבים נפלו בדרך מיריות הגרמנים ורבים נמלטו מהשורות. עוד אנו עומדים ומצפים הופיעו טנקים רוסיים. החיילים האמריקניים והרוסיים נפלו איש בזרועות רעהו והתנשקו לנצחנם על האוייב המשותף. הרוסים אמרו לעצורים המשוחררים כי חופשים הם לחזור איש־איש לארצו — לפולין, בלגיה, צרפת, הולנד, כפי אזרחותם. אנו החלטנו להגיע לאיזור הכיבוש האמריקני, לשוורין. שם שהינו שבועות אחדים. לאחר טילטולים במקומות שונים הגענו לברגן־בלזן. שם הכרתי את אשתי לעתיד טשארנה אפעלבוים והתחתנו (במרץ 1946) במחנה צלסהיים. באוקטובר 1948 עלינו לישראל.





דער מחבר — אין לאַגער בערגען־בעלזען
המחבר — במחנה ברגן־בלזן

שמואל־לייב וויזענבערג

# אין געטאָס און אין די טויט־לאַגערן

(לויט דער גביית־עדות אין „יד־ושם״, תל־אביב, נומ. ו־2688/151).

## דאָס שטעטל ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה

די שטאָט קוזמיר (קאַזשימיעזש) טראָגט דעם נאָמען פון קיניג קאַזשימיעזש דעם גרויסן, וועלכער האָט געבראַנגט די יידן קיין פוילן. פאַר דער מלחמה האָבן אין שטאָט געוווינט אַ פאָר טויזנט יידן, וועלכע האָבן זיך מערסטנטייל באַשעפטיקט מיט האַנדל. אין צענטער פון קוזמיר האָט זיך געפונען דער מאַרק־פּלאַץ, אַרום אים — די געשעפטן פון וועלכע כמעט אַלע זענען געווען יידישע. דאָס זענען געווען קלייטן מכל המינים.

ביזן קריג, האָבן די יידן געפירט אַ רויק לעבן. מיר האָבן ניט געוווּסט פון קיין אַנ־טיסעמיטיזם, ווי אין אַנדערע שטעט.

קאַזשימיעזש איז געווען אַ קוראָרט. יעדן זומער פלעגן זי באַזוכן אין די טויזנטער געסט פון אַלע עקן לאַנד, וועלכע זענען געקומען אויף אָפּרו.

כדאי צו באַמערקן, אַז די יידישע קהילה אין אונדזער שטאָט איז געווען זייער אַקטיוו, געפירט אַ ברייט־פאַרצווייגטע טעטיקייט.

פּרעזעס פון דער קהילה איז געווען ה׳ יוסף פריד, דער מילנער פון באַכאַטניצע, וועלכער איז אין יאָר 1942 דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן, צוזאַמען מיט זיינע צוויי זין אין יאַניוועצע, אויפן צווייטן ברעג פון דער ווייסל.

אונדזער שטאָט איז לרוב געווען אַ חסידישע. ס׳זענען דאָרט געווען פיל רבנים און רביים. דער ערשטער פון די רביים, וועגן וועלכע מיין זיידע פלעגט דערציילן, איז געווען ר׳ יחזקאלע קוזמירער, נאָך אים — ר׳ מאָטעלע קוזמירער.

דער רבי ר׳ יחזקאלע האָט אין זיין צייט באַוויזן פיל מופתים. איך וועל איבערגעבן וועגן איינעם פון זיינע מופתים, אַזוי ווי מיין זיידע האָט מיר דערציילט:

געווען איז דאָס מער ווי מיט הונדערט יאָר צוריק. דער דעמאָלטיקער וואָיט פון קוזמיר האָט פאַרלאַנגט, אַז אַלע חסידים וועלכע קומען אין שטאָט אַריין, זאָלן זיך מעלדן אין דער גמינע. פאַרשטענדלעך, דאָס איז געווען אַ שווערער ענין, אַז חסידים וועלכע קומען פון דער פרעמד צום רבין, זאָלן זיך מעלדן ביי גויים. די חסידים האָבן דאָס ניט געוואָלט טאָן און אויך דער רבי האָט עס ניט דערלויבט, ווייל ס׳איז געווען פאַרבונדן מיט געלט און ניט יעדער האָט זיך עס געקענט דערלויבן.

דער וואָיט האָט זיך אָבער איינגעעקשנט און אָנגעטאָן די חסידים צרות. איז מען געקומען צום רבין זיך פאַרקלאָגן, אַז מען קען ניט מער ליידן פון וואָיט. אין איינעם אַ פרייטיק האָט דער רבי מיטגענומען מיט זיך דעם שמש און מיט זיין שטעקן אין האַנט אַרויס אין גאַס. דער רבי האָט געפרעגט ביים שמש ווו וווינט דער וואָיט און אים געהייסן אָפּציילן געגנוי די צאָל הייזער, ווייל ס׳וועט אויסברעכן אַ פייער. דער שמש האָט געפאָלגט און גהאָגט, אַז דאָס זעקסטע הויז געהערט צום וואָיט. ווי דער רבי האָט אַ זאָג געגעבן „גוט״ — איז אַרויס אַ פייער און פאַרברענט דאָס גאַנצע הויז.

צומאָרגנס האָט דער וואָיט פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט אים דער רבי געשטראָפט, איז ער צו אים געקומען בעטן, ער זאָל אים מוחל זיין. פון יענער שריפה, האָט ער אויפ־געהערט פאַרלאַנגען פון די חסידים זיי זאָלן זיך מעלדן אין דער גמינע.

די יאָרצייט פון רבין ר׳ יחזקאלע פאַלט אויס אין חודש שבט. זיינע אייניקלעך, דער רבי ר׳ דודל, דער רבי ר׳ שלמהלע, ווי אויך דער מאָדזשיצער רבי ר׳ חיים שאול, דער באַרימטער בעל־מנגן און זינגער, זענען יעדעס יאָר געקומען צו דער יאָרצייט פון זייער זיידן ר׳ יחזקאל זצ״ל. ביי דער געלעגנהייט האָבן זיי פאַרבראַכט עטלעכע טעג אין שטאָט, געפירט דאָרט „טישן״. יעדער רבי האָט געהאַט זיינע חסידים.

ספּעציעל באַליבט איז געווען דער מאָדזשיצער רבי, ר׳ חיים־שאול, וועלכער האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט זיינע ניגונים. מ׳איז געווען אַנטציקט פון זיינע קאָמפּאָזיציעס.

איך געדענק געגנוי, אַז אין דעם יאָר ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט, האָט דער רבי ר׳ חיים־שאול, וועלכער איז פאַרבליבן אויף שבת ביי אונדז אין שטאָט, נאָך דעם ווי ער איז געקומען צום זיידנס יאָרצייט, האָט שבת־צו־נאַכטס, צו מלווה־מלכה, פאַרפאַסט אַ ספּעציעלן ניגון, וועלכער האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם. דעם ניגון האָט ער געווידמעט דער טרויעריקער געשעעניש, וואָס היטלער, ימח־שמו, איז געקומען צו דער מאַכט.

אונדזער פאַמיליע איז באַשטאַנען פון אַכט פערזאָן. דער טאַטע האָט געהייסן ביירעך, די מאַמע, חיה־טויבע, פון דער היים גרינבוים. מיר זענען געווען דריי ברידער און דריי שוועסטער (די שוועסטער זענען געווען עלטערע, די ברידער — די ייִנגערע). די עלטסטע

און ייִנגסטע שוועסטער האָבן זוכה געווען עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, אין די יאָרן 1935־36. איך בין געקומען קיין ישראל אין יאָר 1948. איין שוועסטער און צוויי ברידער, די עלטערן און קינדער פון מיינע שוועסטער־ברידער, זענען אומגעקומען אין דער צווייטער וועלט־מלחמה. פּרטים פון זייער אומקום, וועל איך איבערגעבן ווייטער.

ביז דעם 23סטן אויגוסט 1939, האָבן מיר רואיק געלעבט אין קוזמיר, ווו ס'האָבן זיך געפונען פיל זומער־געסט פון דער סביבה און אויך פון וואַרשע. מיר האָבן ניט געטראַכט וואָס דער מאָרגנדיקער טאָג קען ברענגען. דעם 24סטן אויגוסט, פיר אַ זייגער פאַרטאָג, האָט דער סאָלטיס אָנגעקלאַפּט אין טיר און איבערגעגעבן מיין ברודער יוסף אַ מאָביליזאַציע־צעטל. מיר האָבן ניט געוווּסט וואָס ס'איז געשען, אָבער ווען מיר זענען אַרויס אין גאַס, האָבן מיר געזען אַז עס טומלט זיך אין שטעטל. נישט נאָר מיין



במחנה עבודה אין אַרבעטס־לאַגער

ברודער, נאָר צענדליקער און הונדערטער יונגעלייט זענען מאָביליזירט געוואָרן. אַ זייגער אַכט, איז דער ערשטער טראַנספּאָרט מאָביליזירטע אָפּגעפֿאָרן אין דער ריכטונג פֿון דעמבלין.

אין פֿאַרלויף פֿון דער קומענדיקער וואָך זענען אין שטאָט קיין ספּעציעלע געשעענישן ניט פֿאָרגעקומען. מען האָט געשמועסט, אַז אַ קריג קען יאָ אויסברעכן.

דעם 30סטן אויגוסט האָט מען מיך מאָביליזירט — ניט אין דער אַרמיי, נאָר אין ציווילער דינסט, צו היטן די טעלעפֿאָן־ליניע. איך האָב אין מיליטער ניט געדינט, ווייל איך בין פֿאַרעכנט געוואָרן אויסערן קאָנטינגענט.

דעם 31סטן אויגוסט איז שוין געווען אָן אָפֿיציעלע באַקאַנטמאַכונג וועגן אַן אַלגעמיינער מאָביליזאַציע פֿון עטלעכע יאָרגענג. מיר האָבן שוין פֿאַרשטאַנען, אַז די מלחמה איז נאָענט. צו מאָרגנס האָבן מיר געהערט אין ראַדיאָ, אַז די דייטשן זענען אַריבער די פּוילישע גרענעץ. בייטאָג האָבן מיר געהערט די אָפֿיציעלע דערקלערונג פֿון מלוכה־פּרעזידענט מאָשטשיצקי, אַז ניט דאָס דייטשע פֿאָלק, נאָר היטלער האָט אונדז דערקלערט מלחמה.

### די ערשטע באָמבעס, קרבנות און רדיפֿות

שבת, דעם 2טן סעפּטעמבער, האָבן מיר געזען פֿליען עראָפּלאַנען — אָבער דאָס איז געווען אַלץ. מיר האָבן געהערט, אַז מען האָט באָמבאַרדירט אַ גאַנצע ריי שטעט, אָבער ביי אונדז איז דערווייל געווען רויק.

דאָנערשטיק, דעם 7טן סעפּטעמבער, איז צו אונדז דערגאַנגען די ידיעה, אַז דאָס פּוילישע פֿינאַנס־מיניסטעריום האָט דעם מלוכהשן אוצר איבערגעפֿירט קיין קוזמיר, צווישן די בערג און הויכעביימער. דער דייטשישער אויספֿשפּיר האָט אָבער גוט געאַרבעט — און צומאָרגנס, דעם 8טן סעפּטעמבער, פֿרייטיק, זענען ביי אונדז געפֿאַלן די ערשטע באָמבעס. די שטאָט איז באָמבאַרדירט געוואָרן אין משך פֿון עטלעכע שעה. עס זענען אויך געפֿאַלן קרבנות. דער ערשטער קרבן ביי אונדז אין שטאָט איז געווען יעקב טעלעפּ. פֿרייטיק־צו־נאַכטס האָבן כמעט אַלע איינוווינער פֿאַרלאָזט די שטאָט און אַוועק אין די אַרומיקע דערפֿער. דאָרט זענען מיר פֿאַרבליבן ביזן 16טן סעפּטעמבער. בעצם, האָט מען געקענט זיך אומקערן פֿריער, אָבער דעם 14טן סעפּטעמבער איז געווען ראש־השנה. ניט וועלנדיק פֿאָרן אין יום־טוב, זענען מיר צוריק געקומען אַהיים ערשט שבת־צו־נאַכטס.

דאָס הויז און דער קעלער זענען געווען פֿאַרמאַכט, ווי מיר האָבן זיי פֿאַרלאָזט. עס איז גאָרניט געפֿירט געוואָרן. ס'זענען יאָ געווען פֿאַלן פֿון אויפֿגעריסענע וווינונגען, אָבער ביי אונדז האָט עס ניט פּאַסירט.

אין משך פֿון דער צייט, האָבן מיר ניט געזען קיין דייטש פֿאַר די אויגן.

דינסטיק, דעם 19טן סעפּטעמבער 1939, פּאַרמיטאָג.

ביז יענעם מאָמענט, האָבן מיר בלויז געהערט, אַז די גאַנצע געגנט איז שוין באַזעצט דורך די דייטשן. דינסטיק איז ביי אונדז געווען דער מאַרק־טאָג. פּאַרשטייט זיך, אַז אַ סך פּויערים זענען געקומען אין שטאָט אַריין, צום יאַריד. פּלוצלינג איז געוואָרן אַ בהלה. די פּויערים האָבן אָנגעהויבן לויפן. פון באַרג־אַראָפּ, לעבן דער קירכע, זענען אָנגעפּאָרן עטלעכע געפּאַנצערטע אויטאָס מיט דייטשן. זיי זענען גלייך פּאַרפּאָרן צום מאַגיסטראַט און אַריין אינעווייניק. אַ ווײַלע שפּעטער, זענען זיי אין דער באַגלייטונג פון עטלעכע פּאָליאַקן, וועלכע האָבן געטראָגן ביקסן, אַרויס פון מאַגיסטראַט און אַוועק צו זייערע מאַשינען, אויף וועלכע די פּאָליאַקן האָבן צוזאַמענגעלייגט די ביקסן. מיט דעם האָט עס זיך אָנגעהויבן.

די דייטשן האָבן זיך געלאָזט איבער דער שטאָט. גלייך ווי זיי וואָלטן זי גוט געקענט, ווי זיי וואָלטן שוין דאָ אַמאָל געווען.

זיי האָבן געכאַפּט אַ פּאָר יידן צו דער אַרבעט און באַפוילן זיי אָפּרייניקן דעם מאַרק־פּלאַץ, וואָס די פּויערישע פערד האָבן פאַרומרייניקט. דערנאָך האָבן זיי געכאַפּט מיינעם אַ חבר, יעקב גאָלדבוים, וועלכער האָט געהאַט אַ שיינעם קאָפּ האָר, און האָבן אים אָפּ־געשוירן נאָר אינדערמיט, ווי אַ פּליך־פּאַס. דאָס איז געווען דער ערשטער קבלת־פּנים.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז געווען יום־כּיפּור. דאָס בית־מדרש, די שול און אַלע שטיבלעך זענען געווען איבערפּולט מיט מתפּללים. מען האָט אָבער געמוזט דאַווענען שטיל, די דייטשן זאָלן ניט הערן. אין מיטן טאָג, זענען עטלעכע דייטשן פאַרבייגעגאַנגען דעם שטיבל פון רבין ר׳ יחזקאלע זצ״ל און געהערט עפּעס אַ געמורמל, כאָטש מען האָט זייער שטיל געדאַוונט. זיי זענען דאָרט אַריין, אַרויסגעיאָגט אַלע מתפּללים צו רייניקן די גאַסן. די גזירה, אין דעם סאַמע הייליקסטן יום־הדין, האָט געמאַכט אַ שרעקלעכן איינ־דרוק, אָנגעוואָרפן אַן אימה אויף אַלע יידן. איינער האָט נאָר געפרעגט ביים צווייטן:

„פאַר וואָס קומט עס אונדז?"

אַזוי האָבן מיר געמוזט זיך צוגעוווינען צו די נייע באַדינגונגען.

די געשעפטן זענען טיילווייז געווען אָפן. די פּויערים זענען געקומען פאַרקויפן און קויפן: נאַפט, שוועבעלעך, זאַלץ, זייף. בפרט נאַפט, ווייל קיין איין דאָרף אין יענער געגנט איז ניט געווען עלעקטריפיצירט. נאַפט, ווי אַלע אַנדערע אַרטיקלען, האָבן זיך געפונען בלויז אין די יידישע קראָמען.

די דייטשן פלעגן אויך קויפן אין יידישע קראָמען.

אַ טייל פון זיי האָט געקויפט און אַפילו געצאָלט פאַר דער סחורה. דער גרעסטער טייל אָבער האָט זיך געהייסן געבן אויף וואָס זיי האָבן געהאַט חשק — און ניט געצאָלט.

דער פּחד אין שטאָט איז געווען גרויס און געהאַלטן אין איין וואַקסן.

### דער יודענראַט

באַלד נאָך סוכות האָט זיך געשאַפן אַ ראַט פון די יידן, בראש פון וועלכן ס׳איז גע־שטאַנען יעקב האַלבערשטאַט. דער ראַט האָט באַזאָרגט די יידישע באַפעלקערונג מיט שפּייז, געווען צוליב דעם אין קאָנטאַקט מיטן מאַגיסטראַט. מען האָט איבערגעגעבן אין מאַגיסטראַט אַ גענויע רשימה פון אַלע איינוווינער אין שטאָט, לויט די משפחות. אויף דעם סמך האָט מען באַקומען און צעטיילט צוקער, דערנאָך — אַנדערע פּראָדוקטן.

דער צייטווייליקער ראַט האָט זיך שפּעטער פאַרוואַנדלט אין דעם א. ג. יודענראַט, וועלכער האָט געמוזט שטיין אין פאַרבינדונג מיט די דייטשן. אַלץ וואָס די רוצחים האָבן פאַרלאַנגט, האָט מען געמוזט דערפילן.

דער יודענראַט האָט אויך געמוזט צושטעלן די דייטשן אומזיסטע יידישע אַרבעטס־הענט אין דער צאָל, וואָס זיי האָבן געפאָדערט. דאָס האָט מען געטאָן מיט דער האָפענונג, אַז אויף אַזאַ אופן וועט מען פאַרמיידן, אַז די דייטשן זאָלן כאַפּן צו דער אַרבעט סתם יידן פון גאַס.

אין יענער צייט, ווען דער יודענראַט האָט שוין אויסגעפירט אַלע דייטשע פאַראָר־דענונגען, איז פּרעזעס פון יודענראַט געווען חיים פייערשטיין, דער בכבודיקער בעל־הבית פון אונדזער שטאָט, אייגנטימער פון דער גרויסער גאַרבעריי און שותף צום טאַר־טאַק, וואָס ער האָט געפירט צוזאַמען מיט זיין ברודער. סעקרעטאַר פון יודענראַט איז געווען בערל קירשנבוים.

### צוואַנגס־אַרבעט

די יידן האָבן אויסגעפירט פאַרשידענע אַרבעטן. אַ טייל האָט געפירט האָלץ פון די וועלדער, די דייטשן זאָלן האָבן מיט וואָס צו הייצן, ווייל ס׳איז שוין געווען קאַלט. דאָס איז געווען אַ זייער שווערע אַרבעט און הגם די דייטשן האָבן צו דעם צוועק געגעבן שאַרפע זעגן, איז עס דאָך געווען אַן עבודת־הפרך, ווייל דאָס האָלץ איז געווען נאַס. דאָך האָט מען די אַרבעט געמוזט אויספירן. די צעשניטענע שטאַמען האָט מען געלאָדן אויף וועגענער און געפירט אין שטאָט אַריין.

אַ צווייטע גרופּע האָט געאַרבעט ביים זעגן און שפּאַלטן די שטאַמען אויף שייטן, מיט וועלכע מען האָט באַדאַרפט הייצן די אויוונס. דאָס איז געווען נאָך אַ שווערערע אַרבעט. אויב אין וואַלד האָט מען געזעגט דאָס האָלץ אויף דריי שפּאַלן, האָבן די אין שטאָט געמוזט האַקן, זעגן און שפּאַלטן אויף אַ גרויסער צאָל שייטן.

דער רוב יידן האָט גערייניקט די גאַסן. דאָס איז געווען אַן אַרבעט, וועלכע האָט זיך קיינמאָל ניט געענדיקט.

מען האָט געאַרבעט ביזן אָוונט. קומענדיק אַהיים, האָט יעדער געהאַט צו דערציילן

וועגן אַן אַנדערע צרה. קלעפּ זענען געווען אַן אָפּטע דערשיינונג, אַלע האָבן באַקומען געשלאָגן, ווער מער און ווער ווייניקער.

יעדער ייד האָט געמוזט עטלעכע טעג אין וואָך גיין צו דער אַרבעט. סיי פרויען, סיי מענער. אין יאָר 1939 האָט די ידישע פּאָליציי ניט אַזוי מקפיד געווען און מ׳האָט ניט געמוזט פערזענלעך שטעלן זיך צו דער אַרבעט. מען האָט געקענט מיט עמעצן זיך באַנוצן, אַ זון האָט געקענט אַרבעטן פאַרן פאָטער, אָדער פאַרקערט.

מען האָט דאָך געמוזט זוכן אַ מעגלעכקייט צו פאַרדינען — און ס׳איז געווען בלויז איין וועג: קומען אין האַנדלס־באַציִונגען מיט די קריסטן פון דער געגנט. דאָס זעלבע איז געווען ביי די פויערים. אויך זיי האָבן אונדז באַדאַרפט. די האַנטווערקער זענען דאָך אַלע געווען יידן: שוסטער, שניידער, קאַמאַשנמאַכער אד״גל. זיי האָבן אויך געמוזט קומען קויפן אין שטאָט אַריין, וואָס זיי האָבן באַדאַרפט.

גלייך נאָכן קריגס־אויסברוך, האָט מען נאָך געקענט פאָרן קיין לובלין און ברענגען פון דאָרט סחורה. אָבער שפּעטער, ווען מען פלעגט טרעפן אַ ייד אין וועג, האָט מען אים צוגענומען די סחורה. ס׳איז געוואָרן אַלץ שווערער צו פאַרדינען.

## די אַנטשטייונג פון געטאָ

פרילינג 1940, האָט דער יודענראַט באַקומען אַ באַפעל פון דייטשן אָרט־קאָמענדאַנט און פון מאַגיסטראַט, אַז די יידן, וועלכע וווינען אין שטאָט, מוזן זי פאַרלאָזן און זיך באַזעצן אויף די אַרומיקע בערג, אויף וועלכע די דייטשן איז שווער זיך אַרויפצובאַקו־מען. ווער ס׳האָט געהאַט באַקאַנטע קריסטן אויף די בערג, האָט געקענט צו זיי זיך אַריינ־ציִען. ס׳איז געווען אין ערשטן יאָר מלחמה, די קריסטן האָבן נאָך ניט אַזוי מורא געהאַט און גענומען צו זיך יידן. אָבער ווער ס׳איז אַרויף אויפן באַרג — איז געוואָרן רויִנירט. קודם איז שווער געווען אַלץ אַריבערצופירן אויפן באַרג. שפּעטער, נאָך אַ קורצער צייט, איז געקומען אַ נייער באַפעל פון די דייטשן, אַז די יידן מוזן פאַרלאָזן די בערג. ניט פאַר זיי איז די גוטע באַרג־לופט און ניט פאַר זיי איז צו וווינען אין באַדינגונגען פון אַ קוראָרט. דעמאָלט האָט מען אָרגאַניזירט דאָס געטאָ.

די יידן האָבן געמעגט וווינען אַרום דעם מאַרק־פּלאַץ, אָבער באַוועגן זיך אויף דעם מאַרק האָבן זיי ניט געטאָרט, סיידן ווען זיי זענען געגאַנגען צו דער אַרבעט. אַלע גע־שעפטן, וואָס האָבן זיך געפונען אַרום דעם מאַרק־פּלאַץ, האָבן געמוזט זיין געשלאָסן. אויב עמעצער האָט געהאַט אַ הינטער־טיר, האָט ער נאָך געהאַט אַ נוצן פון געשעפט און געקענט ווייטער האַנדלען.

די דייטשן האָבן זיך געניִיטיקט אין אַ סך מענטשן צו דער אַרבעט, ווי אויך — אין פערד. צי זיי האָבן יאָ דאָס געדאַרפט, אָדער ניט — האָט מען יידן געשפּאַנט אין וועגע־נער... זיי האָבן צונויפגעטריבן יידן פון קוזמיר, קאָנסקע־וואָליע, אָפּאָלע, וואָנוועלניץ און

זיי אַוועק געפירט אינעם אַרבעט־לאַגער אין פּילעוו. די דאָזיקע שטאָט איז נאָך אין דעצעמבער 1939 געוואָרן יודענריין.

אין פּילעווער לאַגער בין איך געווען מער ווי אַ יאָר. די אַרבעט דאָרט איז באַשטאַנען אין רייניקן די גאַסן, פאַריכטן די וועגן, ברענגען קוילן פון דער באַן וכדומה אַזעלכע אַרבעטן.

דער קרייז־קאָמענדאַנט פון פּילעוו איז געווען אַ פאָלקסדייטש פון לעבן קאָנסקע־וואָליע, מיטן נאָמען גהעדע.

דער פּילעווער לאַגער, ווו איך בין אָנגעקומען, האָט זיך געפונען אויפן דעמבלינער וועג, אין אַ הויז, ווו ס'האָבן פריער געוווינט יידישע משפחות. אַלע זענען אוועק אויף אַ גאַנצן טאָג צו דער אַרבעט, עטלעכע מענטשן זענען פאַרבליבן אין לאַגער און פאַר אונדז געקאָכט. ווען מען איז פאַרנאַכט צוריק געקומען אין לאַגער, האָט יעדער באַקומען עפּעס צום עסן, נאָר דאָס זענען געווען הונגער־ראַציעס.

מיטן לאַגער האָט אָנגעפירט דער פּאָליאַק זשעמבאַ. מיר זענען דאָרט אויסגעשטאַנען געברענטע צרות. וועלכער דייטש ס'האָט נאָר געוואָלט, איז אַריין אין לאַגער, אַראָפּגעשלעפּט די מענטשן פון די נאַרעס און געשלאָגן מכות רצח. נאָכן אָפּזיין העכער אַ יאָר אין לאַגער, האָט מען אונדז אין דעצעמבער 1941 אויסגעטוישט — און געברענגט אַ צווייטע גרופּע. איך, מיט נאָך אַ פערציק יוגנטלעכע, זענען צוריק געפאָרן קיין קוזמיר, צו אונדזערע משפחות.

אין ערשטן יאָר האָט דער יודענראַט געטוישט די מענטשן יעדן חודש.

## כ'האָב ניט דערקענט די שטאָט און די מענטשן...

אַהיימקומענדיק פון פּילעוו, האָב איך ניט דערקענט די שטאָט און די מענטשן. מיין אייגענעם פאָטער ניט דערקענט. ער האָט אַלע יאָרן געטראָגן אַ באָרד. ווען איך האָב זיך אומגעקערט פון לאַגער, האָט מיין פאָטער שוין ניט געהאַט קיין באָרד — מען האָט זי אים אָפּגעשוירן. די שטאָט איז געווען פאַרצוימט מיט דראָטן. אויב אַ ייד האָט געוואָלט אַנטלויפן, איז עס געווען כמעט אוממעגלעך. די יידן האָבן יעדן טאָג געמוזט אַרבעטן און ניט באַקומען באַצאָלט, ווי אויך ניט באַקומען קיין עסן. די אַרבעט איז וואָס אַ מאָל געוואָרן שווערער. דער יודענראַט האָט געהאַט פיל צרות אויסצושטיין פון די דייטשן. יעדער טאָג האָט געבראַכט פרישע גזירות. אַלע מאָל האָבן זיי פאַרלאַנגט עפּעס אַנדערש. היינט מעבל, מאָרגן געשיר, איבערמאָרגן — אַ קאָנטריבוציע. אַזוי אָן אויפהער. ווינטער האָבן די דייטשן געפאָדערט מען זאָל זיי אָפּגעבן אַלע פוטערס. יעדער ייד, וועלכער האָט געהאַט אַ פוטער, האָט עס געמוזט צושטעלן. איך מוז אָבער אונטערשטרייכן, אַז דאָס האָבן מיר שוין ניט געמאַכט. איך גלויב, אַז פיל משפחות האָבן זיי די פעלצן ניט צוגעשטעלט. מען האָט פאַרברענט די פוטערס אין די אויוונס, זיי זאָלן ניט

אַריינפאַלן אין דייטשע הענט. זיי האָבן באַדאַרפט די פּעלצן פאַר זייערע זעלנער אויפן רוסישן פראָנט, וועלכע זענען דאָרט געפרוירן געוואָרן.

## די אויסזידלונגען הייבן זיך אָן

אַ באַזונדער שווער קאַפּיטל האָט זיך פאַר אונדז יידן אָנגעהויבן, ווען די דייטשן זענען באַפאַלן רוסלאַנד, אין יוני 1941. באַלד נאָך דעם האָט זיך די לאַגע שטאַרק געענ־דערט, זי איז געוואָרן זייער אַ שווערע. מען האָט גענומען מער שלאָגן און פייניקן, פאַר־גרעסערט די קאָנטריבוציעס און אַנדערע פּורעניותן.

אויף מיטוואָך, דעם 25סטן מערץ 1942, האָט גהעדע באַפוילן אַלע יידן צו פאַרזאַמ־לען זיך אויפן מאַרק און זיי איינגעטיילט אין דריי גרופּן, וועלכע האָבן געמוזט אַוועק קיין אָפּאַלע. די ערשטע גרופּע האָט באַדאַרפט אַוועק דאָנערשטיק, די צווייטע — שבת, און די דריטע — מאָנטיק. שבת, נאָך דעם ווי די צווייטע גרופּע איז אַוועק, האָט ער גערופן דעם יודענראַט און געמאָלדן, אַז אַזוי ווי ער האָט מיט אַ טאָג פריער אויסגעזידלט די שטאָט וואָנוועלניק, וועלכע איז איצט יודענריין, קענען די קוזמירער יידן, וועלכע דאַרפן ערשט מאָנטיק פאָרן קיין אָפּאַלע, גלייך אַוועק קיין וואָנוואָלניק און דאָרט זיך באַזעצן. דאָס איז אָבער געווען ניט דער ערשטער ליגן.

מאָנטיק אין דער פרי האָט מען פאַרזאַמלט אַלע פאַרבליבענע יידן, צוגעשטעלט פורן, אויף וועלכע זיי האָבן פאַרלאָדן זייער האָב־און־גוטס און זיי געטריבן קיין וואָנ־וואָלניק. אָבער אַנשטאָט אַהין, האָט מען זיי געפירט גלייך צו דער באַן, קיין נאַלענטשאָוו, דאָרט האָבן זיי געטראָפן נאָך יידן, געבראַכט פון אָפּאָלע, וועלכע מען האָט געשיקט אויפן מזרח. אַזוי אַרום איז קוזמיר געוואָרן יודענריין.

נאָכן אַפּעל אויפן קוזמירער מאַרק, ווען די יידן זענען איינגעטיילט געוואָרן אין דריי גרופּן, האָבן מיינע עלטערן און מיר, די זין, באַשלאָסן צו אַנטלויפן פון דעם גיהנום. מיר האָבן פאַרנאַכט זיך געקליבן צו גיין צו דער ווייסל, אַריבער אויף יענער זייט, קיין יאַניוועצע, ווו ס'האָט געוווינט אונדזער שוועסטער. איר מאַן, שלום שטיינבערג, איז געווען פּרעזעס פון יודענראַט.

ביינאַכט זענען מיר אָנגעקומען צום טייך און געוואָלט אויפן אייז אַריבער אויף דעם צווייטן ברעג. צו אונדזער מזל, האָט גראַד די נאַכט דאָס אייז גענומען רירן, נאָך דעם ווי ס'איז אַ גאַנצן ווינטער געווען פאַרפרוירן. די נאַכט האָט מען שוין ניט געקענט גיין. פאַרטאָג איז דאָס אייז אָפּגעשווימען און דער קריסט, דער פּשעוואָזשניק האָט אונדז אַריינגעזעצט אין זיין שיפל און ערשט דאַן האָט מען זיך אָנגעהויבן איבערשמועסן וועגן פרייז פאַרן אַריבערפירן אויפן אַנדערן ברעג. וויפל מיר האָבן אים באַצאָלט — געדענק איך ניט, אָבער איך דערמאָן מיך, אַז דאָס איז געווען אַ גאַנץ פיינע סומע.

נאָך אונדזער אָנקומען קיין יאַניוווצע, האָבן זיך דאָרט באַוויזן נאָך עטלעכע משפחות פון קוזמיר, וועלכע האָבן דאָ געהאַט קרובים ביי וועמען זיך אויפצוהאַלטן.

דאָס לעבן פון די יידן אין יאַניוווצע האָט זיך קיין סך ניט אונטערשיידעט פונעם לעבן אין קוזמיר. אויך דאָ האָבן אַלע יידן געמוזט גיין צו דער אַרבעט.

סוף יולי 1942, איז געקומען אַ באַפעל, אַז דעם 1טן אויגוסט 1942, מוזן אַלע יידן פאַרלאָזן יאַניוווצע. די דייטשן האָבן באַשטעלט אַ סך פויערישע פורלעך, אויף וועלכע מיר זאָלן אַרויפלייגן אונדזער האָב־און־גוטס און עס פירן קיין זוואָלין.

זייענדיק אין יאַניוווצע, האָבן מיר געהערט, אַז ווען די דייטשן האָבן געטריבן די קוזמירער יידן קיין וואָנוועלניץ, האָבן זיי אויפן וועג גענומען זוכן די אַלע, וועלכע האָבן זיך ניט געשטעלט צום טראַנספּאָרט. זיי האָבן געכאַפּט יעקב ראַטנאָווסקי, באַקאַנטער כלל־טוער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין קוזמיר און אים אויפן אָרט דער־שאָסן. נאָך יידן האָבן זיי דערשאָסן אויפן וועג.

קיין זוואָלין זענען מיר אָנגעקומען פרייטיק און פאַרבליבן ביז מאָנטיק. אין דער פרי האָט מען געורופן אויפן מאַרק אַן אַפּעל פון אַלע יידן, פון 18 ביז 60 יאָר. דאָרט האָבן זיי אויסגעקליבן די געזונטסטע יוגנטלעכע און זיי אַוועקגעשטעלט אין אַ זייט, אַלס אַרבעט־פעיקע. ווער עס האָט זיך באַקלאָגט, אַז ער איז קראַנק און פילט זיך שלעכט, האָט באַקומען שרעקלעך געשלאָגן. די וועלכע האָבן זיך נישט געקלאָגט, האָט מען צו־מאָרגנס געשיקט קיין סקאַרזשיסקאָ־קאַמיעננאַ, אין דער באַרימטער אַמוניציע־פאַבריק.

## פון איין לאַגער אין אַנדערן

איך בין מיט נאָך עטלעכע הונדערט יידישע יינגלעך און מיידלעך אָנגעקומען קיין סקאַרזשיסקאָ. די אַרבעט איז באַשטאַנען פון אויסלאָדן און פאַרלאָדן וואַגאָנען. אין משך פון 2 יאָר צייט האָבן מיר טאָג־איין טאָג־אויס, אין רעגן, שניי, היץ אָדער קעלט, געמוזט לאָדן עטלעכע וואַגאָן אָפּפאַל פון שטאָל און אַנדערע מעטאַלן, וועלכע מען האָט אַוועק־געשיקט קיין טשענסטאָכאָוו צום איבערשמעלצן. אויסער דעם האָבן מיר יעדן טאָג אויס־געלאָדן קוילן און שטאָל פאַר דער פאַבריק אין סקאַרזשיסקאָ.

מיט אונדזערע טראַנספּאָרט־אַרבעטער האָט אָנגעפירט דער ס.ס.־מאַן לעפלער. זיין פאַרטרעטער איז געווען בריקס, אַ פאָלקסדייטש פון פּויזן.

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם פאַקט:

מיר האָבן געאַרבעט אויף דער נאַכט־שיכט, רייניקנדיק די קוילן, בכדי מאַכן פּלאַץ פאַרן מאַרגנדיקן טראַנספּאָרט, וואָס דאַרף אָנקומען אין דער פאַבריק. פּלוצלינג איז לעפלער געקומען אויף אַ קאָנטראָל און באַמערקט, ווי איין בחור שטייט מיט דער לאָפּעטע און דרימלט. אָן צו זאָגן אַ וואָרט, האָט ער אַרויסגעצויגן דעם רעוואָלווער און אים דערשאָסן.

איך דערמאָן זיך נאָך איין געשעעניש: מיר האָבן געאַרבעט ביים שאַרן די קוילן. געווען איז עס בייטאָג. אַ יונגערמאַן פון פּיעטרקאָוו האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון בערגל. אין דעם מאָמענט איז אַדורכגעפאָרן אַ לאָקאָמאָטיוו פון דער פאַבריק און אים אָפּגעהאַקט אַ האַנט. מיר האָבן אים גלייך גענומען אין לאַגער אַריין, בכדי אים דאָרט צוטיילן די ערשטע הילף. דער לאַגערפירער, זעענדיק דאָס, האָט אָנשטאָט אים געבן הילף — דער־שאָסן אויפן אָרט.

דעצעמבער 1942, בין איך קראַנק געוואָרן, באַקומען הויכן פיבער. מען האָט מיך גענומען אין דעם כלומרשטן שפּיטאָל, וווּ מיר זענען געלעגן אויף נאַקעטע נאַרעס. כ׳בין דאָרט אָפּגעלעגן עטלעכע וואָכן אויף בויך־טיפוס און צוגלייך פלעק־טיפוס. אַ געווויסן טאָג איז מיך געקומען באַזוכן מיינער אַ חבר, בצלאל שאַדמאַן און מיך געהייסן טאָן אַלץ, בכדי איך זאָל נאָך היינט אַרויס פון שפּיטאָל, ווייל ער האָט געהערט, אַז צומאָרגנס וועט מען אַלע קראַנקע אַרויספירן. איך בין געגאַנגען צום דאָקטאָר און אים געזאָגט, אַז איך פיל זיך שוין בעסער און וויל אַרויס פון שפּיטאָל. דער דאָקטאָר האָט מיך געהייסן צוויי מאָל אַדורכגיין דורכן גרויסן באַראַק. ווער ס׳האָט מיך דעמאָלט אונטערגעהאַלטן און פון וואַנען איך האָב גענומען כוח צו גיין — ווייס איך נישט. אָבער דער דאָקטאָר האָט מיך אויסגעשריבן פון שפּיטאָל, מיין חבר האָט מיך אַוועקגעפירט אין באָד און דערנאָך אין באַראַק.

אויפן צווייטן טאָג האָט מען אַלע קראַנקע אַרויסגעפירט אין ווערק „צע״ און דאָרט זיי אויסגעשאָסן און פאַרברענט. דער ריח פון פאַרברענטן פלייש האָט עטלעכע טעג פאַר־סמט די לופט אַרום.

אין לאַגער סקאַרזשיסקאָ האָבן מיר געאַרבעט ביז אויגוסט 1944.

ווען די רוסן האָבן זיך אָנגעהויבן דערנענטערן, האָבן די דייטשן גענומען עוואַ־קוירן אַלע יידן פון סקאַרזשיסקער לאַגער. דעם 26סטן יולי 1944, האָט מען אַוועקגע־שיקט דעם ערשטן טראַנספּאָרט קיין בוכנוואַלד. אין אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מען געשיקט דעם צווייטן טראַנספּאָרט קיין טשענסטאָכאָוו. אונדז, וועלכע האָבן געלאָדן די מאַשינען, האָט מען עוואַקוירט דעם 6־טן אויגוסט 1944. מען האָט אונדז פאַרלאָדן אויף אָפענע וואַגאָנען און געפירט ביז פּיעטרקאָוו. דאָרט האָט מען אונדז איינגעזעצט אין תפיסה אויף אַ גאַנצער נאַכט. צומאָרגנס האָט מען אונדז מיט אַ לאָקאַלער באַן אַריבער־געפירט קיין סילעוו, וווּ מיר האָבן געגרייט שוצגרובן קעגן רוסישע טאַנקן. מיר זענען דאָרט געבליבן העכער צוויי חדשים. די באַדינגונגען זענען געווען זייער שווערע. איבער צוויי טויזנט מענטשן האָט מען אַריינגעלאָזט אין איין שייער. ס׳האָבן אונדז דאָרט די לייז געפרעסן. מען האָט זיך נישט געקענט קיין עצה געבן. דאָס איז פשוט געווען אַ מכה. מיר האָבן נישט געהאַט קיין וואַסער זיך צו וואַשן. ענדלעך זענען מיר געקומען קיין טשענסטאָכאָוו. ערשט דאָרט האָבן מיר צום ערשטן מאָל, נאָך אַזאַ לאַנגער צייט, געהאַט

די מעגלעכקייט צו גיין אין באָד זיך אַרומוואַשן. מען האָט אויך דעזינפעקצירט אונדזערע קליידער, מיר זאָלן זיי ווידער קענען אָנטאָן.

אין טשענסטאָכאָוו בין איך געווען ביזן 16טן יאַנואַר 1945.

די אַלע וועלכע מען האָט געבראַכט פון סילעזיע, האָט מען צוגעטיילט צו פאַרשידענע אַרבעטן. מיך האָט מען צוגעטיילט צו אַ גרופּע, וועלכע האָט געמאַכט אַ פרישע גלייס אין דער פאַבריק. מיר זענען דאָרט געווען אינגאַנצן „גרינע" און זייער הונגעריק.

ס איז פשוט אוממעגלעך איבערצוגעבן, וואָסערע באַדינגונגען ס'האָבן געהערשט אין טשענסטאָכאָווער לאַגער. מען האָט אונדז באַזעצט אין אַ באַראַק, ווו מיר זענען געשלאָפן איינער אויפן צווייטן. אין טשענסטאָכאָוו האָבן מיר אפשר מער געליטן, ווי אין סקאַר־זשיסקאָ. די בהלה פון די דייטשן איז שוין דעמאָלט געווען גרויס. זיי האָבן זיך געריכט יעדן מאָמענט צו דאַרפן אַנטלויפן פאַר די רוסן.

דעם 16טן יאַנואַר 1945, האָט מען אונדז נישט אַרויסגעלאָזט צו דער אַרבעט.

מיטאָג־צייט האָט מען אונדז כלומרשט גענומען פירן צום אויפלאָדן מאַשינען אין די וואַגאָנען. גייענדיק איבער די טשענסטאָכאָווער גאַסן, האָבן מיר געזען, ווי די פּאָליאַקן לויפן. אויף אונדזער פראַגע וואָס דאָס באַדייט, האָבן זיי געענטפערט: „ראָסיאַניע נאַ וואַרשאַווסקיעי" (די רוסן זענען אויף דער וואַרשעווער גאַס). מיר זענען ווייטער געגאַנגען (אַנטלויפן האָבן מיר נישט געקענט, ווייל מיר זענען געווען שטרענג באַוואַכט דורך אוק־ראַינער און זעלנער). מיר זענען צוגעקומען צו אַ בריק, איך געדענקט נישט ווו דאָס איז געווען, איז דאָרט געשטאַנען אַן ס.ס.־מאַן, וועלכער האָט זיך אָנגערופן צו אונדזער עלטסטן: „זענט איר פאַררוקט, די רוסן זענען דאָך דאָ". אָבער דער ס.ס.־מאַן האָט אונדז געפירט גלייך צו דער באַן־סטאַציע סטראַדאָם. מען האָט אונדז פאַרלאָדן אין וואַגאָנען און מיר זענען דאָרט געבליבן ביז עלף ביינאַכט. דאַן האָט מען אונדז אַוועקגעפירט. אין דער פרי זענען מיר דורכגעפאָרן גלייוויץ. ווען מיר האָבן זיך דורכגעשמועסט מיט די פּאָליאַקן, וואָס זענען געווען אויפן וואָקזאַל, האָבן זיי אונדז געזאָגט, אַז די שטאָט טשענסטאָכאָוו איז שוין באַזעצט דורך די רוסן.

פרייטיק פאַרנאַכט זענען מיר מיט דער באַן געקומען קיין ווימאַר און נאָך דעם זעלבן אָוונט האָט מען אונדז געבראַכט קיין בוכנוואַלד. ערשט דאָרט האָבן מיר דערפילט, וואָס עס הייסט הונגער.

אין בוכנוואַלד איז געווען פאַלגנדיקער רעזשים: פינף פאַרטאָג האָבן מיר באַקומען אַ שטיקעלע ברויט פון אַ 100 אָדער 150 גראַם. ווער ס'איז געווען אַ ביסל געזונט און זיך געקענט צושטופּן נאָך אַ ביסל קאַווע, דער האָט זי געטרונקען. אַ זייגער 9.30 האָט מען באַקומען אַ מיטאָג. דאָס איז געווען אונדזער עסן ביז מאָרגן אין דער פרי. נאָר שנײ איז געווען אומבאַגרענעצט, דאָס האָבן מיר געקענט עסן וויפל מיר האָבן געוואָלט. די פרעסט זענען געווען גרויס. מיר האָבן געוווינט בערך 1700 מענטשן אין איין באַראַק, געלעגן

אויף די נאַרעס, ווי די הערינג אין אַ פאַס. ווען עמעצער האָט געוואָגט גיין ביי־נאַכט צו טאָן אַ באַדערפעניש, האָט ער זיך שוין נישט געקענט צוריק לייגן אויף דער נאַרע. זיין פּלאַץ איז געוואָרן פאַרנומען. אין דער פרי, אַרויסגייענדיק פון באַראַק, האָט מען געפונען צענדליקער טויטע, וועלכע זענען אומגעקומען פון הונגער און קעלט.

אין בוכנוואַלד בין איך געווען בערך זעקס וואָכן.

ענדע פעברואַר האָט מען מודיע געווען, אַז אַלע עלעקטריקער קענען זיך מעלדן, מען וועט זיי שיקן אויף אַרבעט. איך האָב באַשלאָסן, אַז איך קען מער אין בוכנוואַלד נישט בלייבן. מיר אַרבעטן נישט, עסן באַקומט מען נישט, אונדז דערוואַרט אַ הונגער־טויט. זייענדיק אַן עלעקטריקער נאָך פון פאַר דער מלחמה, האָב איך זיך פאַרשריבן אין טראַנספּאָרט.

מען האָט אונדז, 56 יידישע עלעקטריקער און אויטאָ־מעכאַניקער צוזאַמען גענומען און אַוועקגעשיקט אין באַרימטן לאַגער שענעבערג. קומענדיק אַהין, האָבן מיר נישט געוואָלט גלייבן אונדזערע אייגענע אויגן. די פאַבריק האָט אויסגעזען, גלייך עס וואָלט קיין קריג נישט געווען.

אונדזער גרופּע האָט אין פאַבריק פאַריכט אויטאָס. מיר האָבן דאָרט קיין שווערע אַרבעט נישט געהאַט, אָבער ליידער, קיין עסן אויך נישט. מיר האָבן ממש געהונגערט. פיל זענען דערפון געשוואָלן געוואָרן.

דעם 11טן אַפּריל 1945, איז געקומען אַ באַפעל, אַז אַלע יידן דאַרפן זיך צוריקקערן אין לאַגער. דאָרט האָט מען אונדז דערקלערט, אַז מען וועט אונדז צוריק שיקן קיין שענע־בערג. מען האָט עס טאַקע געטאָן. ווען מיר זענען אַהין געקומען, האָבן מיר באַמערקט אַז עס הערשט אין לאַגער אַ גרויסער כאַאָס.

די זעלבע נאַכט זענען מיר אַריבער די בריק איבער דער עלבע און מאַרשירט ווייטער — טאָג־איין, טאָג־אויס, בייטאָג און ביינאַכט. מיר זענען געגאַנגען אָן אויפהער, ביזן 3טן מאַי 1945. יענעם טאָג, האָט דער הויפּט־שטורמפירער דערקלערט, אַז מיר זענען פריי. אין אַ האַלבע שעה אַרום האָט ער אונדז צונויפגענומען און באַפוילן גיין ווייטער. ער האָט עס געטאָן, לויט מיין מיינונג, ווייל ער האָט נישט געוואָלט אַריינפאַלן אין רוסישער געפאַנגענשאַפט. ער האָט אונדז געפירט העכער צוואַנציק קילאָמעטער, אין אַ וואַלד.

קומענדיק אַהין אין מיטן נאַכט, האָבן מיר געזען ווי די דייטשן פאַרברענען פאַר־שידענע דאָקומענטן. צו מאָרגנס האָבן מיר גענומען זוכן עסן. מיר האָבן געגעסן רויע קאַרטאָפל, ווייל עפּעס אַנדערש איז נישט געווען.

אַרום 11 אַ זייגער פאַרמיטאָג, האָט דער ס.ס.־מאַן געהייסן ווייטער מאַרשירן. ווי מיר זענען געשטאַנען גרייט צום אָפּמאַרש, איז אָנגעפאָרן אַ געפאַנצערטע מאַשין און זיך אָפּגעשטעלט. אַזוי ווי אויף דער מאַשין איז געווען אָנגעמאָלן אַ שטערן, זענען מיר

געווען זיכער, אַז דאָס זענען די רוסן. מיר האָבן זיך דעריבער געלייגט אויפֿן שאָסיי און נישט געלאָזט דעם אויטאָ ווייטער פֿאָרן.

אַמעריקאַנער אָפֿיצירן זענען אַרויס פֿון אויטאָ און מיט רעוואָלווערן אין האַנט גלייך צו צו אונדזער עלטסטן, דעם ס.ס.־מאַן. דעמאָלט האָט ער געמאָלדן די אַמעריקאַנער, אַז ער האָט געבראַכט אַזוי פֿיל און אַזוי פֿיל העפֿטלינגע.

דער וואַלד ווו מיר האָבן זיך פֿאַרהאַלטן, האָט זיך געפֿונען בערך 10 קילאָמעטער פֿון שווערין, מעקלעמבורגער קרייז.

**די באַפֿרייונג**

דעם 4טן מאַי 1945, בין איך באַפֿרייט געוואָרן פֿון דעם פֿינפֿיאָריקן יאָך אין די שרעקלעכע, דייטשע שקלאַפֿן־לאַגערן.

איך וויל צוגעבן, אַז ווען די אַמעריקאַנער האָבן אונדז באַפֿרייט, זענען מיט אַ שעה שפּעטער געקומען רוסישע טאַנקן. די רוסישע און אַמעריקאַנער אָפֿיצירן האָבן זיך צע־קושט, וועןביידע אַליאירטע אַרמייען האָבן זיך געטראָפֿן נאָכן זיג איבערן געמיינזאַמען שונא.

די רוסן האָבן גלייך אָנגעהויבן פֿרעגן די געוועזענע העפֿטלינגע פֿון וואַנען זיי שטאַמען. אויב פֿון פּוילן — קען מען גיין אַהיים, קיין פּוילן, אויב פֿון בעלגיע — קען מען גיין קיין בעלגיע.

מיר, די יידן, האָבן באַשלאָסן צו גיין אין דער אַמעריקאַנער זאָנע.

מיר זענען געקומען קיין שווערין. דאָרט איז מען פֿאַרבליבן עטלעכע וואָכן. דער־נאָך האָט מען אונדז אַוועק געפֿירט קיין לינבורג און פֿון דאָרט — אין אַ פּוילישן לאַגער, פֿון וואַנען מען האָט אונדז געוואָלט שיקן, צוזאַמען מיט אַלע פּאָליאַקן, קיין פּוילן. דערוויסנדיק זיך דערפֿון, זענען מיר פֿון דאָרט אַוועק קיין בערגען־בעלזן. דאָס איז געשען סוף יוני 1945. אין אַ פּאָר חדשים אַרום, האָב איך זיך באַקענט מיט טשאַרנע אַפּעלבוים, וועלכע איז אויך געווען אין לאַגער, דערונטער צוויי יאָר אוישוויץ. זי שטאַמט פֿון וואָל־קאָוויסק, ביאַליסטאָקער וואָיעוואָדשאַפֿט. מערץ 1946, האָבן מיר חתונה געהאַט אין לאַגער צאַלסהיים. דעם 20סטן דעצעמבער 1946 איז געבוירן געוואָרן אונדזער ערשטע טאָכטער, אָסנת.

אין לאַגער ציילסהיים, ביי פֿראַנקפֿורט, זענען מיר פֿאַרבליבן ביז אויגוסט 1948, דעמאָלט זענען מיר, דורך פֿראַנקרייך, געפֿאָרן קיין ישראל (אָקטאָבער 1948). אין יאָר 1951 איז געבוירן געוואָרן אונדזער צווייטע טאָכטער, יונה.

איך וויל צוגעבן, אַז איך גיב איבער מיין דערציילונג אין נאָוועמבער 1966, ווען מיין עלטערע טאָכטער האָט געענדיקט איר מיליטער־דינסט אין צה״ל — און איך האָב זוכה געווען דעם גליקלעכן מאָמענט.



טשאַרנע באָרנשטיין / טאָראָנטאָ, קאַנאַדע

# געראַטעוועט זיך אַלס קריסטין

אונדזער חרוב־געוואָרן שטעטל איז געבליבן פאַריתומט, אָן יידן.

קוזמיר איז געווען פול מיט לעבן, אַ יוגנט — פול מיט אידעאַלן און אַן אינטעלי־גענטע אָנפירערשאַפט. בראש פון דער יוגנט זענען געשטאַנען די חברים ל. לאַנגלעבן, י. ראָזען און — תבדל לחיים אַרוכים — סאָניע ווישניאַ. איר מאַן, שמעון ז״ל, האָט זיין גאַנצע ענערגיע און טאַלאַנט געווידמעט דער ציוניסטישער אידעע.

אַלע יידישע יום־טובים זענען אין שטעטל געפייערט געוואָרן אויף אַ זייער אימ־פּאַזאַנטן אופן, פרייטיק פאַרנאַכט, נאָך דעם ווי דער שמש האָט געענדיקט קלאַפּן מיטן ספּעציעל געבויגענעם שטעקן איבער די טירן פון אַלע הייזער און געשעפטן, איז דאָס גאַנצע שטעטל איינגעהילט געוואָרן אין אַ הייליקער שטימונג. ס׳איז געקומען דער שבת־קודש מיט זיין מנוחה. די יידישע קוזמיר האָט געבלאַנקט — אַ ריינע און אויסגעפּוצטע לכבוד שבת. די ליכט האָבן אַרויסגעשיינט פון אַלע פענצטער. די מענער האָבן אין די שבת־בגדים, אויף דער לובלינער גאַס און אין די קלענערע געסלעך, געאיילט צו קבלת־שבת אין שול, בית־המדרש און אין ד־ שטיבלעך. ווי שיין איז געווען דאָס בילד און פייערלעך דער מאָמענט. אויך ראש־השנה, צו תשליך, האָט דאָס גאַנצע שטעטל יידן געצויגן צו דער ווייסל, אַריינצוּוואַרפן דאָרט זייערע עבירות פון אַ גאַנץ יאָר.

ביז ס׳איז געקומען דאָס גרויסע אומגליק איבער אונדזער שטעטל. עס האָט אויסגע־בראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה. שוין אויפן דריטן טאָג איז אונדזער שטעטל באָמבאַר־דירט געוואָרן, עס זענען געפאַלן די ערשטע קרבנות. פון גרויס שרעק האָבן יידן גענו־מען לויפן אין פאַרשידענע דערפער אין דער געגנט. אין עטלעכע טעג אַרום, האָבן די דייטשע רוצחים אָקופּירט דאָס שטעטל און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אומגליק פאַר די יידן. דאָס יידישע לעבן איז געוואָרן הפקר. מען האָט אָנגעהויבן כאַפּן און יאָגן אויף אַרבעט. אַ געוויסן פרייטיק־צו־נאַכטס זענען אַלע מענער אַרויסגעטריבן געוואָרן אויף דער גאַס, אין אַ גרויסער קעלט. די בעסטיאַלישע רוצחים האָבן מיט באַגנעטן און ביקסן־קאָלבעס געשטאָכן און געשלאָגן די יידן, דערביי האָבן זיי געמוזט זינגען די „התקווה“...

פֿאַר מײַנע אויגן שטייט דאָס שרעקלעכע בילד, וואָס איך קען קיין מאָל ניט פֿאַרגעסן, ווי מען האָט געטריבן די פּילעווער ייִדן קיין אָפּאָלע דורך קוזמיר, ממש ווי אַ סטאַדע בהמות, אונטער אַ האָגל פֿון קלעפּ און ווילדע שיסערייען.

מיט גרויס ליידן און מי האָב איך זיך געראַטעוועט, קומענדיק קיין וואַרשע מיט „אַרישע" דאָקומענטן, אַלס קריסטין. איך האָב מיטגעמאַכט דאָס שרעקלעכע גיהנום פֿון וואַרשעווער געטאָ, אויך דעם פּוילישן אויפֿשטאַנד אין יאָר 1944. דערנאָך האָבן מיך די פֿאַשיסטישע חיות פֿאַרשיקט אויף צוואַנג־אַרבעט קיין דײַטשלאַנד. איך בין נישט אימשטאַנד צו באַשרײַבן וואָס איך האָב מיטגעמאַכט און וואָס מײַנע אויגן האָבן געזען, ביז עס איז געקומען דער לאַנג־דערוואַרטער טאָג, ווען די רוסישע אַרמיי האָט מיך באַפֿרײַט און איך בין סוף־סוף געראַטעוועט געוואָרן פֿון גיהנום.

לײַדער, זענען אַלע טײַערסטע און נאָענטסטע, די ליבע עלטערן, שוועסטער און ברודער, גוטע פֿרײַנד און כמעט אַלע קוזמירער ייִדן — אומגעקומען אויף קידוש השם.

כבוד זייער אָנדענק!



לאָלאַ רייכמאַן־ביאַלער / ניו־יאָרק

## אַן איבערלעבונג אין וואַרשע

איך וויל דאָ באַשרײַבן איינע פֿון מײַנע איבערלעבונגען אויף דער „אַרישער" זײַט בעת דער מלחמה.

דאָס איז געווען אין וואַרשע, אויף דער קרוטשע גאַס, אין יאָר 1944. איך האָב דעמאָלט געמוזט אַרויסגיין פֿאַרקויפֿן די רעשטלעך פֿון אונדזערע קליידער, ווײַל מיר האָבן שוין ניט געהאַט פֿון וואָס צו לעבן. נאָכן פֿאַרדינען אַ פּאָר זלאָטעס, בין איך אַרײַן אין אַן אַפּטייק אײַנקויפֿן עטלעכע נייטיקע זאַכן. ניט געקוקט דערויף וואָס איך האָב געהאַט אַ פּוילישן פּאַספּאָרט — אַ קענקאַרטע (וועלכע איך האָב אַליין באַקומען אין געסטאַפּאָ), האָב איך זיך געפֿילט אויף די וואַרשעווער גאַסן זייער איבערגעשראָקן, ווײַל יעדער דורכגייער האָט מיך געקענט באַלד דעמאַסקירן.

נאָכן אַרויסגיין פֿון דער אַפּטייק, האָב איך באַמערקט אויפֿן גאַס אַ יונגן מענטש,

וועלכער איז מיר זייער ניט געפעלן, צוליב זיין עלעגאַנטער קליידונג. נאָר איך האָב זיך אָנגענומען מיט מוט, כדי אַריבערצוגיין אויף דער אַנדערער זייט גאַס. אין דעם מאָמענט האָב איך געהערט ווי עס פייפט ווער איך זאָל זיך פאַרהאַלטן. איך האָב זיך געמאַכט, ווי מען מיינט ניט מיך. נאָר ער איז געווען געשיקטער און מיך פאַרהאַלטן, איידער כ׳האָב באַוויזן אַריבערצוגיין. ווען איך האָב זיך אָפּגעשטעלט נעבן אים, האָט ער אויסגעצויגן זיין האַנט, גענומען מיינע אין זיין לאַפּע און גענומען מיר קוקן אין די אויגן, גלייך ער וואָלט געפּרוּווט אַרויסלייענען פון זיי דעם גאַנצן אמת. איך האָב געפילט, ווי דאָס גאַנצע בלוט לויפט אָפּ פון מיין קאָפּ און געטראַכט, אַז דאָס איז שוין מיין סוף, אין געדאַנק האָב איך זיך געזעגנט מיט אַלעם.

ווען איך בין אַזוי געשטאַנען מיט מיין האַנט אין זיינער, האָב איך זיך אָפּגעגעבן אַ רעכענונג, אַז עס איז שוין גענוג דאָס שטומע אויספּרוּוון. איך האָב באַשלאָסן אַרויסרייסן די האַנט פון זיינע — און אַוועק. און אַזוי טאַקע געטאָן. איך האָב ניט געגלייבט, אַז כ׳בין פריי. אַ האַלבן טאָג האָב איך געוואַנדערט איבער די וואַרשעווער גאַסן, מורא האָבנדיק אַריינצוגיין אין הויז ווו איך האָב געוווינט.

אין אָוונט, ווען איך האָב דאָס דערציילט מיין מאַן, וועלכער איז מיט מיר געווען די גאַנצע צייט באַהאַלטן, האָט ער געטענהט, אַז דאָס איז געווען אַ געהיים־אַגענט. ער האָט מיך זיכער ניט דערקענט, ווייל אַנדערש וואָלט ער מיך ניט אָפּגעלאָזט. ווי עס זאָל ניט זיין — האָב איך דעמאָלט געוווּנען די שפּיל מיט מיין שווייגן...



מלכה טיראַנגעל / חולון

# אויף די וועגן פון פיין און אומקום

איך בין געבוירן און מיינע קינדער־יאָרן פאַרבראַכט אין דעם שיינעם מאָלערישן שטעטעלע קאַזשימיעזש, אָדער ווי מ׳האָט עס גערופן אין יידיש: קוזמיר. נאָך מיך חתונה מיט יוסף טיראַנגעל, בין איך פון קוזמיר אַריבערגעפאָרן אין זיין היימשטעטל גניעוואַ־שאָוו, ווו מיר האָבן זיך באַזעצט.

## די ערשטע פאַרפאָלגונגען און רציחות

ס׳איז געקומען דער טרויעריקער ערשטער סעפטעמבער 1939. פון פרימאָרגן אָן האָבן די דייטשן באָמבאַרדירט דעם פלי־פּלאַץ אין דעמבלין. ס איז אַנטשטאַנען אַ גרויסע מהומה. מיט מיין פיר־וואָכיק קינד בין איך אַנטלאָפן צו די עלטערן קיין קוזמיר. אָבער די דייטשע עראָפּלאַנען האָבן אויך אַהין געטראָפן. זיי האָבן באָמבאַרדירט קוזמיר און פאַר מיינע אויגן איז דערהרגעט געוואָרן אַ ייִנגל, דער זון פון שלמה שוסטער. איך בין מיט מיין פאַמיליע ווייטער געלאָפן אין אַ דאָרף נישט ווייט פון קוזמיר. אויפן וועג האָב איך פאַרלוירן די עלטערן. כ׳האָב געהאַט אַ ביטערן גאַנג: אויף איין האַנט האָב איך געטראָגן אַ פּאַק זאַכן, און אויף דער צווייטער — דאָס קינד. מיט צרות און מאַטערניש האָב איך זיך ווי עס איז דערשלעפּט אין דאָרף. צומאָרגנס האָב איך געפונען מיינע עלטערן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום זענען אַריין די דייטשן קיין קוזמיר. זיי האָבן געגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע איינוווינער מוזן זיך צוריקקערן אויף זייערע פריערדיקע וווינערטער. אויב מ׳וועט ערגעץ געפינען נישט קיין אָרטיקן, וועט מען אים דערשיסן. בין איך מיט מיין משפחה פון דאָרף צוריק אַוועק קיין קוזמיר, און פון דאָרט האָב איך מיט מיין קינד זיך צוריקגעקערט קיין גניעוואַשאָוו, ווו כ׳האָב געטראָפן אין דער היים מיין מאַן, געזונט און שטאַרק. מיר האָבן זיך זייער געפרייט צוליבן ווידער זיך טרעפן כאָטש אויפן האַרצן איז געווען גוט קלאָגעדיק. מיר האָבן געוווסט, אַז קיין זיס לעבן שטייט אונדז

נישט פאַר ביי די דייטשן, אָבער מיר האָבן זיך פאַר קיין שום פאַל נישט געקענט פאָר־שטעלן, וואָס די דייטשן וועלן מיט אונדז טאָן.

ווען די רוצחים זענען אַריין קיין גניעוואַשאָוו, האָבן זיך אַלע יידן באַהאַלטן. האָבן די היטלעריסטישע פּאַרטיליקער אַרויסגעשלעפּט פון די הייזער דאָס רוב עלטערע יידן, צווישן זיי איז געווען אהרן ליבהאַבער, מ׳האָט זיי געפירט איבער דער גאַס, געפייניקט און חוזק געמאַכט פון זיי. געריסן די בערד, אונטערגעצונדן באָרד און פאות, זיך געלאָזט בעסטיאַליש ווילגיין — און דערביי זיך געקאַטשעט פאַר געלעכטער און הנאה.

## דער סוף פון געטאָ אין גניעוואַשאָוו

אינגיכן איז געשאַפן געוואָרן אַ יודענראַט, וואָס זאָל אויפצווינגען אויף יידן די דייטשע גזירות, אַ יידישע פּאָליציי, וועלכע האָט אַקטיוו מיטגעאַרבעט מיט די אָקופּאַנטן און זיך באַמיט מיט אַלע כוחות אויסצופירן זייערע באַפעלן. מ׳האָט די יידן געשלעפּט אויף אַרבעט און דערביי געשלאָגן מכות רצח. מ׳האָט באַפוילן יידן אָפּצוגעבן זייער ביסל גוטס, ווי: גאָלד, פוטערס, מאַנופאַקטור אד״גל. ס׳איז געווען אַ צייט פון ביטערע גזירות, פּיין און הונגער. אין יאָר 1940 איז געשאַפן געוואָרן אַ געטאָ פאַר די יידן. די ליקווידאַציע פון געטאָ איז פאָרגעקומען אין דעם טרויעריקן און וויסטן 18טן אויגוסט 1942.

ס׳איז געקומען אַ באַפעל, אַז אַלע יידן מוזן זיך פאַרזאַמלען אויפן מאַרק־פּלאַץ, פון וואַנען זיי וועלן געשיקט ווערן קיין זוואָלין. איך און מיין מאַן האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז דער סוף און מיר טאָרן אַהין נישט גיין. מיין שוואָגער, חיים הערש גוטמאַן, וועמענס משפחה די היטלער־מערדער האָבן צוגענומען, האָט אונדז דערקלערט, אַז ווהין די דייטשן שיקן, טאָר מען נישט גיין, ווייל דאָס באַדייט אומקום. מיר האָבן אים געגלייבט און איך מיט מיין מאַן האָבן זיך דעצידירט נישט צו גיין צום מאַרק־פּלאַץ. ביינאַכט האָבן מיר זיך אַרויסגעגנבעט פון געטאָ און זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פונעם דאָרף כאָטש. אויפן וועג האָבן מיר געטראָפן נאָך יידן. אַ באַצאַלטער פויער האָט אונדז געפירט. אויפן וועג, אין דער נאַכט־פינצטערניש, האָט מען צו אונדז געשריען „האַלט!״ און מ׳האָט גע־שאָסן, אָבער ס׳האָט קיינעם נישט געטראָפן. מיר זענען בשלום געקומען אויפן אָרט. שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווסט, אַז אויפן וועג זענען אייניקע יידן דערהרגעט געוואָרן פון די קוילן.

## טויזנטער יידן אין איין דאָרף

אין דאָרף האָב איך זיך מיט מיין גאַנצער משפחה איינגעקוואַרטירט אין אַ צימער ביי אַ פויער און זעקס וואָכן נישט אַרויס פון שטוב. ס׳איז געווען אַ שטיל דאָרף. ס׳האָבן זיך צונויפגעקליבן און איינגעאָרדנט ביי אַ פאָר טויזנט יידן. ס׳האָט זיך דאָרט געשאַפן אַ

יודענראַט. מ׳האָט געטריבן יידן אויף אַרבעט. ווער פון די געכאַפּטע ס׳האָט געפּרוווט אַנטלויפן, איז דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט. צווישן זיי איז אומגעקומען דער גניעוואַשאַ־ווער משה אַלטמאַן.

אין אַן אָקטאָבער־נאַכט פון 1942 איז דאָס דאָרף געוואָרן אַרומגערינגלט פון ס.ס.־רוצחים. פאַרטאָג איז געקומען אַ באַפעל, אַז אַלע יידן מוזן זיך פאַרזאַמלען ביי דער פוילישער גמינע. יידן האָבן ווידער גענומען לויפן פון דאָרף און די דייטשן האָבן נאָכגעשאָסן. פיל יידן זענען דערהרגעט געוואָרן. בלויז אַ קליינע צאָל איז געלונגען צו אַנטלויפן. אויפן פּלאַץ נעבן דער גמינע, האָבן ס.ס.־אָפיצירן דורכגעפירט אַ סעלעקציע: פרויען, קינדער און עלטערע מענטשן זענען געטריבן געוואָרן לינקס, און יינגערע, אַרבעטספעיקע מענער — רעכטס.

צווישן די פאַרזאַמלטע אויפן פּלאַץ זענען געווען אויך איך מיט מיין מאַן. אונדז איז נישט געלונגען צו אַנטלויפן. בעת דער סעלעקציע האָט מען אונדז צעשיידט (אונדזער קינד האָט זיך געפונען ביי מיינע עלטערן און איז שפּעטער צוזאַמען מיט זיי אומגעקומען). מיך האָבן די רוצחים צוגעטיילט צו דער גרופּע פון פרויען, קינדער און זקנים. מ׳האָט אונדז אַרויפגעזעצט אויף וועגענער און אָפּגעשיקט צו דער נאָענטער באַן־סטאַציע. מיין מאַן איז צוגעטיילט געוואָרן צו דער גרופּע יונגע אַרבעטספּעיקע מענער און ער איז פאַרשוווּנדן פון מיינע אויגן.

אויף דער באַן־סטאַציע אין טאַרלאָ, האָב איך דערזען, אַז דאָס גאַנצע שטעטל איז אַרומגערינגלט פון זשאַנדאַרמעריע און ס.ס.־לייט. מ׳האָט אונדז אויסגעשטעלט צו 20 אין אַ ריי און אַריינגעפירט אין געטאָ. פיל יידן האָבן גענומען לויפן און מ׳האָט געשאָסן אויף זיי. אויך איך בין געווען צווישן די, וואָס זענען געלאָפן. אויפן וועג האָבן מיר זיך צוזאַמענגערעדט מיט אַ פּויער ער זאָל אונדז פירן. איך האָב געטראָפן נאָך גניעוואַשאַ־ווער און צוזאַמען זענען מיר צוריק געקומען קיין כאָטש. נאָענט פון דאָרף האָבן אונדז אַרומגערינגלט אַ גרופּע פּויערים און געדראָט אונדז איבערצוגעבן צו די דייטשן. מיר האָבן די באַנדיטן אָוועקגעגעבן אַלץ, וואָס מיר האָבן ביי זיך געהאַט — און זיי זענען אַוועק.

**דער אומצוטרוי צו די פּויערים**

איך בין געקומען צום פּויער ווו מיר האָבן פריער געוווינט און אים געפרעגט: אפשר ווייסט ער עפּעס פון מיין מאַן, וואָס ניט אים איז געשען. ער האָט מיר דערציילט, אַז מיין מאַן מיט נאָך אַ גרופּע יידן זענען אַנטלאָפן קיין גניעוואַשאָוו. דער פּויער האָט מיר רעקאָמענדירט אַ צווייטן דאָרפס־איינוווינער, וועלכער האָט זיך אונטערגענומען צו ברענגען מיך און נאָך יידן קיין גניעוואַשאָוו. מיר זענען געגאַנגען צופוס ביינאַכט דורך הינטער־וועגן. מיר זענען אָנגעקומען אויף אַ בערגל, פון דאָרט האָבן מיר באַמערקט, אַז אין דעם

דערנעבנדיקן וואַלד לייכטן זיך עלעקטרישע לעמפּלעך. הייסט עס, אַז דאָרט זענען פאַראַן דייטשן און דער פויער וויל אונדז איבערגעבן אין זייערע הענט.

דערשראָקענע זענען מיר אַנטלאָפן צוריק קיין כאַדזש צו יענעם פויער, צו מיין געוועזענעם באַלעבאָס און אים געבעטן רחמים, ער זאָל פאַר געלט געבן אַ צווייטן פויער, אַן אָרנטלעכן מענטש, וואָס זאָל דורך אַ זיכערן וועג אונדז ברענגען קיין גניעוואַשאָוו. ער האָט געבראַנגט אַ פויער, וועלכער האָט אונדז געפירט אין דער נאַכט־פינצטערניש אויף אַן אַנדערן וועג. פּלוצלונג האָט דער פויער עפּעס אַרויסגענומען פון קעשענע. ס׳האָט אַ בליץ געטאָן אַ מעסער. דאָס בלוט איז אונדז פון שרעק פאַרגליווערט געוואָרן אין די אָדערן. מיטן אויסגעשטרעקטן מעסער האָט ער באַפוילן מיר זאָלן גיין פאָרויס. זיין כוונה איז, ווייזט אויס, געווען: טאָמער טרעפן מיר זיך אָן אויף דייטשן, זאָלן מיר אַריינפאַלן אין זייערע הענט און ער וועט דערוויל אַנטלויפן.

פאַרצווייפלטע זענען מיר געגאַנגען, נישט געוווסט וואָס צו טאָן. מיר זענען געווען זיכער, אַז אויב נישט דייטשן, וועט ער גופא אונדז דערהרגענען. איך האָב אַרויס גענומען הונדערט זלאָטעס און אים געגעבן, זאָגנדיק, אַז צוליב דעם, וואָס ער איז אַ פיינער מענטש און ריזיקירט צוליב אונדז דאָס לעבן, און אַזוי ווי מיר ווייסן נישט, צי מיר וועלן בלייבן לעבן, בכן גיבן מיר אים אַוועק דאָס געלט, כדי עס זאָל נישט אַריינ־פאַלן צו די דייטשן. דאָס האָט געווירקט. ער איז געוואָרן ווייכער און האָט אונדזע גע־בראַכט אין אַ דאָרף צו זיינע קרובים. יענע האָבן אונדז אַוועק געפירט קיין גניעוואַשאָוו.

דאָרט, ביי דעם פויער באַלעסלאַוו סמעטאַנקאַ, האָב איך געטראָפן מיין מאַן. מיר האָבן אים געגעבן פיל זאַכן. ער האָט אונדז אָבער נישט געוואָלט לענגער האַלטן. זענען מיר אַוועק צו אַ צווייטן פויער אין דאָרף זדינקאָוו, וועלכער איז געווען אַ פאַראָבעק ביי מיין מאַנס פעטער, אַ גוטבאַזיצער, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ סך ערד אויפן דאָרף, און ווען די דייטשן האָבן דעם פעטער מיט זיין משפחה צוגענומען, איז דער פאַראָבעק גע־בליבן וווינען אין דער דירה פונעם ייד.

**אין וואַנדערונג איבער פויערישע הייזער**

ווען מיר זענען געקומען צום פויער, איז ער אין שטוב נישט געווען, זענען מיר אַריין אין סטאָדאָלע און זיך דאָרט באַהאַלטן. דער פויער איז שפּעטער געקומען דרעשן און געווען איבעראַשט, ווען ער האָט אונדז דערזען. ער האָט גענומען זיך צלמען פאַר שרעק, אָבער קיין טומל נישט געמאַכט און אונדז נישט געהייסן אַוועקגיין, פאַרקערט, ער האָט אונדז באַרואיקט און געבראַכט עסן און טרינקען. מיר האָבן אים געבעטן, ער זאָל אונדז אויסבאַהאַלטן. האָט ער מיך און מיין מאַן אַריינגעפירט אין שטוב און דאָרט האָבן מיר געטראָפן נאָך יידן: יעקב לייב, אַ זון פון אברהם ליבהאָבער און הערצקען, גרשון ליבהאָבערס זון.

ביי דעם דאָזיקן פויער האָבן מיר געלעבט עטלעכע וואָכן, ביז אין איינער אַ נאַכט האָט מען פּלוצים אָנגעקלאַפּט אין טיר. דאָס האַרץ האָט זיך ווי אָפּגעשטעלט פאַר שרעק. ס׳איז אַריינגעקומען אַ פאָלקסדייטש, געהייסן אַלעמען זיך אָנטאָן און דערקלערט, אַז מיר זענען אַרעסטירט. איך בין צוגעפאַלן צו אים און גענומען זיך בעטן: פאַניע ראדקו, דו קענסט דאָך מיך. וואָס האָסטו צו אונדז? פאַר וואָס ווילסטו אונדז אומברענגען? דערויף האָט דער פאָלקסדייטש אויסגעשריען, אַז ער קען אונדז נישט און באַפוילן זיינע באַגליי־טערס זיי זאָלן בינדן אַלע מענער.

פינף יידישע מענער זענען געווען, האָט מען זיי אַלע געבונדן איינעם צום צווייטן. איך בין נישט אָפּגעטראָטן פון פאָלקסדייטש און זיינע באַגלייטער. כ׳האָב זיי צוגעזאָגט מתנות, זאַכן און געלט.

ראדקע האָט זיך פאַרענטפערט, אַז ער איז נישט שולדיק. די פויערים מסרן די יידן און גיבן זיי אויס צו די דייטשן. ער איז געקומען טאָן זיין פליכט. איך האָב אַזוי לאַנג גערעדט צו זיין געוויסן און געבעטן זיך, ביז איך האָב אויסגעפועלט און מ׳האָט אונדז אַלע אָפּגעלאָזט. פאַרשטייט זיך, אַז דאָ האָבן פאַר אַלעם געווירקט די מתנות. יעדער פון אונדז איז אַוועק, ווו ער האָט געקענט. איך און מיין מאַן — צו אַ פויער אין אַן אַנדער דאָרף. דאָרט האָבן מיר געטראָפן נאָך גניעוואַשאָווער יידן, צווישן זיי — שלמה פאַנטש און זיין שוועסטער חייה. דער פויער האָט אונדז אַלעמען אויסבאַהאַלטן. איינמאָל איז געקומען אַן אויטאָ מיט דייטשן און זיך דערנענטערט צו דער סטאָדאָלע ווו מיר האָבן זיך געפונען. די פאַנטשס האָבן פאַר שרעק גענומען לויפן. דער פויער האָט זיי נאָכגע־שריען: „וואָס טוט איר? איר מאַכט זיך אומגליקלעך! איך האָב נישט געוווּסט, אַז איר זענט יידן!"

מיר האָבן געמוזט אַוועק פון דעם פייער און זענען געקומען אין דער קאָלאָניע שאַר־נעווו. אַ דאָרטיקער פויער, אַ רוס, מיטן נאָמען יאַן, האָט פאַר אונדז געמאַכט אַ צייטווייליק באַהעלטעניש אין זיין סטאָדאָלע. ער האָט שטאַרק מורא געהאַט און זיך געבעטן: מיר זאָלן אַוועק. איך האָב דעם פויער דערקלערט, אַז מיר האָבן נישט ווהין צו גיין, און אויב ער קען אונדז נישט האַלטן, טאָ זאָל ער פאַרדינען אַ מצווה און מיר ברענגען סם.

דער פויער האָט מיר דערויף געענטפערט:

— איך בין אַ פרומער קריסט און טו נישט אַזעלכע זאַכן. נאָר אויב איר ווילט פאַר־ענדיקן אייער לעבן, טאָ לויפט אַרויס, ווען אייך די דייטשן נאָכשיסן, וועט איר האָבן אַ גיכן און גרינגן טויט.

מיר האָבן אים געדאַנקט פאַר דער גוטער עצה...

אין אַ ווינטערדיקן פאַרטאָג, ווען די קעלט האָט אַריינגעדרונגען אין אַלע אברים, האָבן מיר געמוזט פאַרלאָזן די סטאָדאָלע. מיר זענען אַרויס אין פראָסט און שניי, וואָס איז געדיכט געפאַלן אָן אויפהער. מיר זענען געבליבן שטעקן ביז דער קני אין שניי

און קיין פוס נישט געקענט אַרויסשלעפּן. איך האָב דערפילט, ווי עס ווערט מיר פינצטער אין די אויגן און גענומען בעטן מיין מאַן, ער זאָל מיך איבערלאָזן, ווייל איך ענדיק סיי ווי, און ער זאָל אַנטלויפן, זיך ראַטעווען.

מיין מאַן האָט מיך גענומען שלעפּן אַ האַלב־געחלשטע איבערן שניי און אַזוי גע־בראַכט ביז דער פאַרמאַכטער טיר פון דער סטאַדאָלע און מיך דאָרט אַוועקגעלייגט. דער פויער איז אַרויסגעלאָפן אַ דערשראָקענער און געשריגן: „גוואַלד, וואָס האָט איר צו מיר? איר ווילט מיך אומברענגען?" ער האָט אָבער דערזען, אַז ר'האָט נישט קיין אַנדערע עצה, ווייל טאָמער געפינט מען מיך נעבן זיין סטאַדאָלע, איז ער אַ פאַרפאַלענער. און אפשר האָט ער פשוט רחמנות געקריגן אויף אַ שטאַרבנדיקן מענטש און האָט געהאָלפן מיין מאַן מיך אַריינטראָגן אין דעם שייער און געבראַכט עסן און טרינקען.

איך בין אָבער געווען אַזוי שוואַך, אַז איך האָב נישט געקענט דאָס מויל עפענען. האָט דער פויער געבראַכט אַ ביסל זאַפט און מיין מאַן האָט מיר לעפלווייז דערלאַנגט אין מויל. איך האָב אָנגעהויבן קומען אַ ביסל צו זיך. מיין מאַן האָט געוויינט און געבעטן דעם פויער, ער זאָל אונדז באַהאַלטן ביי זיך. ענדלעך האָט ער אונדז אַרויפגעפירט און באַהאַלטן אויפן בוידעם אין אַ קעמערל, וואָס ער האָט גוט פאַרמאַסקירט.

**דייטשן און א.ק. זעלנער אין געיעג אויף יידן**

אין איינער אַ נאַכט, זענען אָנגעקומען דייטשן. זיי האָבן אָנגעקלאַפּט ביים פויער און געפרעגט זיך אויף יידן. זיי האָבן געזוכט אין יעדן ווינקל, געפּאָדערט ביים בעל־הבית אַ לייטער און גענומען קלעטערן אויפן בוידעם. דערזען אַז דער בוידעם איז פול מיט שטרוי, זענען זיי אַראָפּ און אונדז נישט געפונען.

אַ צווייט מאָל, בייטאָג, איז געקומען אַ גרופּע א.ק.־לייט (אַרמיאַ קראַיאָווע — אונטער־ערדישע אַרמיי פון דער פּוילישער גלות־רעגירונג אין לאָנדאָן) און געזוכט יידן. זיי האָבן אונדז געפונען, אַראָפּגעפירט אונטן און געגעבן אַ באַפעל: „די הענט אין דער הייך!" מיר זענען געשטאַנען מיט אויפגעהויבענע הענט און געציטערט פאַר שרעק. מיר האָבן געהערט, אַז מיט אַ פּאָר טעג פריער האָבן די א.ק.־לייט געפונען און דערהרגעט די צוויי ברידער פאַנטש און סערקע באַרמאַן מיטן מאַן און קינד.

די פאָליאַקן האָבן אָנגעשטעלט אויף אונדז די ביקסן. מיר האָבן געפילט, אַז ס'איז געקומען דער סוף. די עלטסטע פון דער גרופּע זענען אַוועק אויף אַ באַראַטונג. ווען זיי זענען צוריק געקומען, האָב איך זיך גענומען בעטן ביי זיי:

— וואָס האָט איר צו אונדז? פאַרוואָס ווילט איר אונדז אומברענגען? אין וואָס באַשטייט אונדזער חטא? ווייל מיר זענען געבוירן געוואָרן יידן? מיר וועלן אייך געבן געלט פאַר א.ק. און לאָזט אונדז אָפּ!

מיינע ווערטער האָבן ווייזט אויס געווירקט. זיי זענען ווייכער געוואָרן און אונדז

אָפּגעלאָזט, אָבער זיי האָבן צוגעזאָגט ווידער צו קומען. מיר זענען אַריין צוריק אין דער סטאָדאָלע און שפּעטער אַנטלאָפן און אָנגעקומען צוריק קיין גניעוואַשאָוו, ביינאַכט אַוועק צו אַ באַקאַנטער קריסטין: גראַבצאָוואַ האָט זי געהייסן. זי האָט אונדז נישט געוואָלט אַריינלאָזן. מיר האָבן קוים אויסגעפּועלט זי זאָל אונדז אַרויפלאָזן אויפן בוידעם. די פרוי האָט געבראַכט עסן און אונדז געוואָרנט, אַז ביי איר אין שטוב וווינט אַן אוקראַי־נישע משפּחה און זי האָט זייער מורא, זיי זאָלן אונדז נישט אָפּמסרן און דערמיט אויך זי אומגליקלעך מאַכן.

איך האָב באַשלאָסן צו רעדן מיטן אוקראַינער. איך האָב אים דערציילט, אַז איך בין זייער רייך, איך פאַרמאָג צוויי מילן. אַן עלעקטרישע און אַ וואַסער־מיל. ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן, וועל איך אים אָפּטרעטן איין מיל — טאָ וואָס וועט אים אַרויס־קומען דערפון, אויב ער וועט אונדז איבערגעבן צו די דייטשן?

דער אוקראַינער האָט זיך גלייך אויפן אָרט דעצידירט, אַז ער וויל די עלעקטרישע מיל. איך האָב זיך מיט אים נישט געדונגען און גלייך מסכים געווען אַוועקצוגעבן אים וואָס ער פאַרלאַנגט און דערווייל אויפן אָרט געגעבן אַ ביסל זאַכן און געלט. דער אוקראַי־נער האָט אָנגעהויבן רעדן גאַנץ אַנדערע דיבורים: „וואָס הייסט, ער וועט מסרן אַזאַ יונגע און שיינע זשידוווקע? אַ פאַדלעץ וואָלט איך געווען ווען איך וואָלט עס געטאָן, יאַק באָגאַ קאָכאַם! איר קענט איינגאַנצן זיין רויק און זיך פאַרלאָזן אויף מיין ערנוואָרט“, האָט ער דערקלערט.

ער האָט אויך געווירקט אויף זיין טאָכטער און איידעם, זיי זאָלן שווייגן. זיי האָבן געוווינט צוזאַמען אין דעם הויז — 5 פּערזאָן.

דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט. די רוסן האָבן אָנגעהויבן באָמבאַרדירן די געגנט, פון אַ באָמבע וואָס איז געפאַלן, האָט דאָס הויז גענומען ברענען. מיר האָבן נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה און געמוזט אַרויסלויפן. די פּויערים האָבן אונדז דערזען און גענומען זיך צלמען פאַר שרעק און אויסגערופן:

— אַ יעזו, זשידזשי!

## די פּוילישע פרוי, וואָס האָט אונדז געראַטעוועט

אין דער בהלה איז אונדז געלונגען צו אַנטלויפן און זיך באַהאַלטן אין די פעלדער. שפּעטער האָבן מיר זיך צוריקגעקערט צו דער גראַבצאָווע. אָבער דאָ איז געקומען אַ צופאַל, וואָס האָט אונדז שיעור נישט געקאָסט דאָס לעבן: איינמאָל ביי טאָג, ווען די גראַבצאָווע איז אין שטוב נישט געווען, האָבן מיר דערהערט ווי אויפן הויף זענען געקו־מען דייטשן און גענומען רייסן דעם שלאָס פון שטאַל ווו מיר האָבן זיך געפונען. די הערצער זענען אָפּגעשטאָרבן פון שרעק. איך האָב שנעל באַהאַלטן מיין מאַן אונטערן

שטרוי און אים צוגעדעקט מיט שמאַטעס. ווען די דייטשן האָבן אָפּגעהאַקט דאָס שלאָס און זענען אַריין אין שטאַל, בין איך געווען אינגאַנצן ווי משוגע. כ'האָב ניט געוווּסט וואָס עס טוט זיך מיט מיר און געריסן די האָר פון קאָפּ, געצופּט און געפּליקט דאָס פּנים, זיך געשלאָגן קאָפּ אין וואַנט.

די אָנקומענדיקע דייטשן האָבן אויסגעבראָכן אין אַזאַ פריילעך געלעכטער, אַז זיי האָבן זיך אַזש געכאַפּט פאַר די בייכער, און איינער האָט געוויזן דעם צווייטן: „זע נאָר, די פרוי איז פעריקט" און מיט שפּאָטישן געלעכטער זענען זיי אַוועק. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי האָבן גאָרנישט געזוכט קיין יידן, נאָר אַ קו, וואָס האָט זיך געדאַרפט געפינען אין דעם הויז.

ווען דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט און מ'האָט אַלעמען אַרויסגעטריבן פון שטעטל, האָט מיין באַלעבאָסטע געבראַכט די קו, וואָס זי האָט אויסבאַהאַלטן. איך האָב מיך פאַרנומען מיט דער בהמה, איבערגעטאָן ווי אַ פּויערטע, וואָס טרייבט אַ קו, האָב איך צוזאַמען מיט מיין מאַן און מיט די קריסטלעכע איינוווינער פאַרלאָזן דאָס שטעטל. טראָץ דער גרויסער בהלה האָבן די פּויערים גלייך דערקענט, אַז איך בין אַ יידישע און אָנגעהויבן שרייען: „זשידוווקא!"

מיט פּחד בין איך ווייטער געגאַנגען און נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. דאַן איז צו מיר צוגעגאַנגען דער קאָמענדאַנט פון שטעטל און געזאָגט: „האָב נישט קיין מורא, מיר וועלן דיר גאָרנישט טאָן, גיי רואיק דיין וועג".

כ'האָב די אייגענע אויערן נישט געגלייבט און פּשוט נישט געוווּסט ווי אַזוי אים אָפּצודאַנקען.

די גראַבצאָווע האָט אונדז אַוועקגעפירט אין אַ דאָרף צו אירס אַ טאָכטער. יענע האָט אונדז אָבער בשום אופן נישט געוואָלט אַריינלאָזן, צוליב מיין מאַן. „די דייטשן — האָט זי געזאָגט — זוכן דער עיקר מענער". בלית ברירה האָבן מיר זיך צוריקגעקערט אין דער באַהעלטעניש צו דער גראַבצאָווע, כאָטש קיינער איז שוין אין שטעטל נישט געווען. ס'זענען ווידער געקומען דייטשן אין דעם הויז וווּ מיר האָבן זיך באַהאַלטן. זיי האָבן געזוכט אין יעדן ווינקל און אונדז געפונען. זיי האָבן זיך צעשריגן מיט רציחה מיר זאָלן אַרויס אין דרויסן, די הענט אין דער הייך. דערנאָך האָבן זיי געפאָדערט דאָקומענטן.

כ'האָב זיי געוויזן מיין פּוילישן פּאַס, אויף מיין מאַן האָב איך געזאָגט, אַז ער איז מיין קוזין. מיר זענען געקומען אין אונדזער הויז נעמען עפּעס עסן. די דייטשן האָבן באַפוילן מיר זאָלן תיכף פאַרלאָזן דאָס אָרט. איך האָב מיך אָפּגעבעטן מ'זאָל מיך לאָזן פאַרבלייבן ביז מאָרגן, ווייל איך קען איצט נישט גיין. ווען די דייטשן זענען אַוועק, איז מיין מאַן גלייך אַוועק און זיך באַהאַלטן ביי אַ פּויער.

צומאָרגנס זענען זיי ווידער געקומען און געפרעגט זיך אויף יידן. כ'האָב דערקלערט, אַז איך האָב זיי דאָ קיינמאָל נישט געזען. דאַן האָט אַ דייטש אַראָפּגעכאַפּט פון דער וואַנט

דאָס בילד פון דער הייליקער מוטער און געוואָלט עס פאַרניכטן. איך האָב אָנגעהויבן וויינען, זיך צלמען, תפילה טאָן. כ׳בין אים געפאַלן צו די פיס און געבעטן ער זאָל מיר צוריקקערן דאָס הייליקע בילד, ווייל דאָס איז ביי מיר דאָס טייערסטע אין מיין לעבן. אַ פאָלקסדייטש, וואָס איז געווען צוזאַמען מיט דער באַנדע, האָט דערקלערט, אַז מען דאַרף זיך רעכענען מיט די געפילן פון אַ גלויביקער קריסטין און באַפוילן זיינע קאַמעראַדן צוריק אויפהענגען דאָס בילד, ווייל איך בין „אַ פרומע קריסטין".

## דער פאָלקס־דייטש, וואָס האָט מיך געוואָלט געווינען

דער פאָלקסדייטש האָט מיר פאָרגעלייגט איך זאָל זיך אַריבערציען צו אים. ער האָט אַ פיינע דירה. איך וועל דאָרט בלויז דאַרפן צורוימען און עס וועט מיר גאָרנישט פעלן. כ׳וועל ביי אים האָבן פון אַלדאָס גוטס. ער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז ער וועט קומען אין אָוונט און מיר ברענגען עסן און אָנטועכץ.

אין אָוונט, ווען ער האָט געדאַרפט קומען, בין איך שוין געווען אין אַן אַנדער באַ־העלטעניש. דער פאָלקסדייטש האָט מיך נישט געלאָזט צורו. ער האָט מיך אָפּגעזוכט, גע־בראַכט עסן און אַ פעקל גוטע קליידער, געפּראַוועט מיר קאָמפּלימענטן, און דערביי צוגעגעבן, אַז ער קען מיט מיר טאָן וואָס ער וויל, אָבער ער וויל מיך נישט אויסנוצן, נאָר ראַטעווען פון די רוסן, וואָס וועלן אָנקומען.

איך האָב אים הייס געדאַנקט פאַר זיין גוט האַרץ און דערקלערט, אַז איך קען נישט גיין, ווייל איך קען נישט איבערלאָזן אַליין מיין אַלטע מאַמע. מיין מאַן, וועלכער איז דאַן געלעגן באַהאַלטן אויפן בוידעם, האָט געהערט אָט די אַלע שמועסן. דער פאָלקסדייטש איז געקומען נאָך אַ מאָל און מיר געבראַכט עסן און באַלד נאָך דעם איז ער אַוועק מיט זיין מיליטער־טייל פון שטעטל און מער זיך שוין נישט צוריק געקערט.

מיט אַ נאַכט שפּעטער זענען ווידער געקומען דייטשן. זיי האָבן גענישטערט אין שטוב און אַריין אין סטאַדאָלע, וווּ זיי האָבן געזוכט אין יעדן ווינקל. איך האָב געהערט ווי מען קריכט אויפן לייטער און מיט אַמאָל דערזען אַ קאָפּ פון אַ דייטש. אויך ער האָט מיך באַמערקט. ער האָט צוגעלייגט אַ פינגער צום מויל און געפּליסטערט: שששש, האָב נישט קיין מורא... די קריג ענדיקט זיך שוין. היטלער קאַפּוט. פאַרבלייב דאָ און ליג רויק... שטיל... נאָר שטיל...

## די באַפרייונג

מיר האָבן נאָך דורכגעמאַכט פיל שרעק און פּיין. וואַנדערונגען פון פויער צו פויער, ביז די רוסן זענען אַריין און אונדז אויסגעלייזט פון די אַלע צרות, פּלאָגן, און טויט־שרעק. מיר זענען ווידער געקומען צו דער גראַבצאָווע, אָבער שוין ווי פרייע מענטשן.

מיר האָבן איר הייס באַדאַנקט פאַר אַלץ, וואָס זי האָט געטאָן פאַר אונדז, באַצאָלט איר מיט וואָס מיר האָבן נאָר געקענט, פאַר דער מסירת־נפש פון דער טייערער, האַרציקער און איידעלער פרוי. מיר וועלן זי קיינמאָל נישט פאַרגעסן!

שפּעטער, ווען דאָס לעבן האָט זיך אַ ביסל נאָרמאַליזירט, זענען מיר אַריבער קיין לאָדזש, געלעבט עטלעכע יאָר און אין 1950 זענען מיר געקומען קיין ישראל, וווּ מיר לעבן, אַרבעטן און דערמאָנען מיט אַ טיפן ווייי אין האַרץ יענע ביטערע, שוידערלעכע בלוטיקע יאָרן פון חורבן און אומקום. היינט זעט אויס יענע צייט ווי אַ ווי‍סטער חלום און עס גלייבט זיך קוים, אַז מיר האָבן דאָס אַלץ אַדורכגעמאַכט אויף אונדזער אייגענער הויט...



חיים גוטמאַן / פּאַריז

# יאָרן פון אומגליק און שוידער

## דאָס שטעטל ביז סעפּטעמבער 1939

„גירסא דינקותא לא משתכחא" — וואָס מ׳לערנט אין דער יוגנט, פאַרגעסט מען נישט. ווייל איך טאַקע, איידער איך וועל צוקומען צו די גרויליקע מלחמה־צייטן, אָנהייבן מיינע זכרונות פון די קינדהייט־ און יוגנט־יאָרן, וואָס האָבן זיך טיף איינגעקריצט אין זכרון. און קודם־כל — דער חדר און דער בית־המדרש. איך געדענק ווי איך האָב גע־לערנט ביי אהרון־משה יצחק ז"ל, דערנאָך ביי ר׳ לייביש שידל ז"ל, שפּעטער ביי שמחהלע „נקבה" (אַזוי האָט מען אים גערופן). איך בין איבערגעגאַנגען פון איין רבין צום צווייטן מיט די זעלבע חברים. דערנאָך האָט מען צוזאַמען געלערנט אין בית־המדרש.

עס דערמאָנט זיך אַ זומער־אָוונט, נאָך מנחה־מעריב, ווען אַלע ייִדן האָבן אָנגעהויבן זיך אומקערן אַהיים. דאָס בית־המדרש איז געוואָרן כמעט ליידיק. ס׳זענען בלויז פאַר־בליבן עטלעכע יונגע בחורים ביי לאַנגע טישן, ס׳רוב צו צווייען איינגלעך ביי איין גמרא. דורך די אָפענע פענצטער וואָס גייען אַרויס אין גאָרטן, בלאָזט אַ זומערדיקער ווינט. די בלעטער אויף די ביימער באַוועגן זיך, דער געדאַנק רוט אויך נישט און דאָס קול פון לערנען קלינגט אָפּ אין גרויסן בית־המדרש־זאַל. איך וועל נישט פאַרגעסן די בחורים

ביים לערנען און די געשטאַלט פון ר׳ אהרון דעם שוחטס זון, אַ גרויסער תלמיד־חכם, אָנגעזאַפּט פול מיט תורה. ווער פון אונדז ס׳האָט עפּעס נישט געוווסט אָדער נישט תופס געווען, האָט ער גלייך אויפן אָרט אַזוי געגעבן צו פאַרשטיין, אַז מיר האָבן געקאָנט ווייטער לערנען. ער האָט געשמט אין אונדזער שטעטל פאַר דעם גרעסטן קענער פון תורה.

גאַנץ באַזונדער האָט קוזמיר געשמט מיטן גרויסן בעל־מופת ר׳ מאָטעלע ז״ל. מען האָט דערציילט אַן אַ שיעור וועגן זיינע גרויסע מופתים וואָס ער האָט באַוויזן, געזונט מאַכנדיק קראַנקע און ברענגענדיק צום קלאָרן זינען משוגעים. באַרימט האָט זיך אויך געמאַכט ר׳ יחזקאל ז״ל ווי אַ גרויסער רבי. ער האָט געהאַט אַן אוהל אויפן אַלטן בית־עולם, צו זיין יאָרצייט פלעגן יעדעס יאָר קומען זיינע צוויי זין, ביידע רביים — ר׳ דודל און ר׳ שלמהלע ז״ל.

קוזמיר האָט געהאַט אַ שפּרודלדיק יידיש לעבן, שיינע געשטאַלטן און אירע אייגענע געשעענישן. עס האָבן זיך פאַרגעדענקט נישט נאָר פריילעכע עפּיזאָדן, נישט נאָר דאָס שבתדיקע געזאַנג, נאָר אויך אַ סך טרויעריקע געשעענישן. קוזמירער יידן האָבן איבער־געלעבט נישט איין אומגליק, וואָס איז געקומען פון דער ווייסל.

פון חדר בין איך איבערגעגאַנגען לערנען אין בית־המדרש. מיר זענען געווען צוזאַ־מען עטלעכע יינגערע בחורים: שאול פרידמאַן, יעקב איידלשטיין, מאָטל לאַנגלעבן און דעם רבס זון שמעון זילבערמינץ. זיין פאָטער, דער רב, האָט מיט אונדז יעדן טאָג גע־לערנט אַ שעה צייט. אין בית־המדרש האָבן אויך געלערנט עטלעכע עלטערע פון אונדז בחורים: יצחק זילבערמינץ, נחום זאַנשטיין, מיין ברודער משה־נחמן גוטמאַן — און מיר אַלע, סיי די יינגערע, סיי די עלטערע, זענען געווען גוטע חברים. מיט דער צייט האָבן די יונגעלייט אָנגעהויבן חתונה האָבן און פאַרלייגן אייגענע משפחות. דער גרעסטער טייל איז פאַרבליבן וווינען אין קוזמיר, ווו די יידישע באַפעלקערונג איז געוואַקסן. דאָס שטעטל האָט זיך אַלץ מער אַנטוויקלט.

גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער אַנטוויקלונג און אויפשטייג פון קוזמיר האָבן געהאַט צוויי חשובע יידישע פאַמיליעס.

איך געדענק ווי אין שטעטל האָט זיך באַזעצט די משפחה שענדעראָוויטש — מענטשן מיט איניציאַטיוו, וועלכע האָבן איינגעאָרדנט פּענסיאָנאַטן. באַזונדערס גרויסע פאַרדינסטן פאַרן יידישן קוזמיר האָט געהאַט די טאָכטער פון די שענדעראָוויטשעס — סאָניאַ. זי האָט איינגעאָרדנט די ערשטע שול אין דער פּוילישער שפּראַך פאַר יידישע קינדער און יוגנטלעכע. די משפחה איז געווען באַליבט דורכן גאַנצן יידישן כלל, אויך פון קריסטן.

די צווייטע משפחה האָט געהייסן לעווענשטיין, אויך אונטערנעמערישע און אינטעלי־גענטע מענטשן. זיי האָבן אין די בערג אָפּגעקויפט אַ גרויסן שטח באָדן און איינגע־אָרדנט אַ פיינעם פּענסיאָנאַט. נאָך זיי האָבן אַנדערע יידן געעפנט פּענסיאָנאַטן און רעס־טאָראַנען.

פופציק פראָצענט פון דער באַפעלקערונג האָט זיך פאַרנומען מיט פּענסיאָנאַטן, רעסטאָראַנען, מיט צושטעלן פּראָדוקטן, באַדינען די פּליאַזשע און ענלעכע באַשעפטי־קונגען פון וועלכע מ׳האָט געצויגן פרנסה. זומער איז קוזמיר געווען אין פולן סעזאָן. אויף דער שיינער פּליאַזשע אויפן ברעג ווייסל איז געווען לעבעדיק.

אויסער פון האָטעלן און פּענסיאָנאַטן, האָט דאָס שטעטל געצויגן פרנסה אויך פון סעדער, וועלכע יידן פלעגן אָפּדינגען ביי פּריצים און פּויערים. אויף איינקויפן סעדער און אויך אַנטוויקלען אַנדערע אונטערנעמונגען, האָט דער „דזשאָינט״ געשאַפן אַ באַנק צו העלפן מיט הלוואות די סוחרים, סאַדאָווניקעס און בעלי־מלאכות. כדי נישט אַרויסרופן קנאה־שנאה צווישן יידן און קריסטן, האָט מען אָנגענומען אין באַנק אַלס מיטגלידער אַ קליינעם שיכט פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג.

די באַנק האָט געהאָלפן יידן אין פרנסה. איין מאָל אין יאָר איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, די אָנטיילנעמער האָבן אויסגעקליבן אַ ראַט פון 10 פּערזאָן און אַ פאַרוואַלטונג פון דריי מאַן. אין טאָג פון דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג איז געווען לעבעדיק. דאָס פלעגט שטענדיק פאָרקומען אין אַ זונטיק. דאָס גאַנצע שטעטל האָט געקאָכט. מאַכט זיך איין מאָל, נאָכן אָפּשטימען, בעת מ׳האָט איבערגעציילט די צעטלען, ווייזט זיך אַרויס, אַז אויך איך בין געוויילט געוואָרן אין דער פאַרוואַלטונג. צוזאַמען מיט מיר זענען אויסגעקליבן געוואָרן: שמעון ווישניאַ, ישראל פּנחס זיידמאַן. שמעון ווישניאַ איז באַשטימט געוואָרן אַלס פּרעזעס, איך — אַלס וויצע־פּרעזעס. די אַרבעט פון דער באַנק איז געגאַנגען נאָרמאַל — ביז אַ יאָר פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

## עס הייבט זיך אָן דער קאַשמאַר

ס׳איז געקומען דער טרויעריקער ערשטער סעפּטעמבער 1939. די מלחמה איז אויסגעבראָכן. מענטשן זענען צעטומלט, מען ווייסט נישט וואָס צו טאָן. אייניקע קומען צו לויפן אין שטאָט, דאַקעגן די קוזמירער לויפן אין די שכנותדיקע דערפער. מיר האָבן געמיינט, אַז ביי דער ווייסל וועט זיין אַ שטאַרקער ווידערשטאַנד. ווייזט זיך אַרויס, אַז מיר האָבן זיך טועה געווען. זענען מיר אַוועק אין אַ דאָרף. נאָך צען טעג האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די דייטשן זענען אין קוזמיר. יידן האָבן אָנגעהויבן צוריק קומען, איך מיט מיין משפחה אויך. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט, נאָך עטלעכע טעג האָבן זיך אָנגעהויבן די גזירות. אָט רעקווירירן די דייטשן וווינונגען. כ׳האָב דעמאָלט געוווינט אין פיר צימערן מיט אַ קיך. מ׳האָט מיר צוגענומען צוויי צימערן, אין וועלכע מ׳האָט אַריינגעזעצט 6 דייטשן. מיר האָבן זיי געמוזט באַדינען, צוגרייטן עסן, קאַפע. מ׳האָט אָבער געלעבט בשלום, מיר האָבן געמאַכט אַלע אָנשטרענגונגען, זיי זאָלן זיין צופרידן.

מיט דער הילף פון מאַגיסטראַט האָבן די דייטשן אויסגעקליבן אין קוזמיר אַ

יודענראַט, וואָס האָט קיינעם פון די מיטגלידער נישט פאַרשאַפט קיין פאַרגעניגן און נישט קיין כבוד. ס'איז געווען אַ באַפעל, מ'האָט געצווונגען. דער יודענראַט איז באַשטאַנען פון צען מאַן: חיים פייערשטיין — פּרעזעס, איך — וויצע־פּרעזעס. צוזאַמען מיט אונדז: שלמה קאַפּלאַן, נחום זאַנשיין, איטשע־לייב וויינמאַן, מלך דיאַמאַנט, נחום פּזשעוואַזשניק. די נעמען פון די אַנדערע דריי געדענק איך נישט.

מ'האָט געפאָדערט פון אונדז צושטעלן כסדר פאַר די דייטשן שפּייז־פּראָדוקטן, מעבל, מלבושים. יעדעס מאָל — אַנדערע זאַכן. יעדן טאָג האָט מען גערופן אין קאָמענדאַנטור און געפאָדערט עפּעס אַנדערש: פֿאַשע פאַר די פערד, פּוטערס, געלט.

דאָס שיינע שטעטל קוזמיר האָבן די דייטשן פאַרוואַנדלט אין אַן אָפּרו־אָרט פאַר ס.ס.־לייט. דעריבער האָט מען כסדר געפאָדערט מער און מער. יעדן טאָג האָט מען אונדז גערופן אין דער קאָמענדאַנטור. דער ערגסטער טאָג איז געווען ווען פון פּולאַווו איז געקומען דער רעפערענט פאַרן יידן־פראַגן, דער פאָלקס־דייטש געדע. ווען ער איז גע־קומען אין שטאָט, האָט זיך געטאָן חושך. ס'איז יעדן באַפאַלן אַ טויט־שרעק. צו ערשט האָט ער גערופן דעם פּרעזעס פון יודענראַט, דערנאָך דעם גאַנצן ראָט. מ'האָט נישט געוווסט וואָס ער וועט פאָדערן און וואָס ער וועט טאָן מיט אונדז: צי מען וועט אונדז שיסן, צי ערגעץ אַרויסשיקן. איך האָב געטראַכט ווו זיך אויסצובאַהאַלטן, אָבער ווי אַזוי לאָזט מען דאָס איבער די אַנדערע? דער פּרעזעס האָט געמוזט זיין אויפן אָרט. ווען נישט וואָלט ערגער געווען פאַרן כלל. זיי וואָלטן זיך נוקם געווען אין די יידן. דער פּרעזעס פון יודענראַט האָט נישט איין מאָל באַקומען קלעפּ פון דעם רוצחישן געדע. מ'האָט אים אין דער קאָמענדאַנטור פיל מאָל צעשלאָגן, אָדער צעקלאַפּט דעם קאָפּ. ער איז אָבער געווען אַ מענטש מיט אַ שטאַרקן כאַראַקטער און מיט אַ סך ענערגיע. ער האָט אויף זיין שווערן אַמט אַ סך געטאָן פאַר דער עדה יידן.

### דריי וואָכן אין לובלינער „זאַמעק"

אַ געווויסן טאָג באַווייזן זיך צוויי דייטשן, אַנגעטאָן ציוויל און גייען אַריין אין דער פּוילישער פּאָליציי, וואָס האָט זיך געפונען אין שכנות מיט מיין הויז. ס'האָט נישט לאַנג גענומען ווי זיי זענען אַריין צו מיר — און אַוועק געפירט קיין לובלין, אין דער תפיסה אויפן „זאַמעק". ווי נאָר איך בין דאָרט אַריין, האָט מען זיך געוואָרפן אויף מיר און אָנגעהויבן באַלייגן מיט קלעפּ. דערנאָך האָט מען מיר געהייסן אויפהייבן די הענט און אויסדרייען צו דער וואַנט. נאָך דעם ווי מען האָט מיך פאַרעגיסטרירט, האָט מען מיך אַריינגעפירט אין אַ גרויסער קאַראַנטין־צעלע, וועלכע מ'האָט גערופן „זביורקאָוואַ". מיר זענען דאָ געווען איבער 300 פערזאָן, פאַרשלאָסן ווי חיות אין אַ שטייג. ס'האָבן זיך דאָ געפונען פאַרשידענע מענטשן, הן פּאָליטישע טוער, הן גנבים און באַנדיטן. די ענג־שאַפט איז געווען אומגעהויער גרויס. אין דער פרי האָט מען באַקומען 100 גראַם ברויט

מיט אַ גלאָז וואַסער. אויף מיטאָג — אַ וואַסערדיקע זופּ. דער הונגער האָט אויסגעדרייט די קישקעס, אַז ס׳איז עמעצן אַראָפּגעפאַלן אַ קרישקע ברויט, האָט מען זיך שיעור נישט דערהרגעט. יעדער האָט זי געוואָלט כאַפּן. גרויס איז געווען די שרעק ביינאַכט, ווען מען האָט דערהערט טריט פון שווערע שטיוול און דער לאָמפּ האָט זיך אָנגעצונדן. מ׳האָט נישט געוווּסט אויף וועמען ס׳איז געפאַלן דער בייזער גורל. די טיר עפנט זיך. ס׳קומען אַריין צוויי דייטשן מיט אַ ליסטע אין דער האַנט, אַלע מוזן דעמאָלט זיין אויף די פיס. די דייטשן לייענען אַרויס די נעמען. מ׳נעמט צו די אַרויסגערופענע. די טיר פאַרמאַכט זיך — און די אַרויסגעפירטע זעט מען שוין נישט צוריק. דאָס איז פאָרגעקומען יעדע נאַכט. אַזוי האָב איך דאָ דורכגעמאַכט 24 טעג.

הינדעלע, מיין פרוי, איז באַלד נאָך מיין אַרעסט געקומען צו פאָרן קיין לובלין, כדי מיך ראַטעווען. אַ דאַנק גרויסע פּראָטעקציע און אויך מיט דער הילף פון אַ גרויסע סומע געלט, בין איך באַפרייט געוואָרן — איינער פון פיל טויזנטער. ווייל ס׳איז זעלטן געשען, אַז אַ ייד וואָס איז דאָרט אַריין, זאָל נאָך צוריק אַרויס. עטלעכע טעג נאָך מיין באַפרייאונג, האָט מען אַלע יידן פון דער „באַשטע״ אויסגעשאָסן. קיינער איז נישט לעבן געבליבן.

דאָס איז געווען אין דעצעמבער 1941. ווען איך בין צוריק געקומען, האָט מען טראָץ די שרעקלעכע צייטן, געמאַכט ביי מיר אין שטוב אַ יום־טוב, ס׳זענען געקומען מענטשן, דאָס שטעטל האָט זיך געפרייט· וואָס כ׳האָב זיך אַרויס באַקומען פון זייערע חיהשע לאַפּעס, מ׳האָט געקוקט אויף מיר ווי איך וואָלט געקומען פון יענער וועלט.

**נייע צרות**

דערווייל זענען אונטערגעקומען נייע אומגליקן. ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די „ווישעדלעניעס״ (אויסזידלונגען), איין שטאָט נאָך דער אַנדערער. גלייכצייטיק איז אין יעדער אָרט פאָרגעקומען אַ באַזונדערע טראַגעדיע, אין וואָנוואָליץ, אַ 15 קילאָמעטער פון קוזמיר, האָט מען דערשאָסן אַ דייטש. פאַר אַ שטראָף האָבן די דייטשן באַפוילן, אַז יעדע משפּחה זאָל אַרויסגעבן איין פּערזאָן צו דערשיסן. דעם קרבן האָט די משפּחה אַליין געדאַרפט אויסקלייבן. ווען די דייטשן זענען צוגעקומען צו אַ יידישער היים, האָבן זיך דאָרט אָפּגעשפּילט שוידערלעכע סצענעס. אין אַ סך פאַלן האָבן די משפּחה־מיטגלידער זיך געאַמפּערט, יעדער האָט אַליין געוואָלט זיין דער קרבן בכדי צו ראַטעווען אַנדערע. יעדער וויל נעמען אויף זיך דעם טויט, כדי די אַנדערע זאָלן בלייבן לעבן. די דייטשן פירן אַרויס דעם „קאַנדידאַט״ און דערשיסן אים גלייך הינטער דער טיר. דער שאָס צערייסט די הערצער פון די לעבן געבליבענע, זייער פּיין און ווייטיק איז אומבאַשרייבלעך. נאָך דער דאָזיקער טראַגעדיע זענען אַלע יידן פון שטעטל אויסגעזידלט געוואָרן.

די ריי איז געקומען אויף קוזמיר. מ׳האָט אונדז געזאָגט, אַז מיר ווערן איבערגעזידלט

קיין אָפּאָלע, אַ צוואַנציק קילאָמעטער פון קוזמיר. מ׳האָט איינגעטיילט די אויסזידלונג אויף דריי מאָל. די ערשטע צוויי פּאַרטיעס זענען אָפּגעפאָרן, לויט ווי די דייטשן האָבן געזאָגט, קיין אָפּאָלע. ווען ס׳איז געקומען די ריי אויף דער דריטער פּאַרטיע, איז פּלוצלינג אָנגעקומען אַ פאַראָרדענונג, מען זאָל זיי שיקן קיין וואָנוואָליץ. ס׳האָט געהייסן, אַז צוליב דעם וואָס די יידן פון וואָנוואָליץ האָבן זיך פאַרשולדיקט כלפּי די דייטשן, האָט מען זיי פאַרטריבן און מיר פאַרנעמען זייער אָרט. די דייטשן האָבן אויך געטענהט, אַז אין אָפּאָלע איז שוין נישטאָ קיין אָרט. טראָץ אַלע מערדערייען וואָס זיי האָבן שוין געהאַט אָפּגעטאָן, האָבן מיר זיי געגלויבט, הגם ס׳האָט אָנגעהויבן מאַטערן אַ פאָרגעפיל, אַז עס וועט זיך שלעכט ענדיקן. מיר פון אונדזער זייט האָבן אַלץ געטאָן צו לינדערן דיליידן. איך געדענק, אַז דער יודענראַט האָט באַזאָרגט יעדע פאַמיליע מיט אַ פורל, וואָס מ׳האָט געדונגען ביי די אַרומיקע פּויערים, כדי מיטצונעמען די נייטיקסטע זאַכן. דעמאָלט בין איך געלעגן קראַנק אויף טיפוס. בעת דער אויסזידלונג בין איך נאָר וואָס געהאַט אויפגעשטאַנען פון בעט. כ׳האָב תמיד גוט אויסגעזען און בין בטבע געווען אַ פיזיש שטאַרקער מענטש, נאָר נאָכן טיפוס האָבן די פיס נישט געטראָגן. כ׳האָב אָבער פאַרשטאַנען, אַז אויב דער דייטש וועט מיך זען זיצן אויף דער פור, וועט ער באַפעלן גיין צופוס און ווען איך וועל נישט קענען גיין — וועט ער מיך דערשיסן.

אַזוי ווי די דייטשן האָבן פּלוצעם באַשלאָסן, אַז 100 יידן זאָלן פאַרבלייבן אין לאַגער אין קוזמיר, כדי אויסצופירן פאַר זיי פאַרשידענע אַרבעטן, האָב איך אין דער לעצטער מינוט דעצידירט אַריינצוגליטשן זיך אין די רייען פון די פאַרבליבענע 100 מאַן. דער לאַגער האָט זיך געפונען אויף דער פולאַווער גאַס, אין הויף פון עלבוימס גרויסער בראָווואַרניע. כ׳האָב זיך געטראַכט, אַז כ׳וועל איבערוואַרטן עטלעכע טעג ביז ס׳וועט מיר בעסער ווערן און דערנאָך זיך צוכאַפּן צו מיין פרוי און קינדער קיין וואָנוואָלניץ. ס׳האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז די דייטשן האָבן אונדז אָפּגענאַרט. מ׳האָט די יידן געפירט נישט קיין וואָנוואָלניץ נאָר צום באַן, אַריינגעפּאַקט אין וואַגאָנעס ווי הערינג אין פעסער און פאַרזיגלט די טירן. אַ סך מענטשן האָבן זיי אויסגעשאָסן אויפן וועג.

נאָך עטלעכע טעג האָב איך באַקומען אַ בריוול, וואָס אהרן לוסטיק האָט אַרויסגעוואָרפן פון וואַגאָן. ער האָט געשריבן: „מיר פאָרן אין דער ריכטונג פון בעלז, ס׳איז זייער שלעכט מיט די קוזמירער יידן!‟

אויך מיין פרוי מיט די דריי קינדער — בלימע, מאָטל און שמואל, זענען געווען צווישן די וועלכע האָבן זיך געפונען אין די וואַגאָנען.

### אין לאַגער

די יידן אין לאַגער האָבן געפירט אַ שווער לעבן: 5 אַ זייגער פאַרטאָג — „זביורקע‟. דערנאָך האָט מען באַקומען קאַווע און מ׳איז צוגעטיילט געוואָרן אויף אַרבעט.

איך און נאָך עטלעכע יידן האָבן אָנגעהויבן שיקן באַקאַנטע פּאָליאַקן און אַפילו דייטשן אין דער געגנט פון בעלז צו זוכן אונדזערע נאָענטע, צווישן וועלכע ס׳איז געווען מיין פרוי און קינדער. מיר האָבן געמיינט, אַז אפשר געפינען זיי זיך ערגעץ אויף אַרבעט און נייטיקן זיך אין אונדזער הילף. כ׳האָב אַ יונגן קריסט אָנגעבאָטן אַ גרעסערע סומע געלט, אַ טייל אים גלייך געגעבן, ער זאָל זיך עפּעס דערוויסן וועגן די קוזמירער יידן. נאָך עטלעכע טעג קומט ער צוריק און זאָגט: „איך קאָן אייך נישט זאָגן דעם אמת". איך האָב זיך געבעטן ביי אים ער זאָל מיר דאָך זאָגן וואָס ער ווייסט. איך האָב נישט געוואָלט אָפּטרעטן און אַזוי לאַנג אים געבעטן — ביז ער האָט מיר געזאָגט: „איר וועט שוין נישט זען מער אייערע". איך האָב נאָך אַלץ נישט געגלייבט. ס׳איז דאָך נישט מעגלעך, האָב איך זיך געטראַכט, אַז מ׳זאָל פּאַרטיליקן אומשולדיקע מענטשן, אַז מ׳זאָל אומברענגען פרויען, קינדער, אַלטע און קראַנקע. מיר האָבן נאָך נישט געגלייבט אין דעם וואָס די פּאָליאַקן האָבן שוין געוווּסט. די אַרומיקע פּויערים האָבן דערציילט, אַז עס גייען יעדן טאָג דורך צוגן מיט מענטשן און צוריק פאָרן די באַנען אָן מענטשן, נאָר מיט אָנטועכץ...

די אַרבעט אין לאַגער האָט זיך אָפּט געענדערט. אָנפירער איז געווען דער פאָלקס־דייטש פאלאג. זיין רציחה איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. דער לאַגער האָט זיך געפונען אַ קילאָמעטער פון שטעטל. איין מאָל האָט ער מיך און שמואל יאַפּאָנטשיק געיאָגט פון שטאָט אין לאַגער און כסדר געשלאָגן מיט אַ גומענער פּאַלקע.

די אַרבעט אין לאַגער איז געווען אויסגערעכנט צונעמען די כוחות, פאַרהונ־גערן און אַזוי אַרום אומברענגען די מענטשן. דאָס אַלץ איז געווען רעגולירט ווי אַ זייגער.

אַ געוויסן פרימאָרגן איז אָנגעקומען אַ גרויסער טראַנספּאָרט מיט עסטרייכישע יידן. ס׳האָט געפעלט אָרט, דער לאַגער איז געווען צו קליין אַריינצונעמען אַזוי פיל מענטשן. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז עפּעס גרייט זיך.

איך האָב צו יענער צייט באַקומען אַ פאַראָרדענונג איינצואָרדענען אַ גאָרטן פאַר אַן ס. ס.־מאַן. צו דער אַרבעט זענען צוגעטיילט געוואָרן 10 יידן. מיר זענען אַרויס 7 פרי. אַרום עלף אַזייגער קומט צו לויפן אַ יינגל פון לאַגער און דערציילט, אַז מען האָט פאַראָרדענט אַ „זביורקע" אויף 12 אַ זייגער, ווייל אַ דאָקטער דאַרף קומען און אימפן די מענטשן פון לאַגער. איך האָב געהאַלטן, אַז מ׳דאַרף זיך נישט צושטעלן, מיר טאָרן נישט האָבן קיין צוטרוי צו די דייטשן. איך האָב מיינע חברים פאַרזיכערט, אַז אויב דער דאָקטאָר זאָרגט פאַר אונדז און וויל די יידן אימפן, וועל איך די זאַך דער־ליידיקן ביים קוזמירער דאָקטער ווידאַ, מיינער אַ באַקאַנטער, ער וועט מיר נישט אָפּזאָגן. טראָץ דעם האָבן אַכט פערזאָן מורא געהאַט צו ריזיקירן און זענען אַוועק אין

לאַגער צו דער „זביורקע". בלויז איינער פון אונדזער גרופּע, שמואל יאַפּאַנטשיק האָט דערקלערט, אַז ער גייט מיט מיר. אַזוי זענען מיר פאַרבליבן זאַלבעצווייט.

וואָס טוט מען אָבער? מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז ס'איז אַ געפאַר צו גיין אין שטאָט, אָבער אויפן אָרט טאָר מען אויך נישט בלייבן. אַזוי ווי מיר האָבן גוט געקענט די געגנט, זענען מיר אַרויף פאָרזיכטיק מ'זאָל אונדז נישט באַמערקן, אויף אַ באַרג נישט ווייט פון לאַגער. כ'האָב געהאַט אַן אַנדערע אויסרעכענונג. אויפן באַרג האָט געוווינט מיינער אַ גוטער באַקאַנטער, דער קריסט זאַקשעווסקי, ביי וועלכן כ'האָב זומערצייט געוווינט מיט מיין משפחה. ראשית כל האָב איך געבעטן ער זאָל אונדז אַריינלאָזן אין שייער און דערנאָך זאָל ער זיך אַראָפּכאַפּן אין שטאָט און זיך דערוויסן, וואָס ס'קומט פאָר אין לאַגער.

דאָס איז געווען אַרום 12.30, מיטאָג־צייט. זאַקשעווסקי האָט אונדז פאַרמאַכט אין שייער און איז גלייך אַוועק דערוויסן זיך וואָס ס'הערט זיך. איך האָב דעמאָלט געטראַגן נייע אָפיצירן־שטיוול און באַקומען פון זיי אָפּגעריבענע פיס. כ'האָב געבעטן שמואלן ער זאָל מיר זיי אַראָפּציען. פונקט דעמאָלט ווען ער האָט אָנגעהויבן ציען די שטיוול, האָבן מיר דערהערט אַ שיסעריי פון מאַשין־געווער. אין שייער, ווו ס'זענען געווען גרויסע שפּאַרעס, זעען מיר ווי פּוילישע פּאָליציי רינגלט אַרום דעם לאַגער, כדי צו קענען כאַפּן די וואָס וועלן פּרווון אַנטלויפן. דאָס מאַשין־געווער הערט נישט אויף צו קלאַפּן. מיר האָבן זיך פאַרדעקט מיט די בינטלעך שטרוי און אַזוי געלעגן ביז 7 אָוונט, נישט וויסנדיק וואָס ס'איז ווייטער פאָרגעקומען אין לאַגער. פּלוצלונג האָבן מיר דערהערט ווי מען שליסט אויף די טיר. ס'איז געווען זאַקשעווסקי. ער קומט אַריין און דערציילט, אַז אַלע מענטשן פון לאַגער זענען געוואָרן אויסגעשאָסן. אפשר איז עטלעכע געלונגען צו אַנטלויפן און אפשר האָבן עטלעכע ווי מיר זיך נישט צוגע־שטעלט צו דער „זביורקע".

## מיר אַנטלויפן קיין גניעוואַשאָוו

וואָס טוט מען ווייטער? ווי אַזוי ראַטעוועט מען זיך? מיר האָבן געוווּסט, אַז אין דער ראַדאָמער געגנט, אויף דער צווייטער זייט ווייסל, האָבן זיך נאָך נישט אָנגעהויבן די אויסזידלונגען. אונדז בלייבט איין אויסוועג: אַנטלויפן פון דאַנען דורך דער ווייסל. מיר האָבן באַשלאָסן צו לאָזן זיך קיין גניעוואַשאָוו. פּאַקטיש איז יאַניוועצע נענטער, אָבער מיר האָבן מורא געהאַט אַז אַהין קאָן קומען פּאָליציי זוכן די, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון דער שחיטה. ס'איז בעסער צו אַנטלויפן וואָס ווייטער.

נישט ווייט פונעם אָרט ווו מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, האָט געוווינט מיינער אַ גוטער פריינד עדעק דוראַטשינסקי, וועמען כ'האָב געהאַט געטאָן גרויסע טובות. ער איז אויך געווען אַ שכן פון מיין גאַרבערייַ. ווען ס'איז געוואָרן טונקל, בין איך אַוועק

צו אים. ער האָט געהאַט אַ פישער־לודקע, האָב איך אים געבעטן ער זאָל אונדז אַריבערפירן אויף דער צווייטער זייט ווייסל.

דוראַטשינסקי האָט אונדז אויפגענומען פריינדלעך, געגעבן צו עסן, אָבער גע־ראָטן, אַז מיר זאָלן וואַרטן ביז 12 ביינאַכט, דעמאָלט נעמט ער זיך אונטער דורכצו־פירן אונדזער פּלאַן. זיין פרוי האָט זיך קעגנגעשטעלט, געציטערט און געכליפּעט פון מורא, ווייל זי האָט געוווּסט, אַז די דייטשן האָבן געמאָלדן, אַז ווער ס'וועט ביינאַכט פאָרן אויפן ווייסל — וועט דערשאָסן ווערן. זי האָט אויך געטענהט, אַז די דייטשן וועלן זיכער זוכן די אַנטלאָפענע יידן פון לאַגער און דעריבער איז די געפאַר נאָך גרעסער. ווען כ'האָב געזען די שרעק פון דער פרוי, האָב איך פאַרגעלייגט מ'זאָל געפינען עמעצן, וואָס זאָל אונדז דורכפירן פאַר אַ גרויסער באַלוינונג (300 דאָלאַר). דוראַטשינסקי האָט אָבער געענטפערט, אַז זיין פריינד וועט ער אַליין דורכפירן און אָן באַלוינונג.

12 ביינאַכט זענען מיר מיט קלאַפּעדיקע הערצער אַרויף אויפן שיפל, בשלום דורכגעפאָרן די ווייסל און דוראַטשינסקי האָט אונדז אַריינגעפירט צו זיינעם אַ באַ־קאַנטן קריסט צו וועלכן ער האָט געהאַט צוטרוי און אים געבעטן ער זאָל אונדז פירן קיין גניעוואַשאָוו, ווייל מיר קענען נישט דעם וועג. מען האָט דאָס געמוזט טאָן ביי־נאַכט. דער פויער האָט שטאַרק מורא געהאַט, אָבער דוראַטשינסקי איז נישט אָפּגע־טראָטן, אַזוי לאַנג אים איינגערעדט, ביז יענער האָט מסכים געווען פאַר אַ גוטער באַ־לוינונג.

דער פויער איז געגאַנגען פאָרויס. איך אָפּגערוקט הינטער אים און שמואל נאָך מיר.

אַרום 6 פאַרטאָג ווען מיר זענען שוין געווען נאָענט פון גניעוואַשאָוו, האָבן מיר באַמערקט פון וויטן פורן מיט דייטשן און פוילישע פּאָליציאַנטן. דער וועג איז געווען גלאַטיק ווי אַ טיש. אויף אַזאַ פלאַכלאַנד מוז מען גיין ווייטער, זיי האָבן אונדז שוין זיכער באַמערקט.

אויף דער ערשטער פור זענען געזעסן צוויי דייטשן און צוויי פוילישע פּאָלי־ציאַנטן. זיי האָבן אונדז נישט פאַרהאַלטן. אויך די פינף אַנדערע פורן זענען דורכגע־פאָרן און אונדז נישט אָפּגעשטעלט. פונקען פון האָפענונג האָב זיך אָנגעצונדן אין האַרץ, זיי האָבן זיך אָבער באַלד אויסגעלאָשן. פון דער זיבעטער און לעצטער פור האָט זיך דערהערט אַ געשריי: „די הענט אין דער הייך!" מיר זענען געבליבן שטיין ווי מיט אונטערגעהאַקטע פיס. מיר האָבן פאַרט געהאַט גליק: אויף דער לעצטער פור האָבן זיך געפונען בלויז פוילישע פּאָליציאַנטן. זיי האָבן אונדז געפרעגט ווער מיר זענען און וואָס מיר טוען דאָ. ס'איז נישט געבליבן קיין ברירה ווי דערציילן דעם אמת: „מיר זענען אַנטלאָפן פון אַ לאַגער, ווו מ'האָט אַלעמען אויסגעשאָסן. אויב איר

ווילט, קאָנט איר אונדז אויך דערשיסן, אָבער מיר לייגן אייך פֿאָר אַן אויסטויש: מיר לאָזן אייך איבער דאָס גאַנצע געלט וואָס מיר האָבן ביי זיך און לאָזט אונדז לעבן". זיי האָבן צוגענומען דאָס געלט און געלאָזט גיין ווייטער.

אין גניעוואַשאָוו זענען מיר פֿאַרבליבן עטלעכע וואָכן ביי מיין שוועגערין גיטעלע טיראַנגעל. יעדן זונטיק האָט אונדז באַזוכט מיין פּוילישער פֿריינד עדעק דוראַטשינסקי און מיטגעבראַכט מיט זיך פֿון בעסטן און שענסטן.

אין איינעם אַ פֿרימאָרגן דערוויסן מיר זיך, אַז די גניעוואַשאָווער יידן וועלן איינגיכן ווערן אויסגעזידלט. מיר האָבן באַשלאָסן צו פֿאַרלאָזן דאָס שטעטל און אַוועק אין דאָרף כאָטש, כדי זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן.

## אין דאָרף כאָטש

אין כאָטש האָבן מיר אָפּגעמאַכט מיט אַ פּויער ער זאָל אין זיין שטאַל מאַכן אַ דאָפּלטן דאַך מיט אַ באַזונדער ברעט צו קאָנען צו יעדער צייט אָפּרוקן און פֿאַרמאַכן די באַהעלטעניש.

מיין שוועסטער פּעסיע איז געוואָרן איבערגעזידלט קיין וואָנוואָלניץ מיט איר גאַנצער משפּחה און צוויי יינגלעך. זי איז געבליבן מיט אַ קריסטלעכער דינסט, וועלכע האָט אויסגעהאָדעוועט די קינדער און זיי זייער ליב געהאַט. די דינסט האָט נישט געוואָלט פֿאָרן קיין וואָנוואָלניץ. זי האָט זיך אונטערגענומען צו באַהאַלטן די קינדער און פֿאַר דעם צוועק געדונגען אַ וווינונג אין יאָניוווצע. אַ געוויסן טאָג איז זי געקומען צו מיר קיין כאָטש. כ'האָב איר געגעבן אַ ביסל געלט — און מער האָב איך זי נישט געזען.

מיינע עלטערן און די שוועסטער פּערל זענען אויך אַנטלאָפֿן קיין יאָניוווצע און דערנאָך מיך באַזוכט אין כאָטש. כ'האָב זיי געהאָלפֿן, געגעבן געלט. מער האָב איך אויך זיי שוין נישט געזען. דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט מיין ברודער יאָסל און זיין פֿאַמיליע.

אונדזער פֿאַרגעפֿיל, אַז יעדן טאָג קאָן געשען דאָס ערגסטע, האָט זיך גיך באַ־שטעטיקט. אַ געוויסן פֿרימאָרגן זענען אָנגעקומען דייטשן מיט פּוילישע פּאָליציאַנטן און ס'האָט זיך אָנגעהויבן די אויסזידלונג. מיר זענען גלייך אַרויף אין דער באַהעל־טעניש אונטערן דאַך. מיר האָבן דאָרט געהערט די געוויינען, געשרייען און שיסערייען. די אויסזידלונג האָט געדויערט צוויי טעג, ווייל אין כאָטש האָבן זיך צונויפֿגעזאַמלט אַ סך יידן, וואָס זענען געהאַט אַנטלאָפֿן פֿון די אַרומיקע שטעטלעך.

אויפֿן דריטן טאָג, גאַנץ פֿרי, איז צו אונדז אַרויפֿגעקומען דער פּויער, געבראַכט עסן און דערציילט, אַז אַ סך מענטשן זענען בעת דער אויסזידלונג דערשאָסן געוואָרן

אויפן אָרט, צווישן זיי — מיין פעטער שלומה־טוביה לאָקס פון זוואָלין, וועלכער האָט פאַר דער מלחמה געוווינט אין לובלין. ער איז דערשאָסן געוואָרן צוזאַמען מיט זיין זון.

אין דריי טעג אַרום איז דער פויער ווידער געקומען אין דער באַהעלטעניש און דערקלערט, אַז ער קען נישט מער איינשטעלן, ער און זיין פרוי שלאָפן נישט פאַר שרעק ביינאַכט, אַז מיר מוזן פאַרלאָזן דאָס אָרט.

אויך אויף דעם האָבן מיר זיך געריכט. אונדזער איינשטעלונג ביים זוכן באַהעל־טענישן איז געווען צו זאָרגן אויך פאַר די מענטשן, וואָס האָבן אונדז אויסבאַהאַלטן. אונדזער טויט־אורטייל האָבן מיר סיי־ווי געטראָגן מיט זיך און נישט געוואָלט, אַז אַנדערע זאָלן צוליב אונדז אומקומען.

נו, אַז ער הייסט גיין, מוזן מיר גיין. אַ צווייטן אָרט האָבן מיר געהאַט צוגעגרייט פון פריער. דאָס מאָל האָבן מיר אָבער געמוזט דורכגיין אַ וועלדל. מיר זענען געגאַנגען צווישן דיביימער און געטראָפן אַ סך מענטשן. דאָס זענען געווען יידן, אַנטלאָפענע פון די אויסזידלונגען. צווישן זיי האָבן מיר באַגעגנט פיל באַקאַנטע. ליידער איז קיינער פון זיי נישט געבליבן לעבן. נאָך דער מלחמה האָב איך זיך דערוווּסט, אַז זיי זענען אומגעקומען פון פוילישע הענט.

מיר, זאַלבעצווייט, זענען אַוועק צו אַ פויערטע און זיך אויסבאַהאַלטן אויף אַ בוידעם מיט היי. אַ געוויסן טאָג האָבן מיר דערהערט אַ שיסעריי, ס'איז נישט שווער געווען צו פאַרשטיין, אַז ס'קומט פאָר אַן אַבלאַווע. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און די פויערטע קומט און דערקלערט אונדז, אַז זי האָט מורא, מיר מוזן גלייך פאַרלאָזן דאָס אָרט. מיר האָבן איר געענטפערט, אַז בייטאָג גייען מיר נישט אַרויס, אויב זי האָט מורא, זאָל זי נעמען אירעביידע קינדער, פאַרשליסן דאָס הויז און אַוועקגיין. אַזוי האָט זי טאַקע געטאָן. נאָך איר אַוועקגיין האָבן מיר דורך די שפּאַרעס פון בוידעם געזען ווי די דייטשן פירן אַרויס פון ערגעץ אונדזערע באַקאַנטע: יאָסל איידלשטיין, זיינע ברידער לייבל און דוד, זייער שוועסטער חיה און נאָך צוויי יידן. די גאַנצע גרופּע האָבן די דייטשן אויפגעהאַנגען אין מיטן דאָרף, כדי אַנצוּוואַרפן אַ שרעק אויף די פויערים זיי זאָלן נישט אויסבאַהאַלטן קיין יידן.

**ווידער נע־ונד**

ביינאַכט זענען מיר אַוועק אין אַ צווייטן דאָרף. אויך אויף אַן אָרט, וואָס מיר האָבן פון פאַרויס געהאַט צוגעגרייט. דאָס מאָל האָבן מיר באַצאָלט אַ העכערן פּרייז און געבעטן דעם פויער, אַז די באַהעלטעניש זאָל זיין אונטער דער ערד. דריי נעכט האָבן מיר ביידע צוזאַמען מיטן פויער און זיין זון געאַרבעט. ווען אַלץ איז שוין געווען פאַרטיק, איז די גאַנצע באַהעלטעניש איינגעפאַלן, ווייל דער באָדן איז געווען אַ זאַמ־דיקער. דער פויער האָט אונדז צייטווייליק אויסבאַהאַלטן אויפן בוידעם, ווו גייט מען

אָבער איצט? מער קיין שוץ־ערטער אין רעזערוו האָבן מיר נישט געהאַט. בלית ברירה האָבן מיר דעצידירט צוריק צו גיין, אַנעם וויסן פון פויער, אין דער שטאָל מיטן דאָפּלטן דאַך. מיר האָבן געקענט זיינעם אַ שוואָגער און אים געבעטן ער זאָל רופן מיינעם אַ באַקאַנטן קריסט, פּיאַל, וועלכער האָט געוווינט אין דאָרף קעמפּע, וואָס ליגט פּונקט אַנטקעגן איבער דעם דאָרף כאָטש — די ווייסל צעשיידטביידע דערפער. קעמפּע געהערט צו דער לובלינער וואָיעוואָדסטווע און כאָטש צו דער ראַדאָמער.

פּיאַל איז געקומען צו מיר. ער איז געווען אַ קאָמוניסטישער טוער. כ׳האָב מיט אים אָפּגעמאַכט ער זאָל צוגרייטן אַ שוצאָרט און אַרומגערעדט אַלע באַדינגונגען. פּיאַל האָט געהאַט עטלעכע ברידער און אַ שוואָגער. צוזאַמען האָט מען אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן ווי אַזוי איינצואָרדענען אַ „סכראָן". מיר זענען געבליבן וואַרטן דריי טעג. אין אַ פינצטערער נאַכט איז פּיאַל געקומען, מיט אַ שיפל אונדז דורכגעפירט דורך דער ווייסל און מיר זענען גלייך אַריין אין דער צוגעגרייטער אונטערערדישער באַהעלטעניש. זי האָט זיך געפונען אין אַ שייער, וואָס איז געווען אָנגעפולט מיט תבואה. דער גרוב איז געווען צוויי מעטער די לענג, איין מעטער פופציק די ברייט און איין מעטער די הויך. אין דער טיף איז נאָך געווען אַ קאַנאַלעכל פון אַ דרייסיק סאַנטימעטער, כדי צו קענען אַראָפּלאָזן די פיס. דער גרוב איז געווען אויסגעבעט מיט אַ ביסל שטרוי, פון אויבן אויסגעלייגט מיט ברעטער, אויף וועלכע ס׳איז געווען אָנגעשאָטן ערד. בלויז אין איין ווינקל איז געווען אַ רעמל אין דער גרויס פון אַ טיש־שופלאָד אַזוי, אַז דער שופלאָד זאָל זיך גוט איינפּאַסן אין רעמל און ס׳זאָל גאָרנישט זיין קאָנטיק. אויף דעם שופלאָד איז אויך געווען אָנגעשאָטן ערד און פאַרדעקט מיט שטרוי. ווען מען האָט אונדז געבראַכט עסן, האָט מען פון אויבן אָוועקגענומען די בינטלעך שטרוי, אָפּגעשאַרט די ערד — און מיר האָבן פון אונטן אַרויסגעשטופּט דעם שופלאָד און אַריינגענומען דאָס וואָס מען האָט אונדז געבראַכט. פאַרן אָוועקגיין האָבן זיי צוריק אַריינגעטאָן דעם שופלאָד, אַרויפגעשאָטן ערד און צוריק אַוועקגעלייגט בינטלעך שטרוי. יעדעס מאָל ווען מען האָט אונדז עפּעס געבראַכט, האָט מען דורכגעפירט די זעלבע מאַנעוורעס.

אין גרוב איז כמעט נישט געווען קיין לופט. כ׳האָב איין מאָל שטאַרק געוואָלט רויכערן, געפּרוּווט אָנצינדן אַ שוועבעלע, אָבער בשום אופן נישט געקענט. אָן לופט האָבן מיר געלעבט אַ לאַנגע צייט, מער ווי צוויי יאָר.

זיצנדיק אין גרוב אונטערן שייער, האָבן מיר שטענדיק געקלערט: וואָס טאָן, אויב מען וועט זיין געצוווּנגען צו אַנטלויפן אויך פון דאַנען. צו אונדז איז צייטנווייז געקומען פּיאַל און אויך זיין שוואָגער, יעדער באַזונדער. דער שוואָגער איז געווען עטוואָס אייפערזיכטיק, מסתמא האָט ער חושד געווען, אַז פּיאַל פאַרדינט ביי אונדז אַ סך געלט. אונדז איז איינגעפאַלן אַ געדאַנק, מיר זאָלן אים בעטן ער זאָל מאַכן אַ באַהעלטעניש

ביי זיינע עלטערן, אַז אין פֿאַל ווען מען וועט מוזן פֿון דאַנען אַוועק, זאָל זיין אַ צוגע־גרייט אָרט.

איין מאָל ביינאַכט זענען צו אונדז דערגאַנגען ביקסן־שאָסן. מיר האָבן פֿאַר־שטאַנען, אַז עפּעס געשעט ווידער, אָבער וואָס ס׳קומט פֿאָר — האָבן מיר נישט גע־ווּסט. צומאָרגנס קומט צו אונדז דער שוואָגער און דערציילט אונדז בסוד, אַז פּיאַל האָט דערשאָסן דריי יידן אונטערן אויסרייד, אַז זיי האָבן געגנבעט ביי די פּויערים. דאָס האָט אונדז זייער אויפגעטרייסלט. ערשטנס איז ער אַ קאָמוניסט, וואָס דאַרף העלפֿן די אומגליקלעכע און ער האָט זיי גאָר דערשאָסן. צווייטנס האָט אונדז געפּייניקט דער פֿאַקט, וואָס ער וועט זיך אָנשטויסן, אַז מיר ווייסן וועגן דעם און ער וועט מורא האָבן, אַז נאָך דער מלחמה וועלן מיר אים אויסגעבן. אַזוי אַרום זענען מיר פֿאַר אים אַ שטענדיקע געפֿאַר. דער געדאַנק האָט כסדר געאַרבעט: ווי אַזוי דערגיין וואָס דאָ קומט פֿאָר? דערווייל האָט זיך די לאַגע נאָך מער קאָמפּליצירט. אין אַ געוויסער נאַכט איז ווידער געקומען צו אונדז דער שוואָגער און דערציילט, אַז פּוילישע קאָמו־ניסטן פֿון כאָטש, וועלכע האָבן אונדז גוט געקענט און ווייסן וווּ מיר געפֿינען זיך, זענען געקומען צו פּיאַלן און אים אָנגערעדט, אַז אַזוי ווי איך האָב אַ סך געלט דאַרף מען מיך דערשיסן און צונעמען דאָס געלט, דאַקעגן שמואלן דאַרף מען לאָזן לעבן, ווייל ער איז אַ קאָמוניסט. פּיאַל איז אָבער דערויף נישט איינגעגאַנגען, ווייל איך זאָל אים האָבן אַלץ איבערגעלאָזן.

כ׳האָב טאַקע פּיאַלן כסדר געגעבן בריוו ער זאָל נעמען לעדער, וואָס כ׳האָב געהאַט אויסבאַהאַלטן ביי פֿאַרשידענע מענטשן. לעדער האָט בעת דער מלחמה געהאַט אַ גרויסן ווערט און פּיאַל האָט דערפֿון אַ סך גענאָסן. דעריבער איז ער, לויט די רייד פֿון זיין שוואָגער, נישט מסכים געווען מיט זיינע חברים פֿון כאָטש. בעת זיי האָבן זיך געאַמפּערט זענען אָנגעקומען דייטשן אין דאָרף און אַלע זענען זיך צעלאָפֿן. אַזוי אַרום בין איך ניצול געוואָרן פֿון טויט.

די ידיעות וועלכע דער שוואָגער האָט דאָס מאָל איבערגעגעבן, האָבן דעצידירט מיר זאָלן פֿאַרלאָזן דאָס אָרט. מיר זענען אַוועק צו די עלטערן פֿון שוואָגער און דאָ געהאַט אַן ענלעכע אונטערערדישע באַהעלטעניש, פֿאַר וועלכער כ׳האָב געצאָלט מיט לעדער. די נייע באַשיצער זענען געווען פֿיינע מענטשן, מ׳האָט אונדז געגעבן גוט עסן, באַזאָרגט אויך מיט אַ נאַפֿט־לעמפּל און יעדן טאָג געבראַכט אַ צייטונג.

אונדזער נייע באַהעלטעניש האָט זיך געפֿונען אונטער אַ קאַמער פֿון אַ הייזל, וואָס איז געשטאַנען אין אַ גרויסן סאָד פֿון עפּל־ביימער.

אַ געוויסן טאָג, ווען מיר זענען אַרויס אויף עטלעכע מינוט איינעטעמען אַ ביסל פֿרישע לופֿט, האָבן מיר דערזען ווי עס קומען אָן פֿרעמדע מענטשן. מיר לאָזן זיך גיך

אַראָפּ אין גרוב, פֿאַרמאַכן דעם אַרויסגאַנג מיט דעם שופֿלאָד און דער פֿויער בלייבט אַליין אין קעמערל. ער האָט שוין נישט באַוויזן צו פֿאַרשיטן די באַהעלטעניש מיט ערד. באַלד האָבן מיר דערהערט אַ געשריי: „רענצע דאָ גורי!‟ — „די הענט אין דער הייך‟. די אָנגעקומענע באַפֿאַלן דעם פֿויער, שלאָגן אים און פֿאָדערן ער זאָל זאָגן ווו עס געפֿינען זיך די צוויי מענטשן, וועלכע זענען ביי אים געווען. צום גליק האָבן זיי נישט געוווּסט, אַז ס׳זענען דאָ געווען יידן. דער פֿויער טענהט, אַז מיר זענען דאָ געווען עטלעכע טעג און זענען אַוועק, ער ווייס נישט ווו. מיר האָבן אין אונדזער לעבעדיקן קבר געהערט יעדעס וואָרט, ווי זיי דראָען אים. זיי האָבן דעם פֿויער צעשלאָגן, געמאַכט ביי אים אַ רעוויזיע און צוגענומען די לעדער וואָס כ׳האָב ביי אים געהאַט באַהאַלטן. ער אָבער האָט אונדז נישט אויסגעגעבן. מיר האָבן געוווּסט, אַז צומאָרגנס וועט דער פֿויער, אויס מורא, אונדז הייסן פֿאַרלאָזן זיין נחלה.

דאָס וואָס מיר האָבן דערוואַרט, איז געקומען. אין דער פֿרי, ווי נאָר ער האָט געבראַכט פֿרישטיק, האָט ער אונדז געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז אין אָוונט מוזן מיר פֿאַרלאָזן זיין הויז. שפּעט ביינאַכט זענען מיר אַוועק צו מיינעם אַ געוועזענעם קונה, מאַרצעל מאַרקאָווסקי, וועלכער האָט געוווינט אין זעלבן דאָרף — קעמפּאַ כאָטשעצקאַ.

מיר זענען אָנגעקומען אין אַ פּלוימען־סאָד און באַמערקט דאָרטן אַ מענטש און אים געפֿרעגט צי דאָ וווינט מאַרצעל מאַרקאָווסקי. — יאָ, — האָט ער קורץ געענטפֿערט און מער נישט געלייגט קיין אַכט אויף אונדז.

מיר קלאַפּן אָן אין טיר, גייען אַריין און איך זע, אַז מאַרקאָווסקי דערקענט מיך. ער האָט געקוקט אויף אונדז מיט שרעק. זיין ערשטע פֿראַגע איז געווען, ווי אַזוי האָבן מיר געטראָפֿן צו אים און וועמען האָבן מיר געפֿרעגט ווו ער וווינט?

מיר האָבן אים פֿאָרגעלייגט ער זאָל אונדז אויסבאַהאַלטן, מ׳האָט אַרומגערעדט די באַדינגונגען און צו מאָרגנס האָבן מיר זיך גענומען בויען די באַהעלטעניש. געפֿירט האָבן מיר זיך אַזוי: ווען מיר זענען אָנגעקומען אויף אַ צווייט אָרט, האָבן מיר קודם־כל געבעטן מ׳זאָל אונדז טוישן די וועש און אַפֿילו די שטיוול. אַלץ וואָס מיר האָבן געטראָגן אויף זיך, האָבן מיר איבערגעגעבן די בעלי־הבתים, כדי זיי זאָלן זיך איבערצייגן, אַז מיר האָבן נישט ביי זיך קיין געלט. ווייל נישט איין מאָל איז געשען, אַז מ׳האָט אַ יידן אומגעבראַכט, כדי ביי אים צונעמען געלט אָדער צירונג וואָס ער האָט געהאַט מיט זיך. מיין פֿאַרמעגן איז געלעגן אין סחורה, וואָס איז געווען אויסבאַהאַלטן אין פֿאַרשידענע ערטער. פֿאַר אונדזער אויפֿהאַלט האָבן מיר געצאָלט מיט „קוויטלעך‟ — און נישט מיט מזומן. אומעטום ווו כ׳האָב פֿאָרגעלייגט אַ באַלוינונג, האָב איך אָנגעשריבן אַ בריוול מיט וועלכן מ׳איז געגאַנגען אויף אַ באַשטימט אָרט און מ׳האָט באַקומען דאָס וואָס כ׳האָב געבעטן.

## אַ ניי באַהעלטעניש אין ראַגאָוו

דער נייער בעל־הבית איז דעם צווייטן טאָג געקומען צו אונדז און דערציילט, אַז אין דער געגנט האָט מען אויסגעשאָסן אַ סך יידן; אַז אַ גרופע פון אַ צוואַנציק יידן האָט אין וועלדל נישט ווייט פון קעמפע זיך אויסגעבויט אַ בונקער, מ׳האָט זיי אָבער געמסרט. די דייטשן זענען געקומען און אויף יענעם אָרט געוואָרפן גראַנאַטן, וועלכע האָבן אויפגעריסן דעם בונקער, ווו עס האָבן זיך געפונען אויך יידן פון קוזמיר, וועלכע איך האָב גוט געקענט: נח שניידערמאַנס ז״ל דריי זין: משה, ישראל און מאָטל, נח ביקלס זון אברהמטשע א״אַנד.

יעדן זונטיק פלעגט דער פויער קומען צו אונדז מיט אַ ביסל בראָנפן און פאַרבייסעכץ און ברענגען די נייעסן פון דער גאַנצער וואָך. אַ געוויסן זונטיק ביינאַכט, דערציילט ער, איז די לעצטע וואָך פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג אין דאָרף. ביי דער געלעגנהייט האָט מען געמאַכט אַ כוסה. זיינער אַ באַקאַנטער האָט אים אַ פרעג געטאָן: „זאָג נאָר, מאַרצעל, פון וואַנען קומט צו דיר אַזוי פיל געלט, אַז דו זאָלסט זיך קענען איינשאַפן חזרים, קויפן פון די שענסטע און בעסטע מלבושים? דו מוזט זיכער אויסבאַהאַלטן יידן״.

די מעשה האָט אונדז זייער באַאומרויִקט, מ׳האָט מער נישט געקענט שלאָפן. מיר האָבן באַשלאָסן צו אַנטלויפן קיין ראַגאָוו, אַ 10—12 קילאָמעטער פון דער קעמפע.

מיר זענען אַוועק אין מיטן דער נאַכט, גאָרנישט זאָגנדיק דעם בעל־הבית. מיר גייען און גייען, אָבער די פיס טראָגן נישט. מיר האָבן געפילט, אַז אַפילו ווען מיר מאַכן די גרעסטע אָנשטרענגונגען, וועלן מיר אין איין נאַכט נישט דורכגיין דעם וועג קיין ראַגאָוו. צו גיין בייטאָג האָט קיין רייד נישט געקענט זיין. ווי מיר שלעפן זיך אַזוי פאַרצווייפלטע, דערזען מיר פלוצלונג אַ שייער אין מיטן פעלד, ווי גאָט אַליין וואָלט אים פאַר אונדז צוגעגרייט. מיר גייען צו נענטער און טרעפן די טירן פאַרשלאָסן, נאָר דער בוידעם איז אָפן. מיר האָבן לאַנג נישט געטראַכט: איינער האָט זיך געשטעלט אויף די פלייצעס פון אַנדערן, אַרויפגעדראַפעט זיך אויפן בוידעם און דערנאָך געהאָלפן אַרויפקריכן דעם צווייטן. מיר האָבן אויפגעבונדן דאָס איינציקע בינטל שטרוי וואָס איז דאָרט געווען און זיך אַרומגעדעקט. מיר האָבן זיך איינגענורעט אין שטרוי און איבערגעוואַרט דעם טאָג.

ביינאַכט זענען מיר אַראָפּגעקראָכן פון שייער־בוידעם און אָנגעהויבן גיין אין דער ריכטונג פון ראַגאָוו. מיין חבר שמואל איז געווען אַ דאָרפסגייער, ער האָט גוט געקענט דעם וועג, מ׳האָט נישט געדאַרפט קיינעם פרעגן.

אַרום פיר אַזייגער פאַרטאָג זענען מיר אָנגעקומען אויפן אָרט, ווו ס׳האָט געוווינט מיכאַל פילאָט. צו אונדזער אומגליק איז פונקט דאָרט פאָרגעקומען אַ דאָרפישער באַל, אַ מין פאַרוויילונג. וואָס טוט מען איצט? מיר קוקן זיך אַרום און דערזען אויך דאָ אַ שייער. שטילערהייט זענען מיר אַריבער דעם פלויט, וואָס האָט אָפּגעטיילט פון שייער,

געעפּנט די טיר, אַריין אינעווייניק, אַוועקגעלייגט זיך און אַרומגעדעקט מיט שטרוי. אין דער פרי הערן מיר ווי די טיר עפנט זיך. מיר האָבן דערזען אַ פרוי, כ׳האָב זיך אָנגע־שטויסן אַז דאָס איז פּילאָטס ווייב. כ׳האָב זי געבעטן זי זאָל רופן איר מאַן, וואָס זי האָט גלייך געטאָן.

פּילאָט איז געווען מיינער אַ גוטער באַקאַנטער. כ׳האָב ביי אים געהאַט באַהאַלטן אַ טייל פון מיין סחורה. ווען ער איז אַריין צו אונדז אין שייער און איך האָב אים געבעטן ער זאָל אונדז אויסבאַהאַלטן, האָט ער מיר דערקלערט, אַז ביי אים איז דאָס אוממעגלעך, מחמת ער וווינט אין מיטן דאָרף און ס׳קומען צו אים אַריין פאַרשידענע מענטשן. דאַקעגן וועט ער אונדז שאַפן אַ פּויער צו וועמען מ׳קען האָבן צוטרוי — און ער האָט געהאַלטן וואָרט.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט ער דערלײדיקט דעם ענין מיט הער קראַמעק, וועלכער האָט געוווינט אויף דער קאָלאָניע ראַגאָוו. זיין הויז האָט זיך געפונען אין אַ זייט פון דאָרף און דאָרט זענען געווען בלויז עטלעכע הייזער. מיר זענען אַדורכגעקומען וועגן פּרייז און מען האָט זיך גענומען בויען די נייע באַהעלטעניש. אונדזער נייער באַשיצער איז געווען אַן אָרנטלעכער מענטש, נאָר זיין ווייב — זייער אַ קאַרגע. פּילאָט איז פון צייט צו צייט געקומען אונדז באַזוכן און יעדעס מאָל געבראַכט בעסערע נייעס וועגן די געשעענישן. פון אים האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די דייטשן באַקומען שטאַרקע קלעפּ און ס׳איז דאָ אַ האָפענונג, אַז די מלחמה זאָל זיך שנעל פאַרענדיקן.

מיין לאַגע האָט זיך אָבער פּונקט דעמאָלט פאַרערגערט. די פּאָלאַקן ביי וועלכע כ׳האָב געהאַט געלאָזן סחורה, מיט וועלכער כ׳האָב געצאָלט פאַר אונדזער אויפהאַלט אין די באַהעלטענישן, האָבן אויפגעהערט געבן לעדער, ווען כ׳האָב צו זיי געשיקט מענטשן מיט קוויטלעך. דוראַטשינסקי, מיין בעסטער פריינד, האָט אָנגעהויבן וועלן צו פיל זויסן וועגן מיינע געהיימע אויפהאַלטן. כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז ער זוכט מיך פּשוט צו דער־הרגענען, כדי צונעמען מיין פאַרמעגן.

ס׳איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק אָנצושרייבן אַ בריוו צו פרוי וואָלני, וועמענס מאַן איז געווען בירגערמייסטער פון קוזמיר. זי איז געווען מיינע אַ גוטע באַקאַנטע און פריינדין, ביי וועלכער כ׳האָב זיך אַמאָל געהאַט אויסבאַהאַלטן. אויך ביי איר האָב איך אַמאָל געהאַט סחורה, אָבער איך האָב זי אָפּגענומען און געלאָזן ביי אַנדערע. די פרוי וואָלני איז געווען אַן אָנגעזעענער מענטש צווישן דער באַפעלקערונג, זי האָט געהערט צו די שענסטע משפחות אין שטאָט.

אין דעם בריוו וואָס כ׳האָב אָנגעשריבן צו איר, האָב איך אויפגעקלערט מיין טראַגישע לאַגע און געבעטן זי זאָל גיין צום דאָקטער ווידע ווי אויך צו אַנדערע אירע באַקאַנטע, ביי וועלכע איך האָב געלאָזן לעדער און ווירקן אויף זיי, אַז זיי זאָלן כאָטש אַרויסגעבן אַ טייל וואָס זאָל מיר העלפן זיך ראַטעווען. זי האָט מיין בקשה דער־

פילט. איר האָט זיך איינגעגעבן צוריק באַקומען אַ טייל פון מיין פאַרמעגן. זינט דעמאָלט האָבן איך די מענטשן וואָס האָבן מיך אויסבאַהאַלטן, געשיקט מיט קוויטלעך צו דער פרוי וואָלני.

## דער פראָנט דערנענטערט זיך

די צייט האָט זיך גערוקט פאָרויס. קראַמעק איז צו אונדז געקומען זייער אָפט, יעדעס מאָל מיטגעבראַכט אַ שטיקל שינקע אָדער וווּרשט, אָן דעם וויסן פון זיין פרוי. ער האָט מיך זייער ליב באַקומען. אַזוי ווי דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט, איז אונדז איינגעפאַלן אַ געדאַנק צו מאַכן נאָך איין באַהעלטעניש. אויפן פעלד, נישט ווייט פון קראַמעקס נחלה, איז געשטאַנען אַן אָפּגעזונדערט אייזל, ווייט פון דאָרף. מיט די ענדערונגען אויף די פראָנטן ווי די דייטשן האָבן געכאַפּט מפּלות, האָט זיך די שרעק אַ ביסל פאַרקלענערט, מיר האָבן ווייניקער אַכטונג געגעבן און זיך דערלויבט מיטצוגיין מיט קראַמעקן אים העלפן אין דער אַרבעט.

ס'איז געווען איינס אַ זייגער ביינאַכט. מיר האָבן זיך נישט באַוויזן אַרומצוקוקן, ווי עס קומען אָן אַ מאַן צוואָנציק פון דער א. ק. * מיט געווער אין האַנט, און זיי נעמען זיך גלייך צו מיר און צו שמואלן. צום גליק איז הער קראַמעק געווען קאָמענדאַנט פון דער גרופּע. נאָך אַ לאַנגער דיסקוסיע, האָט זיך אים איינגעגעבן אונדז צו באַפרייען. מיר זענען ווידער ניצול געוואָרן, דאָס מאָל — פון פּוילישע הענט און מיר האָבן זיך געאיילט צו פאַרשטעקן זיך אין אונדזער באַהעלטעניש. אָבער קיין רו האָבן מיר שוין נישט געהאַט. אונדז איז ווידער באַפאַלן אַ פּחד, ווידער שלאָפלאָזע נעכט. ווייל איינס איז זיכער: אויב 20 פּערזאָן ווייסן ווּ מיר געפינען זיך — איז שלעכט...

אויף דער זעלבער קאָלאָניע, נישט ווייט, האָט געוווינט מיין חבר שמואלס אַ באַקאַנטער פּאָליאַק, הער דודעק. איז שמואל ביינאַכט דורכגעלאָפן דאָס שטיקל וועג און אים פאַרגעלייגט מיר זאָלן זיך אויסבאַהאַלטן. ער איז מסכים געווען. צומאָרגנס ביינאַכט זענען מיר אין געהיים אַרויס פון דער באַהעלטעניש און דורכגעלאָפן די קורצע שטרעקע, נאָר געלאָזן פאַר קראַמעקן אַ בריוו, אין וועלכן מיר האָבן אים צוּוויסן געגעבן, אַז מיר זענען געצוווּנגען וואָס שנעלער צו פאַרלאָזן דאָס אָרט, ווייל דאָס גאַנצע דאָרף ווייסט אַוודאי, אַז מיר באַהאַלטן זיך דאָ אויס.

מיר האָבן זיך נישט טועה געווען, ווייל שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז באַלד נאָך אונדזער אַוועקגיין איז צו קראַמעקן געקומען אַ גרופּע פון אַ הונדערט אַקאָווצעס. ס'איז קלאָר, וואָס זיי וואָלטן מיט אונדז געטאָן.

---

* „אַרמיאַ קראַיאָוואַ" — אונטערערדישע מיליטערישע אָרגאַניזאַציע אין אָקופּירטן פּוילן, אויסגעהאַלטן פון דער פּוילישער עמיגראַנטישער רעגירונג אין לאָנדאָן.

## עס דערנענטערט זיך דער סוף פון גיהנום

מיר דערוויסן זיך, אַז די רוסן גייען פאָרויס און די דייטשן באַקומען אַלץ גרע־סערע קלעפּ. עס דערגייט צו אונדז אַ ידיעה, אַז די רוסן האָבן שוין פאַרנומען לובלין און מיר ליגן נאָך אַלץ אין אַ באַהעלטעניש. מיט אַמאָל דערוויסן מיר זיך, אַז די רוסן זענען שוין ביי אונדז אין דאָרף, אָבער אונדזער באַשיצער ראָט אונדז נאָך אַלץ נישט אַרויסצוגיין, ווייל יידן, האָט ער געטענהט, וואָס זענען צו שנעל אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן, זענען דערהרגעט געוואָרן. מיר האָט זיך געדוכט, אַז ער האָט געוואָלט מיר זאָלן בלייבן ביי אים וואָס לענגער, כדי נאָך אַ ביסל פאַרדינען ביי אונדז.

נאָך עטלעכע טעג, האָבן מיר ענדלעך פאַרלאָזן אונדזער באַהעלטעניש. מיר זענען געווען אָפּגעשוואַכט, אויסגעבלייכט, די פּנימער ווייס ווי קאַלך — נאָך יאָרן לעבן אין נאָרעס, אָן ליכט, אָן אַ ביסל זון און אָן לופט.

די רוסן האָבן זיך געפרייט מיט אונדז, געגעבן גוט צו עסן, אונטערגעטראָגן פון בעסטן וואָס זיי האָבן געהאַט. זיי האָבן אונדז איינגעלאַדן אויף קינאָ־סעאַנסן, טאַנץ־אָוונטן, בעלער. צווישן זיי זענען געווען יידן הויכע מיליטער־לייט, מען האָט מיט זיי געשלאָסן קאָנטשאַפט און געשמועסט.

מיר האָבן טאַקע אויפגעלעבט, נאָר גלייכצייטיק האָט דאָס האַרץ געוויטיקט. פון איין זייט זענען מיר געווען גליקלעך פון דעם רוסישן נצחון און פון היטלערס גרוי־סער מפּלה, נאָר אונדז האָט אַרומגעכאַפּט אַ טרויער, ווייל אַלע אונדזערע נאָענטע זענען אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן. מיר האָבן דערזען דעם גרויסן חורבן פון יידישן פאָלק.

פון אונדזער שטעטל קוזמיר האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט בלויז איך, מיין חבר שמואל, וועלכער איז שפּעטער דערשאָסן געוואָרן פון אַ פּאָליאַק, משה־זעליקס זון, זלמן און משה־אשר, יחזקאל בוכבינדער מיט זיין פאַמיליע, די פרוי יענטע מיט איר זון, אַ געוויסער חיים וועמענס פאַמיליע־נאָמען איך געדענק נישט. מיט איין וואָרט — גע־ציילטע מענטשן פון אַ גאַנצער שטאָט יידן.

פון די לאַגערן זענען צוריק געקומען בלויז עטלעכע מענטשן, אַ גאָר קליינער טייל איז אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד. צווישן די לעבן געבליבענע האָט זיך אויך אָפּגעפונען סאָניאַ ווישניאַ מיט אירע צוויי טעכטער.

דאָס יידישע קוזמיר איז געבליבן אָן יידן. זיי זענען אומגעקומען מיט די שרעק־לעכסטע מיתות משונות. מ׳האָט מיר דערציילט, אַז באַלטשע ווייכמאַן האָט זיך די גאַנצע צייט פון דער מלחמה אויסבאַהאַלטן און בלויז צוויי טעג איידער די רוסן זענען אָנגעקומען, האָבן פּאָליאַקן זי דערמאָרדעט מיט אירע צוויי קינדער.

**אַן נקוו״ד־אָפיציר האַלט מיך פאַר אַ שפּיאָן...**

איך בין ווייטער געבליבן וווינען ביי קראַמעקן. איין מאָל, ווען איך שלאָף מיר רואיק אויפן בוידעם היי, קומט אַרויף דער פויער מיט אַ באַוואָפנטן סאָלדאַט. די ביקס האָט ער אַזוי געהאַלטן ווי ער וואָלט צילן אין מיר. אויפן לייטער איז געשטאַנען אַ צווייטער רוסישער סאָלדאַט. „קומט צום קאָמענדאַנט!" — באַפעלן זיי. מיט די אָנגעשטעלטע ביקסן פירן זיי מיך ווי אַ באַנדיט. „וואָס קומט דאָ פאַר?" — טראַכט איך מיר. איך בין געגאַנגען מיט זיי אַ צעטומלטער.

מיר קומען אָן אין דער רוסישער קאָמענדאַנטור, די סאָלדאַטן סאַלוטירן און מעלדן: „אָט האָט איר דעם ייד". איך דערזע פאַר זיך אַן אָפיציר פון אַ הויכן ראַנג. ער דערנענטערט זיך צו מיר, שטרעקט אויס די האַנט און זאָגט: „שלום־עליכם!" ער הייבט מיך אָן קושן און צערעדט זיך אויף יידיש.

דאָס איז געווען אַן עלטסטער פון דער נקוו״ד. ער האָט דערציילט, אַז איך בין דער ערשטער ייד וואָס ער באַגעגנט. אומעטום, וווּ די רוסישע אַרמיי קומט אָן, פרעגט ער צי ס׳זענען פאַראַן יידן. ליידער, ביז איצט האָט ער אין ערגעץ קיין איין ייד נישט געפונען. ווען ער איז דאָ אָנגעקומען אין דאָרף, האָט ער אויך געפרעגט אויף אַן אייגענעם און מ׳האָט אים איבערגעגעבן אַז ס׳איז פאַראַן אַ ייד ביי קראַמעקן — און ער האָט באַפוילן מיך ברענגען צו אים.

די פרייד איז געווען גרויס. ער האָט געהייסן אַרויפשטעלן אויפן טיש פלעשער בראָנפן און פאַרשידענע מאכלים. ס׳האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אַן ערך 30 מאַן. מיך האָט דער יידישער אָפיציר אַוועקגעזעצט נעבן זיך, כסדר געשמועסט און מיך אויסגעפרעגט וועגן אַלע איינצלהייטן. מיר האָבן זיך דערפילט נאָענט ווי צוויי לייבלעכע ברידער, ס׳איז געווען אַן אמתער יום־טוב, מ׳האָט געטרונקען אַ גלעזל נאָך אַ גלעזל.

ווען די שמחה איז געווען אין פולן גאַנג, קומט אַריין אַן אַנדערער הויכער אָפיציר. מיין יידישער פריינד האָט מיך אינפאָרמירט, אַז ער איז נקוו״ד־קאָמענדאַנט אין שכנות־דיקן ראַיאָן און דערפאַר האָט ער אים פאַרבעטן צו דער שמחה. איך שטעל זיך פאַר אים פאָר אַז איך בין אַן אָפּגעראַטעוועטער ייד. מען טרינקט ווייטער איין גלעזל נאָכן אַנדערן. פּלוצלינג ווענדט זיך צו מיר דער אָנגעקומענער אָפיציר:

— דו ביסט אַ ייד? טאָ ווי אַזוי האָט היטלער דיך געלאָזט לעבן? ביסט זיכער געווען אַ שפּיאָן, אַנדערש האָט נישט געקענט זיין, דערפאַר ביסטו געבליבן לעבן.

זיין רציחה ווערט אַלץ שטאַרקער. ווען נישט דער יידישער אָפיציר (פון דער זעלבער הויכער ראַנגע), וואָלט געווען שלעכט. ווער ווייסט מיט וואָס עס וואָלט זיך פאַרענדיקט יענעמס היסטערישער אויסברוך.

דער ייד האָט שוין געוואַכט איבער מיר, כ׳בין דאָרט געבליבן. מיר זענען געשלאָפן

אין איין בעט. שפּעטער איז ער פון צייט צו צייט געקומען צו מיר און יעדעס מאָל מיטגעבראַכט מתנות.

די רוסן זענען געבליבן שטיין ביי דער ווייסל אַ 6 חדשים. כ׳האָב אין יענער צייט זיך באַקענט מיט אַ סך יידן וואָס האָבן געדינט אין דער רוסישער אַרמיי ווי אויך מיט אַ רוסישן פּאָלקאָווניק פון שטאַב, אַ ייד. איין מאָל זאָגט ער צו מיר:

— מיר וועלן מוזן אונטערנעמען אַן אָפענסיווע אויף אייגענער האַנט, מיר קענען מער נישט וואַרטן. שוין אַ האַלב יאָר ווי אונדזער אַרמיי שטייט ביי דער ווייסל און וואַרט אַז דער צווייטער פראָנט — פון די אַמעריקאַנער און ענגלענדער — זאָל זיך אַ ריר טאָן. דערווייל הערט מען נישט און מען זעט נישט, אונדזערע מערבדיקע אַלירטע איילן זיך נישט. מיר וועלן מוזן אין גיכן אַליין פאָרסירן די ווייסל און אָנהייבן דעם גרויסן אָנגריף.

עטלעכע טעג שפּעטער האָבן די רוסן, מיט גרויסע קרבנות, אָנגעהויבן בויען אַ בריק. זיי זענען אַריבער די ווייסל, ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער גרויסער מאַרש אין דער ריכטונג פון דייטשלאַנד. וואָלט רוזוועלט און טשערטשיל אַזוי לאַנג נישט געוואַרט מיטן צווייטן פראָנט, וואָלט די מלחמה זיך פאַרענדיקט מיט 6 חדשים פריער און צענדליקער טויזנטער יידן אָנשטאָט אומצוקומען אין די לאַגערן פון הונגער און שמוץ, אָדער די וואָס זענען געמאָרדעט געוואָרן דורך די פּאָליאַקן — וואָלטן זיכער ניצול געוואָרן.

## אַ באַנדיטישער איבערפאַל

אַזוי לאַנג ווי די רוסן זענען געשטאַנען אויפן אָרט, איז געווען רואיק, מיר האָבן זיך געפילט אויסער יעטוועדער געפאַר. ווי נאָר זיי האָבן פאָרסירט די ווייסל און די מאַכט האָבן איבערגענומען די נייע פּוילישע הערשער — האָט זיך אַלץ געענדערט צום ערגערן, מ׳האָט זיך ווידער דערפילט נישט זיכער מיטן לעבן.

איך האָב דעמאָלט געוווינט אין ראַגאָוו. פון דאָרט בין איך געפאָרן קיין לובלין, געבראַכט סחורות און זיי פאַרקויפט די איינוווינער פון ראַגאָוו. אַזוי אַרום האָב איך די ערשטע צייטן פאַרדינט אויפן לעבן. איין מאָל בין איך געקומען אַהיים מיט אַ וואָגן סחורה. ס׳איז געווען פינצטער. די קריסטלעכע שכנים זענען שוין געווען אין זייערע הייזער. אַרום איז שטיל. פּלוצלינג הער איך ווי מען קלאַפּט אין טיר.

— ביטע, אַריין, — זאָג איך.

עס קומען אַריין 4 באַוואָפנטע מענער, מיט מאַסקעס אויף די פּנימער און זיי באַפעלן:

— די הענט אין דער הייך! וווּ זענען דיינע דאָקומענטן?

איך זאָג זיי, אַז כ׳בין אַן אָפּגעראַטעוועטער ייד, ווי אַזוי קען איך האָבן דאָקומענטן?

— מיר ווייסן ווער דו ביסט, גיב אַהער אַלץ וואָס דו פאַרמאָגסט.

זיי באַזוכן מיך, נעמען צו וואָס איך האָב ביי זיך, דערנאָך טראָגן זיי אַרויס די גאַנצע סחורה און לאָדן זי אויף אויף זייערס אַ פור.

— טו אויס די שטיוול! — באַפעלן זיי מיר. איך האָבן זיך געבעטן:

— איר האָט מיר אַלץ צוגענומען, אין דרויסן איז אַ פראָסט, לאָזט מיר כאָטש איבער די שטיוול. — האָבן זיי געענטפערט:

— דאַנק גאָט אַז מיר לאָזן דיך לעבן. (זיי זענען זיכער געווען היימישע, זיי האָבן מיך געקענט און איך האָבן זיי אַוודאי אויך געקענט, דערפאַר האָבן זיי אָנגעטאָן מאַסקעס).

איך בין געבליבן אָן אַ גראָשן געלט, כ׳האָב געמוזט זיך באָרגן אַ פּאָר אַלטע שטיוול. צום גליק איז מיר נאָך געבליבן אַ סך טאַבאַק (אין יענער געגנט זענען געווען גרויסע טאַבאַק־פּלאַנטאַציעס). כ׳האָב אָבער שוין מורא געהאַט צו נעכטיקן אין שטוב, קוים זענען די באַנדיטן זיך מיישב און קומען מיך דערהרגענען. כ׳האָב געמוזט גיין זוכן אַ נאַכט־לעגער — אָבער יענע נאַכט בין איך שוין נישט געשלאָפן. איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן אויף אַן אָרט וווּ קיינער קען מיך נישט.

**דער אומקום פון מיינע צוויי חברים און שותף**

צו מאָרגנס גאַנץ פרי האָבן איך זיך איינגעשאַפן אַ פור, מיטגענומען דעם טאַבאַק און זיך געלאָזט קיין לאָדזש, אויפן אַדרעס פון אַ לאָדזשער טאַקסי־שאָפער, דוראַטשינסקי, וועמען כ׳האָב באַקענט אין לובלין. ער האָט מיר געגעבן אַן אָרט ווי אַוועקצולייגן דעם טאַבאַק, אַ ביסל האָב איך פאַרקויפט אויפן „גרינעם מאַרק״ און געהאַט מיט וואָס צו באַצאָלן די הוצאות.

מין האָבן אָנגעהויבן אַ ניי לעבן. מיין חבר שמואל איז נאָך דער באַפרייאונג אַוועק קיין לובלין און דאָרט פאַרבליבן. ווען מ׳האָט מיך באַרויבט, האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז מ׳האָט מיך דערהרגעט. אַזוי ווי איך פלעג אָפט קומען קיין לובלין און איצט מער זיך נישט באַוויזן, האָבן מיינע פריינד געגלייבט, אַז די קלאַנגען זענען אמת. דערנאָך זענען צו מיר דערגאַנגען ידיעות ווי אַזוי צוליב די קלאַנגען איז אומגעקומען מיין גורל־חבר שמואל. ער האָט געוווּסט אַז איך האָב ראַגאַוו אַ ביסל פאַרמעגן און ער האָט עס געוואָלט אָפּראַטעווען. איז ער אַהין געפאָרן מיט זיין חבר זלמן. בעת זיי האָבן זיך געפונען אין מיין שטוב (אין דער זעלבער ווו מ׳האָט מיך באַראַבעוועט), איז מען אַריין צו זיי, אַרויסגעפירט אין דרויסן און פאַר דער טיר האָבן די פּוילישע מערדער דערשאָסן שמואלן און זלמנען.

איך גיב איבער וועגן דער געשעעניש אין עטלעכע שורות. ס׳איז אָבער זיך פאָר־צושטעלן ווי דאָס אומגליק האָט אונדז דעמאָלט דערשיטערט, ווי גרויס איז געווען דער פּיין און צאָרן ווען די ידיעה איז צו מיר דערגאַנגען. מיר האָבן דאָך צוזאַמען איבער־געלעבט אַלע גהינומס, אויסבאַהאַלטן זיך פאַרן טויט וואָס האָט געלויערט אויף טריט און שריט. נאָך די אַלע שווידערלעכע איבערלעבונגען, ווען מ׳איז שוין פטור געוואָרן פון

די היטלעריסטישע מערדער, האָבן די פּוילישע באַנדיטן צוגענומען דאָס לעבן פון צוויי ניצול־געוואָרענע יידן. ביזן היינטיקן טאָג איז דער ווייטיק גרויס, פּונקט ווי ס׳איז שווער צו באַגרייפן, אַז די פּאַליאַקן וואָס האָבן דאָך אַמיינסטן געוווסט וועגן די דייטשע רציחות איבער די יידן — האָבן ווייטער געמאָרדעט די שארית־הפליטה.

טראָץ דעם אַלעמען האָט מען אָנגעהויבן זיך איינאָרדענען אויף דער מיט בלוט דורכגעווייקטער פּוילישער ערד. איך בין געווען פון די ערשטע צו שטעלן זיך אויף די פיס. אין לאָדזש באַקומען אַ זייער שיינע וווינונג נאָך אַ דייטשן גלח און אַ געשעפט אויף ראָג שרודמיעיסקע־פּיאָטרקאָווסקע. כ׳האָב פאַרגעזעצט די פּאַך־טראַדיציע פון מיין פאָטער, זיידע און עלטער־זיידע וואָס האָבן געהאַט גאַרבערייען. איך האָב זיך צוריק־גענומען צום לעדער־פּאַך, בשותפות מיט אַ ייד פון לובלין, אויך אַ גאַרבער.

דאָ מוז איך דערציילן די גרויסע טראַגעדיע פון מיין שותף.

די גאַנצע צייט פון דער מלחמה האָט ער זיך אויסבאַהאַלטן ביי אַ פּויער, ממש מיט ניסים זיך אָפּגעראַטעוועט איינער אַליין. די גאַנצע משפחה און זיין פרוי מיט זעקס קינדער זענען דורך די היטלעריסטן דערמאָרדעט געוואָרן. בלויז איין זון האָט זיך געהאַט געראַטעוועט קיין רוסלאַנד, נאָר דער פאָטער האָט וועגן אים גאָרנישט געוווסט. ווען די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט, האָט דער זון זיך אומגעקערט קיין לובלין און צופעליק זיך געטראָפן מיטן פאָטער. ס׳איז נישט שווער זיך פאָרצושטעלן די פרייד און געפילן פון אַ פאָטער, ווען ער געפינט אָפּ אַן איינציקן זון פון אַ גרויסער משפחה. טאַטע און זון האָבן צוזאַמען געוווינט און געווען גליקלעך. דער פאָטער האָט אָבער מיטן אָפּגעפונענעם זון לאַנג זיך נישט געפרייט. אַ געוויסן אָוונט קלאַפּט מען אָן אין טיר, ס׳קומען אַריין עטלעכע פּאַליאַקן, זיי ציען אַרויס דעם זון פון בעט און שיסן אים אַריין אַ קויל אין קאָפּ פאַר די אויגן פון פאָטער. די איבערלעבעניש, דעם ווייטיק און צער פון פאָטער איז נישט צום באַשרייבן. נאָך דעם פרישן אומגליק, האָט ער מער נישט געקענט בלייבן אין לובלין. משה בלאַנק איז אַ צעבראָכענער און צעווייטיקטער געקומען קיין לאָדזש און איך האָב אים צוגענומען פאַר אַ שותף. צו אונדז איז אויך צוגעשטאַנען הערשל ראָזענבערג.

## אין לאָדזש

וואַרשע איז שוין געווען באַפרייט, נאָר אין גאַנצן צעשטערט. לאָדזש איז אין יענער צייט געווען דאָס אָרט, ווו ס׳האָבן זיך געפונען אַלע מיניסטעריומס פון דער נייער פּוילי־שער מאַכט און איז גלייכצייטיק געוואָרן אַ צענטער ווו ס׳האָבן פון פאַרשידענע ערטער זיך צונויפגעזאַמלט די אָפּגעראַטעוועטע יידן, די באַציונג פון דער פּוילישער מאַכט לגבי די יידן איז געווען אַ גוטע.

כ׳האָב זיך איינגעאָרדנט. מיר איז אָבער געווען שווער צו לעבן איינזאַם. כ׳האָב זיך באַקענט מיט מיין איצטיקער פרוי (פון הויז לאַנדוי). מיר האָבן חתונה געהאַט און דערוואַרט אַ קינד. מ׳האָט געמיינט אַז אַלץ גייט צום בעסערן, מען קערט זיך אום צו אַ

נאָרמאַל לעבן. אָבער דער אַנטיסעמיטיזם איז געשטיגן פון טאָג צו טאָג, דאָס ביסל אָפּגע־ראַטעוועטע יידן לעבן ווייטער אין שרעק. כמעט יעדן טאָג דערגייען ידיעות, אַז ערגעץ-ווו האָט מען דערהרגעט אַ ייד, אין אַן אַנדער אָרט — צוויי יידן, דאָ אַ שטיקל פּאָגראָם, דאָרט ווידער — אַן אמתער פּאָגראָם. די שרעק איז געוואַקסן. ס׳איז דערגאַנגען דערצו, אַז כ׳האָב אויפגעהערט שלאָפן. ביינאַכט האָט מען פאַרריגלט די טירן און זיי פאַרשלאָסן אויף עטלעכע שלעסער. נאָר אַפילו מיט דעם האָבן מיר מורא געהאַט צו נעכטיקן אין שטוב, מיר זענען געגאַנגען שלאָפן צו באַקאַנטע. די מלחמה האָט זיך טאַקע געענדיקט, היטלער האָט פאַרשפּילט, אָבער אַ סך פּאָליאַקן האָבן זיך נאָך נישט גענוג אָנגעזעטיקט מיט יידיש בלוט. כ׳האָב מורא געהאַט אין אָוונט אַרויסצוגיין אין גאַס.

איך האָב אָנגעהויבן טראַכטן וועגן פאַרלאָזן פּוילן. אויך דאָס איז נישט געווען פון די לייכטע זאַכן. מ׳איז נאָך נישט געהאַט צו זיך געקומען פון די שרעקלעכע אָקופּאַציע־יאָרן. מ׳האָט זיך נאָך נישט אָפּגערוט פון די אַלע מאַטערנישן, אַפילו ווען מאַטעריעל האָט זיך אַלץ אָנגעהויבן צוריק איינשטעלן. אָבער די נערוון זענען געווען צעטרייסלט. מען מוז טראַכטן וועגן אויסוואַנדערן, זוכן אַ נייע היים. אָבער ווו? קיין משפּחה איז אין ערגעץ נישט געבליבן, מיר זענען אַליין אויף דער וועלט. אמת, כ׳בין שוין צוריק איינגעאָרדנט, מיט אַ שיינע וווינונג, אַ געשעפט. נאָר וואָס טויג מיר דאָס אַלץ, אַז איך בין נישט זיכער מיטן לעבן? די דאָזיקע גערדאַנקען האָבן אומאויפהערלעך געמאַטערט, דער מוח האָט נישט געהאַט קיין רו. איך האָב נאָך לאַנג געוואַרט אויף אָנצונעמען אַ באַשלוס, ביז ס׳איז אונטערגעקומען אַ טרויעריקע געשעעניש, וואָס האָט אויפגערודערט אַלע יידן אין לאָדזש.

אַ געוויסן טאָג איז אַ פּאַסאַזשיר־אויטאָ אַרויסגעפאָרן פון לאָדזש קיין ראַדאָם. 6 קילאָמעטער הינטער לאָדזש האָבן רוצחישע פּאָליאַקן אָפּגעשטעלט אויפן שאָסיי דעם אויטאָבוס, געזוכט צווישן די מענטשן און אַרויסגעשלעפּט אַלע זעקס יידן וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען און זיי אויפן אָרט דערשאָסן. דער מאָרד האָט אויפגעשוידערט אַלע יידן אין לאָדזש.

אַ געוויסן נאָכמיטאָג האָט מען דורכגעפירט דעם אָרון מיט די 6 דערמאָרדעטע יידן. די לויה איז דורכגעגאַנגען פאַר מיין געשעפט. אַלע יידישע געשעפטן האָט מען פאַרמאַכט אויף די אַלע גאַסן, ווו די לויה איז דורכגעגאַנגען. איך בין נאָכגעגאַנגען נאָכן אָרון. אויפן בית־עולם האָט הרב סעגאַל מספּיד געווען די דערמאָרדעטע און אויך גערעדט וועגן יידישן גורל און וועגן די מיטשולדיקע אינעם אויסראָטן דאָס יידישע פאָלק.

צוריק גייענדיק פון בית־עולם, האָב איך ענדגילטיק באַשלאָסן צו פאַר־לאָזן פּוילן, אַנטלויפן ווו ס׳זאָל נישט זיין, אַבי נישט פאַרבלייבן אין דעם לאַנד ווו יידיש לעבן איז נאָך אַלץ הפקר. איך בין אַריין אין געשעפט און אינפאָרמירט מיינע שותּפים וועגן דעם באַשלוס און זיי געבעטן מיר אויסצאָלן מיין חלק. דערנאָך בין איך אַוועק אַהיים און איבערגעגעבן מיין פרוי דעם באַשלוס. איך האָב זי געבעטן זי זאָל פאַר־

קויפן אַלץ וואָס לאָזט זיך, דאָס איבעריקע וועט מען איבערלאָזן, אַבי אַוועק פון פּוילן וואָס גיכער.

### מיר פאַרלאָזן פּוילן

אַז מיינע שותּפים האָבן מיר אויסגעצאָלט, האָבן מיר זיך געלאָזט אין דער גרויסער וועלט, נישט וויסנדיק אַפילו וווּ מיר וועלן זיך באַזעצן. מיין פרוי איז דעמאָלט געווען אין ניינטן חודש. מיר האָבן געזאָלט פאָרן קיין טשעטשין, אָבער מיין פרוי האָט זיך דערפילט שלעכט, כ׳האָב מורא געהאַט זי זאָל נישט אָנהייבן גיין צום קינד אויפן וועג. זענען מיר אויסגעשטיגן אין קאַטאָוויץ. איך האָב זי גלייך אָפּגעפירט אין קליניק און דעם זעלבן טאָג איז געבוירן געוואָרן אונדזער טאָכטער טערעסאַ. נאָך 12 טעג זיין אין קאַטאָוויץ, זענען מיר מיטן עופּעלע אַוועק קיין שטשעטשין און אָנגעהויבן צו מאַכן באַמיאונגען וועגן אַ רייזע־דאָקומענט. צום סוף זיך דעצידירט צו דינגען אַ רוסישן לאַסט־אויטאָ און אַזוי אָרום אַריינפאָרן קיין פּראַג. מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין פעסער: איך מיט מיין טעכטערל זענען אַריין אין איין פאַס, מיין פרוי — אין אַ צווייטער פאַס. מיר האָבן, זעט אויס, נאָך נישט געהאַט גענוג אָפּגעקומען, ווייל אויף דער פּויליש־טשעכישער גרענעץ דערשנאַפּן די רוסן אַז אין וואָגן געפינען זיך מענטשן. מ׳האָט אונדז צוריק געפירט קיין שטשעטשין און אַרעסטירט. דער רוסישער קאָמענדאַנט האָט רחמנות באַקומען אויפן פּיצעלע קינד וואָס האָט שטאַרק געוויינט און באַפרייט מיין פרוי מיטן קינד. מיר זענען פאַרבליבן 11 טעג אין שטשעטשין און מיין פרוי האָט געזוכט מענטשן וואָס זאָלן אונדז העלפן. זי האָט זיך דערוווּסט, אַז דער רוסישער קאָמענדאַנט פון שטאָט איז אַ ייד. איז זי צו אים אַוועק מיט אַ געבעט מ׳זאָל מיך באַפרייען. אַ דאַנק אים בין איך אַרויס פון אַרעסט און ער האָט נאָך צוגעהאָלפן מיר זאָלן דורכפאָרן די גרענעץ. דאָס צווייטע מאָל איז אַלץ אַדורך בשלום. מיר זענען אָנגעקומען קיין פּראַג אין אַ האָטעל און דאָרט זיך געטראָפן מיט נאָך יידן. פון פּוילן האָבן מיר מיטגענומען אַ ביסל געלט און איך האָב גענומען ווידער האַנדלען, כדי צו פאַרדינען אויפן לעבן.

איך בין גרייט געווען צו פאַרבלייבן אין טשעכאָסלאָוואַקיי, ווייל די מענטשן זענען מיר זייער געפעלן. קודם כל זענען די טשעכן נישט אַזעלכע אַנטיסעמיטן ווי די פּאָליאַקן. מיר איז אויך געפעלן זייער האַסן די דייטשן. ווען זיי האָבן געהערט רעדן יידיש, האָבן זיי געמיינט, אַז מיר זענען דייטשן — און געקוקט אויף אונדז בייז, אַפילו גרייט געווען אונדז צו שלאָגן. חוץ דעם זענען די טשעכן איידעלע מענטשן, מיט אַ סך גוטן ווילן צו העלפן אַנדערע. איך געדענק ווי מיין טעכטערל טערעזו האָט ביים זייגן צעביסן די ברוסט ביז בלוט. מיין פרוי האָט דערפון אַ סך געליטן. איך בין מיט איר אַוועק צו אַ דאָקטער, ער האָט זי געהיילט און נאָך צוגעגעבן רפואות, אָבער בשום אופן נישט געוואָלט נעמען באַצאָלט, ווייל ער האָט געוווּסט, אַז מיר וואַנדערן און זענען דערווייל אָן אַ היים.

אַ צווייט מאָל זענען מיר געווען ביי אַן אַנדערן דאָקטער, אַ פּראָפעסאָר. אויך ער האָט

אונדז אַרויסגעוויזן גוטהאַרציקייט, ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען באַצאָלט. נאָך דעם אַלעמען וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט אין פּוילן, האָבן מיר דאָ דערזען גאָר אַנדערע מענטשן. אין דער אמתן וואָלטן מיר געוועזן צופרידן צו פאַרבלייבן אין פּראַג, אָבער דער רוסישער קאָמיסאַר האָט נישט געוואָלט פאַרלענגערן די פּאַפּירן און מיר האָבן געמוזט פאַרלאָזן טשעכיע.

מ׳האָט ווידער געדאַרפט אָנהייבן וואַנדערן. איך האָב זיך איינגעשאַפּט אַ וויזע קיין פראַנקרייך, נישט וויסנדיק צי מיר וועלן דאָרט פאַרבלייבן, אָדער ווייטער פאָרן. מיר זענען פאַרבליבן אין פּאַריז, הגם אויך אין פראַנקרייך האָט מען אָנגעהויבן פילן דעם אַנטיסעמיטיזם.

אין פּאַריז האָבן מיר אָנגעהויבן אַ ניי לעבן.

איצט, נאָך אַזוי פיל יאָרן, ווען איך דערמאָן די אויסוואַנדערונג פון פּוילן און די געשעענישן וואָס האָבן דערצו געשטויסן, דערנאָך דעם קורצן אויפהאַלט אין טשעכיע — איז פּונקט ווי די טשעכן האָבן געלאָזן ביי מיר די בעסטע דערינערונגען, אַזוי נעמט מיך אַרום אַ ציטער ווען איך הער וועגן די פּאָליאַקן...



שמואל ראַזענבערג / פּאַריז

# דערציילונג פון אַ פּאַרטיזאַנער אין פראַנצויזישן ווידערשטאַנד

אין יאָר 1928 האָב איך מיט מיין פאַמיליע פאַרלאָזט אונדזער ליב שטעטל קוזמיר און עמיגרירט קיין פראַנקרייך. דאָ זיך מפרנס געווען פון סטאָלעריי, מיט מיין פרוי און 3 קינדער. מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אין יאָר 1939, האָב איך זיך פרייוויליק מאָביליזירט אין דער פראַנצויזישער אַרמיי — ביזן יאָר 1940. נאָכן אָקופּירן פּאַריז דורך די דייטשישע מערדער, האָב איך פאַרלאָזט די אַרמיי און געפאָרן זוכן מיין פאַמיליע, וועלכע איז געוואָרן פאַרשיקט און האָט זיך באַזעצט אין שטעטל שער־שאַרטאָ־מאיר.

ווי נאָר כ׳בין אָנגעקומען אין דעם שטעטל, וואָס איז נאָך געווען אין די הענט פון דער פראַנצויזישער מאַכט, בין איך אַרויסגערופן געוואָרן זיך צושטעלן פאַר דער קאָמיסיע וועגן אַריינטרעטן אין פרעמדן־לעגיאָן. אין דער קאָמיסיע האָט מען רעגיסטרירט פרייוויליקע אין לעגיאָן, און אויך מאָביליזירט אין דער פוילישער אַרמיי. אַזוי ווי איך האָב „ליב געהאַט" די פּאָליאַקן — האָב איך זיך מאָביליזירט אין דער פראַנצויזישער אַרמיי און מיטגעמאַכט די שרעקלעכע מלחמה. די פאַרלוסטן זענען געווען זייער גרויסע. פון מיין פּאָלק, וואָס האָט געציילט 3600 מאַן, זענען פאַרבליבן 430 מאַן. די אַנדערע זענען געפאַלן אין קאַמף. אַ קליינע טייל איז פאַרבליבן אין געפאַנגענשאַפט ביי די דייטשן, נאָכן אָקופּירן גאַנץ פראַנקרייך.

מיר איז געלונגען צו בלייבן לעבן. איך האָב זיך געריסן צו מיין פאַמיליע, וועלכע האָט זיך געפונען אין דעם פריער דערמאָנטן שטעטל. יעדן טאָג געגאַנגען 30 קילאָמעטער צופוס, ביז כ׳האָב זיך סוף־כל־סוף דערשלעפּט אין דעם שטעטל און דאָרט פאַרבליבן אַ לענגערע צייט. דערנאָך זיך אָנגעשלאָסן אין דער פּאַרטיזאַנער־גרופּע פּ.ט.פּ., וואָס האָט אויף זיך גענומען די אויפגאַבע אויפצורייסן באַן־ליניעס, אויספירן טעראָר־אַקטן קעגן נאַצישע גדולים און זייער אַרמיי, באַזונדערס פירן אַן אויפקלער־אַקציע ביי די פּויערים, נישט געבן דעם שונא די תבואה. מיר האָבן באַזוכט דערפער, געפאָדערט

פון די פויערים, אַז נאָכן אָפּשניידן די תבואה פון די פעלדער, זאָלן זיי ניט דרעשן, נאָר איבערלאָזן די זאַנגען אַזוי, אַז מען זאָל זיי ניט קענען נוצן. יענע פויערים, וועלכע האָבן אונדזער באַפעל ניט אויפגענומען, האָבן מיר פאַרברענט די תבואה מיטן שייער.

מיר האָבן אויך פאַרטיילט געווער אין די דערפער, מ׳זאָל זיך קענען קעגנשטעלן די דייטשן, וועלכע האָבן אַלע מאָל צוגענומען די תבואה און זי געשיקט קיין דייטשלאַנד.

די באַזע פון די פאַרטיזאַנער איז געווען אין וואַלד. דעם 3טן יאַנואַר 1943, האָב איך מיט נאָך 5 פראַנצויזישע פאַרטיזאַנער אָפּגענומען דאָס געווער, וואָס איז אַראָפּגעלאָזט געוואָרן פון עראָפּלאַנען מיט פאַראַשוטן (2 קאַסטנס). נאָך דעם, בייטאָג, זענען אונדז די דייטשן באַפאַלן, באַשאָסן דעם וואַלד ווו מיר האָבן זיך געפונען און פינף פאַרטיזאַנער אונדזערע זענען געפאַלן. מיר האָבן זיך צוריק געצויגן טיף אין וואַלד. אין אָוונט זענען זיי אַנטלאָפן פון וואַלד און מיר האָבן אַנטדעקט די קערפּערס פון די פינף פאַרטיזאַנער, דערמאָרדעטע אויף אַ בעסטיאַלישן אופן, אַז ס׳איז אוממעגלעך געווען זיי צו דערקענען. בלויז לויט די בגדים האָבן מיר זיי דערקענט. אין עטלעכע טעג אַרום האָבן מיר נקמה גענומען פאַר אונדזערע חברים. געכאַפּט 12 דייטשן, זיי אויסגעלייגט אין מיטן שאָסיי, אין דעם זעלבן צושטאַנד, ווי זיי האָבן געטאָן מיט אונדזערע חברים.

זומער 1943, ווען די ענגלענדער מיט די אַמעריקאַנער האָבן גענומען זיך גרייטן צום צווייטן פראָנט, האָבן מיר זיך געגרייט ווי געהעריק איבערצופאַלן די דייטשן. אַ סך מאָל איז געקומען צו אָפענע קאַמפן. זיי האָבן זיך תמיד צוריק גערוקט, איבערלאָזנדיק פיל טויטע.

דעם 7טן יוני זענען מיר אַנגעקומען אין דעם שטעטל, ווו ס׳האָט זיך געפונען מיין פאַמיליע. קודם האָבן מיר אַנטוואָפנט די פּאָליציי פון דער ווישי־מאַכט, פאַרנומען די גאַנצע פּאָליציי־קאָמענדע און איינגעשטעלט גרופן צו פאַרהיטן די שטאָט און די אַרומיקע שאָסייען. איך, אַלס סערזשאַנט, האָב באַקומען 9 מאַן מיט ביקסן און אַ מאַשין־געווער, אָפּגעשלאָסן דעם הויפּט־שאָסיי און קאָנטראָלירט יעדן דורכגייער. 9 אין דער פרי האָבן מיינע חברים דערזען אַן אויטאָ מיט דייטשן און ס.ס.־לייט. מיינע חברים האָבן זיך צוגערוקט צו די מויערן און איך, דערזעענדיק די „געסט״ האָב אַ געשריי געטאָן אויף יידיש: „לייגט אַוועק ס׳געווער״. איין ס.ס.־מאַן האָט געפּרוּווט זיך אַנטקעגן שטעלן, האָב איך אויסגעשטרעקט מיין ביקס און דער „גרויסער״ העלד האָט אָנגעהויבן שרייען און זיך בעטן: „כ׳האָב קיין שלעכטס ניט געטאָן קיין פראַנצויז״. איך האָב זיין געווער אַרויסגעריסן און פאַרלירנדיק זיך — האָב איך ס׳געווער אַוועקגעוואָרפן. האָט ער זיך גענומען מיט מיר ראַנגלען. מיינע חברים האָבן זיך צו זיי אַ נעם געטאָן — און אַלע האָבן געהויבן די הענט, זיך אונטערגעגעבן. מיר האָבן זיי אַלע דערליידיקט.

אין דער זעלבער נאַכט האָבן די דייטשן אַרומגערינגלט דאָס שטעטל. איך, מורא האָבנדיק פאַר נקמה אין מיין פאַמיליע, האָבן מיר אַלע פאַרלאָזט דאָס אָרט. מיין פרוי

מיט די קינדער האָבן געוואַנדערט צופוס 25 קילאָמעטער, אָנגעקומען אין אַ דאָרף און דאָרט זיך אויפגעהאַלטן ביי אַ פויער.

ענדע יוני, איז אונדז געלונגען צו פאַרהאַלטן 2 לאַסט־אויטאָס מיט 9 דייטשישע אָפיצירן, ביי וועלכע מיר האָבן געפונען מאַפּעס און פּלענער פון סטראַטעגישער באַ־דייטונג. מיר האָבן איבערגעגעבן אַ פונקן־דעפּעשע קיין לאָנדאָן. דעם זעלבן אָוונט האָבן געלאַנדעט מיט אַן עראָפּלאַן ענגלישע פּאַראַשוטיסטן, נעמענדיק מיט זיך די געפאַנגענע און די דאָקומענטן קיין ענגלאַנד.

אין עטלעכע טעג אַרום, האָט מען מיר איבערגעגעבן צו היטן דעם וועג ביים וואַלד. 200 מעטער פון מיר איז געשטאַנען אַ וואַך־פּאָסטן צו געבן מיר אַ סיגנאַל, ווען ס׳וועלן זיך באַווייזן דייטשן. פּלוצלינג האָט זיך באַוויזן אַן אויטאָ, מיט פולע ליכט. ווען זיי האָבן זיך דערנענטערט צו מיר, האָב איך אויסגעשטרעקט די ביקס און געפאָדערט זיך אונ־טערצוגעבן. איך בין געוואָרן איבעראַשט, אַז דאָס זענען אָנגעקומען ענגלישע סאָלדאַטן...

נאָך יענעם אָוונט זענען מיר געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן דאָס אָרט. צו מאָרגנס האָבן פויערים דערציילט, אַז צוויי פראַנצויזישע פרויען האָבן זיך באַוויזן אין דאָרף, נאָר זיי זענען עפּעס פאַרדעכטיקט. מיר האָבן גענומען זיי פאַרשן. מיר האָט מען איבער־געגעבן צו פאַרברענגען מיט איינע, נעמען זי אין מיין צימער. איך האָב די מיסיע דערפילט. מ׳האָט צוזאַמען געטרונקען און פאַרבראַכט אַ גאַנצן אָוונט. ווען זי איז געוואָרן בגילופין, האָט זי זיך אַרויסגעכאַפּט, אין דער דייטשישער שפּראַך, פאַרשידענע אויס־דרוקן קעגן פראַנקרייך, יידן און אַז״וו.

צו מאָרגנס האָט מען זיך גענומען צו דער אויספאָרשונג. ווען איך בין דערשינען, האָט זי ווי אַ ווילדע חיה זיך געוואָרפן אויף מיר מיט די נעגל. אויפן אָרט האָט מען זי דערשאָסן. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי איז געווען אַ דייטשישע שפּיאָנין צוזאַמען מיט איר חברטע...

מיר האָבן זיך געלאָזט אין וויטערדיקן וועג, און אָנגעטראָפן אַ גרופּע דייטשן און פראַנצויזן (ווישי־לייט). אויפן אָרט האָבן מיר דערהרגעט אַ גרויסע צאָל דייטשן און דעם בנין פון דער ווישי־פּאָליציי האָבן מיר פאַרברענט. מיר האָבן באַמערקט, אַז דיי־טשישע עראָפּלאַנען קומען צו הילף. מיר האָבן זיך צוריק געצויגן אין שטאָט און אויך באַקומען הילף. אין דער שלאַכט האָבן מיר פאַרניכטעט פיל דייטשן און צעשמעטערט אַרום 80 מאַשינען. אויך מיר האָבן איבערגעלאָזט אַ סך קרבנות און געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן די שטאָט.

ענדע יולי האָבן זיך באַוויזן גרויסע אָפּטיילונגען פון דעם אָפּטרעטנדיקן דייטשישן מיליטער. די לעצטע איינהייט, בראש פון וועלכער ס׳איז געפאָרן אַ פּאָלקאָווניק, האָבן מיר אָפּגעשניטן דעם וועג און געפאָדערט זיי זאָלן זיך אונטערגעבן. זיי זענען גרייט געווען דאָס צו טאָן, נאָר מיטן באַדינג מיר זאָלן זיי איבערגעבן דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

זיי האָבן ניט געטרויט די פראַנצויזישע פּאַרטיזאַנער און נקמה־נעמער. מיר האָבן מסכים געווען אויף דעם באַדינג. אַן ערך 20.000 באַוואָפנטע זעלנער פון דער ווערמאַכט האָבן געלייגט דאָס געווער און אַוועק צו די אַמעריקאַנער אין געפאַנגענשאַפט אַ דאַנק... 800 פראַנצויזן פון דער רעזיסטאַנס־באַוועגונג.

אַזוי האָבן זיך געענדיקט מיינע וואַנדערונגען אין דער צווייטער וועלט־מלחמה.



ל. ל. לעקיש / דעטראָיט, פאַר. שטאַטן

## מיינע מלחמה־איבערלעבונגען

פאַר אונדז האָט זיך אָנגעהויבן דער חורבן דעם 8טן סעפּטעמבער 1939. אַ גאַנצן טאָג האָבן דייטשע עראָפּלאַנען געקרייזט איבער קוזמיר.

געגען צוויי אַ זייגער, האָבן זיך אַ שאָט געגעבן ־עטלעכע באָמבעס אויפן שטעטל. געציילטע מינוטן פאַר דעם, בין איך נאָך געווען אין באַנק, ווו מיר האָבן געפּאַקט און זיך געגרייט. אָבער פּלוצים בין איך אַראָפּ פרעגן וואָס מיין פריינדין שרהלע מאַכט, ווייל זי האָט זיך ניט געפילט גוט. איך האָב ניט באַוויזן אַריינצוקומען אין געוועלב און עס האָט געגעבן אַ קראַך איינער נאָכן צווייטן. נעבן מיר האָט זיך געוואַלגערט אין יסורים אַ מיליציאַנט ביי וועמען די באָמבע האָט אָפּגעריסן ביידע פיס; אַ שטיק שפּליטער פון דער באָמבע האָט דורכגעלעכערט די טירן פון געוועלב און אַריין אין שטוב. מיר זענען געווען זיכער, אַז אַלץ לייגט זיך איין. אין שטוב איז געוואָרן פינצטער.

דעמאָלט זענען מיינע עלטערן ניט געווען אין קוזמיר, אַזוי אַז איך בין שוין געבליבן מיט שרהלעס פאַמיליע. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געלויפעריי.

קומענדיק אויף אַן אָרט, האָבן מיר געזען, אַז שרהלעס מוטער איז ערנסט פאַר־וווּנדעט אין אַ פוס, טאַקע פון דעם באָמבע־שפּליטער, וואָס האָט זיך דורכגעריסן דורך דער טיר. מיר האָבן איר געגעבן די ערשטע הילף. מיר הייבן זיך אָן אַרומקוקן צי אַלע זענען דאָ און זען, אַז חיהשע איז ניטאָ מיט אונדז. בין איך מיט שרהלעס פאָטער אַוועק זי זוכן. ענדלעך זי געפונען. זי, אַלס „דאָקטאָרשע", האָט געמאַכט נאָך אַן איבערבונד דער מוטער און מיר האָבן זיך אָנגעהויבן צוגעוווינען צום רויש פון די עראָפּלאַנען. דאָס איז געווען פרייטיק — איך וועל דעם דאָזיקן פרייטיק ביזן טויט ניט פאַרגעסן.

מיטן אָנקומען פון אָוונט, האָט זיך דער עולם גענומען רוקן ביסלעכווייז אין שטאָט אַריין, צו זייערע היימען. די שטיבער זענען שוין געווען ניט צו דערקענען. אַשר איז

דעמאָלט געווען ביי אײדלען אין דאָרף. ווען ער איז צוריק געקומען און דערזען וואָס פון הויז איז געוואָרן און דעם פאַרווונדעטן פוס, האָט ער באַקומען אַ היסטערישן אַנפאַל און אָנגעהויבן ריידן וועגן זעלבסטמאָרד. איך האָב זיך געשראָקן פאַר זיין צושטאַנד און דערפילט, אַז מיין אויפגאַבע איז צו האַלטן די שטוב צוזאַמען, ווייל אָשר און דער פאָטער האָבן פשוט זיך פאַרלוירן. העלדיש האָט זיך געהאַלטן די מוטער.

שפּעט אין אָוונט האָט זיך אָנגעהויבן אַ וואַנדערונג. דאָס גאַנצע שטעטל יידן האָט אַלץ איבערגעלאָזט אויף הפקר און זיך געלאָזט פאָרן אין די אַרומיקע דערפער. אָשר איז געהאַט אָנגעקומען פון דאָרף מיט אַ פור, און מיט אָט דער פור זענען אַלע אַוועק אין דאָרף. מיר זענען געגאַנגען צופוס, נאָר די מוטער איז געזעסן אויף די זאַכן. אַזוי זענען מיר אָנגעקומען קיין פּאַלאַנוווקע.

צומאָרגנס האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די מערסטע יידן זענען אין דאָמברוווקע. אַזוי ווי ס'איז געווען נאָענט צו די ימים־נוראים, האָבן אויך מיר זיך איבערגעפּעקלט אַהין. אַזוי האָבן מיר געלעבט אין דאָרף ביז סוכות. פון מיינע עלטערן האָב איך גאָרנישט געוווּסט, ווייל זיי זענען געווען אין צויזמער געגנט. פאַרשטייט זיך, אַז מיינע זיידע־באָבע און מומעס האָבן געהאַט פּרעטענזיעס, פאַר וואָס איך בין ניט מיט זיי. איך האָב פאַר זיי קלאָר געמאַכט מיין ראָל — און זיי האָבן מיך פאַרשטאַנען.

ווי נאָר די דייטשן האָבן זיך גענומען דערנענטערן צו דער ווייסל, איז געוואָרן אַ לויפעניש פון יענער זייט טייך. די פּאַליאַקן, וועלכע זענען אַנטלאָפן פאַרן דייטש, האָבן פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז ווו די דייטשן טרעפן אַ ייד אין דאָרף, ווערט דאָס גאַנצע דאָרף אונטערגעצונדן. מער האָבן די פּויערים ניט באַדאַרפט — מ'האָט אונדז אין ערגעץ ניט געלאָזט זיין. בלית ברירה האָבן מיר געמוזט זיך אַריבערפּעקלען צוריק אין שטאָט.

אויף להכעיס איז דער האַרבסט 1939 געווען אַ הערלעך־שיינער, שענער ווי זומער. יעדן טאָג זענען מיר, ווי דער דייטש מיט זיין קריגס־מאַשין גייט זיך ווייטער און ווייטער, קיינער ווייסט ניט וואָס עס וועט זיין... פּלוצים האָט פאַר יידן אויפגעשיינט אַ ליכטיקער שטראַל — משיח אויפן רויטן פערדל קומט צו אונדז... לויט אַן אָפּמאַך צווישן די דייטשן און רוסן, דאַרפן די דייטשן פאַרנעמען פּוילן ביז דער ווייסל, און אויף דער צווייטער זייט ווייסל — די סאָוויעטן. אַזוי ווי קוזמיר איז געווען אויף דער גליקלעכער זייט ווייסל, איז מען דאָך שוין זיכער מיטן לעבן. אונדזער שמחה איז געווען גרויס, אָבער ניט אויף לאַנג. מיר הערן אינגיכן, אַז ריבענטראָפּ, ימח שמו, האָט זיך געטראָפן מיט מאָלאָטאָוון, מען האָט זיך פריינדלעך געדריקט די הענט און געמאַכט אַ נייעם אָפּמאַך, אַז די גרענעץ־ליניע וועט זיין דער בוג — און מיר בלייבן אין דייטשן גיהנום.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ לויפעניש אויף מזרח און איך האָב גענומען טראַכטן ערנסט וועגן דעם; איבערגערעדט מיט שרהלען און מיר ביידע האָבן זיך נישט געקענט

באַשליסן פאַרצולייגן דעם פּלאַן די עלטערן. איר מוטער איז געווען זייער אַ טרייע (הלוואי וואָלטן אונדזערע עלטערן נישט געווען אַזוי ציטעריק איבער אונדז צו יענער צייט). מיין מומע שרה קאַץ איז אַוועק געפאָרן צו מיינע עלטערן און געבערענגט מיין בנימינען צו אונדז.

די לאַגע איז געוואָרן אַלץ מער אומדערטרעגלעך. פּאָר צרות בין איך קראַנק גע־וואָרן, אָבער פאַרלאָזן די שטוב האָב איך נישט געקענט, ווייל שרהלעס מוטער האָט מען יעדן טאָג איבערגעבונדן די ווונד. ווי נאָר די מוטער ווערט געזונט, מוז איך אַוועק, ווייל אין יענער צייט האָט ספּעציעל מענער געדראָאַט אַ געפאַר.

אין די אַלע באַשלוסן צו לויפן פון שטעטל, האָט אַ ספּעציעלע ראָל געשפּילט אײדל. זי פלעגט ממש שיטן זאַלץ אויף די ווונדן. כסדר אָפּריידן פון פאָרן. ווען נישט איר שטאַרק אַריינמישן זיך, וואָלטן אַ סך מער פון אונדז אַוועק. זי האָט געטענהט, אַז דאָס איז עגאָיזם, מען גייט זיך ראַטעווען דאָס לעבן, — אָבער קיינמאָל האָט זי נישט געזאָגט, אַז אַלע זאָלן אַוועק, ווי איך פלעג עס פאָדערן.

איין מאָל, שבת, האָבן די דייטשן אַרומגערינגלט דאָס שטעטל און געצוווּנגען יעדן איינעם ער זאָל אַוועקטראָגן זיין ביסל סחורה, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, צו ליכטזאָנען, ווו די דייטשן האָבן געמאַכט זייער הויפּט־לאַגער. די פּאַליאַקן זענען אַרומגעלאָפן ווי פאַרסמטע מייז און אָנגעוויזן ווו אַ ייד האָט עפּעס געהאַט באַהאַלטן סחורה. איר קענט זיך פאָרשטעלן די בהלה, וואָס איז אַנטשטאַנען. באַלד זענען פּויערים פון די אַרומיקע דערפער געקומען צו לויפן, גרייט צו ראַבירן דאָס רעשט ביסל יידיש האָב־און־גוטס. דער געוועזענער בירגערמייסטער, אולאַנאָווסקי, האָט אַלעמען צוריק געהאַלטן, ריזי־קירנדיק דערביי מיטן אייגענעם לעבן, עס איז אים אָבער געלונגען.

איך בין דעמאָלט קראַנק געוואָרן און געלעגן אַ צייט אין בעט. מיינע חברים, מרדכי, יונה, שאול אשכנזי און נאָך עטלעכע, זענען אַוועק. מיר האָבן זיך אָפּגערעדט צו טרעפן אין קאָוועל. נאָך עטלעכע טעג, אַז איך האָב זיך דערפילט בעסער, האָט שרהלע געזאָגט, אַז אויך איך זאָל אַוועק. מיין ברודער בנימין האָט זיך געקלאַפּט אין קאָפּ, געוואָלט גיין מיט מיר, אָבער איך האָב נישט געקענט פאַרשטיין, ווי לאָזט מען עלטערן אָן אַ קינד, אַזוי איינזאַם. מיין שאול איז שוין דעמאָלט געווען אין ווילנער געגנט. וואָלטן מיר געהאַט שכל, לאָזט מען אַלץ איבער, אַבי ראַטעווען דאָס לעבן. מיר זענען אָבער געווען צו נאַריש, באַטראַכט דאָס לויפן ווי אַ צייטווייליקן עפּיזאָד: מיר האָבן געגלייבט, אַז עס וועט אַריבער, מיר וועלן זיך צוריקקערן און ווידער זיין צוזאַמען.

עס איז געווען דעם 2טן נאָוועמבער, אַ טריבער, רעגנדיקער טאָג, וואָס איז געווען פּאַסיק צו לויפן פון שטעטל. זענען מיר זיך צוזאַמענגעקומען: איך, יעקב פלאַמענבוים, מיט וועמען איך האָב געטיילט דעם זעלבן גורל ביזן סוף פון דער מלחמה; משה קירשנ־בוים און פּיניע שניידערמאַן (אַלע פיר זענען געבליבן לעבן). איך און יעקב פלאַמענבוים

זענען אַוועק אין אַ צווייטער וועלט; פּיניע שנײַדערמאַן האָט דורכגעמאַכט אַלע קאַצעטן, איז איצט אין אַמעריקע און משה קירשנבוים האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין יאַניוווצע און שפּעטער התונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון דער פאַמיליע.

מיר האָבן געדינגען אַ פור ביז לובלין. פון שטעטל זענען מיר אַרויסגעפאָרן דורך אַ הינטערשט געסל. שרהלע איז געווען די איינציקע וואָס האָט אונדז באַגלייט. די איינ־דרוקן פון דעם טאָג וועלן מיר אייביק פאַרבלייבן אין זכרון. געזעגענענדיק זיך מיט שרהלס מוטער, האָט זי מיר געזאָגט: „לאַזערשי, ווער ווייס אויב מיר וועלן זיך נאָך אַמאָל זען, אָבער דו דאַרפסט אַוועק...״ איך מיט שרהלען האָבן די גאַנצע צייט געשוויגן, און אַזוי האָבן מיר זיך צעשיידט. עס איז געווען אוממעגלעך אַז מיר זאָלן אַרויס־ברענגען אַ וואָרט. זי איז מיט אונדז מיטגעגאַנגען אין גאַס־רעגן, ביז דעם אָפּגערעדטן פּלאַץ, ווו די פור האָט געוואַרט. שווייגנדיק איז זי געבליבן שטיין אויפן אָרט, ווען מיר האָבן זיך דערווייטערט פון שטעטל. בלויז איר ליכטיקער בליק האָט אונדז אַרויסבאַ־גלייט און מיר האָבן אים מיטגענומען מיט זיך אויף דעם וואַנדער־וועג. עס איז אוממעג־לעך איבערצוגעבן אין ווערטער די דאָזיקע סצענע פון אונדזער שיידן זיך אויף אייביק. דאָס האַרץ פּלאַצט און לעכצט נאָך נקמה פאַר די דאָזיקע יונג פאַרשניטענע, אומשול־דיקע לעבנס.

דורך פאַרשידענע וועגן און אומוועגן האָבן מיר זיך דערשלאָגן צו דער גרענעץ. דאָרט האָבן מיר געמוזט אָפּוואַרטן דעם פּאַסיקן מאָמענט, אַלץ געגוי אויסגעפאַרשן. נישט אַזוי לייכט האָבן די סאָוויעטן צוגעלאָזט צו זיך, ווייל יעדער איינער, וואָס איז געקומען, איז ביי זיי געווען אַ שפּיאָן.

פון דעסטוועגן זענען מיר אָנגעקומען קיין לעמבערג. דער שטומער שלמה אײדלשטיין האָט געהאַט דעמאָלט סעדער אין קוטי, נישט ווייט פון דער רומענישער גרענעץ און זיין טאָכטער מינקעלע איז געווען אין קוזמיר; איך האָב געפילט, אַז זי וועט אויך וועלן זיך אַריבערכאַפּן צו די עלטערן און מעגלעך, אַז אויך אָשר דאַרף קומען. מיין אָפּפאָרן וועט מאַכן אַ שטיקל איינדרוק אין קוזמיר. מיין געפיל האָט מיך נישט אָפּגענאַרט. איך האָב אָפּגערופן טעלעפאָניש פון לעמבערג דעם שטומען שלמה און שטעלט אייך פאָר, אַז צום טעלעפאָן איז ער געקומען מיט אָשרן. מיר האָבן זיך דערפרייט, אָבער פאַר מיר איז עס ניט געווען קיין איבערראַשונג און אויך ניט אומדערוואַרט, ווייל איך האָב געפילט, אַז נאָך מיין אַוועקפאָרן פון שטעטל, וועט אָשר דאָרט ניט קענען איינזיצן. מיר האָבן זיך אָפּגערעדט, אַז אַלע פיר וועלן מיר קומען קיין קוטי און דאָרטן וועלן מיר אַ טראַכט טאָן וואָס צו טאָן. אַזוי איז טאַקע געשען. אָבער דאָרט זענען מיר געווען בלויז אייניקע טעג, ווייל עס איז געווען אַ גרענעץ־שטאָט.

אָשר איז געבליבן מיט דער פאַמיליע, זיי וועלן אים שוין ווי עס איז צושרייבן. מיר זענען אַוועק זוכן פּרנסה אין קאָלאָמיי. אונדזער גאַנצער קאַפּיטאַל איז באַשטאַנען פון

אַכציק זלאָטעס. איך האָב געוואָלט מיר זאָלן זיך האַלטן צוזאַמען, אָבער מיט די מענטשן איז עס ניט געווען קיין לייכטע זאַך. מיר האָבן זיך שרעקלעך געמאַטערט; ווו געטאָגט, דאָרט ניט גענעכטיקט; משה און פיניע לייגן פאָר צוריק פאָרן אַהיים. זיי ווייזן אויף, אַז דער רוב איז צוריק געפאָרן, וואָס איז טאַקע געווען אמת. זייער הויפּט־אַרגומענט איז געווען, אַז מיט יעקב פלאָמענבוים וועסטו נישט אויסקומען.. איך האָב באַשלאָסן נישט צו פאָרן צוריק און געפרעגט יעקבן, וואָס ער זאָגט וועגן דעם. ער האָט געהאַט אַ פּאַך און געווען מער פעיק צו פאַרדינען, אָבער איך האָב אים געזאָגט: „יעקב, איך בלייב טאַקע, נאָר מיין נישט, אַז איך שטיץ זיך אויף דיר; איך וועל זיך גיין מיין וועג און דו גיי דיר דיין וועג...”

אים איז געוואָרן נישט אָנגענעם, וואָס מיר דריי האָבן וועגן אים אַזאַ מיינונג. זאָגט ער צו מיר: „לאָזער, זאָרג נישט, אַז מיר וועלן האָבן — וועלן מיר ביידע עסן, און הונ־גערן — וועלן מיר אויך צוזאַמען. זאָלן זיי ביידע אַוועק, מיר וועלן זיך אַן עצה געבן”. אַזוי איז טאַקע געשען: זיי ביידע זענען אַוועק און מיר האָבן אָנגעהויבן זוכן מיטלען צום לעבן. עס איז אַוועק ניט שלעכט, מיר זענען אָפּגעווען אין קאָלאָמיי מער ווי אַ חודש. אָשר איז אַלץ געזעסן ביי דער פאַמיליע אין קוטי. עס איז געוואָרן אוממעגלעך פאַר אונדז צו זיין דאָרט, עס האָט געדראָט מען זאָל אונדז פאַרשיקן. זענען מיר אַוועק, ריכטיקער — אַנטלאָפן קיין לעמבערג.

אַ ביסל געלט האָבן מיר געהאַט, ווי אַזוי צו פאַרדינען — האָבן מיר שוין אויך געוווּסט. אמת, יעקב איז געווען זייער פעיק, אַ גרויסער אויפטוער. מיר איז פשוט געווען דערווידער דאָס האַנדלען און דער שטייגער פון פאַרדינסט. אין לעמבערג איז ווידער געווען דאָס סאַמע שווערסטע פּראָבלעם צו געפינען אַן אָרט ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן. אונדז האָט מען גערופן „בעזשענצעס”, און די לעמבערגער יידן האָבן זיך ניט באַצויגן מיט צופיל הכנסת־אורחים — נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין. אַלזאָ, מיר האָבן געקריגן אַ וווינונג ביי אַן אונטערוועלט־מענטש. עס איז געווען אַ קליין שטיבל, דאָרט האָט געוווינט אַ פאַמיליע מיט אַ קינד. מיר זענען געשלאָפן אויפן טיש, ווייל אין שטיבל איז ניט געווען מעגלעך זיך אויסצודרייען. דער שמוץ און די געזעלשאַפט איז ניט צו באַ־שרייבן, מען קען זיך עס קוים פאָרשטעלן, אָבער פאַרדינט האָבן מיר ניט שלעכט.

פון אָשרס בריוו האָב איך דערפילט, אַז אים איז דאָרטן דערעסן. האָב איך באַשלאָסן אים אַריבערצוברענגען צו אונדז. אָשר איז געקומען און מיר האָבן אַלע דריי זיך גע־וואַלגערט אין דעם שמוץ אויפן טיש. דאָס האָט נישט געדויערט צו לאַנג, צופעליק בין איך געווען אין אַ שטוב צוליב געשעפט און דאָס הויז איז מיר געפעלן געוואָרן, האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און פאַרגעלייגט דער פרוי אונדז אַריינצונעמען צו זיך אויף קוואַרטיר.

דאָס איז געווען אַ מלאך פון אַ פרוי. זי איז באַשטאַנען מיט איין באַדינג: מיר זאָלן

איר צאָלן בלויז וויפל עס וועט איר קאָסטן דאָס וואָס מיר וועלן ביי איר עסן, ווייל זי וויל האָבן דאָס געפיל, אַז זי העלפט מענטשן אין אַ נויט און זי וויל טאָן אַ מצווה. איך האָב מיינע אייגענע אויערן ניט געקענט גלייבן, אַז אַזאַ זאַך קען פּאַסירן. די פרוי איז געוואָרן צו אונדז ווי אַ מאַמע. כ'בין גאָרנישט בכוח דאָס צו באַשרייבן. מיר האָבן דאָרט געלעבט אין זעלטן גוטע באַדינגונגען. דערצו האָבן מיר מצליח געווען אין אַלע אונדזערע אונטערנעמונגען, עס איז געגאַנגען בעסער און בעסער.

ווו מיר האָבן נאָר געטראָפן אַ באַקאַנטן, וואָס האָט זיך געניייטיקט אין הילף, האָבן מיר אים געהאָלפן מיט געלט און זאַכן. די באַלעבאָסטע ווידער האָט זיך געפירט, אַז אויב עס איז נאָר ווער געקומען זיך פרעגן אויף אונדז, איז ער שוין פון הויז נישט אַרויס אָן דעם, ער זאָל דאָרט אָפּעסן צו דער זעט.

אין דער דאָזיקער לאַגע האָבן מיר אָנגעהויבן טראַכטן: וואָס טוען אונדזערע נאָענטע? מיר האָבן באַקומען בריוו פון דער היים. מיט שאולן בין איך שוין געווען אין קאָנטאַקט, ער איז דעמאָלט געווען אין ווילנע. פון דער היים פלעגן זיי געבן צו וויסן, אַז עס איז דאָרט רויק און עס וואָלט געווען ראַטזאַם צו קומען אַהיים. נאָר אָשר האָט געוואָלט צוריק אַהיים. עס איז דעמאָלט געווען אַזאַ מהומה. מענטשן זענען געפאָרן און געקומען פון דאָרטן. איך האָב בשום אופן נישט געוואָלט צוריק פאָרן. עס פלעגט ביי אונדז דערגיין צו אָפּטע און ערנסטע קריגערייען אויפן דאָזיקן באַדן.

פּלוצים האָבן די דייטשן אָנגעהויבן רעגיסטרירן די אַלע, וואָס ווילן פאָרן צוריק. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ געמישטע סאָוויעטיש־דייטשע קאָמיסיע. טויזנטער זענען געגאַנגען זיך רעגיסטרירן. פאַרשטענדלעך, אַז אָשר איז געווען איינגעשפּאַרט אין זיין פּלאַן צו פאָרן אַהיים, אָבער דורך דער דאָזיקער קאָמיסיע איז קיינער נישט צוריק געפאָרן. ער האָט געזוכט פאַרשידענע וועגן, עפּעס האָט ער געהאַט אַ פאָרגעפיל, אַז אין דער ווייט דערוואַרט אים נישט קיין גוטס. ער איז טאַקע געשטאָרבן אויף פאַרשיקונג אין אַ לאַגער, ניט ווייט פון דער פינלענדישער גרענעץ.

אין די קאָשאַרן אויף פּיאָטרא־פּאַוולאַ אין לעמבערג האָט מען אונדז פאַרזאַמלט אין יוני 1940 און געזאָגט, אַז מען וועט קענען פאָרן קיין פּוילן, אָדער קיין רוסלאַנד. נאָר קלאַנגען זענען אַרומגעגאַנגען, אַז מען וועט די בעזשענצעס פאַרשיקן אין לאַגערן אין רוסלאַנד. איך, יעקב און אָשר זענען געווען צוזאַמען און געוואָלט זיין צוזאַמען, אין זעלבן לאַגער. נאָר ווי אויף להכעיס, האָט מען אונדז פונאַנדערגעטיילט אין פאַרשידענע לאַגערן, דערפאַר וואָס מיר האָבן געבעטן דעם אָפיציר פון נ.ק.וו.ד. ער האָט אונדז כלומרשט צוגעזאָגט... איך מיט יעקבן זענען אַוועק צוזאַמען און אָשרן האָט מען פאַרשיקט אין אַן אַנדערן לאַגער, ווו ער איז אומגעקומען.

אין אַ הייסן זומער־טאָג האָט מען אונדז אַלע פאַרפּאַקט אין וואַגאָנעס פון בהמות, אונטער אַ באַוואָפנטע וואַך. 60 מענטשן זענען געווען אין אַ וואַגאָן. ס'איז פשוט נישט

געווען קיין לופט צום אָטעמען. די רייזע האָט געדויערט העכער צוויי וואָכן אין די סאַמע אומדערטרעגלעכע באַדינגונגען. מען האָט אונדז געבראַכט אין אַ צענטראַלן לאַגער אין וואָלגאַ־סטראָי, פון דאָרטן האָט מען אונדז שפּעטער צעשיקט אין באַזונדערע לאַגערן, ווו מען האָט אונדז באַהאַנדלט ווי פאַרברעכער. מען האָט כסדר איינגעהאַמערט אין קאָפּ, אַז מיר דאַרפן פאַרגעסן אונדזער פאַרגאַנגענהייט און נאָר אַרבעטן וואָס מער. דער פּלאַן איז געווען צו בילדן אין דעם אָרט אַ קינסטלעכן ים, נאָך דעם ווי מען וועט דאָרט אויסהאַקן די וועלדער און פאַרגיסן די געגנט. איבער טויזנט מענטשן זענען מיר געווען פאַרשיקט קיין פּאַרסעוואַ. ווען מיר זענען אַהין אָנגעקומען, איז דער פּלאַץ געווען בלויז אַרומגעצוימט מיט שטעכיקע דראָטן. מיר, ס׳רוב פּוילישע יידן, האָבן געדאַרפט אויפשטעלן דעם לאַגער. נאָך אייניקע טעג, ווען מען האָט ווי עס איז איינגע־אָרדנט דעם לאַגער, האָט מען אָרגאַניזירט בריגאַדעס אויף צו נעמען אויסהאַקן די וועלדער. דער אַרבעטס־טאָג איז געווען 14 שעה. געאַרבעט האָט מען 7 טעג אַ וואָך.

די גרויסע צאָל אַרבעט־שעהן, דאָס פעלן פון אָפּרו און די שלעכטע דערנערונג, האָבן אַזוי אויסגעמאַטערט די אַרבעטער, אַז אין אַ קורצער צייט זענען העכער 500 פון זיי אָוועקגעשטאָרבן. איך און יעקב האָבן געהאַט מזל — מיר האָבן געאַרבעט אַלס סטאָליאַרעס און געבויט בריקן.

קנאַפּע פינף חדשים האָבן מיר דאָרט געאַרבעט. ווען דער לאַגער איז געווען פאַר־ענדיקט האָבן מיר צופוס, אין פאַרלויף פון צוויי וואָכן, דורכגעמאַכט אונדזער מאַרשרוט צוריק צום אָרט, פונוואַנען מיר זענען געקומען אַהער. די גאַנצע געגנט, וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט אויף אונדזער וועג צוריק, איז געווען פאַרזייט מיט לאַגערן פון פאַרשיקטע. יעדן אָוונט האָט מען אונדז אַריינגענומען אין איינעם פון די לאַגערן אויף איבערצו־נעכטיקן.

פון אָשרן האָב איך נישט געקענט קריגן קיין אינפאָרמאַציע. מיט מיין ברודער שאול, וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטן אין ווילנע, האָב איך זיך דורכגעשריבן. ער האָט דאָרט חתונה געהאַט און אַפילו פּלאַנירט באַזוכן מיך אין לאַגער. דערוויל איז אויסגעבראָכן די דייטשיש־רוסישע מלחמה און אַלע פּלענער זענען צעשטערט געוואָרן.

אסתר מיסעלעכעס, די פרוי ביי וועמען מיר האָבן געוווינט אין לעמבערג, פּלעגט מיר שיקן פּעקלעך אין לאַגער און דאָס האָט מיך ממש דערהאַלטן ביים לעבן.

אין יוני 1941, ווען די דייטשן זענען אָנגעפאַלן אויף רוסלאַנד, האָט מען אונדז, פּוילישע, אינגאַנצן איזאָלירט אין לאַגער און פאַרשטאַרקט אַרום אונדז די וואַך. אַ חודש שפּעטער זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז די פּוילישע גלות־רעגירונג אין לאָנדאָן, פון פּרעמיער שיקאָרסקי, האָט געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט דער סאָוויעטן־רעגירונג צו באַ־פרייען אַלע פּוילישע בירגער און בילדן אַ פּוילישע אַרמיי צו קעמפן קעגן די נאַציס. ווירקלעך, אין סעפּטעמבער פון זעלבן יאָר האָט מען אָנגעהויבן אונדז באַפרייען און אויפן

גרונט פון דאָזיקן אָפּמאַך האָט מען געגעבן די מעגלעכקייט צו פאָרן זיך אָנשליסן אין דער פּוילישער אַרמיי, אָדער באַזעצן זיך אין אַ קליינער שטאָט ערגעץ ווו אין צענטראַל־רוסלאַנד, ווייט פון אַ גרענעץ.

אויף די וועגן צום צענטראַלן פּוילישן אַרמיי־פּונקט, האָב איך זיך געטראָפן מיט מענטשן פון פאַרשידענע לאַגערן און איך האָב זיך פון זיי דערוווּסט, אַז אָשר גורפינקל איז געשטאָרבן אין קאַרעלאָ־פינסקער לאַגער און ישראליק צוקער איז אומגעקומען אין אַ צווייטן לאַגער, ניט ווייט פון וואָלגאָ־סטראַי, אויסגייענדיק פון הונגער ביי דער טיר פון קיך, ווו ער האָט געבעטן אַ שטיקל ברויט.

נאָכן באַפרייען פון די לאַגערן בין איך, צוזאַמען מיט יעקב פלאַמענבוים און מרדכי עקהאַוז פון לובלין, געווען צוזאַמען. ווען מיר זענען אָנגעקומען אין פּוילישן צענטראַלן מיליטערישן לאַגער אַרום טשקאַלאָוו, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די אָנפירער פון דער פּוילישער אַרמיי נעמען אין דער אַרמיי בלויז פּאָליאַקן — און נישט קיין יידן. זענען מיר אַוועק פון דאָרטן אין אַ שטאָט אין מיטל־אַזיע (קאָקאַנד אין אוזבעקיסטאַן). צום ערשט איז אונדז דאָרטן געווען זייער גוט, צוליב דעם וואַרעמען קלימאַט, און מיר אַלע זענען געווען אין לייכטע קליידער. ברויט איז אויך געווען גענוג, אָבער נאָך דעם ווי עס זענען אָנגעקומען מאַסן היימלאָזע, איז די לאַגע געוואָרן זייער שווער. דער הונגער איז געווען גרויס און טויזנטער זענען פּשוט געשטאָרבן פון טיפוס און הונגער. גראַד דעם דאָזיקן ווינטער (1941־1942), זענען געווען זייער שווערע שנייען און פרעסט, וואָס האָט נאָך מער פאַרערגערט די לאַגע.

יאַקובן האָט אָפּגעגליקט, ער איז אָנגעקומען אַלס אַרבעטער אין אַ שניידער־וואַרשטאָט, ווו מען האָט גענייט קליידער פאַר דער אַרמיי. דערמיט האָט ער זיך — און אויך מיך — ממש געראַטעוועט דאָס לעבן.

איך בין אָנגעקומען אַרבעטן אין אַן אונטערנעמונג, וועלכע האָט געהאַט אַן אויפגאַבע אויפצוזאַמלען די פּראָדוקטן פון די לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלכאָזן. צום ערשט האָב איך געאַרבעט אַלס פּשוטער אַרבעטער, אָבער גאַר אינגיכן בין איך דערהויבן געוואָרן צו אַ הויכן, אָנפירנדיקן פּאָסטן. דאָס האָט מיר דערמעגלעכט צו קענען אַליין איבערהאַלטן און אויך העלפן אַנדערע, נויטבאַדערפטיקע.

אין יאָר 1944 האָט מען יאַקובן געכאַפּט אין דער מיטאָג־שעה אַרויסגיין פון וואַרשטאָט מיט אייניקע קלעצלעך פּאָדעם אין קעשענע, וועלכע ער האָט פּשוט געוואָלט אָפּראַטעווען, מען זאָל זיי ביי אים נישט אַראָפּגנבענען פון דער ניימאַשין. עס האָבן נישט געהאָלפן זיינע אויפקלערונגען, ער איז באַלד אַוועקגעפירט געוואָרן אין געריכט. עס האָט אים געדראָט מינדעסטנס צוויי יאָר פאַרשיקונג אין אַן אַרבעטס־לאַגער. איך בין באַלד אַוועק צו דער ריכטערין, איר דערציילט די גאַנצע לאַגע און פּשוט אים אויסגעקויפט פון פאַרשיקונג פאַר אַ געוויסע צאָל פּראָדוקטן, וואָס איך האָב געשיקט דער

ריכטערין אַלס מתנה. יאַקובן האָב איך דערנאָך איינגעאָרדנט אַלס שאָפער אין מיין פראָדוקטן־לאַגער.

אין קאָקאַנד האָב איך זיך באַקענט מיט מיין איצטיקער פרוי, ראָזע. זי האָט גע־אַרבעט אין דער הויפט־ביוראָ פון דער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אויפגעזאַמלט די פראָ־דוקטן פון די קאָלכאָזן.

ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט, האָב איך אָנגעהויבן זוכן אָנצוקניפּן קאָנטאַקטן און דערוויסן זיך צי עס איז ווער לעבן געבליבן פון מיין משפחה און אויך, צי מיין יוגנט־געליבטע, שרהלע גורפינקל, לעבט. מיר איז געלונגען אָפּצוזוכן שאולס פרוי, מיין שוועגערין אין ווילנע, וועלכע האָט איבערגעלעבט די מלחמה אַלס פּאַרטיזאַנערין אין די וועלדער. פון איר האָב איך זיך דערוווּסט, אַז קיינער פון מיינע ליבע און נאָענטע אין היימשטעטל איז ניט געבליבן לעבן.


שאול לוינסון ז״ל
שאול לעווינסאָן ז״ל

מיין ברודער שאול איז געווען פון די ער־שטע, וואָס זענען אומגעקומען אויפן פּאָנאַר, לעבן ווילנע, ווו די נאַציס האָבן אומגעבראַכט די יידן פון ווילנע און אומגעגנט. השם ינקום דמו. מיין שוועגערין האָט מיר אויך אָנגע־געבן די גענויע דאַטע פון זיין טויט: דעם 16טן יולי 1941. די דאָזיקע דאַטע איז ביי אונדז די יאָרצייט פון דער גאַנצער אומגע־קומענער משפחה.

נאָכן אויסגעפינען די אַלע טרויעריקע פּרטים, האָבן מיר — איך און ראָזע — גע־הייראַט און צוזאַמען מיט אירע עלטערן זענען מיר אַוועק פון מיטל־אַזיע, דורך פּוילן; שפּעטער אין די די־פּי־לאַגערן אין דייטש־לאַנד. אַ דאַנק דער הילף פון אירע עלטערנס משפחה אין די פאַראייניקטע שטאַטן, זענען מיר אַלע אָנגעקומען קיין דעטראָיט, ווו מיר וווינען צוזאַמען.

די לעבנגעבליבענע צווישן אונדזערע חברים, זענען: איך, יאַקוב פלאָמענבוים, וואָס איז געבליבן וווינען אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד; משה קירשנבוים, וואָס האָט זיך אויס־באַהאַלטן ביי אַ פּוילישער משפחה און חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער. זיי וווינען איצט אין ניו־יאָרק, זי האָט זיך מגייר געווען און פירט אַ פיין יידיש פאַמיליע־לעבן.

מיין בלייבן לעבן פאַרדאַנק איך דעם פאַקט וואָס איך בין געווען קראַנק און נישט

געקענט מיטגיין מיט די נאָענטע חברים, וועלכע זענען אַוועק פריער, שפּעטער צוריק געקומען און אומגעקומען דורך די נאַציס, ימ״ש. זיי זענען: מרדכי־יונה באַרנשטיין, שאול אַכשנזי און משה שניידערמאַן.



פ. אַפּעלבוים

## מיין היימשטאָט — אַ בית־הקברות...

ווען איך האָב אין יאָר 1962 באַזוכט קוזמיר, כדי כאַפּן אַ בליק אויף דעם שטעטל ווו כ׳בין געבוירן און אויסגעוואַקסן — האָב איך מער ווי עטלעכע שעה ניט געקענט דאָרט זיין. די שטאָט לעבט און האָט אויפגעלעבט, נאָר אין מיינע אויגן האָט זי אויסגע־זען ווי אַ בית־הקברות, אָן די יידן, זייערע היימען, געשעפטן, וואַרשטאַטן, אָרגאַניזאַציעס, פּאַרטייען און אינסטיטוציעס. וויפל מחשבות זענען דעמאָלט דורכגעלאָפן אין געדאַנק וועגן דער פאַרשווונדענער יידישער קוזמיר און וואָס ס׳האָבן דורכגעלעבט מיר אַלע אין די מלחמה־יאָרן...

### אין דער באָמבאַרדירטער וואַרשע

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן בין איך געווען אין וואַרשע. איך האָב דאָרט איבערגעלעבט די שרעקלעכע באָמבאַרדירונגען במשך דעם גאַנצן חודש סעפּטעמבער. הונדערטער מענטשן זענען אומגעקומען פאַר מיינע אויגן. ביינאַכט זענען געפאַלן די באָמבעס, בייטאָג זענען געפלויגן שראַפּנעלן. מענטשן זענען געפאַלן ווי פליגן. מיר איז באַשערט געווען איבערצולעבן. איך האָב געאַרבעט אין אַן אַפּטייק אויף דער ביעלאַנסקע גאַס. יעדן טאָג בין איך געגאַנגען צו דער אַרבעט.

ראש־השנה אין דער פרי איז מיין בעל־הבית געווען אין שול, בעת איך מיט אַ מיידל זענען געווען ביי דער אַרבעט אין אַפּטייק. פּלוצלינג איז אַריינגעפאַלן אַ באָמבע. זי האָט צעשטערט די ווענט, אַלע פלעשלעך זענען צעבראָכן געוואָרן. איך בין אַרויס פון אונטער דער חורבה אָפילו אָן איין וווּנד. אויך מיין חברטע איז אַרויס אַ גאַנצע.

די דייטשן האָבן פאַרנומען וואַרשע דעם לעצטן טאָג פון סעפּטעמבער. איך בין געווען מיט די דייטשן דעם גאַנצן חודש אָקטאָבער און אַ העלפט פון נאָוועמבער. מיט יעדן טאָג איז שווערער געוואָרן דאָס לעבן. אַ מורא איז געפאַלן אויף יידן. שוין דעם 7טן סעפּטעמבער האָבן מענער אָנגעהויבן אַרויספאָרן פון וואַרשע און זיך געלאָזט

נענטער צו דער רוסישער גרענעץ. אַ סך פֿון זיי האָבן זיך טאַקע געראַטעוועט. איצט ווייסן מיר, אַז ס׳איז געווען אַ פֿעלער, וואָס מער ייִדן זענען ניט געלאָפֿן אויף מזרח.

אויף די וואַרשעווער גאַסן האָבן זיך אָנגעהויבן „לאַפּאַנקעס“, ד. ה. מען האָט פּשוט געכאַפּט מענטשן אויף די גאַסן. די ערשטע צייט — נאָר מענער. מען האָט זיי פֿאַרשיקט אויף שווערער אַרבעט. עס איז ניט געווען ווו זיך צו באַהאַלטן. די ערשטע צייט האָבן זיי געכאַפּט נאָר אויף דער גאַס, דערנאָך האָבן זיי אַרויסגעשלעפּט פֿון די שטובן.

## מיר גנבענען די גרענעץ

דעם 15טן נאָוועמבער בין איך אַרויסגעפֿאָרן מיט נאָך 4 פּערזאָן פֿון וואַרשע און זיך געלאָזט צו דער סאָוויעטישער גרענעץ נעבן ביאַליסטאָק. דייטשן זענען אַרויף אויף דער באַן זוכן ייִדן — און זיי אַראָפּגענומען צו אַרבעט. „יודע הערויס!“ — האָבן זיי געשריגן איבער די וואַגאָנען. אַ ביסל גליק איז געווען, וואָס די דייטשן האָבן ניט דערקענט קיין ייִדן, אָבער זיי האָבן געהאַט אָנווייזערס. איך האָב זיך פֿאַרשטעלט מײַן פּנים מיט אַ הוט, בין געזעסן צוזאַמען מיט מײַנע חברים און חברטעס, וועלכע זענען ניט געווען ענלעך צו ייִדן. זיי האָבן מיך פֿון וואַגאָן ניט גענומען, נאָר אַראָפּגייענדיק פֿון דער באַן — האָבן זיי מיך געכאַפּט. די פֿאַרהאַלטענע ייִדן האָט מען אויסגעשטעלט אין רייען. נעבן מיר איז געשטאַנען אַ זעלנער, אַן עסטרײַכער. די עסטרײַכער האָבן יאָ געהאָלפֿן ייִדן, ווען זיי האָבן נאָר געקענט. ער האָט זיך געמאַכט אַוועקקוקן — און דרײַ פּערזאָן איז געלונגען אַרויסצוטרעטן פֿון דער ריי, צושאַרן זיך צו אַ פּלויט און אים אַריבערשפּרונגען. אויך איך בין אַנטלאָפֿן. אויף דער אַנדערער זײַט זענען מיר שוין געווען פֿרײַ. פֿון דאָרט האָט מען געקענט צוגיין צו דער סאָוויעטישער גרענעץ.

אין ערשטן חודש פֿון קריג, אין סעפּטעמבער, איז נאָך ניט געווען גענוי פֿעסטגעשטעלט די רוסיש־דייטשע גרענעץ, דעריבער איז אין אָקטאָבער נאָך געווען לײַכט אַריבערצוגיין די גרענעץ. שפּעטער איז געוואָרן ערגער.

אין די דערפֿער נאָענט צו דער גרענעץ, האָבן די פּויערים גוט געקענט די וועגן, פֿאַר געלט פֿלעגן זיי אַריבערפֿירן די אַנטלאָפֿענע אויף דער רוסישער זײַט. ווען איך האָב געדאַרפֿט אַריבערגיין די גרענעץ, האָט מען שוין פֿון בײדע זײַטן גוט געהיטן, עס איז שווער געווען צו שמוגלען. מיר, די גרופּע ייִדן מיט וועלכע איך בין געגאַנגען, האָבן געמוזט נעכטיקן בײַ אַ פּויער. ווען ס׳איז טונקל געוואָרן, זענען אַרײַנגעקומען דײַטשע זעלנער און אונדז געהייסן ווײַזן וואָס מיר האָבן מיט זיך. זיי האָבן צוגענומען צירונג, זייגערלעך, רינגלעך. בײַ מיר האָבן זיי צוגענומען אַ פּודער־שאַכטל. קיין אַנדערע ווערטזאַכן האָב איך ניט געהאַט. בײַ מײַן חבר האָבן זיי צוגענומען אַ זייגער. זיי האָבן אונדז געהייסן אַרויסגיין פֿון דער כאַטע און מיט אַן אָנגעצילטן רעוואָלווער האָט

אַ זעלנער אונדז געפירט טיף אין וואַלד. איך בין געווען זיכער, אַז דאָ איז מיין סוף. ער אָבער האָט אונדז צוגעפירט צו דער נייטראַלער זאָנע פון דער גרענעץ און אונדז געווארנט, אַז „מער זאָל איך אייך ניט זען". איך האָב געמיינט, אַז דאָס איז אַ חלום. ווייזט אויס, ער האָט ניט געוואָלט שיסן ביי דער גרענעץ.

פון דער נייטראַלער זאָנע זענען מיר צוגעגאַנגען צו דער סאָוויעטישער גרענעץ. דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע צרה. די רוסישע גרענעץ־וואַך האָט אונדז ניט געלאָזט אַריבערגיין, בעת צוריקגיין האָבן מיר ניט געקענט. מען האָט מער ניט געהערט ווי „דאַוואַי נאַזאַד !", דאָס הייסט : „גיי צוריק". וווּ זאָל מען צוריקגיין ? מיר האָבן דעמאָלט נאָך ניט געקענט די רוסישע שפּראַך. אונדז איז שווער געווען זיי אויפצוקלערן, אַז מיר קענען ניט צוריקגיין.

ס'איז געווען אַ קאַלטע נאָוועמבער־נאַכט — אין טיפן וואַלד און אין דער פינצטער. מיר האָבן אָנגעהויבן וויינען, דער זעלנער הערט ניט אויף אונדז צושטופּן צו דער דייטשער זייט. מיר האָבן ניט געהאַט קיין אַנדערע עצה, ווי נאָר וויינען און בעטן. דעם וועג האָבן מיר ניט געקענט, צוריקגיין האָבן מיר ניט געטאָרט, האָבן מיר געזאָגט : וואָס ס'זאָל ניט זיין, קיין צוריק איז ניטאָ. דריי שעה האָט עס אַזוי געדויערט — ביז ער איז מיד געוואָרן. מעגלעך, אַז אונדזער געוויין האָט אויף אים געווירקט. אַ סברה, ער איז ניט געווען דער ערגסטער און אונדז דורכגעלאָזט.

ניט קענענדיק דעם וועג, זענען מיר געלאָפן מיט אונדזערע שווערע רוקזעק. מידע זענען מיר צוגעקומען צום וואָקזאַל, פון וועלכן עס גייט די באַן קיין ביאַליסטאָק. דאָ האָבן מיר זיך געטראָפן מיט די רעשט חברים און זענען צוזאַמען געפאָרן קיין ביאַליסטאָק. זיי האָבן אונדז דערציילט זייערע איבערלעבונגען אין דאָרף, ביי די דייטשן, אָבער די סאָוויעטישע גרענעץ זענען זיי אַריבער בשלום דורך אַ געוויסן וועג, וואָס אַ פּאָליאַק האָט זיי געוויזן.

די באַן איז געווען פול מיט יידן פון גאַנץ פּוילן, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון די דייטשע רוצחים.

**אין לוואָוו (לעמבערג)**

מיר זענען אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק און גענומען קלערן וואָס ווייטער צו טאָן. מיר באַשליסן צו פאָרן קיין לוואָוו. אַ סך בעזשענצעס (פּליטים) זענען געבליבן אין ביאַליסטאָק.

די ערשטע פּאָר וואָכן, איידער מען האָט זיך איינגעאָרדנט און געפונען אַרבעט, איז געווען זייער שלעכט. מיר זענען געשלאָפן אין איין שטוב, אויף דער פּאָדלאָגע, אין אַזאַ ענגשאַפט, אַז ס'איז ניט געווען קיין דורכגאַנג. די בעזשענצעס האָבן געקענט באַקומען

אַרבעט, אויב זיי האָבן מסכים געווען צו פאָרן טיף אין רוסלאַנד. אָבער ניט יעדער האָט געוואָלט. נאָכן אַרומגיין אַ פּאָר וואָכן אָן אַרבעט, האָבן אַ סך באַשלאָסן צוריק צו די דייטשן, אין זייערע פריערדיקע היימען. דאָס זענען געווען די ערשטע חדשים פון דער דייטשער הערשאַפט. מען האָט נאָך ניט שטאַרק געפילט דעם היטלעריזם. בעתן צוריק־גיין, זענען אַ סך פּליטים אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער סאָוויעטישער גרענעץ־וואַך און מ׳האָט זיי פאַרשיקט קיין סיביר.

אין יאַנואַר 1940 האָבן זיך באַוויזן פּלאַקאַטן אויף די גאַסן, ווו עס איז געווען גע־מאָלדן: „ווער עס וויל צוריקפאָרן אויף דער דייטשער זייט, ביטע קומען זיך פאַר־שרייבן דאָ און דאָ״. הונדערטער מענטשן האָבן זיך פאַרשריבן. אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מען זיי אַרויסגענומען פון די ערטער ווו זיי האָבן געוווינט און אַוועקגעפירט קיין סיביר. זיי איז באַשערט געווען ניצול צו ווערן פון טויט. זיי האָבן טאַקע אין סיביר ניט געהאַט קיין לייכט לעבן, ווי אַ סך האָבן מיר דערציילט, אָבער זיי האָבן צוגעגעבן: „מיר זענען דאָך לעבן געבליבן״.

מיר האָט געהאָלפן מיין פאַך און איך האָב באַקומען אַרבעט אין לוואָוו. איך האָב דאָרט געוווינט ביז 1941, ביז ס׳איז אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן די סאָוויעטן און דייטשלאַנד. איך האָב חתונה געהאַט אין לוואָוו אין יאָר 1940.

צוויי טעג נאָכן אויסברוך פון דער רוסיש־דייטשער מלחמה, איז דאָס דייטשע מילי־טער שוין געווען אין לוואָוו, אַזוי, אַז זייער ווייניק יידן האָבן געהאַט צייט צו אַנטלויפן. איך מיט מיין מאַן זענען אַנטלאָפן. מיר זענען געפאָרן אין ברענענדיקע וואַגאָנען, מיר זענען געלאָפן דורך פעלדער און וועלדער. ביינאַכט זענען מיר געשלאָפן אויף היי אין די פעלדער, בייטאָג זענען מיר געגאַנגען ווייטער.

נאָך צוויי וואָכן זענען מיר צוגעקומען צו דער אַלטער רוסישער גרענעץ. פון דאָרט זענען מיר געפאָרן קיין פּאָלטאַווע, וואָס איז ניט ווייט פון קיעוו. אין צוויי חדשים שפּע־טער זענען שוין די דייטשן געווען אויך אין קיעוו און אין פּאָלטאַווע. מיר זענען פון דאָרט ווייטער אַנטלאָפן, ביז מיר זענען געקומען קיין אוראַל. דאָרט זענען מיר געווען ביזן סוף פון דער מלחמה. איך האָב אַ ביסל געהונגערט, אַ סך איבערגעלעבט, אָבער איך האָב געהאַט דאָס גליק ניט צו קענען דאָס געטאָ און ניט די לאַגערן פון טרעבלינקע, אוישוויץ און אַנדערע.

אין רוסלאַנד האָט זיך דעמאָלט אָרגאַניזירט די פּוילישע אַרמיי פון גענ. אַנדערס. די ערשטע צייט האָבן זיי אָנגענומען אויך יידן, שפּעטער האָבן זיי געפּסלט יידן מיט פאַרשידענע תירוצים. ווען מיר האָבן זיך דערוווּסט וועגן שאַפן פון דער אַרמיי, איז געווען שפּעט. זיי האָבן אונדז ניט געוואָלט אָננעמען. מיר האָבן געהערט, אַז אַנדערס אַרמיי וועט אַרויס פון רוסלאַנד קעמפן אין דרום. זיי וועלן אָנקומען קיין ארץ־ישראל. אַזוי

איז טאַקע געווען. לײַדער, האָבן מיר ניט געהאַט דאָס גליק אָנצוקומען דעמאָלט קיין ארץ־ישראל.

## עפּעס וועגן מײַן משפּחה

ניט געקוקט דערויף וואָס מיר איז געלונגען אויסצומײַדן דאָס געטאָ, איך בין געבליבן לעבן, אָבער דאָס איז אַ קליינע טרייסט, ווײַל ווי אַ סך אַנדערע, האָב איך פֿאַרלוירן די גאַנצע משפּחה. מײַנע עלטערן זענען אומגעקומען אין קוזמיר, מײַן שוועס־טער אין וואַרשעווער געטאָ. מײַן עלטערנס פֿאַמיליע איז געווען זייער אַ גרויסע. פֿון דער מוטערס זײַט זענען געווען 8 קינדער, אייניקלעך און אוראייניקלעך. פֿון זיי בין איך געבליבן איין און איינציקע. מײַן זיידע, יעקב שעכטמאַן, שטאַמט פֿון וואָנוואָלניץ. ער איז געווען אַ צדיק, ער האָט געוואָלט זײַן אַ רב.

פֿון מײַן פֿאָטערס זײַט זענען אויך געווען 8 קינדער, נאָר צום גליק זענען דרײַ פֿון זיי געווען חלוצים און האָבן עולה געווען קיין ארץ־ישראל. אַחוץ זיי האָט זיך געראַטע־וועט נאָר איין אייניקל. אַזוי איז פֿון אונדזער גרויסע משפּחה געבליבן נאָר פֿינף פּערזאָן.

וועגן מײַנע עלטערן וויל איך צוגעבן, אַז זיי זענען געווען פּשוטע מענטשן, פֿײַנע, גוטע, באַלעבאַטישע.

אין וואַרשעווער געטאָ איז צוזאַמען מיט מײַן שוועסטער באַשע געווען טשאַרנע באַרנשטיין. מײַן שוועסטער האָט איר געהאָלפֿן אַרויסצוקריגן זיך פֿון געטאָ, אַזוי האָט זיך טשאַרנע געראַטעוועט. זי געפֿינט זיך איצט אין קאַנאַדע. זי אַליין, באַשע, האָט געהאַט אַ טיפּיש ייִדישן אויסזען, ניט געהאַט די דרייסטקייט אַרויסצוגיין פֿון געטאָ. אין געטאָ האָט זי זייער פֿיל מענטשן געהאָלפֿן. זי איז געווען אַ זייער גוטע נשמה.

## אַ בליק צוריק...

איצט וועגן קוזמיר. יעדער פֿון אונדז טראַכט וועגן קוזמיר מיט פֿיל סענטימענט. איך מיין, אַז ניט נאָר דערפֿאַר, וואָס מיר האָבן דאָרט פֿאַרבראַכט אונדזערע קינדער־יאָרן, נאָר אויך דערפֿאַר, וואָס דאָס איז געווען אַ ספּעציפֿיש שטעטל. דער נאַטור איז צו פֿאַרדאַנקען, וואָס קוזמיר איז געווען אַזוי אַנדערש און זיך אויסגעצייכנט פֿון אַנ־דערע קליינע שטעטלעך. זומער פֿלעגן קומען פֿיל „לעטניקעס" פֿון גרעסערע שטעט, זיי האָבן אַרײַנגעבראַכט אַ פֿרישן אָטעם.

אונדזער יוגנט איז געווען באַוווסטזיניק אויף דעם קולטורעלן, פּאָליטישן און געזעל־שאַפֿטלעכן געביט. די יוגנט איז געווען פֿול מיט שטרעבונג, ניט געלעבט פּוסט און ליידיק, נאָר מיטן היינטיקן טאָג. די יוגנט האָט געלעבט מיט פֿאַרשידענע אידעען, ציוניס־

טישע אָדער סאָציאַליסטישע. יעדער האָט צו עפּעס געשטרעבט, געצילט. דאָס איז זייער אַ וויכטיקע מעלה, וואָס לײַדער, קען מען עס ניט זאָגן וועגן דער הײַנטיקער יוגנט.

איך זעלבסט האָב זיך מיט דער ליכט געטראָפן, ווען איך בין אַלט געווען 6 יאָר. איך זאָג „ליכט", ווײַל דעמאָלט בין איך דאָס ערשטע מאָל געגאַנגען אין שול. דאָס איז געווען די שול פון סאָניע ווישניאַ־שענדעראָוויטש. איר שול איז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען אַ קוואַל, פון וועלכן יידישע קינדער האָבן געשעפּט וויסן און ליכט. מײַן דור און אַ ביסל עלטערער דור געדענקט גוט איר שול. זי האָט אונדז געלערנט א"ב. זי האָט אונדז געזאָגט, אַז מיר זענען יידן און מיר דאַרפן זײַן שטאָלץ דערמיט. זי האָט אונדז געלערנט די פּוילישע שפּראַך, אַפילו פראַנצויזיש. מיר האָבן זיך דאָרט געלערנט פאַרשטיין און געניסן פון טעאַטראַלער קונסט. זייער אָפט זענען אָרגאַ־ניזירט געוואָרן פאָרשטעלונגען פון די תלמידים. אין די צוואַנציקער יאָרן האָט קוזמיר ניט געהאַט קיין טעאַטער, אַפילו שפּעטער אויך ניט. מיר האָבן ניט געוווּסט וואָס ס'איז אַ קינאָ, אָבער מיר אַליין זענען געווען אַרטיסטן. צו אונדזערע פאָרשטעלונגען זענען די זאַלן געווען איבערפולט מיט פּובליקום. די גאַנצע פאַמיליע שענדעראָוויטש האָט געשאַפן דעם באָדן און די געהעריקע אַטמאָספער פאַר דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין קוזמיר. זיגמונט שענדעראָוויטש איז געווען דער גרינדער פון השומר הצעיר. פאַר דער יידישער יוגנט איז זײַן פריצײַטיקער טויט געווען אַ שווערער פאַרלוסט.

ווען איך בין אַלט געווען 7 יאָר, בין איך שוין געווען אַ שומרת, אַ זאבה („וואָלפי־כע"). מען האָט אונדז געלערנט וועגן ארץ־ישראל, יידישע געשיכטע, העברעישע לידער, גימנאַסטיק און אָפט געמאַכט אויספלוגן. דאָס וויכטיקסטע — מיר האָבן זיך דאָרט גע־לערנט ווי אַזוי צו לעבן אין געזעלשאַפט און פאַר דער געזעלשאַפט.

דער השומר הצעיר איז אין יענע צײַטן געווען זייער נוצלעך. איך אַליין, אַלס יידיש קינד האָב געליטן פון אַ מינדערווערטיקייט־קאָמפּלעקס. איך האָב דאָס שטאַרק געפילט די גאַנצע צײַט אין דער פּוילישער שול. כ'בין געווען אַ גוטע שילערין. נאָר דאָך — אַ ייד. לאַנגע יאָרן האָב איך געליטן פון דעם דאָזיקן קאָמפּלעקס, וואָס איז מיר געבליבן פון די קינדער־יאָרן.

## פון די נאָענטע געשטאַלטן

איך וויל דאָ דערמאָנען איניקע מענטשן, וועלכע זענען אומגעקומען, און מעגלעך, אַז קיינער וועט זיי ניט דערמאָנען, ווען יאָ — איז אַוודאי גוט.

איך וויל דערמאָנען מײַן גרופּן־פירערין טויבע האָניגבוים. זי איז געווען זייער איבערגעגעבן די אידעאַלן פון השומר הצעיר און זייער ערלעך אויסגעפירט אירע פליכטן. כבוד איר אָנדענק!

פון מיינע חברטעס: גאָלדע ראָזנבערג, דעם שוחטס טאָכטער. זי איז געווען אַ פּעיקע, אַן ערנסטע און האָט געהאַט אַ חוש פאַר געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. רבקה צוקער — וועגן איר וועט זיכער שרייבן איר שוועסטער חייהטשע צוקער. זי איז געווען אַ זייער אינטעליגענטע, פול מיט אידעאַלן, אין די יאָרן 41-1939 איז זי געווען אין באַראַנאָוויטש. זי איז אַוודאי דאָרט אומגעקומען.

איך וויל אויך דערמאָנען אַ ווייל מיידל, מיין שכנטע מאַניע לעדערשניידער. זי האָט איבערגעלעבט די מלחמה. אין דער לעצטער מינוט, ווען זי איז געגאַנגען קיין קוזמיר (נאָך דער באַפרייאונג), האָט זי אַ פּאָליאַק דערהרגעט. דאָס האָט מיר דער־ציילט בערל ציטרין, וועלכער איז געבליבן לעבן און ער ווייסט זייער אַ סך וועגן די יידן פון קוזמיר. איך וויל אויך דערמאָנען יולעק עלבוים. ער האָט ניט געוווינט אין קוזמיר. ער איז נאָך געווען ביי אונדז אין די יאָרן 29-1923. ער האָט אַ סך בייגעטראָגן צו דער ציוניסטישער אַרבעט אין שטעטל. ער איז געווען אַ הייסער ציוניסט און יידי־שער פּאַטריאָט. פון באַרוף — אַן אַדוואָקאַט. אין די יאָרן 41-1939 איז ער געווען אין לוואָוו. געזוכט אַ וועג ווי אַזוי צו פאָרן קיין ארץ־ישראל. ער איז אומגעקומען אין לוואָוו.

איך וויל דערמאָנען שילעק און באָלעק פייערשטיין — ביידע ווילע בחורים. שילעק איז געווען אַן אינזשיניער־עלעקטריק, באָלעק האָט שטודירט אַדוואָקאַטור. אויך זאָל דאָ דערמאָנט ווערן רחל וואָדניצקי, וועמען איך האָב זייער ליב געהאַט. זי איז געווען צווישן די לעבעדיקע. אַלע מיידלעך, וועלכע האָבן ביי איר געלערנט העפטן, געדענקען זי מסתמא. זי איז געווען זייער אַ ווילע און קלוגע.

## דער לעצטער באַזוך אין קוזמיר

איצט וויל איך צוגעבן אַ פּאָר ווערטער וועגן קוזמיר. איך בין דאָרט געווען דאָס לעצטע מאָל אין יאָר 1962, נאָר בסך־הכל — אַ פּאָר שעה, ווייל קוזמיר איז איצט פאַר מיר אַ בית־הקברות. לענגער האָב איך דאָרט ניט געקענט זיין.

קוזמיר זעט אויס זייער שיין. מען האָט איבערגעבויט דעם רינעק לויטן סטיל פון 14טן יאָרהונדערט. קוזמיר האָט גרויס דערפאָלג אַלס שטאָט פאַר טוריסטיק. יעדן זומער פאַרברענגען דאָרט אַ סך לעטניקעס. עס קומען דאָרט אויך אַ סך יידן, וועלכע זענען ניט קיין קוזמירער און האָבן ניט דאָס געפיל וואָס איך האָב דאָרט געהאַט, זעענדיק מיין חרוב געוואָרן שטעטל...



נפתלי פייערשטיין / טאָראָנטאָ, קאַנאַדע

# קוזמיר 1944

מיין גורל האָט מיך געבראַכט קיין רוסלאַנד.

דאָס לאַנד איז פאַר מיר געווען זייער פרעמד און דאָס לעבן שווער. טויזנטער פליטים האָבן זיך אַרומגעוואָלגערט און נישט געהאַט דעם קאָפּ ווו אַוועקצולייגן. די ליטווישע און רוסישע יידן האָבן זיך באַמיט צו העלפן די ביעזשענצעס, אָבער די צאָל איז געווען אַזוי גרויס, אַז זיי זענען געווען אומבאַהאָלפן. די גרעסטע טייל פליטים איז געשלאָפן אין די בתי־מדרשים, אויף ביידעמער אָדער אין קעלערן.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד, האָב איך אָנגע־הויבן וואַנדערן פון איין שטאָט צו דער אַנדערער. איך האָב אַזוי אַדורכגעוואַנדערט רוסלאַנד פון די פוילישע גרענעץ ביז מיטלאַזיע.

צוויי יאָר שפּעטער בין איך מאָביליזירט געוואָרן אין דער רוסישער אַרמיי. דאָס האָט מיר געגעבן די מעגלעכקייט זיך נוקם צו זיין אין די דייטשע רוצחים — און איך האָב זיך טאַקע גוט נוקם געווען.

אין רוסלאַנד האָבן מיר נישט געוווּסט, וואָס עס קומט פאָר אין פוילן מיט די יידן. מיר האָבן געוווּסט, אַז מען רודפט יידן, נאָר אויף אַזאַ חורבן, אַ פולשטענדיקע פאַר־ניכטונג פון יעדן ייד — דאָס האָבן מיר זיך נישט פאָרגעשטעלט.

ווען די רוסישע אַרמיי איז געגאַנגען פאָרויס, האָב איך געלעבט מיט דער האָ־פענונג, אַז איך וועל נאָך זען מיינע עלטערן און משפחה. די קאַמפן זענען געווען בי־טערע און שווערע, אָבער איך האָב שטענדיק געהאַט פאַר מיינע אויגן דעם ציל — צו זען מיינע נאָענטע.

דעם אמת זאָגנדיק, האָב איך פון לאַנג שוין געשטעלט אַן ענדפּונקט אויף מיין פאַרגאַנגענהייט אין פוילן, געוואָלט אַלץ פאַרגעסן. ווייל אויף דער ערד ווו עס האָט זיך הונדערטער יאָרן געוועבט אַ יידיש לעבן — איז אומגעקומען דער גרעסטער טייל פון אונדזער פאָלק. און ניט נאָר די דייטשן האָבן געטאָן די מאָרד־מלאכה איבער יידן. אויך

די געוויסנלאָזע פּאָליאַקן האָבן פֿאַר אַ קילאָ צוקער, אָדער אַ ליטער נאַפֿט — אויסגעלי־פערט די דייטשן רוצחים גאַנצע יידישע משפחות.

ס'איז אָבער ניט אַזוי פּשוט אויסצומעקן פֿון זכרון דאָס היימשטעטל, מיט דער ראָמאַנטיש־אידעאַליסטישער יידישער יוגנט: די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע און לאָקאַל אין רינעק; דעם בית״ר אויף דער פּלעבאַנקע; דעם השומר הצעיר אויף דער נאַד־זשעטשנע — אומעטום האָט זיך געטראָגן אונדזער פֿריילעך־יוגנטלעך קול. אומפֿאַרגעס־לעך זענען די מינוטן אין דער שול אויף לובעלסקע. ווי אַזוי קען מען דערציילן וועגן פֿאַרשידענע פֿאַרזאַמלונגען און ניט דערמאָנען דעם מאַלאַכאָווסקי־טאָל, וועלכער איז געווען אַזוי פֿאַרבינדן מיטן יידישן קולטורעלן לעבן פֿון דער יוגנט; די נעכט, ווען איך האָט געפּלעגט באַגלייטן מיין לערערין סאָניע אַ היים (וואָס פֿאַר אַ כּבֿוד איז דאָס געווען פֿאַר מיר); דעם פּענסיאָנאַט „ווישניאַ״, וואָס איז געווען אַן אינספּיראַציע פֿאַר יידישער קולטור און פֿאַרן ציוניסטישן געדאַנק, באַזונדערס פֿאַר מיר. איך האָב דאָך פֿאַרבראַכט מער פֿון מיין פֿרייער צייט ביי דער משפּחה ווישניאַ. זייער הויז איז פֿאַר מיר געווען אַ שטראַל, דאָרט האָב איך געלערנט וועגן ערלעכקייט און כּבֿוד.

*

אין 1944, ווען אונדזער דיוויזיע איז דערגאַנגען קיין לובלין, האָב איך זיך געלאָזט קיין קוזמיר, מיט דער האָפֿענונג צו טרעפֿן דאָרט ווע־מען פֿון מיין משפּחה, אָדער באַ־קאַנטע. ווי נאָר איך בין אָנגעקומען אויפֿן רינעק, האָב איך געפֿילט, ווי פֿון אונטער יעדן שטיין לויערן אויף מיר אַ סך סכּנות. ווען איך האָב אַריינגעקוקט אין דעם ברונעם אין מיטן רינעק, האָב איך געהאַט דאָס געפֿיל, אַז אויב כ'וועל אָנהייבן פּאָמפּען, וועל איך אָנשטאָט וואַסער, אַרויפֿציען... יידיש בלוט. די שנאה איז אין מיר געוואַקסן.

כ'בין געגאַנגען צו אונדזער הויז, אויף דער קלאַשטאָרנע גאַס. מיט יעדן טריט האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך הער דאָס געוויין און יללות פֿון די אומגליקלעכע קרבּנות. אין די איבערגעבליבענע הייזער זענען אַלע פֿענצטער געווען צעבראָכן, אָן שויבן.

ענדלעך האָב איך זיך געפֿונען אין הויף פֿונעם הויז, ווו איך האָב געלאָזן מיין משפּחה, פֿאַר מיין אַנטלויפֿן קיין רוסלאַנד. מיט אַמאָל איז פֿאַר מיר דערשינען באָרטאָן. איך מיין, אַז דער דאָזיקער נאָמען איז גוט באַקאַנט די אַלע, וועלכע האָבן געלעבט אין שטעטל אין דער צייט פֿון דער דייטשער אָקופּאַציע.

— אָ, הער פֿייערשטיין, ס'איז אָנגענעם צו זען, אַז ווער פֿון אונדזערע יידן איז לעבן געבליבן. וואָס די דייטשן האָבן עס געטאָן מיט אונדזערע יידעלעך. די געשיכטע וועט זיי קיין מאָל ניט מוחל זיין.

יעדעס וואָרט, וואָס איז אַרויס פֿון זיין ליגנערישן מויל, האָט אויף מיר געווירקט,

ווי מען וואָלט מיך געשניטן מיט אַ מעסער. פּלוצלינג האָב איך אַרויסגעצויגן מיין רע־וואָלווער און צו אים געזאָגט:

— אַנטלויף, ווייל איך וועל דיך דערשיסן ווי אַ הונט.

מיך האָט באַהערשט אַ כעס און ביז איצט ווייס איך ניט, ווי אַזוי כ׳האָב זיך צוריק געהאַלטן און אים ניט דערשאָסן. ער איז אַנטלאָפן.

איך בין נאָך געשטאַנען עטלעכע מינוט — און אַלץ איז מיר געווען פאַרשטענדלעך, הגם אין רוסלאַנד האָבן מיר זייער ווייניק געוווסט וואָס עס קומט פאָר אין פּוילן.

איך האָב זיך צוריקגעקערט קיין לובלין. אין אַ פּאָר טעג שפּעטער האָב איך דאָרט געטראָפן מלכה בוכבינדער מיט איר משפּחה.

זינט דעם לעצטן באַזוך אין קוזמיר, האָב איך פּיינט באַקומען איר גאַנצע געשיכטע, דענקמעלער, אירע איינוווינער, מאָלער און סקולפּטאָרן — אַלע, אַלע אָן אויסנאַם...



אהרון־אשר קליינמאַן / ראָטערדאַם, האָלאַנד

## קוזמיר 1964

אין יאָר 1918, ווען כ׳האָב חתונה געהאַט קיין דעמבלין, האָב איך פאַרלאָזט מיין געבורט־שטעטל קוזמיר און עמיגרירט קיין האָלאַנד, וווּ כ׳האָב איבערגעלעבט די שרעק־לעכע היטלער־תּקופה אין ראָטערדאַם. ערשט אין יאָר 1964, געטריבן פון אַ שטאַרקער בענקשאַפט צו דעם אָרט וווּ ס׳איז מיין וויגל געשטאַנען און וווּ כ׳האָב די קינדער־ און יוגנט־יאָרן אַדורכגעמאַכט, בין איך געפאָרן באַזוכן פּוילן און איינער פון די ערשטע וויזיטן מיינע איז געווען — קוזמיר.

דאָס שטעטל איז רעסטאַווירט, עס גייט דאָרט אָן אַ לעבן — נאָר אויפן חורבן פון דער יידישער קוזמיר. פונעם בית־המדרש, וווּ איך האָב געלערנט אין דער יוגנט, זענען פאַרבליבן בלויז די מויערן. דאַקעגן די שול, וווּ כ׳בין אייניקע יאָרן געווען בעל־קורא, איז איצט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קינאָ און קולטור־הויז. קיין זכר איז נישט גע־בליבן פון די אַנטיקן און מתנות, וועלכע די קיניגין אסתרקע זאָל האָבן געשאָנקען פאַרן בית־הכנסת.

פון דעם אַמאָליקן מקום קדוש בין איך אַוועק אויפן קוזמירער יידישן בית־הקברות, פון וועלכן די דייטשן און פּאָלאַקן האָבן בשעתו אַרויסגעריסן אַלע מצבות און מיט זיי אויסגעפּלאַסטערט די טראָטואַרן און דעם צוגאַנג צום קלויסטער, וועלכער איז תמיד געווען אַ זאַמדיק־בלאָטיקער. איך האָב טאַקע ביים קלויסטער אידענטיפיצירט אייניקע יידישע אויפשריפטן און אותיות אויף די אויסגעפּלאַסטערטע שטיינער. אויך דאָס אַלטע בית־הקברות אויף דער לובלינער גאַס, נישט ווייט פונעם בית־המדרש, מיטן אהל פון רבין ר׳ יחזקאלע זצ״ל און פון רבין ר׳ אפרים זצ״ל — איז פאַרניכטעט געוואָרן.

און ווי איז עס מעגלעך צו באַזוכן קוזמיר נאָך 46 יאָר און נישט אָנקוקן די מאַמעס שטוב, ווו מ׳איז אויפגעוואַקסן ?!... דאָס הויז איז געבליבן גאַנץ און אין דער דירה האָב איך געטראָפן פּאָלאַקן, וועלכע האָבן אין משך פון אַ סך יאָרן געוווינט אין האָלאַנד און זענען פון דאָרט אויסגעוויזן געוואָרן צוליב פּאָליטישע סיבות. טרערן זענען גע־שטאַנען אין מיינע אויגן און פון געריטקייט בין איך נישט געווען אימשטאַנד אַ סך צו ריידן, הגם די איצטיקע איינוווינער זענען געקומען פון דעם לאַנד ווו כ׳האָב געפונען מיין היים און מיר האָבן געהאַט אַ סך בשותפותדיקע זכרונות. זיצנדיק צווישן די פיר ווענט פון מיין געוועזענער היים, האָבן געוואָרן אויפגעוויכן אין זכרון אַזוי פיל דערמאָנונ־גען און דערינערונגען פון די עלטערן, משפחה און סתם קוזמירער יידן.

*

מיין מאַמע רבקה ע״ה איז געווען באַקאַנט אין קוזמיר ווי איינע פון די נשים צדקניות. מיין פאָטער יחזקאל קליינמאַן איז יונג אַוועק פון דער וועלט. ער איז אַ געוויסן פריטיק דערטרונקען געוואָרן בעתן באָדן זיך אין דער ווייסל. איך בין דעמאָלט אַלט געווען 5 יאָר. מיין מוטער איז געבליבן אַן אַלמנה מיט 3 קינדער (איך בין געווען דער עלטסטער פון זיי). אַזוי ווי מיין זיידע ר׳ לייביש קליינמאַן איז געווען פּאַדריאַטשיק פאַרן רוסישן מיליטער, האָט ער אַ סך געהאָלפן מיין מוטער מיט די קינדער. שפּעטער האָט מיין מאַמע געעפנט אַ שפּייז־געוועלב. מיר האָבן געוווינט אין הויז פון ר׳ וועוויטשע בראָמבערג.

אין די חדרים, שפּעטער אין בית־המדרש, בין איך געווען אַ גוטער תלמיד. פון 7 יאָר געלערנט גמרא מיט תוספות, אויך יורה דעה ביי די מלמדים אהרון לייביש שוחטס, מענדל אביגדורס, ישראל פייגנבוים א״אַנד. איך האָב אויך געלערנט ביי לייבעלע טעפּער ז״ל, דער זון פון ר׳ מרדכי טעפּער (אַזוי האָט מען אים גערופן, ווייל ער האָט געהאַנדלט מיט ערדענע טעפּ), הגם ער איז אויך געווען דיין אין קוזמיר.

יענעם אַוונט האָב איך זיך אויך דערמאָנט אינעם גוטן בית־המדרש־לערנער יצחק חזק ע״ה, וועלכער האָט יעדן דאָנערשטיק געלערנט מיט אונדז אַ גאַנצע נאַכט — ביז 6 פרי.

צו 10 יאָר האָב איך זיך געכאַפּט לערנען רוסיש, פּויליש, דייטש — ביי די דאַטשני־

קעס, וועלכע זענען געקומען פאַרברענגען די זומער חדשים אין קוזמיר. צווישן מיינע לע־רערס פון רוסיש און פויליש איז געווען אויך... שלום אַש. און נישט נאָר די צוויי פרעמדע שפּראַכן האָט ער מיט מיר געלערנט — אויך גמרא מיט תוספות.

אין עלטער פון 15 יאָר האָב איך גענומען וואַנדערן איבער ישיבות. איך האָב געלערנט אין דער מאַקאָווער ישיבה, אין דער לאָמזשער ישיבה, דערנאָך אין ברעסט־ליטאָווסק (ווו ראש־הישיבה איז געווען הרב דוד סאָלאָוויטשיק זצ״ל) און אין קראָקע, ווו כ׳האָב באַקו־מען סמיכה אויף שחיטות.

אין יאָר 1917 האָב איך זיך אומגעקערט קיין קוזמיר און גלייכצייטיק מיטן לערנען שיעורים מיט יוגנטלעכע אין בית־המדרש, האָב איך זיך אויך אָפּגעגעבן דער אַרבעט פון גרינדן אַ ביבליאָטעק און אויפשטעלן אַ דראַמאַטישן קרייז. אַ דאַנק די געלונגענע פאָר־שטעלונגען, האָבן מיר געקענט העלפן נויטבאַדערפטיקע יידן. איך דערמאָן טאָקע צום גוטן דעם איידעם פון הערשל באַכאַטניצער, ראַטנאָווסקי, וועלכער האָט געהאַט אַ וואַסער־מיל 3 קל״מ פון קוזמיר. ער האָט זייער אַ סך אויפגעטאָן פאַר די נויטליידנדיקע יידן, וואָס זייער צאָל האָט זיך באַזונדערס פאַרגרעסערט נאָך דעם ווי די רוסישע אַרמיי האָט אין יאָר 1916 פאַרטריבן אַלע יידן פון דער ווייסל־ליניע. ערשט ווען די עסטרייכער זענען אַריין קיין קוזמיר, האָבן די יידן זיך אומגעקערט און גענומען צוריק שטעלן זיך אויף די פיס.

*

נאָך אַ סך דערינערונגען האָבן מיך באַהערשט בעת מיין באַזוך אין קוזמיר אין יאָר 1964...



ש. ל. שניידערמאַן / ניו־יאָרק

# אויף די חורבות פון מיין היים־שטעטל

אין די טראַגישע טעג פון סעפּטעמבער 1939 האָט קוזמיר פּלוצים אויפגעטויכט אויף דער טראַגישער מאַפּע פון דעם זיך צעפאַלנדיקן פּוילישן שטאַט. אַ קאַראַוואַן פון אויטאָמאָבילן מיט מיטגלידער פון דער רעגירונג האָט אויף אַ ביינאַכטיקן אָפּרו זיך אָפּגעשטעלט אין שטעטל, וואָס ליגט אָן אַ זייט פון באַן־שליאַך. דאָס זענען די מיניסטאָרן פון סאַנאַציע־רעזשים אין בהלה אַנטלאָפן פון וואַרשע און איבער לובלין זיך געלאָזט צו דער רומענישער גרענעץ.

עטלעכע טעג שפּעטער, ווען אויף קוזמיר זענען געפאַלן די ערשטע באָמבעס פון נאַצישע עראָפּלאַנען, האָט ביים ווייסל־ברעג אין שטעטל זיך פאַרהאַלטן אַ ריזיקער גאַלאַר, וואָס איז פון קראָקע געשווומען מיט 27 קאַסטנס. אין דעם דאָזיקן טראַנספּאָרט האָט זיך געפונען דער אומשאַצבאַרער אוצר פון קעניגלעכן וואַוועל־פּאַלאַץ — די גאָלדענע קרוינען פון די פּוילישע מלכים, מיטלאַלטערלעכע גאָבעלינען און מאָלערייען און דער סימבאָל פון פּוילישער גרויסמאַכט — די שווערד פון קעניג כראָברי פון דער מעכטיקער פּיאַסט־דינאַסטיע. מיט דער דאָזיקער שווערד האָט דער אור־זיידע פון קיניג קאַזשימיעזש דעם גרויסן, אין יאָר 1018, בעת זיין זיגרייכן פאָרמאַרש צום מזרח, אַ קלאַפּ־געטאָן אין טויער פון דעראָבערטן קיעוו.

אַלע איינוווינער פון קוזמיר זענען מאָביליזירט געוואָרן צום איבערלאָדן אויף וועגענער די ריזיקע קאַסטנס מיט פּוילישע נאַציאָנאַלע הייליקייטן, ווייל דער פאַרקער אויף דער ווייסל איז שוין געהאַט פאַרשטאָפּט געוואָרן פון די איינגעפאַלענע בריקן אין פּולאַווו און דעמבלין, וואָס זענעו באָמבאַרדירט געוואָרן פון נאַצישע עראָפּלאַנען. פון קוזמיר האָט דער קאַראַוואַן דורך זייטיקע וועגן זיך דערשלאָגן צו דער רומענישער גרענעץ און פון דאָרט איז ער אָפּגעשיקט געוואָרן קיין קאַנאַדע, וואו די אוצרות זענען געוואָרן אויפגעהיטן דורך די יאָרן פון קריג.

עס איז געווען אַ זוניקער האַרבסט און די קוזמירער סעדער זענען געווען איינגעטונקען אין צייטיק־געוואָרענע פּירות. די אומגעוויינלעכע גערעטעניש איז געווען ווי אַ חוזק־צושפּיל צום אומגליק, וואָס האָט זיך אָנגערוקט אויפן שטעטל. אין די ערשטע וואָכן פון קריג האָט זיך געדאַכט, אַז די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט פאַרגעסן וועגן קוזמיר. דאָס שטעטל איז אָבער פּלוצים געוואָרן אויפגערודערט, ווען פון שכנותדיקן פּולאַוו האָט זיך דערטראָגן די ידיעה, אַז די נאַציס האָבן אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט וועגן איינשטעלן אַ געטאָ פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. דאָס איז געווען סוף אָקטאָבער 1939 — אפשר איינע פון די ערשטע פאַראָרדענונגען וועגן געטאָס אין אָקופּירטן פּוילן, לכל הפּחות אין דער לובלינער וואָיעוואָדשאַפט, וואָס האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן אין די נאַצישע מאָרד־פּלענער לגבי דער יידישער באַפעלקערונג אין פּוילן.

דער אורשפּרונגלעכער נאַצישער פּלאַן איז געווען צו פאַרוואַנדלען לובלין אין אַ יידישן רעזערוואַט, וואו עס זאָלן צונויפגעטריבן ווערן די העכער דריי מיליאָן פּוילישע יידן. אין די ראַמען פון אָט דעם געפּלאַנטן רעזערוואַט איז פּולאַוו באַשטימט געוואָרן אַלס „קרייז־הויפּטמאַנשאַפט”, אין וועלכן עס זענען איינגעשלאָסן געוואָרן דרייצן אַרומיקע שטעטלעך, קוזמיר בתוכם. די נאַציס האָבן אָבער שנעל אויפגעגעבן דעם דאָזיקן פּלאַן און די ערשטע טויט־פאַבריקן גענומען בויען טאַקע אין דער לובלינער וואָיעוואָדשאַפט — מיידאַנעק, בעלזשעץ און סאָביבאָר.

אין דעצעמבער 1939 איז פאָרגעקומען דער גירוש פון די פּולאַווער יידן, וועלכע זענען צונויפגעדרענגט געוואָרן אין די געטאָס פון די שכנותדיקע שטעטלעך — וואָנוואָלניץ, קאָנסקאָוואָליע, ריקי און אָפּאָלע. אין קוזמיר איז די פאַראָרדענונג וועגן געטאָ געקומען ערשט אין פרילינג פון יאָר 1940. עס זענען איינגעשטעלט געוואָרן צוויי געטאָס מחוץ דעם מאַרק־פּלאַץ, ווו די יידישע קראָמען און וווינונגען זענען גלייך איבערגענומען געוואָרן דורך דער קריסטלעכער באַפעלקערונג.

דער צוזאמענשטעל פון קוזמירער יודענראַט — ענלעך ווי אין אַ צאָל אַנדערע שטעט און שטעטלעך — שטרייכט דורך די פאַרשפּרייטע טעאָריע, אַז די מיטגלידער פון אַלע יודענראַטן אָן אויסנאַם, זענען געווען פאַררעטער און קאָלאַבאָראַנטן. אין קוזמיר זענען אין יודענראַט אַריין די חשובסטע און פאַראַנטוואָרטלעכסטע יידן פון עלטערן און יינגערן דור, די פירער פון אַלע פּאַרטייאישע גרופּירונגען — פון לינקע פּועלי־ציון, ביז מזרחי. דער פאָרזיצער איז געווען חיים פייערשטיין, אין ווענמענס היים עס איז געהאַנגען דער קופּערשטיך פון דער דאַנציקער בערזע מיטן פּאָרטרעט פון זיין פּאַטריאַרכאַלן עלטער־זיידן. דער סעקרעטאַר פון יודענראַט איז געווען יונה לוסטיק, אין וועמענס היים עס האָבן נאָכן חורבן זיך אַנטפּלעקט די לעצטע יידישע אותיות אין קוזמיר.

אַ יאָר נאָך דער איינשטעלונג פון געטאָ אין קוזמיר איז צו מיר דערגאַנגען דער לעצטער בריוו פון מיינע עלטערן, דאַטירט פון 20סטן מאַי, 1941. די פאַרגעלטע זייטלעך

פון דעם דיקן בייגעלע פּאַפּיר זענען פּאַרהאַרטעוועט פון דער גערדיכטער שוואַרצער טינט, מיט וועלכער דער נאַצישער צענזאָר האָט פאַרשמירט מער ווי אַ העלפט פון די שורות, וואָס מיין פאָטער האָט געשריבן מיט דראָבנינקע, קלאָרע פּוילישע אותיות.

אין דעם בריוו, וואָס איז צו מיר דערגאַנגען קיין ניו־יאָרק איבער סאַן־פראַנציסקאָ, זאָגט זיך גלייך ביים אָנהייב: „די איינציקע פרייד אין אונדזער איצטיקן לעבן איז אייער גליק". נאָך דעם דאָזיקן רמז הייבט זיך אָן דער שוואַרצער פלעק פון צענזאָר, וואָס שפּרייט זיך אויס אויף אַ האַלב זייטל, ביז די ווערטער: „מיר וווינען שוין מער נישט אין הויז פון די בראָמבערגס..." דאָ איז דער זאַץ ווידער איבערגעריסן דורך אַ שוואַרצן פלעק. דער נאַצישער צענזאָר האָט אַפּנים פאַרשמירט די מיטטיילונג פון מיין פאָטער וועגן זיין נייער היים אין געטאָ, וואָס ווערט אָבער קלאָר פון דעם צוריק־אַדרעס אויפן קאָנווערט: „אוליצאַ נאַדזשעטשנאַ". דאָס איז די גאַס לענגאויס דעם שטעטלדיקן טייכל, וווּ עס האָט זיך געפונען דער צווייטער טייל פון געטאָ. די הילצערנע כאַטקעס זענען דאָרט באַוואוינט געווען מיינסטנס פון פּאָלאַקן, וועמען מ'האָט אַוועקגעגעבן די ייִדישע הייזער אויפן מאַרק־פּלאַץ.

„אונדזער איינציקער ווונטש איז — זאָגט זיך ווייטער אין דעם בריוו — אַז מיר זאָלן זיך נאָכאַמאָל קענען זען. מיר האָפן צו גאָט, אַז די מלחמה זאָל זיך ענדיקן..." דאָ קומט ווידער אַ שוואַרצער פלעק, ביז צו די אונטערשריפטן פון מיין פאָטער, מוטער, די צוויי ברידער, זייערע פרויען און קינדער. דער אָנגעשריבענער בריוו איז געשיקט געוואָרן נישט פון קוזמיר, נאָר פון פּולאַווו, אַפּנים דורך דער פאַרמיטלונג פון אַ פּוילישן פריינד, וועלכער האָט גענומען אויף זיך די דאָזיקע ריזיקאַלישע שליחות. אויף די פּאָסט־מאַרקן מיטן איבערשריפט „גענעראַלגאָווערנעמענט" געפינט זיך די אָפּבילדונג פון קי־ניגלעכן וואַוועל־פּאַלאַץ אין קראָקע, וואָס איז דאַן געווען די רעזידענץ פון נאַצישן גענעראַל־גובערנאַטאָר, ד"ר האַנס פראַנק. עס איז אויך פאַראַן אַ סטעמפּל מיט אַ האַקנ־קרייץ אין די נעגל פון אָדלער און אַן אונטערשריפט: „געעפנט — אָבערקאָמאַנדאָ דער וועהרמאַכט".

פון די עלף מיטגלידער פון מיין משפחה אין קוזמיר, וועלכע האָבן געחתמעט דעם לעצטן בריוו פון געטאָ, איז לעבן געבליבן בלויז איינער — אַ זון פון מיין עלטסטן ברודער, נח. אין יאָר 1945, גלייך נאָך דער נאַצישער מפּלה, האָב איך דורך דער פאַר־מיטלונג פון אַן אַמעריקאַנער ייִדישן אָפיציר באַקומען אַ קורץ בריוול, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט די ווערטער: „טייערער אָנקל! דעם בריוו שרייבט דיר פיניע. איך בין דער איינציקער געראַטעוועטער פון אונדזער גאַנצער משפּחה אין קוזמיר..."

דאָס בריוול איז געקומען פון דעם נאָר וואָס געעפנטן לאַגער אין לאַנדסבערג, דייטש־לאַנד, וווּ מיין 18־יאָריקער פּלימעניק, פיניע שניידערמאַן, האָט זיך געפונען אויפן

לעצטן עטאַפּ פון זיינע וואַנדערונגען איבער געטאָס און שקלאַפן־לאַגערן, אין אַ כסדר־דיקן אַנטלויפן פון לויערנדיקן טויט.

„יעדעס מאָל, ווען עס זענען מיר אויסגעגאַנגען די כוחות — האָט זיך ווייטער גע־זאָגט אין דעם בריוו — און איך האָב שוין אַליין געבעטן אויפן טויט, האָב איך זיך דערמאָנט אין לעצטן בריוול פון מיין טאַטן, וואָס איז צו מיר דערגאַנגען קיין סקאַר־זשיסקאָ. ער האָט מיר געשריבן: „מיין קינד, האַלט זיך. איך גלויב, אַז דו וועסט איבער־לעבן, ווייל מען זאָגט, אַז די יידן, וועלכע אַרבעטן אין סקאַרזשיסקאָ, וועלן בלייבן לעבן. געדענק! אונדזער גאַנצע פאַמיליע איז אונטערגעגאַנגען, אָבער דו וועסט זיכער בלייבן. דו וועסט זיין דער איינציקער, וואָס וועט דערציילן, ווי טראַגיש מיר יידן זענען אומ־געקומען׳ ״.

ביי דער ערשטער באַגעגעניש מיט מיין פּלימעניק אין לאַנדסבערג האָט ער מיר געגעבן אַ פּעקל לאַנגע בויגנס פון אַ דייטשן בוכהאַלטעריע־בוך, באַדעקט מיט אַ דראָב־נינקן שריפט אין יידיש, אָן שום מאַרגינעס. עס איז איין ענדלאָזער זאַץ וועגן דער ענד־לאָזיקייט פון די נאַצישע פאַרברעכנס, יידישע ליידן און דער גלייכגילטיקייט פון דער גרויסער וועלט, געשריבן אין אַן אויסברוך פון ביטערניש, וואָס פּלייצט אַריבער די ברעגן פון פּאַפּיר.

עס איז אַ פּאַרמלאָזע, דערשיטערנדיקע כראָניק וועגן די פאַרשידענע שטופן פון נאַצישן גיהנום, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט, נאָך דעם ווי ער איז אַוועק פון קוזמיר, ערב דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פון געטאָ. דאָס איז געווען אין מערץ 1942, אויפן הויכ־פּונקט פון דעם ראַציאָנאַליזירטן מאַסן־מאָרד אין בעלזשעץ ווו די יידן פון קוזמיר זענען געוואָרן פאַרשיקט. ביז דאַן איז קוזמיר געווען ווי אַ פאַרגעסן אינדזעלע אויפן שטח פון די אַרומיקע שטעטלעך, פון וואַנען די יידן זענען פון לאַנג שוין געהאַט פאַר־שיקט געוואָרן צום טויט אין די שכנותדיקע לאַגערן פון מיידאַנעק און סאָביבור. נישט געקוקט אויף דער ענגשאַפט פון געטאָ, האָט מען אין קוזמיר נאָך ווי עס איז געלעבט מענטשלעך און יידן האָבן אַפילו געחוזקט פון זייער אייגענעם גורל.

ביים שילדערן די לעבנס־באַדינגונגען אין קוזמירער געטאָ האָט פיניע שניידערמאַן געניצט אַ נאַטירלעכע מעטאַפאָרע, וואָס האָט צו טאָן מיט דער קוזמירער לאַנדשאַפט, וואו נאָכן ערשטן פרילינגדיקן רעגן פלעגן די בערג באַדעקט ווערן מיט אומצאָליקע שלימאַקעס פון פאַרשידענער גרויס:

„מיר זענען געווען צוגיפגעדרענגט ווי שלימאַקעס אין זייערע מושלעס. מיר זענען אָבער ווייטער אָנגעגאַנגען מיט אונדזער נאַרישן לעבן אין די שטיבלעך פון דער נאַד־זשעטשנאַ גאַס און ווייטער געטריבן פּאָליטיק. איינער האָט געזאָגט, אַז היטלער מוז פאַרשפּילן, אַ צווייטער האָט געהאַלטן, אַז ער וועט געווינען און אַ דריטער האָט אויס־געפירט: „מיר זענען סיי ווי פאַרלוירן״. די פּעסימיסטן האָט מען נישט ליב געהאַט אין

קליינעם געטאָ און מען האָט זיי גערופן: „די שוואַרצע קראָען". אין אַ גאָר געהויבענער שטימונג איז געווען סוכער דער הויקער, וועלכער האָט זיך געווויצלט: ‚וואָס ווילט איר האָבן פון דעם היטלערן, ער איז דאָך אַ טייערער מענטש, ער האָט אויסגעגלייכט אַלע יידן. איך, סוכער הויקער, און חיים פייערשטיין, זענען גלייך... עס איז דאָך בעסער ווי פאַרן קריג. איך וואוין אין די זעלבע פּאַלאַצן, ווי אונדזערע אַריסטאָקראַטן'. אַזוי האָט מען דיסקוטירט און זיך געווויצלט אַ גאַנצן טאָג, ביז אַ יידישער פּאָליציאַנט איז געקו־מען זוכן מענטשן צו דער אַרבעט און דער עולם איז זיך צעלאָפן אין די באַהעלטענישן".

דאָס איז געווען די שטימונג צווישן די קוזמירער יידן, ערב דער ליקווידאַציע פון געטאָ. אין אַ ווײַטערדיקער פאַרצייכענונג ווערט געשילדערט די פּאַניק צווישן די יידן אין שטעטל, ווען די נאַציס האָבן אַרויסגעגעבן אַ באַפעל וועגן דער ערשטער אויסזיד־לונג:

„אין אַ שיינעם פרימאָרגן קומט ווי אַ דונער די פאַראָרדענונג וועגן אַ טראַנספּאָרט פון 500 יידן, וואָס מוז גלייך אַרויסגעשיקט ווערן קיין אָפּאָלע. דער יודענראַט מוז דורכ־פירן די איבערזידלונג מיט דער הילף פון דער יידישער פּאָליציי. דער עולם וויינט און קלאָגט און מען פּאַקט דאָס ביסל אָרעמקייט. ווי פון דער ערד וואַקסן אויס פּויערים, וועלכע באַזעצן די הייזער, און לאָזן די יידן נישט מיטנעמען קיין שום זאַכן. מען זוכט באַקאַנטע פּאָלאַקן, ביי וועמען זיך אויסצובאַהאַלטן, אָבער זיי זאָגן: די זאַכן וועלן מיר אייך אויסבאַהאַלטן, נאָר איר מוזט גיין דאָרט, ווו אַלע יידן גייען.

„מיינע עלטערן האָבן געהאַט אַ דערלויבעניש צו בלייבן, ווייל איך בין געווען באַ־שעפטיקט אין אַרבעטס־אַמט און די דריי ברירער האָבן זיך געמאָלדן אין אַרבעטס־לאַגער ביים האַקן שטיינער. דער זיידע, די באָבע, דער אָנקל שלום, זיין פרוי און קינד, האָבן אָבער געמוזט פאָרן. איך האָב פּרובירט אינטערווענירן, אָבער עס איז מיר נישט געלונגען און איך האָב באַשלאָסן מיטצופאָרן. אפשר וועל איך זיי קענען מיט עפּעס העלפן.

„אין אָפּאָלע זענען מיר באַגעגנט געוואָרן דורך רייטער־פּאָליציי מיט גראָבע שטע־קנס אין די הענט און גענומען אונטערטרייבן די לאַנגע שורה פּויערישע וועגענער, וואָס האָבן געפירט דעם מענטשן־טראַנספּאָרט צו די פריש־אויפגעשטעלטע באַראַקן. פון דער ווייטנס האָב איך באַמערקט, ווי צווי נאַציס אויף פערד שלאָגן מיט שטעקנס איבער די קעפּ פון די יידן. איך לויף צו נאָענט און באַמערק, אַז מען שלאָגט דעם זיידן. אויך איך באַקום עטלעכע קלעפּ, אָבער עס געלינגט מיר דעם זיידן אַראָפּצונעמען פון וואָגן. איך טראָג אים אַריין אין באַראַק אַריין, וואו מענער, קינדער און פרויען ליגן צונויפגעדרענגט אויף דער ערד. ער רעדט עפּעס מאָדנע רייד און איך זע, אַז עס דערנענטערט זיך זיין סוף. די באָבעשי וויינט. שלום, זיין פרוי און קינד ווינען. מיטאַמאָל האָט דער זיידע געעפנט די אויגן און צו מיר גענומען שעפטשען: ‚פיניעלע, ראַטעווע דיך אַרויס פון

דאַנען... זאָג די קינדער, אַז זיי זאָלן זאָגן נאָך מיר קדיש׳. אַזוי האָט מיין זיידע אויסגעהויכט די נשמה.

„ווען איך האָב פּרובירט אַרויס פון באַראַק, האָב איך זיך איבערצייגט, אַז די טירן זענען געשלאָסן. קיין פענצטער זענען נישט געווען און נאָך אַ באַראַטונג מיט נאָך עטלעכע יונגע בחורים, וועלכע האָבן פּונקט ווי איך באַגלייט זייערע עלטערן, האָבן מיר באַשלאָסן אונטערצוגראָבן די ערד ביי דער וואַנט פון באַראַק און זיך אַרויסצוקריגן. נאָך עטלעכע שעה גראָבן מיט די הענט האָבן מיר געמאַכט אַן עפענונג און אַרויס. קומענדיק קיין קוזמיר האָב איך דערציילט וואָס עס פּאַסירט אין אָפּאָלע, פון וואַנען אַלע יידן ווערן געשיקט קיין בעלזשעץ... די יידן, וועלכע זענען פאַרבליבן אין קוזמיר, זענען אָבער געווען זיכער, אַז מיט זיי וועט גאָרנישט געשען. דעם 30סטן מערץ איז געקומען די פאַראָרדענונג וועגן דעם לעצטן טראַנספּאָרט״.

אויף צומאָרגנס איז פאָרגעקומען דער ערב־פּסחדיקער יציאת־קוזמיר. עס איז געווען י״ג ניסן תש״ג, וואָס איז אויסגעפאַלן אין אַ דינסטיק, אין טראַדיציאָנעלן שטעטל־דיקן יאַריד־טאָג, ווען פון די אַרומיקע דערפער פלעגן פון פריען באַגינען ציען קיין קוזמיר לאַנגע רייען פּויערישע וועגענער, אָנגעהויפט מיט גרינוואַרג, פּירות, מילכיקס, עופות און קעלבער.

אין אָט דעם דינסטיק פון 31סטן מערץ 1942, זענען די פּויערישע וועגענער געקומען ליידיק, כדי אויפצולאָדענען די יידן צו זייער לעצטער נסיעה — קיין בעלזשעץ. אויפן מאַרק־פּלאַץ זענען צונויפגעטריבן געוואָרן די פאַרבליבענע יידן פון ביידע געטאָס, אַן ערך דרייהונדערט נפשות. אין זייערע טלומיקלעך האָבן די צונויפגעדרענגטע יידן געהאַט פאַרשטעקט די פריש־געבאַקענע מצות, וואָס די קהילה האָט געהאַט אויסגעטיילט אויף פּסח.

בלויז אַ קליינע גרופּקע יידן, צווישן זיי די משפּחה פון מיין עלטסטן ברודער, האָט אין לעצטן מאָמענט זיך באַוויזן אַדורכצורייסן דורך דעם פּאָליציי־קאָרדאָן, וואָס האָט אַרומגערינגלט דעם מאַרק־פּלאַץ, און אַריבער קיין יונאָווצע אויפן קעגנאיבערדיקן ווייסל־ברעג, וווּ דאָס געטאָ איז ליקווידירט געוואָרן מיט עטלעכע חדשים שפּעטער. פון דער גרופּקע איז לעבן געבליבן בלויז איינער, פּיניע שניידערמאַן, דער לעצטער פון מיין ברודערס פיר זין, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער קריעת־ווייסל פון די עטלעכע קוזמירער יידן אין דעם דאָזיקן ערב פּסח פון יאָר תש״ג. ער האָט וועגן דעם געמאַכט די קורצע פאַרצייכענונג:

„עס איז דער 31סטער מערץ. אַ טריבער פרימאָרגן. אַ לייכטער פרילינג־רעגן באַגלייט אונדז אויפן וועג. מיר קומען אָן צו דער ווייסל, אָבער עס איז אוממעגלעך זיך דורכצוקריגן — נישט צום גיין און נישט צום פאָרן... דאָס אייז קראַכט מיט אַ געהילך

פון קאַנאָנען־שאָסן. דער עולם וויינט און וויל שוין צוריקגיין. אָבער פּלוצים ווערט אַ שרעקלעכער ווינט, אַ הוראַגאַן, וואָס טראָגט אונדז ממש פאַרויס און לאָזט אונדז נישט גיין צוריק. מײַן פאָטער שרײַט אויס: ,אצבע אלהים — מיט גאָטס הילף וועלן מיר אַריבער׳. העכער צוויי שעה צײַט זענען מיר אַזוי געגאַנגען, אײַגנטלעך געשפּרונגען איבער די אײַז־קריעס, וואָס האָבן זיך געקרישלט אונטער די פיס, אָבער מיר זענען אַריבער״.

ס׳איז אָבער נישט פאַרבליבן קיין איינציקער ייִדישער עדות, וועלכער זאָל קענען דערציילן וועגן דעם ענדגילטיקן יציאת קוזמיר, ווען אויף די פויערישע וועגענער זענען אויפגעלאָדן געוואָרן בלויז די קראַנקע און זקנים, און די געזונטע מענער און פרויען זענען נאָכגעגאַנגען אין זייער אייגענער לוויה צו די גאַז־קאַמערן קיין בעלזשעץ.

בלויז פון היימישע שטעטלדיקע פאָליאַקן, וועלכע האָבן מיך דערקענט גלײַך ביי דער ערשטער באַגעגעניש, דרײַצן יאָר נאָך אָט דעם לעצטן „ייִדישן יאַריד״ אין קוזמיר, האָב איך אין פאַרשידענע וואַריאַנטן געהערט וועגן דער העלדישער האַלטונג פון שטעטל־דיקן רב, דעם וווּנדערלעכן מנגן ר׳ ישראל זילבערמינץ, וועלכער איז געווען איינגעהילט אין אַ טלית און מיט אַ ספר־תורה אין דער האַנט איז ער זינגענדיק געגאַנגען נעבן דעם ערשטן וואָגן, וואָס האָט פאַרלאָזט דעם מאַרק־פּלאַץ.

*

דורך די יאָרן פון קריג, האָב איך נישט אויפגעהערט אין חלום צוריק צו קומען אין מײַן היימשטעטל. איך האָב געוווּסט, אַז אין קוזמיר איז נישט פאַרבליבן אַפילו קיין איין ייִד, אָבער פאַר מײַנע אויגן האָט כסדר אויפגעטויכט דער מאַרק־פּלאַץ מיט די ייִדן אין די שוואַרצע קאַפּאָטעס און קיילעכדיקע היטעלעך — אויפן פאָן פון די געמויערטע הייזער, געפאַרבט אין בלוי, ווייס, אַמאַראַנט און סעלעדין.

עס האָבן פאַר מיר אויך אויפגעלעבט די מענטשלעכע פנימער פון די לייבן, הירשן, פייגל און פיש אויף דעם הויך־געוועלבטן סופיט פון דער אַלטער שול און ווי היימישע געשטאַלטן האָבן זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט אַפילו די באַרעליעף־פיגורן פון די קריסט־לעכע הייליקע אויף די פּאַלאַצלעך פון די ערשטע פוילישע פּאַטריציער אין קוזמיר. צו אַ סימבאָלישער פיגור פון דעם אומגליק, וואָס איז באַפאַלן פוילן, און ווי אַ רמז אויפן היטלער־מבול, איז אין מײַנע חלומות אויסגעוואַקסן די גיגאַנטישע פיגור פון הייליקן קריסטאָפער, אַ מין עוג מלך הבשן, וועלכער שפּאַנט דורך אַ פאַרפלייצונג מיט אַ בוים אין האַנט, אַנשטאָט אַ שטעקן. אײַן קינד טראָגט ער אויפן אַקסל און די קעפּלעך פון דריי פיצלעך קינדער קוקן אַרויס פון אַ בייטל, וואָס איז אים אָנגעהאָנגען אויפן גאַרטל. דאָס וואַסער גרייכט אים בלויז ביז צו די קנעכל און עקדישן בייסן אים די פיס.

איך בין אָבער קיין קוזמיר נישט דערפאַרן, ווען אין יאָר 1946 האָב איך אונטערגע־נומען די ערשטע נסיעה קיין פוילן. די וויסטענישן פון וואַרשעווער געטאָ, די קופּעס

אַש און שטיינער פון די אָפּגעמעקטע יידישע גאַסן אין דער חרובער פּוילישער הויפּט־שטאָט, האָבן אויפן מאָמענט פּאַרטויבט אין מיר יעדן באַגער צו זען מייך היימשטעטל. דאָך איז געקומען קעלץ, וואו אין מיטן העלן טאָג זענען צוויי־און־פערציק יידישע מענער, פרויען און קינדער דערמאָרדעט געוואָרן דורך אַ המון, וואָס איז אויפגעהעצט געוואָרן דורך דעם מיטלאַלטערלעכן בלבול וועגן ריטואַל־מאָרד, און דאָס ממש אויף צומאָרגנס נאָכן אויסלעשן די נאַצישע קרעמאַטאָריעס אין אוישוויץ, מיידאַנעק בעלזשעץ און טרעבלינקע.

## די פאַרברענטע לעגענדע

פון קעלץ האָט די פּאָגראָם־מגיפה זיך אויסגעשפרייט איבער אַנדערע שטעט און שטעטלעך אין פוילן און די איינזאַמע יידן, וועלכע האָבן נאָר וואָס זיך געהאָט אומגעקערט פון די שקלאַפן־לאַגערן, האָבן דערפילט, אַז די לעגענדע פון „פה־לין" איז געוואָרן פאַרברענט אין די קרעמאַטאָריעס און אַז פאַר יידן איז נישטאָ מער קיין „איבערנעכטיקן" אויף דער פוילישער ערד.

אין אָט די בהלה־טעג פון יציאת־פוילן האָב איך אין וואַרשע אויף דער גאַס אומגעריכט געטראָפן מיין לערערין פון די פריע יוגנט־יאָרן, סאָניאַ שענדעראָוויטש־ווישניאַ, וועלכע איז דורך אירע שילער און שילערינס גערופן געוואָרן פשוט „סאָניאַ", ווייל אַזוי האָט זי פאַרלאַנגט. די פאַמיליאַרקייט צווישן די קינדער און זייער דערציערין איז געווען בלויז אַ טייל פון די פּעדאַגאָגישע עקספּערימענטן, וואָס סאָניאַ האָט געמאַכט אין איר שולע, און דערמיט האָט זי עטלעכע דורות פון יידישן יונגוואַרג צוגעבונדן צו זיך מיט אומצערייסבאַרע פעדים פון פאַרערונג און ליבשאַפט.

סאָניאַ איז נאָר־וואָס געהאַט צוריק געקומען פון קוזמיר, נאָך איר ערשטן באַזוך זינט דער באַפרייאונג. אירע קריסטלעכע פריינד האָבן פאַרבראַכן די הענט, ווען זיי האָבן זי דערזען און זיך ביי איר געבעטן, אַז זי זאָל אַוועק פון שטעטל, איידער עס פאַלט צו די נאַכט, ווייל אין דער געגנט האָבן נאָך געבושעוועט די אונטערערדישע באַנדעס, וועלכע האָבן נישט אויפגעהערט זייער יאָגד אויף די רעשטלעך לעבנגעבליבענע יידן, הגם עס איז שוין געווען דאָס דריטע יאָר פון קאָמוניסטישן רעזשים.

סאָניאַ ווישניאַ און אירע צוויי טעכטער האָבן באַלאַנגט צו די געציילטע קוזמירער יידן, וועלכע האָבן אין ערב פסח פון יאָר 1942, בעת דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פון געטאָ, זיך געראַטעוועט קיין יונאָוועצ. דאָקעגן סאָניאָס מאַן, שמעון ווישניאַ, — דער ערשטער העברעישער לערער אין קוזמיר — איז גלייך ביים אויסברוך פון דער מלחמה אַוועק אין סאָוויעטיש־אָקופּירטן טייל פון פוילן, אויף דער צווייטער זייט פון בוג, און האָט אַ צייט געלעבט אין קאָוועל. נאָך דעם נאַצישן איבערפאַל אויף סאָוויעט־רוסלאַנד,

האָט ער געטיילט דעם גורל פון טויזנטער אַנדערע פּוילישע יידן, וועלכע זענען ביים אַנטלויפן אומגעקומען.

סאָניאַ ווישניאַ האָט מיר דערציילט: די עפּאָפּייע פון אירע וואַנדערונגען איבער שטעט און שטעטלעך, ביז זי האָט זיך דערשלאָגן קיין וואַרשע, ווו פּוילישע פריינד האָבן פאַר איר געפונען אַ באַשעפטיקונג אַלס קעכין, און שפּעטער ווי אַ פּריוואַטע לערערין אין אַ דאָרף הינטער קעלץ, ווו זי איז פאַרבליבן ביז דער באַפרייאונג. אויך די עלטסטע טאָכטער, מיטאַ, האָט געפונען אַ באַהעלטעניש ביי פּוילישע פריינד אין וואַרשע, און די יינגסטע, רינאַ, איז אַריינגענומען געוואָרן אין אַ קלויסטער. ענלעך ווי הונדערטער אַנדערע יידישע קינדער, האָט רינאַ, נאָך דער באַפרייאונג, נישט געוואָלט זיך שיידן מיט אירע קריסטלעכע פריינד.

מיד און צעבראָכן פון די דערשיטערנדיקע איבערלעבונגען דורך די פינף יאָר פון דער נאַצישער אָקופּאַציע, האָט סאָניאַ נישט געפילט זיך מער בכוח אַנצוהייבן זוכן אַ מקום־מנוחה מחוץ פוילן, אָבער דער פּאָגראָם אין קעלץ האָט דורכגעשטראָכן אירע וואַקלעניש און צוזאַמען מיט דער יינגערער טאָכטער, האָט זי געשוואַרצט די גרענעץ קיין עסטרייך און פון דאָרט מיט דער אומלעגאַלער עליה אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל. אין לעצטן אָונט, איידער זי איז אַוועק צום טרעפפּונקט פון דער „בריחה" אין וואַרשע, האָט סאָניאַ, אין אַ טאָן פון געצוימטער ביטערניש, מיר געזאָגט:

„פאַר מיר האָט דאָס קאַפּיטל קוזמיר זיך געענדיקט, נאָך דעם ווי מיינע תלמידים, זלמן אַשכנזי און שמואל גאָלדפאַרב, זענען דערמאָרדעט געוואָרן, ווען זיי האָבן זיך אומגעקערט פון זייערע באַהעלטענישן. אויב דאָס האָט געקענט געשען אין אונדזער שטעטל, דאַן איז נישטאָ מער קיין שום האָפענונג פאַר יידן אין פוילן".

איך האָב אין קעלץ געהאַט געזען די צעשטיקלטע גופים פון די יידישע קרבנות און אין געריכט־זאַל זיך געטראָפן פנים־אל־פנים מיט די מערדער, וועמענס בליקן זענען כסדר געווען געווענדט צו זייערע מאָרד־אינסטרומענטן — די אייזנס און העק, וואָס זענען געלעגן אויפן ריכטער־טיש, ווי פאַקטישע באַווייזן. דאָך האָב איך דאָס בילד פון אַ האַק, וואָס פאַלט אויפן קאָפּ פון אַ ייד, בשום־אופן נישט געקענט צונויפבינדן מיט מיין היימשטעטל, ווו במשך פון יאָרהונדערטער האָבן יידן אַ־טיר־אין־אַ־טיר אַזוי פרידלעך געלעבט מיט זייערע פּוילישע שכנים.

ביים געזעגענען זיך האָט סאָניאַ מיך געוואָרנט, אַז איך זאָל נישט וואַגן צו פאָרן קיין קוזמיר, אָבער אין איין אָטעם האָט זי צוגעגעבן, אַז אויב איך וועל דאָך ווען עס איז זיך אַמאָל אין קוזמיר, זאָל איך פאָטאָגראַפירן דעם מאָנומענט אויפן געמויערטן קבר פון איר משפחה, ווו עס זענען געקומען צו קבורה אירע עלטערן און דער יינגערער ברודער, זיגמונט שענדעראָוויטש.

„דאָס איז די איינציקע מצבה — האָט סאָניאַ געזאָגט — וואָס איז פאַרבליבן אויפן

נייעם בית־עלמין. דער ריזיקער שטיין איז געווען צו שווער אַוועקצוטראָגן. דאָס אַלטע בית־עלמין איז בכלל געוואָרן אָפּגעמעקט און פון דער שול זענען פאַרבליבן בלויז די נאַקעטע מויערן.

## פון דער ווייסל ביז דעם מאַנזאַנאַרעס

צוויי טעג שפּעטער נאָך דער באַגעגעניש מיט מיין לערערין, האָט אין האָטעל „פּאָלאָניאַ" — דאָן דער איינציקער האָטעל אין חרובן וואַרשע — זיך געמאָלדן צו מיר אַ יונגע, מיטלוווּקסיקע פרוי מיט בלאָנד־געפאַרבטע האָר און אַ פאַרהאָרטעוועט געזיכט. איר פּוילישער נאָמען איז מיר געווען אומבאַקאַנט. ווי נאָר אָבער זי האָט אָנגערופן איר אמתדיקן נאָמען, האָבן זיך פלוצים געביטן די שטריכן פון איר געזיכט און איך האָב אין איר דערקענט מיין געוועזענע שול־חברטע רייזל לעווין.

איך האָב זי שוין נישט געהאַט געזען אַן ערך פופצן יאָר. עס זענען אָבער צו מיר דערגאַנגען אָפּקלאַנגען וועגן איר קאָמוניסטישער טעטיקייט און וועגן דער ראָל, וואָס זי האָט געשפּילט ביים אָרגאַניזירן אַ שטרייק אין דער ביר־ברויעריי אין דאָרף ראַגווו, הינטער קוזמיר, וואָס איז געווען באַקאַנט, ווי די „רויטע נעסט" פון דער געגנט. דעמאָלט איז זי טאַקע געוואָרן אַרעסטירט און פאַרמשפּט אויף עטלעכע יאָר תפיסה.

דעם לעצטן גרוס וועגן איר האָב איך אָפּגענומען אויף אַ פראָנט־אָפּשניט אין רעפּובּ־ליקאַנישן שפּאַניע, בעת אַן אומגעריכטער באַגעגעניש מיט איר עלטערן ברודער, משה לעווין, אַ פרייוויליקער פון פּוילישן דאָמבראָווסקי־באַטאַליאָן אין דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע. דאָס איז געווען אין דעצעמבער 1937, אין באַלאַגערטן מאַדריד. די בערג אַרום דעם מאַנזאַנאַרעס־טייך זענען געווען באַדעקט מיט שניי — אַ ווינטער־פּייזאַזש ענלעך צו אונדזער היימשטעטל ביי דער ווייסל.

ווען איך האָב רייזל לעווין דערציילט וועגן מיין באַגעגעניש מיט איר ברודער, וועלכער איז עטלעכע טעג שפּעטער געפאַלן, האָט זי צוגעלייגט דאָס טיכל צו די אויגן און פאַרבייסנדיק די ליפּן געשעפּטשעט: „נישטאָ מער קיין טרערן!". נאָך אַ קורצער פּויזע האָט זי ממש אויסגעשריען:

„איך וויל אַרויס פון דאַנען, העלף מיר! איך וויל אָבער נישט גנבענען די גרענעץ. איך וויל נישט אַנטלויפן פון פּוילן אומלעגאַל!".

ווען איך האָב זי געפרעגט וועגן קוזמיר, האָט זי קודם־כל מיך געוואָרנט, אַז איך זאָל נישט וואַגן צו פאָרן אַהין, און דאַן מיט ביטערניש, אָן שום סדר, מיר דערציילט וועגן אירע איבערלעבונגען בעת דער אָקופּאַציע. אין דאָרף ראַגווו, אַן ערך פינף מייל פון קוזמיר, ווו זי האָט במשך פון יאָרן אָרגאַניזירט קאָמוניסטישע קעמערלעך אין די דאָרטיקע פּריצישע הייף, האָט זי קוים געפונען אַ באַהעלטעניש פאַר זיך אַליין, אָבער

נישט פאַר איר משפחה. אין צווייטן יאָר פון דער אָקופּאַציע האָט זי אויך געמוזט פאַר־לאָזן דאָס דאָרף, ווייל דער פויער, וואָס האָט זי אויסבאַהאַלטן, האָט באַקומען אַ וואָרע־נונג, אַז ער זאָל פּטור ווערן פון זיין יידישקע.

דורך דער צייט וואָס זי האָט זיך געפונען אין דאָרף, האָט זי פון איר באַהעלטעניש אָבסערווירט, ווי טאָג־איין טאָג־אויס קומען די פויערים מיט וועגענער, פול געפּאַקט מיט האָב־און־גוטס פון די אַרומיקע יידישע שטעטלעך.

„איך בין צוריק געקומען קיין קוזמיר — האָט זי ווייטער דערציילט — און שוין דאָרט געטראָפן צוויי געטאָס — אין דער באָד־גאַס און אויף דער נאַדזשעטשנע גאַס. מיין פאָטער האָט שוין נישט געלעבט. צוזאַמען מיט צענדליקער אַנדערע יידן איז ער געוואָרן דערמאָרדעט אין טאָג, ווען מ'האָט די יידישע באַפעלקערונג אַריינגעטריבן אין געטאָ אַריין. מיין מוטער און די דריי יינגערע ברידער האָב איך געטראָפן אין אַ שטוב, וואָס זיי האָבן געטיילט מיט נאָך צוויי משפחות. פאַר מיר איז שוין דאָרט נישט געווען קיין פּלאַץ און איך בין אַוועק קיין וואַרשע צו אַ פּוילישן חבר, וועלכער איז צוזאַמען מיט מיר אַמאָל געהאַט אַרעסטירט געוואָרן בעת אַ שטרייק".

ווי אין טראַנס האָט זי ווייטער גענומען דערציילן וועגן אירע פּלאָגענישן ביים אויס־באַהאַלטן זיך, וועגן איר אָנטייל אין אַלגעמיינעם וואַרשעווער אויפשטאַנד פון יאָר 1944, און דאַן ווידער באַהעלטענישן אין חורבות, אין קעלערן — ביז דער באַפרייאונג.

„קיין קוזמיר בין איך מער נישט צוריק געפאָרן" — האָט זי אונטערגעשטראָכן און דאַן כמעט אין אַ באַפעלערישן טאָן איבערגעחזרט איר וואָרענונג: „זאָלסט נישט וואַגן צו פאָרן אַהין. די גאַנצע געגנט איז פול מיט אונטערערדישע באַנדעס".

### אַ געשפּענסטיקע נסיעה

נישט געקוקט אָבער אויף אַלע וואָרענונגען, האָב איך דאָך זיך געלאָזט אין וועג אַריין קיין קוזמיר. עס איז געווען מיין ערשטע נסיעה מיט דער באַן אין נאָכמלחמהדיקן פּוילן. די היימישע נעמען פון די באַן־סטאַציעס, ווו דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָבן געוועקט רעמיניסצענצן וועגן די צייטן, ווען די וואָקזאַלן אויף די אָפּשטעל־פּונקטן ווי אָטוואָצק און דעמבלין האָבן געווימלט מיט פאַרהאָוועטע יידן, וועלכע זענען אַרויף און אַראָפּ פון די באַנען מיט זייערע פּעקלעך. אָבער אין אָט דעם שפּעטן זומער פון יאָר 1946 זענען די וואָקזאַלן געווען פּוסט. די פאַרוואָרלאָזטע, אָפּגעריבענע וואַגאָנען זענען געווען האַלב־ליידיק און צווישן די געציילטע פּאַסאַזשירן האָב איך אומזיסט געזוכט אַ יידיש פּנים.

אויף דער סטאַציע גאָלאָמב איז אין מיין וואַגאָן איינגעשטיגן אַ פּאַטראָל פון דריי באַוואָפנטע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן גענומען קאָנטראָלירן די דאָקומענטן פון די פּאַסאַ־

זשירן. ווען זיי זענען אַרויס, האָט דער קאָנדוקטאָר, וועלכער האָט זינט אַ לענגערע ווײַלע געהאַט פֿאַרפֿירט מיט מיר אַ שמועס, אָפּגעאָטעמט מיט אַ הויכן זיפֿץ און שעפּ־טשענדיק מיר געזאָגט, אַז אין דער לעצטער צײַט האָט שוין נישט איינמאָל געטראָפֿן, אַז אויף אָט דעם וועג פֿון וואַרשע קיין לובלין, זאָלן אַזעלכע קאָנטראַליִעס דורכגעפֿירט ווערן דורך די „מענטשן פֿון וואַלד".

אַזוי האָט ער באַצייכנט די אונטערערדישע באַוואָפֿנטע באַנדעס, וועלכע האָבן גע־טראָגן די זעלבע מונדירן, ווי די נײַע פּוילישע אַרמיי. דערבײַ האָט דער קאָנדוקטאָר מיר דערציילט, אַז בעת אַזעלכע „קאָנטראָליִעס", האָבן זיי נישט איינמאָל מיטגענומען מיט זיך פּאַסאַזשירן, וואָס האָבן געהאַט דאָקומענטן פֿון באַאַמטע, און יידן, אָן אונטערשיד וואָס ס'איז געווען זייער באַרוף.

און אָט האָט דער סאָפּענדיקער צוג זיך אָפּגעשטעלט אין פּולאַווו, די לעצטע באַן־סטאַציע אויפֿן וועג קיין קוזמיר. עס האָט זיך פֿאַר מיר אַנטפּלעקט דער היימישער, ברוין־ציגלדיקער, הילצערנער בנין פֿון וואָקזאַל, געדיכט באַוואַקסן מיט פֿויזנדיקן ווילד־ווײַן, וועמענס בלעטלעך האָבן אין אָט דעם סוף־אויגוסט זיך שוין גענומען רויטלען, ווי אַן אָנזאָג אויפֿן נאָענטן האַרבסט. אויף די פּאַראַפּעטן פֿון די פֿענצטער אויפֿן אויבערשטן גאָרן זענען, פּונקט ווי אַמאָל, געשטאַנען קעסטלעך מיט פּילפּאַרביקע נאַסטורציעס. אויפֿן שפּיץ פֿון דאַך האָט זיך נאָך געפּוכען דער טויבנשלאַק, אַרום וועלכן עס האָבן זיך באַוועגט וואָרקענדיקע טויבן, געגוי ווי אין מײַנע פֿריִע יוגנט־יאָרן, ווען איך האָבן פֿון דאַנען געמאַכט די ערשטע באַן־נסיעה אין מײַן לעבן — קיין לובלין. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דער אײַנגעבויגענער, אַלטיטשקער סטאַציע־מייסטער אויפֿן פּעראָן איז דער זעלבער און אַז בלויז זײַן רויט היטל איז געוואָרן אָפּגעבליאַקעוועט.

צוזאַמען מיט מיר זענען אויף דער סטאַציע אַראָפּ בלויז נאָך צווײ פֿרויען. עס איז אָבער קיינער נישט אײַנגעשטיגן. מיט האַרצקלאַפּעניש האָב איך געקוקט אויף די אָפּגע־שיילטע ווענט פֿון וואָקזאַל, וואָס איז פֿאַר מיר אַמאָל געווען דאָס אויסגעחלומטע טויער צו דער גרויסער וועלט. אין רעסטאָראַן־זאַל איז נישט געווען קיין לעבעדיק נפֿש. הינ־טערן בופֿעט איז געזעסן אַן עלטערע פֿרוי אין אַ פֿאַרפֿלעקטן ווײַסן קיטל און פֿון די מאכלים אָפּגעטריבן די זלידנע פֿליגן. ווען איך האָב זי געפֿרעגט, ווי לאַנג זי אַרבעט דאָ, האָט זי אַ ווײַלע זיך פֿאַרטראַכט און געענטפֿערט: „אַרום דרײַסיק יאָר..." זי האָט מיר אויך באַשטעטיקט, אַז דער סטאַציע־מייסטער איז דער זעלבער ווי אַמאָל.

„און די פֿאַרטרעטן אויף די ווענט זענען אויך די זעלבע?" — האָב איך געפֿרעגט מיט געמאַכטער נאַיִווקייט.

דאָס גרוי־צעקנייטשטע פּנים פֿון דער עלטערער פֿרוי האָט זיך צעשמייכלט און זי האָט אויסגערופֿן: „אָ, ניין..."

אויפֿן אָרט פֿון מאַרשאַל רידז־שמיגלי איז געהאַנגען דער פּאָטרעט פֿון מאַרשאַל

ראַלאַ־זשימיערסקי און אויפן אָרט פון פּרעזידענט מאָשטשיצקי איז געהאָנגען דער פּאָרטרעט פון פּרעזידענט באָלעסלאַוו ביערוט.

דער הויף אויף דער צווייטער זייט פון וואָקזאַל איז געווען פּוסט. אַמאָל זענען דאָ געשטאַנען די קאָטשן, אָדער דראָזשקעס פון די יידישע באַלעגאָלעס, וועלכע פלעגן כאַפּן די פּעקלעך פון די אָנגעקומענע פּאַסאַזשירן. איצט איז דאָ געשטאַנען בלויז איין „טאַקסי"; אַ צעטרייסלטע סאָוויעטישע „פּאָביעדאַ". דער שאָפער, אַ יונגער קרעפּטיקער פּאָלאַק, איז נישט געווען צו ענטוזיאַסטיש פון מיין אָנבאָט צו פאָרן מיט מיר קיין קוזמיר אויף עטלעכע שעה און מיך צוריק ברענגען צום פּאַרנאַכטיקן צוג קיין וואַרשע. ווען איך האָב צוגעשטימט צו זיין פּרייז, האָט ער געוואָרנט, אַז עס איז נישט זיכער, צי ער וועט קענען אַריינפאָרן קיין קוזמיר, ווייל אין די לעצטע טעג זענען דאָרט פּאָרגעקומען אומרוען.

איך האָב זיך געזעצט לעבן אים אין פראָנט און דער אויטאָמאָביל האָט זיך אַ טראָג געטאָן איבער דעם צעלעכערטן שאָסיי, וואָס איז מיר געווען אַזוי היימיש, מיט די קרעטשמעס און קירכעס, וואָס האָבן אויפגעטויכט ביים אַריינפאָר פון יעדן דאָרף. עס האָט זיך דאָ נישט געזען קיין שפּור פון נאַצישן מבול, וואָס האָט געבושעוועט אויף דער דאָזיקער ערד. איבער די נידעריקע כאַטקעס מיט די שטרויענע דעכער באַוואַקסן מיט גרינעם מאָך, האָבן זיך אַרויסגעהויבן פריש־געמויערטע הייזער, וואָס האָבן עדות געזאָגט וועגן דעם וואַקסנדיקן ווילשטאַנד פון די פּויערים.

נאָך דעם דאָרף וואָלאָסטאָוויצע האָט אויף רעכטס זיך אַנטפּלעקט דער ברייטער אויסגוס פון דער ווייסל מיט זאַמדיקע ליאַכעס און פון לינקס האָט זיך געצויגן אַ קייט פון לייכט־צעכוואַליקטע באַרג־שיפּועים מיט סעדער, וואָס זענען געווען איינגעטונקען אין צייטיקע פּירות — רויטע עפּל, גאָלדיקע באַרנעס און בלויע פלוימען.

און אָט האָט דער שאָסיי זיך אַריינגעשלענגלט אין אַן אַלייע פון ריזיקע טאָפּאָלן מיט וואָרצלדיקע אָנוווקסן, וואָס האָבן עדות געזאָגט וועגן דער טיפער זקנה פון די דאָזיקע אומגעוויינלעך־דיקע, הויכעביימער. זייערע ברייט־צעצווייגטע, געדיכט־באַבלעטערטע קרוינען־קעפּ האָבן פאַרשאָטנט דעם וועג און אין אָט דעם הייסן אויגוסט־טאָג אָנגעיאָגט אַ מחיהדיקע קילקייט.

### ושמה לא תעבור...

אין באָכאָטניצע זענען מיר ביי דער בריק אָפּגעשטעלט געוואָרן דורך אַ מיליטערישן פּאָסטן, וואָס האָט קאָנטראָלירט אונדזערע דאָקומענטן און נישט געלאָזט ווייטער פאָרן. אויף ביידע זייטן פון פלוס זענען געווען צעשלאָגן גרינע מיליטערישע געצעלטן און עס האָבן זיך אויך געזען פאַרקאַמופלאַזשירטע נעסטן פון מאַשין־געווער. אין אָנהייב האָט דער אָפיציר נישט געענטפערט אויף מיין פראַגע, וואָס אַזעלכעס עס האָט פּאַסירט. ערשט נאָך דעם, ווי איך האָב אים אויפגעקלערט דעם ציל פון מיין נסיעה, איז ער געוואָרן מער

באַרעדעוודיק און מיר דערציילט, אַז קוזמיר געפינט זיך אין אַ באַלאַגערונגס־צושטאַנד, ווייל אין דער פאַרגאַנגענער נאַכט איז אין שטעטל פאַרגעקומען אַ צוזאַמענשטויס מיט אַ באַוואָפנטער באַנדע, וואָס האָט זיך פאַרשטעקט אין דעם אָרטיקן קלויסטער.

די ווערטער פון דעם אָפיציר האָבן מיר געקלונגען אויסטערליש אויפן פאָן פון דער דאָרפישער אידיליע. אין דער לופט האָט אָפּגעהילכט דער געברום פון וואַסערפאַל ביי דער מיל, קוים עטלעכע צענדליק שריט אויף דער צווייטער זייט פון דער אָפּגעצוימטער בריק. דאָס איז געווען די מיל פון יחזקאל פריד, וועמענס פאַרצווייגטע משפחה האָט געטיילט דאָס גרויסע, רחבותדיקע הויז, וואָס איז געוואָרן צוגעבויט נאָך יעדער חתונה און געבורט.

ווי ווייט מיין אויג האָט געגרייכט, האָב איך געקענט קלאָר זען, אַז די בנינים פון אַמאָליקן פריצישן הויף פון די פרידס זענען נישט געוואָרן אָנגערירט. דאָס הילצערנע ראָד פון דער מיל איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך און איך האָב געהאַט דאָס געפיל, גלייך ווי די צייט וואָלט דאָ פאַרגליווערט געוואָרן. אומפאַרענדערט האָט מיר אויך אויסגעזען די ווייסע חורבה פון אסתרקעס פאַלאַץ אויפן באַרג, וואָס האָט דאָמינירט דאָס דאָרף. די מויערן מיט די אַרקאַדן־אַרטיקע פענצטער־עפענונגען און די מאַסיווע סקאַרפּן, אַרום וועלכע עס האָבן זיך געקרייזלט געדיכט־אָנגעוואַקסענע קוסטעס און אומקרויט, האָבן געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ קרוין אויף אַ קאָפּ מיט ווילד־צעפּאַטלטע האָר.

די קיניגלעכע חורבה, די מיל, און קוים דריי מייל ווייטער — מיין היימשטעטל, וואָס איך האָב אַזוי געגאַרט צו זען, האָבן זיך געפונען אויף דער אַנדערער זייט פון באַכאַטני־צער „ירדן", וועמענס אָפּגעצוימטע בריק האָט אין מיין זכרון אויפגעפרישט די ווערטער פון חומש, וואָס מיר פלעגן אין חדר אינטאָנירן מיט אַזוי פיל טרויער: „ושמה לא תעבור"...

## קוזמיר — אָן יידן

ערשט צען יאָר שפּעטער, אין דעצעמבער 1955, בין איך ענדלעך דערפאָרן קיין קוזמיר. עס איז געווען ביים סוף פון פּאָליציי־רעזשים, ערב די שטורמישע געשעענישן אין פּויזן, וואָס האָבן דערפירט צו דער בלוטלאָזער אָקטאָבער־איבערקערעניש. די שטי־מונגען פון רעוואָלט זענען שוין געהאַט געקומען צום אויסדרוק אין די ווערק פון די פירנדיקע פּוילישע פּאָעטן בראש מיט אַדאַם וואַזשיק, אין וועמענס „פּאָעמע פאַר דער־וואַקסענע" עס זענען מיט אַזאַ קראַפט דעמאַסקירט געוואָרן די פאַלשקייטן און פאַר־ברעכנס פון סטאַליניזם. ווי וואַזשיק האָט מיר דערציילט, האָט ער די דאָזיקע פּאָעמע געשריבן אין קוזמיר, אין זומער פון יאָר 1955.

מיין נסיעה קיין קוזמיר האָב איך דאָס מאָל אונטערגענומען מיט אַן אויטאָמאָביל, וואָס האָט מיך פון וואַרשע געפירט איבער אָפּגעמעקטע יידישע ישובים — אָטוואָצק,

גאַרוואָלין, ריקי, קאָרעוו און פולאַוו, ווו איך האָב קוים געקענט געפינען וועלכן עס איז שפור פון ייִדישן לעבן. עס איז געווען אַ פּראָסטיק־זוניקער טאָג און דער טרוקענער שניי האָט געסקריפּעט אונטער די פיס. דער מאַרק־פּלאַץ איז געווען פּוסט, בלויז דאָ און דאָרט האָבן זיך געזען איינצלנע פאַרבייגייער, וועמענס שאָטנס האָבן זיך אָפּגעשלאָגן אויפן שניי.

מיטן ערשטן בליק אויף די צוריק־אויפגעבויטע, פריש־פּאָליכראָמירטע פאַסאַדעס פון די היסטאָרישע הייזער אויפן מאַרק־פּלאַץ, איז אויסגערינען מיין חלום וועגן קוזמיר. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז איך געפין זיך אין אָנבליק פון אַ גיפּסענעם מאָדעל פון אַמאָליקן שטעטל, הגם די געוועלבונגען פון די געמויערטע הייזער און די שווערע באַלקנס פון די הילצערנע בנינים זענען געווען רעאַל. אומרעאַל איז אָבער געווען די אָפּוועזנהייט פון ייִדן, וועמענס געשטאַלטן און פּנימער האָבן אַזוי לעבעדיק פאַר מיר אויפגעטויכט אין די טירן און פענצטער פון יעדן הויז. אויך די פאַסאַדע פון דער „דאַנ־ציקער קאַמיעניצע”, ווו מיינע עלטערן האָבן געלעבט, איז שוין געווען רעסטאַווירט, אָבער די דירות נאָך נישט פאַרענדיקט. דאָס האָט מיר פאַרשפּאָרט דעם נסיון פון טרעפן זיך פּנים־אל־פּנים מיט די מענטשן, וועלכע האָבן פאַרנומען די שטוב, אין וועלכער איך בין געבוירן געוואָרן און פון וואַנען מיינע עלטערן זענען אַריינגעטריבן געוואָרן אין געטאָ.

אויך די אַלטע שול איז שוין געווען צוריק אויפגעבויט מיט אַלע אַרכיטעקטאָנישע איינצלהייטן, איינגעשלאָסן דעם שינדל־דאַך אין צוויי קאָנדיגנאַציעס, ווי אַ היטל אויף אַ יאַרמולקע. אָבער ביים אַריינגאַנג צום אַמאָליקן פּאָליש, ווו עס פלעגט הענגען דער געכתיבהטער לוח פון דער וואָך, איז געהאָנגען אַ פּלאַקאַט, וואָס האָט אָנגעזאָגט, אַז היינטיקן זונטיק ווערט געשפּילט דער ענגלישער פילם „מאַריאַ סטואַרט”.

דער ערשטער פאַרבייגייער, וואָס האָט מיך דערקענט, איז געווען דער אַמאָליקער שטעטלדיקער „סאָלטיס” יאַן פּיסולאַ, אין אַ פאַרלאַטעט פּעלצל און אַן אויסגעקראָכן פוטערנעם היטל, וואָס האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט די גרויע שטעכלקעס פון זיין נישט־ראַזירטן פּנים. ער האָט מיך באַגריסט מיט אַ ייִדישן שלום־עליכם און מיך גלייך גע־פרעגט, צי עמיץ פון מיין משפּחה איז געבליבן לעבן. דערביי האָט ער מיר דערציילט, אַז ער האָט געזען מיין פאָטער אין טאָג, ווען ער איז געוואָרן אַרויסגעשיקט פון געטאָ.

פּיסולאַ, וועלכער האָט געהאַט די „חזקה” אויפן חמץ אין שטעטל, האָט גערעדט ייִדיש מיט אַלע פאַרביקע אידיאָמען און העברעישע אויסדרוקן, און דאָס אָן דעם מינדסטן אַקצענט. ווען נייגיריקע פאַרבייגייער האָבן גענומען פרעגן, ווער עס איז דאָס דער פרעמדער, וואָס איז אָנגעפאָרן אין שטעטל מיט אַן אויטאָמאָביל, האָט פּיסולאַ מיך אַ נעם געטאָן פאַרן אָרעם און אַוועקגעשפּאַנט מיט מיר באַרג־אַרויף, צו די חורבות פון קיניגלעכן שלאָס.

„דאָס זענען אַלץ אָנגעלאָפענע פאַרשוינען, פאַרטיי־מאַכערס. מען דאַרף זיך היטן פאַר זיי" — האָט דער אַלטיטשקער פּיסולאַ געזאָגט און מיט דער האַנט זיך געווישט די טרערן, וואָס האָבן אין דעם פּראַסטיקן טאָג כסדר געטריפט פון זיינע אויגן. ער האָט מיר דערציילט קאָמישע געשיכטעס וועגן די נייע שטעטלדיקע באַלעבאַטים, וועגן די קאָאָ־פּעראַטיוון, אין וועלכע „די שפּייז ווערט פאַרפוילט און די סחורות צעגנבעט", און דאַן אויסגעפּירט: „עס איז מער נישט קיין לעבן אין קוזמיר, אָן די יידן".

די דאָזיקע באַמערקונג האָט מיך ענדלעך באַוויגן אים צו שטעלן די פראַגע, פאַר־וואָס אין קוזמיר האָבן זיך נישט באַוויזן אויסצובאַהאַלטן כאָטש עטלעכע יידן.

„מען האָט נישט געקענט, מען האָט נישט געקענט" — האָט פּיסולאַ שטאַמלענדיק געזאָגט — „ווי נאָר מען האָט געמאַכט דאָס געטאָ, זענען ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן פּויערים פון די אַרומיקע דערפער, וועלכע האָבן פאַרכאַפּט די יידישע וווינונגען און קראָמען, און מיר האָבן געציטערט פאַר זיי".

צוריק פון שפּאַציר ביי דער חורבה פון קעניגלעכן פּאַלאַץ, האָב איך זיך געלאָזט איבער די געסלעך און פּלעצער פון שטעטל, ווו איך האָב אומזיסט געזוכט די איבער־בלייבענישן פון אַמאָליקן יידישן לעבן.

חוץ דער היסטאָרישער שול, פון וועלכער עס איז רעסטאַווירט געוואָרן בלויז איר דרויסנדיקע שאָל, האָב איך נישט געפונען קיין שום אַנדערע מאָנומענטן פון יידישן קוזמיר. דאָס אַלטע, געמויערטע בית־המדרש, דער הויף פון רבין ר' יחזקאלע מיט די געשניצטע הילצערנע קאָלאָנעס ביים פראָנט־טויער, דער געמויערטער שאָלאַש פון רבין ר' מאָטעלע, דער הקדיש מיט דער אַכסניה פאַר אָרעמע אורחים און דאָס אַלטע בית־עלמין מיט די פּאַליכראָמישע מצבות — אַלץ איז געוואָרן אָפּגעמעקט.

## די צווייטע זייט פון שטעטל

דער חורבן האָט אָבער נישט אָנגערירט די בנינים מחוץ דעם יידישן קוזמיר, אויף דער אַנדערע זייט פון טייכל גראָדאָזש, וואָס זענען אין מיינע יוגנט־חלומות געווען פאַר־בונדן מיט דער דרויסנדיקער וועלט. דאָס איז דער אַמאָליקער בנין פון דער פּאָסט, ווו איך פלעג מיט האַרץ־קלאַפּעניש וואַרטן אויפן בריוטרעגער. זיין אָפּגעריבענער לעדערנער בייטל האָט אַנטהאַלטן די ענטפערס אויף מיינע יוגנטלעכע האָפענונגען, וואָס האָבן זייער העכסטע קרוינונג דערגרייכט אין אַ ווינטערדיקן נאָכמיטאָג, ווען דער בריוו־טרעגער האָט מיר דערלאַנגט אַ זשורנאַל, אין וועלכן עס איז געווען אָפּגעדרוקט מיין ערשט ליד: „גאָלדענע פּוילישע האַרבסטן".

פון דער פּאָסט האָט דער וועג געפירט אין דער פּלעבאַניאַ־גאַס, וואָס די קוזמירער יידן האָבן גערופן מיט דעם מאָדנעם נאָמען „קלעפּאַלע־דין". אויף רעכטס האָט זיך גע־

צויגן די הויכע פעסטונגס־אַרטיקע מויער פון פּאַולינישן קלויסטער און אויף לינקס די גרויסע ווילע און דער גוט פון די אולאַנאָווסקיס, וווּ עס האָט זיך געפונען מיין ערשטע וועלטלעכע שולע — די שולע פון סאָניאַ שענדעראָוויטש־ווישניאַ.

דער הויף איז געווען פּוסט, אָבער אומפאַרענדערט. עס איז נאָך געשטאַנען די גרויסע אַלטאַנע, וואָס האָט געדינט ווי אַ בינע פאַר די טעאַטער־פאָרשטעלונגען פון אונדזער שולע. אַ גרויס געשעעניש איז געווען די אויפפירונג פון סלאָוואַצקיס פאַנטאַסטישער טראַגעדיע „באַלאַדינאַ״. איך האָב געשפּילט די ראָל פון ריטערלעכן הויפט־העלד קירקאָר, אין אַ גאָלדענעם פּאַנצער און מיט ווייסע אָדלער־פליגל. פון טיפן אָפּגרונט פון מיין זכרון האָבן פּלוצים אויפגעטויכט די רמזימדיקע פערזן פון קירקאָרס שטראָף־רייד, געווענדט צום שאָטן פון לעגענדאַרן, גרויזאַמען פוילישן פירשט, פּאָפּיעל:

> אָ, הפקרות, ערגער פון משה׳ס מכה׳ס,
>
> פאַראומרייניקט אונדזער ערד און שפּרייט זיך אויס.
>
> — — — — — — — — —
>
> דאָס זעלבע פוילן, פון גערעטענישן זאַט,
>
> פאַרוואַנדלט אין אַ שפּייכלער פון היישעריקן...

ווי געטריבן פון אַ פּלוצים־אויפגעוועקטן אימפּעט, האָב איך גענומען קלעטערן באַרג־אַרויף צום פּרעכטיקן פּאַרק מיט די ברייט־צעצווייגטע דעמבעס און שלאַנקע בעריאָזעס, וווּ איך האָב איבערגעלעבט מיינע ערשטע ראָמאַנטישע ציטערס. דער וואַלד מיט די נאַקעטעביימער האָט מיר אויסגעזען ווי איינגעשרומפּן און עס האָבן געפעלט די אַלטע דעמבעס.

אויף דער אָפענער לאָנקע, פון וואַנען דער ווינט האָט געהאָט אַוועקגעבלאָזן דעם טרוקענעם שניי און אַנטפּלעקט אינזעלעך גרין גראָז, איז מיר אַנטקעגן געקומען דער אייגנטימער פון דעם גוט, טאַדעוש אולאַנאָווסקי, וועמענס הויכע פיגור איז אונטערן לאַסט פון יאָרן געוואָרן לייכט אָנגעבויגן. דער שטרענגער, אויב נישט בייזער גרימאַס אויף זיין ביינערדיק, גלאַט־ראַזירט פּנים, צוליב דער באַגעגעניש פון עפּעס אַ פרעמדן, איז פּלוצים פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אויסדרוק פון צופרידענער איבעראַשונג, וואָס איז פאַר מיר געווען אַ באַווייז, אַז ער האָט מיך דערקענט. ער האָט גענומען צוויילן די טריט און דערביי אין אַ פריינטלעכער העוויה אַ פּאַכע געטאָן מיטן סענקאָטן ברוינעם שטעקן, וואָס איז פאַרענדיקט געוואָרן מיט אַ זילבערנער גאַלקע.

פון מיינע פריע שול־יאָרן האָב איך געדענקט דעם דאָזיקן שטעקן מיט דעם מאַסיוון זילבערנעם קאָפּל פון אַ פּרוי, וואָס אולאַנאָווסקי פלעגט קאָקעטיש האַלטן פאַרשטעקט אונטערן אָרעם, און עס האָט מיך דורכגענומען אַ געפיל פון קנאה, וואָס אַפילו אָט דער שטעקן האָט איבערגעלעבט דאָס יידישע קוזמיר.

„זייער שיין, וואָס איר זענט אונדז געקומען באַזוכן. מיר האָבן געהערט, אַז איר זענט אין קוזמיר. מיין פרוי וועט זיך שטאַרק פרייען איך צו זען" — האָט אולאַנאָווסקי לאַנג געדריקט מיין האַנט און ענלעך ווי פּיסולאַ מיך געפרעגט, ווער פון מיין משפחה איז געבליבן לעבן.

## די וויכטיקסטע עדות פון חורבן קוזמיר

אולאַנאָווסקי, אַן אָפּשטאַמיקער פון אַן אַלטער פּאַטריציער־משפחה, וואָס האָט אַלע מאָל אָנגעהאַלטן די פריינדלעכסטע באַציונגען מיט יידן, איז ביים אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען בירגערמייסטער פון קוזמיר. דעם דאָזיקן אַמט האָט ער אויך אָנגעהאַלטן דורך די יאָרן פון דער נאַצישער אָקופּאַציע. לויטן עדות־זאָגן פון די איינצלנע לעבן־געבליבענע קוזמירער יידן, וועלכע האָבן דורכגעמאַכט דאָס געטאָ, האָט אולאַנאָווסקי, לויט זיינע מעגלעכקייטן, געטאָן אַלץ, כדי צו לינדערן די ביטערע מערכה פון די יידן. ער איז געווען דער פאַרמיטלער צווישן יודענראַט און דעם נאַצישן קאָמענדאַנט, גהעדע, וועלכער האָט צוגעזאָגט פאַרן פרייז פון אַ פונט גאָלד אָפּצולייגן די ערשטע אויסזידלונג פון די געטאָ־איינוווינער. גהעדע האָט צוגענומען דאָס גאָלד און די פאַראָרדענונג סיי ווי דורכגעפירט מיט עטלעכע טעג שפּעטער.

אין הויז פון די אולאַנאָווסקיס זענען אויף די ווענט געהאַנגען קוזמירער לאַנד־שאַפטן פון דעם אומגעקומענעם יידישן קינסטלער נתן קאָזשען. אויף איין בילד איז פאַרייביקט געוואָרן אַ פאַרשוווּנדן פאַרביק יידיש ווינקל אין קוזמיר — די יאַטקע־גאַס הינטער דער שול אין אַ יאַריד־טאָג מיט יידן און פויערים, צונויפגעדרענגט מיט פערד און בהמות.

ווען מיינע אויגן זענען געפאַלן אויף דעם בילד, האָט פרוי אולאַנאָווסקי מיר דער־ציילט, אַז קאָזשען, וועלכער האָט במשך פון לאַנגע יאָרן געוווינט ביי איר יעדן זומער, איז אין יאָר 1939 פאַרבליבן אין קוזמיר ביזן שפּעטן האַרבסט. ערשט, ווען עס האָבן זיך גענומען פאַרשפּרייטן קלאַנגען וועגן איינשטעלן אַ געטאָ אין קוזמיר, איז ער צוריק־געפאָרן קיין וואַרשע. אַ שטיקל צייט האָבן זיי נאָך פון אים באַקומען בריוו און דאַן האָט זיך דער קאָנטאַקט איבערגעריסן.

דער שמועס מיט טאַדעוש אולאַנאָווסקי און זיין פרוי איז פאַר מיר געווען אַ וויי־טיקלעכע איבערלעבונג, אַ פיינלעכע קאָנפראָנטאַציע מיט די צוויי וויכטיקסטע עדות פון חורבן קוזמיר, וועלכע האָבן זיך נישט געשליירט אין קיין פאַלשע מאַנטלען פון הע־ראָיזם, נאָר אָפנהאַרציק גערעדט וועגן די טראַגישע געשעענישן.

„אויף אונדזער לאַנד איז געפאַלן די קללה צו ווערן דאָס בית־עלמין פון די יידן" — האָט אולאַנאָווסקי געזאָגט און מיר דערציילט, ווי אַזוי ער האָט עטלעכע מאָל געהאַט

באַשלאָסן צו רעזיגנירן פון זיין אַמט אַלס בירגערמייסטער, אָבער דער פאָרזיצער פון יודענראַט, חיים פייערשטיין, האָט זיך געבעטן ביי אים דאָס נישט צו טאָן.

אולאַנאָווסקי האָט מיר קלאָר געזאָגט, אַז צוריקבליקנדיק צו דער טראַגישער פאַר־גאַנגענהייט, איז ער געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די פוילישע באַפעלקערונג אין קוזמיר האָט נישט געטאָן דאָס, וואָס מען האָט געדאַרפט און אפשר געקענט טאָן. ער האָט גערעדט וועגן דער מעגלעכקייט פון אויסבאַהאַלטן יינגערע יידן, באַזונדערס פרויען, וועלכע וואָלטן געקענט אָנגיין ווי פּאָליאַקן. ער האָט אָבער באַמערקט, אַז ביז צו דער ערשטער אויסזידלונג, וואָס איז פאָרגעקומען שפּעטער ווי אין אַלע אַנדערע אַרומיקע שטעטלעך, האָט ער אַליין זיך געשפּייזט מיט דער אילוזיע, אַז אין קוזמיר וועלן די יידן איבערלעבן די מלחמה.

מיט פולשטענדיקן שווייגן האָב איך אויפגענומען די באַמערקונג פון טאַדעוש אולאַ־נאָווסקי, אַז אין קרייז פון זיינע נאָענטסטע מענטשן, ווען עס האָט וויי געטאָן די טראַגעדיע פון די יידן, איז געווען אַ רעטעניש די גלייכגילטיקייט מצד דער דרויסנדיקער וועלט און דאָס איז דורך זיי אויפגענומען געוואָרן ווי אַ באַווייז, אַז אין דער מלחמה מיט נאַצי־דייטשלאַנד איז דורך די אַליאירטע געוואָרן פולשטענדיק איגנאָרירט די פאַרניכטונג פון די יידן, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין הינטערלאַנד, מחוץ דער פראָנט־ליניע.

ביים געזעגענען זיך, האָב איך דעם געוועזענעם בירגערמייסטער פון קוזמיר גע־פרעגט, צי ער ווייס עפּעס וועגן דעם גורל פון די היסטאָרישע כלי־קודש פון דער אַלטער שול, באַזונדערס דאָס לעגענדאַרע אסתרקע־פּרוכת. ווי אולאַנאָווסקי האָט באַ־הויפּטעט, האָט דער קוזמירער רב, ישראל זילבערמינץ, די כלי־קודש מיטגענומען מיט זיך, ווען דער לעצטער טראַנספּאָרט יידן איז געוואָרן אַרויסגעשיקט פון געטאָ. די זעלבע ווערסיע האָט אויך איבערגעחזרט דער סעקרעטאַר פון מאַגיסטראַט, פּעפּלאָווסקי, וועלכער האָט מיר באַוויזן דאָס פאַרמעטענע בוך מיט די געבורט־פאַרצייכענונגען פון קוזמירער יידן במשך פון עטלעכע יאָרהונדערטער.

*

ווי ווייט מיין זכרון גרייכט, האָב איך קיינמאָל נישט געוויינט פאַר זיך אַליין, אַפילו אין מאָמענטן פון טיפסטער פאַרצווייפלונג. אָבער אין ערשטן אָוונט נאָך מיין אָנקום קיין קוזמיר, העכער צען יאָר נאָכן חורבן, האָב איך אויסגעבראָכן אין אַ געוויין, ווען נאָך אַ טאָג פון וואַנדערונגען איבער די געסלעך און פּלעצער פון שטעטל, בין איך אַריין אין מיין צימער אין דעם אַזוי גערופענעם „הויז פון די אַרכיטעקטן", וווּ איך בין איינגע־שטאַנען.

דאָס דאָזיקע אָפּרו־הויז פון דעם פאַרבאַנד פון פּוילישע אַרכיטעקטן איז אויפגע־בויט געוואָרן אויף די חורבות פון דריי יידישע הייזער אויפן מאַרק־פּלאַץ, וואָס האָבן

געהערט צו די משפּחות האַניגבוים, קאָרנבערג און די זאַמאָיסקיס, וועלכע האָבן דאָרט אויך געהאַט זייערע קראָמען. ווען עס איז צוגעפאַלן די נאַכט, זענען פון פולאַווער וועג אָנגעפאָרן עטלעכע אויטאָמאָבילן מיט פריילעך־פּילדערנדיקע פּאָרלעך, וואָס זענען געקומען פאַרברענגען דעם סוף־וואָך אין „הויז פון די אַרכיטעקטן”.

דער מאַרק־פּלאַץ איז געווען העל צעלויכטן מיט עלעקטרישע לאָמפּן, אָבער אין מיין דמיון האָט אויפגעטויכט דאָס בילד פון די פרייטיק־צו־נאַכטסן, ווען אין אַלע פענצטער האָבן אין מעשענע און זילבערנע לייכטערס געציטערט די פלעמלעך פון די שבתדיקע ליכט.

## דער לעצטער ייד

אין פריען שבתדיקן באַגינען, בין איך אויפגעוועקט געוואָרן דורך דעם גלאָקן־געקלאַנג פון די דריי שטעטלדיקע קירכעס — אַזוי פאַרשידן אין זייער טאָן און ריטם. אַמערשט איז געקומען דער שווערער, מיאומדיקער געברום פון קלויסטער, אויף דרום־זייט פון שטעטל; דאַן האָט פון צפון־זייט זיך דערהערט אַ צוויי־טעניקער, מעלאָדישער געקלאַנג פון דער הויפּט־קירכע, די אַזוי גערופענע „פּאַראַ”, און צום סוף: אַ דין, קינדעריש געקלינגל פון דער קירכע פון דער „הייליקער אַנאַ”, וואָס איז געקומען פון מזרח־זייט, פון דער לובלינער גאַס. פון הינטער דעם באַרג מיט די דריי קרייצן איז דער הימל געוואָרן צעפלאַמט פון דער אויפגייענדיקער זון.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט אין מיין טיר אָנגעקלאַפּט דער איינציק פאַרבליבענער קוזמירער ייד, בערל ציטרין, וועגן וועלכן איך האָב געוווּסט, אַז ער לעבט אין פולאַוו אונטער דעם פאַרשטעלטן פוילישן נאָמען פון באָלעסלאַוו זשעלינסקי. בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע, האָט ער זיך אויסבאַהאַלטן ביי אַ פּויער אין דאָרף באָכאָטניצע, וואו עס האָט זיך געפונען די מיל פון זיין פעטער, יחזקאל פריד. נאָך דער באַפרייונג האָט ער חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון זיין רעטער. ווען בער ציטרין איז אַרויסגעקומען פון זיין באַהעלטעניש, איז די מיל געווען צעטראָגן אויף שטיקלעך און אין דעם גרויסן הויז פון דער פאַרצווייגטער משפּחה פריד, וואָס איז אין איר איבערוויגנדיקער מערהייט אומגעקומען, זענען געווען איינגענעסטעט צען אָדער צוועלף פּויערים־משפּחות פון די אַרומיקע דערפער.

מיט אַ געצוימטן גרימאַס אויף זיין רויען פּנים האָט בערל ציטרין זיך מיר געוואָרפן אין די אָרעמס און נאָך אַ לענגערער ווײַלע פון שווייגן, אויסגעבראָכן אין אַ ספּאַזמאַטיש געהעשערײ. עס איז געווען ווי אַן אויסלאָדונג פון אַ לאַנג איינגעהאַלטענעם געקלאָג, וואָס האָט זיך געזאַמלט אין זיין געמיט.

איך האָב אים געקענט פון זיינע פריע קינדער־יאָרן, ווען ער איז געבראַכט גע־

וואָרן קיין קוזמיר צו אַ קרוב, נאָך דעם ווי זיינע עלטערן זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך באַנדיטן אין דאָרף קאַרטשמיסק, הינטער קוזמיר, ווו זיי האָבן געהאַלטן אַ גוט אין אַרענדע. אין זיין האַמעטנעם פּוילישן לשון, דורכגעפלאָכטן מיט טיפּיש־פּויערישע אידיאָמען, האָט בערל ציטרין מיט אַ מאָדנע־פרעמדן יידישן קרעכץ מיר דערציילט וועגן די יאָרן פון דער נאַציזשער אָקופּאַציע, ווען ער האָט געלעבט פאַרשטעקט אין אַ חזיר־שטאַל, און דאָס צווישן פּויערים, וועלכע ער האָט געקענט פון קינדוויייז אָן.

נישט איין מאָל האָט ער פון זיין באַהעלטעניש אָבסערווירט, ווי יונגע דאָרפישע כוליגאַנעס נישטערן אין שייער און זוכן אין קאַרטאָפל־גרוב. ער האָט אַפילו אויפגעכאַפּט די געשפּרעכן וועגן דעם פאַרשטעקטן ייד, פאַר וועמענס קאָפּ זיי האָבן געהאָפט צו באַקו־מען דעם לאָקנדיקן פרייז פון עטלעכע פונט צוקער, וואָס די נאַציס האָבן געצאָלט.

אַ בליץ פון פּרימיטיווער פּויערישער חכמה האָט געשטעקט אין בערל ציטרינס באַמערקונג, אַז די פאַרשוינען, וועלכע האָבן אים געזוכט, האָבן אים נישט געהאַסט, נאָר אים בלויז באַטראַכט „ווי אַ פוקס, פון וועלכן מען קען אָראָפּציען דאָס פעלעכל".

אין דער זעלבער צייט האָט ער מיט באַוווּנדערונג גערעדט וועגן דעם פּויער, וועלכער האָט אים אויסבאַהאַלטן אין אָט דער צייט פון יאָגד אויף יידן און דערמיט איינגעשטעלט נישט נאָר זיין אייגן לעבן, נאָר אויך דאָס לעבן פון זיין גאַנצער משפחה.

„טאָ ווי קען איך איצט אַוועקגיין פון זיי?" — האָט בערל ציטרין זיך ווי פאַרענט־פערט פאַר מיר און דערמיט אַנטפּלעקט די אינערלעכע צעריסנקייט פון די איינצלנע, ענלעכע ווי ער איינזאַמע יידן אין די טויטע יידישע שטעטלעך פון פּוילן. דערביי האָט ער אונטערגעשטראָכן, אַז זיין פרוי, וואָס ווייזט אַרויס צו אים זעלטענע געטריישאַפט, און זיינע צוויי טעכטערלעך, וועלכע פילן זיך יידיש, זענען צו יעדער צייט גרייט, צוזאַ־מען מיט אים, צו פאַרלאָזן פּוילן.

בערל ציטרין איז נישט אָפּגעטראָטן פון מיר במשך פון דעם גאַנצן טאָג און האָט מיך אויך באַגלייט אויף דער באַגעגעניש מיטן אַרכיטעקט קאַראָל סיטשינסקי, דער קאָנסערוואַטאָר פון היסטאָרישן קוזמיר, וועלכער האָט אין אַמאָליקן הויז פון ר' אהרן לוסטיק אַנטדעקט דעם באַלקן מיטן „שויתי" — די לעצטע יידישע אותיות אין קוזמיר.

אין דעם ריזיקן סטודיאָ פון אַרכיטעקט סיטשינסקי, וואָס האָט זיך געפונען אויף סענאַטאָרסקע גאַס, אין דעם רעסטאַווירטן, פּרעכטיקן רענעסאַנס־בנין פון דער צעלע־יווו־משפחה, האָב איך געזען פראַגמענטן פון פאַליכראָמישע מצבות פון אַלטן בית־עלמין. אויף אַ פאָליצע זענען געשטאַנען מחזורים, מעשענע לייכטער און חנוכה־לאָמפּן, וואָס זענען געפונען געוואָרן ערגעץ אין אַ קעלער. סיטשינסקי האָט אונדז אויך געוויזן צוויי בלייפעדער־צייכענונגען פון דעם באַוווּסטן פּוילישן מאָלער וואַצלאַוו וואָנסאָוויטש, וואָס האָבן פאַרגעשטעלט סצענעס פון די צונויפגעטריבענע יידן אויפן מאַרק־פּלאַץ, בעת דער לעצטער אויסזידלונג קיין בעלזשעץ. די דאָזיקע צייכענונגען זאָל וואָנסאָוויטש האָבן

געמאַכט פון פענצטער פון שטאָטראַט, וואָס סיטשינסקי האָט באַטראַכט ווי אַן אַקט פון זעלטענעם העראָיזם מצד דעם קינסטלער.

ווי סיטשינסקי האָט מיר דאַן געזאָגט, קלייבט ער די אַלע פראַגמענטן פון יידישן קוזמיר פאַר דעם געפּלאַנטן שטעטלדיקן מוזיי. דערביי האָט ער נישט פאַרגעסן צו מאַכן אַ פּראַקטישע אָנרעגונג וועגן דער פינאַנציעלער הילף, וואָס ער דערוואַרט פאַר דעם פּראָיעקט פון די לעבנגעבליבענע קוזמירער יידן איבער גאָר דער וועלט.

## די לעצטע נסיעה

דאָס לעצטע מאָל האָב איך באַזוכט קוזמיר אין זומער פון יאָר 1959, ביים סוף פון „פּוילנס אייגענעם וועג צום סאָציאַליזם", ווי מען האָט באַצייכנט דעם קורץ־דויערנ־דיקן ליבעראַלן פּעריאָד פון גאָמולקאַ־רעזשים. איך בין בכיוון געפאָרן אין אַ דינסטיק, אין טראַדיציאָנעלן וועכנטלעכן יאַריד־טאָג, ווייל עס איז מיר נאָך אַלץ אַזוי לעבעדיק געשטאַנען פאַר די אויגן דאָס אַמאָליקע פאַרביקע בילד פון די פּויערישע וועגענער מיט גרינוואַרג און עופות, צונויפגעמישט מיט די סחורות אויף די שטעלעכלעך פון די יידישע הענדלער.

אין אַ יאַריד־טאָג האָט מען אַלע שטעטלדיקע יידן געזען אויפן מאַרק־פּלאַץ, איינ־געשלאָסן די דיינים, מלמדים און די שעמעוודיק־בטלנישע עילויים, וועלכע האָבן די וואָכעדיקע מסחרים איבערגעלאָזט פאַר זייערע ווייבער. דינסטיק האָבן זיי אָבער געהאָלפן אויסלייגן אויף די סטראַגאַנעס די געוואַנטן, מלבושים, שיך, געשיר, שטוב־כלים, געבעקס און אַנדערע סחורות.

אין די יריד־טעג פלעגט מען אויפן קוזמירער מאַרק זען די אויסטערלישע געשטאַלט פון דעם הויכוואוקסיקן באָרדלאָזן בעל־מקובל, וועמען מען האָט גערופן שמחהלע נקבה, צוליב זיין אויסזען און קוויטשעדיק־ווייבערישן קול. ער איז געשטאַנען פאַר זיין מוטערס קראָם פון קאַלך און פאַרב, אַכטונג געגעבן אויף דער וואָג און פאַרשריבן די פּדיונות. אויפן פּלאַץ מיט די פאַרשידענע מינים ערדענע טעפּ איז געשטאַנען דער חלושדיקער אַלטער מורה־הוראה, וועמען מען האָט טאַקע גערופן ר' מרדכי טעפּער. זיין לאַנג, שפּיציק בערדל און דער גרויסער סאַמעטענער הוט מיט דער יאַרמולקע פון אונטן, האָבן נאָך קלענער געמאַכט זיין דראַבנינקע בלאַס פּנים, ממש הויט און ביין — אַ שאַרפער קאָנטראַסט צו זיין פּלוניתטע, חנהלע די טעפּעריך, אַ ברייטע, געזונטע יידענע מיט אַ פול פּנים, רויט פון ווינט.

דינסטיק איז געווען אַ נישט־געשריבענער יומא־דפגרא פאַר די חדר־יינגלעך, וועלכע האָבן אַרויסגעהאָלפן אין מסחר די עלטערן, אָדער די אשת־חיילדיקע ווייבער פון זייערע מלמדים. דער יריד מיט זיינע גראָשנדיקע פּדיונות איז געווען אַ טייל פון פאַר־

ביקן לעבנס־שטייגער אין דעם פרידלעך־אידילישן צוזאַמענלעבן צווישן די שטעטלדיקע יידן און די פויערים פון די אַרומיקע דערפער.

די פראָפּאַגאַנדע־אַפּאַראַטן פון די אַנטיסעמיטישע רעזשימען האָבן די באַדייטונג פון די דאָזיקע סטראַגאַנעס פונאַנדערגעבלאָזן צום פאַרנעם פון „יידישע עקאָנאָמישע פעסטונגען”, וואָס זענען געשטורעמט געוואָרן דורך אויפגעהעצטע כוליגאַנעס. די דאָזיקע „נאַציאָנאַלע אַקציעס” זענען אָפט באַגלייט געוואָרן מיט פּאָגראָמען, וואָס האָבן זייער הויכפּונקט דערגרייכט ערב דעם נאַצישן איבערפאַל אויף פּוילן. קוזמיר איז געווען אַן אויסנאַם און די אידיליע פון שטעטלדיקן יריד איז ביז צום חורבן נישט געשטערט געוואָרן.

דער יריד, וואָס איך האָב אָבער אָנגעטראָפן אין קוזמיר, פופצן יאָר נאָכן חורבן, איז געווען נישט מער ווי אַ בלאַסער שאָטן פון אַמאָליקן מאַרק־טאָג — קוים עטלעכע שטעלעכלעך און וועגענער, צווישן וועלכע עס האָבן זיך פויל באַוועגט געציילטע קויפערס. עס איז געווען אַ „יידן־ריינער” יריד.

איך האָב אויך נישט געפונען קיין איינציקן ייד צווישן די זומער־געסט אין דעם קאָאָפּעראַטיוון רעסטאָראַן „עסטערקאַ” אויפן מאַרק־פּלאַץ און נישט אין די פול־געפּאַקטע גאַסט־הייזער, וואָס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אין די רעסטאַווירטע גאָטישע שפּייכ־לערס, לענגויס דעם ווייסל־ברעג.

דער געפילדער און דאָס זינגען פון דעם זאָרגלאָזן פּוילישן יונגוואַרג האָט קוים אַריינגעדרונגען אין מיין באַוווסטזיין. איך האָב כסדר צוריקגעבליקט צום קוזמיר פון אַמאָל: די סעדער, די טאָלן און די ווילעס אויף די באַרג־שיפּועים, ווו איך האָב געקענט יעדע סטעזשקע, האָבן אָן אויפהער ביי מיר אַרויסגערופן רעמיניסצענצן וועגן מענטשן און געשעענישן פון פאַרשוווּנדענעם יידישן קוזמיר. דאָס איצטיקע פריש־רעסטאַווירטע שטעטל האָט מיר אויסגעזען צו זיין מאָדנע אומרעאַל.

### די גאָלגאָטע פון די קוזמירער יידן

ביים סוף פון מיינע וואַנדערונגען, בין איך אין שפּעטן נאָכמיטאָג דערגאַנגען צום פּאַולינישן קלויסטער, וואָס טורעמט זיך הויך איבערן שטעטל. שוין בעת מיין ערשטן באַזוך אין קוזמיר, האָט מען מיר געהאַט דערציילט, אַז דער קלויסטער־הויף איז געוואָרן אויסגעפלאַסטערט מיט מצבות פון די צוויי אָפּגעמעקטע יידישע בית־עלמינס אין שטעטל. דעמאָלט איז אָבער דער קלויסטער געווען פאַרוועבט מיט רושטאָוואַניעס און געשלאָסן צוליב דעם רעמאָנט, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין דעם אַלטן בנין.

מיט אַ געפיל פון טיפן אומרו האָב איך גענומען קלעטערן איבער די הויכע טרעפּ אונטערן דאַך, וואָס האָבן געפירט צום קלויסטער. די ווענט אויף בײדע זייטן פון לאַנגן

קאָרידאָר זענען געווען באַדעקט מיט פּרימיטיווע פרעסקן, וואָס איך האָב גוט געדענקט פון מיינע פריע קינדער־יאָרן. זיי האָבן פאַרגעשטעלט סצענעס פון די „פּערצן סטאַנציעס" אויף קריסטוסעס וועג צו דער קרייציקונג.

ביים סוף פון די טרעפּ האָבן אין אָפענעם הויף זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט די איבער־בלייבענישן פון דער „גאָלגאָטע" פון די קוזמירער יידן. דאָס זענען געווען האַלב־רונדע מצבה־שטיינער פון פאַרשידענער גרויס, וואָס זענען אונטערן דרוק פון פּראָטעסטן גע־וואָרן אויסגעגראָבן פון באָדן אויפן הויף און אַוועקגעשטעלט לענגויס דער קלויסטער־מויער — מיט די אויפשריפטן צו דער וואַנט.

ווען איך האָב פּרובירט אָנבייגן אַ מצבה, כדי צו זען דעם אויפשריפט, האָט מיט אַ סקריפּ זיך געעפנט די געקאָוועטע קלויסטער־טיר און עס האָט זיך אַרויסגעבויגן דער נאַקעטער קאָפּ פון אַ מאַנאַך אין אַ ברוינער סוטאַנע. בעת אונדזערע בליקן האָבן זיך באַ־געגנט, בין איך פּלוצים דורכגענומען געוואָרן מיט אַ באַגער צו זאָגן קדיש אויפן קול. אָבער די ווערטער „יתגדל ויתקדש" זענען מיר פאַרגליווערט געוואָרן אויף די ליפּן און עס האָט מיך גענומען קלעמען אין האַלדז. איך האָב אָבער נישט אַראָפּגענומען מיינע בליקן פון דעם מיטליאָריקן מאַנאַך מיט דעם פולן פּנים, וועלכער האָט מיט אַמאָל צוריק געצויגן דעם קאָפּ און האַסטיק פאַרמאַכט די שווערע קלויסטער־טיר. מיט צוגעאײַלטע טריט בין איך אַראָפּ פון די טרעפּ.

פון דער פּיינלעכער איבערלעבונג אויפן קלויסטער־הויף, בין איך אַריינגעפאַלן אין דער זאָרגלאָזער אַטמאָספער, וואָס האָט געהערשט אין דעם רעסטאָראַן פון „אַרכיטעקטן־הויז". די לופט איז געווען אָנגעזאַפּט מיט ציגאַרעטן־רויך און בראָנפן. ביים הויפּט־טיש האָב איך דערקענט פּראָפ. סטאַניסלאַוו סקזשעשעווסקי מיט זיין כאַראַקטעריסטישן לייבן־קאָפּ און צעשויבערטע גרויע האָר. לעבן אים איז געזעסן זיין יידישע פרוי פון דער באַ־וווסטער אָרטאָדאָקסישער מאַנדלבוים־משפחה אין קראָקע — אַ שלאַנקע, מיט גלאַט־אָנגעצויגענע שוואַרצע האָר, אַליוו־טונקל פּנים און טרויעריקע אויגן.

פּראָפ. סקזשעשעווסקי, אַ קאָמוניסטישער וועטעראַן פון פאַר דער מלחמה, האָט פאַר־נומען פירנדיקע פּאָזיציעס אין דעם נייעם רעזשים אין פּוילן. ער איז געווען דער ערש־טער פּוילישער אַמבאַסאַדאָר אין פּאַריז, דאַן בילדונגס־מיניסטער און אויסערן־מיניס־טער. נאָך דער אָקטאָבער־איבערקערעניש, האָט ער זיך צוריקגעצויגן צו זיין אַקאַדע־מישער פּאָזיציע, אָבער זיין פרוי איז ווייטער פאַרבליבן די לייטערין פון פּאַרטיי־אַרכיוו.

אין מאָמענט, ווען סקזשעשעווסקי און זיין פרוי האָבן מיך איינגעלאַדן צו זייער טיש, האָט עמיץ הויך אויסגערופן מיין נאָמען, און ביי אַ זייטיק טישל האָב איך דערזען דעם באַוווסטן פּוילישן רעוואָלוציאָנערן פּאָעט, וולאַדיסלאַוו בראָניעווסקי, וועלכער איז געזעסן מיט זיין פרוי. בראָניעווסקי, וועלכער האָט זיין אַנטוישונג אין קאָמוניזם אָפּט פאַרגאָסן מיט בראָנפן, איז שנעל צוגעקומען צו מיר און אַרומנעמענדיק מיך אויסגעשריען: „לאָ־

מיר זינגען אַ יידיש לידל!" — און דאַן מיט אַ הייזעריקער שטימע אינטאָנירט אין יידיש: „אַז דער רבי אלימלך..."

ווען אַ צעטומלטער פון דעם אינצידענט, האָב איך אַזוי שנעל נישט געענטפערט אויף זיין אַרויספאָדערונג, האָט בראָניעווסקי אויסגעשריען: „זינג, זינג, שרעק זיך נישט פאַר די אַנטיסעמיטן!..."

אין דעם אויגנבליק האָט דער געוועזענער מיניסטער זיך אויפגעריסן פון טיש און האַסטיק גענומען אַרויסשפּאַנען פון זאַל. זיין פרוי איז אים גלייך נאָכגעגאַנגען. מיט אַן אויסדרוק פון גרויס פאַרלעגנהייט האָט פרוי בראָניעווסקי זיך אַנטשולדיקט פאַרן עולם און נעמענדיק איר מאַן אונטערן אָרעם אים אַרויסגעפירט פון זאַל.

אַ געפּלעפּטער בין איך אַ ווײַלע אומבאַוועגלעך געשטאַנען אין זאַל, ווי פאַרהיפּנאָטיזירט פון די בליקן פון די עטלעכע צענדליק געסט, פאַר וועמען עס איז געווען אַ רעטעניש אָט־דער פרעמדער באַזוכער, וועלכער האָט זיי געשטערט דעם מאָלצייט, און איך האָב מיט אַמאָל דערפילט, אַז עס איז נישטאָ מער פאַר מיר קיין „איבערנעכטיקן" אין מיין היימשטעטל.

ווען איך בין אַרויס אויפן מאַרק־פּלאַץ, האָט אויפן נידעריקן, נאָך ליכטיקן הימל זיך באַוויזן אַ גרויסע, געלע לבנה, וואָס האָט מיך דערמאָנט וועגן בראָניעווסקיס פּאָעמע „די לבנה פון פּאַוויע גאַס". עס איז אַ באַלאַדע וועגן אַ יידישן רעוואָלוציאָנער אין אומאָפּהענגיקן פּוילן, וועגן דעם „קליינעם שניידער איציק גוטקינד", מיט וועמען דער פּאָעט האָט געטיילט די „צעלע 21" אין דער פּאַוויאַק־תפיסה. די לבנה איבערן פּאַוויאַק און בכלל איבער די הייף פון דער יידישער אָרעמקייט אין וואַרשע, האָט דער פּאָעט געזען ווי אַ יידישע לבנה: „ווי אַן אייער־חלה אַזוי געל..." אָדער „אַ גאָלדן קנעפּל", וואָס דאָס פאַרחלומטע שניידער־ייִנגל וויל צונייען צו אַ מלבוש. פון אָט דער באַלאַדע, וואָס איך האָב איבערגעזעצט אויף יידיש, האָט זיך דאַטירט דער אָנהייב פון מיין פריינדשאַפט מיט דעם גרויסן פּוילישן פּאָעט.

אַ געוועזענער אָפיציר אין פּילסודסקיס לעגיאָנען, איז בראָניעווסקי געווען דער ערשטער פּוילישער פּאָעט, וועלכער האָט אין זיינע לידער געבראַכט צום אויסדרוק די ביטערניש און אַנטוישונג אין אומאָפּהענגיקן פּוילן. פאַר זיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט איז בראָניעווסקי אָפט לאַנגע חדשים אָפּגעזעסן אויפן פּאַוויאַק, צוזאַמען מיט יידישע רעוואָלוציאָנערן, פון וועלכע ער האָט זיך טאַקע אויסגעלערנט יידיש.

בראָניעווסקיס וועג צום „פּאָלקס־פּוילן" האָט געפירט דורך פּוילישע תפיסות און סאָוויעטישע שקלאַפן־לאַגערן. ווי אַ צושפּיל פון דער ביטערסטער איראָניע איז דער פאַקט, וואָס אָט דער פירנדיקער פּוילישער רעוואָלוציאָנערער דיכטער איז פון די סאָוויעטישע שקלאַפן־לאַגערן געראַטעוועט געוואָרן דורך דער נאַציאָנאַליסטישער, פּוילישער

אַרמיי פון גענעראַל אַנדערס, מיט וועמענס אָפּטיילונגען ער איז אין יאָר 1942 אָנגעקו־מען אין נאָענטן מזרח.

במשך פון דריי יאָר צייט, ביז דער באַפרייאונג פון פוילן, האָט בראַניעוווסקי געלעבט אין ארץ־ישראל. די לידער, וואָס ער האָט דאָרט געשריבן, שפּיגלען אָפּ דאָס צעבראָכענע געמיט פון דעם פּאָעט, וועלכער געפינט אַ טרייסט אין דער ארץ־ישראלדיקער לאַנד־שאַפט, ווו שיכטנווייז זענען געוואָרן פאַרשטיינערט די שפּורן פון געפאַלענע טיראַנען.

די אומדערוואַרטע באַגעגעניש מיט וולאַדיסלאַוו בראַניעוווסקי אין קוזמיר האָט מיך אַרויסגעשלאָגן פון טראַנס, אין וועלכן איך האָב זיך געפונען בעת מיינע וואַנדערונגען איבער די פלעצער און געסלעך פון שטעטל — סאָמנאַמבולישע וואַנדערונגען אין מיטן העלן טאָג, אויפן ראַנד פון צוויי וועלטן.

### דער לעצטער בליק אויפן שטעטל

דעם זעלבן אָוונט האָב איך פאַרלאָזט קוזמיר. ווען דער האַלב־ליידיקער אויטאָבוס האָט גערירט פון אָרט, האָב איך דערזען, ווי עס האָט זיך פּלוצים אָנגעצונדן דאָס ליכט אין פענצטער פון „דאַנציקער הויז", ווו עס האָט זיך געפונען די דירה פון מיינע עלטערן. בייטאָג האָט דאָרט קיינער נישט געענטפערט אויף מיין קלאַפּן אין טיר. אַ ווײַלע האָב איך זיך געוואַקלט, צי איך זאָל צוריק אַראָפּגיין, כדי צו זען די יורשים פון מיין היים. איך בין אָבער געבליבן זיצן אין אויטאָבוס, וואָס האָט פון מאַרק־פּלאַץ לאַנגזאַם זיך פאַרקערעוועט צו דער ווייסל און שנעל זיך אַ טראָג געטאָן איבערן שאָסיי.

עס איז געווען דער סוף פון מיין לעצטן באַזוך אין קוזמיר און פון דער לעצטער נסיעה קיין פוילן. עס איז אויך געווען די לעצטע באַגעגעניש מיט דעם פּאָעט וולאַדיס־לאַוו בראַניעוווסקי, וועלכער איז געשטאָרבן מיט דריי יאָר שפּעטער, ווען די „ריטער" פון אַ יידן־ריינעם פוילן האָבן אַלץ מער און מער גענומען אויפטויכן אין עפנטלעכן לעבן אין לאַנד. דאָס זענען די מיטגלידער פון נאַציאָנאַליסטיש־אַנטיסעמיטישן אונטערגרונט, וועלכע זענען אין דער „פוילישער פאָלקס־רעפּובליק" אָפּגעזעסן לאַנגע יאָרן אין תפיסה — פאַר זייער יאָגד אויף יידן און קאָמוניסטן בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע און אַפילו שוין נאָך דער באַפרייאונג.

נאָך דער אָקטאָבער־איבערקערעניש פון יאָר 1956, זענען אָט די פּאַרטיזאַנער געוואָרן באַפרייט און רעהאַבּיליטירט. זיי האָבן דאַן גענומען אָנפילן די רייען פון „זבאָוויד" (פאַרבאַנד פון געוו. קעמפער פאַר פרייהייט און דעמאָקראַטיע), וואָס האָט איינגעשטעלט אָפּטיילונגען איבער אַלע שטעט און שטעטלעך פון פוילן. אַ „זבאָוויד"־אָפּטיילונג איז אויך געגרינדעט געוואָרן אין קוזמיר.

בעת דער זעקסטאָגיקער מלחמה פון מדינת ישראל, אין יוני 1967, האָט „זבאָוויד"

פאַרנומען דעם אויבנאָן אין דער העץ־קאַמפּאַניע קעגן די ציוניסטן און בכלל קעגן דער טראַגישער שארית־הפליטה פון די יידן אין פּוילן, וואָס איז באַגלייט געוואָרן דורך אַ טאָטאַלן באַזייטיקן פון עפנטלעכן לעבן די לעצטע יידן, איינגעשלאָסן די פאַרבאָרגענע „מאַראַנען" מיט פאַרשטעלטע פּוילישע נעמען.

אין זומער 1968, ווען דער גירוש פון די יידן אין פּוילן איז שוין געווען אין פולן גאַנג, איז אין דעם פּאָפּולערן קאַטוילישן וואָכנבלאַט „וראָצלאַווסקי טיגאָדניק קאַטאָליקווו", דערשינען אַ לענגערער באַריכט וועגן דער טעטיקייט פון „זבאָוויד" אין קוזמיר און וועגן די העלדישקייטן פון די אָרטיקע פאַרטיזאַנער בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע. דער ספּעציעלער שליח פון דעם זשורנאַל, מג"ר באָגוסלאַוו גיידזשינסקי האָט ציטירט דעם ווי־צע־פאָרזיצער פון „זבאָוויד" אין קוזמיר, וויקטאָר בוטשיאַר, וועלכער האָט דערקלערט, אַז אין שטעטל און אין דער געגנט זענען נאָך פאַראַן העכער 150 געוועזענע פאַרטיזאַנער, וועלכע זענען באַרעכטיקט צו ווערן מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע.

ביים לייענען דעם דאָזיקן באַריכט, האָב איך געטראַכט, צי צווישן די דאָזיקע „פאַרטיזאַנער" געפינען זיך נישט אַמאָל די מערדער פון די צוויי קוזמירער יידישע בחורים, אשכנזי און גאָלדפאַרב, וועלכע זענען געהאַט צוריק געקומען פון די נאַצישע לאַגערן, אָדער באַלטשע פאָנטש מיט אירע צוויי קינדער, וועלכע האָבן דורך דער גאַנ־צער צייט פון דער נאַצישער אָקופּאַציע זיך אויסבאַהאַלטן ביי אַ פּוילישער משפחה אין קוזמיר, און זענען דערמאָרדעט געוואָרן אין טאָג, ווען אַן אָפּטיילונג פון דער רויטער אַרמיי האָט באַפרייט דאָס שטעטל.

„די מלחמה־זאַוויערוכע — שרייבט באָגוסלאַוו גיידזשינסקי — האָט חרוב געמאַכט דאָס שטעטל און גורם געווען דעם אומקום פון אַ באַדייטנדיקער צאָל פון דער באַפעל־קערונג". דאָן דערציילט ער, אַז אין שטעטלדיקן מוזיי איז פאַראַן אַ באַזונדערס רייכע זאַמלונג פון דאָקומענטן וועגן די אַקטיוויסטן פון די פאַרטיזאַנער, „איינגעשלאָסן אַ רשימה פון 382 קרבנות פון דער נאַצישער בעסטיאַלישקייט". עס ווערט אָבער גאָרנישט דערציילט וועגן די העכער 3.000 שטעטלדיקע יידן, וועלכע זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס און עס ווערט בכלל מיט קיין איין וואָרט נישט דערמאָנט, אַז אין קוזמיר האָבן ווען עס איז געלעבט יידן.

אינעם באַריכט וועגן קוזמירער „זבאָוויד" זאָגט זיך, אַז דער פּערמאַנענטער לאָקאַל פון דער פאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע געפינט זיך אין שטעטלדיקן „קולטור־הויז". עס ווערט אָבער נישט דערמאָנט, אַז דאָס דאָזיקע קולטור־הויז איז איינגעשטעלט געוואָרן אין בנין פון דער אַלטער קוזמירער שול. דאָס האָט ביי מיר אַרויסגערופן אַ רעפלעקס וועגן דער פּינקוס־סינאַגאָגע אין פּראָג, ווו אויף די ווענט זענען פאַרייביקט געוואָרן די נעמען פון די העכער 79 טויזנט טשעכאָסלאָוואַקישע יידן, וועלכע זענען אומגעבראַכט געוואָרן בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע.

אין האַרבסט 1968, ווען קיין מדינת ישראל זענען אָנגעקומען די ערשטע מחנות פון די גולי־פוילן, האָט מאַריאַ קונצעוויטש, די באַזינגערין פון קוזמיר און אירע יידן, מיר געבראַכט אַ לעבעדיקן גרוס פון מיין היימשטעטל, ווו זי האָט פאַרבראַכט די זומער־חדשים אין איר הויף אויף די בערג. אין שכנות געפינט זיך דאָס קבר פון דעם העלד פון פוילישן אויפשטאַנד אין 1831, גראַף יוליוש מאַלאַכאָווסקי.

מיט טיפן ווייטיק האָט די מוטיקע שריפטשטעלערין גערעדט וועגן די געשעענישן אין פוילן. ווי אַ פאַרזוך מיך צו טרייסטן, האָט זי מיר דערציילט, אַז אין פּאָולינישן קלויסטער אין קוזמיר ווערן הינטער גלאָז אויפגעהיטן אָפּגעראַטעוועטע כלי־קודש פון דער אַלטער שול — אַ ספר תורה מיט אַ גאָלד־געשטיקטן מענטעלע, סידורים, צע־דריוולטע זייטן פון גמרות פון גרויסן פאָרמאַט און אַנדערע הייליקייטן, וואָס זי האָט ניט געקענט גענוי באַצייכענען. וועגן דער שול גופא האָט זי געזאָגט, אַז עס געפינט זיך דאָרט אַ קולטור־קלוב.

דאָס האָט אין מיין זכרון אויפגעוועקט זכרונות פון שפּאַנישן בירגער־קריג, מיט דרייסיק יאָר צוריק, ווען אין די קלויסטערס פון אַראַגאָן און קאַסטיליע האָב איך געזען די שפּורן פון די אַמאָליקע רומפולע יידישע קהילות, וואָס זענען איינגעזאַמלט געוואָרן דורך די ריטער פון דער הייליקער אינקוויזיציע.

אין באַרצעלאָנע, אין דער פראָנט־וואַנט פון קאַטאַלאַנישן רעגירונגס־פּאַלאַץ, האָב איך געזען איינגעמויערט אַ פראַגמענט פון אַ מצבה מיט העברעישע אותיות — „הקדוש ר׳ שמואל הסרדו נ.ב.ה.״ — און דערלעבן אַן אָנדענק־טאָוול אין שפּאַניש, וואָס דערציילט, אַז די דאָזיקע מצבה פון יאָר 692 איז געפונען געוואָרן אין דער חורבה, אויף וועלכער דער רעגירונגס־פּאַלאַץ איז געוואָרן אויפגעבויט אין יאָר 1820.

אין בנין פון קולטור־הויז אין קוזמיר איז נישט איינגעמויערט געוואָרן קיין שום טאָוול, וואָס זאָל דערציילן, אַז אין די דאָזיקע פעסטונג־אַרטיקע מויערן האָט זיך געפונען די היסטאָרישע שול פון דער אָפּגעמעקטער 700־יאָריקער יידישער קהילה.

*

דער גרוס וועגן די יעזואיטן פון קלויסטער אין קוזמיר, וועלכע האָבן גענומען אונטער זייערע פליגל די רעשטלעך פון די יידישע כלי־קודש, האָט ענדגילטיק אין מיר דורכגע־בראָכן די פאַרגליווערונג וואָס האָט געמאַכט מיך אָפּהענטיק יעדעס מאָל, ווען איך האָב זינט דעם חורבן גענומען שרייבן די כראָניק וועגן אויפשטייג און אונטערגאַנג פון מיין היימשטעטל.

יעדע דערינערונג וועגן קוזמיר איז געווען אַזוי פריש. יעדער נאָמען, יעדער עפּיזאָד

האַט ווי געטאָן און האָט זיך נישט געלאָזט באַצווינגען מיט קיין ווערטער. ערשט דאָס בילד וועגן דער ספר־תורה און די צעדריווולטע ספרים, וואָס זענען אין יאָר פון גירוש־פוילן מומיזירט געוואָרן אין דער גלעזערנער קלויסטער־גאַבלאָטקע — האָט געמאַכט אין מיר דעם דורכברוך.

עס איז געווען גלייך ווי די צייט וואָלט זיך פּלוצים צוריקגערוקט מיט אַ האַלבן יאָרטויזנט און די קוזמירער יידן וואָלטן אומגעקומען אויף די שייטערהויפנס פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע, און נישט אין די נאַצישע גאַז־קאַמערן — אויף די אויגן פון אונדזער דור.



סבא של ענר / **תל־אביב**

# מחיי הקוזמיראים בארצנו

**מעטים מיוצאי עירנו ניצלו מהשואה — ועלו ארצה. אף לפני השואה עלו מתי־מעט — אלה היו חלוצי העיר. למרות זאת עמדו בני קוזמיר בקשר הדוק ביניהם בארץ.**

בשנת 1934 — **ערכנו (לפי יזמת כותב הטורים הללו) אצל משפחת פיגנבלט סדר ליל פסח, בהשתתפות כל יוצאי עירנו שגרו בת״א והסביבה בטוב טעם, ביד נדיבה — של ר׳ אלימלך ורעייתו ז״ל — וברוממות רוח...**

בשנת 1936 — **חגגו כל בני העיר בת״א את חג שמחת תורה בהקפות, בתפילה ובריקודים, כמנהג קוזמיר. מובן מאליו שכל משפחה הביאה עימה מכל טוב, אולם מעל הכל דאגה בעלת־הבית, דבורה ע״ה, לכל מיני משקאות ומרקחות וכיסני בשר (קרעפלעך). לקול השירה והשמחה התאספו כל השכנים מסביב ור׳ אלימלך נ״י הזמין גם את כב׳ הרב פרנקל שליט״א שעלה זה מקרוב ארצה ואלימלך קירב אותו מאוד ותמך בו (ישנה סברה שרעיון של הקפות המוניות נכנס אז במוחו של כב׳ הרב) והואיל להשתתף איתנו בשמחת התורה. היו אלה ימי המאורעות של שנת 1936 ועוצר הוטל בשכונות יפו־ת״א, לכן היינו נאלצים בגמר החגיגה לדלג על פני גדרות החצרות כדי להגיע הביתה. החוויה הזאת עשתה רושם כביר עלינו.**

בשנת 1938 — **ערכנו אצל ישראל שמואל וודניצקי מסיבת חנוכה בהשתתפות כל בני העיר, עם הדלקת נרות ושירה. רבקה׳לה ודניצקי ז״ל דאגה להכין לביבות, סופגניות ועיקר — עוגות מקמח כוסמת (בובעלעך), אפויות בשמן, בתבניות־חרס, אשר בטעמם של בני קוזמיר עוד מורגשות...**

בשנת 1940 — **כאשר הסופר סגלוביץ הגיע ארצה לאחר שהצליח לעזוב את פולין הכבושה, ערכנו לו מסיבה בדירת משפחת שלפרמן (חלמיש). במסיבה זו השתתפו כל בני העיר. המנחה, יוסף קפלן ז״ל, בירך את האורח בהזכירו שקוזמיר הטביעה חותמה על יצירתו הספרותית והרבה לכתוב עליה ועל אנשיה. רחל קפלן ז״ל, שלפרמן, וודניצקי ומלכה גולדבוים ציינו את כשרונו הגדול של האורח — הפטרון של סופרים ביידיש — ויצירותיו הנעלות ובעיקר על קוזמיר. רושם רב עשו דברי האורח על השואה המתקרבת על יהדות פולין ועל הפצצות הטירור של המטוסים הגרמניים על אוכלוסיה חסרת ישע ועל שיירות הפליטים הנעות בדרכי הארץ. סגלוביץ פרץ בבכי על**

**ועד ארגון יוצאי קוזמיר בישראל**
**קאָמיטעט פון דער קוזמירער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל**



יושבים מימין לשמאל: ישכיל בנימין, גאָלדבוים־מייטין מלכה, חלמיש שמעון, בורנשטיין בלה.
עומדים מימין לשמאל: ברייטר הינדה, גורודעצקי רחל, וישניה סוניה, וודניצקי אברהם.

גורלה המר של יהדות פולין. במקום נבחרה ועדה לתמיכה בסופר, ובעזרתנו ובעזרת ידיד השפה, היידישאי מר פרלמן ז״ל, הצליח מר סגלוביץ לכתוב בעתון „הבוקר״ ודבריו תורגמו לעברית. סכום כסף תרמו הקוזמיראים לסידורו הראשון של הסופר.

בשנת 1944 — בהיוודע גורלה המר של יהדות אירופה, התאספו בליל תשעה באב כל יוצאי העיר בדירתה של שרה שלפרמן כדי להקים ארגון להושטת עזרה לניצולים שיגיעו ארצה. נבחרה אז ועדה בהרכב הח״ח רחל ויוסף קפלן ז״ל, ותיבדל לחיים יוכבד לץ ומלכה גולדבום, אולם תוך זמן קצר התברר שאין מקום (בגלל מעט האנשים הנמצאים בארץ) לארגן את יוצאי העיר.

בגמר מלחמת העולם השנייה, עת החלו להגיע שרידי השואה מהעיירה, התחילה התעניינות רבה בהושטת עזרה (וזאת לאחר שנעזרו הצעירים שהגיעו עם חיילי אנדרס) ולקירובם של בני העיר, תושבי הארץ, ובפרט עם בואה של החברה והמורה סוניה וישניה (המחנכת והמדריכה של בני עירנו) ארצה, התחלנו להתאסף והצטרפנו ל„אזכרות״ שהתקיימו מדי שנה עם בני העיר מפולבי וברנוב.

אולם בשנת 1961 נפרדו אנשי פולבי מאיתנו בהציבם מצבת־זכרון במרתף השואה מבלי להודיע לנו. אז החלטנו לערוך ערבי אזכרה לקדושי עירנו בלבד וקבענו את ערב ראש חודש ניסן ליום האזכרה, שכן אחרוני יהודי קוזמיר גורשו בערב פסח (ובחודש ניסן, כידוע, אין מספידים).

אנו הצבנו מצבת זכרון לקדושי עירנו הי״ד במרתף השואה על הר־ציון. גם בחרנו בוועד הארגון: יוכבד לץ, סוניה וישניה, מלכה מייטין (גולדבום), ישראל וודניצקי, שמעון שלפרמן (חלמיש), וכאשר החלטנו להוציא ג״כ „ספר יזכור״ הרחבנו את הוועדה. נוספו לאנשים הנ״ל: לייבלע ויזענברג, אסתר כהן (קייזר), בילה בורנשטין, הינדה בריטר, בנמין ישכיל (בעלה של אטקה ויינברג), רחל פרידמן.

במלואת לגב׳ סוניה וישניה (אם הנוער) שישים שנה, נערכה לכבודה מסיבה נאה בדירתם של משפחת ציוני (לץ), והמנחה, רחל קפלן ז״ל, עם בעלה, דיברו על הפעילות הרבה של סוניה (ובעלה המנוח) בעיר קוזמיר, שרבה תרומתה לחינוך הנוער בעיירה ברוח הציונית. וכך עשינו בהגיעה לשבעים. אז נערכה מסיבה לכבודה באולם יהודה, בהשתתפות כל בני העיר, ולצערנו הרב בהעדרם של ראשוני החלוצים בעירנו (וגם מכניסי אנשי קוזמיר בביתם) ופעילים בארץ — רחל ויוסף הנאהבים והחביבים.

בשנת 1966 הגיע לביקור בן עירנו הסופר והעתונאי ש.ל. שנײדרמן. נערכה לכבודו קבלת פנים נהדרת, בביתם של רחל וסאשה גורודצקי (פרידמן), ובאותו מעמד הוחלט להוציא חוברת לזכרם של קדושי קוזמיר ז״ל. הח׳ שנײדרמן דרש להוציא ספר, ולא חוברת, והבטיח להושיט מלוא העזרה. וגם אחותו, לא עמדה מרחוק, ועזרה לנו בחו״ל (טשרנה פנטשינה) כמיטב יכולתה.

נעשה ככל שביכולתנו להנציח זכרם של קדושי קוזמיר.









**קאָמיטעט פון די קוזמירער אין די פאַר. שטאַטן**

**פון רעכטס: לאָזער לעווינסאָן, טשאַרנע פענטשינע־שנײדערמאַן און משה קירשענבוים**

# יזכור לבני קוזמיר דלובלין

**אנשים, נשים וטף, אשר עונו ונרצחו על קידוש השם על ידי הצוררים הגרמנים ועוזריהם הפולנים והאוקראינים.**

**יזכור ה׳ לטובה ותהא נפשם צרורה בצרור החיים, בתוך שאר קדושי ישראל.**

**כי דורש דמים אותם זכר, לא שכח זעקת עינויים.**

## ואלה שמות בני עירנו שנהרגו, שנשחטו, שנשרפו ושנחנקו על קידוש השם — בימי מלחמת העולם השניה *

---

* הרשימה הזאת הורכבה מן הזכרון, 30 שנה אחרי פרוץ מלחמת העולם השניה — וייתכן שתהיינה בה טעויות או השמטת שמות. ועם הקוראים בני עירנו — הסליחה.

די ווייטערדיקע רשימה פון די קדושים איז צוזאמענגעשטעלט געוואָרן פון זכרון — 30 יאָר נאָכן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. דעריבער זענען מעגלעך טעותים אָדער פארפעלטע נעמען, פאר וועלכן מיר בעטן אנטשולדיקונג ביים לייענער און ביי אונדזערע לאנדסלייט.

# א

**אבפייער דינה (שווארצבערג)** און קינדער **פעלא** און **רויזע.**

**אַדלער אסתר.**

**אַלטמאַן יצחק,** זיין פרוי **בלומע (שנאָל).**

**אַלטמן חייה** און קינדער: **מלכה, מאכלע** און **טשארנע** מיט זייערע **משפחות:**

**חנה** מיט איר מאַן **מאַקאָווסקי** און צוויי קינדער; **מרדכי,** זיין פרוי **רעגינע (גליקשטיין)** און קינדער; **רפאל** און **משפחה.**

**אפפעלבאום ישראל,** זיין פרוי **פערל (שעכטמאן)** און קינדער: **באשע** מיטן **מאן; איטע עניגמאַן** (שוועסטער).

**אפפעלבאום לאָזער,** זיין פרוי **רעשקע** און קינדער: **אהרון** און **משפחה; נאַטשע** מיטן **מאן; יחיאל.**

**אפפעלבאום ישראל־יאנקל,** זיין פרוי **חנה־רויזע** און קינדער: **יוסף, פנחס, וועלוול, סאנע, יהושע, שרה.**

**אשכנזי לייב,** זיין פרוי **שרה־נעכע (קרימער)** און קינדער: **זלמן, שאול, מענדל, יחיאל, פיניע, לייזער, שבע.**

**אשכנזי משה,** זיין פרוי **יוכבד (פרידמאן)** און קינדער: **שאול, חיים, זלמן.**

**איידלשטיין לאה** און קינדער: **שבע** און **משפחה; חייה** און **משפחה, רבקה; הינדע; דוד** און פרוי **סערל (טישעלמאַן)** מיט זייערע קינדער **שיפרע** און **נח; יוסף** און זיין פרוי **סימע (אַרבוז)** און קינדער; **לייבל.**

**איידלשטיין מאָטל,** זיין פרוי **גיבע (שפילבערג);** שוועסטער **הינדע** מיטן **מאַן.**

**איידלשטיין שלמה,** זיין פרוי **חייה־שרה** און קינדער **מינקע, יעקב.**

**איידלשטיין מענדל,** זיין פרוי **מלכה** און קינדער: **אהרון־מאיר** מיט זיין פרוי **אסתר; סערל, זיסל־טעמע, חוה.**

**איידלשטיין חוה** און **קינדער.**

**איידלשטיין יהושע** און פרוי **ליבע.**

**איידלשטיין טישל** און **משפחה.**

**איידלשטיין מלכה.**

**איידלשטיין תרצה.**

**איידלשטיין שבע.**

**איידלשטיין חיים.**

איידלשטיין זיינוויל.
איידלשטיין שרה.
איידלשטיין אליעזר.
איידלשטיין טוביה.
איידלשטיין דאָבע.
איידלשטיין זיסל־טעמע.
איידלשטיין סאַנקע.
איידלשטיין משה.
איידלשטיין חייה.

## ב

בוכבינדער שלום, זיין פרוי מאַשע און קינדער; מלכה, סענדער, יחיאל.
בוכבינדער חנה און קינדער: אפרים מיט זיין פרוי חיה־ליבע און זון יוסף; אנזל און משפחה; איידעם לעווי און קינדער.
בערגמאַן משה און פרוי געלאָ.
בערגמאַן וועלוול, זיין פרוי גיטל (קאָרנבליט) און זעקס קינדער.
בערגמאַן רפאל, זיין פרוי רחל און קינדער: רייזל, זלאַטע, רבקה, לובע, חייה, סענדער.
באומוואָל סענדער, זיין פרוי רייזשי און קינדער: איטשע און משפחה, יעקב און פרוי מינטשע (לעווין).
בארשטש מאָשקע (פעלדשער), זיין פרוי לאה און טאָכטער לאָלע מיטן מאַן מלך דיאַמאַנט און זייערע קינדער.
בראָמבערג הענטשע.
בראָמבערג יואל, זיין פרוי הינדע (רעכטמאַן) און קינדער: רומטשע, נתן.
באָרנשטיין מאָטל, זיין פרוי זיסל און קינדער: זעלדע, ירחמיאל און שוויגער גיטל.
באָרנשטיין שיימע, זיין פרוי איטע (גאָלדבוים) און קינדער.
באָרנשטיין משה.
באָרנשטיין שמחה.
באָרנשטיין בעריש, זיין פרוי חייהלע און קינדער: טובה, יונה און שמעון.
באָרנשטיין פערל און קינדער.
באָרנשטיין הערש, זיין פרוי שבע און קינדער; משה־מענדל און משפחה. שרה־דבורה און משפחה; רבקה־לאה מיטן מאַן; אייזיק; חיים.

באָרנשטיין משה־יוסף און פרוי חיה־גיטל (מאלצמאַן) און זייערע זין חיים־ישראל; מרדכי־יונה; פיניע.

באָרנשטיין סימעלע, טאָכטער אלטע מיטן מאן אברהם פּאָנטשעק מיט זייערע קינדער.

באָרענשטיין גאָלדע.

באָרענשטיין משה־דוד, זיין פרוי חנהטשע (שפּילבערג) און זייערע קינדער.

באָרנשטיין לייב, זיין פרוי געלע (גרינבוים) און קינדער.

באָרנצווייג מאָטע און קינדער: לייב און משפחה; סערדצע מיטן מאן אדעלסבורג און זייערע קינדער.

באָרענצווייג ישראל, פרוי עטקע, זון חיים.

ד״ר בלאָך, איר מאן און טעכטער דוסיע און עווא.

## ג

גוט זכריה, זיין פרוי סילקע (טוכשניידער) און קינדער: בער מיט זיין משפחה; לייזער; מאָטל.

גוט שרה און מאן פישל קליג און קינדער: פערל, פריידל.

גוטמאן דוד־אשר, זיין פרוי טובה־ציפּע (גראף) און קינדער: משה נחמן מיט זיין פרוי פערל און קינדער: שמואל; יצחק; קלמן; יוסף מיט זיין פרוי באשע און קינדער: שמואל קלמן; טאָכטער פערל און משפחה; פעסע מיטן מאן סראָלקע אורבאַך און צוויי קינדער.

גוטמאן הינדע (האוסשוואלב) און קינדער: בלומע, שמואל, מאָטל.

גאָלדבאום לאה, איר זון דן מיט זיין פרוי שפרינצע (שטיינבערג) און דריי קינדער; טאָכטער מאַטיל, מאַן און קינדער; מלכה, איר מאַן און קינדער; חנה, איר מאַן און קינדער.

גאָלדבאום פסח און קינדער באשע און יעקב.

גאָלדבאום יואל, זיין פרוי פייגעלע (מילגרוים) און קינדער: מאניע (פרידמאן) מיטן זון; צעשע; משה; אביגדור.

גאָלדבאום לייבל, זיין פרוי פייגע און טעכטער: מאניע, חנה, צעשע.

גאָלדבערג העניעק, זיין פרוי כעווטשע (רייכמאַן) און קינדער: רוטקע, אָלעק.

גאָלדבערג יעקב און פרוי פייגע־רויזע.

גוטמאכער משה, זיין פרוי געלע (קרימער) און דריי קינדער.

גוטמאכער שמחה.

גאָלדבערג סומער, זיין פרוי יענטע (וועבערמאַן) און קינדער: מירל מיטן מאַן שמואל וואַסערמאַן און דריי קינדער; גאָלדע מיטן מאַן מרדכי ראָטענבערג און צוויי קינדער; איטקע מיטן מאַן שלום־משה; גיטל און מאַן יעקב גרינשפּאַן; בראָניע; ישראל־טוביה.

גאָלדגראַם ברוך, זיין פרוי ביילע און קינדער; זון און טאָכטער פון יחזקאל גאָלד־גראַם: אברהם און משפחה; אַבוש און משפחה; מאָטל און משפחה; אסתר־איטע און משפחה.

גאָלדגראַם ברוך, זיין פרוי געלע, שנור אסתר און אירע קינדער; טאָכטער עלקע, איר מאַן יעקב און קינדער.

גאָלדגראַם מענדל און משפחה.

גאָלדגראַם ישראל, זיין פרוי חנה (זיידמאַן) און קינדער.

גאָלדנער און פאַמיליע.

גורפינקעל משה־דוד, זיין פרוי רחל און קינדער: יצחק, זיין פרוי חיהלע (רייזמאַן) און קינדער; קייזע און מאַן יונה סילעצקי און קינדער: צפורה, דבורה; שרה; עטל און א זון.

גורפינקעל לייביש, זיין פרוי נעמי און קינדער: אשר, חישע, שרהלע און שוועסטער חנה.

גורפינקעל סיני, זיין פרוי מיטשע און דריי קינדער.

גורפינקעל (זיסקינד) משהלע, זיין פרוי מרים־גאָלדע און קינדער: פערל־לאה, חיים.

גורפינקעל גיטעלע און קינדער.

גורפינקעל אסתר און משפחה.

גאָלדפאַרב יאַנקל, זיין פרוי צפורה (זיסקינד) און קינדער: רבקה או משפחה; מאָטל און זיין פרוי רייזל מיט זייערע קינדער; שמואל און זיין פרוי פייגע (מינסקי); שבע; חיה; ראובן; פייגע.

גאָלדרייך אברהם, זיין פרוי סימע און קינדער: מאיר און משפחה; חיה; חנהטשע; חיים.

ד״ר גייער ניסן און פרוי לאה.

גאַלעווסקי מיטעק, זיין פרוי חיהלע (האַלבערשטאַט) און קינדער.

גרינבלאַט נחום, זיין פרוי איטע (גאָלדגראַם) און פיר קינדער.

גרינבערג נחום, זיין פרוי פייגעלע (שטיינבערג) און קינדער: נעכע, רייזעלע, שיינדל, נטע.

גרינבערג פייגע און קינדער:ביילע און משפחה; שרה; צביה.
גרינבוים יצחק, פרוי פעסע און טעכטער טובה און פייגע.
גרינברג חייה־שרה און טאָכטער.
גראף משה־לייב, זיין פרוי זיסעלע און טאָכטער.
גראף אלי, זיין פרוי פריידל (רובין) און צוויי קינדער.
גראפמאן צירל און פייגע.
גראָסמאן פערל־דינע און קינדער: ריווע, מארמל, איטע, יוסף און לייביש מיט זייערע משפחות.
גראָסמאן שלמה, פרוי דבורה, טאָכטער חוה.
גליקשטיין משה, פרוי חוה, זון סענדער און משפחה.
גליקשטיין עזרא, פרוי גיטעלע און קינדער: שמערל, מאָטל, מעניע. טאָכטער רחל.
געלמאן יונה, פרוי לאה (קאָרנבליט) און קינדער.
גרין אלי, פרוי חנה (מאנדעלבאום) און פינף טעכטער.
גראנאטשטיין יאנקעלע, פרוי זלאטע (לעין), טעכטער מאלי מיט דער משפחה און פריידל מיט א זון.

## ד

דאַרפמאן לאה און זון.
דאַרפמאַן שלמה, זיין פרוי שרה און דריי קינדער.

## ה

האוסשוואלב ישראל און משפחה.
האוסשוואלב ציפע.
האָוסשוואַלב יהושע, פרוי דינע און קינדער: משה, חייה, יצחק.
האוסשוואלב חנה און קינדער: רויזע מיטן מאן (רויטער) און קינדער; קלמן; רחל.
האוסשוואלב פייגע מיטן מאן יידל און פיר קינדער.
האוסמאן יחיאל און פרוי שרה.
האלבערשטאט יאנקעלע, זיין פרוי טובהלע (בראָמבערג) און קינדער: משה, חנה.
הובערמאן ישראל, פרוי חייה־איטקע און קינדער: שרה, פסח, שפרינצע.
הובערמאן צימל און קינדער חייה, אברהם און נאך קינדער.

העכט צלבה און משפחה; לאה און משפחה.
האַניגבוים משולם.
האַניגבוים הינדע מיטן מאַן (וואַקס) און קינדער„ אסתר האַניגבוים מיטן מאַן (וואַקס) און קינדער; טובה האַניגבוים מיטן מאַן און אַ זון..

ו

וועבערמאַן טוביה, פרוי בעלא (גראַסמאַן) און דריי קינדער.
וועבערמאַן צביה און קינדער.
וויזענבערג ברוך (ביירעך), פרוי חייה־טובה (גרינבוים) און קינדער: יוסף (יאָשע); זאב (וועלוועלע), חנהטשע מיטן מאַן שטיינבערג שלום און קינדער יצחק, וועלוול.
ווינער משה.
ווינער אפרים און משפחה.
ווינער (צוויי שוועסטערס).
ווינער מאָטל, פרוי פערל (לעווינסאָן) און קינדער: ליבע, חנה, העניע, שמואל.
ווישניא שמעון און שוועסטער ראָזא.
ווישניאַ זעליג, פרוי בעלאַ (ליבאָוו) און טאָכטער שולמית.
וויינמאַן איטשע־לייב, פרוי חייה־שרה און קינדער: דאָבע, שולם, לאה.
ווייכמאַן הערש.
ווייכמאַן לייב און משפחה.
ווייכמאַן טוביה און משפחה.
ווייכמאַן משה, פרוי הינדע (קערשענבאום) און קינדער.
ווייכמאַן באלטשע מיטן מאַן אברהם פאַנטש און צוויי קינדער.
וועלט חיים, זון שלמה און פרוי באשע (מינסקי) מיט צוויי קינדער.

ז

הרב זילבערמינץ, פרוי חאַמעלע און קינדער: שבע און משפחה; רחל און קינדער; סערל; יצחק מיט זיין פרוי שיינדל און צוויי טעכטער; שמעון און משפחה.
זיסקינד אהרון און משפחה און קינדער: לאה מיטן מאַן (ראָטמאַן) און דריי קינדער; איטע מיטן מאַן (דאָקטאָרטשיק) און קינד; ריווע; צדוק; שלמה.

זיסקינד הערש, זיין פרוי מרים־גאָלדע, זון חיים און פרוי אַדעלאַ מיט דער טאָכטער
אידא; קיילע; טובה; פריידל; שרה־פעסע; שמאי.
זיסקינד אברהם, פרוי שרה־פערל, זון יוסף.
זיידענוווערגער שאָשע און קינדער: שלמה־נתן, מאָטל, משה, מירל מיט זייערע משפחות.
זיידענוווערגער פאלעק, פרוי שבע און פיר קינדער.
זיידנער ישראל־שיע, פרוי רבקה און קינדער: יוסף מיט זיין פרוי פרומעט און דריי קינדער; משה מיט זיין פרוי דבורה און צוויי קינדער; מאָטל און משפחה; יעקב און פרוי; טובה; רייזקע.
זיידנער אברהם, זיין פרוי סימע און טאָכטער רבקה.
זאָנשיין נחום, פרוי רחל (לעווינסאָן), זון העניאָ (יחזקאל).
זיידמאן יחזקאל און פרוי טובה.
זיידמאן מענדל, פרוי רחל און קינדער; זיידמאן פנחס, פרוי לאה (ראָכלעמער) און קינדער: טובה, מלכה, שלמה, נחמן, יחזקאל; זון יוסף.

## ט

טישלער שאול, פרוי חנה און צוויי קינדער.
טישלמאן רחל און פיר קינדער.
טישלמאן יצחק.
טישלמאן רפאל און משפחה.
טשינקא יעקב און פרוי, זון יהודה.
טוכשניידער הערש, פרוי טובה, זון סאָכער.
טוכשניידער זעליג און משפחה.
טוכשניידער חוה און מאן אהרן.
טוכשניידער סילקע און משפחה.
טוכשניידער סאָכער, פרוי לאה און קינדער: משה, אבוש, רויזע.
טוכשניידער און משפחה.
טוכשניידער זכריה.
טענצערמאן הערש, פרוי ציפע (מאנדעלבוים) און טאָכטער.
טענצערמאן נחום און עלטערן.
טענצערמאַן נאָטע, פרוי מאַכלע (קאָראַל) און פיר קינדער.

## י

יאקובסאָן אסתר־ריווע און קינדער: נתן, ישראל און יחיאל מיט זייערע משפחות בלומע מיטן מאַן זכריה טאָפּערמאַן און קינדער: הענעך, לאָלע, חנה; פראַניע און משפחה.

## כ

כהן יהושע, פרוי חיה־פערל (מאַנדעלבאום) און קינדער: שיפרע, לאָזער, יוסף, צעשע, רויזע, פסח.

כץ פייגעס קינדער: ציפע און משפחה; רחל און משפחה; מינדעלע מיטן מאַן ישראל־יהושע; יוסף און פרוי שרה (לעווינסאָן) מיט זייערע זין שאול און מאיר; נחמה (חאַמע).

## ל

לעדערשניידער יעקב, זיין פרוי און טאָכטער זלאטע.

לעדערשניידער אהרון, פרוי רייזל (עדעלשטיין) און קינדער מאַניע, שמעון.

לעווין וועלוול און פרוי סילקע מיט די קינדער: יוסף, זיין פרוי חנהטשע (קיפער) און קינדער; שעפסל און משפחה; אלתר און משפחה.

לעווין איציק־הערש, פרוי שרה און קינדער: אברהם, יוסף, מאָטל, פאָלטשע און דריי אייניקלעך.

לעווין אליעזר, פרוי יענטע און טעכטער פייגע, פערל.

לעווינסאָן איטשע, פרוי פייגע און קינדער: שמואל־אלימלך און פרוי פערל (קופערבלום) מיט די קינדער שאול־יעקב און בנימין (יומטשע).

לעווינסאָן לייב און טאָכטער חנה.

לעווינסאָן אברהם.

לעווינסאָן גאָלדע.

לעווינשטיין רעגינע און זון בראָניסלאוו (פּראָפעסאָר).

לוסטיג אהרון, פרוי פייגעלע און קינדער: משה און משפחה; יענטע און משפחה; יהושע; פאָלע.

לוסטיג טובהלע, קינדער: פערל און יענטע מיט זייערע משפחות; זון יונה.

ליבאָוו דבורה, זון בצלאל און פרוי שרה (פייגענבוים) מיט צוויי קינדער: פאָלע, יצחק.

לעווינשטאט חיים מיט די עלטערן און ברודער.
לאָטערשפיגעל חנה־יענטע (לעווינסאָן) און קינדער.
לינדענהאָלץ מלכה.
לינדענהאָלץ יהושע; שלמה מיט זיין פרוי פערל (גוט) און טאָכטער לאָלע.
לינדענהאָלץ ליבע און טעכטער מלכה, שפרינצע, פריידל און זון ליפּע, אברהם.
לאַנגלעבן חאַמעלע און קינדער; חנהטשע, סאָלאָמאָן און קינדער; מאָטל, זיין פרוי טובה און קינדער; לייב, זיין פרוי חייה (לוסטיג); יונה און פרוי אסתר (באָרנשטיין); חיים.
ליך משה, זיין פרוי פרומעט און קינדער.
לאַקס שלמה־טוביה און משפחה.

מ

מוסמאַן יואל און פאמיליע.
מוסמאַן אברהם.
מוסמאַן יצחק.
מאָשקאָוויטש פעסע און טעכטער.
מינסקי מאיר, פרוי ציפּעלע און קינדער.
מינסקי יחיאל, פרוי יענטע (פלאָמענבוים) און קינדער: טובה, יהודית, מארמל, ירחמיאל, איטשע און משפחה, אברהם און פרוי מירל (קרימער) מיט די קינדער.
מיקאָווסקי בונם, פרוי איידל (ליך) און קינדער.
מיקאָווסקי יונה.
מאַן אלי, פרוי יוכבד און קינדער: רייזל מיטן מאַן אליעזר־דוד זיגמאַן און פינף קינדער; פריידל און משפחה; רבקה; אברהם.
מילגרוים מאַשקע, פרוי אסתר און קינדער: יצחק, עווא, העניעק.
מילער יעקב־אביגדור, פרוי אסתר און צוויי טעכטער.
מילער יקותיאל, פרוי דבורה און קינדער: פסח, יעקב, מענדל, פרומעט, חייה.
מעלמאַן ישראל־יעקב, פרוי מלכה (גאָלדראַם) און קינדער.
מאנדעלבוים לייב, פרוי מערמל (רייס) און דריי זין.
מאנדעלבוים ישראל און זון יוסף מיט דער משפחה.
מאנדעלבוים יעקב און משפחה.
מאנדעלבוים גיטל, טאָכטער הינדע מיטן מאַן (גראָסמאַן) און קינדער.

מאנדעלבוים עטיל.
מאנדעלבוים משה.
מאנדעלבוים שלמה און משפחה.

## נ

נירנבערג בונם, פרוי רבקה (כץ), טאָכטער זלאטע און משפחה; די זין: נחמן און יחיאל
נירנבערג חיים.
נירנבערג יאַנקל און משפחה.
נאָדעלמאן שלום, זון דוד און פרוי שיינדל־רויזע (גליקשטיין); יחזקאל, הערש.

## ס

סטאָקיר יענטע, טעכטער מלכה, שפרינצע און צוויי זין.
סאנעק מענדל און משפחה.
סאנעק אברהם און משפחה.

## ע

עלבוים מענדל, פרוי פייגע און זין: יולעק, העניעק.

## פ

פוקיל בערישעס קינדער: חנהטשע מיטן מאן שאול און קינדער; איטקע און משפחה; מלכה מיטן מאן; טובה מיטן מאן יעקב און צוויי קינדער; אהרון, זיין פרוי און דריי קינדער.
פעדערמעסער יאַנקל, פרוי רויזע און קינדער: ישראל־פנחס און ביילע־גיטל.
פורמאן און משפחה; פייגענמאן און משפחה.
פייערשטיין משה, פרוי ראשל (שפיראָ), זון שילעק, טאָכטער רעניע.
פייערשטיין חיים, פרוי מאניע, טאָכטער בראָניע.
פייערשטיין מאיר, פרוי דאָרא, זון סעוועק.
פייערשטיין מנשה, פרוי חיה־שרה און קינדער: משה מיט זיין פרוי רבקה (טאוב); שאול און זיין פרוי מלכה; אסתר מיטן מאן (אָקסענבערג); חאַמע; ראָכטשע.

פייערשטיין לייביש, פרוי רויזע; מאיר און משפחה; הערש און משפחה;
זין און טעכטער.
פינקעלשטיין פנחס, פרוי שרה און קינדער: חיה, משה.
פיכטענבוים חיה און טאָכטער ריווע.
פישביין פנחס, פרויביילע־גיטל (גאָלדגראַם) און קינדער.
פישמאַן עטל.
פישמאַן שמעון.
פלאַנצער חיה־איידל, זון אפרים און פרוי שבע (קאָרנבליט) מיט די קינדער
יחיאל און יצחק: זון לעאָן און פרוי קלער; זון שלום; טאָכטער רחל (מאַן);
טאָכטער ביילע (גאָלדענבערג).
פערלמאַן הערש, פרוי עטל (בוכבינדער) און קינדער: יוסף, משה, ישראל,
מאיר, יחיאל, חיה.
פערלמאַן מענדל, פרוי נעכע, טאָכטער פערל מיטן מאַן ביניש און צוויי קינדער.
פערלמאַן אברהם און משפחה.
פעפערמאַן יצחק־מאיר, פרוי איטע־פייגע, טאָכטער חוה און זון ינאי.
פריד פייגע (ראָזענפעלד) און קינדער: שמואל מיט זיין פרוי טעמע
(האָניגספעלד) און טאָכטער פרידע; שמעון; צלבה; ריווע; מאַטעלע
און מאַן בנימין (ראָזענפעלד).
פריד יוסף, פרוי פאָלע (האַלפערין); פישקע, חנניה.
פרידמאַן גיטל, טאָכטער גאָלדע מיטן מאַן נפתלי בזשעזשניאַק און קינדער העניע
און א זון; חנה מיטן מאַן חיים (בלאַס) און קינדער: רינאַ, דוד, אהרן;
לייב און פרוי רייזל (אייגער) און טאָכטער טאָלאַ; שאול מיט זיין פרוי
פייגע (נירנבערג); אברהם.
פרידמאַן שפרינצע; בערעק; גאָדל.
ד״ר פרידמאַן זאָפיאַ און איר פאָטער.
פריזאַנט לאה, מאַן אביגדור און קינדער.
פריזאַנט שעפטל, פרוי ריווע און קינדער רייזל, חיה, סימע, משה.

## צ

צוקער יידל, פרוי חוה (רייזמאַן), קינדער: בלומע און בעריש.
צוקער משה, פרוי פערל (שפייזער) און קינדער: חנה, שמואל, אליעזר.

**צוקער יעקב**, פרוי **שיפרע**, קינדער: **רבקה, ישראל, מאָניעק**.

**צוקער יצחק**, פרוי **שיינדל (ביגלאייזן)**; זון **אליעזר**, שוויגער **מינקע**.

**צוקער שמואלם** קינדער: **עלקע**; **הערש** און זיין פרוי **מלכה (באומוואָל)**; **חייה**; **אברהם**.

**ציטרין אהרון**, פרוי **ביילע (לעווינסאָן)** און קינדער: **מלכה, דוד חנה**; ברודער **ירמיהו**, שוועסטער **נעמי**.

**ציטרין משה**.

**ציטרין שמחה**.

## ק

**קאָראל לייב** און פרוי **חנה**.

**קאָראל מלך**, פרוי **טובה (רייס)**, קינדער: **רייזל, חנהטשע** און נאָך א **טאָכטער**.

**קאָראל אבוש**.

**קאָראל חיים**.

**קאָראל משה**.

**קאָראל בנימין**, פרוי **ציפע (יאקובסאָן)** און קינדער: **משה, לאה**.

**קאָראל סומער**.

**קוגעל אַביש**, פרוי **חנה־ליבע (פלאַנצער)** און זון **יחיאל**.

**קוגעל יאנקל**, פרוי **פריידל** און טאָכטער **חנה**.

**קאָרמאן הינדע**.

**קאָרנבליט נח** און **פרוי**, קינדער: **פעסע, איידל, חייה** און **זון**.

**קאָרנבליט שמואל־הערש**, פרוי **פערל**, טאָכטער **אסתר** מיטן מאן **וועוויטשע (צייג)** און **טאָכטער**; טאָכטער **איידל**; זון **אברהם**.

**קאָרנבערג משה**, פרוי **חייה**, קינדער: **צלבה, יוסף, אסתר** מיט זייערע **משפחות**; **רייזל** מיטן **מאן (באראנעק)** און **קינד**; **אליעזר** און **משפחה**; **סענדער**; **פסח**; **גיטל**; **בערעק**.

**קאָרענבערג יוסף** און **פאמיליע**.

**קייזער יצחק**, פרוי **ביילע־איטע**, טעכטער: **חנה־רבקה** און **חייה־עטל**.

**קליינמאן רבקה**.

**קאנדעל יוסף**, פרוי **פערל** און דריי **קינדער**; שוויגער **ליבע**.

קאנעט נפתלי, פרוי חנה און קינדער.
קאנציגער אהרון, פרוי שרה־חנה, קינדער: שיינדל, חוה, פרומעט, יוסף.
קאפלאן שלמה, פרוי סערל (האָניגבוים), זון יצחק (איזשאָ).
קראוס און פרוי זיסל, זון נתן און פרוי, בערעק.
קרימער אבוש, טעכטער מרים און רבקה.
קרימער שיפרע.
קרימער טשארנע, רייזל, באשע, לייזער, יצחק.
קרימער מירל.
קרימער יחיאל.
קרימער דוד.
קרימער יידל.
קרימער פיניע.
קרימער רבקה.
קרישטאל ברוך און פרוי שרה.
קרישטאל יאָסקע און פרוי, זון אברהם.
קרישטאל יעקב, פרוי רחל (גוט) און קינדער: רייזל און משפחה; פריידל מיטן מאַן מאיר און זון בער; פערל און משפחה; אברהם און משפחה.
קערשענבאום אשר־זעליג, פרוי רחל, זון ברוך מיט זיין פרוי סילקע (בוכבינדער) און צוויי קינדער; שמואל און פרוי אסתר (לעווינסאָן), טאָכטער פאָלע.
קערשענבאום הערש, פרוי שרה־חנה, קינדער: איטשע און משפחה; רייזל; בערעק (בערל).
קערשענבלאט משה, פרוי נעמי, קינדער: חיים־אליעזר, בריינדל, אסתר.

## ר

ראָזען לאה, דוד און משפחה, פריץ.
ראָזען ירחמיאל, פרוי חוה (לאנגלעבן), טאָכטער פייגע.
ראָזענבליט העיזל און משפחה.
ראָזענבליט לייב, חוה־ליבע.
ראָזענבערג מענדל (שוחט), פרוי רחל, קינדער: גאָלדע, פייגע, אסתר, אבוש.
ראָזענבערג דוד און משפחה.
ראָזענבערג חוה.

ראָזענבערג יחזקאל, פרוי שרה און זון.

ראָזענבערג יוסף און פרוי פייגע.

ראָזענבערג ליבקע, חייה, מאַניע, לאה.

ראָזענבערג מאָטל, פרוי מעלא און קינדער: חוה, טובה, דאָבע, ישראל־לייב און נאָך א זון.

ראָזענבערג הערש.

ראָזענבערג שיינדל (מאַנדעלבוים).

ראָזענבערג שמואל.

ראָזענבערג ישראל.

ראָכלעמער חייה און קינדער.

ראָכלעמער יוסף, טאָכטער קריינדעלע.

ראָכלעמער פייגע, רבקה; איידל, שמאי, אברהם.

ראָכלעמער קסיל, פרוי פעסע (קאָרנבליט), פרומעט, מלכה, מלך און נאָך קינדער.

ראָכלעמער מלכה (לעווינסאָן).

ראָכלעמער חייה און דריי קינדער. ראָכלעמער יוסף, פרוי און דריי קינדער.

ראָכלעמער חיים־הערש, פרוי טשארנע, טעכטער: מיגדל און טובה; שנורן: זלאטע און סילקע מיט די קינדער.

ראָכלעמער רבקה (טייכמאַן) און טעכטער.

ראָכלעמער ביילע.

ראָכלעמער טובה.

ראָכלעמער מאיר.

ראָכלעמער מענדל.

ראָכלעמער יצחק.

ראָכלעמער יחזקאל.

ראטנאָווסקי יעקב, פרוי צלבה (פריד), טאָכטער לאה.

רייזמאַן לייב, פרוי ליבע.

רייזמאַן יחיאל, פרוי איטע (גאָלדבאום) און צוויי קינדער.

רייזמאַן משה, פרוי פערל־דינע און קינדער: ברײַנדל, רויזע, לאה, חיים, לייזער.

רייכמאן אוריש, זיין פרוי און צוויי קינדער.
רייכמאן אלי, פרוי פריידל, טאָכטער שרה.
רייכמאן יוסף־יצחק, פרוי ליבע; שמואל און פרוי רויזע (זיידנער).
רייכמאן מאיר, פרוי פייגעלע (פייגענבוים) און זון נתן; טאָכטער צעשע מיטן מאן בנימין האָפּענפעלד.
רייכמאן שמואל, פרוי מירל, זין: זלמן, משה און צוויי טעכטער.
רייכמאן אברהם.
רייכמאן חייה און משפחה.
רייכמאן איטע.
רייס איתמר (סומער) און משפחה.
רייס שמחה.
רעכטמאן יצחק, פרוי מאכלע (מאנדעלבוים), טעכטער לאה און גיטל.
רעכטמאן יעקב.
ראָזענצווייג חיים, פרוי מאניע, זון שלמה און טאָכטער ציפּע (צעשע).

## ש

שווארצבערג חנה; אברהם און משפחה; לייב און משפחה.
שטיינבערג שמואל־יוסף, פרוי חייהלע, זייער זון דוד און טעכטער; זון יחיאל מיט זיין פרוי ברכה (גאָלדבוים) און קינדער.
שטיינבערג משה־איטשע, פרוי פייגע און זון יחיאל.
שטיינבערג דוד.
שטיינבערג יונה, פרוי שרה און זון הערשל.
שטיינאָוויטש אפרים־אייזיק, פרוי מלכה (לעווינסאָן) און קינדער: העניע, יענטע, חיים.
שלינגערבאַום שרה, טאָכטער רחל און זון האסטעק.
שנאָל ברוך־הערש, פרוי חינקע, זון איטשע, טאָכטער זיסל און משפחה.
שנאָל יוסף, פרוי עטל, קינדער: פייגע און דוד.
שנאָל יעקב, פרוי חנה און קינדער: שרה, הינדע, אַ זון.
שנאָר יעקב, פרוי חייה־דבורה און קינדער: פּסח, שיינדל, פייגע, פערל.
שניידלעדער יעקב, פרוי עטל און קינדער.

**שניידערמאַן אבא** און פרוי **חנה.**
**שניידערמאַן נח,** זיין פרוי **חייה (גראָססמאַן)** און קינדער: **משה, ישראל, מאָטעק,**
**שלום** מיט זיין פרוי **פריידל** און א **קינד.**
**שפילבערג חיים־איטשע** און פרוי **חייה,** זון **אברהם** מיט זיין פרוי **טעמע**
**מרים** און **שלמה.**
**(באַרנשטיין); הערש,** זיין **פרוי** און קינדער: **געלע, עלקע, מרים** און
**שפייזער יוכבד; נח** און **משפחה; גיטל** און **משפחה.**
**שפערלינג איטשע,** זיין פרוי **פערל (קאָראל)** און קינדער: **נחמן, פנחס, רייזל.**
**שאַפראַן אהרון,** פרוי **לאה,** זון **מאָטל.**

# מודעות־אבל • נעקראלאגן

לבני משפחתנו שנרצחו ע"י הקלגסים הגרמניים
ועוזריהם הפולניים ימ"ש, בימי השואה האיומה —

אבי **שלמה** | אחותי **מינקה**
אמי **חיה־שרה** | אחי **יעקב**

וכל קרובי המשפחה שניספו בתקופת המלחמה

כבוד לזכרם הקדוש!

בצער ויגון: **דוד אידלשטיין ומשפחתו**
ישראל





צום אייביקן אָנדענק פון אונדזערע קדושים,
אומגעקומען פון די רוצחישע דייטשן און פוילישע פּאָגראָמשטשיקעס

טאַטע־מאַמע **משה־יוסף** און **חיה־גיטל באָרנשטיין** ז״ל

ברידער: **חיים־ישראל, מרדכי־יונה** און **פּיניע באָרנשטיין** הי״ד

מיט פאַרערונג פאַראייביקן מיר
זייערע הייליקע נעמען!

טאָכטער **ביילע באָרנשטיין־שיפערמאַן** (גבעתיים)
זון **לייבל באָרענשטיין** (פּאר. שטאטן)



צום אייביקן אָנדענק

פון די טייערע עלטערן,

שוועסטער און ברודער,

וועמענס יונגע לעבנס זענען

פריצייטיק פאַרשניטן געוואָרן

דורך די דייטשישע רוצחים

און זייערע העלפערס ימ״ש.



מיט ווייטיק און ערע דערמאָנען

מיר די נעמען פון די קדושים:

פאטער
**מאָטל (מרדכי) באָרנשטיין ז״ל**

מוטער
**זיסעלע באָרנשטיין ז״ל**

שוועסטער
**זעלדע**

ברודער
**ירחמיאל**

**לאָזער באָרינס (באָרנשטיין) און פאמיליע**
**טשארנע באָרינס (באָרנשטיין), קאנאדע**

על אלה אנו בוכים, יקירי משפחתנו — הקדושים והטהורים,
קרבנות הזוועות הנאציים, שמקום קבורתם לא ידוע לנו.

זכרם הקדוש לא ימוש מאתנו לעד!

ההורים: משה גורפינקל (זיסקינד) ומרים-גולדה זלצברג

האחות: פרל-לאה

האח: חיים

הדודים: זכריה שרפאייזן ואשתו בינה (זלצברג) שניספו בגיטו וורשה
יעקב וצפורה גולדפרב וילדיהם מרדכי, שמואל, ראובן,
בת-שבע, פיגה ועוד שני ילדים
צדוק זיסקינד, אהרון, פרומט ומשפחתם

הדודות: לאה, איטה, ריבה

בכאב לב וביגון קודר

זאב ומינה גורפינקל ומשפחתם
ראשון-לציון



**יזכור!**

**לבני משפחתי שנפלו על קידוש השם**

**בגיטו לודז' וביאנובצה — קרבנות**

**הרוצחים הגרמנים ועוזריהם.**

אשתי **טובה־לאה** מבית **שטיינברג**

ילדי: **נתן־דוד, נחמה, שלמה, איטה ומרדכי**

אבי **חיים** בן שלמה גולדשטיין

אמי **איידל** מבית **שטיינברג**

האחים: **ביניש, איצ'ה, אהרון**

האחיות: **נחמה, סיבצ'ה־רחל, טובה־לאה ובלצ'ה**

חותני **שמואל־אהרון** בן מרדכי

הגיסים: **שלום, יחיאל, פישל, נסים־דוד** ומשפחותיהם

גיסתי **רחל** ומשפחתה.

המנציח: **יחיאל גולדשטיין**

**גבעתיים, רח' אנצ'ו סירני 13**

**לנשמות אבי, אחותי ואחי שניספו בשואה —**
**במקום זר פרחים על קברותיהם הבלתי־ידועים**





פרנס ציבור היית — רוב ימי חייך
סבלת הרבה — כיתר עסקני עירך
חיי בדידות וסבל מלאו — כל ימיך
בנותיך לחופה לא הובלת
תמיד — לשובע מהם נחת שאפת
יחיד — ואלמן — בימיך נשארת
הגרמנים ימ"ש חיסלו כל משפחתך
ימח שמם של הרוצחים
על אבדן היקרים — הנני מר בוכיה
קדושים, אתם — נפלתם בשואה
בתיה אחותי, אבי היקר, יעקב אחי
גדול הכאב והיגון — מלנשוא
ובעל כרחי — הנני בחיים ממשיכה
לחיות — בלב כאב ובכיה
דוה לבי על האסון שקרה לי
באבדן את כל היקר — שלי
ואין להתנחם, כי בודדה נשארתי
מה רב אכוני — זכרונם שמור לעד בלבי



**ביגון:**
הבת והאחות **מלכה גאלדבוים־מייטין**
תל־אביב

מיט ווייטיק און צער דערמאָנען מיר דעם אָנדענק פון אונדזערע טייערסטע,
די קרבנות פון דייטשע רציחות, די אומפאַרגעסלעכע :



| | |
|---|---|
| פאָטער | שלום (שוחט) גיטעלמאַן ז״ל |
| מוטער | שרה (פון דער היים מעקלער) ז״ל |
| ברידער | מרדכי און זיין פאַמיליע |
| | אלימלך און זיין פאַמיליע |
| | שמואל־משה און זיין פאַמיליע |
| שוועסטער | מרים |
| | עלקע |

אומגעקומען אין יאַניוועצ.

יעקב גיטעלמאַן און משפחה
פאַריז

צום אייביקן אָנדענק פון מיין טייערע פרוי, דערמאָרדעט דורך די
נאַציִשע רוצחים —



## הינדעלע גוטמאַן ז״ל
בת יהושע האָוסשוואַלב

און אונדזערע קינדער
### בלומע, מאָטל, שמואל.

מיר וועלן אייך תמיד געדענקען!

חיים־צבי גוטמאַן
פּאַריז

מיט אַ געבראָכן האַרץ, פול מיט ווייטיק און צער
באַווײנען מיר די אומגעקומענע קדושים אונדזערע, די אומפאַרגעסלעכע

טאַטע־מאַמע **דוד־אשר גוטמאַן** און **טובה־ציפּה** (געב׳ **גראַץ**)

ברודער: **יוסף**, זיין פרוי **באשע** און קינדער **שמואל** און **קלמן**

שוועסטער: **פּערל** מיטן **מאַן** און **צוויי קינדער**
**פּעסע**, איר מאַן **ישראל אורבאך** און **צוויי קינדער**

ערע זייער אָנדענק!

פאַראייביקט:
**חיים צבי גוטמאַן** און **פאַמיליע**
**פּאַריז**



מיט ווייטיק און צער דערמאָנען מיר דעם
טראַגישן אומקום פון אונדזערע טרייע עלטערן

**שלום־יוסף** און **חייהלע שטיינבערג** הי״ד

און די קינדער: **יחיאל, דוד, שפרינצע**

כבוד זייער אָנדענק!

אין טרויער: טאָכטער **רבקה גאָלדפאַרב**
פּאַריז





לזכרון עד להורינו ואחינו היקרים
שניספו בימי השואה



אבא **משה האוזמן** ז״ל
אמא **לאה האוזמן** ז״ל
האח **יחיאל האוזמן** הי״ד

**לא נשכח אותכם!**

המתאבלים: **חיה'לה האוזמן**
**ליפה ובלה האוזמן** ומשפ'
תל־אביב





צום אייביקן אָנדענק פון אונדזערע אומפאַרגעסלעכע

טייערע עלטערן, שוועסטער, ברידער און משפּחה —

טאַטע־מאַמע

יוסף־יצחק און ליבע רייכמאַן

שוועסטער

חפצי רייכמאַן (גאָלדבערג), איר מאַן העניעק

און זייערע קינדער רוטקע און אַלעק

פעטערס

שלום און מאשע בוכבינדער

און מומעס:

מלכה און יחיאל בוכבינדער

אלי רייכמאַן, פרוי פריידע, טאָכטער שרה׳קע

אין טרויער: רעכל וועבערמאַן (רייכמאַן)

פאָר. שטאַטן

